# לכבוד שבת



## געדאנקען אויף אלע סדרות

פון

## אהרן רײַזמאַן

אייגענאַרטיגע געדאַנקען אויף אַלע פיער און פופציג סדרות, און אויך מאַנכע ימים טובים, וואָס שפּרודלען מיט תורה און חכמה פון אונזערע חכמים, גאונים און גדולי התורה ז״ל, און ענטהאַלטען הונדערטער אויסער געוויינלאך אינטערעסאַנטע עפּיזאָדען פון גדולי ישראל, משלים, מאמרי חז״ל, און גלאַט גוטע ווערטלאך.

אום פּאָבלישינג קאָ.
ניו יארק, נ. י.
תש״ט

לזכר נשמות הקדושים שהומתו הן
שנהרגו הן שנשחטו הן שנשרפו
הן שנטבעו והן שנחנקו על קידוש
השם בידי הנאצים ימח שמם וזכרם.

אב הרחמים שוכן מרומים יזכרם
לטובה עם שאר צדיקי עולם וינקום
נקמת דם עבדיו השפוך.

# ביכער פון דר. אהרן ראָזמאַרין

די שעהנקייט פון אידענטום [אין אידיש].

גאָלדען רולס [אין ענגליש] — אינהאַלט דער זעלבער ווי אין „די שעהנקייט פון אידענטום".

אַן ענטפער [אין אידיש].

מאָזעס אים ליכטע דער אגדה [אין דייטש] — א פולשטענדיגע ביאָגראַפיע פון משה רבינו לויט תלמוד און מדרש.

# אינהאַלט



## בראשית



## שמות



## ויקרא

## במדבר



## דברים



* * *

קוצותיו תלתלים [שיר השירים ה, יא] . . . מלמד שיש לדרוש על כל קוץ וקוץ תילי תילים של הלכות.

(עירובין כא, ב)

אל יהי המשל הזה קל בעיניך שעל ידי המשל הזה אדם יכול לעמוד בדברי תורה.

(שיר השירים רבה, פרשה א)

# דרוש וקבל שכר (סנהדרין עא, א)

לשעבר כשהיתה הפרוטה מצויה, היתה נפש האדם מתאוה לשמוע דבר הלכה, ועכשיו שאין הפרוטה מצויה, נפש האדם מתאוה לשמוע דבר אגדה.

(סופרים פרק טז)

רצונך שתכיר מי שאמר והיה העולם, למוד הגדה שמתוך כך אתה מכיר את הקדוש ברוך הוא, ומדבק בדרכיו.

(ספרי עקב, פיסקא מט)

# עטליכע ווערטער וועגן דעם פּראָפעסאָר *)

אין דער וועלט פון חכמת ישראל, פון אידישער וויסענשאַפט, פונקט ווי אין אַנדערע וויסענשאַפטען, זיינען פאַראַן אַזוי צו זאָגען געוויסע ספּעציאַליסטען. אַ געלעהרטער ווידמעט זיך אַ געוויסען געביט, און אויסער זיין „פעלד" אינטערעסירט איהם כמעט גאָרנים. ער לעבט אין יענעם יאָהרהונדערט מיט וועלכען זיין ספּעציעל געביט באַשעפטיגט זיך, און אפילו אַקטועלע, אַלטעגליכע פּראָבלעמען, אָדער גאָר מאָדערנע ליטעראַטור, אינטערעסירען איהם ניט.

מען האָט אַמאָל געפרעגט אַ געוויסען פּראָפעסאָר, וועלכער האָט זיך ספּעציאַליזירט אין אַסיריש-באַבילאָנישער ליטעראַטור, צי ער לייענט אויך מאָדערנע ליטעראַטור, האָט ער געענטפערט: „געווים, אָט האָב איך נאָר וואָס איבערגעלייענט יוזעפוס'עס געשיכטע פון די אידען".

פאַרשטעהט זיך, אַז אין פאַרגלייך מיט דער זעהר אַלטער אסיריש באַבילאָנישער ליטעראַטור איז די קנאַפּע צוויי טויזענט יאָהר אַלטע געשיכטע פון יאָזעפוס אַ „מאָדערנע ווערק".

עס זיינען פאַראַן, אָבער, אידישע געלעהרטע, ספּעציעל צווישען די אינגערע, וואָס ניט קוקענדיג אויף זייערע ספּעציעלע וויסענשאַפט-ליכע געביטען, אינטערעסירט זיי אַלץ וואָס קומט פאָר אין אידישען לעבען. זיי קענען זיך ניט באַנוגען מיט אָפּשליסען זיך אין די ביבליאָ-טעקען און אַרויסגעבען וויסענשאַפטליכע ווערק, ווי וויכטיג זיי זאָלען ניט זיין פאַר דער עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאָלק. זיי אינטערע-סירט אַלץ וואָס קומט פאָר אין אידישען לעבען, און ווידמען צייט און ענערגיע צו העלפען מיט וואָרט און טאַט צו פאַרשטאַרקען דאָס אידי-שע רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע לעבען. דער וואוילזיין פון אידישען פאָלק איז אַ שטיק פון זייער נשמה, און אַחוץ זייערע וויסענשאַפטליכע באַשעפטיגונגען, שטעהען זיי געטריי אויף דער וואַך צו היטען און צו העלפען פאַרשטאַרקען דעם וואוילזיין און די עקזיסטענץ פון אונזער געיאָגט און געפּלאָגט פאָלק. און איינער פון אָט דער דאָזיגער גע-צעהלטער קלאַס געלעהרטע, וואָס קעמפּט אונערמידליך פאַר חיזוק

*) אויסצוגען פון אַן אַרטיקעל וועגען ד"ר ראָזמאַרין וואָס איז ערשינען אין „אַמערי-קאַנער", סעפּטעמבער 25, 1946.

הדת והאמונה, פאַר אַ געזונטע, פּאָזיטיווע אידיש רעליגיעז און נאַציאָנאַל לעבען איז ד״ר אהרן ראַזמאַרין.

געבוירען אין אוסטילע, וואָלינער גובערניע, ביי אַ פאַרמעגליכער חסידיש-לומדישער פאַמיליע, שטרעבט זיין פאָטער ר׳ משה ז״ל אַז ראַזמאַרין זאָל ווערען אַ רב, בעת זיין מוטער בראַנצי ע״ה, זעהט אַז ער זאָל קריגען אַ גוטע וועלטליכע בילדונג. שוין אין זיין פריהסטער יוגענד צייכענט זיך ראַזמאַרין אוים מיט אַן אויסערגעוועהנליך גוטען זכרון און „תפיסה״. און דערצו איז ער נאָך געבענטשט מיט אַ געוואַל-דיגער התמדה, שטייגט ער טאַקע פון טאָג צו טאָג סיי אין לערנען, סיי אין וועלטליכער בילדונג.

באַלד נאָך דעם ערשטען וועלט-קריג טרעפט זיך ראַזמאַרין מיט זיין קאָזין פּראָפעסאָר ישראל פריעדלענדער ז״ל, וועלכער איז דאַן געקומען פון אַמעריקע קיין אייראָפּע אַלס פאָרשטעהער פון „דזשוינט דיסטריביושאָן קאָמיטע״, און באַשליסט צו פאָהרען קיין אַמעריקע.

קומענדיג קיין אַמעריקע הויבט ער באַלד אָן פאָרטצוזעצען זיין תלמוד׳ישען און אַלגעמיינעם שטודיום. ער שטודירט גלייכצייטיג אויך יוריספּרודענץ, און אין אַ קורצער צייט אַרום הויבט ער אָן דרוקען אַרטיקלען אין דער ענגליש-אידישער פּרעסע. ער מאַכט זיין „דעביוט״ אין ענגליש מיט אַ סעריע וויסענשאַפטליכע אַרטיקלען: צווישען זיי: „די געשיכטע פון די כוזרים״; „די פאַלאַשען״ (שוואַרצע אידען פון אַבעסיניען); „די ווייסע, שוואַרצע און ברוינע אידען פון וויטען מזרח״; „די געשיכטע פון די אידען אין מאַראָקאָ״. ד״ר י. פייטלאָ-וויטש, דער „טאַטע״ פון די פאַלאַשען, איז אַזוי באַגייסטערט פון ראַז-מאַרינ׳ס באַהערשען די געשיכטע פון די פאַלאַשען, אַז ער שלאָגט איהם פאָר צו פאָהרען קיין אַבעסיניע און איבערנעמען זיין אַמט אַלס פיהרער פון די דאָרטיגע אידען. און עס איז כדאי צו באַמערקען, אַז אין ד״ר עמנואל בערענפעלד׳ס (זוהן פון דעם באַריהמטען געלעהרטען ד״ר שמעון בערענפעלד ע״ה) פאַרבעסערטע אויפלאַגע פון פּראָפעסאָר מאַרטין פיליפּסאָנ׳ס „נויסטע געשיכטע דעם יידישען פאָלקעס״, זיינען ראַזמאַרינ׳ס וויסענשאַפטליכע אַרטיקלען אָנגעגעבען אַלס קוועלען-מאַטעריאַל.

נאָך עטליכע יאָהר אין אַמעריקע פאָהרט ראַזמאַרין קיין דייטש-לאַנד צו פאַרפאָלקאָמען דאָרט זיין שטודיום. אין יענער צייט ווען אַן אויסלענדער האָט געוואָלט אויפגענומען ווערען אַלס סטודענט אין דער בערלינער אוניווערזיטעט האָט ער געמוזט דורכמאַכען אַ רייהע שריפטליכע עקזאַמענס, און אויב ער האָט אויסגעהאַלטען, האָט ער

געמוזט דורכמאַכען אַ רייהע מינדליכע עקזאַמענס, און ערשט דאַן איז ער אָנגענומען געוואָרען. אָבער ראַזמאַרינ'ס שריפטליכע עקזאַמענס, זיינען געווען אַזוי אויסגעצייכענט, אַז מען האָט איהם איינגאַנצען באַפרייט פון די מינדליכע עקזאַמענס — דער גרעסטער כבוד פאַר אַ סטודענט.

נאָך אַ פּאָר יאָהר אין דער בערלינער אוניווערזיטעט זעצט ער פאָרט זיין שטודיום אין דער ווירצבורגער אוניווערזיטעט, אָבער ניט אויף דעם חשבון פון אידישע לימודים, און באַקומט דעם טיטול „דאָקטאָר דער פילאָזאָפיע" מיט די העכסטע אויסצייכנונגען.

ד"ר ראַזמאַרין הויבט זיך דאַן אָן באַטייליגען מיט צעהנדליגער אַרטיקלען וועגען ביבלישע פערזענליכקייטען אין דעם ליכט פון דער אגדה'שער ליטעראַטור אין דעם ניינטען און צעהנטען באַנד פון דער „ענציקלאָפּעדיע יודאאיקאַ", וואָס איז ערשינען אין בערלין. צו גלייכער צייט שרייבט ער אויך אַרטיקלען אין דער דייטש-אידישער פּרעסע.

אין צווישען ערשיינט ד"ר ראַזמאַרינ'ס אַ וויסענשאַפטליך ווערק „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה" — אַ ביאָגראַפיע פון משה רבינו, באַזירט אויף תלמוד און מדרש. צעהנדליגער פּאַך געלעהרטע האָבען וועגען דעם בוך געשריבען מיט די גרעסטע לויב געזאַנגען, צווישען זיי: פּראָפעסאָר ש. קרויס, ע"ה, וועלכער האָט וועגען דעם געשריבען צוויי באַזונדערע אָפּהאַנדלונגען אין צוויי באַזונדערע וויסענשאַפטליכע זשורנאַלען; פּראָפעסאָר בערנאַרד העלער פון בודאַפּעסט האָט אָנגעוויזען אין זיין רעצענזיע אין דער „מאָנאַטסשריפט פיר געשיכטע און וויסענשאַפט דעם יודענטום'ס", וואָס דער ברעסלויער ראַבינער סעמינאַר האָט אַרויסגעגעבען, אַז עס איז אַ פּאָלשטענדיגע, גרינדליכע ביאָגראַפיע פון משה רבינו. פּראָפעסאָר ש. י. פייגין פון דער שיקאַגער אוניווערזיטעט האָט אין „הדאר" אָנגעוויזען אַז דאָס ווערק דאַרף איבערגעזעצט ווערען אויף העברעאיש און געלערענט ווערען אין די שולען. י. י. וואהל ז"ל, האָט באַמערקט אין „צוקונפט", אַז סטיליסטיש שטעהט עס העכער אפילו פון עדמונד פלעג'ס (באַריהמטער פראַנצויזיש-אידישער שריפטשטעלער) בוך וועגען משה רבינו. פּראָפעסאָר משה שאָר ז"ל, הויפּט ראַבינער פון וואַרשע, האָט געשריבען „נמטיה אפריון לפועלא טבא". פּרץ ווערניק ז"ל האָט עס געהאַלטען פאַר אַ „העכסט באַלעהרענד און אינטערעסאַנט אָנגעשריבען ווערק".

צוריק-קומענדיג קיין אַמעריקע לאַדעט דזשייקאָב דע-האַאַז ע"ה איין ראַזמאַרינ'ען אַלס מיטאַרבייטער פון דער „ענציקלאָפּעדיע אָוו

דזשואיש נאַלעדזש", וואָס ער האָט אַרויסגעגעבען. צו גלייכער צייט הויבען אָן ערשיינען ד"ר ראַזמאַרינ'ס אַרטיקלען אין די פאַרשיידענע אידישע טעגליכע, וועכענטליכע, מאָנאַטליכע זשורנאַלען אין אַמעריקע, קאַנאַדע און זיד־אַמעריקע, און אין מאַנכע אויסלענדישע העברעאישע צייטונגען, און אין כמעט אַלע ענגליש־אידישע זשורנאַלען. פּיעלע פון זיי זיינען אפילו איבערגעזעצט געוואָרען אין אַנדערע שפּראַכען. און איצט פיהרט ער אָן מיט דעם באַריהמטען קאָלום „פראַגען און ענטפערס" וואָס ערשיינט יעדער טאָג אין „מאָרגען זשורנאַל".

באַהערשענדיג דאָס געוואַלדיג ברייטע מדרש געביט, פאַרענדיגט ער אינצווישען אַ ווערק אין העברעאיש, וואָס באַהאַנדעלט יעדע ביבלישע פּערזענליכקייט, פּאַסירונג און מאָטיוו אין דעם ליכט פון דער אגדה ליטעראַטור. דאָס איז אַ קאָלאָסאַל ווערק וואָס וועט אַנטהאַלטען אָן ערך פון צעהן גרויסע בענדער. אויסער דעם האָט ער פאַרטיג אַן ענגלישע איבערזעצונג פון רש"י אויף תורה, וואָס אַנטהאַלט אויך פיעלע אייגענע חידושים.

ד"ר ראַזמאַרין, וועלכער איז אגב אַ מוסמך, אָבער וויל ניט אָננעמען קיין רבנישע שטעלע, איז אָבער ניט גלאַט אַ בוך־וואָרעם. ער איז נישט פון יענע געלעהרטע וואָס לעבען זיך אוים אין די אַלטע עפּאָכעס פון זייערע ספּעציעלע געביטען. זיין ספּעציאַליטעט איז טאַקע די אגדה'שע ליטעראַטור, אין וועלכער ער איז ממש פאַרליבט. ער איז איבערצייגט אַז ווען די ברייטע אידישע מאַסען זאָלען זיין באַקאַנט מיט אונזער מדרש ליטעראַטור, באַזונדערס מיט איהר עטישען טייל, וואָלטען פיעלע פון אונז היינט צו טאָג געווען שטאָלצערע אידען. אָבער אין דער זעלבער צייט נעמט ער אַן אַקטיוון אַנטייל אין די אידישע געגענוואַרטיגע רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען.

זייענדיג אַ הייסער אָנהענגער פון אַ רעליגיעז ארץ ישראל, האָט ער פאַרעפענטליכט אין דער ענגליש־אידישער פּרעסע „אַן אָפענעם בריעף צו ענגלאַנד", ווען די פּיל־קאָמיסיע האָט פאָרגעשלאָגען איהר טרויעריג באַריהמטען חלוקה־פּלאַן. ניט קיין קלענערע ווי לאָיד דזשאָרדזש, לאָרד מעלטשעט, לאָרד סעמועל, דער דאַמאָלסדיגער קאָלאָניאַל מיניסטער אָרמסבי גאָר, דער אַרטשבישאָפ פון קענטערבורי, דער סעקרעטאַר פון דער „ליעג אָף ניישאָנס", דער ענגלישער אַמבאַסאַדאָר אין אַמעריקע, און אַנדערע, האָבען איהם געשריבען אַז זיי האָבען „שטודירט" זיין אַרטיקעל. מאַדאַם פּיל, די פרוי פון לאָרד פּיל (טשער-

מאַן פון דער קאָמיסיע) האָט איהם געשריבען, אַז דער לאָרד וועט שטודירען דעם אַרטיקעל אַזוי שנעל ווי ער וועט אויפשטעהן פון קראַנקען בעט, אָבער ווי באַוואוסט איז ער געשטאָרבען.

ד״ר ראָזמאַרין איז אַ הייסער קעמפער פאַר אַ שטאַרק רעליגיעז-נאַציאָנאַל אידענטום. זיין איבערצייגונג איז אַז ווען דאָס אידישע פאָלק זאָל פיהרען אַ שטרענג רעליגיעז לעבען פּראַקטיש, און זיין באַקאַנט מיט די רעליגיעזע לעהרעס פון דעם אידענטום, וואָלט דאָס געדינט אַלס בעסטער שוץ פאַר אונזער עקזיסטענץ אַלס אידיש פאָלק און גלייכצייטיג אַלס שטאַרקסטע וואַפען געגען אַנטיסעמיטיזם אין אַלע זיינע פאָרמען. זיין שיטה איז אַז אַ אידיש לעבען געבויט אויף אַ פּאָזיטיווען, רעליגיעזען פונדאַמענט איז דער שטאַרקסטער פּאַנצער געגען אונזערע אינערע און אויסערע געגנער. זיין אנשויאונג איז, אַז אַ אידיש לעבען וואָס איז ניט דער רעזולטאַט פון דער נאָבעלער, פּאָזי-טיווער אידעאָלאָגיע פון אידישקייט, אַ אידישקייט וואָס בארוהט בלויז אויף „געגען-אַנטיסעמיטיזם״ אנשטאַט אויף „פאַר-אידענטום״, אַ אידישקייט וואָס שיילט זיך אַרויס פון פאַרפאָלגונגען, אַ אידישקייט וואָס איז אַ קינד פון קאָנצענטראַציאָנס-לאַגער, אַזאַ אידישקייט איז אַן אַבנאָרמאַלע ערשיינונג, און איז במילא געפעהרליך פאַר דער עקזיסטענץ פון אונזער פאָלק אַלס אַ אידיש פאָלק.

אָט דאָס דערקלעהרט טאַקע פאַרוואָס ד״ר ראָזמאַרין איז פון די ערשטע געגנער פון דער אַזוי גערופענער „גוד-וויל״ באַוועגונג. זיין צוגאַנג איז אַ גאַנץ פּשוט'ער, אָבער אַ געזונט לאָגישער. זיין אַרגו-מענט איז אַז ווען אַ ראַבאַי „פּרעדיגט״ אין אַ קלויסטער און לאָדט איין זיינע „צאן קדשים״ איהם צו הערען, האָט ער ניט דעם מוט צו רעדען וועגען דער שעהנקייט פון אידישקייט. אנשטאַט דעם זינגט ער לויב-געזאַנגען, אַז דער „אותו האיש״ איז געווען אַזוינס און אַזעלכעס. שפּעטער לאַדט דער ראַבאַי איין דעם גלח צו רעדען אין זיין סינאַגאָג, און יענער, פאַרשטעהט זיך, האַלט אין איין באַווייזען, אַז „אותו האיש״ איז געווען אַ גרויסער נביא און אַ איד נאָך דערצו. די „צאן קדשים״ הערען סיי פון זייער ראַבאַי און סיי פון דעם גלח אַז „אותו האיש״ איז געווען איינס אין דער וועלט, איז צו וואָס גלויבען אין תורת משה און ווערען געיאָגט און געפּלאָגט, איז דאָך בעסער צו גלויבען אין איהם און זיין אַ מענש מיט לייטען גלייך.

ד״ר ראָזמאַרינ'ס מוטיגער קאַמף געגען „גוד-וויל״ איז געגוג באַקאַנט פון זיין קאַמף געגען שעכטער'ס סעמינאַר פאַר איינלאַדען „גוד-וויל״ גלחים און מיסיאָנערען. און ווען די סעמינאַר ראַבאַים

האָבן אַרויסגעגעבן געגען איהם אַ פּאַמפלעט אין אידיש און העב־רעאיש, האָט, פאַרשטעהט זיך, ראַזמאַרין גענטפערט מיט אַ פּאַמ־פלעט, וואָס ווימעלט אגב מיט לומדות, און אַנגעוויזען אַז זיי שלאָגען ניט אָפּ אפילו איינע פון זיינע באַשולדיגונגען.

אַלס רעזולטאַט פון זיין איבערצייגונג אַז נאָר אַ פונדאַמענטאַל פּאָזיטיוו־רעליגיעז־נאַציאָנאַל לעבען איז דאָס איינציגע מיטעל פאַר אַ געזונטע און דויערהאַפטע אידישע עקזיסטענץ, און דאָס קען דערגרייכט ווערען נאָר דורך באַקענען זיך מיט דער אידישער רעליגיע־זער און נאַציאָנאַלער ליטעראַטור, האָט ד"ר ראַזמאַרין אויף זיך גענומען צו פאַרעפענטליכען אַ רייהע ביכער אין אידיש, העברעאיש און ענגליש, וועלכע וועלען העלפען דעם לעזער זיך באַקענען מיט דער שעהנקייט פון דער אידישער לעהרע און עטיק [1].

און זאָל דאָ צוגעגעבען ווערען אַז אַ פאָלק וואָס האָט געגעבען דער וועלט אַזאַ נאָבעלע, עטישע לעהרע נאָך מיט טויזענטער יאָהרען צוריק, ווען די היינטיגע אַזוי גערופענע ציוויליזירטע פעלקער זיינען נאָך געווען ווילדע באַרבאַרען, אַזאַ פאָלק מוז און וועט ענדליך זיעגען איבער אַלע זיינע אינערליכע און אויסערליכע שונאים. אַזאַ פאָלק, ווי ישראל סבא, וועט זיכער איבערלעבען זיינע איצטיגע שונאים, פונקט ווי עס האָט איבערגעלעבט זיינע אַמאָליגע המן׳ס. וואָרום, אַן אינטענסיוו־רעליגיעז אידיש לעבען, טעאָרעטיש און פּראַקטיש, באַזירט אויף תורה, נביאים, תלמוד און אידישער עטיק, איז די שטאַרקסטע און בעסטע גאַראַנטיע פאַר אַ געזונטע, דויערהאַפטע עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאָלק אַלס אַ אידיש פאָלק.

---

1) אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָהר זיינען ערשינען זיינע ווערק „די שעהנקייט פון אידענטום" אין אידיש, און "Golden Rules" אין ענגליש, וועלכע באַהאַנדלען אַזעלכע וויכטיגע טעמעס ווי:

אמת און ליגען, אויפריכטיגקייט און חנופה, לשון הרע, ליבשאַפט און פיינדשאַפט, רחמנות און גרויזאַמקייט, גמילות חסדים און פּראָצענט, צדקה, פאַרגינען און מקנא זיין, אַכטען און באַליידיגען, באַשיידענקייט און חוצפה, געדולד און אויפרעגונג, אייניגקייט און צעשפּליטערטקייט, בילדונג און איג־נאָראַנץ, לעהרער און פיהרער, אַרבייט, אַרבייטער און אַרבייטסגעבער, דער סטאַטוס פון דער אידישער פרוי, דעמאָקראַטיע, קריג און פריעדען.

במקום הקדמה

# די וויכטיגקייט פון שבת

פונקט ווי דאָס סאָציאַלע לעבען פאַדערט געוויסע פאָרמען פון עטי-קעטע, געוויסע קאָנווענציאָנעלע אויפפיהרונגען, אַזוי אויך פאַרמאַגט אונזער רעליגיע אַ רייהע פון מצוות מעשיות, מנהגים און רעליגיעזע צערעמאָניעס וועלכע רעגולירען דאָס אידישע רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע אַלטעגליכע לעבען. ווען אַ איד דאַווענט, איז אפילו ווען ער פאַרגעהט זיך אין העכסטער התלהבות, בלייבט עס דאָך פאַר איהם בלויז אַן אַבסטראַקטער פאָרם פון רעליגיעזען אויסלעבען זיך. דאַגעגען אָבער ווען ער איז מקיים אַ מצוה, פיהרט דורך אַ רעליגיע-זען מנהג, איז עס פאַר איהם אַ קאָנקרעטע זאַך. ער טאַפּט עס ממש אָן מיט די הענט.

זייענדיג אַן אַלט פאָלק, און די ערשטע וועלכע האָבען פראָק-לאַמירט דעם מאָנאָטעאיסטישען גלויבען — דעם גלויבען אין **אחד** — זיינען אונזערע מצוות שוין אַלט טויזענטער יאָהרען. און אונזערע מצוות מעשיות, מנהגים און רעליגיעזע צערעמאָניעס זיינען ניט גלאַט סימבאָלען וואָס דרוקען בלויז אויס אונזערע רעליגיעזע געדאַנקען און געפיהלען, נאָר זיי העלפען אויך דעם מענשען צו **לעבען** רעליגיעז. און שבת איז איינער פון די אַלער-פונדאַמענטאַלסטע זיילען פון אונ-זער רעליגיעזען און נאַציאָנאַלען לעבען. שבת איז איינער פון די שטאַרקסטע רינגען אין אידישקייט.

אויב מיר ווילען עקזיסטירען אַלס אַ אידיש פאָלק מוזען מיר אָפּהיטען שבת. אָהן שבת קען קיין אידיש פאָלק ניט זיין, פונקט ווי עס קען ניט זיין קיין שבת אָהן אַ אידיש פאָלק. וואָרום שבת איז דער צענטראַלער פונקט פון דער גאַנצער תורה, פון דעם גאַנצען רעליגיע-זען און נאַציאָנאַלען לעבען. דער פאַקט וואָס „בשבת ניתנה תורה לישראל"[1] — אַז שבת איז די תורה געגעבען געוואָרען די אידען —

---

1) שבת פו, ב.

באווייזט אז שבת איז דער עיקר פון אלע עיקרים אין דער אידישער רעליגיע.

שבת איז אזוי אלט ווי בריאת העולם, און דער באשעפער פון דער וועלט איז געווען דער ערשטער שומר שבת. דערצעהלט אונז דאך די תורה, אז אין זעקס טעג האט דער אלמעכטיגער באשאפען די וועלט, און דעם זעקסטען טאג האט ער גערוהט [2]. אז דער אלמעכ־טיגער האט אנערקענט שבת אלס דעם טאג פון רוה, קען מען אויך זעהן דערפון וואס שבת איז קיין מן ארונטערגעפאלען פון הימעל [3]. און ניט נאר איז שבת די עלטסטע אידישע רעליגיעזע אינסטיטוציע, נאר דאס אפהיטען שבת איז שוין אויך אזוי אלט ווי דאס אידישע פאלק. האט דאך שוין אברהם אבינו מקיים געווען די גאנצע תורה, אפילו עירובי תבשילין און עירובי חצירות און אפילו א „מצוה קלה שבעל פה" [4]. זאגען דאך די חכמים ז"ל בפירוש אז יעקב אבינו האט אפגעהיט שבת „קודם שניתן" [5]. אויך די אידען אין מצרים האבען אפגעהיט שבת. ווען משה, וועלכער איז ערצויגען געווארען אין דעם עגיפטישען קעניג'ס הויף, איז אונטערגעוואקסען, און ער האט צום ערשטען מאל דערזעהען ווי שוועהר די אידען שקלאפען אין מצרים, האט ער אפעלירט צו פרעה'ן ער זאל זיי באוויליגען א רוה־טאג יעדע וואך, און ער האט באשטימט שבת אלס דעם טאג פון רוה [6].

נאכמעהר, לויט די חכמים ז"ל איז די מצוה פון שבת געגעבען געווארען די אידען נאך פאר מתן תורה. ווען די אידען זיינען אריבער דעם ים־סוף, האבען מארשירט דריי טעג אין דער מדבר שור און זיינען אנגעקומען קיין מרה, זיינען זיי דארט געבאטען געווארען אפצוהיטען שבת [7]. זיינען דאך די הייליגקייט פון שבת און די מצוה פון אפהיטען שבת פראקלאמירט אין די עשרת הדברות [8]. און ניט נאר הייסט אונז די תורה רוהען שבת, נאר „שבת הוא לד' בכל

---

2) בראשית ב, ב—ד ; שמות לא, יז.

3) שמות טז, כב—ל.

4) יומא כח, ב ; קידושין פב, א ; תנחומא לך לך ; בראשית רבה פרשיות מט, סד, צה.

5) בראשית רבה פרשה עט.

6) שמות רבה פרשה א, פרשה ה ;

7) זעהט : שמות טו, כה און רש"י דארט ; שבת פז, א—ב ; סנהדרין נו, ב.

8) שמות כ, ח—יב.

מושבותיכם" [9]), וואו אַ איד זאָל זיך ניט געפונען דאַרף ער אָפּהיטען שבת. האַלט טאַקע די תורה אין איין וואָרענען: „את שבתותי תשמרו", „ושמרתם את השבת" [10]). און ניט נאָר טאָר מען ניט שבת טהון קיין שום מלאכה, נאָר אפילו דאָס בית המקדש טאָר מען שבת ניט בויען [11]). רוהט דאָך אפילו דער סמבטיון שבת [12]). שבת איז דער אייביגער אָפּמאַך אויף אַלע דורות, צווישען דעם באַשעער פון דער דער וועלט און ישראל סבא [13]). און פונקט ווי יום הכפורים, דער הייליגסטער און פורכטיגסטער טאָג פון יאָהר, ווערט אויך שבת באַצייכענט אַלס „שבת שבתון" [14]).

פאַר אַזוי וויכטיג האָבען די אידען אין משך פון אַלע דורות באַטראַכט שבת, אַז אפילו די יעניגע וועלכע האָבען ניט אַזוי שטאַרק מדקדק געווען אין אָפּהיטען פאַרשיעדענע אַנדערע מצוות, האָבען זיי שבת דאָך ניט פאַרשוועכט [15]). דער נביא ירמיהו וואָרענט אַז דאָס פאַרשוועכען שבת וועט פיהרען דערצו אַז ירושלים וועט חרוב ווערען [16]). און אונזערע חכמים ז"ל זאָגען טאַקע „לא חרבה ירושלים אלא בשביל שחללו בה את השבת [17]), אַז ירושלים איז חרוב געוואָרען נאָר דערפאַר ווייל מען האָט דאָרט פאַרשוועכט דעם שבת. אָבער אַזוי ווי אונזער רעליגיע באַטראַכט דעם מענשען'ס לעבען פאַר זעהר טייער, איז בלויז „פקוח נפש דוחה שבת" [18]), נאָר ווען אַ מענש איז קריטיש קראַנק, מעג מען, אונטער געוויסע אומשטענדען, פרעגענ־דיג פריהער אַן אָרטאָדאָקסישען רב, מחלל שבת זיין.

די „קעניגין" און די „כלה" שבת [19]) איז געגעבען געוואָרען די אידען אַלס „מתנה טובה". דער אַלגעגענוואַרטיגער האָט געזאָגט צו משה'ן: „מתנה טובה יש לי בבית גנזי ושבת שמה ואני מבקש ליתנה

---

9) ויקרא כג, ג.
10) זעה שמות לא, יג—יז.
11) יבמות ו, א ; זעה אויך שבת מט, ב.
12) בראשית רבה פרשה יא.
13) שמות לא, יג—יז ;
14) שמות לא, טו ; ויקרא כג, ג.
15) זעהט : ישעיה א, יג ; עמוס ח, ה.
16) ירמיה יז, כז ; יחזקאל כ,
17) שבת קיט, ב ; זעה יחזקאל כב, כו.
18) מכילתא תשא ; יומא פה, א.
19) שבת קיט, א.

לישראל, לך והודיעם" [20]) — איך האָב אין מיינע אוצרות אַ גוטע מתנה, איהר נאָמען איז שבת, און איך וויל זי געבען דעם פאָלק ישראל, געה און זאָג זיי. און געגעבען איז עס געוואָרען „בצנעא" — שטילער־הייט — אָהן טאַראַראַם, אָהן „פובליסיטי" [21]). און ווען שבת האָט זיך באַקלאָגט פאַר דעם באַשעפער פון דער וועלט פאַר ניט האָבען קיין בן־זוג, האָט כביכול געענטפערט: „כנסת ישראל היא בן זוגך" [22]) — דאָס פאָלק ישראל איז דיין חתן.

אויסער דעם וואָס „שכל מי שמשמר את השבת מרוחק מן העבירה" [23]) — אַז ווער עס היט אָפּ שבת ווערט דערווייטערט פון דער עבירה — פאַרמאָגט שבת אין זיך די אייגענשאַפט וואָס עס איז „מוספת קדושה על ישראל" [24]) — עס מאַכט אידען הייליגער. און געגעבען געוואָרען איז שבת בלויז צוליעב דעם צוועק אַז מען זאָל דעם טאָג פאַרברענגען אין לערנען [25]). און כאָטש דער צוועק פון שבת איז צוליעב גייסטיגען פאַרגעניגען, דאַרף מען אָבער גלייכצייטיג ניט איגנאָרירען דעם פיזישען עונג שבת. אדרבה, מען דאַרף עסען און טרינקען פון דעם שענסטען און בעסטען [26]), און ווייַן דאַרף אויך זיין דערביי [27]). אָט זעהען מיר, צום ביישפיל, ווי ניט קיין קלענערער ווי שמאי הזקן האָט שטאַרק מקפיד געווען צו קויפען דאָס בעסטע פלייש אויף שבת — „מצא בהמה נאה אומר זו לשבת, מצא אחרת נאה הימנה מניח את השניה ואוכל את הראשונה" [28]).

און אַז עס לוינט זיך, קען מען זעהען פון פאָלגענדען: ר' חייא בר אבא האָט אַמאָל געהאַלטען שבת ביי אַ בעל הבית אין לודקיא, האָט מען סערווירט טייערע עסענס און געטראַנקען אין קאָסטבאַרע גאָלדענע און זילבערנע כלים. האָט ר' חייא אַ פרעג געטהון: „בני, במה זכית?" — מיין קינד, פאַר וועלכע מעשים טובים האָסטו דאָס זוכה געווען? האָט דער בעל הבית געענטפערט: „איך

---

20) שבת י, ב; ביצה טז, א.
21) ביצה טז, א.
22) בראשית רבה פרשה יא.
23) מכילתא בשלח.
24) מכילתא תשא.
25) ירושלמי שבת פרק טו, הלכה ג; זעהט פסיקתא רבתי סוף פיסקא כג.
26) שבת קיח, ב; דברים רבה פרשה ג.
27) פסחים קו, א.
28) ביצה טז, א.

בין געווען אַ קצב, פלעג איך האַלטען די בעסטע בהמה אויף שבת"[29]).

זיינען מיר דאָך געבענטשט שבת מיט אַ נשמה יתירה[30]), האָט טאַקע שבת דאָס עסען אַ גאָר באַזונדערען טעם. און עס איז כדאי צו דערמאָנען אַז אַ קיסר האָט אַמאָל געפרעגט רבי יהושע בן חנניא: „מפני מה תבשיל של שבת ריחו נודף? אמר לו תבלין אחד יש לנו ושבת שמו, שאנו מטילין לתוכו וריחו נודף. אמר לו תן לנו הימנו, אמר לו המשמר את השבת מועיל ושאינו שמר את השבת אינו מועיל לו"[31]) — פאַר וואָס האָט דאָס שבת'דיגע עסען אַ באַזונ־דערען געשמאַק? האָט ער איהם געענטפערט: מיר האָבען אַזאַ מין „פּאַטראַווע" וועלכע הייסט שבת, טהוען מיר דאָס אַריין אין עסען, און דאָס גיט עס אַ ספּעציעלען געשמאַק. זאָגט ער צו איהם, גיב אונז אַ ביסעל דערפון. האָט ער איהם געענטפערט, ווער עס היט אָפּ שבת העלפט עס, און ווער עס היט ניט אָפּ שבת, העלפט עס ניט. נאָכמעהר, „כל המקיים שלש סעודות בשבת ניצול משלש פורעניות, מחבלו של משיח, ומדינה של גיהנום, וממלחמת גוג ומגוג"[32]). נעמליך, ווער עס איז מקיים שבת די מצוה פון „שלוש סעודות", ווערט געראַטעוועט פון דריי אומגליקען: משיח־ווייהען, גיהנום, און פון דער גוג ומגוג מלחמה.

שבת דאַרף מען זיך קליידען ריין און שעהן[33]). „צריך אדם להיות לו שני עטפים, אחד לחול ואחד לשבת"[34]) — אַ מענש דאַרף האָבען צוויי גאַרניטורען, אַ וואָכעדיגען און אַ שבת'דיגען. זאָגען דאָך די חז"ל אַז „כל מזונותיו של אדם קצובים לו מראש השנה ועד יום הכפורים, חוץ מהוצאת שבתות..."[35]) — דעם מענשען'ס גאַנצע פרנסה ווערט באַשטימט צווישען ראש השנה און יום הכפור, אויסער די אויסגאַבען וואָס אַ מענש דאַרף אויף שבת. נאָכמעהר, „כל המענג את השבת נותנין לו נחלה בלי מצרים"[36]), „נותנין לו משאלות לבו"[37])

---

29) שבת קיט, א.

30) ביצה טז, א.

31) שבת קיט, א.

32) שבת קיח, ב.

33) שבת קיג, א; דברים רבה פרשה ג.

34) רות רבה פרשה ה. פערגלייכט: ירושלמי פאה פרק ח, הלכה ז; תנחומא בראשית ב; פסיקתא דעשרת הדברות; שאילתות דרב אחאי גאון אַנהויב בראשית.

35) ביצה טז, א.

36) שבת קיח, א.

37) שבת קיח, ב.

— ווער עס פאַרשאַפט דעם שבת פרייד, דעם גיט מען אונבאַשרענקט רייכטום, מען גיט איהם אַלץ וואָס זיין האַרץ פאַרלאַנגט. איז דאָך עונג שבת אַ זעכציגסטעל פון עולם הבא [38]).

וואָרום נאָר דאַן ווען מען היט אָפּ שבת ווי עס באַדאַרף צו זיין קען מען האָבען אַן אמת'ע גייסטיגע הנאה פון אידישקייט. און דער נביא שרייבט אויס: „אם תשיב משבת רגלך, עשות חפצך ביום קדשי וקראת לשבת עונג... אָז תתענג..." [39]) — אַז דו וועסט רוהען שבת, ניט פיהרען קיין געשעפטען, און פאַרוואַנדלען שבת אין אַן עונג שבת, דאַן וועסטו געפונען פרייד אין דעם אויבערשטען.

אַזוי גרויס און וויכטיג איז דער כוח פון שבת אַז „כל המשמר שבת כהלכתה, אפילו עובד עבודה זרה כדור אנוש מוחלין לו" [40]) — ווער עס היט אָפּ שבת ווי עס באַדאַרף צו זיין, אפילו ווען ער איז זינדיג ווי דער דור אנוש, איז מען איהם מוחל. נאָכמעהר, „אלמלי משמרין ישראל שתי שבתות כהלכתן, מיד נגאלין" [41]) — ווען דאָס אידישע פאָלק זאָל אָפּהיטען צוויי שבתים ווי עס באַדאַרף צו זיין, וואָלטען זיי באַלד אויסגעלייזט געוואָרען. און „אילו היו ישראל משמרין שבת אחת כתיקונה, מיד היה בן דוד בא" [42]) — און ווען אידען זאָלען אָפּהיטען איין שבת ריכטיג, וואָלט משיח בן דוד געקומען. איז דאָך שבת גלייך צו אַלע מצוות [43]). זאָגען דאָך אונזערע חכמים ז"ל אַז כביכול זאָגט: „אם תזכו לשמור שבת, מעלה אני עליכם כאלו שמרתם כל המצוות שבתורה" [44]) — ווען איהר זאָלט זוכה זיין אָפּצוהיטען שבת, וועל איך דאָס באַטראַכטען גלייך ווי איהר וואָלט אָפּגעהיט אַלע מצוות פון דער תורה.

און וויל מען ווירקליך פאַרשטעהען די גרויסע בעדייטונג, די אונגעהויערע וויכטיגקייט פון אָפּהיטען שבת, קען מען דאָס אפשר אַמבעסטען זעהען פון דעם שלאַגיגען מאמר חז"ל אַז ווער עס היט

38) ברכות נז, ב.
39) ישעיה נח, יג—יד.
40) שבת קיח, ב.
41) שבת קיח, ב.
42) ירושלמי תענית פרק א, הלכה א; שמות רבה פרשה כה.
43) ירושלמי נדרים פרק ג, הלכה ט; שמות רבה פרשה כה.
44) שמות רבה פרשה כה.

אַפּ שבת איז „כאילו עשה את השבת״ [45]) — איז גלייך ווי ער אליין האָט באַשאַפן דעם שבת.

און טאַקע דערפאַר וואָס שבת איז אַזוי וויכטיג פאַר ישראל׳ם אייביגער עקזיסטענץ אַלס אַ אידיש פאָלק, האָט שבת געהאַט אויס־צושטעהען ניט ווייניגער פאַרפאָלגונגען ווי דאָס אידישע פאָלק גופא. אונצעהליגע מאָהל האָבען די שונאי ישראל פאַרבאָטען די אידען אָפּצוהיטען שבת [46]). זייענדיג, אָבער, איבערצייגט אַז שבת און אי־דענטום זיינען נשמה און גוף, אַז אָהן שבת קען דאָס אידישע פאָלק ניט אָטעמען, האָבען אידען אין אַלע דורות ממש מקריב געווען זייערע לעבענס פאַר אָפּהיטען שבת.

אונזער רעליגיע איז דאָך דער איינציגער באַנד וועלכער האַלט צוזאַמען אַלע אידען פון דער גאַנצער וועלט. אַנדערע פעלקער זיינען פאַרבונדען דורך זייער לאַנד, רעגירונג, שפּראַך. אָבער מיר אידען, צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע ווינקעלעך פון דעם ערד קוגעל, איבעראַל אַ קליינע מינאָריטעט, זיינען ניט פאַרבונדען איינער מיט דעם אַנדערען דורך פיזישע מיטלען. מיר רעדען כמעט אַזוי פיעל שפּראַכען וויפיעל לענדער עס זיינען פאַראַן אויף דער וועלט. געאָג־ראַפיש זיינען מיר אויך ניט פאַרבונדען. רעליגיע איז דאָס איינציגע וואָס פאַרבינדט דאָס גאַנצע וועלט אידענטום. און שבת איז דער שטאַרקסטער רינג אין דער רעליגיע־קייט וועלכע פאַרבינדט אַלע אידען פון דער גאַנצער וועלט, און דער שטאַרקסטער ווינקעלשטיין אין דעם פונדאַמענט פון אונזער עקזיסטענץ אַלס אידיש פאָלק.

און ווען אידען קומען שבת פון שוהל, באַגלייט פון צוויי מלאכים [47]), און אין הויז שמעקט דער שבת אַרוים פון אַלע ווינקע־לעך, איז עס באמת „בא שבת בא מנוחה״ [48]) — אַ מאָדנע רוהיגקייט נעמט אַרום דעם מענשען. אַלע זיינע דאגות פון אַ גאַנצע וואָך ווערען אויסגעוועבט און פאַרשוואונדען.

און אויב עס געפינען זיך אידען וועלכע זיינען מחללי שבת בשוגג, זיי ווילען אָפּהיטען שבת, נאָר זיי זיינען נעביך דערצו ממש געצוואונגען דורך פאַרשיעדענע אומשטענדען, איז אויף זיי אַ גרויסער

---

45) מכילתא תשא.

46) זעה צום ביישפּיל ראש השנה יט, א; מעילה יז, א.

47) שבת קיט, ב.

48) תוספות סנהדרין לח, א, ד״ה חצבה.

רחמנות. אָבער די מחללי שבת במזיד, די וועלכע פאַרשוועכען די טייערסטע און הייליגסטע אידישע מתנה, ווייל אַזוי ווילט זיך זיי, זיי קען מען בלויז ענטפערען אַז דער פיעלע־טויזענטער־יאָר אַלטער שבת האָט שוין איבערגעלעבט פיעלע מחללי שבת פון דעם סאָרט און וועט אויך די איבערלעבען. וואָרום די חכמים ז"ל האָבען שוין געזאָגט: „שאין שבת בטלה מישראל"[49] — שבת ביי אידען וועט קיינמאָל ניט בטל ווערען. איז טאַקע וואונשענסווערט אַז אַלע אידען זאָלען זיך אַ נעם טהון אָפּהיטען שבת ווי עס בעדאַרף צו זיין, און דאָס וועט זיין אַן אונגעהוירער בייטראָג צו דער פאַרשטאַרקונג פון אונזער עקזיסטענץ אַלס אידיש פאָלק.

---

49) מכילתא תשא.

# בראשית

דיבען מיר הייגט אָן נאָכאַמאָל פון „בראשית" — פון אָנהויב. עס זיינען פאַראַן מענשען, וואָס הויבען קיינמאָל ניט אָן פון אָן אָנהויב. זיי מאַכען אַ דאַך נאָך איידער עס איז פאַראַן אַ פונדאַמענט. זיי גרינדען אַן אוניווערזיטעט נאָך איידער זיי האָבען גוטע קינדער־שולען, זיי מאַכען הוצאות נאָך איידער זיי האָבען אַן הכנסה. איז דאָס ניט ראַטזאַם. אָנהויבען דאַרף מען פון אַן אָנהויב, און דאַן געהען ווייטער און ווייטער שטופּענווייז.

אָט נעמט, למשל, אַ קעלבעל. אַזוי ווי עס ווערט געבוירען, הויבט עס באַלד אָן פון דער מיטען. עס קען עסען, לויפען, שפּרינגען פּונקט ווי אַ קוה. אָבער דערביי בלייבט עס. עס אַנטוויקעלט זיך ניט מעהר. דאַגעגען ווען אַ מענש ווערט געבוירען, איז ער דאָס הילפלאָזסטע באַשעפעניש וואָס קען נאָר געבען. דערפאַר אָבער אַנטוויקעלט ער זיך אַלע טאָג מעהר און מעהר. איז גוט אַז מען הויבט אָן אַ זאַך, וואָס עס זאָל ניט זיין, פון דעם אָנהויב. און דאָס, ווי אַלע אַנדערע זאַכען, דאַרפען מיר זיך אָפּלערנען פון דער תורה.

דער בורא עולם האָט דאָך געקאָנט באַשאַפען די וועלט ווי מיר האָבען זי הייגט, מיט ביליאָנען מענשען, „הימעל קראַצער", טעלעפאָן, ראַדיאָ, עראָפּלאַנען, אויטאָמאָבילען, שיפען, אייזענבאַהנען, אַטאָם־באָמבעס. אָבער ניין, ער האָט אָנגעהויבען פון אַן אָנהויב און באַשאַפען איין זאַך נאָך דער אַנדערער, ביז ער האָט ענדליך באַשאַפען דעם מענשען, און פאַרדרעה דיר דיין קאָפּ...

עס איז פאַראַן אַ ווערטעל, אַז פון צופיעל ביימער זעהט מען ניט דעם וואַלד. די הייגטיגע סדרה איז אַזוי רייך אין טעמעס, אַז מען ווייסט ניט פון וועלכער צו רעדען פריהער. אָט נעמט טאַקע דאָס ערשטע וואָרט „בראשית", איז וועגען דעם אַליין קען מען שרייבען אַ גאַנצען ספר. אָט וועל איך ווייזען בלויז עטליכע ביישפילען: דער ווילנער גאון ז"ל, זאָגט, אַז די אותיות פון דעם וואָרט בראשית מאַכען: בטחון, רצון, אהבה, שתיקה, יראה, תורה.

איז גיט אַליין אַ קוק וויפיעל לעבענס־פילאָזאָפיע עס שטעקט אין דעם וואָרט אַליין! ניין, נאָכמעהר, אין יעדען אות באַזונדער! נעמט דאָס וואָרט „בטחון". וויפיעל מענשען האָט דאָס איינציגע וואָרט בטחון גליקליך געמאַכט! עס איז דאָך ממש דער פונדאַמענט פון גליק. בלויז אַ מענש, וואָס האָט בטחון אין דעם אויבערשטען, קען זיין גליקליך אפילו דאַן, ווען עס געהט איהם, פאַר קיינעם געדאַכט, ניט גוט. ווייל ער לעבט מיט דער האָפנונג, אַז מאָרגען וועט איהם זיין בעסער. איז דאָס אַליין גיט איהם שוין מוט. און די האָפנונג אַליין אַז מאָרגען, איבערמאָרגען, וועט איהם געהן בעסער, שטעלט איהם שוין צופרידען אפילו אין דעם מאָמענט ווען עס איז איהם ניט אַזוי גוט.

נעמט דאָס וואָרט „רצון״. צי עס באַציהט זיך אויף דעם אויבערשטען, נעמליך, אַז מיר זאָלען באַוויליגט זיין אין זיינע אויגען, צי עס מיינט פשוט, אַז דער מענש זאָל האָבען רצון צו דינען דעם אויבערשטען, צי ער זאָל באַזיצען ווילענסקראַפט אין אַלע צווייגען פון לעבען, איז ווי אַזוי מען זאָל עס ניט טייטשען, איז אָהן דעם קען די מענשהייט ניט עקזיסטירען; און אפילו ווען יאָ, קען זי אָהן דעם ניט זיין גליקליך.

אָדער נעמט דאָס וואָרט „אהבה״ — ליבע, צי ווילט איהר דאָס טייטשען, אַז עס מיינט ליב האָבען דעם אויבערשטען, צי ליבע אין פאַמיליען־לעבען, צווישען מאַן און פרוי, צווישען קינדער און עלטערען, צווישען מענש און מענש; איינס איז זיכער, אַז אָהן דעם קען ניט זיין קיין גליקליכע מענשהייט.

„שתיקה״, שווייגען. וויפיעל גליק עס שטעקט אין דעם דאָזיגען איינציגען וואָרט! שלמה המלך, דער קלוגסטער פון אַלע קלוגע, האָט געזאָגט „מות וחיים ביד לשון״, טויט און לעבען איז אָפּהענגיג פון דער צונג. אַזוי לאַנג ווי דער מענש זאָגט ניט אַרויס דאָס וואָרט, איז ער בעל הבית איבער דעם. קוים זאָגט ער עס אַרויס, קען עס איהם אַמאָל אומגליקליך מאַכען. דערפאַר טאַקע איז די צונג אונטער אַ דאָפּעלטען שלאָס, איינעם פון ביין (די ציין) און איינעם פון פלייש (די ליפּען). רבן (שמעון בן) גמליאל האָט אַמאָל געשיקט זיין קנעכט טבי ער זאָל קויפען עפּעס גוטס צו עסען, האָט ער געקויפט אַ צונג. אַן אַנדערש מאָל האָט ער איהם געהייסען קויפען עפּעס שלעכטס צו עסען, האָט ער ווידער געבראַכט אַ צונג. האָט ער איהם געפרעגט „סטייטש?״ האָט דער קנעכט געענטפערט „מות וחיים ביד לשון״. אָבער גאָר גוט איז אַז מען שווייגט. אונזערע חכמים ז״ל זאָגען: „יפה שתיקה לגוף״, שווייגען איז געזונט: „מלה בסלע, משתוקא בתרין״, רעדען איז ווערט איין מטבע און שווייגען איז ווערט צוויי. די אַמעריקאַנער שטאָלצירען מיט דעם ווערטעל „רעדען איז זילבער, שווייגען איז גאָלד״, קומט אונזער תורה און אין סאַמע ערשטען וואָרט לעגט זי אַנידער די גאַנצע פילאָזאָפיע פון שווייגען מיט איין איינציג אות שתיקה!

„יראה״, מורא האָבען פאַר דעם באַשעפער פון דער וועלט! האָט איהר שוין געטראָפען אַ מענשען אין דער וועלט וואָס איז גליקליכער פון אַן אמת׳ן עהרליכען, פרומען גאָטספאַרכטיגען אידען?

„תורה״, לערנען, אַך, ווי גליקליך דאָס מאַכט דעם מענשען! תורה איז דאָך ליכטיגקייט, און אונוויסענקייט איז פינסטערניש. איז ווער וועט ניט מודה זיין, אַז ליכטיגקייט איז בעסער, באַקוועמער פון פינסטערניש? אמת, תורה קומט ניט אָן לייכט. מען דאַרף שוועהר האָרעווען, אַז מען וויל זיך ערווערבען תורה. נו, און געלט קומט דען אָן לייכט? אַי וועט איהר דאָך פרעגען: אויב תורה איז טאַקע יאָ אַזאַ „וואַזשנער אַרטיקעל״, איז פאַרוואָס זשע זעהט מען, אַז דער למדן געהט שטענדיג צום גביר, און ניט דער גביר צום למדן? איז דער תירוץ, ווייל דער תלמיד חכם ווייסט וואָס איהם פעהלט (נעמליך, געלט), געהט ער צום גביר. אָבער דער גביר ווייסט אפילו ניט וואָס איהם פעהלט (נעמליך, תורה), איז דערפאַר געהט ער ניט צום תלמיד חכם. אַלזאָ דער אונטערשיד איז אין „וויסען״ און אין „ניט וויסען״. איז

טאַקע בעסער צו וויסען. איז וועגען „וויסען" שוין אָנגעשריבען געוואָרען צעהנדליגער טויזענטער ביכער אין הונדערטער שפּראַכען. און אונזער תורה האָט עס געזאָגט אין דעם ערשטען וואָרט אין איין אות — תורה!

ווילט איהר וויסען די פילאָזאָפיע פון דעם פאַמיליען און עקאָנאָמישען לעבען, געפינט איהר אויך דאָס אין דעם סאַמע ערשטען וואָרט פון אונזער תורה. רבי וואָלף סטריקאָווער ז"ל, האָט שוין באַמערקט: „ברא" מיינט קינדער. „ברא" מיינט אויך געזונדהייט, בריאות. און עס מיינט אויך תבואה, עסענוואַרג. אַלזאָ „בראשית", דער ראשית, דער אָנהויב, די ערשטע פאָדערונג פון דעם מענשען, זיינע ערשטע הויפּט־פאַרלאַנגען זיינען קינדער, געזונד און פּרנסה.

וויל מען אַ ראיה, אַז דער אויבערשטער האָט באַשאַפען די וועלט אין זעקס טעג, געפינט איהר עס אין דעם ערשטען וואָרט פון דער תורה. נעמליך, בראשית מאַכט ברא־שית — ער האָט באַשאַפען אין זעקס טעג.

וויל מען אַ ראיה, אַז די וועלט איז באַשאַפען געוואָרען מיט אמת, און אַז אָהן אמת קען די וועלט ניט עקזיסטירען, האָט דער „צרור המור" שוין אָנגעוויזען, אַז מען געפינט עס אין די ערשטע ווערטער פון דער תורה, נעמליך: די לעצטע אותיות פון בראשית ברא אלקים מאַכען אמת. די לעצטע אותיות פון ברא אלקים את מאַכען אמת. די לעצטע אותיות פון די לעצטע ווערטער פון בריאת העולם, נעמליך, ברא אלקים לעשות, מאַכען אמת.

און אַז מען האָט געפרעגט דעם ווילנער גאון זצ"ל: מען זאָגט אַז אין דער תורה זיינען פאַראַן רמזים, אָנדייטונגען, אויף אַלע תרי"ג מצוות, וואו געפינט זיך אין דער תורה אַ רמז אויף דער מצוה פון פדיון הבן? האָט דער גאון ז"ל געענטפערט, אַז דער רמז געפינט זיך אין דעם סאַמע ערשטען וואָרט אין דער תורה, נעמליך, די אותיות פון „בראשית" מאַכען: בן ראשון אחר שלשים יום תפדה — אויב דאָס ערשט־געבוירענע קינד איז אַ אינגעלע דאַרף מען איהם אויסלייזען נאָך דרייסיג טעג.

און אין דער צייט פון די „ויכוחים", ווען די שונאי ישראל האָבען געוואָלט אויסראָטען די אידען צוזאַמען מיט דער תורה, האָט אַ טרויעריג באַריהמטער בישאָף אויפגעפאָדערט דעם אידישען פאָרשטעהער ער זאָל איהם באַווייזען פון דער תורה, אַז די גוי'אישע לעהרע איז אַ פאַלשע. האָט דער איד געענטפערט, אַז ער קען עס באַווייזען פון דעם סאַמע ערשטען וואָרט פון דער תורה. נעמליך, די דריי לעצטע אותיות פון דעם וואָרט בראשית, „שית", אַז מען לייענט זיי צוריקוועגס מאַכען זיי תורת ישו שקר.

וויל מען נאָך אַ ראיה אַז דער אויבערשטער האָט באַשאַפען די וועלט, געפינט מען דאָס אין דעם סאַמע ערשטען אות בי"ת. עס מאַכט, נעמליך, בניתי, יצרתי, תכנתי. און פאַרוואָס טאַקע הויבט זיך אָן די תורה מיט אַ „ב"? אָנצודייטען, אַז עס זיינען פאַראַן צוויי וועלטען, די וועלט און יענע וועלט, און אַז עס זיינען פאַראַן אַ יצר טוב און אַ יצר הרע.

ווילט איהר אַ ראיה, אַז דער ווידער וואָס אברהם האָט מקריב געווען אויף דעם אָרט פון זיין זוהן יצחק, שטאַמט פון דער וועלט־שאַפונג, געפינט איהר עס אין דעם וואָרט בראשית, נעמליך, „ברא" ער האָט באַשאַפען, און די לעצטע דריי אותיות צוריקוועגס מאַכען „תיש" — אַ ווידער.

און ווייל מען ווייסען דעם סיסטעם וואָס דער בורא עולם האָט באַנוצט ביי דער וועלט שאַפונג, געפינט מען דאָס אין דעם וואָרט בראשית, נעמליך: בניתי, רקמתי, אמצתי, שרשתי, ישבתי, תמכתי: איך האָב געבויט, געוועבט, געשטאַרקט, פאַרוואָרצעלט, באַזעצט, אונטערשטיצט (די וועלט).

איז איינער אַן עקשן און וויל דוקא אַ באַווייז, אַז שוין ביי דער וועלט־שאַפונג איז אַנגעדייטעט געוואָרען, אַז מען דאַרף היטען שבת, איז זאָל ער ווייסען, אַז דער רמז געפינט זיך שוין אין דעם וואָרט בראשית, נעמליך דאָס וואָרט אַנטהאַלט די ווערטער „ירא שבת".

ווייל מען אַ ראיה אַז שוין ביי בריאת העולם האָט כביכול אין זינען געהאַט אַז די אידען וועלען מקבל זיין די תורה, געפינט מען עס אין דעם סאַמע ערשטען וואָרט פון דער תורה. בראשית מאַכט בראשונה ראה אלקים שיקבלו ישראל תורה — באַלד צום אָנהויב האָט דער אויבערשטער געזעהען אַז די אידען וועלען מקבל זיין די תורה.

און טאָמער נויטיגט זיך איינער אין אַ רמז פון בריאת העולם אויף די תרי"ג מצוות, און אַז מען דאַרף זיי לערנען די קינדער, איז זאָל ער ווייסען, אַז דער „ש" פון דעם וואָרט בראשית מאַכט שננתם (לבניך), און די אַנדערע אותיות, נעמליך, ברא־ית באַטרעפען זעקס הונדערט און דרייצעהן.

אָט דאָס אַלץ וואָס איך ברענג דאָ וועגען דעם איינעם וואָרט „בראשית", איז ווי אַ טראָפּען אין ים פון דעם וואָס ווערט געבראַכט אין ספרים וועגען דעם. וועלען מיר אַ קוק טהון ווי עס איז צוגעגאַנגען ביי דער וועלט־שאַפונג. די סדרה דערצעהלט אונז, אַז צווישען די אַנדערע גוטע זאַכען האָט דער אויבערשטער באַשאַפען די צוויי גרויסע ליכטער: די זון צו געוועלטיגען בייטאָג, און די לבנה צו געוועלטיגען ביינאַכט. און ביידע זיינען געווען גלייך. האָט די שטילינקע, בלאַסינקע לבנה זיך געווענדעט צום באַשעפער פון דער וועלט מיט אַ טענה, סטייטש: „אין שני מלכים משתמשים בכתר אחד", צוויי קעניגע קענען ניט הערשען מיט איין קרוין, און זי האָט געפאָדערט, אַז איינער זאָל זיין גרעסער. האָט כביכול זי באַלד פאַרקלענערט. וואָרום ווי זאָגט דער בעל התהלים, „בור כרה ויחפרהו, ויפול בשחת יפעל" — אַז מען גראָבט אַ גרוב פאַר אַן אַנדערען, פאַלט מען אַליין אַריין. די לבנה איז אויסען געווען, אַז די זון זאָל פאַרקלענערט ווערען, איז זי גאָר פאַרקלענערט געוואָרען. האָט זי זיך געפיהלט שטאַרק דערשלאָגען. איז דאָך אָבער דער אויבערשטער אַ בעל הרחמים, האָט ער איהר צוגעגעבען די שטערען.

זעהען מיר דערפון, אַז קנאה איז שוין אַזוי אַלט ווי די וועלט־שאַפונג אַליין. אָבער מיר זעהען אויך, אַז עס לוינט זיך ניט, אַז דער בעל־קנאה באַצאָהלט טייער דערפאַר. אַזוי געפעהרליך איז קנאה, אַז עס האָט געפיהרט צום ערשטען מאָרד אין דער וועלט. צוליב קנאה האָט דאָך קין געטויטעט זיין אייגענעם ברודער הבל. צוליב קנאה האָבען דאָך די ברידער פאַרקויפט יוסף'ן. און אונזערע חכמים ז"ל, האָבען שוין אויפמערקזאָם געמאַכט, אַז קנאה איז איינס פון די דריי זאַכען וואָס רואינירען דעם מענשען.

און אַז מיר קוקען זיך צו, זעהען מיר, אַז דער אמת גרויסער מענש איז ניט מקנא. די זון, די שטראַלענדיגע, פייערדיגע זון, האָט ניט מקנא געווען. דער ראַפינירטער הבל האָט ניט מקנא געווען. דער צדיק יוסף האָט

ניט מקנא געווען. מקנא איז שטענדיג דער קלענערער. וואָלטען בעלי קנאה געדאַרפט וויסען, אַז ערשטענס וועט עס זיי גאָרניט העלפען. צווייטענס, אַז זיי קענען נאָך אַמאָל באַצאָהלען טייער דערפאַר.

און וואָס אייגענטליך, איז דער אורשפּרונג פון קנאה? כבוד! איז ערשטענס „כל המחזר על הגדולה, הגדולה בורחת ממנו, וכל הבורח מן הגדולה, הגדולה מחזרת עליו", ווער עס לויפט נאָך נאָך כבוד, אַנטלויפט דער כבוד פון איהם, און ווער עס אַנטלויפט פון כבוד, לויפט דער כבוד איהם נאָך. צווייטענס, וואָס פאַר אַ ווערט האָט כבוד איבערהויפּט?

ווען ר' שמעלקע ז"ל, איז אויפגענומען געוואָרען אַלס רב אין ניקעלס־בורג, האָט די גאַנצע געמיינדע איהם צוגעטיילט גרויס כבוד. ווען אַ צאָהל חשובע בעלי בתים האָבען איהם באַגלייט אַהיים, האָט דער רב געעפענט די טיר און אויסגעשריגען אויף דעם קול, פונקט ווי דער שמש טהוט עס: „ברוך הבא, ר' שמעלקע!" דאַן האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין: „זעצט זיך אַנידער אויבען אָן ר' שמעלקע", און פאַר אַ ווילע כסדר האָט ער געהאַלטען אין איין צוטיילען כבוד זיך אַליין. די בעלי בתים זיינען שטאַרק איבערראַשט געוואָרען און האָבען זיך אַביסעל דערשראָקען. האָבען זיי געבעטען דעם רב ער זאָל זיי ערקלעהרען די באַדייטונג פון דער דאָזיגער מאָדנער אויפפיהרונג. האָט דער רב זיי געענטפערט: „שרעקט זיך ניט, איך בין ברוך השם ביים ריינעם זינען. איך פאָלג בלויז די רייד פון אונזערע חכמים ז"ל. זיי האָבען געזאָגט: „יהי כבוד חברך חביב עליך כשלך", מיינט עס אַזוי: זאָל דער כבוד וואָס מענשען טיילען דיר צו, זיין ביי דיר אַזוי באַליבט ווי דער כבוד וואָס דו אַליין טיילסט דיר צו. וויל איך אייך בלויז ווייזען וואָס פאַר אַ ווערט דער גאַנצער כבוד האָט ביי מיר".

און די היינטיגע סדרה דערצעהלט אונז, ווי אַזוי די שאַפונג פון דער וועלט איז פאָרגעקומען, די באַשאַפונג פון דעם ערשטען מענשען, און ווי דער מענש האָט באַלד געזינדיגט. אַזוי איז שוין די טבע פון דעם מענשען. ער האָט אַ יצר הרע, און עס קומט איהם אָן זעהר שווער איהם צו באַהערשען. דאַרף מען גוט אין זינען האָבען, אַז „לפתח חטאת רובץ ואליך תשוקתו". טייטשט דער דובנער מגיד ז"ל אַזוי: דער שטייגער פון דער וועלט איז, אַז דער וואָס שטעהט ביי דער טיר, נעמליך, דער אָרימאַן, באַגנוגענט זיך מיט אַ קלייניגקייט, מיט אַ קליינע מטבע. אָבער דער יצר הרע, ער שטעהט ביי דער טיר „ואליך תשוקתו", און ער פאַרלאַנגט דיך אינגאַנצען, ער וויל דיין גוף און דיין נשמה.

איז געגען יצר הרע פאַראַן בלויז איין סגולה — עבודת הבורא, דיענען דעם אויבערשטען. און דער רבי ר' בער ז"ל, האָט געזאָגט, אַז אין דעם ענין פון דיענען דעם אויבערשטען דאַרף דער מענש אָפּלערנען דריי זאַכען פון אַ קינד און זיבען זאַכען פון אַ גנב. אַקינד איז תמיד פרעהליך, עס זיצט ניט קיין סעקונדע ליידיג, וויינט פאַר יעדער זאַך וואָס עס וויל. און פון אַ גנב דאַרף מען זיך אָפּלערנען פאָלגענדע זיבען זאַכען: ער באַשעפטיגט זיך בלויז ביינאַכט; געלינגט איהם ניט איין נאַכט, פּרובירט ער די צווייטע נאַכט; ער איז זיך מוסר נפש פאַר דער קלענסטער זאַך; דאָס ווערטפולסטע געג'גנב'עטע אַרטיקעל האָט ביי איהם אַ קליינעם ווערט, און ער פאַרקויפט

עס פאַר אַ קלייניגקייט; ער איז שטענדיג גרייט אַריינצוכאַפּען קלעפּ, געפּיי־ניגט און פאַרשוואַרצט צו ווערען; עס הערשט צווישען זיי אחדות, איבער־געגעבענקייט און חבר׳שאַפט; זיי האָבען ליב זייער פאַך און ווילען עס ניט אויפגעבען.

איז דעריבער גוט און וואויל דעם וואָס קען אָנווענדען די דאָזיגע צעהן מיטלען אין עבודת הבורא, און ער האָט שוין ניט וואָס מורא צו האָבען פאַר דעם יצר הרע.

און גאָר גוט איז, אַז מען איז אַליין בכוח גובר צו זיין דעם יצר הרע, ווארום אייגענס איז געשמאַקער, און שטעלט מעהר צופרידען. ווי באַוואוסט איז דער מינסקער „גדול״, ר׳ ירוחם לייב ז״ל, געווען אַ שניידער׳ס אַ זוהן. זיצענדיג אַמאָל מיט עטליכע רבנים וואָס האָבען געשטאַמט פון יחוס׳דיגע פאַמיליעס, פון מעהרערע דורות רבנים, האָבען זיי געוואָלט אַ „טשעפּע״ טהון דעם „גדול״. טהוט איין רב אַ זאָג: מיין פאָטער ז״ל האָט אויף דער און דער קשיא געזאָגט דעם און דעם חידוש״, און אַזוי יעדער איינער פון זיי האָט נאָכגעזאָגט אַ שטיקעל תורה פון זיין פאָטער. ווען זיי האָבען געענדיגט, האָט דער „גדול״ זיך אָנגערופען: „און מיין פאָטער ז״ל האָט געזאָגט, אַז אַן איבערגעניצעוויטער מלבוש טויג אויף כפרות״, און ער האָט אָנגעהויבען צו זאָגען אייגענע שאַרפע תורה.

# נח

די סדרה פון יענער וואָך, נעמליך „בראשית", ענדיגט זיך מיט „ונח מצא חן בעיני ה'", נח האָט געפונען חן ביים אויבערשטען. און דער ערשטער פסוק פון דער היינטיגער סדרה דערצעהלט אונז: „נח איש צדיק תמים היה בדורותיו, את האלקים התהלך נח", אַז נח איז געווען אַ צדיק, אַ פערפעקטער מענש, מיט אַלע גוטע מעלות, אין זיין צייט, און ער איז געגאַנגען אין דעם אויבערשטענ'ס וועגען. איז וואויל און גוט דעם מענשען אויף וועלכען מען קען זאָגען אַזעלכע געהויבענע שבחים, און בפרט נאָך ווען די תורה אַליין זאָגט עס. איז אַז מען קוקט גוט אַריין אין דער סדרה, זעהט מען אַז די תורה זאָגט איהם נאָך צוויי ספעציפישע מעלות, נעמליך, „תמים היה בדורותיו" און „את האלקים התהלך נח". זאָגט דערויף ר' יצחק וואָלאָזשינער ז"ל אַ טייער וואָרט: נח האָט פאַרדינט דעם טיטול „איש צדיק" דערפאַר וואָס ניט נאָר „את האלקים התהלך נח", ניט נאָר איז ער געווען אַ צדיק צום רבונו של עולם, נאָר אויך ווייל „תמים היה בדורותיו", אויך צו מענשען איז ער געווען אַן עהרליכער, אַ פערפעקטער מענש. און דאָס איז אַ געוואַלדיג הויכע מדרגה.

און כאָטש נח שטעהט אויף אַזאַ הויכער מדרגה, איז פונדעסטוועגען פאַראַן וועגען איהם אַ מיינונגס־פאַרשידענהייט אין גמרא (סנהדרין קח, א): איין מיינונג טייטשט דעם „בדורותיו", אַז בלויז אין זיין דור איז ער געווען אַ צדיק. זיין דור איז געווען אַזוי זינדיג, אַז אין פאַרגלייך מיט זיי איז ער געווען אַ צדיק. אָבער ווען ער זאָל געווען לעבען אין אברהם אבינו'ס צייטען, למשל, וואָלט ער ניט געווען געהייסען קיין צדיק. דאָס דערמאָנט אונז, אגב, אין אַ מעשה שהיה. עס איז אַמאָל געשטאָרבען אַ מאַן וואָס איז ניט געווען אַזאַ אַי, אַי, אַי, אָבער צוליב געוויסע אורזאַכען האָט מען איהם געמוזט מספיד זיין און זאָגען אויף איהם שבחים, האָט דער מספיד געזאָגט: „אין פאַרגלייך מיט זיין טאַטען, איז ער געווען אַ צדיק".

אַן אַנדער מיינונג טייטשט דעם „בדורותיו": אפילו אין זיין דור, וואָס איז געווען אַזוי זינדיג, איז ער געווען אַ צדיק. וואָלט ער געווען געלעבט אין אַ דור פון צדיקים, וואָלט ער געווען געווען נאָך אַ גרעסערער צדיק. אַזוי צי אַזוי, אָבער דער פאַקט בלייבט אַז נח איז געווען אַ צדיק, עהרליך צו דעם אויבערשטען און צו לייט.

און די היינטיגע סדרה הויבט זיך אָן מיט „אלה תולדות נח", דאָס זיינען נח'ס קינדער. און איידער די סדרה הויבט אָן אויסצורעכענען די קינדער, דערצעהלט זי אונז אַז ער איז געווען אַ צדיק... זאָגען דערויף אונזערע חכמים און רש"י ז"ל אויף דעם אָרט, אַז דאָס איז דערפאַר ווייל דעם צדיק'ס קינדער זיינען זיינע גוטע מעשים. און דער „איד הקדוש" זצ"ל באַמערקט: פרעגט יעדען פאָטער „וואָס ביזטו אַזוי פאַרהאָרעוועט, פאַריאָגט, תמיד באַ־

שעפטיגט, פארנומען?״ וועט ער איך ענטפערען „וואס הייסט פארוואס? פאר די קינדער!״ פאר זיך אליין דארף ער גארניט, נאר פאר די קינדער. כאטש זעהר זעלטען שטעלען קינדער צופרידען די עלטערען, זיי זאלען זיין דאס וואס די עלטערען ווילען זיי זאלען זיין. דערפאר זאגט אונז די היינטיגע סדרה: „אלה תולדות נח״, נח איז געווען אביסעל אנדערש. ער האט ניט געפראצעוועט, אוועקגעגעבען דאס גאנצע לעבען, בלויז פאר די קינדער. ניין. ער האט אויך געזארגט פאר זיך, פאר זיין נשמה. ער איז געווען א צדיק, א תמים, ער האט געהארעוועט און ניט פארנאכלעסיגט זיין אייגענע נשמה. און דאס איז אויסערסט וויכטיג. ווארום ווען קינדער זעהען אז די עלטערען פיהרען זיך אידיש, ווי די תורה האט אונז געבאטען, און זיי מיינען עס מיט אן אמת, לערנען זיך די קינדער אפ, און זיי געהען אין די עלטערען׳ס וועגען.

דארפען די עלטערען טאקע פיהרען א אידיש הויז. און שפעטער וועט עס אפילו באצאהלען „דיווידענדען״. זיי וועלען קענען שפעטער אריינ־כאפען א מאלצייט ביי די קינדער, און זיך ניט דארפען „באריהמען״ אז זיי טרינקען אפילו ניט קיין גלאז וואסער ביי די קינדער, ווי עס איז ליידער דער פאקט זעהר אפט!

און געלעבט האט נח אין א זעהר ביטערער צייט, אין א דור פון גאלע רשעים, „כי מלאה הארץ חמס״. טייטשען די חכמים און רש״י ז״ל אויף דעם ארט: „לא נחתם גזר דינם אלא על הגזל״ — דער גזר דין אז זיי זאלען אומקומען אין מבול, איז געקומען צוליב זייער גזלה. איז וואס עפעס בלויז פאר גזלה? איז דאס דען געווען זייער איינציגע זינד? זאגט דערויף, דער רמב״ן ז״ל, ווייל ניט צו באַגזל׳נען, ניט צו באַרויבען דעם צווייטען איז דעם מענשען׳ס אן עלעמענטארע פליכט. עס איז אזוי פשוט, אזוי פארשטענד־ליך, אז אייגענטליך וואלט מען גאר קיינעם ניט באדארפט זאגען אז מען טאר ניט ראַבעווען, באַגזל׳נען דעם צווייטען. און אז יענער דור האט געזונ־קען צו אזא נידעריגער מדרגה ווי רויבען און גזל׳ענען, דאס האט כביכול שוין ניט געקאנט ליידען. און ר׳ יוסף שאול נאטאנזאן ז״ל גיט צו אז אויב איין מענש האט ניט קיין רחמנות אויף דעם צווייטען, און באראבעוועט איהם, איז ווי זשע קען ער ערווארטען אז דער רבונו של עולם זאל אויף איהם רחמנות האבען?

איז אויך אונזער דור לעבט, ליידער, אין א צייט פון „חמס״. איך מיין ניט חס ושלום אז אונזערע אידען זיינען גזלנים. חס וחלילה! ווי קען א איד זיין א גזלן? א איד האט זיך אפילו יא אמאל געגומען צו גזלנות, און ער איז ארויס אין וואלד אריין. אין מיטען דער נאכט האט ער דערהערט ווי מען פאהרט, איז ער ארויס צום וועג, אפגעשטעלט די רייזענדע, און... אנשטאט צו זאגען אז עס איז א „האלד אפ״, האט ער ארויסגעשטאמעלט: „אפשר האט איהר א שמעק טאבאק?״ פארט א איד, פארט א קינד פון די „רחמנים בני רחמנים״.

דער „חמס״ פון אונזער דור איז א גייסטיגער. אמאליגע צייטען האבען אידישע קינדער זיך ערצויגען אויף תנ״ך, משנה, גמרא, רש״י, רמב״ם און אזוי ווייטער. אבער, בעוונותינו הרבים, אין אונזער דור, שטעהט די גאנצע אידישקייט אויף „חמס״, אויף חומשים, מחזורים, סידורים. וואלט דאס נאך

אויך געווען אַביסעל צו דערליידען. ניט יעדער איד קען דאָך אויסוואַקסען אַ למדן, איז אָבער די צרה וואָס אַ חומש קויפט מען צוליעב דער בר־מצוה־הפטורה מיט די ברכות, און דעם מחזור מיט דעם סידור, צוליב קדיש און יזכור. איז וואָס זשע קען מען דערוואַרטען פון אַזאַ אידישקייט? איז טאַקע ביטער, און אַז עס איז ביטער איז ... כשר.

צו ר׳ יהושע׳לע קוטנער ז״ל איז אַמאָל געקומען אַ אידענע מיט אַ שאלה אויף אַן עוף, עס האָט ניט געהאַט קיין גאל. האָט דער רב אַ לעק געטהון דאָס לעבערעל, און עס איז ניט געווען ביטער. ער האָט געגעבען די דיינים אַ לעק צו טהון, און אויך זיי האָבען געזאָגט, אַז זיי פיהלען ניט קיין ביטערקייט. האָט ער געגעבען דער אידענע אַ לעק צו טהון, און זי געפרעגט: „ס׳איז ביטער?״ „אוי, רבי׳ניו״, האָט די אידענע אַ קרעכץ געטהון, „עס איז ביטער ווי דער טויט! איך בין אַן אלמנה מיט קליינע יתומים. מיין עלטערער אינגעל איז אַ וואוילער לערנער, איז ער אָבער קראַנק געוואָרען, און דער דאָקטאָר האָט געהייסען איהם געבען אַ „הינעריש יאַכיל״ (יויך), האָב איך אָפּגעשפּאָרט דעם לעצטען גראָשען. האָב איך אָבער, ניט פאַר אייך גערעדט, קיין מזל, מאַכט זיך אַ שאלה. אוי רבי׳ניו, איז עס ביטער!״ „נו, אויב ביטער״, האָט ר׳ יהושע׳לע געזאָגט, „איז עס כשר״.

און אַזאַ צדיק תמים איז געווען נח, אַז ער האָט אפילו ניט געגלויבט אַז עס וועט טאַקע קומען אַ מבול אויף דער וועלט. און אין דער תיבה איז ער אַריין „מפני מי המבול״, ווען דאָס וואַסער איז געוואָרען העכער און העכער. און אָט אויף דעם „ויבא נח... מפני המבול״ זאָגען די חכמים און רש״י ז״ל אויפ׳ן אָרט: „אף נח מקטני אמנה היה, מאמין ואינו מאמין שיבא המבול״. לויט דעם פּראָסטען פשט מיינט עס אַז נח האָט יאָ געגלויבט און ניט געגלויבט אַז עס וועט קומען אַ מבול. איז ערשטענס, ווי איז דאָס מעגליך אַז נח זאָל ניט האָבען געגלויבט? אַ „צדיק תמים״, און דער אויבערשטער זאָגט איהם „כי אותך ראיתי צדיק״, און ער איז איהם מודיע אַז ער וועט ברענגען אַ מבול, איז ווי זשע קען נח צווייפלען אין דעם? און צווייטענס, ווי איז מעגליך „מאמין ואינו מאמין״ — יאָ גלויבען און ניט גלויבען? אָדער מען גלויבט, אָדער מען גלויבט ניט. ערקלעהרט עס ר׳ יצחק וואָרקער ז״ל אויף אַזאַ אופן: נח איז געווען אַזאַ גרויסער צדיק, אַזאַ תמים, אַז ער איז אפילו געווען אַ מאמין אין די קטני אמנה, — „אף מקטני אמנה היה מאמין״, ער האָט יעדען איינעם אפילו דעם קלענסטען געהאַלטען פאַר אַן אויפריכטיגען, עהרליכען מענשען. ער האָט, נעמליך, געהאַלטען אַלע מענשען פאַר צדיקים. היינט, אַז אַלע זיינען צדיקים איז „ואינו מאמין שיבא המבול״, האָט ער, פאַרשטעהט זיך, ניט געקאָנט גלויבען, אַז עס וועט קומען אַ מבול, אַ פאַר־פלייצונג, וואָס וועט חרוב מאַכען די וועלט. איז דאָס אַ פיינער אויסטייטש. דער קאָצקער ז״ל האָט אַמאָל געזאָגט, אַז „צהר תעשה לתבה״ מיינט: דו זאָלסט אויסטייטשען דאָס וואָרט מיט דעם ליכטיגען אמת.

און דער צדיק נח האָט טאַקע געמיינט מיט אַן אמת אַז אַלע מענשען זיינען צדיקים. וואָרום דער שטייגער פון דעם מענשען איז צו דענקען פון דעם אַנדערען וואָס ער דענקט פון זיך. אין רבי לוי יצחק בערדיטשעווער׳ס ז״ל אויגען איז יעדער איד געווען אַ צדיק, ווייל זיין כונה איז געווען בלויז צום

גוטען. און כונה איז אַ געוואַלדיג וויכטיגער ענין, אפילו אין דער קלענסטער קליינינגקייט, אפילו אין אַ פּשוט ניגון׳דעל. אַט הערט אַ מעשה שהיה:

דער ראַדזינער רבי, ר׳ גרשון העניך ז״ל, האָט געהאַט אַ געוואוינהייט אַרומצושפּאַצירען איבער דעם צימער און זיך צוזינגען אַ טרויעריגען טאָן „באָם, באָם, באָם״. אַ געוויסער „פריידענקער״ (מענשען וואָס זיינען „פריי״, אָבער ניט קיין „דענקער״) וואָס פלעגט פיהרען מיט דעם רבי׳ן חקירות וועגען רעליגיע האָט געהערט איין מאָל נאָך אַ „דעבאַטע״, ווי דער רבי זינגט זיך צו דעם „באָם באָם״, האָט ער זיך צעלאַכט. „וואָס אייגענטליך לאַכט איהר?״, האָט דער ראַדזינער אַ פרעג געטהון, און דער אפיקורס האָט געענטפערט: „איך לאַך, ווייל וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט אַ ניגון וואָס באַשטעהט בלויז פון „באָם באָם״. „וואָס הייסט וואָס פאַר אַ באַדייטונג?, האָט דער רבי זיך אָנגערופען, „עס איז דאָך אַ בפירוש׳ער פּסוק אין דער תורה, ׳ודברת בם׳״!

מיט אַ צייט שפּעטער האָט דער אַפּיקורס, שמועסענדיג מיט דעם רבי׳ן, ווידער געהערט דעם ניגון, און ער אַליין האָט אָנגעהויבען צו קלאַפּען מיט די פינגער אויף דעם טיש, און אַליין אָנגעהויבען אונטערצוזינגען דעם טאָן „באָם באָם״. „הא, וואָס זינגט איהר עפּעס ,באָם באָם׳, וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָבען דען די דאָזיגע ווערטער?״, האָט דער רבי אַ פרעג געטהון, און דער אפיקורס האָט געענטפערט: „דער רבי האָט דאָך אַליין געזאָגט, אַז עס איז אַ בפירוש׳ער פּסוק אין דער תורה ,ודברת בם׳!״ „אמת״, — האָט דער רבי געענטפערט, „עס שטעהט אָבער „צדיקים ילכו בם״, ופושעים יכשלו בם״ — עס ווענדעט זיך אין דער כונה״.

איז טאַקע כונה אויסערסט וויכטיג. וואָרום ניט די זאַך וואָס מען טהוט איז וויכטיג, נאָר די כונה וואָס מען האָט ביים טהוען די זאַך איז דער עיקר. אפילו ווען עס קומט צו דאַווענען, איז ניט דאָס דאַווענען גופא די הויפּט זאַך, נאָר די כונה וואָס מען האָט ביי דעם דאַווענען איז דער עיקר. קיין בערדיטשעוו איז אַמאָל געקומען אַ באַריהמטער חזן צו דאַווענען. נאָך דעם דאַווענען איז דער חזן געגאַנגען צום רבי׳ן ר׳ לוי יצחק ז״ל נעמען שלום. האָט דער בערדיטשעווער איהם געפרעגט וואָס ער טהוט אין בערדיטשעוו, און דער חזן האָט געענטפערט אַז ער איז אַ חזן, און ער איז געקומען קיין בערדיטשעוו דאַווענען. „איז פאַרוואָס זשע זענט איהר גאָר הייזעריג?״, האָט דער רבי געפרעגט. און דער חזן האָט געענטפערט: „בעת איך האָב געדאַוועגט ,פאַר דעם עמוד׳ האָב איך זיך צוגעקיהלט״. „האָט דער בערדיטשעווער זיך אָנגערופען מיט אַ שמייכעל: „וואָלט איהר געווען געדאַווענט פאַר דעם ,רבונו של עולם׳ וואָלט איהר ניט געווען געוואָרען הייזעריג״. יאָ, פון אַ קאָנצערט וואָס מען גיט מיט דעם האַלז, קען מען טאַקע אַמאָל ווערען הייזעריג, אָבער פון אַ תפלה וואָס מען דאַווענט מיט האַרץ, מיט נשמה, ווערט מען ניט הייזעריג.

וואָרום ניט ווערטער, נאָר די כונה, וואָס קומט פון דעם האַרץ און פון דער נשמה, איז דער עיקר. ר׳ דוד׳ל טאַלנער ז״ל האָט אַמאָל פּסח ביי דעם סדר געזאָגט צו זיינע חסידים: „די הגדה לערענט אונז אַ גאָר וויכטיגען כלל וואָס יעדער מענש וואָלט באַדאַרפט שטענדיג אין זינען האָבען, נעמליך: „כרפס״ זיינען די ראשי תיבות (די ערשטע אותיות) פון כלל ראשון פה

סתום. דאָס ערשטע וואָס יעדער מענש דאַרף וויסען איז צו האַלטען דאָס מויל פאַרמאַכט, ניט רעדען צופיעל. און טאָמער וויל ער שוין יאָ עפּעס זאָגען, איז „יחץ־מגיד“ — זאָל ער זאָגען בלויז אַ העלפט“. איז דאָס טאַקע אַ טייערע עצה. וואָרום פון צו פיעל רעדען, פון גלאַט רעדען, איז נאָך קיינעם ניט ארויסגעקומען קיין גוטס. און פון שווייגען האָט נאָך קיינער ניט געהאַט קיין חרטה.

און די הייַנטיגע סדרה דערצעהלט אונז, צווישען אַנדערע זאַכען, אַז נח האָט אַריינגענומען אין דער תיבה „שנים שנים“, צו צוויי. וועל איך אייך איבערגעבען אַן אינטערעסאַנטען מדרש:

דער מדרש תהלים (שוחר טוב) דערצעהלט, אַז ווען די פּאָרלעך האָבען זיך פאַרזאַמעלט אַרום דער תיבה, איז אויך „שקר“ געקומען, און ער האָט געוואָלט אַריינגעהן אין דער תיבה אריין, האָט איהם אָבער נח ניט אַריינגע־לאָזט, וויַיל ער איז געקומען אַליין, אָהן אַ פּאָר. איז „שקר“ אַוועק, און ער האָט ארומגעבלאָנדזשעט איבער די גאַסען אַ טרויעריגער, ממש מיט טרערען אין די אויגען. איז געהענדיג אַזוי האָט ער באַגעגענט „שלים מזל“. פרעגט שקר דעם שלים־מזל: „פון וואַנען געהסטו?“ און שלים־מזל האָט געענטפערט: „איך קום פון נח׳ס תיבה, ער האָט מיך ניט געוואָלט אַריינלאָזען, סיידען איך וועל ברענגען אַ פּאָר“. האָט זיך שקר אָנגערופען: „גוט ווי די וועלט, איך האָב אַ גוטע עצה, לאָמיר זיך ביידע פאַראייניגען און געהן צו נח׳ן און איהם זאָגען אַז מיר זיינען איין פּאָרעל; קען דען זיין אַ פּאַסענדער פּאָרעל ווי שקר מיט שלים־מזל?“ האָט שלים־מזל מסכים געווען, אָבער זיי האָבען פריהער אָפּגעשלאָסען אַ קאָנטראַקט אַז וואָס שקר וועט פאַרדינען זאָל שלים־מזל צונעמען. האָט זיי נח טאַקע אַריינגענומען. אָבער מיר לערנען דערפון, אַז וואָס מען פאַרדינט מיט שקר, נעמט שלים־מזל צו.

איז ווי מיר ווייסען איז נח מיט זיין פאַמיליע ניצול געוואָרען פון דעם מבול. און אַזוי ווי נח איז אַרויס פון דער תיבה, האָט ער געפלאַנצט אַ וויינגאָרטען. איז געקומען דער שטן, און האָט איהם פאָרגעשלאָגען אַז ער זאָל איהם צונעמען פאַר אַ שותף. האָט נח מסכים געווען. אַז דער שטן שפּאַרט זיך איין, איז דאָך ניט שייך. איז ער דאָך אָבער פאָרט אַ שטן, איז צום אַלעם ערשטען האָט ער געבראַכט אַ שעפּס און איהם געשאָכטען, און מיט דעם בלוט האָט ער באַשפּריצט דעם פאַרפלאַנצטען וויינשטאָק. נאכהער האָט ער געבראַכט אַ לייב און איהם געשאָכטען, און דאַן האָט ער געבראַכט אַ חזיר, און מיט די בלוטען האָט ער באַשפּריצט דעם וויינגאָרטען. אַז מען שמועסט „שטן“, איז דאָך ניט שייך. אָבער דערפון לערנען מיר דאָך עפּעס אָפּ, נעמליך: אַז איינער טרינקט אויס אַ גלעזעלע וויין, איז ער פיין, ליבליך און געמיטליך ווי אַ שעפּסעלע. עס ווערט איהם אַביסעלע פרעהליך אויף דעם האַרצען, אָבער ער איז דאָך ווי אַ שעפּסעלע, „ער האַלט פּאַסאַן“. טרינקט ער נאָך אַ גלעזעלע, מאַכט עס איהם מונטער, ער באַקומט קוראַזש, און פיהלט זיך שטאַרק ווי אַ לייב. קוים אָבער טרינקט ער אַ דריטען כוס, און אַ פערטען, ווערט ער שוין ווי אַ חזיר וואָס וואַלגערט זיך אין בלאָטע. איז טאַקע אַביסעלע וויין גאַנץ גוט, אָבער עס דאַרף זיין מיט אַ מאָס. טרינקט מען מיט אַ מאָס, איז עס גאַנץ גוט. כאַפּט מען איבער די מאָס טויג עס ניט. און דאָס האָב

איך ניט אויסגעטראַכט, נאָר אַזוי זאָגט דער מדרש אבכיר. און אַז דער מדרש זאָגט מעגט איהר זיך דערויף פאַרלאָזען. אַי זיינען זיי געווען קלוג, אונזערע חכמים ז״ל! אַז מען זאָגט חכמים, איז דאָך ניט שייך!

האָט אָבער נח נאָך ניט געוואוסט פון דעם מדרש אבכיר, האָט ער טאַקע איבערגעכאַפּט די מאָס און „וישת מן היין וישכר״, ער האָט געטרונקען איין גלעזעלע און נאָך אַ גלעזעלע... און ער איז געוואָרען שיכור. איז וואָס מיט איהם האָט פּאַסירט, דערצעהלט אונז די סדרה. אָבער איך וועל אייך דערצעהלען אַ גוט ווערטעל:

ר׳ אביש פראַנקפורטער ז״ל איז געווען אַ זעהר גוטע נשמה, ממש אַ מזג טוב. ער האָט קיינמאָל קיינעם גאָרניט אָפּגעזאָגט. איז אַמאָל געקומען צו איהם אַ איד, וואָס האָט דוקא ניט פיינט געהאַט דעם „ביטערען טראָפּען״, און ער האָט איהם געבעטען ער זאָל איהם געבען אַ בריוו, אַז מען זאָל איהם אַרויסהעלפען ווייל ער דאַרף חתונה מאַכען אַ טאָכטער, און ר׳ אביש האָט תיכף ערפילט זיין בקשה. דער בריוו האָט איהם פיעל געהאָלפען. יעדער איינער האָט איהם געגעבען אַ שעהנע מטבע, אָבער ער האָט דאָס געלט באַלד פאַרטרונקען. איינמאָל האָט ער באַקומען אַ גרויסע נדבה, האָט ער זיך שטאַרק אָנגעשיכור׳ט, און דער בריוו איז נעלם געוואָרען. איז ער אַוועק צו ר׳ אביש׳ן, און מיט טרעהרען אין די אויגען האָט ער געבעטען אַ צווייטען בריוו. ר׳ אביש האָט זיך דערוויל דערוואוסט פון זיין שכרות, האָט ער צו איהם געזאָגט: „איך האָב זיך שטענדיג געוואונדערט פאַרוואָס זאָגט מען „שיכור ווי לוט?״. נח איז דאָך געווען דער ערשטער שיכור, וואָלט מען דאָך באַדאַרפט זאָגען „שיכור ווי נח?״ נאָר דער תירוץ איז, נח האָט געהאַט זיהן, האָט ער געמעגט טרינקען. ער האָט ניט באַדאַרפט זאָרגען פאַר נדן. אָבער לוט, ער האָט דאָך געהאַט טעכטער, דאַרף מען זאָרגען אויף נדן, חתונה הוצאות און אַזוי ווייטער, טאָר מען ניט שיכור׳ן״.

# לך לך

דער אויבערשטער האָט געזאָגט אברהם׳ען „לך לך״ — געה, פאַרלאָז דיין לאַנד, דיין געבורטס־אָרט, און דיין פאָטער׳ס הויז. ווייסען מיר דאָך, אַז וואַנדערען איז ניט אַזאַ גוטע זאַך. די חז״ל זאָגען דאָך, אַז „הדרך גורמת לשלשה דברים, ממעטת פריה ורביה, וממעטת את הממון, וממעטת את השם״, וואַנדערען פאַרמינערט דריי זאַכען: עס שטערט צו פאַרמעהרען די פאַמיליע, עס קאָסט געלט, און עס לאָזט ניט פאַרגרעסערען דעם נאָמען. איז ווי זשע קומט עס וואָס דער רבונו של עולם האָט געהייסען אברהם׳ען וואַנדערען? איז אַז איהר וועט אַ חשבון טהון, וועט איהר זעהען, אַז די אותיות פון „לך לך״ באַטרעפען הונדערט. האָט כביכול געגעבען אברהם׳ען אַ רמז, אַז צו הונדערט יאָהר וועט ער ווערען דער פאָטער פון אַ זוהן. וואָרום „משנה מקום משנה מזל״, אַז מען ענדערט דאָס אָרט, ענדערט זיך דאָס מזל — צום גוטען.

און פאַרוואָס שטעהט „לך לך״ — געה צו דיר? עס וואָלט דאָך באַדאַרפט שטעהן „לך״ — געה? זאָגט דערויף דער „עוללות אפרים״, אַז דער וואָס געהט קיין ארץ ישראל, דער געהט צו זיך זעלבסט. וואָרום, זאָגט דער „כלי חמדה״, דאָס לאַנד ישראל איז באַשטימט געוואָרען פון דער השגחה העליונה פאַר דעם פאָלק ישראל. עס איז אַ זיווג, און איינער קען ניט לעבען אָהן דעם אַנדערען. דאָס פאָלק ישראל און דאָס לאַנד ישראל קענען ניט לעבען איינער אָהן דעם אַנדערען. איז ווען דאָס פאָלק ישראל זיצט אין דעם לאַנד ישראל, איז עס „מצא מין את מינו״. ווען אַ איד קומט קיין ישראל געפינט ער זיין אייגענעם „איך״. מיר ווייסען דאָך אַז „כל הדר בחוץ לארץ דומה כמי שאין לו אלוה״, ווער עס וואוינט אויסערהאַלב ישראל איז גלייך ווי ער האָט ניט, רחמנא לצלן, קיין באַשעפער. דעריבער האָט דער אויבער־שטער געזאָגט צו אברהם׳ען: אויב דו ווילסט קומען צו זיך, איז לך־לך — געה צו דיין אייגענעם שורש; מוזטו געהן „אל הארץ אשר אראך״, אין דעם לאַנד וואָס איז באַשטימט געוואָרען פאַר דיר. נאָר אין דעם לאַנד ישראל, אין דיין אייגען לאַנד, קענסטו געפינען זיך אַליין. נאָר אין דיין לאַנד ישראל וועסטו געפינען דיין תיקון, און זיין אַ עם ישראל.

און כאָטש וואַנדערען איז ניט גוט, סאַי פאַר דעם יחיד און סאַי פאַר אַ פאָלק, איז וועגדעט זיך אָבער וואוהין מען וואַנדערט. אין דער צייט פון חורבן בית שני זיינען געווען אָרום זעקס מיליאָן אידען. וואָלט דאָך היינט געדאַרפט זיין כאָטש אַ הונדערט מיליאָן אידען. האָבען אָבער די פּאָגראָמען און שחיטות אויף אידען אין אַלע דורות שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז די אידען זאָלען זיך ניט פאַרמעהרען. מיר אידען זיינען אַ זעהר אַרבייטזאַם און פלייסיג פאָלק. וואָלטען מיר דאָך היינט צו טאָג געדאַרפט זיין דאָס רייכסטע פאָלק אין דער וועלט. איז אָבער דער פאַקט ניט אַזוי. געוויס זיינען פאַראַן רייכע אידען, אָבער דאָס זיינען בלויז יחידים. דאָס פאָלק אַלס אַ גאַנצעס, איז אָרים

ווי די נאַכט. לויט אונזערע אויפטוהונגען וואָלטען מיר דאָך געדאַרפט זיין דאָס באַריהמטסטע פאָלק אין דער וועלט. אין פּראָפּאָרציע האָבען מיר דאָך אַרויסגעגעבען די גרעסטע וויסענשאַפטלער, מוזיקער, און אַזוי ווייטער, און צום סוף זיינען מיר גאָר דאָס נידעריגסטע פאָלק אין דער וועלט, און ווער עס וויל מאַכט אונז צו שאַנד און צו שפּאָט, ללעג ולקלס. איז דערפאַר, זאָגט הרב יצחק נוסענבוים ז״ל, האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו אברהם׳ען „לך־לך מארצך... אל הארץ אשר אראך״ — נאָר אין דעם לאַנד ישראל וועסטו געפינען דיין רעטונג. דאַן וועלען אפילו די אומות־העולם אַנערקענען אַז דו ביסט אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך, און אפשר נאָך גרעסער.

איז אָנגעהויער וויכטיג, אַז מיר אידען זאָלען אין זינען האָבען, אַז אָהן דעם לאַנד ישראל קען ניט זיין קיין פאָלק ישראל, אין דעם זין, אַז די גאַנצע וועלט, אַלע פעלקער, זאָלען צוגעבען, אַז דאָס פאָלק ישראל איז ניט גלאַט אַבי ווער. איז ביז היינט צו טאָג האָבען מיר אידען געהאָלפען פרעמדע פעלקער. אונזערע באַריהמטע וויסענשאַפטלער האָבען געהאַלטען אין איין ערפינדען נייע זאַכען, אָבער דאָס איז אַלץ געוועזען לטובת די אומות העולם. און „כרמי שלי לא נטרתי״. זיך אַליין, דאָס פאָלק ישראל, האָבען מיר ניט אין זינען געהאַט. און דאָס איז געוועזען אונזער גרעסטער פעהלער. האָט אַ אידישער געלעהרטער געמאַכט אַ וויכטיגע ערפינדונג, האָט עס ניט געהייסען, אַז אַ איד האָט עס געמאַכט, נאָר אַז פּראָפעסאָר אַזוי און אַזוי האָט עס געמאַכט. איז ער געוועזען אַ רוסישער בירגער, האָט עס געהייסען, אַז דער רוסישער געלעהרטער אַזוי און אַזוי האָט געמאַכט די און די ערפינדונג. איז ער געוועזען אַ דייטשער בירגער האָט עס געהייסען, אַז דער דייטשער געלעהרטער אַזוי און אַזוי האָט געמאַכט די וויכטיגע ערפינדונג. עס האָט אָבער קיינמאָל ניט געהייסען אַז דער איד אַזוי און אַזוי האָט געמאַכט די דאָזיגע וויכטיגע ערפינדונג.

איצט, אָבער, אַז מיר האָבען שוין ברוך השם צוריק אונזער אייגען לאַנד, וועט עס שוין זיין אַנדערש. אַז אַ ישראל־געלעהרטער וועט מאַכען אַן ערפינדונג, און די וועלט וועט קלינגען, אַז אַ ישראל געלעהרטער האָט געמאַכט אַ וויכטיגע ערפינדונג, וועט די גאַנצע וועלט וויסען אַז ער איז אַ איד.

דאַרפען מיר אָבער אין זינען האָבען עטליכע זאַכען. ערשטענס דאַרפען מיר אין זינען האָבען, אַז מיר זיינען דאָס אָרימסטע פאָלק אין דער וועלט, כאָטש עס זיינען פאַראַן איינצעלנע רייכע אידען. מען האָט אַמאָל איינעם געפרעגט: „וועלכער שטיין איז דער שווערסטער?״ האָט ער געענטפערט: „דער שווערסטער שטיין אין דער וועלט״, איז צו שטעהן פאַר אַ גביר און בעטען אַ נדבה״. און נאָך שווערער איז אַז מען דאַרף דעם גביר בעטען אַ נדבה פאַר דעם לאַנד ישראל. איז דאָס טאַקע זעהר טראַגיש. אָבער איצט, אַז ישראל איז ניט מעהר בלויז אַ חלום, נאָר טאַקע אַ ווירקליכקייט, איז צו האָפען, אַז אונזערע גבירים וועלען אויך אַנדערש ווערען.

צווייטענס מוזען מיר געדענקען, אַז צוערשט דאַרף מען אין זינען האָבען אונזער לאַנד ישראל. יעדער איד וועמען דאָס לאַנד און די עקזיסטענץ פון דעם פאָלק ישראל זיינען טייער, דאַרף זיין באַרייט צו פאַרציכטען אויף זיין אייגענעם פאַרמעגען און העלפען אונזער לאַנד און אונזער פאָלק.

ביי אידען זיינען פֿאַראַן צוויי באַגריפֿען, „דין" און „רחמים". זיינען אַמאָל געקומען צום רבי'ן ר' נפֿתלי ראָפּשיצער ז"ל אויף יום טוב מעהר חסידים ווי מען האָט ערוואַרטעט, און עס איז ניט געווען גענוג חלות. איז דער גבאי געווען אין אַ פֿאַרלעגענהייט, ווייל ער האָט ניט געהאַט גענוג חלות פֿאַר יעדען איינעם. האָט דער רבי געזאָגט צו דעם פֿאַרזאָרגטען גבאי: „דו שנייד ‚דין' און בעט דעם עולם צו עסען מיט ‚רחמים', וועט סטייען פֿאַר אַלע". יאָ, איצט איז די צייט צו שניידען דין און צו עסען מיט רחמים, און צו שפּאָרען אַלץ פֿאַר אונזער לאַנד, וועלען מיר זיין אַ פֿאָלק מיט פֿעלקער גלייך, און דאָס אידישע פֿאָלק וועט באַקומען אַ גאָר אַנדער אויסזעהן אין די אויגען פֿון די אומות העולם.

איז אונזערע אָרימע לייט טהוען טאַקע דאָס בעסטע וואָס זיי קענען צו העלפֿען דעם אויפֿבוי פֿון אונזער לאַנד ישראל. זייענדיג אַליין אָרים, ווייסען מיר גוט דעם טעם פֿון אָרימקייט. אָבער בעת דער גרעסטער אָרימאַן ווייסט די באַדייטונג פֿון דעם וואָרט „רייך", זיינען אָבער פֿאַראַן פֿיעלע גבירים וואָס ווייסען ניט די באַדייטונג פֿון דעם וואָרט „אָרימקייט".

דער לאָדזשער רב, ר' אליהו חיים ז"ל, איז געווען אַ חוץ אַ גרויסער גאון אויך אַ גרויסער עסקן בצרכי ציבור. איינמאָל איז געווען אַ שוועהרער ווינטער, גרויסע פֿרעסט. האָלץ איז געווען שרעקליך טייער. אָרימעלייט זיינען ממש געפֿרוירען געוואָרען. איז דער רב ז"ל אַרויס איבער דער שטאָדט צו זאַמלען געלט אויף האָלץ פֿאַר די אָרימעלייט. איז ער, פֿאַרשטעהט זיך, צום אַלעם ערשטען אַוועק צום גביר פּאָזנאַנסקי ע"ה. ווען דער שווייצאַר האָט געמאָלדען דעם בעל הבית אַז דער „ראַבין" וויל איהם זעהן, איז פּאָז־נאַנסקי אַרויסגעקומען בכבודו ובעצמו אין קאָרידאָר (פֿיר־הויז) און פֿאַרבעטען דעם רב, ער זאָל אַריינגעהן אין דעם שעהנעם, וואַרימען זאַל. אָבער דער רב איז געבליבען שטעהן אין קאָרידאָר, פֿאַרפֿיהרט מיט איהם אַ שמועס וועגען וועלטליכע ענינים. פּאָזנאַנסקי איז געשטאַנען און האָט אָנגעהויבען צו ציטערען פֿון קעלט, און עס האָט איהם אָנגעהויבען צו קלאַפּען אַ צאָהן אין אַ צאָהן. אָבער דער רב איז זיך געשטאַנען רוהיג און געשמועסט פֿון אַלץ אין דער וועלט. רופֿט זיך אָן פּאָזנאַנסקי:

„רבי, קומט אַריין אין זאַל, איך וועהר שיעור געפֿרוירען".

„איצט, הער פּאָזנאַנסקי, וועל איך אייך זאָגען נאָך וואָס איך בין געקומען. עס איז אַ שוועהרער ווינטער, דער יקרות איז געוואַלדיג גרויס, די פּרנסה איז שרעקליך געשלאָגען, די אָרימעלייט ווערען ממש געפֿרוירען, וויל איך אייך בעטען, אַז איהר זאָלט געבען אויף האָלץ פֿאַר די אומגליקליכע אָרימעלייט", האָט דער רב אַ זאָג געטהון.

פּאָזנאַנסקי, וועלכער איז געווען אַ שעהנער נדבן, האָט דעם רב געגעבען אַ פֿיינע נדבה, און ער האָט איהם אַריינגעבעטען אין זאַל אַריין. זיצענדיג אין דעם ליכטיגען, שעהנעם, וואַרימען זאַל, האָט פּאָזנאַנסקי אַ פֿרעג געטהון:

„איהר האָט דאָך באַלד געקענט אַריינגעהן אין זאַל און מיר זאָגען וואָס איהר ווילט. צו וואָס האָט איהר געדאַרפֿט פֿרירען אין קאָרידאָר?"

„פֿאַרשטעהט איהר מיך", האָט איהם דער רב געענטפֿערט, „די וועלט זאָגט ‚דער זאַטער גלויבט ניט דעם הונגעריגען'. איך בין געקומען בעטען

בײ אײך אויף האַלץ פאַר אָרימעלײט וואָס װערען נעביך געפרוירען פון קעלט. איז אַז איהר זיצט דאָ אין אַזאַ וואַרימען זאַל, קענט איהר וויסען און פיהלען דעם טעם, וואָס עס מײנט קעלט? אָבער אַז איהר זענט געשטאַנען אין דעם קאָרידאָר און דערשפּירט אַביסעלע וואָס עס מײנט קעלט, ערשט דאַן האָב איך אײך געקאָנט זאָגען וועגען וואָס איך בין געקומען".

און אָט װײסען מיר, אַז יעקב אבינו האָט געבעטען בײ דעם אויבערשטען „לחם לאכול ובגד ללבוש" (בראשית כח, כ). זײנען נאָך פאַראַן הײנט צו טאָג הונדערטער טויזענטער אידען וועלכע שמאַכטען נעביך אין אײראָפּע, און זײער אײנציגער אידעאַל איז, אַז זײ זאָלען האָבען „לחם לאכול ובגד ללבוש", זײ זאָלען האָבען אַ שטיקעל ברויט און אַ מלבוש. אמת, אַמעריקאַנער אידען זײנען טאַקע גוטהאַרציגע מענשען, פאַרט קינדער פון די „רחמנים בני רחמנים". שיקט טאַקע יעדער אײנער וואָס ער קען. אָבער אָפּט מאָל שיקט מען אַזעלכע מלבושים וואָס דער שיקער קען שוין ניט נוצען. איז אָט דאָס האָט יעקב אבינו געבעטען: אויב דו שיקסט, זאָלסטו שיקען „לחם לאכול" — אַזאַ שפּײז וואָס מען קען עסען, „ובגד ללבוש" — און אַזאַ מלבוש וואָס מען קען נאָך אָנטהון, אָדער שיק אײנגאַנצען ניט.

איז אָבער די צרה מיט מאַנכע פון אונזערע גבירים, אַז אַזױ שנעל װי דער אויבערשטער העלפט זײ און זײ װערען רײך, איז ניט נאָר װײסען זײ ניט, אָדער װילען ניט װיסען, די לאַגע פון דעם אָרימאַן, נאָר מען קען פּשוט צו זײ ניט צוקומען. דער באַריהמטער שריפטשטעלער „מענדעלע מוכר ספרים" ע"ה, איז אַמאָל אײנגעלאַדען געוואָרען צו אַ גביר, וועלכער האָט געוואוינט אויף דעם פיערטען שטאָק. איז „מענדעלע" געגאַנגען, און נאָכדעם װי ער איז קוים אַרויף די פיער שטאָק, האָט ער געזאָגט: אַז דער וואָס לעבט אײביג, דערהויבט אַ מענשען, קען מען קוים צו איהם צוקומען.

און אַזאַ טבע האָבען שוין מאַנכע גבירים, אַז זײ װערען רײך קען מען צו זײ ניט צוקומען. אַז מען װיל קען מען אפילו זאָגען, אַז זײ זײנען מקיים אַ גמרא, נאָר דער חילוק איז בלויז, וואָס אין דער גמרא באַציהט עס זיך אויף אַ תלמיד חכם, און זײ, די גבירים, באַציהען עס אויף זיך. די גמרא (סנהדרין נב, ב) זאָגט וועגען דער באַציהונג פון אַ תלמיד חכם צו אַן עם־הארץ: „בתחילה דומה לקיתון של זהב, סיפר הימנו דומה לקיתון של כסף, נהנה ממנו דומה לקיתון של חרס, כיון שנשבר שוב אין לו תקנה". צוערשט קוקט דער עם הארץ, דער אומוויסענדער, אויף דעם תלמיד חכם װי אויף אַ גאָלדענע כלי. פאַרפיהרט ער מיט איהם שמועסען, קוקט ער שוין אויף איהם װי אויף אַ זילבערנע כלי, איז ער עפּעס נהנה פון איהם, באַטראַכט ער שוין דעם תלמיד חכם װי אַן ערדענע כלי, וואָס אַז זי װערט צעבראָכען, קען מען זי שוין ניט פאַרריכטען.

און אַזױ װי כמעט יעדער גביר װיל װערען אַ „מר בר רב אשי", האַלט ער שטאַרק פון דעם „לא אדו ראש". אונזערע חכמים ז"ל זאָגען: „לא אדו ראש", אַז ראש השנה קען ניט זײן אין די טעג „אדו", דאָס הײסט, דעם ערשטען טאָג, נעמליך זונטאָג (א), מיטוואָך (יום ד'), און פרײטאָג (יום ו'). פלעגט דער רבי ר' נפתלי ראָפּשיצער ז"ל זאָגען, אַז אַ „דו", אַז דער מיט װעמען

יעדער איינער איז „פער דו״, ער אירצט איהם ניט, נאָר ער זאָגט איהם דו, דער קען ניט ווערען קיין ראש — „לא אדו ראש״. אָבער די זעלבע מענשען פאַרגעסען אַן אַנדער מאמר חז״ל, אַז „הגבהתי היא השפלתי, השפלתי היא הגבהתי״ — מיין זיך גרויס האַלטען איז מיין דערנידערונג, און מיין דערני־דעריגען זיך איז מיין דערהויבענקייט. דוקא דער וואָס האַלט זיך נידעריג, דער איז זוכה דערהויבען צו ווערען. אָבער דער וואָס האַלט זיך גרויס, דער ווערט אין אמת׳ן קיינמאָל ניט גרויס.

וואָרום אונזערע חכמים ז״ל, האָבען שוין אַזוי ריכטיג באַמערקט, אין עירובין יג, ב, אַז „כל המחזר על הגדולה, גדולה בורחת ממנו, וכל הבורח מן הגדולה, הגדולה רודפת אחריו״ (דער אויסדרוק כל הרודף אחר הכבוד... איז ניטאָ אין תלמוד) — אַז דער וואָס יאָגט זיך נאָך כבוד, אַנטלויפט דער כבוד פון איהם, און דער וואָס אַנטלויפט פון כבוד, לויפט דער כבוד איהם נאָך. אַי, וועט איהר דאָך פרעגען „וואָס איז דער אונטערשיעד ווער עס לויפט נאָך, זיי כאַפּען דאָך סאַי ווי ניט איינער דעם אַנדערען?״ איז דער תירוץ, אַז עס ווענדעט זיך אין אָפּשטעלען: דער וואָס לויפט נאָך נאָך כבוד, און ער שטעלט זיך אָפּ, אַנטלויפט דער כבוד נאָך ווייטער. אָבער דער וואָס אַנטלויפט פון כבוד, און דער כבוד יאָגט איהם נאָך, איז אַז ער שטעלט זיך אָפּ כאַפּט איהם דער כבוד.

און אַז דער אויבערשטער האָט געזאָגט אברהם׳ען „לך לך״, נעם דעם וואַנדער־שטאָק און גערה, וואַנדער. האָט אברהם ניט געפרעגט קיין קשיות, און ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין. דערוויל האָט אויסגעבראָכען אַ שוועהרער הונגער, האָט אברהם זיך געלאָזט קיין מצרים. אָבער אַזוי ווי שרה איז געווען אַן אונגעהויער שעהנע פרוי, האָט אברהם מורא געהאַט אַז די מצריים וועלען דערזעהן אַזאַ שעהנקייט, וועלען זיי איהם הרג׳ענען, און שרה׳ן וועלען זיי אַוועקפיהרען צום קעניג. האָט אברהם געזאָגט צו שרה׳ן, אַז מען וועט דיך פרעגען ווער דו ביזט, זאָלסטו זאָגען, אַז דו ביזט מיין שוועסטער. פרעגען מענשען: ווי קומט עס, אַז אברהם זאָל זאָגען אַ ליגען? שרה איז דאָך געווען זיין פרוי? איז דער תירוץ, אַז אברהם אבינו האָט טאַקע ניט געזאָגט קיין ליגען. וואָרום די תורה זאָגט דאָך בפירוש (בראשית כ, יב) „וגם אמנה אחותי, בת אבי היא״ — אַז שרה איז געווען אברהם׳ס שוועסטער, פון איין טאַטען. און אַ בן־נח האָט געמעגט חתונה האָבען מיט אַ שוועסטער פון איין טאַטען. (זעהט רש״י אויפ׳ן אָרט).

אַי, פאַרוואָס האָט אברהם זיך געדאַרפט באַנוצען מיט דער דאָזיגער המצאה? דער אויבערשטער האָט דאָך איהם געזאָגט „ואעשך לגוי גדול״ — איך וועל דיך מאַכען פאַר אַ גרויס פאָלק, האָט דאָך אברהם געדאַרפט זיין רוהיג, און האָבען בטחון? באַמערקט ר׳ אליעזר סופר ז״ל, אַז אַ מענש דאַרף ניט זיצען מיט פאַרלעגטע הענט און זיך פאַרלאָזען אויף נסים. דער מענש דאַרף קודם כל טהון אַלץ וואָס ער קען, און דער אויבערשטער וועט זיך טהון וואָס ער דאַרף.

און פאַרוואָס איז אברהם׳ען געגאַנגען אַזוי אין לעבען צו ראַטעווען שרה׳ן פאַר זיך, ער האָט דאָך געקענט נעמען אַן אַנדער ווייב? איז דער תירוץ,

אַז אברהם איז געווען אַ געטרייער מאַן, און דערצו האָט ער דאָך געוואוסט, אַז שרה איז אַ גרויסע צדקת, אַ גרויסע צנועה, איז ער ניט געווען פון די יעניגע וואָס ווילען פּטור ווערען פון זייערע פרויען. עס זיינען פאַראַן אויך אַזעלכע.

צום קאָזשניצער מגיד ז״ל, איז אַמאָל געקומען אַן עלטערער איד, אַז דער מגיד זאָל בעטען רחמים פאַר זיין קריטיש־קראַנקער פרוי, זי זאָל האָבען אַ רפואה שלמה. האָט דער מגיד גוט באַטראַכט דעם אידען, און ער האָט איהם חושד געווען, אַז ער מיינט עס ניט מיט דעם גאַנצען הארצען. האָט ער זיך אָנגערופען צו איהם: „רבות מחשבות בלב איש״ — דער מאַן טראַכט אין הארצען מיט וועלכער פרוי ער זאָל חתונה האָבען אַזוי שנעל ווי זיין ווייב וועט אַוועק אויף דעם עולם האמת, אָבער איך זאָג דיר „ועצת ד׳ היא תקום״, דער אויבערשטער וועט העלפען און היא תקום, זי וועט אויפ־שטעהן און געזונט ווערען.

זיינען טאַקע אברהם, וואָס האָט מגייר געווען מענער, און שרה וואָס האָט מגייר געווען פרויען צום אידישען גלויבען, געווען געטריי איינער דעם אַנדערען. אָבער קיין קינדער האָבען זיי ניט געהאַט. האָט אברהם געזאָגט צום אויבערשטען: „רבונו של עולם, איך זעה אין די שטערן, אַז איך בין ניט ראוי צו האָבען אַ זוהן״. איז „ויוצא אותו החוצה ויאמר, הבט נא השמימה, וספור הכוכבים אם תוכל לספור אותם, ויאמר לו כה יהי׳ זרעך״. האָט דער אַלמעכטיגער איהם אַרויסגעפיהרט פון דער וועלט, איבער די שטערן, און ער האָט צו איהם געזאָגט: „הבט, קוק אַרונטער, און צעהל די שטערען, קענסטו זיי איבערצעהלען? אַזוי פיעל וועלען זיין דיינע קינדער, און געה אַוועק פון דיין שטערן־זעהעריי, ׳שאין מזל לישראל׳ ״ (שבת קנו) — אידען דאַרפען ניט גלויבען אין אַסטראָלאָגיע, שטערן־זעהעריי.

איז „והאמין בד׳ ויחשבה לו צדקה״. איז וואָס זשע איז די רבותא, אַז אַזאַ צדיק ווי אברהם אבינו האָט געגלויבט וואָס דער אויבערשטער זאָגט איהם? ענטפערט דער „כרם הצבי״: פריהער, אַז אברהם האָט געגעבען צדקה, איז עס ניט געווען קיין רבותא, ווייל ער האָט דאָך ניט געהאַט קיין קינדער, איז צו וואָס דאַרף ער דאָס געלט. אָבער אַז דער אויבערשטער האָט איהם צוגעזאָגט אַ קינד, און ער איז דאָך געבליבען דער זעלבער בעל צדקה, איז „ויחשבה לו צדקה״, דאַן האָט שוין זיין צדקה באַקומען אַ גאַר אַנדער חשיבות.

איז צדקה דאַרף מען געבען, ניט קוקענדיג אויף די אייגענע הוצאות. און אַז מען גיט ניט, קען מען עס נאָך פאַרלירען, און קיינער האָט דערפון ניט קיין הנאה.

צו דעם קאָזשעניצער מגיד ז״ל איז אַמאָל געקומען צולויפען אַ איד און געבעטען אַז דער רבי זאָל איהם געבען אַ סגולה, ער זאָל געפונען דאָס בייטעלע געלט וואָס ער האָט פאַרלוירען. האָט דער רבי איהם געהייסען געהן אַהיים און זאָגען דריי מאָל „איזהו״. איז דער איד אַהיים געגאַנגען און האָט געזאָגט מיט גרויס כונה „איזהו מקומן של זבחים...״

נאָכדעם ווי עס זיינען פאַראיבער אַ פּאָר טעג און ער האָט ניט געפונען דאָס בייטעלע, איז ער געקומען צום מגיד און האָט איהם געזאָגט, אַז ער האָט

געזאָגט „איזהו" און דוקא מיט גרויס כונה, אָבער דאָס געלט האָט ער נאָך ניט געפונען.

„וועלכען ,איזהו' האָסטו געזאָגט ?" — האָט איהם דער מגיד געפרעגט.

„וואָס הייסט וועלכען ? דעם „איזהו מקומן של זבחים" וואָס שטעהט אין סידור", האָט דער איד געענטפערט.

„ניט דעם ,איזהו' האָב איך געמיינט", האָט דער מגיד געזאָגט, „נאָר דעם מאמר חז"ל ,איזהו שוטה, זה המאבד מה שנותנין לו' — אַ נאַר איז דער וואָס פאַרלירט דאָס וואָס מען גיט איהם". איז זיצען אויף דעם געלט און ניט געבען קיין צדקה איז פונקט ווי פאַרלירען. איז לאָמיר זשע זיך אָפּלערנען פון אברהם אבינו.

און איצט אַ גוט וואָרט :

אויף „ואעשך לגוי גדול", באַמערקט רש"י ז"ל „זה שאומרים אלקי אברהם". נו, איז וואָס ? דערקלעהרט עס דער דובנער מגיד ז"ל מיט אַ גלעכ־צענדען משל : ווען מען רעדט פון אַ דורכשניטליכען מענשען, און מען זאָגט אַז ער פאַרמאָגט אַ פופציג טויזענט דאָלאַר, איז דאָס גענוג צו מאַכען אַ רושם. אָבער ווען מען זאָל רעדען פון אַ גרויסען גביר, און זאָגען אַז ער פאַרמאָגט אַ פופציג טויזענט דאָלאַר, איז אדרבה, עס וועט נאָך פאַרקלענערען די חשיבות. וואָרום אויף אַ גרויסען גביר דאַרף מען זאָגען אַז ער פאַרמאָגט תרפ"ט אלפים, ער פאַרמאָגט גאַנצע שטעדט, פאַבריקען, מאַיאָנטקעס, און אַזוי ווייטער.

איז אָט דאָס איז די רבותא : זהו שאומרים „אלקי אברהם". אברהם אבינו'ס חשיבות וועט דערגרייכען אַזוי ווייט, אַז ווען מען וועט וועלען ריהמען דעם אויבערשטען וועט מען זאָגען, אַז ער איז אַזאַ אַלמעכטיגער, אַז אפילו אַזאַ פערזענליכקייט ווי אברהם אבינו, דיענט צו איהם.

# וירא

„וירא אליו ד׳״, און דער אויבערשטער האָט זיך באַוויזען צו אברהם אבינו. וואָס עפּעס פּלוצים דער באַזוך? נאָר אַזוי ווי דער ניין־און־ניינציג־יעה־ריגער אברהם האָט זיך מל געווען, איז דעם דריטען טאָג האָט ער ניט געפיהלט אַזוי גוט, האָט כביכול אַליין איהם אָפּגעשטאַט אַ וויזיט. לערנען מיר דערפון, אַז „ביקור חולים״, באַזוכען אַ קראַנקען, איז אַ זעהר גרויסע מצוה. מיר זעהען דאָך, אַז כביכול אַליין האָט געהאַלטען דערפון. און כאָטש דער רמב״ם ז״ל האַלט, אַז עס איז אַ מצוה מדרבנן, האַלטען רבינו יונה און דער ריטב״א ז״ל, אַז עס איז אַ מצוה דאורייתא. אַלענפאַלס, צי מדרבנן, צי מן התורה, על כל פנים, די מצוה פון ביקור חולים איז זעהר גרויס און העכסט מענשליך.

זאָגען אונז טאַקע אונזערע חכמים ז״ל, אַז דער וואָס באַזוכט ניט קיין קראַנקען, איז פונקט ווי ער וואָלט פאַרגאָסען בלוט. דאַגעגען, ווער עס באַזוכט יאָ אַ קראַנקען און בעט פאַר איהם רחמים, העלפט עס זעהר פיעל, אַז דער חולה זאָל געזונט ווערען (נדרים לט). און דער שכר דערפאַר איז זעהר גרויס. עס איז איינע פון די מצוות וואָס „אדם אוכל פירותיהן בעולם הזה והקרן קיימת לו לעולם הבא״ (שבת קכז, א) — עס איז וואויל און גוט דערפאַר אויף ביידע וועלטען. אַז מען באַזוכט אַ קראַנקען, נעמט מען פון איהם אַוועק אַ זעכציגסטעל פון זיין צער.

און וואו איז אברהם געווען, ווען כביכול האָט איהם באַזוכט? „והוא יושב פתח האהל״, אברהם איז געזעסען ביי דער טיר פון זיין געצעלט. זאָגט דערויף דער „תולדות יעקב יוסף״. דער סימן פון אַן אמת׳ן צדיק איז וואָס ער איז אַ „יושב פתח האוהל״. עס דוכט זיך איהם שטענדיג, אַז ער האָט נאָך גאָרניט אויפגעטהון פאַר דעם בורא העולם און פאַר לייט. ער האַלט נאָך ביים אָנהויב.

און געזעסען אין דרויסען ביי דער טיר איז אברהם אבינו „כחום היום״, ווען די זון ברענט אַמשטאַרקסטען. איז פאַרוואָס זשע טאַקע איז דער קראַנקער אברהם געזעסען אין דער ברענענדיגער זון? ווי באַוואוסט, איז אברהם אבינו געווען אַ גרויסער מכניס אורח. זיין געצעלט האָט געהאַט טירען אין אַלע פיער זייטען, כדי יעדער דורכגעהער אָדער דורכרייזענדער זאָל קענען אַריינקומען אָהן שוועהריגקייטען. האָט כביכול אומיסטען אַרויסגעפיהרט די זון פון איהר „פוטערפאַס״, כדי עס זאָל זיין שטאַרק הייס, וועלען מענשען ניט רייזען און ניט מטריח זיין אברהם׳ן. ווען אברהם האָט געזעהען אַז עס קומען ניט קיין אורחים, האָט ער אַרויסגעשיקט זיין קנעכט אליעזר, ער זאָל אַכטונג געבען, צי עס איז ניט פאַראַן קיין דורכרייזענדע. ווען אליעזר האָט איהם געזאָגט, אַז מען זעהט ניט קיינעם, האָט זיך איהם ניט געגלויבט, איז ער אַרויס אין דרויסען אַליין אַכטונג צו געבען.

ווען כביכול האָט געזעהען ווי אונזער פאָטער אברהם איז זיך שטאַרק מצטער וואָס ער האָט ניט קיין אורחים, האָט ער איהם געשיקט דריי מלאכים אין געשטאַלט פון מענשען. „וישא עיניו וירא והנה שלשה אנשים", האָט אברהם אויפגעהויבען זיינע אויגען, און ער האָט דערזעהען דריי מענשען. לערנען מיר דערפון די געוואַלדיג גרויסע מידה פון הכנסת אורחים. און אונזערע חכמים ז"ל זאָגען, אַז „גדולה הכנסת אורחין מהקבלת פני שכינה" (שבת קכ"ז, א), אַז אויפנעמען אורחים (געסט) איז נאָך גרעסער פון מקבל צו זיין די שכינה. און ביז גאָר גרויס איז די מצוה, ווען מען לאַדעט איין אַן אָרימען אורח, און בפרט נאָך אויף שבת אָדער יום טוב.

איז אין דער אַלטער היים טאַקע אַזוי געווען. וועלכע איד איז אַהיים געגאַנגען שבת פון „שטיבעל" אָהן אַן אורח? אפילו אַן אָרימאַן וואָס האָט אַליין קוים געהאַט אַ מאָלצייט, האָט מקיים געווען די דאָזיגע גרויסע, העכסט הומאַנע מצוה. אין וועלכען הויז מען איז אַריינגעקומען, איז דאָס ערשטע וואָס דער בעל הבית, צי די בעלת הבית האָט געזאָגט, איז געווען „געהט זיך וואַשען".

רבי זלמן ווילנער ז"ל איז אַמאָל מיט זיין שמש אַריינגעגאַנגען צו אַ אידען, ווען די פאַמיליע האָט גראַד געהאַלטען אין מיטען עסען. האָט דער בעל הבית, פאַרשטעהט זיך, באַלד אַ זאָג געטהון „וואַשט זיך". ר' זלמן האָט געקענט דעם אידען פאַר אַ גרויסען אָרימאַן, און פון די מאכלים וואָס האָבען זיך געפונען אויף דעם טיש, האָט ער פאַרשטאַנען אַז עס וועט קוים „סטאַיען" פאַר די בני בית. און אָפּזאָגען האָט ער אויך ניט געוואָלט, האָט ער געדאַנקט און געזאָגט, אַז דער דאָקטאָר האָט איהם פאַרבאָטען אַזעלכע מאכלים. דער שמש האָט זיך שטאַרק געוואונדערט. ווי קומט עס, אַז אַזאַ צדיק זאָל זאָגען אַ „ליגען". איז נאָכדעם ווי זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען, האָט ער געפרעגט: „רבי, ווי קומט עס וואָס איהר זאָלט אַזוי זאָגען?" האָט רבי זלמן איהם געענט־פערט: „ווי באַוואוסט, איז דער רמב"ם ז"ל געווען אַ באַריהמטער דאָקטאָר, און ער פסק'ענט אַז מען טאָר ניט עסען פון אַ „סעודה שאינה מספקת לבעלה" — אַז מען טאָר ניט עסען פון אַ סעודה, וואָס גענוגט ניט פאַר דעם בעל הבית.

און אויך „הכנסת אורחים" איז איינע פון די זעקס מצוות וואָס „אדם אוכל פירותיהן בעולם הזה והקרן קיימת לו לעולם הבא". ווער עס איז מקיים אָט די העכסט מענשליכע מצוה, דעם איז וואויל און גוט אויףביידע וועלטען. האָבען טאַקע אונזערע חכמים ז"ל שוין געזאָגט: „יהי ביתך פתוח לרוחה, ויהיו עניים בני ביתך" (פרקי אבות פרק א' משנה ה). דיין הויז זאָל שטענדיג זיין אָפען, און אָרימע לייט זאָלען זיין דיינע בני בית.

בעת רבי לוי יצחק פון בערדיטשעוו ז"ל האָט נאָך געגעסען קעסט ביי זיין שווער ר' ישראל פרץ ז"ל, וואָס איז געווען אַ גרויסער מכניס אורח, זיינען אַמאָל אָנגעקומען אַ צאָהל אורחים, און האָבען נאָך באַדאַרפט איבער־נעכטיגען. איז רבי לוי יצחק אַוועק אין מאַרק אַריין, און ער האָט געקויפט עטליכע בינטלעך שטרוי און זיי אַליין געבראַכט צו טראָגען אויף די פּלייצעס. האָט דער שווער איהם געזאָגט: „דו האָסט דאָך געקענט געבען דעם גוי נאָך אַ פּאָר גראָשען ער זאָל זיי ברענגען צוטראָגען, און ניט דאַרפען אַליין „זשווי־

גען״. האָט ר׳ לוי יצחק איהם געענטפערט: „וואָס רעדט איהר, שווער לעבען, אַזאַ גרויסע מצוה זאָל איך אַוועקגעבען דעם ערל, און איהם נאָך צוצאָהלען?״

אין אַ ווינטער נאַכט זיינען אַמאָל אַריינגעקומען צו ר׳ הערש וואָידיס־לאַווער ז״ל אַ חברה אורחים. האָט ער אַ זאָג געטהון צו זיין זוהן: „שמחה בונים, זיי עפּעס מחדש אין הכנסת אורחים״. שפּעטער האָט ער איהם אַ פרעג געטהון: „נו, האָסט עפּעס מחדש געווען?״, „יאָ״, האָט דער זוהן גע־ענטפערט. די אורחים האָבען געמיינט, אַז ער וועט געוויס זאָגען אַ שטיקעל תורה, עפּעס אַן אייגענעם חידוש. נאָך דעם עסען זאָגט ר׳ הערש צו די אורחים: „לאָמיר געהן זעהן וואָס מיין זוהן האָט מחדש געווען״. און ער האָט זיי אַריינגעפיהרט אין אַ גרויסען צימער וואו עס זיינען געווען געבעט געלעגערס פאַר אַלע אורחים.

ר׳ חיים אויערבאַך ז״ל, לענשוצער רב, איז, פאַרשטעהט זיך, געווען אַ גרויסער מכניס אורח. איינמאָל האָט ער געהאַט אַ זעהר חשוב׳ן אורח, אַ גרויסען תלמיד חכם, האָט דער רב אַליין איהם באַדינט. ביינאַכט האָט ער אַליין געבעט אַ געלעגער פאַר דעם אורח, און גוט אַכטונג געגעבען עס זאָל איהם זיין ווייך און וואַרעם. דעם אורח איז עס געווען „פריקרע״ וואָס דער רב איז זיך אַזוי פיעל מטריח צוליב איהם. טהוט ער אַ זאָג: „צו וואָס, רבי, דאַרפט איהר זיך אַזוי פיעל מטריח זיין, און דערצו נאָך אַליין ,בעטען׳ פאַר מיר?״ „איך ,בעט׳ ניט פאַר אייך, איך ,בעט׳ פאַר מיר״, האָט ר׳ חיים געענטפערט מיט אַ שמייכעל...

מען האָט אַמאָל גע׳מסר׳ט דעם סלוצקער רב, ר׳ איסר זלמן מעלצער. האָט די פּאָליציי איהם געפיהרט איינזעצען אין תפיסה. אויף דעם וועג האָט ער דערזעהען דעם נעסוויזשען מגיד, האָט ער געבעטען די זשאַנדאַרמען ערלויבעניש איהם עפּעס צו זאָגען. ערפילענדיג זיין בקשה, האָט ער געבעטען דעם מגיד ער זאָל זיין זיין אורח אויף שבת.

אַלזאָ, הכנסת אורחים איז אַ געוואַלדיג גרויסע מצוה, און פון דעם ריין עטישען שטאַנדפּונקט איז דאָס איינע פון די שעהנסטע מידות. און דאָס האָט שוין פאַרשטאַנען און געפיהלט אונזער פאָטער אברהם. דאַרפען מיר, זיינע אייניקלעך, זיך אָפּלערנען פון איהם און פראַקטיצירען די שעהנע, נאָבעלע, העכסט הומאַנע מידה פון הכנסת אורחים.

און ווער זיינען געווען די דריי „אנשים״ וואָס אברהם האָט געזעהען? דריי מלאכים, מיכאל, וואָס איז געקומען אָנזאָגען שרה׳ן די בשורה טובה אַז זי וועט געבוירען אַ זוהן; רפאל, וואָס איז געקומען היילען אברהם׳ען; און גבריאל, וואָס איז געגאַנגען איבערקעהרען סדום.

„וירא וירץ לקראתם״ — איז ווי נאָר אברהם האָט זיי דערזעהען, איז ער זיי געלאָפען אַנטקעגען. האָט דער „חידושי הרי״ם״ ז״ל שוין באַמערקט אַז יעדער איד דאַרף זיך אָפּלערנען פון אברהם אבינו מקיים צו זיין די מצוה פון הכנסת אורחים שטענדיג, אין אַלע צייטען, און אונטער אַלע אומשטענדען. אברהם איז געווען אונזער שטאַם־פאָטער, אַ מלך, אַ נביא, אַ הונדערט־יאָהרי־גער זקן, און פּונקט דאַן איז ער געווען קראַנק, און דערצו האָט ער נאָך פאַרדעכטיגט אַז די דריי אורחים זיינען אַראַבער, געצען־דינער, און דאָך „וירץ״, און דאָך איז ער אַליין געלאָפען זיי מקבל פנים זיין.

די סדרה זאָגט צוויי מאָל „וירא", נעמליך, „וישא עיניו וירא... וירא וירץ לקראתם". איז צו וואָס עפּעס צוויי מאָל וירא? טייטשט רש"י ז"ל אויף דעם אָרט, אַז דער ערשטער וירא, מיינט פּשוט „געזעהען", אברהם האָט געזעהען מיט די אויגען דריי מענשען. דער צווייטער „וירא", מיינט געזעהען אין געדאַנק. ער האָט פאַרשטאַנען. אברהם האָט נעמליך, געזעהען ווי די דריי מענשען שטעהען אויף איין פּלאַץ, האָט ער פאַרשטאַנען אַז זיי ווילען איהם ניט מטריח זיין. איז ער זיי געלאָפען אַנטקעגען.

צו דעם קאָזשניצער מגיד ז"ל איז אַמאָל געקומען אַ דאָרפס־איד, און ער האָט זיך באַקלאָגט אַז ער איז געווען אַ גרויסער מכניס אורח. ער האָט יעדען גאַסט אויפגענומען העכסט פריינדליך, בסבר פנים יפות. און צום סוף האָט דער אויבערשטער איהם באַשטראָפט, און זיין הויז איז אַוועק מיט רויך. האָט דער מגיד איהם געענטפערט: „אברהם אבינו איז, ווי באַוואוסט, געווען אַ גרויסער מכניס אורח. אויף דעם פּסוק „ויטע אשל" זאָגען אונזערע חכמים ז"ל אַז „אשל" מאַכט אכילה, שתיה, לינה. אַז אברהם האָט געגעבען די אורחים, עסען, טרינקען און אַ געלעגער. דו, אָבער, האָסט געגעבען דיינע אורחים בלויז עסען און טרינקען, און אַ געלעגער האָסטו זיי ניט געגעבען. דו האָסט, אַלזאָ, ניט מקיים געווען „לינה", דעם „ל" פון „אשל". און אָהן דעם „ל" איז פון „אשל" געוואָרען אש, אַ פייער".

און אברהם האָט געהייסען די אורחים „זיך וואַשען", זיך זעצען אונטער דעם בוים. און ער און שרה און ישמעאל האָבען זיך אַ נעם געטהון צו צוגריי־טען די סעודה מיט פרישׁ געבעקס, צונגען און אפילו „גאָרשיצע". און „ויאכלו", זיי האָבען געגעסען. געגעסען ממש האָבען זיי טאַקע ניט. מלאכים עסען דאָך ניט. נאָר וואָס דען? עס האָט אויסגעזעהען פּונקט ווי זיי עסען. און דערפון לערנען מיר, אגב, אַז „עלת לקרתא הלך בנימוסה" (בראשית רבה, פרשה מח). קומט מען אין אַ נייעם פּלאַץ, דאַרף מען זיך פיהרען ווי מען פיהרט זיך דאָרט. כמעט יעדער פאָלק האָט אַזאַ עהנליך ווערטעל. אין רוסיש זאָגט מען: „וואוינסטו צווישען וועלף, וואָיע ווי אַ וואָלף". אין ענגליש זאָגט מען „זיי אַ רוימער ווען דו ביזט אין רוים". האָט שוין אונזער מדרש דאָס געזאָגט מיט אַ פּאָר טויזענט יאָהר צוריק. נאָכמעהר, משה רבינו האָט עס אפילו מקיים געווען בפועל ממש. אין הימעל עסט מען דאָך ניט. איז ווען משה איז דאָרט געווען, האָט ער טאַקע ניט געגעסען. און די מלאכים האָבען אויך אַזוי געטהון. זיי זיינען געווען צווישען מענשען איז „נראו כמו שאכלו". עס האָט אויסגעזעהען ווי זיי האָבען געגעסען (אגב, דער תנא דבי אליהו רבה פרק י"ג האַלט אַנדערש).

און אין נאָך אַ פּרט האָבען די מלאכים מקיים געווען דעם „עלת לקרתא הלך בנימוסה". דער שטייגער פון אַנשטענדיגע מענשען איז, אַז מען פרעגט וואָס די פאַמיליע מאַכט. האָבען טאַקע די מלאכים זיך באַלד נאָכגעפרעגט אויף שרה'ן. וואָרום שרה, די גרויסע צנועה, איז געווען אין געצעלט, האָבען די מלאכים זיך ערקונדיגט וועגען איהר.

און אַחוץ דעם זיינען די מלאכים אויסען געווען נאָך אַ זאַך. דער פּשיסכער רבי ז"ל האָט אַזוי געטייטשט דעם פּסוק „ויאמרו אליו איה שרה אשתך, ויאמר הנה באהל". די מלאכים האָבען געהערט אין הימעל וועגען

אברהם אבינו׳ס גרויסקייט. ווען זיי זיינען אַריינגעקומען צו אברהם׳ען אין הויז אַריין, האָבען זיי דאָרט ניט געזעהען קיין שום גרויסקייט. האָבען זיי זיך געטראַכט, אַז אפשר ווערען זיי געוואויר ווערען פון שרה׳ן עפּעס וועגען אברהם׳ס גרויסקייט. האָבען זיי זיך נאָכגעפרעגט אויף איהר. אָבער אברהם האָט זיי געענטפערט: „הנה באהל״, שרה איז אין געצעלט. זי איז ניט קיין אַרומלויפערין, קיין „פלאַפּלערין״; איהר ווערט זיך פון איהר גאָרניט דערוויסען.

וואָרום אונזער מוטער שרה האָט ניט געהערט צו די „ביין־מאָס־רייד״ פרויען. עס זיינען, פאַרשטעהט זיך פאַראַן אויך מענער וואָס רעדען גלאַט אין דער וועלט אַריין. און אַזאַ רעדען איז אָפטמאָל אין דער בחינה פון „ניט גערעדט און ניט געשוויגען״.

דער מלבי״ם ז״ל איז, זייענדיג אין בערלין, שטאַרק בייגעריג געווען צו וויסען וואָס אַ רעפאָרם ראַבאַי זאָגט אין זיינע „פּרעדיגטען״ (סוירמען, דרשה). איז ער אַריינגעגאַנגען אין דער בערלינער „סינאַגאָגע״. דעם ראַבאַי׳ס „סוירמען״ האָט געדויערט איבער צוויי שעה. אָבער עס האָט ניט געהאָט קיין אינהאַלט און ניט קיין טעם. אַרויסגעהענדיג פון דער „סינאַגאָגע״, האָט דער מלבי״ם געזאָגט צו זיינע פריינד: קהלת רעכענט אויס צוויי און צוואַנציג צייטען. עס איז פאַראַן, למשל, „אַ צייט ליב צו האָבען, און אַ צייט פיינט צו האָבען״. איז דער מיטעל וועג ניט ליב צו האָבען און ניט פיינד צו האָבען. עס איז פאַראַן „אַ צייט צו וויינען, און אַ צייט צו לאַכען״. איז דער מיטעל־וועג, ניט צו וויינען און ניט צו לאַכען. עס איז פאַראַן „אַ צייט צו בויען, און אַ צייט צו פאַרניכטען״. איז דער מיטעל־וועג ניט צו בויען און ניט צו פאַרניכטען. אָבער קהלת זאָגט דאָך אויך אַז עס איז פאַראַן „אַ צייט צו שווייגען, און אַ צייט צו רעדען״, איז וואָס איז דער מיטעל־וועג? איצט נאָך דער דאָזיגער דרשה, איז עס מיר קלאָהר געוואָרען. דער מיטעל־וועג פון „אַ צייט צו שוויגען און אַ צייט צו רעדען״ איז די דרשה פון אַ רעפאָרם ראַבאַי. עס איז „ניט גערעדט און ניט געשוויגען״.

אגב, עס זיינען פאַראַן אויך מענשען, וואָס היטען זיך מיט אַן איבעריג וואָרט. אַ תבואה סוחר איז אַמאָל געפאָהרען למרחקים פאַרקויפען אַ טראַנס־פּאָרט תבואה. נאָך דעם פאַרקויפען האָט ער אָנגעשריבען פאָלגענדען בריעף צו זיין פרוי:

„טייערע חנה. איך האָב פאַרקויפט די גאַנצע תבואה מיט אַ גרויסען רווח, און אם ירצה השם בקרוב פאָהר איך אַהיים, זיי געזונד. דיין ברוך״. און ער האָט אַדרעסירט אַ קאָנווערט. ווי דער שטייגער איז, האָט ער גענומען נאָך אַמאָל איבערלייענען דעם בריעף:

„טייערע״. וואָס הייסט „טייערע? נאָר וואָס דען, ניט טייערע? און ער האָט אויסגעמעקט דאָס וואָרט טייערע. „חנה״. וואָס הייסט חנה? נאָר צו וועמען דען וועט ער שרייבען? און ער האָט אויסגעמעקט דאָס וואָרט חנה. „איך״. וואָס עפּעס פאַר אַ „איך״? ווער דען זאָל שרייבען צו מיין חנה׳ן אויב ניט איך? — אויסגעמעקט. „האָב פאַרקויפט״. נאָר וואָס דען? ניט פאַרקויפט? איך בין דאָך צוליב דעם געפאָהרען — אויסגעמעקט. „די גאַנצע תבואה״. נאָר וואָס דען אַביסעל וועל איך פאַרקויפען? אַזאַ יאָלד בין איך? — אויסגעמעקט. „מיט אַ גרויסען רווח״. נאָר וואָס דען? איך וועל פאַר־

קויפען פאַר אַ קליינעם רווח? — אויסגעמעקט. „און אם ירצה השם", וואָס הייסט? ווי קען דען אַנדערש זיין? אַ מענש האָט זיך דען אַליין אין האַנט? — אויסגעמעקט. „בקרוב". וואָס פאַר אַ מין שטות איז דאָס? וואָס? איך וועל דאָ זיצען מיין גאַנץ לעבען? — אויסגעמעקט. „פאָהר איך אַהיים". נו, וואוהין דען וועל איך פאָהרען? — אויסגעמעקט. „זיי געזונט". פאַרשטעהט זיך. וואָס דען זאָל מיין חנה'לע זיין? אויסגעמעקט. „דיין". וואָס פאַר אַ מין זאָג איז דאָס? וואָס הייסט עפּעס „דיין"? נאָר וועמענס דען בין איך? — אויסגעמעקט. „ברוך". ווער דען זאָל שרייבען צו מיין חנה'לען, אויב ניט איך, ברוך? — אויסגעמעקט. און ער האָט אָוועקגעשיקט דעם ליידיגען קאָנווערט.

איז דאָס טאַקע אפשר בלויז אַ מעשה'לע. אָבער עס שטעקט אין דעם אַ גרויסער מוסר השכל. אַ מענש דאַרף זיין זעהר פאָרזיכטיג מיט אַ וואָרט. און דאָס האָט אונזער מוטער שרה גוט פאַרשטאַנען. און אברהם אבינו האָט עס געוואוסט. האָט ער געגעבען די מלאכים אַנצוהערען, אַז זייער מיה איז אומזיסט. זיי וועלען פון שרה'ן ניט „קריגען קיין אינפאָרמאַציע".

און אפילו אָט די פאָרזיכטיגע שרה, האָט זיך דאָך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט. דער מלאך האָט געזאָגט צו אברהם'ן „שוב אשוב אליך כעת חיה והנה בן לשרה אשתך", איך וועל זיך אומקעהרען צו דיר איבער אַ יאָהר, וועט שרה האָבען אַ זוהן. שרה האָט דאָס געהערט, האָט זי געשמייכעלט און געזאָגט צו זיך „ואדוני זקן" — ווי קען איך האָבען אַ קינד אַז אברהם איז שוין אַזוי אַלט? האָבען מיר דאָך, אָבער, אַ גרויסען און באַרמהאַרציגען פאָטער אין הימעל, איז ווען ער האָט דאָס דערצעהלט אברהם'ן, האָט ער ניט געזאָגט אַז שרה האָט זיך אויסגעדריקט „ואדוני זקן", נאָר ער האָט געזאָגט אַז שרה האָט באַמערקט „ואני זקנתי" — און איך (שרה) בין אַלט. איז ווי זשע קומט עס אַז כביכול אַליין זאָל ענדערען אַן אויסדרוק? לערנען מיר דערפון די וויכטיגקייט פון שלום בית. פאַרשטעהט זיך אַז מען טאָר ניט זאָגען קיין ליגען. אָבער אויב עס האָט צו טהון מיט שלום בית, איז דאָס אַזוי וויכטיג, אַז אפילו ווען עס איז נויטיג צו ענדערען אַן אויסדרוק, איז אויך נישט קשה. וואָרום שלום בית איז דער פונדאַמענט, דער באַזיס פון אַ גליקליך פאַמיליען־לעבען. עס זיינען אָבער ליידער פאַראַן „פריינד". וואָס מען דאַרף זייער אַזוי־גערופענע פריינדשאַפט ניט נעמען ערנסט. ווי זאָגט דער בעל התהלים, „ה' לי בעוזרי ואני אראה בשונאי" — פאָטער אין הימעל, דו היט מיך געגען מיינע „פריינד", מיט מיינע „פיינד" וועל איך זיך אַליין „ספראַווען". עס זיינען פאַראַן „פריינד", וואָס רעדען צום מאַן געגען זיין פרוי. און צו דער פרוי רעדען זיי געגען דעם מאַן. און דאָס אַלץ איז „מחמת פריינדשאַפט". איז, אוי, דאַרף מען זיך היטען פאַר אַזעלכע פריינד!

# חיי שרה

די היינטיגע סדרה הייסט „חיי שרה" — דאָס לעבען פון אונזער מוטער שרה — ווייל דער ערשטער פסוק דערצעהלט אונז, אַז שרה האָט געלעבט הונדערט און זיבען און צוואַנציג יאָהר. האָט אַמאָל אַ פאָטער געפרעגט זיין אינגעלע, וואָס פאַר אַ סדרה עס געהט, און דאָס אינגעלע האָט געענטפערט „חיי שרה".

„נו, און וואָס איז דער טייטש פון ,חיי שרה'"? האָט דער פאָטער געפרעגט.

„צוויי ווערטער מיט אַמאָל ווייס איך ניט", האָט דאָס אינגעלע געענטפערט.

„און וואָס איז דער טייטש פון „חיי"?, האָט דער פאָטער געפרעגט.

„נו, און אַז מען פאַרגעסט אַמאָל אַ טייטש־וואָרט איז וואָס?, האָט דאָס אינגעלע געענטפערט.

„איז וואָס־זשע איז דער טייטש פון ,שרה'"? האָט דער פאָטער ווייטער געפרעגט מיט אַ שמייכעל.

האָט דאָס אינגעלע פאַרקנייטשט דאָס שטערענדעל און געענטפערט, „אַזוי ווייט האָב איך שוין ניט געלערענט".

דאַכט זיך בלויז אַ וויץ, אָבער, ליידער, שפּיגעלט עס גלענצענד אָפּ דעם חינוך פון אונזער צייט אין אַמעריקע. צופיעל ווייסען נעביך ניט אונזערע קינדער. אַביסעלע פאַרגעסען זיי. און אַביסעלע ווייטער האָבען זיי שוין ניט געלערענט, ווייל דער מצב פון חינוך אין אַמעריקע איז ליידער אַ שרעקליך טרויעריגער. וואָרום מיט דער אויסנאַהם פון די עטליכע ישיבות קטנות, איז דער חינוך אין אַ זעהר קלאַגעדיגען צושטאַנד. די מעהרסטע עלטערען שיקען זייערע קינדער אין אַ תלמוד־תורה ערשט „האַלב־נאָך־צוועלף", נעמליך, ווען דאָס קינד איז שוין צוועלף און אַ האלב יאָהר אַלט. ווען די „בר־מצוה" שטעהט שוין אויף דער שוועל. און באַלד נאָכדעם ווי דער „פול־פלעדזשד דזשו" האָט „דעליווערט" זיין „ספּיטש", איז אויס מיט דער „היברו". האָט ער גאָר ניט געלערענט, און ער דאַרף זיך גאָרניט מוטשען צו פאַרגעסען דאָס ביסעלע וואָס ער האָט געלערענט, ווייל עס איז ניטאָ כמעט וואָס צו פאַרגעסען.

און אויב אידישקייט אין אַמעריקע איז אין אַ שרעקליך קלאָגעדיגען מצב, און אין קיין לאַנד, אין קיין שום צייט איז אידישקייט ניט געווען אין אַזאַ טרויעריגען מצב ווי דאָ אין אַמעריקע, וואו עס וואָלט דוקא געדאַרפט און געקענט זיין אויף דער העכסטער שטופע, ווייל קיינער שטערט דאָך אונז ניט, איז דאָס געוויסערמאָס, און אפשר טאַקע צום גרעסטען טייל, נאָר דערפאַר, ווייל מיר פאַרגעסען, אַז דאָס קינד פון היינט איז דער איד פון מאָרגען. און אַז מיר דערציהען איהם ניט אין דעם אידישען וועג, איז ווי־זשע קען מען ערוואַרטען אַז ער זאָל שפּעטער זיין אַ איד מיט אידען גלייך?

און שולדיג אין דעם זיינען פיעלע פאַקטען, אָבער דער עיקר שולדיג זיינען טאַקע די עלטערען אַליין. צוערשט פאַרנאַכלעסיגען זיי צו געבען דעם קינד אַ אידישע דערציהונג. און שפּעטער, ווען עס איז שוין צו־שפּעט, זאָגען זיי, אַז „דער אויבערשטער וועט וועלען״ ער זאָל זיין אַ איד, וועט ער סאַי ווי זיין. דערמאָנט עס אונז אין פאָלגענדען עפּיזאָד: אַ „דורכגעטריבען״ אינגעלע האָט אַמאָל געפרעגט דעם מלמד:

„רבי, פאַרוואָס שטעהט עפּעס „חצוצרות״ מיט אַ ,ל׳?״

„עס איז געגען די פערציג טעג וואָס משה רבינו ע״ה איז געווען אין הימעל״, האָט דער רבי געענטפערט.

„אָבער משה רבינו איז דאָך געווען פערציג טעג אין הימעל, און ,ל׳ איז דאָך בלויז דרייסיג?״, האָט דאָס אינגעלע באַמערקט.

„נו, וואָס פאַר אַ ראָליע שפּילען אין הימעל צעהן טעג?״, האָט דער רבי געענטפערט.

„אָבער, רבי״, האָט דאָס אינגעלע געזאָגט, „אין דעם גאַנצען וואָרט „חצוצרות״ איז דאָך גאַר אינגאַנצען ניט פאַראַן קיין ,ל׳?״

„הא, דו שייגעץ איינער״, האָט דער רבי געענטפערט, „ווען מען וויל אין הימעל, קען מען דאָך פון דעם גאַנצען „חצוצרות״ מאַכען למד׳ן!״

קאָן מען טאַקע אין הימעל מאַכען וואָס און ווי אַזוי מען וויל. אָבער ווען עס קומט צו דערציהען אונזערע קינדער אין דעם אידישען וועג, ליגט דאָס אין אונזערע אייגענע הענט, און מען טאָר זיך ניט פאַרלאָזען אויף נסים. אונזערע חכמים ז״ל האָבען שוין געזאָגט „הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים״. אמת, „רבות מחשבות בלב איש ועצת ד׳ היא תקום״, דער מענש טראַכט און דער אויבערשטער לאַכט. דער מענש טראַכט, מאַכט פּלענער, אָבער „אויבען״ טהוט מען ווי מען וויל דאָרט. דאַגעגען אָבער, ווען עס קומט צו „יראת שמים״, צו אידישקייט, ליגט עס אויסשליסליך אין דעם מענשענ׳ס האַנד.

חינוך, אידישע דערציהונג, דערציהען אַ קינד, אַז ער זאָל געהען אין דעם אידישען דרך, ליגט אין אונזערע אייגענע הענט. ווי זאָגט דער פּייטן: „הנה כחומר ביד היוצר״. קען מען דאָס אָנווענדען אויך אין ענין פון ערציהונג. דאָס קינד איז אין די הענט פון די עלטערען, ווי ליים איז אין די הענט פון דעם מייסטער: וויל ער, מאַכט ער פון דעם ליים אַ טאָפּ צו קאָכען אין איהם קאַרטאָפלעס (בולבעס), וויל ער, מאַכט ער דערפון די שעהנסטע ווייך־גראַ־פינקע. ווילן די עלטערען, קענען זיי דערציהען דאָס קינד אין דעם אידישען דרך, און ער וועט זיי שפּעטער זעהר דאַנקבאַר זיין דערפאַר. ווילן זיי חלילה ניט, איז „צוויי ווערטער מיט אַמאָל ווייסט ער ניט, דאָס ערשטע האָט ער פאַרגעסען, און דאָס צווייטע האָט ער שוין ניט געלערענט״. און אָט דערפאַר איז אידישקייט אין אַמעריקע אין אַ קלאָגענדיגען צושטאַנד.

אין געוויסע פאַלען איז באַזונדערס שולדיג די מוטער, ווייל דער פאָטער איז זעהר פאַריאָגט. דער עול־פּרנסה איז זעהר גרויס. דער דיכטער מאָריס ראָזענפעלד ע״ה, האָט דאָס זעהר טרעפליך אויסגעדריקט אין איינעם פון זיינע לידער:

„די אַרבייט טרייבט מיך פריה אַרויס
און לאָזט מיך שפּעט צוריק,

אָה פרעמד איז מיר מיין אייגען לייב
אָה פרעמד מיין קינד'ס אַ בליק."

דער פאָטער מוז אַוועקגעהן פריה פון הויז, אַ גאַנצען טאָג איז ער פאַר־נומען. שפּעט אין אָוונט קומט ער ערשט צוריק, און האָט אפילו ניט די געלעגענהייט צו זעהן זיין קינד. ליגט דאָס דערציהונגס־פּראָבלעם אין די הענט פון דער מוטער. אָבער וואָס האָבען פּיעלע מאַמעס אין זינען? דעם „ביוטי פּאַרלאָר". זיי ווילען אַלע טאָג ווערען אינגער.

און קלוגע געשעפטסלייט וואָס ווילען מאַכען געלט (כאָטש מיטנעמען מיט זיך אויף יענער וועלט וועלען זיי אפילו ניט קיין סענט) און פאַרשטעהען אויסגעצייכענט די פּסיכאָלאָגיע פון דער אַמעריקאַנער פרוי, געפינען שוין די „ריכטיגע" מיטלען צו מאַכען די פרוי אַלע טאָג מיט אַ יאָהר אינגער (לויט דעם חשבון פון אַ טאָג אויף אַ יאָהר, זיינען מאַנכע פרויען נאָך ניט געבוירען געוואָרען), און די פרויען „פּאַלען דערפאַר", און פאַרשווענדען זייער צייט אין די „ביוטי פּאַרלאָרס". זיי האַלטען זיך אין איין שמינקען מיט די פאַרשידענע „לאָושאָנס", וואָס העלפען ווי אַ טויטען באַנקעס, און די דערציהונג פון דעם קינד ווערט שרעקליך פאַרנאַכלעסיגט.

זעהט איהר אונזער „אַלט־מאָדישע" מוטער שרה וואָס האָט געלעבט מיט פיער טויזענט יאָהר צוריק, איז געוועזן קליגער פון אונזערע היינטיגע אַזוי־גערופענע „מאָדערנע" פרויען. די היינטיגע סדרה דערצעהלט אונז „ויהיו חיי שרה מאה שנה ועשרים שנה ושבע שנים שני חיי שרה". פרעגען די חכמים ז"ל, וואָס שטעהט עפּעס אַלעמאָל „שנה"? טייטשען די חכמים און רש"י ז"ל אויף דעם וואָרט: „בת ק' כבת כ'", ווען שרה איז אַלט געוועזן הונדערט יאָהר איז זי געוועזן אַזוי ריין פון זינד, ווי אַ טאָכטער פון צוואַנציג יאָהר, און „בת כ' כבת ז'" און ווען שרה איז אַלט געוועזן צוואַנציג יאָהר איז זי געוועזן אַזוי שעהן ווי אַ קינד פון זיבען יאָהר.

איז ערשטענס די קשיא, ווי קומט עס עפּעס וואָס די חכמים ז"ל, זאָלען זינגען שבחים פאַר אונזער מוטער שרה גאָר וועגען שעהנקייט? אונזער שלמה המלך, דער קליגסטער פון אַלע מענשען, האָט דאָך בפירוש געזאָגט „שקר החן והבל היופי" — אַז שעהנקייט און חן זיינען נאַרישקייטען. און יעדער מאַן וואָס קומט אַהיים פרייטאָג נאָכט פון שוהל זינגט דאָך דאָס. און אויב אפילו שעהנ־קייט איז שוין יאָ אַן ענין, איז וואָס איז דער שבח, אַז צו צוואַנציג יאָהר איז שרה געוועזן אַזוי שעהן ווי צו זיבען יאָהר? איז מען דען צו זיבען יאָהר שעהנער ווי צו צוואַנציג? ענטפערט דערויף רבי ישכר גרויבארט ז"ל: די כונה איז, אַז אונזער קלוגע מוטער שרה, וואָס איז געוועזן אַ נביאה, און וועגען וועמען דער אויבערשטער האָט געזאָגט צו אברהם'ן „אַלץ וואָס שרה וועט דיר זאָגען זאָלסטו פאָלגען", האָט זיך צו צוואַנציג יאָהר אַזוי ווייניג געקימערט וועגען איהר שעהנקייט, פּונקט ווי אַ קינד פון זיבען יאָהר. אַי, וואָלטען אונזערע „מאָדערנע" פרויען דאָס געדאַרפט אין זינען האָבען! אך, ווי שעהן און שטאַרק און פאַרשפּרייט אידישקייט וואָלט דאַן געוועזן צווישען אידען אין אַמעריקע!

מיינען דאָך אָבער אונזערע „מאָדערנע" פרויען, אַז זיי זיינען קליגער פון אונזער מוטער שרה, און זיי זיינען „דורשטיג" נאָך שעהנקייט. און נאָך

דעם ווי מען נעמט ביי זיי אַוועק די פּאָר דאָלאַר, און אינגער ווערען זיי דאָך סאַי ווי ניט, שרייען זיי, זיי זיינען „געוועזן דורשטיג" נאָך שעהנקייט, אָבער עס איז שוין צו שפּעט. וואָרום די קינדער זיינען שוין אין צווישען אונטערגעוואַקסען, אָהן וועלכער עס איז אידישער דערציהונג, און צוריק כאַפּען קען מען שוין ניט. דערמאָנט עס אונז אין פאָלגענדען: אַ פרוי איז אַמאָל געפאָהרען אין באָהן. אינמיטען דער נאַכט האָבען די פּאַסאַזשירען געהערט ווי אַ פרוי קרעכצט און זיפצט: „אוי, אוי, אוי". האָט מען זי געפרעגט וואָס עס פעהלט איהר, און זי האָט געענטפערט: „אוי, בין איך דורשטיג". זיינען דאָך אידען „רחמנים בני רחמנים", האָט מען איהר געבראַכט אַ גלאָז וואַסער. די פרוי האָט עס אַרונטערגעשלונגען, זיך מחיה געוועזן, און דער עולם איז זיך צוריקגעגאַנגען שלאָפען. עטליכע מינוט שפּעטער, ווידער דאָס זעלבע: „אוי, אוי, אוי!" זיינען דאָך אידען „רחמנים בני רחמנים", זיינען זיי ווידער אַראָפּ פון די גלעגערס און געפרעגט די פרוי וואָס איהר פעהלט, האָט זי געענטפערט: „אוי, אוי, אוי, בין איך געוועזן דורשטיג"!

און אָט דאָס נעמליכע איז דער פאַל מיט אונזערע „מאָדערנע" מוטערס. צוערשט „זיינען" זיי דורשטיג נאָך שעהנקייט. פאַרשווענדען זיי זייער צייט אין דעם „ביוטי פּאַרלאָר" און פאַרנאַכלעסיגען די אידישע דערציהונג פון זייערע קינדער. נאָכדעם ווי זיי קוקען זיך אַרום אַז זיי זיינען באַגאַנגען אַ פעהלער. אַז אינגער זיינען זיי סאַי ווי ניט געוואָרען, וואָרום יאָהרען האָבען שוין אַזאַ טבע, אַז זיי רעגיסטרירען זיך. מען קען זיי ניט אָפּמעקען. און די אידישע דערציהונג פון זייערע קינדער האָבען זיי פאַרנאַכלעסיגט. הויבען זיי אָן צו שרייען, אַז זיי זיינען געוועזן דורשטיג, אָבער עס איז שוין צו שפּעט...

און איצט אַ גוט וואָרט פון דעם „כתב סופר": אויף דעם פסוק ויהיו חיי שרה... איז פאַראַן אַ מדרש פליאה „אדם הראשון בלשון הארמי סיפר", אדם הראשון האָט גערעדט (געענטפערט) מיט לשון ארמי. איז וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס צום פסוק „ויהיו חיי שרה"? ערקלעהרט עס דער „כתב סופר" אַזוי: אונזערע חכמים ז"ל, זאָגען, אַז ווען אַ מענש שטאַרבט קומט ער צו אדם הראשון מיט אַ טענה, אַז ווען ניט זיין זינד מיט דעם עץ־הדעת, וואָלט ער ניט געוועזן געשטאָרבען. אויף דעם ענטפערט איהם אדם הראשון, אַז עס איז ניט אמת, נאָר אַז ער איז געשטאָרבען צוליב זיינע אייגענע זינד. בנוגע שרה שטעהט דאָך אָבער „ויהיו חיי שרה מאה שנה ועשרים שנה..." און דערויף ווערט געדרש'ענט, אַז דעריבער שטעהט נאָך יעדער צאָהל דאָס וואָרט „שנה", צו באַווייזען, אַז בת „ק" כבת „כ" לחטא — אַז אַזוי ווי אַ טאָכטער פון צוואַנציג יאָהר איז ריין פון זינד (וואָרום צו צוואַנציג יאָהר איז זי ניט קיין בת עונשין), אַזוי איז שרה צו הונדערט יאָהר געוועזן ריין פון זינד. איז וואָס־זשע האָט אדם הראשון געהאַט צו ענטפערען אין דעם דאָזיגען פאַל? איז דער תירוץ: „אדם הראשון בלשון הארמי סיפר". אויף שרה'ס פאַרוואורף האָט אדם הראשון געענטפערט מיט דעם לשון פון תרגום. אין אונקולוס און יונתן בן עוזיאל שטעהט ניט מעהר ווי איין מאָל „שנה", איז פאַלט שוין במילא אַוועק דער דרש פון „בת ק' כבת כ' לחטא".

ווייס איך, אַז איך האָב געזאָגט אַביסעל מוסר אונזערע מוטערס. דערלויב איך מיר צו געבען אַ שטיקעל עצה. די היינטיגע סדרה רעכענט אויס

ישמעאל׳ס קינדער, און דריי פון זיי האָבען געהייסען „משמע, ודומה, ומשא״. האָט דער רבי ר׳ בונים ז״ל געזאָגט אַ טייער וואָרט, געמליך, „משמע״ — אַ מענש דאַרף הערען ווען מען זאָגט איהם מוסר. „ודומה״, און ער דאַרף שווייגען, ער דאַרף זיך גוט צוהערען און שווייגען. „ומשא״, און ער זאָל דאָס געדולדיג „פאַרטראָגען״, און איינזעהען אפשר איז טאַקע דער בעל מוסר גערעכט.

די היינטיגע סדרה דערצעהלט אונז, צווישען פיעלע אַנדערע זאַכען, אַז אונזער מוטער שרה איז אַוועק פון אונזער זינדיגער וועלט, און אברהם אבינו האָט געזוכט אַ קבר פאַר איהר ; אַז ער האָט זיך געווענדעט צו די בני־חת, זיי זאָלען איהם פאַרקויפען אַ שטיקעל פלאַץ, און ער וועט זיי באַצאָהלען וויפיעל נאָר זיי ווילען אַליין, און ער האָט צו זיי געזאָגט „גר ותושב אנכי עמכם״ — איך בין ביי אייך אַ פרעמדער און אַן אנגעזעסענער, איז פאַרקויפט מיר אַ שטיקעל פלאַץ. מאַכט וועגען דעם הרב י. ח. דייכעס ז״ל אַן אויסערסט אינטע־רעסאַנטע באַמערקונג, וואָס איז אַנגעמאָסטען אפילו פאַר אונזער אייגענער צייט, כאָטש פון שרה׳ס פטירה ביז היינט צו טאָג איז אַן ערך פון וואָס פאַר אַ פיער טויזענט יאָהר. וואָרום אויך מיר אין גלות זיינען אי גרים, אי תושבים. אויף צו געניסען די פרייהייטען און די פּריווילעגיעס פון אַ לאַנד אין וועלכען מיר וואוינען, זיינען מיר „גרים״, פרעמדע, און מיר באַקומען וואָס ווייניגער. דאָס טאָרען מיר ניט, און דאָס לאָזט מען אונז ניט. דאַגעגען אָבער, ווען עס קומט צו נעמען, ווען מען דאַרף ביי אונז נעמען שטייערען אויף כל׳ערליי זאַכען, אין דעם פּרט זיינען מיר „תושבים״, אין דער הינזיכט זיינען מיר אמת׳ע בירגער, גלייכבאַרעכטיגטע, און מיר דאַרפען ביישטייערען ווי אַלע בירגער, און אָפטמאָל נאָך „מיט אַ שמיצעל אַריבער״.

און דאָס, אגב, האָט שוין אונזער מוטער רבקה פאָראויס געזעהען. און דערפאַר טאַקע, ווען זי איז געפאָהרען מיט אליעזר׳ן צו יצחק׳ן, און זי האָט איהם באַגעגענט אין פעלד, וואו ער האָט געדאַווענט מנחה, איז „ותקח הצעיף ותכס״, האָט רבקה געכאַפּט דעם שלייער און האָט זיך פאַרדעקט דאָס געזיכט. איז דאָס וואָרט „צעיף״, האָט דער ראַזדאלער רבי ז״ל געזאָגט, זיינען די ראשי תיבות (ערשטע אותיות) פון „עמך ישראל צריכין פרנסה״ — דיין פאָלק ישראל דאַרף פרנסה. לערנען מיר דערפון אַז אונזער מוטער רבקה האָט שוין דאַן געבעטען רחמים, אַז אחינו בני ישראל זאָלען האָבען פרנסה.

און וואָס האָט אברהם אבינו געזאָגט, ווען ער איז געגאַנגען קויפען אַ קבר פאַר שרה׳ן ? „בכסף מלא יתננה לי״, איך וויל באַצאָהלען דעם פולען פרייז. עס מיינט ניט אַז דערפאַר וואָס איך בין אברהם וויל איך מציאות. ניין. וואָרום דער אמת׳ער צדיק, דער אמת׳ער פרומער איד, זאָגט דער „ייטיב לב״, האַנדעלט ניט מיט זיין צדקות. ער זוכט ניט קיין מציאות אויף דעם חשבון פון זיין פרומקייט און אָנגעזעהענקייט ביי מענשען. ער זוכט ניט קיין פערזענ־ליכע נוצען פאַר זיין יראת שמים. אין „חובת הלבבות״ ווערט דערצעהלט, אַז איינער, זעהר אַן עהרליכער און חשוב׳ער בעל הבית איז אַמאָל אַריינגע־קומען אין אַ קראָם עפּעס קויפען. דער קרעמער, קענענדיג איהם פאַר אַן אָנגעזעהענעם מענשען, האָט ער איהם געוואָלט פאַרקויפען אַ מציאה, און ער האָט איהם געזאָגט אַ גאָר נידעריגען פרייז. האָט דער קונה זיך אָנגערופען :

זייט וויסען, ליבער איד, אַז איך בין געקומען צו אייך קויפען פאַר געלט, ניט פאַר יראת שמים. און דאָס האָט אברהם אבינו געמיינט מיט „בכסף מלא יתננה לי“ — איך וויל ניט קיין מציאות. דאָס וואָס איך גלויב אין בורא עולם און דיען איהם, דאָס איז מיין זאַך. און פאַר דעם קבר וויל איך באַצאָהלען דעם פולען פרייז.

איז דאָך עפרון, ביי וועמען אברהם אבינו האָט געקויפט דעם קבר (פלאַט), געווען אַן עבודה זרה׳ניק, און דערצו נאָך האָט מען איהם גראָד יענעם טאָג באַשטימט פאַר אַ ריכטער, האָט ער זיך דאָך געוואָלט אויספיינען פאַר זיינע מענשען. איז „ויען עפרון החתי את אברהם באזני בני חת... השדה נתתי לך והמערה אשר בו“. האָט עפרון געזאָגט צו אברהם׳ן אין געגענוואַרט פון אַלע מענשען, אַז ער גיט איהם דאָס פעלד מיט דער מערה (מערת המכפלה) וואָס געפינט זיך אין דעם. איז דאָך דאַכט זיך גאַנץ גוט און פיין, טויג עס ערשט ניט. ווי זאָגט דער „ילקוט אליעזר“: מיט דעם דאָזיגען זאָג האָט ער טאַקע אַרויסגעוויזען זיין ברייטהאַרציגקייט, און ער האָט גלייכצייטיג געוואָלט ווייזען זיינע מענשען ווי ער האָט פיינט געלט. אָבער אַביסעלע שפּעטער „ויען עפרון את אברהם לאמור לו... ארבע מאות שקל כסף“. ווען ער איז געווען מיט איהם אויג־אויף־אויג, האָט ער גערעדט גאָר אַנדערע דיבורים, נעמליך, „לאמור לו“. ער האָט איהם איינגערוימט אין אויער, אַז עס קאָסט פיער הונדערט זילבערנע שקלים. און ניט נאָר דאָס, נאָר „ביני ובינך“ — דאָס איז צווישען אונז, בלויז צווישען מיר און דיר, און קיין אַנדערער טאָר פון דעם ניט וויסען.

און פאַרוואָס מיינט איהר דערצעהלט אונז די תורה אַזוי מיט אַלע איינצעלהייטען וועגען דער דאָזיגער קניה, וואו דער קבר געפינט זיך, ביי וועמען אברהם אבינו האָט איהם געקויפט, וויפיעל ער האָט באַצאָהלט, און אַזוי ווייטער? זאָגט דערויף דער „דרשות אל עמי“ אַ גוט וואָרט: אונזער תורה האָט שוין דעמאָלט געוואוסט אַז עס וועלען אַמאָל ענטשטעהען סכסוכים איבער די הייליגע ערטער אין ארץ ישראל. די תורה האָט פאַראויסגעזעהען, אַז עס וועלען קומען די אומות העולם וועמען די גאַנצע וועלט איז ניט גענוג, און זיי וועלען נאָך וועלען אַוועקרויבען אויך אונזערע הייליגע ערטער. און מיר זעהען דאָך היינט צו טאָג מיט אונזערע אייגענע אויגען, ווי די אומות העולם ווילען ביי אונז אַוועקרויבען ירושלים, און אַנדערע ערטער. איז דעריבער האָט די תורה דאָס באַשריבען מיט אַלע איינצעלהייטען: אַז אברהם אבינו האָט עס געקויפט ניט פאַר יראת־שמים, נאָר פאַר געלט ממש.

אגב, דער „מגיד ירחים“ זאָגט בדרך הלצה, אַז דאָס מיטעלסטע אות פון אברהם איז דאָך אַ „ר“, און דאָס מיטעלסטע אות פון עפרון איז אויך אַ „ר“, אוןביידע „ר“ צוזאַמען באַטרעפען פיער הונדערט, דעם פרייז וואָס אברהם אבינו האָט באַצאָהלט עפרון׳ען פאַר דער מערה. און דער בעל־הטורים אויף בראשית כג, טז, באַמערקט, אַז „עפרן“ באַטרעפט פיער הונדערט.

און נאָך דעם ווי אברהם אבינו האָט מקבר געווען אונזער מוטער שרה, האָט ער אָנגעהויבען טראַכטען וועגען חתונה מאַכען יצחק׳ן. יצחק איז שוין דאַן אַלט געווען אַ פערציג יאָהר, וויפיעל איז דער שיעור? האָט אָבער אברהם געוואוינט צווישען געצענדינער. ער אַליין איז דאָך געווען דער ערשטער איד,

דער ערשטער צו גלויבען אין איין בורא עולם, דער ערשטער צו פּראָקלאַמירען צו דער וועלט דעם גלויבען אין „אחד". האָט ער כאָטש געוואָלט אַ שנור פון זיין געבורטסלאַנד, ער זאָל קענען לכל הפּחות וויסען איהר אָפּשטאַם. האָט ער אַהין געשיקט זיין קנעכט אליעזר צו זוכען אַ פּרוי פאַר יצחק'ן. האָט אליעזר זיך אַוועקגעלאָזט מיט קעמלען, אָנגעלאָדען מיט אַ היבשען נדן. און ווי מיר וויסען, האָט דער אויבערשטער צוגעשיקט דעם ריכטיגען זיווג. און געקראָגען האָט רבקה אַ גרויסען נדן ניט אין זכות פון איהר טאַטען, נאָר טאַקע אין איהר אייגענעם זכות.

אַ געוויסער גאון האָט אַמאָל חתונה געמאַכט זיינעם אַ זוהן מיט אַ גביר'ס אַ טאָכטער. פאַרשטעהט זיך, אַז דער גביר האָט געגעבען אַ היבשען נדן, און קאָסטבאַרע מתנות, ווי עס פּאַסט פאַר אַ גביר וואָס איז זיך משדך מיט אַ גאון. יחוס איז דאָך פאָרט אַן ענין. דער חתן האָט זיך שטאַרק איבערגענומען און איז געוואָרען ביי זיך אַביסעל צו האפערדיג. טהוט דער גאון אַ זאָג צו איהם: „מיין קינד, וואָס נעמסטו זיך אַזוי איבער? מיינסטו טאַקע אויף אַן אמת, אַז דעם נדן און די מתנות האָט מען געגעבען צוליב דיר? אויב דו מיינסט אַזוי, האָסטו במחילה אַ טעות. דעם נדן האָט דער מחותן געגעבען צוליב מיר. אַי, פאַרוואָס זשע טאַקע האָט דער מחותן ניט געגעבען מעהר? ער איז דאָך ברוך השם ביכולת! איז דער תירוץ אַז דאָס האָסטו קאַליע געמאַכט..."

וועל איך ענדיגען מיט נאָך אַ גוט וואָרט, וואָס מיר וואָלטען בעדאַרפט געדענקען לגבי ישראל. אויף דעם „וישקל אברהם לעפרון... ארבע מאות שקל כסף..." זאָגט דער „קניני קדם": פאַר דער מערת המכפלה האָבען מיר באַצאָהלט דעם פולען פּרייז. מיר האָבען אַ בפירוש'ן קאָנטראַקט, די תורה אַליין איז דאָך אַן עדות דאַרויף. אָבער די אומות העולם, און אפילו די יעניגע וואָס האַלטען פון דער „ביבעל", רעכענען זיך ניט דערמיט. וואָרום ווען עס קומט צו אידען, איז ניט „געלט", און ניט קיין „קאָנטראַקט" זיינען וויכטיג, נאָר „חזקה". איז איצט ווען מיר האָבען שוין אונזער לאַנד, אפילו בלויז אַ פּיצעלע, דאַרפען מיר זעהן עס צו האַלטען מיטביידע הענט, וואָרום „חזקה" איז דער עיקר.

# תולדות

ואלה תולדות". זאָגט די גמרא אין תמיד ל"ב, א „איזהו הוא חכם, הרואה את הנולד (אין פרקי אבות איז עס ניט פאַראַן). זאָגט דאַרויף דער פשיסכער רבי ז"ל אַ גוט וואָרט, נעמליך: פון דעם „נולד", פון דעם קינד, דערקענט מען דעם טאַטען. אברהם הוליד את יצחק. געוועהנליך זיינען אברהם, יצחק'ס פאָטער, און יעקב, יצחק'ס זוהן, מעהר „פּאָפּולער" פון יצחק'ן. אָבער אין אמת'ן איז יצחק אפשר געווען אַ נאָך גרעסערער פאַרטיי-דיגער פון דעם פאָלק ישראל סאַי פון אברהם'ן און סאַי פון יעקב'ן.

אָט דערצעהלט אונז די גמרא (שבת פ"ט, ב) אַז ווען דער אויבערשטער האָט געזאָגט צו יצחק'ן „בניך חטאו לי", דיינע קינדער האָבען געזינדיגט געגען מיר, האָט יצחק געענטפערט: „בני ולא בניך", מיינע קינדער און ניט דיינע קינדער! ווען זיי האָבען אויסגעשריגען דעם „נעשה" פאַר דעם „נשמע" האָסטו זיי גערופען „בני בכורי", מיין ערשט קינד, און איצט זיינען זיי מיינע און דיינע ניט? און צווייטענס, וויפיעל, מ'שטיינס געזאָגט, האָבען זיי אינ-גאַנצען געזינדיגט? וויפיעל לעבט דען אַ מענש? זיבעציג יאָהר. איז רעכען אַראָפּ צוואַנציג יאָהר פאַר וועלכע דו שטראָפסט ניט (זעהט רש"י אין שבת פ"ט, ב), בלייבט פופציג. נעם אַרונטער פינף און צוואַנציג יאָהר פאַר די נעכט, ווען אַ מענש שלאָפט, בלייבט פינף און צוואַנציג. נעם אַרונטער צוועלף און אַ האַלב יאָהר וואָס געהט אַוועק אויף דאַוועגען, עסען און אַנדערע זאַכען, בלייבט צוועלף און אַ האַלב יאָהר. איז אויב דו ווילסט נעמען אין גאַנצען אויף זיך, איז גוט. אלא טאָמער ווילסטו ניט, איז נעם איך אַ העלפט אויף זיך, און דו נעם אַ העלפט. אַי, טאָמער וועסטו זאָגען איך זאָל נעמען אין גאַנצען אויף זיך, ווייסטו דאָך אַז איך בין גרייט געווען מקריב צו זיין זיך פאַר דיר."

און ווי פלעגט מיין מאַמע בראַנצי ע"ה זאָגען, „דאָס שעהנקייט פון די קינדער איז אַ כבוד פאַר די עלטערען". האָט טאַקע אברהם אבינו געהאַט נחת פון זיין זוהן יצחק. און אַז דער טאַטע האָט איהם געזאָגט אַז ער פיהרט איהם צו דער עקידה, האָט יצחק נאָך אַליין געטראָגען די מכשירים.

אָט הערט, ווען אברהם האָט געפיהרט יצחק'ן צו דער עקידה, האָט זיי באַגעגענט דער שטן אויף דעם וועג, אין דעם געשטאַלט פון אַ יונגען שעהנעם בחור, און ער האָט זיך געשטעלט אין יצחק'ס רעכטער האַנט, און ער האָט איהם געפרעגט: „וואוהין געהסטו? אָה דו אומגליקליכער זוהן פון אַן אומגליקליכער מוטער! וויפיעל תעניתים האָט דיין מוטער צוליב דיר געפאַסט! וויפיעל תפילות האָט זי געבעטען ביז זי האָט דיך געבוירען. און איצט קומט אָט דער אַלטער, וואָס פון אַלטקייט איז ער פון זינען אַראָפּ, און ער פיהרט דיך שעכטען! פאָלג איהם ניט, און זאָל אַ שעהנע געשטאַלט ווי דו, ניט אומקומען פון דער וועלט!" אָבער יצחק האָט געענטפערט: „און

איך וועל דאָך ניט עובר זיין אויף מיין באַשעפער'ס פאַרלאַנג און אויף מיין פאָטער'ס געבאָט."

און ווען אברהם און יצחק זיינען שוין צוגעקומען צום באַרג מוריה, האָט זיך יצחק אָנגערופען: "טאַטע, פייער און האָלץ האָבען מיר, נו און וואו איז דאָס שעפעלע פאַר דעם קרבן?" האָט אברהם איהם געענטפערט: "מיין קינד, דער אויבערשטער האָט דיך אויסדערוועהלט פאַר דעם קרבן אויף דעם אָרט פון דעם שעפעלע". און מיט גרויס פרייד האָט יצחק אויסגעשריגען: "אַלץ וואָס דער באַשעפער האָט דיר געהייסען, וועל איך טהון מיט גרויס שמחה. איך שווער ביים בורא עולם און ביי דיר, טאַטע, אַז טיעף אין האַרצען האָב איך גאַרניט געגען דעם וואָס דער אַלמעכטיגער האָט דיר געהייסען טהון. אַ ביין פון מיינע ביינער און פלייש פון מיין פלייש וועט ניט אָפּוויכען פון וואָס דער אויבערשטער האָט דיר געזאָגט. אדרבה, איך בין אויסערסט צופרידען, און געלויבט זיי דער אַלגעגענווערטיגער וואָס ער האָט מיך אויסגעוועהלט פאַר דעם קרבן".

און אַזוי שנעל ווי זיי זיינען צוגעקומען צום מזבח, האָט יצחק זיך אָנגערופען צו אברהם'ען: "טאַטע, אייל זיך צו, פאַרקאַטשע די אַרבעל און בינד גוט מיינע הענט און מיינע פיס, וואָרום איך בין דאָך אַ בחור פון זיבען און דרייסיג יאָהר, און דו ביזט אַלט. איז אַז איך וועל דערזעהען דאָס מעסער אין דיין האַנט, וועל איך זיך דערשרעקען פון פחד, און איך קען דיר נאָך דערלאַנגען, און דערוויילץ אַליין באַקומען אַ מום און ווערען פסול פאַר אַ קרבן. בעט איך דיך, טאַטע, אייל זיך צו און טהו דעם ווילען פון דעם באַשעפער פון דער וועלט. האַלט ניט אויף, גורט אָן דיינע לענדען און פאַרברען מיך גוט. דאָס אַש פון מיין קערפּער זאָלסטו אָוועקפיהרען צו מיין מוטער שרה. לייג עס אַריין אין אַ קעסטעלע און שטעל עס אַוועק אין איהר צימער, כדי אַז ווען זי וועט אַריינגעהען אין איהר צימער, וועט זי מיט געוויין זיך דערמאָהנען אין איהר זוהן יצחק".

אָט אַזאַ געטריי קינד איז געווען יצחק. און פונקט ווי ער האָט אַזוי שטאַרק מקיים געווען די מצוה פון "כבוד אב", פונקט אַזוי שטאַרק האָט ער זיך אָנגענומען פאַר דעם פאָלק ישראל, און זיי פאַרטיידיגט ביי דעם רבונו של עולם. איז טאַקע וואויל דעם טאַטען וואָס האָט געהאַט אַזאַ זוהן ווי יצחק אבינו, און וואויל דעם זוהן וואָס האָט געהאַט אַזאַ פאָטער ווי אברהם אבינו.

און ווען יצחק איז געפיהרט געוואָרען צו דער עקידה, איז ער אַלט געווען זיבען און דרייסיג יאָהר. און פונקט דאַן איז רבקה געבוירען געוואָרען. און ווען רבקה איז אַלט געוואָרען דריי יאָהר, האָט יצחק מיט איהר חתונה געהאַט. צוואַנציג יאָהר האָבע זיי ניט געהאַט קיין קינדער. און דאַן איז רבקה מעוברת געוואָרען מיט אַ צווילינג. "ויתרוצצו הבנים בקרבה", און די קינדער האָבען געקעמפט איינער מיט דעם אַנדערען אין איהר טראַכט. זאָגען אונזערע חכמים ז"ל אַז ווען רבקה פלעגט דורכגעהן דורך דעם בית המדרש פון שם ועבר, האָט יעקב זיך "געבאָרעט" מיט עשו'ן, ווייל ער האָט געוואָלט אַרויס כדי צו לערנען תורה. און ווען זי פלעגט פאַרבייגעהן אַן עבודה זרה האָט עשו זיך געראַנגעלט מיט יעקב'ן, ווייל ער האָט געוואָלט אַרויס דיענען פרעמדע געטער.

זאָגט דערויף ר׳ שלמה קלוגער ז״ל אַ גוט וואָרט: מילא יעקב האָט געוואָלט אַרויס און ניט געקאָנט, ווייל ער איז דאָך געווען דער צווייטער, איז פאַרשטעהט מען פאַרוואָס ער האָט זיך געראַנגעלט מיט עשו׳ן. וואָרום עשו האָט דאָך איהם פאַרשטעלט דעם וועג, האָט ער געקעמפט. אָבער עשו האָט דאָך יאָ געקענט אַרויס, איז צו וואָס האָט ער געקעמפט? נאָר דער תירוץ איז: אָהן יעקב׳ן האָט עשו ניט געוואָלט אַרויס אויף דער וועלט. וואָרום וואָס וועט ער טהון אָהן איהם? ווענען וועט ער פאַרביטערען דאָס לעבען? אויף וועמען וועט ער מאַכען פאָגראָמען?

און ווידער איז די קשיא: צו וואָס האָט יעקב געצאַפּעלט און געוואָלט אַרויס פון דער מוטער׳ס טראַכט בעת זי פלעגט דורכגעהן דורך דער ישיבה פון שם ועבר? אונזערע חכמים ז״ל זאָגען דאָך אַז בשעת אַ קינד געפינט זיך אין דער מוטער׳ס טראַכט לערענט אַ מלאך מיט איהם תורה? ענטפערט דערויף דער רבי ר׳ בונים ז״ל אַז צוזאַמען מיט עשו׳ן איז אפילו ווען דער רבי איז אַ מלאך, טויג עס אויך ניט.

איז דאָס אַ געוואַלדיגער אמת! און אָט דאָס איז די גרעסטע צרה אין אונזער גלות לעבען. מיר זיינען פון אַלע זייטען אַרומגערינגעלט מיט עשו׳ס. אפילו דער איד וואָס טהוט אַלץ אין דער וועלט צו קענען פיהרען אַ אידיש לעבען, אָפּהיטען שבת און יום טוב און אַזוי ווייטער, קומט עס איהם אָן מיט די גרעסטע שוועהריגקייטען. און אָפט מאָל לעגען אונז שטיינער אין וועג ניט דוקא די עשו׳ס, נאָר טאַקע אונזערע אייגענע ברידער און שוועסטער. אָט נאָט אייך אַ לעבעדיגען ביישפּיל: מיין בן יחיד׳ל משה, זאָל לעבען און געזונט זיין, איז אינגאַנצען פיער און אַ האַלב יאָהר אַלט. האָט ער, פאַרשטעהט זיך, אַ רייטוועגעלע (בייסיקעל), און ער ווייסט אַז שבת און יום טוב טאָר ער עס ניט באַנוצען. אָבער ווען ער זעהט אַז די אַנדערע משה׳לעך און שלמה׳לעך אין דעם זעלבען „בלאָק״ פאָהרען יאָ שבת און יום טוב אויף זייערע רייטוועגעלעך, פרעגט ער: „טאַטע פאַרוואָס מעגען זיי יאָ, און איך ניט?״

איז דערויף דאָ איין תירוץ: דער גלות. אַי, דער פינצטערער גלות! און אונזער איינציגע האָפנונג איז ישראל! איז פונקט ווי מיר לייגען איין וועלטען אַז מיר זאָלען שוין איין מאָל פאַר אַלע מאָל האָבען אונזער לאַנד, אָהן מלחמות. אַז עס זאָל שוין הערשען דאָרט פרידען. און יעדער איד אין אונזער לאַנד זאָל שוין קענען זיצען אין מנוחה, „אונטער זיין פייגענבוים און אונטער זיין טייטעלבוים״. פונקט אַזוי דאַרפען מיר ממש איינלעגען וועלטען אַז עס זאָל זיין אַן ארץ ישראל על פי תורת ישראל. אַז כאָטש דאָרט, אויף אונזער אייגענעם באָדען, זאָל אַ איד זיך קענען אויסלעבען אידיש, פיהרען אַן אינטענסיוו אידיש־רעליגיעז לעבען. אַ לעבען ווי עס פּאַסט פאַר די קינ־ דער פון אברהם אבינו, וואָס איז געווען באַרייט מקריב צו זיין דערפאַר זיין אייגענעם זוהן, און פאַר די קינדער פון יצחק אבינו, וואָס איז געווען גרייט זיך צו לאָזען מקריב זיין פאַר דעם גלויבען אין איין וועלט־באַשעפער, פאַר דער אידישער רעליגיע.

און ווער, מיינט איהר, איז שולדיג אין דעם וואָס מיר אידען אין גלות פיהרען ניט אַן אמת׳ן אידישען לעבען? די גוים? אַ נעכטיגער טאָג! קיין גוי אין אַמעריקע, למשל, שטערט ניט אַ אידען צו פיהרען אַ אידיש לעבען.

ווער, מיינט איהר, האָט די גאַנצע צייט ניט דערלאָזט אַז מיר זאָלען האָבען אַ אידיש לאַנד? די גוים? עס הויבט זיך ניט אָן. „וידו אוחזת בעקב עשו", בעת עשו האָט געוואָלט אַרויס, האָט יעקב איהם אָנגעכאַפּט מיט דער האַנט ביי דער פּיאַטע און האָט ניט געלאָזט. זאָגט דערויף ר' לייביש חריף ז"ל: כמעט אין אַלע צרות אויף אידען קומט עשו'ן צוהילף אַ פאַררעטערישע אידישע האַנט — „יד ישראל באמצע". וויינ' אידען אין אַמעריקע האָבען איינגעלעגט וועלטען אַז מיר זאָלען ניט קריגען אונזער לאַנד ישראל! האָבען מיר דאָך אָבער אַ גרויסען בורא עולם, האָט עס זיי טאַקע ניט געהאָלפען. אָבער מיר דאַרפען זעהען אַז דאָרט אין אונזער לאַנד, אין דעם לאַנד פון אברהם, יצחק און יעקב, זאָלען אידען קענען פיהרען אַ אידיש לעבען. און איך זאָג אייך דעם גאַנצען אמת אַז כשאני לעצמי איז דאָס דער עיקר פון אַלע עיקרים.

געוויס איז דאָס לאַנד ישראל וויכטיג פאַר אונז שוין דערפאַר אַליין וואָס די הונדערטער טויזענטער אידען, כן ירבו, וואָס זיינען ניצול געוואָרען פון אַ זיכערען טויט פון די דייטשע מערדער, ימח שמם, זאָלען האָבען אַן אייגען וויגעלע וואו זיי זאָלען קענען ענדליך לעבען ווי מענשען. אָבער מיר אידען מוזען האָבען אַן אָרט וואו מיר זאָלען קענען לעבען ווי אידען. אויב חלילה ניט, זאָג איך בפה מלא, אַז ניו יאָרק איז פונקט אַזוי גוט ווי תל־אביב. אָט דאָס איז דער געבאָט פון דער איצטיגער שעה: אַ לאַנד ישראל פאַר אַ ישראל לעבען, פאַר אַ לעבען לויט דער תורה, נביאים, תלמוד, פאַר אַן אינ־טענסיוו אידיש לעבען.

„וידו אוחזת בעקב עשו". וואָס מיינט איהר איז געווען אונזער גרעסטע צרה, אונזער גרעסטער אומגליק אין גלות? האָט שוין דערויף געגעבען אַ קערענדיג־אמת'ן ענטפער דער „דרשות אל עמי". נעמליך, אונזער גרעסטע צרה איז געווען וואָס אין אונזער גלות־לעבען האָבען מיר אָנגעהאַלטען עשו'ן און זיך נאָכגעשלעפּט נאָך איהם טריט ביי טריט. מיר האָבען איהם אַלץ נאָכגעטהון. ווי האָט געזאָגט דער דייטש־אידישער דיכטער היינריך היינע: „ווי עס קריסטעלט זיך, זאָ אידעלט זיך". וואָס עשו האָט געטהון, האָבען מיר נאָכגעטהון. וואָס עשו האָט געפלאָפּעלט, האָבען מיר נאָכגעפלאָפּעלט. מיר האָבען שטענדיג געוואָלט בלויז נושא חן זיין ביי דעם גוי'אישען שכן אין די אויגען. דערפאַר איז אונזער אידישקייט, און אין ברייטערען זין אונזער עקזיסטענץ אַלס אידיש פאָלק, שטענדיג געווען אין אַ טראַגישען צושטאַנד. אָבער איצט, האָבענדיג אַן אייגען לאַנד, ווען מיר, דער עם ישראל, האָבען אונזער אייגען ארץ ישראל, איז די ערשטע זאַך אויף דעם טאָג־אָרדנונג מוז זיין אַן ארץ ישראל, אַ אידיש לאַנד, לויט תורת ישראל, לויט די פאַרשריפטען פון אונזער תורה.

„וידו אוחזת בעקב עשו". ווען ר' משה מונטיפיאָרי ז"ל, דער באַריהמ־טער נדבן, וואָס האָט זעהר פיעל געטהון אויסצובעסערען די לאַגע פון די אידען אין די גלות לענדער, איז געווען אין ווילנא, האָט ער באַמערקט אַז ער האָט געגעבען כך וכך פאַר אַ געוויסען אידישען אַנשטאַלט אין רוסלאַנד. האָט זיך אַ איד אָנגערופען: „איהר זאָלט געווען געבען דאָס געלט אונז, מיר

זאָלען דאָס קענען געבען אַלס ,כּאַבּאַר', וואָלט דער רעזולטאַט געווען געווען אַ גרעסערער. איז אין גלות טאַקע געווען זעהר וויכטיג דער פּרינציפּ פון „וידו אוחזת בעקב עשו". דאָס הייסט, ווי דער „קהלת יצחק" זאָגט אַזוי טרעפענד: דאָס איינציגע שטיקעל גליק פון דעם אידען אין גלות, איז וואָס „וידו אוחזת בעקב עשו", וואָס עשו קוקט שטענדיג דעם אידען אין דער האַנט אַריין. נעמליך, וואָס דער איד קען זיך אויסקויפען מיט געבען געלט אין דער „יד" אַריין. איז „במה דברים אמורים", ווען איז דאָס אַלץ געוועדט געוואָרען? אין גלות. אָבער אין אונזער לאַנד ישראל, דאַרף יעדער איד ניט נאָר זיך קענען אויסלעבען אידיש אָהן כּאַבּאַר, אָהן שוחד, נאָר די רעגירונג וועט דאַרפען זעהן טהון אַלץ מעגליכעס צו העלפען די בירגער פיהרען אַ אידיש לעבען „כּדת משה וישראל".

און די היינטיגע סדרה דערצעהלט אונז אַז „ויאהב יצחק את עשו כי ציד בפיו", און יצחק האָט ליב געהאַט עשו'ן ווייל ער איז געווען א יעגער. ער פלעגט איהם ברענגען אַ גוט שטיקעל פלייש. נו, איז יצחק דען געווען אַזוי להוט נאָך דער אכילה אַז דערפאַר זאָל ער ליב האָבען אַן עשו? ערקלעהרט עס ר' יוסף שאול נאַטאַנזאָהן ז"ל אַזוי: יצחק האָט זיך געטראַכט אַז יעקב איז אַ פרומער איד, איז ניט קיין גרויסע רבותא. ער איז אַן „איש תם", ער איז אַ „יושב אוהלים", זיצט אין הויז און לערענט. ער פיהרט ניט קיין מסחרים, קומט ניט צווישען קיין מענשען, איז וואָס זשע איז די רבותא אַז ער איז פרום? אָבער עשו, ער איז אַן „איש ציד". ער איז שטענדיג פאַריאָגט, באַשעפטיגט, און דאָך איז ער אַזוי פרום אַז ער קומט אַזש פרעגען „טאַטע, ווי אַזוי גיט מען מעשר פון שטרוי". איז דאָך דאָס עפּעס ניט קיין קלייניגקייט. איז אָט דערפאַר האָט ער אויסגענומען ביי איהם אין די אויגען. און דערפאַר האָט ער איהם ליב געהאַט. אַי, אַז עשו האָט איהם פשוט אָפּגענאַרט, דאָס האָט דער אמת'ער, עהרליכער, פרומער יצחק, דער „עולה תמימה", ניט געוואוסט.

זעהט איהר, רבקה האָט עס דוקא בעסער פאַרשטאַנען פון יצחק'ן. די סדרה זאָגט אונז „ורבקה אוהבת את יעקב", רבקה האָט ליב געהאַט יעקב'ן. זאָגט רבי נפתלי ראָפּשיצער ז"ל, אַז „תמימות" איז טאַקע אַ פיינע מידה. אָבער ווי זאָגט דאָס ווערטעל „כבדהו וחשדהו", האַלט איהם עהרליך, אָבער גלייכצייטיג באַציה זיך צו איהם קריטיש. און דאָס האָט אונזער מוטער רבקה פאַרשטאַנען. רבקה, וואָס איז געווען די טאָכטער פון בתואל הארמי און די שוועסטער פון לבן הארמי, האָט גוט געקאָנט אַזאַ „חברה מאַן" ווי עשו. זי האָט זיך ניט געלאָזט פאַרפיהרען פון עשו'ס שמד־שטיק, און דערפאַר טאַקע האָט זי ליעב געהאַט דעם אידעלען, עהרליכען יעקב'ן.

זיינען טאַקע מאַנכע פרויען אַמאָל קלוגער פון די מענער, אָבער אַמאָל איז עס שוין גאָרניט קיין מעלה. און די ראיה איז טאַקע פון רבקה'ן. ווי באַוואוסט האָט יעקב באַקומען די ברכות פון יצחק'ן אַ דאַנק רבקה'ס עצה. האָט דער קאָזשעניצער מגיד ז"ל געזאָגט בדרך הלצה: „גדזשיע זשאָנאַ זשאָנדזשי, טאַם מאָנזש בלאָנדזשי" (אַ פויליש ווערטעל). אויף אונזער מאַמע לשון הייסט עס: „וואו די פרוי רעגירט, ווערט דער מאַן פאַרפיהרט". אַלזאָ,

ווען רבקה זאָל ניט געווען געבען יעקב׳ן די עצה ווי אַזוי אַרויסצוקריגען די ברכות פון יצחק׳ן, וואָלט דאָך יצחק געווען געבענטשט עשו׳ן. דאַן וואָלט עשו ניט געווען אַזוי געברענט און געבראָטען אויף יעקב׳ן. וואָלטען מיר ביז היינט צו טאָג זיך געווען איינגעשפּאָרט אַ היבש ביסעל צרות.

און כאָטש יעקב איז געווען אַן „איש תם״, פונדעסטוועגען האָט ער געמאַכט אַ שטיקעל מסחר מיט עשו׳ן. ער האָט, נעמליך, געזאָגט צו עשו׳ן: „מכרה כיום את בכורתך לי״ — פאַרקויף מיר דיין בכורה. איז צו וואָס אייגענטליך האָט עס יעקב באַדאַרפט? טייטשט אויס ר׳ נפתלי ראָפּשיצער ז״ל אַזוי: ווי באַוואוסט האָבען יעקב און עשו זיך איינגעטיילט מיטביידע וועלטען. יעקב האָט גענומען עולם הבא. און עשו האָט גענומען עולם הזה. האָט אָבער יעקב אבינו איינגעזעהען אַז פאַר אַ אידען איז ניט מעגליך צו האָבען עולם הבא סיידען ער איז מקיים עפּעס פון די „מצוות התלויות בארץ״, עפּעס אַ מצוה וואָס האָט אַ שייכות מיט דער וועלט. איז דעריבער האָט ער געזאָגט צו עשו׳ן: „מכרה כיום״, און „כיום״ זיינען די ראשי תיבות (ערשטע בוכשטאַבען) פון „כולם ישבעו ויתענגו מטובך״, איז פאַרקויף מיר אַביסעל גוטסקייט פון דער וועלט, ווייל איך דאַרף עס זעהר נויטיג האָבען פאַר עולם הבא.

און אַ גאָר וויכטיגע לעקציע לערנען מיר וועגען דער שנאה פון די גויים צו אונז. די סדרה דערצעהלט אונז „וישב יצחק בגרר״. יצחק האָט זיך באַזעצט אין גרר. זאָגט דערויף דער „חומר לדרוש״: יצחק האָט דאָרט ניט געעפענט קיין קראָם צו קאָנקורירען מיט די איינוואוינער. ער האָט ניט געהאָט קיין שענק צו פאַרשפּרייטען שכרות צווישען די איינוואוינער. ער האָט ניט אַוועקגעליגען קיין פּריצים געלט אויף פּראָצענט, מען זאָל קענען זאָגען אַז ער איז אַן עקספּלואַטאַטאָר, אַ בלוט זויגער. ער האָט זיך דאָך באַשעפטיגט מיט ערד אַרבייט און געלעבט פון דער פּראַצע פון זיינע הענט, ווי אין פּסוק שטעהט: „ויזרע יצחק בארץ ההוא״, יצחק איז געווען אַ „פאַרמער״, געאַרבייט אין פעלד. און דאָך האָבען די גויים געהעצט געגען איהם און געשריען, „לך מעמנו, כי עצמת ממנו מאד״, ציה זיך אַוועק פון אונז, באַזעץ זיך ערגעץ אַנדערש, דו ביזט צו שטאַרק פאַר אונז. לערנען מיר דערפון אַז וואָס אַ איד זאָל ניט טהון, מיט וואָס ער זאָל זיך ניט באַשעפ־טיגען, וועט עס אַלץ זיין גרויס אין די אויגען פון די גויים. אַזוי איז דאָס היינט, און אַזוי איז דאָס געווען שוין אין יצחק אבינו׳ס צייטען. און ווער, מיינט איהר, איז שולדיג אין דעם? דער ביטערער גלות. נו, האָבען מיר דאָך שוין אונזער אייגען לאַנד, וועט טאַקע מיט דעם אויבערשטען׳ס הילף זיין בעסער.

ניט אַלע אידען איז אין גלות עקאָנאָמיש שלעכט. אַ משכיל האָט אַמאָל געפרעגט דעם בעלזער רבי׳ן רבי שלום ז״ל, פאַרוואָס די קורץ־געקליידעטע אידען, די „דייטשען״, לעבט זיך על פי רוב בעסער ווי די פרומע, אָרטאָדאָק־סישע, חסידישע אידען? האָט דער רבי איהם דערויף געענטפערט: „עס איז אַ גאָר פּשוט׳ע זאַך. עס נעמט זיך דערפון וואָס ווען יצחק האָט געבענטשט יעקב׳ן, איז יעקב דאַמאָלס געווען געקליידעט ווי אַ „דייטש״, ער האָט גע־טראָגען די „בגדי עשו״, עשו׳ס קליידער...

און צו וואָס טאַקע האָט יעקב באַדאַרפט יצחק׳ס ברכה? זאָגט דערויף דער „חידושי הרי״ם״ ז״ל אַ טייער וואָרט: אונזער מוטער רבקה האָט געזעהען בנבואה, אַז יעקב׳ס קינדער וועלען זיין צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע עקען וועלט, צווישען אַלע פעלקער. און דאַן וועלען פיעלע פון זיי נעביך מוזען געהן געקליידעט אין עשו׳ס קליידער, און דאַמאָלס וועלען זיי דאַרפען יצחק אבינו׳ס ברכה...

אָבער יצחק, וועמענס ראיה איז ניט געוועזען גוט, האָט זיך געוואונדערט: „הקול קול יעקב, והידים ידי עשו״ — דאָס קול איז ווי יעקב׳ס, און די הענט זיינען ווי עשו׳ס. באַמערקט דער „מגד ירחים״: בעת אידען לעבט זיך גוט, האָבען פּרנסה, און מען מאַכט ניט אויף זיי קיין פּאָגראָמען, הערט מען ליידער ניט דעם „הקול קול יעקב״. מען הערט אויף צו לערנען, צו דאַוונען, און מען דערווייטערט זיך פון אידישקייט. אָבער ווען דערוועקט זיך ביי דעם אידען דאָס „פּינטעלע איד״, ווען ער דערפיהלט די „הידים ידי עשו״. ווען מען הויבט אָן שלאָגען אידען, הויבען מיר זיך אָן אומקעהרען צו אידישקייט. אַי, איז דאָס אמת! און נאָך ווי אמת!

און נאָך אַ טייטש אויף דעם „הקול קול יעקב, והידים ידי עשו״. דער דובנער מגיד ז״ל זאָגט אַז עס זיינען פאַראַן אידען וואָס אנבעלאַנגט דעם „קול״ זיינען זיי דוקא נישט׳קשה. זיי דאַוונען און לערנען אַ סאַך, און זיי היטען אָפּ דעם „הקול קול יעקב״ ווי עס בעדאַרף צו זיין. אָבער ווען עס קומט צו די „הידים״, צו די הענט, צו געבען צדקה, דאַמאָלס זיינען, ליידער, די הענט „ידי עשו״, זיי ווילען ניט געבען אַ גראָשען.

# ויצא

ויצא יעקב מבאר שבע וילך חרנה״, יעקב אבינו האָט פאַרלאָזט באר שבע, און ער איז געגאַנגען קיין חרן. מיר האָבען דאָך שוין געלערענט אין דער סדרה פון דער לעצטער וואָך (בראשית כז, ז) אַז יעקב האָט געפאָלגט זיינע עלטערען „וילך פדנה ארם״, און ער איז געגאַנגען קיין פדן ארם. וואָלט דאָך דאָ בעדאַרפט בלויז שטעהן „וילך חרנה״, אַז ער איז געגאַנגען קיין חרן. איז צו וואָס זשע הויבט עס זיך אָן מיט „ויצא״, אַז ער איז אַוועקגעגאַנגען? דאָס ווייסען מיר דאָך שוין! זאָגט אונז דער מדרש בראשית רבה, און רש״י ז״ל אויף דעם אָרט, אַז דערפון לערנען מיר אַז ווען אַ צדיק פאַרלאָזט אַ שטאָדט, מאַכט עס אַ טיפען איינדרוק. וואָרום אַזוי לאַנג ווי דער צדיק איז אין אַ שטאָדט, איז ער דאָס ליכטיגקייט, דאָס שעהנקייט, דער כבוד פון דער שטאָדט. אָבער, ווי נאָר ער פאַרלאָזט דאָס אָרט, איז „פנה הודה, פנה זיוה, פנה הדרה״ — טהוט זיך אָפּ פון דער שטאָדט דאָס ליכטיגקייט, דאָס שעהנקייט און דער כבוד.

ווידער זעהען מיר אַז יעקב האָט פאַרלאָזט באר שבע, און ער איז ניט געגאַנגען גלאַט אין דער וועלט אַריין, נאָר ער האָט געוואוסט וואוהין ער געהט. נעמליך, „וילך חרנה״, ער איז געגאַנגען קיין חרן. און אַזוי דאַרף טאַקע זיין. „סוף מעשה במחשבה תחלה״, אַ מענש דאַרף פריהער וויסען וואָס ער וויל טהון, וואוהין ער וויל געהן. עס זיינען פאַראַן מענשען וואָס טהוען זאַכען אָהן אַ פּלאַן. דאָס טויג ניט. אַ מענש דאַרף זיך פריהער גוט איבערלעגען וואָס ער זאָל טהון, וואוהין ער זאָל געהן, און אַזוי ווייטער. ווי זאָגט דאָס ווערטעל: „סדר, חצי מלאכה״, אָרדנונג איז גלייך ווי אַ האַלבע זאַך איז שוין אָפּגעטהון. און דאָס גילט אויך לגבי סיסטעם, מעטאָדע. וואָרום אָרדענונג און מעטאָדע, און דאָס וויסען וואָס מען וויל טהון, איז אויסערסט וויכטיג אין דעם מענשענ׳ס לעבען.

און ווי מיר ווייסען, האָט דאָך יעקב אויף דער רייזע געפונען זיין זיווג. איז ביי איינעם טרעפט טאַקע אַז דער זיווג קומט צו איהם. אָט, למשל, אין יצחק אבינו׳ס פאַל, איז דער זיווג געקומען צו איהם. אָבער דערויף טאָר מען זיך ניט פאַרלאָזען. עס איז פאַראַן אַמאָל, וואָס מען דאַרף אַליין געהן זוכען דעם זיווג (בראשית רבה).

און ווען איינער געפינט שוין דעם זיווג וואָס איהם געפעלט, דאַרף מען נאָך אַלץ האָבען אַ „סמיקאַלקע״ אין קאָפּ צו קענען פאַרווירקליכען דעם שידוך. אָט הערט אַ מעשה שהיה:

ווי באַוואוסט איז דער באַריהמטער פילאָזאָף ר׳ משה מענדעלסאָן ע״ה, ניט געווען קיין איבעריג שעהנער, און דערצו האָט ער נאָך געהאַט אַ הויקער. אין דער יוגענד איז ער געווען אַ לעהרער ביי דעם בערלינער גביר גוגענהיים. איז דער גביר געווען געבענטשט מיט אַ שעהנער טאָכטער, און

מענדעלסאָן האָט געוואָלט מיט איהר חתונה האָבען. אָבער אַזוי ווי ער איז געווען אַ מיאוסער, זיינען זיינע שאַנסען ניט געווען צו גוט. איינמאָל זיינען זיי ביידע געזעסען און געשמועסט. רופט זיך אָן מענדעלסאָן צו איהר: „גלויבט איהר, פרויליין, אין זיווג מן השמים, אַז אַ מענשענ׳ס זיווג ווערט באַשטימט אין הימעל?״ האָט זי געענטפערט: „יאָ, איך גלויב״.

„וועל איך אייך דערצעהלען אַ מעשה״, האָט מענדעלסאָן זיך אָנגערו־פען: „אונזערע חכמים ז״ל זאָגען אַז פערציג טעג איידער אַ קינד ווערט געבוירען, רופט מען אויס אין הימעל ,בת פלוני לפלוני׳, דעם׳ס און דעם׳ס טאָכטער איז די באַשערטע פון יענעם און יענעם. ווען איך האָב דערהערט ווי דער מלאך האָט אויסגערופען ,בת גוגענהיים למשה בן מנחם׳, בין איך געווען טשיקאַווע צו וויסען, צי מיין באַשערטע איז אַ שעהנע. האָב איך אַ פרעג געטהון דעם מלאך: ,ווי ווערט מיין באַשערטע אויסזעהן? איז זי כאָטש אַ שעהנע?׳ האָט דער מלאך געענטפערט: ,ליידער ניין, זי ווערט זיין אַ מיאוסע, און דערצו ווערט זי נאָך האָבען אַ הויקער אויף די פּלייצעס׳. ווען איך האָב דאָס דערהערט, האָט מיר שרעקליך לייד געטהון; אַ טיפער צער האָט מיך אַרומ־גענומען, און איך האָב זיך אָנגערופען צו דעם מלאך: ,געה צום בורא עולם, צו דעם באַשעפער פון דער וועלט, און זאָג איהם אַז איך בין באַרייט צו נעמען דעם הויקער אויף מיינע פּלייצעס, אַבי מיין באַשערטע זאָל ניט האָבען קיין חסרון, זי זאָל זיין אַ שעהנע׳.״

ווען דאָס פרויליין האָט דערהערט די דאָזיגע קלוגע באַמערקונג און דעם אונדירעקטען חתונה פּאָרשלאַג (פּראָפּאָזעל), איז עס איהר שטאַרק געפעלען, און זי האָט מסכים געווען צום שידוך.

איז יעקב אבינו געגאַנגען „ויפגע במקום״, און ער איז געקומען צום אָרט. די תורה דערצעהלט אונז ניט צו וועלכען אָרט. נאָר וואָס דען, עס ווערט דערמאָנט אין אַן אַנדער שטעלע. נעמליך, ער איז געקומען צום באַרג מוריה, צום באַרג וואו אברהם אבינו האָט באַדאַרפט מקריב זיין יצחק׳ן. ווי עס ווערט דערמאָנט אויף אַן אַנדער אָרט „וירא את המקום מרחוק״ — און ער האָט געזעהן דאָס אָרט פון דער וויטענס. איז וואָס זשע האָט יעקב געטהון? „ויפגע״, און ער האָט געדאַווענט. וואָרום די גמרא זאָגט „אין פגיעה אלא תפילה״, אַז דער דאָזיגער אויסדרוק מיינט דאַווענען, בעטען צום אויבערשטען.

און וואָס האָט יעקב געדאַווענט? מעריב. וואָרום אברהם אבינו האָט מתקן געווען שחרית. יצחק האָט מתקן געווען מנחה. און יעקב האָט מתקן געווען מעריב. איז פאַרוואָס־זשע טאָקע שטעהט ניט „ויתפלל״? ענטפערט די גמרא, (חולין צא), אַז דערפון איז אַ ראיה אַז יעקב האָט געהאַט „קפיצת הדרך״. דער וועג איז איהם אַנטקעגען געשפּרונגען. און אונזער פּאָטער יעקב איז געווען איינער פון די דריי וואָס האָבען געהאַט קפיצת הדרך. נעמליך, אברהם׳ס קנעכט אליעזר, ווען ער איז געגאַנגען זוכן אַ פרוי פאַר יצחק׳ן אבישי בן צרויה, און אונזער פּאָטער יעקב.

און פון דעם אויסדרוק „ויפגע במקום״ לערנען מיר נאָך אַ זאַך. עס מיינט ניט בלויז אַז יעקב איז אָנגעקומען אויף אַ באַשטימטען אָרט. מקום מיינט אויך „דער אַלגעגענווערטיגער״. און דערפון לערנען אונזערע חכמים

ז״ל, אַז דער אַלגעגענווערטיגער איז גרעסער פון דער וועלט (בראשית רבה פרשה סח). און נאָך אַ זאַך. דער פרקי רבי אליעזר (פרק לה) זאָגט אונז, אַז אַזוי ווי עס שטעהט מקום, איז אונז צו לערנען אַז דאָרט וואו דער צדיק געפינט זיך איז אויך דאָ דער אויבערשטער. איז די אַלע וואָס פרעגען וואו עס געפינט זיך דער אויבערשטער, זאָלען זיי וויסען אַז איבעראַל וואו עס געפינט זיך אַן עהרליכער איד, אַ צדיק, דאָרט געפינט זיך דער אויבערשטער. דאָס איז אַ געוואַלדיג טיעפער געדאַנק.

אַזוי ווי קיין באַהנען מיט קיין אויטאָמאָבילס מיט קיין עראָפּלאַנען זיינען נאָך דאַן ניט געווען, און יעקב האָט געמוזט געהן צופוס, אָדער הער־סטענס איז ער געריטען אויף אַ קעמעל, איז ער דאָך געווען מיד, איז „וילן שם״. ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען, האָט ער דאָך געמוזט איבערנעכטיגען. איז פאַראַן אַ סברה אַז די זון האָט זיך אומישנע געזעצט פריהער, כדי ער זאָל זיין געצוואונגען דאָרט איבערצונעכטיגען. ווייל אונזער פאָטער אין הימעל האָט זיך געוואָלט דאָרט באַווייזען צו איהם.

און אגב וועל איך דאָ איבערגעבען אַ גוט וואָרט וואָס איז זעהר גוט צוגעפּאַסט צום אידישען רעליגיעזען לעבען אין אַמעריקע: מען האָט אַמאָל דערצעהלט ר׳ יאשע בער ז״ל, בריסקער רב, אַז געוויסע בעלי בתים קומען ניט אַ גאַנץ יאָהר דאַווענען, סיידען ווען זיי האָבען יאָהרצייט. האָט דער רב געענטפערט בדרך הלצה, אַז אָט דאָס איז דער פשט פון דעם מאמר חז״ל „תפילות אבות תיקנו״. די תפילות אין שוהל האַלטען זיך צוליב די אבות, צוליב די עלטערען. אַ מערכה וואָס דער טאַטע אָדער די מאַמע שטאַרבט, מוז דער זוהן קומען דאַווענען, זאָגען קדיש. ווען ניט דאָס, וואָלטען פיעלע אידען ניט געקומען דאַווענען.

אַלזאָ, אַז יעקב האָט דאָרט באַדאַרפט איבערנעכטיגען איז, דערצעהלט אונז די סדרה, „ויקח מאבני המקום וישם מראשותיו וישכב במקום ההוא״, און ער האָט גענומען שטיינער און זיי געלעגט צוקאָפּענס, און ער האָט זיך געלעגט שלאָפען. אָבער עס שטעהט דאָך ווייטער „ויקח את האבן״, און ער האָט גענומען דעם שטיין? איז דאָך אַ קשיא? ערקלעהרען דאָס די חז״ל, און רש״י ז״ל אויף דעם אָרט, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ מחלוקת צווישען די שטיינער. יעדער שטיין האָט געוואָלט אַז יעקב אבינו זאָל רוהען זיין קאָפּ אויף איהם. האָבען מיר דאָך אַ גרויסען פאָטער אין הימעל, האָט ער געמאַכט פון אַלע שטיינער איין שטיין.

און אָט אין דעם שטעקט אַ געוואַלדיגער געדאַנק. יעקב האָט גענומען צוועלף שטיינער פון דעם מזבח, אויף וועלכען יצחק האָט געזאָלט געבראַכט ווערען פאַר אַ קרבן. דאָס איז געווען אַ סימבאָל, אַז פון איהם וועלען אַרויס־קומען צוועלף שבטים. און פון אַלע שטיינער איז געוואָרען איין שטיין, מודיע צו זיין אַז פון די צוועלף שבטים וועט ווערען איין פאָלק. וואָרום דער סוד פון שטאַרקייט, פון מעכטיגקייט, איז אין אייניגקייט. ווייל צוועלף שבטים באַ־זונדער, זיינען ניט אַזוי שטאַרק, ווי ווען זיי ווערען פאַראייניגט, ווייל אחדות איז דער סוד פון שטאַרקייט.

און „וישכב במקום ההוא ויחלום, והנה סולם מוצב ארצה״, יעקב האָט זיך געלעגט שלאָפען, און עס האָט זיך איהם גע׳חלום׳ט ווי אַ לייטער שטעהט

אויף דער ערד, און דער שפיץ פון דעם לייטער דערגרייכט ביז צום הימעל. ווייל איך צוערשט באַמערקען : וואָס שטעהט עפּעס „במקום ההוא״, ער איז געשלאָפען אויף יענעם אָרט. נו, און פריהער איז יעקב ניט געשלאָפען? איז דער תירוץ, אַז פריהער איז ער טאַקע ניט געשלאָפען. וואָרום די פערצען יאָהר וואָס יעקב האָט געלערענט אין דער ישיבה פון שם ועבר איז ער ניט געשלאָפען. אַז מען וויל לערנען, דאַרף מען דערפאַר אָוועקגעבען ניט נאָר די טעג, נאָר טאַקע אויך די נעכט. תורה קומט ניט בירושה. מען דאַרף דערויף שוועהר אַרבייטען. „והגית בו יומם ולילה״.

צווייטענס, אַז איהר וועט זיך גוט צוקוקען וועט איהר זעהען אַז די אותיות פון „סולם״ באַטרעפען פּונקט אַזוי פיעל ווי די אותיות פון ממון — געלט, און פון „עוני״ — אָרימקייט — נעמליך, הונדערט און זעקס און דרייסיג, (בעל הטורים). געלט איז ליידער בעוונותינו הרבים, אַ גאָר גרויסער פאַקטאָר. וואָרום געלט דערהויבט אַ מענשען. אָהן געלט איז „מוצב ארצה״, איז מען אַ מענש ווי אַלע מענשען. אָבער מיט געלט איז „וראשו מגיע השמימה״ — דערגרייכט מען ביז אין הימעל אַריין.

און דאָס איז ניט געווען גלאַט אַזוי זיך אַ לייטער. הויך איז ער געווען פון דער ערד ביז צום הימעל. און אין דער ברייט האָט ער געהאַלטען ניט ווייניגער פון אַכט טויזענט מייל. דער חשבון איז אַ פּשוט׳ער. די סדרה זאָגט אונז אַז יעקב האָט געזעהען די מלאכים געהען אַרויף און אַראָפּ אויף דעם לייטער. אַז עס שטעהט „מלאכים״, מיינט עס דאָך צי צוויי, נעמליך, צוויי געהען אַרויף און צוויי נידערען אַראָפּ. ווען די צוויי וואָס זיינען אַרויפגעגאַנגען און די צוויי וואָס זיינען אַראָפּגעגאַנגען האָבען זיך באַגעגענט אויף דעם לייטער, זיינען זיי דאָך געשטאַנען פיער אין דער ברייט. און מיר ווייסען אַז דער גוף פון אַ מלאך איז ווי דער ים תרשיש, וואָס איז צוויי טויזענט מייל ברייט. היינט ווען זיי זיינען געשטאַנען פיער אין דער ברייט, איז דאָס אַכט טויזענט מייל (חולין צא, ב), איז דאָס נישט־קשה׳דיג פון אַ לייטער.

און אַט דאָס איז טאַקע דער אונטערשיעד פון די חלומות וואָס רשעים חלום׳ען, און די חלומות וואָס צדיקים חלום׳ען. דעם רשע׳ס חלומות זיינען ניט אין הימעל און ניט אויף דער ערד. דאַגעגען, דעם צדיק׳ס חלום איז אין הימעל און אויף דער ערד. וואָרום ביי דעם צדיק איז פאַראַן אַ פאַרבינ־דונג צווישען דעם הימעל מיט דער ערד. צווישען אונז גערעדט, וואָס אייגענט־ליך האָט דער דאָזיגער חלום באַדייטעט? דער לייטער אַליין האָט סימבאָליזירט די פאַרבינדונג פון הימעל מיט דער ערד. אָהן דער הימלישער פיהרערשאַפט וואָלט קיין ערד ניט געווען. דער „מוצב ארצה״, מיינט דאָס בית המקדש. דער „ראשו מגיע השמימה״ מיינט דעם ריח פון די קרבנות וואָס געהט אַרויף אין הימעל. און די „מלאכים״ וואָס זיינען אַרויף און אַרונטער, מיינט די כהנים וואָס געהען אַרויף און אַראָפּ אויף די טרעפּ ביים מזבח, ביי מקריב זיין די קרבנות (ספרי במדבר).

און אין חלום האָט יעקב געזעהען ווי כביכול אַליין שטעהט און היט איהם, און ער זאָגט „הארץ אשר אתה שוכב עליה לך אתננה ולזרעך״ — דאָס לאַנד אויף וועלכען דו ליגסט, וועל איך געבען דיר און דיינע קינדער. דער אַלמעכטיגער האָט נעמליך צונויפגעוויקעלט אונטער יעקב׳ן גאַנץ ארץ

ישראל, ניט קיין „פּאַרטישאַן“, נאָר דאָס גאַנצע לאַנד, אין פיער איילען, אַלס אַ רמז, אַן אָנדייטונג, אַז זיינע קינדער וועלען איינגעמען דאָס לאַנד פּונקט אַזוי לייכט, ווי מען קען איינגעמען פיער איילען ערד.

און דער רמז פון אָט דעם דאָזיגען חלום איז טאַקע פאַרווירקליכט געוואָרען פאַר אונזערע אייגענע אויגען. אַן ערך פון פיער יאָהר האָט געדויערט ביז אַזעלכע מעכטיגע לענדער ווי אַמעריקע, ענגלאַנד, רוסלאַנד, פראַנקרייך האָבען קוים באַוויזען איינצונעמען דאָס פאַרהעלטניסמעסיג קליינע דייטש־לאַנד. אָבער אונזער ישראל יוגענד האָט זיך געשטעלט געגען זיבען אַראַבישע פעלקער געשטיצט מיט געלט, געוועהר און גענעראַלען פון דער מעכטיגער ענגלאַנד, און האָט זיי צעשמעטערט איינס און צוויי, כמעט מיט ליידיגע הענט!

איהר ווייסט דאָך דאָס באַקאַנטע ווערטעל: „אַז דער אויבערשטער וויל, שיסט אַ בעזים“. אמת ווי דער טאָג. אונזערע היינטיגע מכבים האָבען אפילו קיין בעזעמער אויך ניט געהאַט, און זיי האָבען דאָך געזיגט. איך האָב אַמאָל געפרעגט מיין פאָטער ר׳ משה ז״ל וואָס עס איז דער טייטש פון „מאין יבוא עזרי“? האָט ער מיר געענטפערט: „פון גאָרניט וועט קומען מיין הילף“. יאָ, אַז דער רבונו של עולם וויל, מעגען עס זיין זיבען אָרגאַניזירטע מלוכות, מיט אַ באַפעלקערונג פון עטליכע און דרייסיג מיליאָן מענשען, בעת דער ישוב האָט אפילו ניט קיין איין מיליאָן, וועט דאָך ישראל זיגען.

וואָרום וואָס האָט דער אויבערשטער געזאָגט יעקב׳ן? „והנה אנכי עמך ושמרתיך בכל אשר תלך, והשיבותיך אל האדמה הזאת, כי לא אעזבך עד אשר אם עשיתי את אשר דברתי לך“ — איך בין מיט דיר, און איך וועל דיך היטען איבעראַל וואו דו וועסט געהן, און איך וועל דיך אומקעהרען צו דער דאָזיגער ערד, וואָרום איך וועל דיך ניט פאַרלאָזען ביז איך וועל פאַר־ווירקליכען וואָס איך האָב דיר געזאָגט. יעקב האָט מורא געהאַט פאַר עשו׳ן און לבן׳ען. זיי זיינען געווען שטאַרק רייך. זיי האָבען געהאַט פיעלע קנעכט. אין יענע צייטען האָט עס געמיינט אַרמייען. אַלץ וואָס יעקב האָט פאַרמאָגט איז געווען: תפילין און אַ שטעקען. און אָט די תפילין און דער שטעקען האָבען געזיגט איבער רייכטום און אַרמייען. און דאָס האָט פּאַסירט אויך אין אונזער צייט פאַר אונזערע אייגענע אויגען. „מאין יבוא עזרי“ — פון גאָרניט איז געקומען אונזער הילף, אונזער זיעג.

און אין חלום האָט כביכול געזאָגט יעקב׳ן „והיה זרעך כעפר הארץ“ — דיינע קינדער וועלען זיין ווי דער שטויב פון דער ערד. פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס מיינט אַז די אידען וועלען זיך האַלטען אין איין מעהרען, און אַז זיי וועלען זיין אַזוי פיעל ווי דער שטויב פון דער ערד. זאָגט דערויף ר׳ צבי הירש קאַלישער ז״ל אַ גוט וואָרט: דאָס אידישע פאָלק איז געגליכען צו ערד. פון דער ערד האָט מען דאָך די גרעסטע נוצען. דאָס גאַנצע עסענוואַרג קומט דאָך פון דער ערד. אדרבה, פּרובירט לעבען אָהן תבואה, אָהן פרוכט. און ווען בהמות זאָלען ניט האָבען קיין פאַשע, וואָלט ניט געווען קיין פלייש, קיין מילך. און דאָך טרעט מען אויף איהר מיט די פיס. אידען האָבען געלייסטעט די גרעסטע פאַרדינסטען צו אַלע פעלקער, צו אַלע לענדער אין אַלע צייטען, און דאָך האָבען כמעט אַלע גוים שטענדיג אונז געטראָטען מיט די פיס.

און פאַרוואָס מיינט איהר איז דאָס אַזוי געווען? ווייל מיר האָבען ניט געפאָלגט אונזער תורה, אונזערע נביאים, אונזערע תנאים, אמוראים, גאונים. אין דעם ביטערען גלות האָבען מיר שטענדיג געזוכט נושא חן צו זיין אין די אויגען פון די גוים, איז געוואָרען פון אונז בלאָטע, און בלאָטע טרעט מען.

דער באַוואוסטער פילאַנטראָפּ, בעל צדקה, ר׳ משה מאָנטיפיאָרע ז״ל איז אַמאָל געקומען קיין ווילנא. זיינען, פאַרשטעהט זיך, געקומען פיעלע דעלעגאַציעס פון פאַרשיעדענע אָרגאַניזאַציעס און קערפּערשאַפטען, און אויך אַ קריסטליכע דעלעגאַציע, איהם מקבל פנים זיין. צווישען איין דעלעגאַציע האָט זיך אויך געפונען אַ משומד, אָבער ר׳ משה האָט זיך אָפּגעזאָגט איהם אויפצונעמען. האָט די קריסטליכע דעלעגאַציע זיך שטאַרק געוואונדערט וואָס אַזאַ פאָרטגעשריטענער און קולטורעלער מענש זאָל זיך אַרויסווייזען צו זיין אַזוי אומטאָלעראַנט צוליב רעליגיע, צוליב אמונה זאַכען.

האָט מאָנטיפיאָרע זיי געענטפערט: דער אויבערשטער האָט געזאָגט אונזערע אבות אַז זייערע קינדער וועלען זיין „כעפר הארץ״, זיי וועלען זיין געגליכען צו דעם שטויב פון דער ערד. איז די זאַך אַזוי: ערד אַליין איז גאַנץ גוט. אָהן דער ערד וואָלט מען דאָך ניט געקאָנט לעבען. וואַסער אַליין איז אויך גאַנץ גוט, עס איז אפילו שטאַרק נויטיג. אָהן וואַסער וואָלטען דאָך די מענשען ניט געקאָנט לעבען. אָבער ווען מען נעמט ערד און מען מישט עס מיט וואַסער ווערט דערפון בלאָטע, און בלאָטע האָב איך פיינט.

און אַי איז ער געווען גערעכט. אידען זיינען געגליכען צו ערד. ווען אַ איד וויל, רחמנא לצלן, ווערען אַ גוי, איז אַלץ וואָס ער דאַרף, איז אַ ביסעל שמד־וואַסער. און דאַן ווערט פון איהם בלאָטע...

און אַז אַ מענש שלאָפט, מוז ער זיך דאָך אַמאָל אויפכאַפּען. איז „וייקץ יעקב משנתו ויאמר אכן יש ה׳ במקום הזה״. האָט ר׳ מאיר פּרעמישליאַ־נער ז״ל געזאָגט וועגען דעם אַ גוט וואָרט: וואָס איז דער חילוק ווען אַ פרומער איד כאַפּט זיך אויף פון שלאָף, און אַ פשוט׳ער מענש כאַפּט זיך אויף? דער חילוק איז אין אָט דעם: ווען אַ פרומער, עהרליכער איר כאַפּט זיך אויף, גיסט ער אָפּ נעגעל וואַסער און זאָגט „אכן יש אלקים במקום הזה״, און ער זעצט זיך לערנען, צי זאָגען תהלים, אָדער ער דאַווענט. אָבער ווען אַ פּראָסטער איד כאַפּט זיך אויף פון דעם שלאָף, נו, דרעהט ער זיך איבער אויף דער אַנדערער זייט, און שלאָפט ווייטער, און אפשר נאָך געשמאַקער.

און וואָס נאָך האָט יעקב געזאָגט ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט? „ואנכי לא ידעתי״. זאָגט דערויף דער „פנים יפות״ אַ טייער וואָרט, נעמליך, אַ מענש קען נאָר דאַן פיהלען אַז ער איז נאָהענט צום אויבערשטען, אויב ער האַלט פון „ואנכי לא ידעתי״ — אויב ער מאַכט ניט קיין וועזען פון זיין אייגענעם „איך״; אויב ער ווייסט אַז ער אַליין איז גאָרניט. אויב ער פאַר־שטעהט און פיהלט מיט אַז מען דאַרף העלפען אַן אָרימען אידען, אַז מען דאַרף שטיצען אידישע לעהר־אַנשטאַלטען, וואוילטעטיגע צוועקען, שוהלען, תלמוד תורות, ישיבות, איז ער נאָהענט צום אויבערשטען. אויב חלילה ניט, האָט ער מיט אידישקייט און אידענטום ניט קיין שייכות. איז ער במילא ניט נאָהענט צום אויבערשטען.

און וואָס נאָך האָט יעקב געזאָגט ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט? ער האָט אויסגעשריגען: „מה נורא המקום הזה, אין זה כי אם בית אלקים״ — ווי מאָדנע דאָס דאַזיגע אָרט זעהט אויס! דער באַוואוסטער גאון, דער בעל הפרדס ז״ל, איז אַמאָל געקומען אין אַ גרויסער שטאָדט, איז ער געגאַנגען אין שטאָדט בית המדרש דאַווענען. ווען ער האָט דערזעהען דאָס בית המדרש אויסענווייניג, איז איהם אָנגעפאַלען אַ מרה שחורה. ווען ער איז אַריינגעקו־מען אינעווייניג, איז ער נאָך מעהר איבערראַשט געווען צו זעהן אין וואָס פאַר אַ מורא׳דיגען צושטאַנד דער בית המדרש האָט זיך געפונען: די ווענט זיינען געווען איינגעבויגען, אָפּגעריסען, אָפּגעשליסען, פון אַלע זייטען האָט אַריינגערעגענט, פשוט אַ חורבה. נו, האָט ער געטראַכט, מסתמא זיינען די בעלי בתים אָרימעלייט, קבצנים, האָט ער נאָך אויף זיי רחמנות געהאַט.

שפּעטער, האָט ער געכאַפּט אַ שפּאַציר איבער דער שטאָדט, האָט ער געזעהען ווי די בעלי בתים וואוינען אין פּרעכטיגע, רייכע הייזער, ממש פּאַלאַצען. בין מנחה למעריב האָט ער געהאַלטען אַ דרשה, האָט ער אויס־געשריען: „מה נורא המקום הזה!״ בעת מען קומט אין אַ שטאָדט און מען זעהט אין דער אידישער געגענד אַ הויז וואָס איז אין אַ חורבה׳דיגען צושטאַנד, וואונדערט מען זיך, ווי קומט עס וואָס די בעלי בתים, די אייגענטימער, זאָלען עס אַזוי פאַרנאַכלעסיגען? איז דאַן קען מען מיט זיכערקייט זאָגען, אַז „אין זה כי אם בית אלקים״ — עס איז זיכער אַ בית המדרש, אַ מקום קדוש. וואָרום ווען עס וואָלט געווען אַ פּריוואַט הויז, ווען עס וואָלט געהערט צו אַ פּריוואַטען בעל הבית, וואָלט עס זיכער אַנדערש אויסגעזעהען.

אין דעם פּרט שטעהען אַמעריקאַנער אידען ברוך השם גאַנץ הויך. די שוהלען זיינען זעהר שעהן. גרויסע, פּרעכטיגע געביידעס מיט אַלע באַקוועמליכקייטען. איז דאַווענען קען מען וואו מען וויל, אפילו אין אַ שוהל וואָס איז ניט אַזוי אַי, אַי, אַי. אָבער ווען עס קומט צו לערנען, האָט נאָך דאָס אַמעריקאַנער אידענטום ניט באַוויזען זיין כוח. געוויס גיבען אַמעריקאַ־נער אידען געלט אויף חינוך. אָבער עס איז נאָך אַלץ ניט גענוג. פשוט דערפאַר, ווייל דערצו איז ניטאָ קיין גרעניץ. וואָס מעהר מען שטיצט תורה־אינסטיטוציעס אַלץ בעסער.

עס זיינען פאַראַן אין אַמעריקע פיעלע בחורים וואָס ווילען לערנען, טאָקע לערנען תורה לשמה, אָבער מען גיט זיי ניט די געלעגענהייט. באַשולדיג איך ניט חס ושלום די אַמעריקאַנער אידען, ווייל אין דער אַלטער היים איז אויך ניט בעסער געווען. אָט הערט אַ מעשה שהיה:

אין די לעצטע יאָהרען איז דער מצב פון דער וואָלאָזשינער ישיבה געווען אין זעהר אַ שלעכטען מצב. עס איז ניט געווען קיין געלט. אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען איז געקומען אַ בחור פון דער פרעמד, מען זאָל איהם אויפנעמען אין דער ישיבה. האָט ר׳ הירש לייב ז״ל מיט איהם אַ שמועס געטהון אין לערנען, און ער האָט געזעהען אַז ער איז אַ וואוילער בחור, אָבער מען האָט איהם ניט געקאָנט אויפנעמען, פשוט דערפאַר ווייל עס זיינען ניט געווען די מיטלען איהם אויסצוהאַלטען. האָט ר׳ הירש לייב זיך צעוויינט. „וואָס וויינסטו״? האָט איהם זיין זוהן געפרעגט. „וואָס הייסט וואָס איך

ווין? אַ בחור וויל לערנען, און איך מוז אים אָפּזאָגען נאָר דערפאַר ווייל עס איז ניטאָ קיין געלט איהם אויסצוהאַלטען״.

מוזען מיר צוגעבען, אַז ווען עס קומט צו שוהלען, האָבען מיר ברוך השם שעהנע געביידעס, מיט אַלע באַקוועמליכקייטען. אָבער ווען עס קומט צו לערנען, ווען עס קומט צו ערמעגליכען אידישע יונגעלייט אַז זיי זאָלען קענען זיצען און לערנען, אַט דאָ הינקען מיר אַ היבש ביסעל אונטער.

איז, מילא, אין דער אַלטער היים, האָבען מיר נאָך דאָס געקענט פאַרשטעהען. אָבער דאָ, אין דעם רייכען אַמעריקע, וואו עס זיינען פאַראַן גאַנץ פיינע אידישע גבירים, פאַר וואָס זאָל עס דאָ אַזוי זיין? וואָס איז אידענטום און אידישקייט אָהן תורה? דריי מאָל גאָרניט. איז באמת כדאי אַז מיר זאָלען דאָס אין זינען האָבען, און אין דעם זיך ערנסט פאַרטראַכטען.

און איצט צוויי גוטע ווערטלאך: אויף דעם פסוק „ויקח מאבני המקום״ זאָגען די חז״ל, אַז די שטיינער האָבען זיך אַרומגעקריגט, און דאָס האָט געבראַכט יעקב׳ן אויף דעם געדאַנק אַז „אין זה כי אם בית אלקים״, ניט אַנדערש נאָר דאָס מוז זיין אַ בית המדרש. וואָרום, זאָגט דארויף ר׳ אייזל סלאָנימער ז״ל, אויב דאָס מחלוקת אויף דעם דאָזיגען אָרט דערגרייכט שוין אַזוי וויט אַז אפילו די שטיינער רייסען זיך אַרום, איז מוז דאָס זיין אַ מקום קדוש.

און דער רבי ר׳ בונים ז״ל האָט געזאָגט: מיינט ניט אַז עשו איז געווען פשוט אַ גראָבער נפש. ניין. יעדען שבת פלעגט ער טראָגען ווייסע קליידער און זאָגען תורה פאַר זיינע חסידים. זאָגט דאָך דער מדרש אַז אויף יענער וועלט וועט עשו זיצען אין מזרח וואַנט און וועט זיין אַ גאַנצער פיהרער, ביז כביכול אַליין וועט איהם אַרויסוואַרפען. היינט אויב אויף יענער וועלט, וואָס איז גאָלע אמת, וועט עשו׳ן געלונגען צו פאַרבאָרגען זיין רשעות, און ער וועט ווערען אַ גאַנצער דעה־זאָגער, קען מען שוין דערפון פאַרשטעהן וויפיעל פאַלשקייט און רשעות עס געלונגט די עשו׳ס צו פאַרהוילען אויף דער וועלט וואָס איז גאָלע שקר.

# וישלח

די היינטיגע סדרה איז געוואַלדיג רייך אין פּאַסירונגען. יעקב אבינו נעמט זיינע פרויען, קינדער און פאַרמעגען און פאַרלאָזט זיין שווער לבן. אויף דעם וועג באַגעגענט ער זיך מיט זיין לעבענס פיינד עשו. קעמפט מיט אַ מלאך. זיין באַליבטע פרוי רחל ווערט נפטר אויף דעם וועג. זיין פאָטער יצחק אבינו געהט אַוועק אויף דעם עולם האמת. שכם „קידנעפּט" זיין בת יחידה דינה און „פאַראומרייניגט" זי. יעקב׳ס זיהן שמעון און לוי קענען ניט פאַרטראָגען די עולה, און זיי הרג׳ענען אויס אַלע מאַנסבילן פון דער שטאָדט שכם, און ער האָט דערפון גרויס עגמת נפש. אָבער איידער מיר טרעטען צו צו דער סדרה גופא, וועל איך אייך איבערגעבען צוויי עפּיזאָדען, און דעם שכל דערפון וועלען מיר זעהען שפּעטער:

דער באַוואוסטער אידישער פילאָזאָף ר׳ משה מענדעלסאָן (בן מנחם), איז אַמאָל געווען איינגעלאַדען צו אַ מאָלצייט ביי אַ דייטשען בישאָף. זיינען אַנוועזענד געווען זעהר וויכטיגע האַרען, רעגירונגס־לייט, באַריהמטע גלחים, מיניסטאָרען. האָט מען מענדעלסאָנען געגעבען אַ זעהר אָנגעזעהענעם אָרט, ביי אַ זעהר בכבוד׳יגען טיש. לעבען איהם איז געזעסען אַ גאָר באַריהמטער קאַטוילישער גייסטליכער. ווען ער האָט געזעהען אַז מענדעלסאָן פאַרזוכט גאָרניט פון די געשמאַקע מאכלים און „פּאָטראַוועס" וואָס מען האָלט אין איין דערלאַנגען צום טיש, האָט ער געוואָלט דעם אידען „אַריינזאָגען". רופט ער זיך אָן: „הערר מענדעלסאָן, ווען וועט איהר שוין מעגען עסען מיט אונז צוזאַמען?" האָט איהם מענדעלסאָן געענטפערט: „אויף אייער חתונה!" (ווי באַוואוסט טאָרען קאַטוילישע גייסטליכע ניט חתונה האָבען).

ר׳ נחום שטעפּאַנעשטער ז״ל איז געווען אַ זעהר אָנגעזעהענע פּער־זענליכקייט אפילו ביי די גוים. האָט אַ געוויסער פריץ איהם געוואָלט אַמאָל „אַריינזאָגען", האָט ער איהם געפרעגט: „ווי ערקלעהרט איהר וואָס דאָרט וואו די גוים וואוינען איז די לופט זעהר ריין, עס שמעקט, אַ מחיה. דאַגעגען דאָרט וואו אייערע אידעלעך וואוינען, איז די לופט ניט אַזוי אַי, אַי, אַי, מען קען ממש נישט אַריינגעהן אין די אידישע געסלעך?" „איך וועל אייך ענט־פערען, אדוני פריץ", האָט ר׳ נחום געענטפערט. „אַ גוי שעפּט דעם געמיינעם אויר, די אומריינע לופט, אַריין אין זיך, איז דערפאַר אַרום איהם ריין און זויבער. דאַגעגען דער איד לאָזט די געמיינע לופט, דעם אומריינעם אויר, אַרויס פון זיך, דערפאַר איז אַרום איהם אומריין!"

אָט דאָס איז אין תוך גענומען דער אונטערשיעד פון יעקב׳ן ביז עשו׳ן. ווען יעקב אבינו האָט געשיקט שלוחים צו עשו׳ן, האָט ער זיי צווישען אַנדערעס געהייסען זאָגען „עם לבן גרתי", איך האָב געוואוינט מיט לבן׳ען. איז אַז איהר וועט זיך צוקוקען, וועט איהר זעהען, אַז די אותיות פון „גרתי" זיינען די זעלבע ווי די אותיות פון תרי״ג. נעמליך, יעקב האָט דערמיט געמיינט

צו זאָגען, אַזוי דערקלעהרען אונזערע חכמים און רש״י ז״ל אויף דעם אָרט, אַז כאָטש איך האָב געוואוינט מיט לבן הארמי, האָב איך פונדעסטוועגען אָפּגעהיט די תרי״ג, זעקס הונדערט און דרייצעהן, מצוות. דעם ריינעם זויבערען, אידישען אויר אין זיך האָב איך שטאַרק אָפּגעהיט. אמת, מיין פאָטער האָט מיך טאַקע געבענטשט מיט „הוה גביר לאחיך״ (בראשית כז, כט). פונדעסטוועגען „לא נעשיתי שר וחשוב אלא גר, שהרי לא נתקיימה בי״ (רש״י) — פונדעסטוועגען בין איך ניט געוואָרען קיין עלצטער און קיין אָנגעזעהענע פּערזאָן, וואָרום דער „בי״ איז ניט מקוים געוואָרען. פון דעם „גביר״ איז בלויז מקוים געוואָרען דער „גר״, איך בין איבעראַל אַ פרעמדער, אַן אונגעבעטענער גאַסט. אָבער דער „בי״, אַז איך זאָל אויך באַטראַכט ווערען פאַר אַן „עפּעס״, דאָס איז ניט מקוים געוואָרען. אַזוי איז דאָס געוועזען מיט יעקב׳ן, און אַזוי איז עס ביז היינט צו טאָג. איבעראַל זיינען מיר אַ „גר״ אַ פרעמדער. אָבער דער „בי״, אַז דער איד איז אויך עפּעס, דערויף גיבען שוין די גוים אַכטונג אַז עס זאָל ניט זיין. און דאָס טייער און אמת׳דיג וואָרט איז ניט מיינס, נאָר עס ווערט געבראַכט אין נאָמען פון „פה קדוש״. לויט דעם ספר „מיני תרגימא״ זאָל עס ר׳ ישעיה פּיק׳ס שוועסטער ע״ה האָבען געזאָגט. אויב יאָ, מעגען פרויען שטאָלצירען מיט זייער שוועסטער׳ס קלוג און אמת׳דיג וואָרט.

און „וישלח יעקב מלאכים לפניו אל עשו״, און יעקב האָט געשיקט צו עשו׳ן טאַקע אמת׳דיגע מלאכים. אַזוי זאָגט דער מדרש בראשית רבה און רש״י ז״ל אויף דעם אָרט. באַמערקט דערויף דער „איד הקדוש״, אַז צו ראַ־טעווען אַ אידען מעג מען מטריח זיין אפילו אמת׳ע מלאכים. און וואָס האָט יעקב זיי געהייסען זאָגען עשו׳ן? „ויהי לי שור וחמור צאן ועבד ושפחה ואשלחה להגיד לאדוני למצוא חן בעיניך״. ער האָט זיי געהייסען אויסרעכענען וואָס פאַר אַן עושר ער איז; ער פאַרמאָגט אָקסען, אייזלען, שאָף, קנעכט, דיענסטען. און דאָס אַלץ נאָר כדי ער זאָל געפינען חן אין עשו׳ס אויגען. וואָרום, באַמערקט דער „אשכול ענבים״, מיט אַן אָרימען ברודער שעהמט מען זיך, ווי עס שטעהט אין משלי יט, ז, „כל אחי רש שנאהו״, אַן אָרימען ברודער האָט מען ניט שטאַרק גערן.

ווייסען מיר דאָס זעהר גוט פון פּראַקטיקע, פון ערפאַהרונג. אָבער רבי משה חפץ ז״ל באַווייזט דאָס טאַקע פון אונזער תנ״ך, וואָס פאַרמאָגט אין זיך אַלץ. דער ספר איוב שילדערט די טראַגישע טראַגעדיע פון איוב פון דעם לאַנד עוץ. ער האָט געהאַט קינדער, און האָט זיי, ניט פאַר קיין מענש געדאַכט, אַלע פאַרלוירען. ער איז געוועזען געוואַלדיג רייך, און האָט אַלץ פאַרלוירען. דערצו נאָך האָט ער געליטען, רחמנא לצלן, פון אַ שרעק־ליכער קראַנקהייט, און די יסורים זיינען געוועזען אין לשער, ממש אונערטרעג־ליך. איז אין זיינע שרעקליכסטע אומגליקען זיינען בלויז דריי פריינד געקומען איהם טרייסטען, אַביסעל לייכטער מאַכען זיין טראַגיש געמיט. האָט ער דען ניט געהאַט קיין שוועסטער, קיין ברידער, קיין אַנדערע קרובים? מוז מען דאָך זאָגען אַז ניט.

האָבען מיר דאָך אַ באַרמהערציגען פאָטער אין הימעל, האָט ער זיך דערבאַרימט איבער דעם אומגליקליכען איוב. ער האָט איהם געשיקט אַ

רפואה שלמה. ער האָט איהם אויסגעהיילט פון זיין קרעץ, פון זיין אונטער־טרעגליכער הויט־קראַנקהייט. ער האָט איהם ווידער געגעבען קינדער און רייכטום. איז דאַן, „ויבאו אליו כל אחיו וכל אחיותיו וכל יודעיו לפנים, ויאכלו עמו לחם בביתו" (איוב מ"ב, י"א), זיינען געקומען אַלע זיינע ברידער, און זיינע אַלע שוועסטער, און אַלע זיינע פריהערדיגע באַקאַנטע, און האָבען אין זיין הויז געגעסען און געטרונקען. צו דער „פּאַרטי" זיינען זיי געקומען, אָבער ווען זיין גאַנצער קערפּער איז געלעגען אין בלאָטע צו קיהלען זיינע וואונדען, זיינען זיי אפילו ניט געקומען איהם זאָגען אַ טרייסט וואָרט.

און אָט דאָס האָט אונזער פאָטער יעקב שוין פאַרשטאַנען מיט טויזענטער יאָהרען צוריק. ווילסטו נושא חן זיין ביי דיין ברודער אין די אויגען, איז דערצעהל איהם ווי רייך דו ביזט, דאַן וועט ער קומען צו דיר, דאַן וועט ער דיך רעספּעקטירען. קוים אָבער ביזטו קראַנק, רחמנא לצלן, קראַנק קערפּערליך, אָדער „קראַנק אויף דער קעשענע", זאָלסטו פון אייגענע גאָרניט ערוואַרטען. אַ ווילד־פרעמדער פריינד קען זיך דוקא יאָ אַמאָל אָנרופען. איהר ווייסט דאָך דאָס ווערטעל — מיט אַן אייגענעם איז גוט בלויז „קוגעל צו עסען". דאַן איז ער דאָ. און אַז איהר וועט איהם ניט איינלאַדען, וועט ער זיך נאָך באַליידיגען. אָבער אין אַן „עת צרה", איז פריהער אונזער פאָטער אין הימעל, און אַמאָל רופט זיך אָפּ אַ פריינד. און אָט דאָס האָט מענדעלסאָן געמיינט ווען ער האָט געענטפערט דעם קאַטוילישען גלח, וואָס טאָר קיין מאָל ניט חתונה האָבען, אַז אויף זיין חתונה וועט ער עסען צוזאַמען מיט איהם. ווייל ניט נאָר איז דער גוי ניט אונזער ברודער, נאָר ער איז אויך ניט אונזער פריינד. אמת, אונזער נביא מלאכי (ב, י.) האָט טאַקע געזאָגט „הלוא אב אחד לכלנו", מיר אַלע האָבען בלויז איין פאָטער. מיר זיינען טאַקע די קינדער פון איין טאַטען. אָבער ווען עס קומט אויף איינעם אַן עת צרה, חלילה, איז דער ברודער דער ערשטער איהם צו פאַרלאָזען. און אויב דער איינער ווערט אויפגעריכטעט, איז דער ברודער דער ערשטער צו קומען צו דער „פּאַרטי". דאָס האָט יעקב אבינו פאַרשטאַנען, און דערפאַר האָט ער געהייסען זיינע שלוחים זאָגען עשו'ן אַז ער איז אַ גביר עצום, אַ „אידישער מיליאָנער", וועט עס אימפּאָנירען זיין ברודער.

אָבער אַזוי ווי יעקב האָט געוואוסט אַז אויף אַן אייגענעם ברודער קען מען זיך פאָרט ניט פאַרלאָזען, איז „ויחץ את העם אשר אתו ואת הצאן ואת הבקר והגמלים לשני מחנות". ער האָט צעטיילט אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט אין צוויי באַזונדערע טיילען. ווייל טאָמער באַפאַלט איהם עשו, און ער וועט אָנפאַלען אויף איין מחנה, וועט ער כאָטש קענען ראַטעווען די אַנדערע.

„ויירא יעקב מאד ויצר לו". זאָגט דער מלבי"ם ז"ל אַז ויצר, יעקב האָט געהאַט גרויס „צער" צוליב דעם „ויירא", צוליב דעם וואָס ער האָט גע־דאַרפט מורא האָבען פאַר זיין אייגענעם ברודער. און ער האָט געבעטען דעם רבונו של עולם „הצילני נא מיד אחי מיד עשו". זאָגט דערויף ר' יאָשע בער בריסקער ז"ל אַ גוט וואָרט. ער האָט, נעמליך, מורא געהאַט פאַרביידע זאַכען. ניט נאָר האָט ער מורא געהאַט פאַר דעם „יד עשו", ער זאָל קערפּערליך ניט ליידען פון איהם, נאָר ער האָט אויך מורא געהאַט פאַר דעם „יד אחי", פאַר ווערען גוט־ברודער מיט איהם, פאַר ווערען צו נאָהענט מיט גוי'אישקייט.

אַט דאָס חבר'ן זיך מיט גוים איז אונזער גרעסטער אומגליק אין גלות. קיין גוטס קומט דערפון ניט אַרויס. אַז מען חבר'ט זיך מיט גוים ווערט מען אַ גוי. איך האָב נאָך ניט געהערט אַז אַ גוי זאָל ווערען אַ איד דערפאַר וואָס ער חבר'ט זיך מיט אידען. אָבער איך האָב שוין געהערט, און איהר מסתמא אויך, אַז אַ איד ווערט, רחמנא לצלן, אַ גוי ווייל ער חבר'ט זיך מיט גוים. יעקב אבינו האָט דאָס זעהר גוט געוואוסט שוין מיט טויזענטער יאָהרען צוריק. האָט ער געבעטען דעם אויבערשטען, אַז ער זאָל איהם מציל זיין פון דעם דאָזיגען נסיון.

„ויירא יעקב מאד ויצר לו", יעקב האָט שטאַרק מורא געהאַט, און ער האָט געהאַט גרויס צער. באַמערקט דערויף דער זוהר, אַז דאָס איז געזאָגט געוואָרען אויף דעם לעצטען גלות. יעקב האָט געזעהען ברוח הקודש אַז די אידען וועלען לעבען אין גרויס דחקות. זיי וועלען ניט האָבען צו עסען, און זיי וועלען ניט האָבען קיין מלבושים אָנצוטהון. האָט ער דערפאַר שוין פריהער (בראשית כ"ח, כ') תפלה געטהון „ונתן לי לחם לאכול ובגד ללבוש", אַז ער, זיינע קינדער, זאָלען האָבען ברויט צו עסען, און אַ מלבוש אָנצוטהון.

איז דאָך אין פלוג אַ קשיא, אַט דאָס איז געווען יעקב אבינו'ס גרעסטע השגה? אַ שטיקעל ברויט און אַ גאַרניטער?! יעקב אבינו, וואָס איז גאָלע רוחניות, זאָל אין זינען האָבען אַזעלכע גשמיות'דיגע זאַכען?! האָט דער רבי ר' בונים פון פשיסכע ז"ל דאָס ערקלעהרט אויף אַ גלענצענדען אופן. יעקב אבינו האָט געזעהען ברוח הקודש אַז בעקבתא דמשיחא, אַז משיח וועט קומען, וועלען אַ שטיקעל ברויט און אַ מלבוש זיין אויסערסט וויכטיג. עס וועט זיין איינס פון די גרעסטע זאַכען, דער וואונש פון טויזענטער אידען. האָט ער שוין דאַן געהאַט צער פאַר זיינע קינדער, און ער האָט דערויף געבעטען דעם רבונו של עולם.

איז אונז אידען וואָס לעבען אין אַמעריקע, אין אַ לאַנד וואו עס איז נאָך קיינער ניט געשטאָרבען פון הונגער אָדער געפרוירען געוואָרען ווייל ער האָט ניט קיין מלבוש, זעהט עס אויס עפּעס מאָדנע. אָבער ווען מיר זאָלען אַ טראַכט טהון פון די „די־פּיס", וואָס שמאַכטען נאָך אַלץ אין די אייראָפּעאישע קאָנצענטראַציע לאַגערס, און באמת מיטפיהלען ווי זיי הונגערען נאָך נעביך, און ווערען ממש געפרוירען ווייל זיי האָבען ניט וואָס אָנצוטהון, וואָלטען מיר דאַן געקענט פאַרשטעהן דעם ברייטען און טיפען זין פון אַט דער דאָזיגער „פּראָזאַאישער" תפלה. מיר לעבען איצט אין דער צייט פון „עקבתא דמשיחא". מיר לעבען איצט איבער די אתחלתא דגאולה. אָבער אונז אין אַמעריקע איז גוט און וואויל. מיר האָבען צו עסען און צו טרינקען, און אויך מלבושים. פאַר וואָס עס קומט אונז, ווייס איך ניט. אָבער דאָס איז דער פאַקט. נו, און וואָס איז מכוח אונזערע שוועסטער און ברידער אויף יענער זייט ים?! יעקב אבינו מיט זיין ווייטער וויזיע, מיט זיין רוח הקודש, האָט שוין דאַן דאָס פאַראויסגעזעהען. האָט ער דערויף געבעטען. „ויירא... ויצר", ער האָט פאַראויסגעזעהען די לאַגע פון דעם שארית הפליטה, האָט ער געבעטען „לחם לאכול, ובגד ללבוש". ער האָט געוואוסט וואָס פאַר אַ וויכטיגע ראָליע דאָס וועט שפּילען! און ווי ריכטיג ער האָט געזעהען, ווייסען מיר דאָך גאַנץ גוט.

מיר ווייסען דאָך וואָס פאַר אַ ראָליע עס שפּילט ביי אונזערע ברידער און שוועסטער אין איראָפּע אַ שטיקעל ברויט און אַ מלבוש!

ואם תאמר, טאָמער וועט איהר פרעגען: „ווי קומט עס וואָס יעקב אבינו האָט מורא געהאַט פאַר דעם „יד אחי״, פאַר ווערען גוט־ברודער מיט עשו׳ן, ווייל עס קען נאָך פיהרען צו גוי׳אישקייט? איז דעם תירוץ האָט שוין געגעבען ר׳ יצחק ניסענבוים ז״ל, נעמליך „כי ירא אנכי אותו פן יבוא והכני אם על בנים״. פאַר זיך אַליין האָט יעקב טאַקע ניט מורא געהאַט. ער איז געווען זיכער אַז עשו וועט איהם ניט קאַליע מאַכען. מורא האָט ער געהאַט פאַר „אם על בנים״, פאַר די פרויען און די קינדער. ער האָט מורא געהאַט פאַר דער יוגענט. זיי קען אַ נאָהענטע באַציהונג מיט עשו׳ן, מיט גוים, שאַדען. וואָרום די יוגענט לאָזט זיך זעהר לייכט באַאיינפלוסען פון גוי׳אישע אידעאָלאָגיעס און לעהרעס.

און יעקב האָט געשיקט „מנחה לעשו״. ער האָט איהם געשיקט אַ מתנה, און דוקא אַ גאַנץ פיינע: צוויי הונדערט ציגעלעך, צוואַנציג צאַפּען (בעק), צוויי הונדערט שעפּעלעך, צוואַנציג ווידער, דרייסיג זויגעדיגע קעמלען מיט זייערע יונג־געבוירענע קעמעלעך, פערציג קיה, צעהן אָקסען, צוואַנציג מויל־אייזלען, און צעהן זכר־אייזלען. און אַז איהר וועט זיך גוט צוקוקען וועט איהר זעהען אַז אין דער דאָזיגער „מנחה״ זיינען ניט געווען קיין כלבים, קיין הינט.

וועל איך אייך דערצעהלען אַ גוט וואָרט: ר׳ יאָשע בער ז״ל, בריסקער רב, איז אַמאָל געפאָהרען אין באַהן מיט נאָך עטליכע אידען. ווען עס איז געקומען מנחה־צייט, האָט מען אָנגעהויבען צוזאַמענעמען אַ מנין מען זאָל קענען דאַווענען מנחה בציבור. אין דער זעלבער קאַיוטע, קאַבינע, זיינען געזעסען צוויי יונגע לייט און מיט זיי וואָלט פונקט געווען אַ מנין. זיינען זיי אָבער געווען „היינטוועלטיגע״, גאַנצע פראַנטעך, וואָס פון מנחה האָבען זיי ניט געהאַלטען. איז ווי נאָר זיי האָבען דערהערט וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך, האָבען זיי זיך „אַרויסגעשאַרט״ פון דער קאַבינע. שפּעטער זיינען זיי צוריקגעקומען, און האָבען זיך געזעצט אויף זייערע ערטער. האָט זיך ר׳ יאָשע בער אָנגערופען צו די אידען, די יונגע לייט זאָלען הערען: „איצט איז מיר פאַרענטפערט געוואָרען אַ קשיא, וואָס איז מיר שטענדיג געווען קשה. יעקב האָט געשיקט עשו׳ן שאָף, שעפּסען, רינדער, ציגען, אייזלען, איז פאַרוואָס האָט ער איהם אויך ניט געשיקט עטליכע כלבים, הינט? איצט איז מיר קלאָהר דער תירוץ. ווי עס ווייזט אויס האָבען כלבים אַזאַ טבע, אַז ווען זיי דערשמעקען אַ „מנחה״, צעלויפען זיי זיך״.

און יעקב האָט פאָרטגעזעצט זיין רייזע ביינאַכט, און ער האָט אַריבער־געפיהרט זיין הויז־געזינד און זיינע טשערעדעס איבער דעם טייך יבוק. נאָך אַזוי ווי ער האָט פאַרגעסען עטליכע קליינע קריגעלעך, איז ער צוריקגעגאַנגען זיי נעמען. איז דאָך אָבער יעקב׳ן נישט באַשערט געווען צו לעבען רוהיג, איז „ויאבק איש עמו עד עלות השחר״, איז געקומען אַ מלאך, עשו׳ס שר, און ער האָט זיך מיט איהם געראַנגעלט. און אָט דער מלאך האָט איהם אויס־געזעהען לויט איין מאן דאמר ווי אַ גוי, און לויט אַ צווייטען מאן דאמר ווי אַ תלמיד חכם. זאָגט דערויף דער חתם סופר ז״ל, וואָס האָט פייערדיג געקעמפט

געגען דער רעפּאַרם באַוועגונג, בדרך הלצה, אַז ביידע חכמים האָבען ריכטיג געזאָגט. נעמליך, אַז עשו׳ס שר האָט זיך באַוויזען צו איהם סאַי ווי אַ גוי, און סאַי ווי אַ תלמיד חכם. דאָס הייסט, ער האָט זיך באַוויזען צו איהם אין דער געשטאַלט פון אַ „רעפאָרם ראַבאַי״, וואָס פיהרען פיהרט ער זיך ווי אַ גוי, און די ראָליע שפּילט ער פון אַ רב, פון אַ תלמיד חכם.

און געוואונען דעם גראַנגעל האָט יעקב. אמת, ער איז טאַקע אַרויס פון דעם קאַמף מיט אַ הינקענדיגע דיך. אָבער ער איז אַרויס פון דעם קאַמף מיט נאָך עפּעס, מיט אַ נייעם נאָמען, מיט דעם נאָמען ישראל. יאָ, עס זיינען געווען פיעלע מענשען וועמען די גאַנצע איצטיגע ישראל־אנגעלעגענהייט, דער קאַמף פאַר אַ אידיש לאַנד, איז ניט געווען שטאַרק צום האַרצען. זייענדיג פון נאַטור אויס אַ פאָלק וואָס האָט ליעב שלום, און דערצו נאָך „רחמנים בני רחמנים״, קענען מיר ניט צוקוקען ווי מענשליך בלוט גיסט זיך. אָבער אַזוי איז שוין דער שטייגער פון דער וועלט, און מיר וועלען דאָס ניט ענדערען. וויל מען עפּעס דערגרייכען, מוז מען קעמפען דערפאַר. וויל מען ווערען אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך, וויל מען האָבען אַן אייגען לאַנד, וויל מען הייסען „ישראל״, מוז מען קעמפען, מוז מען פאַרגיסען בלוט! אַזוי איז עס אויך געווען מיט יעקב אבינו. ער האָט טאַקע געקראָגען דעם נאָמען ישראל, אָבער ער האָט דערפאַר באַצאָהלט מיט אַ „דיך״. גרינג קומט קיינעם גאָר ניט אָן.

און „ויזרח לו השמש . . . והוא צולע על ירכו״. ווען עס האָט אָנגעהויבען שאַריען אויף טאָג, דער מלאך איז אַוועק, און די זון האָט אָנגעהויבען שיינען, האָט ער דערזעהען אַז ער הינקט. פאַרוואָס שטעהט עפּעס „ויזרח לו?״ די זון האָט געשיינט פאַר זיינעט וועגען? זאָגען די חכמים און רש״י ז״ל אויף דעם אָרט, אַז די זון האָט טאַקע געשיינט ספּעציעל פאַר זיינעט וועגען, ווייל „שמש צדקה ומרפא בכנפיה״ (מלאכי ג׳ כ׳), וואָרום די זון ברענגט היילונג.

איז יעקב׳ן האָט די זון ניט געשאַדעט. אדרבה, די זון האָט איהם נאָך געבראַכט אַ רפואה, און ער האָט אויפגעהערט צו הינקען. עס זיינען אָבער פאַראַן אידען, זאָגט דער „ספר הדרוש״, אַז ווען עס הויבט אָן צו שיינען אויף זיי די זון פון הצלחה, הויבען זיי אָן אונטערהינקען אין אידישקייט. איז דאָס ליידער טאַקע אמת.

און ענדליך האָט זיך יעקב באַגעגענט מיט עשו׳ן, און עשו האָט איהם געקושט, און זיי האָבען ביידע געוויינט. איז מילא יעקב האָט געוויינט קען מען דאָס פאַרשטעהן. ער האָט עשו׳ן געדאַרפט געבען אַזאַ גרויסע, קאָסטבאַרע מתנה, טהוט וועה דאָס האַרץ. עס האָט איהם דאָך געקאָסט צעהנדליגער יאָהרען ביז ער האָט זיך דאָס ערוואָרבען. אָבער פאַרוואָס האָט עשו געוויינט? ענטפערט מען בדרך הלצה אַז עשו האָט געוויינט וואָס יעקב האָט איהם געשיקט די מתנה דורך שלוחים, דורך פרעמדע הענט, און ניט זי איהם געגעבען דירעקט. וואָרום עס איז אַ כלל, אַז קוים שיקט מען עפּעס דורך פרעמדע הענט, איז ביז עס קומט אָן אין די ריכטיגע הענט, בלייבט דערפון איבער זעהר ווייניג.

אַלזאָ, ווי מיר האָבען געזעהען איז יעקב געוואָרען ישראל, און קער־פערליך האָט ער דערפאַר באַצאָהלט גאַנץ טייער. אויך מיר, אונזער דור, האָט זוכה געווען צו ווערען „ישראל". אויך מיר האָבען שוין ביז היינט צו טאָג זעהר טייער באַצאָהלט דערפאַר, סאַי אין לעבענס, סאַי אין געלט. איז בלייבט בלויז צו זעהן צי אונזער מלוכה וועט זיך כאָטש פיהרען אַזוי אַז עס זאָל זיך לוינען, אַז יעדער איד אין ישראל וועט כאָטש נאָך צוויי טויזענט יאָהר גלות האָבען אַביסעלע רעכט. מיר זאָלען שוין קענען זיצען רעכטס און ניט לינקס.*

ווען ר' בעריש מייזעלס ז"ל איז געווען רב אין קראָקאָ, איז ער אויס־געקליבען געוואָרען אַלס מיטגליד אין עסטרייכישען פּאַרלאַמענט. ווען דער פּאַרלאַמענט האָט זיך געעפענט, האָבען אַלע פּאַרלאַמענט־לייט פאַרנומען זייערע ערטער. אַ טייל האָבען זיך, ווי דער שטייגער איז, געזעצט לינקס, אַ טייל אין צענטער, און אַ טייל רעכטס, לויט דער פּאָליטיק פון די פאַרשיידענע פּאַרטייען וואָס זיי האָבען פאַרטראַטען. ר' בעריש האָט זיך געזעצט צווישען די לינקע. ווען דער קאַנצלער איז אַריינגעקומען און האָט דערזעהען ווי דער רב זיצט צווישען די לינקע, האָט ער זיך שטאַרק פאַר'חידוש'ט, וואָס דער רב זיצט נישט רעכטס, וואו אַלע גייסטליכע זיינען געזעסען. איז ער צוגעגאַנגען צום רב און געזאָגט: „הערר ראַבינער, זי צו דען לינקען?" און דער רב האָט איהם געענטפערט: „יאָ, הערר קאַנצלער, ווייל וויר יודען קיינע רעכטע האַבען!" האָפען מיר אַז אין אונזער ישראל וועלען די אידען שוין יאָ האָבען רעכטע.

עס זיינען שטענדיג געווען לענדער וואו די איינוואוינער, באַזונדערס די אידען, זיינען ממש אויסגעגאַנגען נאָך אַביסעלע רעכט. און דאָס איז שוין געווען אפילו אין אברהם אבינו'ס צייטען, און אויך אין יעקב אבינו'ס צייטען. ווען יעקב האָט זיך אָפּגעזעגענט מיט עשו'ן, און ער איז אָנגעקומען קיין שכם, האָט ער באַלד געמוזט קויפען אַ שטיקעל ערד, אַניט האָט ער ניט געהאַט אפילו וואו איבערצונעכטיגען. קאַרג ערד איז דאַן געווען? אָבער ניט פאַר יעקב'ן. און זייט דאַן ביז היינט צו טאָג, געהט דער איד ממש אויס פאַר אַ קאפּעלע רעכט.

און אַז מען רעדט שוין פון „אויסגעהן" וועל איך ענדיגען מיט אַן אינטערעסאַנטען עפּיזאָד: ר' אייזל סלאָנימער ז"ל פלעגט נישט שטאַרק מאריך זיין ביי דעם דאַווענען. למשל, שמונה עשרה פלעגט ער אויסגעהן פריהער פון אַלע בעלי בתים. האָט מען איהם אַמאָל געפרעגט: „סטייטש רבי, איהר געהט אויס אַזוי גיך שמונה עשרה, עס איז דאָך ניט מעשה רב!" האָט ר' אייזל געענטפערט: „איהר דאַרפט פאַרשטעהן אַז איך בין אַנדערש פון אַלע אַנדערע רבנים. אַלע אַנדערע רבנים געהען אויס נאָך זייערע בעלי בתים, ביי מיר אָבער געהען אויס די בעלי בתים נאָך מיר".

# וישב

"וישב יעקב". די פריהערדיגע צוויי סדרות הייסען "ויצא", "וישלח". "ויצא" דערצעהלט אונז ווי יעקב אבינו האָט געמוזט פאַרלאָזען זיין היים צוליעב דער שנאה פון זיין אייגענעם ברודער עשו. אַ פּאָר צעהנדליג יאָהר האָט ער געשקלאַפּט ביי זיין שווער לבן הארמי. און דאַן "וישלח". ווען ער האָט ענדליך באַשלאָסען זיך אומצוקעהרען אַהיים האָט ער דאָך מורא געהאַט פאַר עשו'ן, איז "וישלח", האָט ער איהם פריהער געשיקט אַ "שעהנע" מתנה, איהם מפייס צו זיין. אַז מען גיט עשו'ן אין דער "יד אַריין", קען מען ווי עס איז אָפּטעמען. און ווען דאָס איז איהם געלונגען, איז "וישב יעקב", האָט יעקב זיך באַזעצט אין דעם וואוין־אָרט פון זיינע עלטערען.

האָט דאָך שוין אָבער דער איד אַזאַ מזל, און בפרט נאָך אַ צדיק, און בפרט שבפרט נאָך אַזאַ צדיק ווי יעקב אבינו, איז "ביקש יעקב לישב בשלוה, קפץ עליו רוגזו של יוסף". יעקב האָט געוואָלט שוין זיצען במנוחה, אין רוה, האָט זיך אָנגעהויבען די צרה מיט יוסף'ן. יעקב האָט געגעבען יוסף'ן אַ "כתנת פסים", אַ זיידען (קאָלירט) העמדעל, האָבען איהם שוין קיין צרות ניט געפעלט. "פסים" מאַכט פוטיפר, סוחרים, ישמעאלים, מדינים. אויס קנאה האָבען יוסף'ס ברידער איהם פאַרקויפט, און די קויפער האָבען איהם וויטער פאַרקויפט, ביז ער איז אָנגעקומען קיין מצרים צו פוטיפר'ן. מען האָט איהם, צוליעב זיין אנשטענדיגקייט, איינגעזעצט אין תפיסה. און ענדליך איז ער געוואָרען וויצע־קעניג פון מצרים, און אַזוי־אַרום האָט ער געראַטעוועט זיין פאָטער מיט דעם גאַנצען הויז־געזינד פון אַ הונגער־טויט.

און פאַראַן אַ סברה, אַז יעקב אבינו האָט טאַקע געוואוסט, אַז יוסף איז באַשאַפען געוואָרען פאַר גרויסע זאַכען, און ווען ניט יוסף וואָלט אפשר היינט ניט געווען קיין אידיש פאָלק. ווי די זאַך זאָל ניט זיין, וויל אַ פאָטער זיך פאָרט ניט שיידען פון זיין קינד, בפרט נאָך פון אַ קינד וואָס ער האָט ליעב. האָט יעקב טאַקע שטאַרק געליטען.

און וואָס, מיינט איהר, איז דער אונטערשיעד פון די סדרות "תולדות", "ויצא", "וישלח" און דער היינטיגער סדרה? גיט דער "דרשות אל עמי" אַ פיינעם תירוץ. אין יענע סדרות ווערט דערצעהלט פון דער שנאה וואָס יעקב האָט געליטען פון עשו'ן און לבן'ען. אָבער אין דער היינטיגער סדרה רעדט זיך פון דער שנאה טאַקע צווישען די בני יעקב גופא, פון דער שנאה פון איין איד וואָס פאַרקויפט אַ צווייטען.

פאַרוואָס אייגענטליך האָבען די ברידער פיינט געהאַט יוסף'ן? פאַר זיינע חלומות. "ויוסיפו עוד שנוא אותו על חלומותיו ועל דבריו". און וועגען וואָס קריעגט מען זיך זייט דאַן ביז היינט צו טאָג ביי אידען? צוליעב חלומות, צוליעב דברים בטלים, צוליעב קליניגקייטען, היינט רופט מען עס "אידייען"! און אָט די אַזוי גערופענע "אידייען" שטערען דערנעהנטערונג. עס שאַפט

אָפּטמאָל דעם איינדרוק, אַז די „בעלי אידייע" האָבען מורא, אַז די דערנעהנ־טערונג קען נאָך אויפדעקען דעם סוד, אַז די גאַנצע שנאה צווישען פּאַרטייען איז ניט מעהר, ווי אַ שנאה צוליעב פּערזענליכע צוועקען. אָבער, פאַרשטעהט זיך, אַז אין תוך האָט עס קיין זין, און עס פיהרט בלויז צו שאדען פאַר דעם כלל ישראל...

איז פאַרוואָס מען קען ניט מאַכען פון אַלע פּאַרטייען אַן „אגודה אחת", פאַרשטעה איך ניט. אויב אַלע מיינען עס טאַקע מיט אַן אמת, לטובת הכלל, זעצט מען זיך אַנידער ביי אַ „רונדען טיש" און מען גלייכט זיך אויס און מען מאַכט „אחדות". פון אַזאַ האַנדלונג וואָלט דאָך ישראל זיכער מרויח געווען.

זעהט איהר, אַז עס מאַכט זיך אַ מיינונגס פאַרשידענהייט צווישען גאונים־צדיקים, צווישען אַזעלכע וואָס מיינען עס טאַקע לשמה, איז שוין גאָר ניט אַזוי לייכט אויסצוגלייכען. אַט, למשל, ווי אין דעם פאָלגענדען פאַל:

ווי באַוואוסט, זיינען ר' נפתלי צבי יהודה בערלין (דער נצי"ב), און רבי יאָשע בער, דער בריסקער רב ז"ל, פאַר אַ געוויסע צייט געווען גלייכצייטיג ראשי הישיבה פון דער באריהמטער וואָלאָזשינער ישיבה. אָט די דאָזיגע צוויי גדולי ישראל האָבען ניט געלעבט צווישען זיך בשלום. עס פלעגען צווישען זיי פאָרקומען זעהר אָפט סכסוכים וועגען דער הנהגה פון דער ישיבה. אַחוץ דעם האָט יעדער איינער פון זיי געהאַט אַ באַזונדער מיינונג וועגען דעם דרך הלימוד. אַזוי, למשל, האָט ר' הירש לייב, דער תמים און פשטן, געהאַלטען מעהר פון בקיאות, פון פשט אויף דעם אָרט. ר' יאָשע בער, ווידער, דער פקח און חריף, האָט געהאַלטען מעהר פון שאַרפע סברות, פון חריפות. עס איז ניט געווען קיין קאַמף פאַר פּערזענליכע אנשויאונגען. גיכער איז דאָס געווען אַ קאַמף צווישען בקיאות און חריפות. און אַזוי־ווי יעדער וואָרט־זאָגער האָט זיך זיינע אַנהענגער, האָט זיך, פאַרשטעהט זיך, אויך ביי די ישיבה־לייט געשאַפען צוויי לאַגערען. אַ טייל האָבען געהאַלטען פון ר' יאָשע בער'ס שיטה, אַ טייל פון ר' הירש לייב'ס, און די מחלוקת, אַ מחלוקת לשם שמים, האָט זיך געהאַלטען אין איין צעפלאַקערען.

דאָס האָט געפיהרט דערצו, אַז מען האָט אַראָפּגעבראַכט ר' טעוועלע מינסקער, ר' יאָסעלע סלוצקער, ר' וועלוועלע דער ווילנער שטאָדט מגיד, און ר' יצחק אלחנן ז"ל, זיי זאָלען מאַכען שלום צווישען ביידע צדדים און שאַפען אָרדנונג אין דער ישיבה. בעת די רבנים זיינען געזעסען און געטראַכט פון אַ מיטעל, האָט זיך אַנגערופען ר' וועלוועלע: „איהר ווייסט, רבותי, ביי מיר געהט איצט די סדרה „וישב".

צו „וישב" איז נאָך געווען עטליכע וואָכען, האָבען זיי איהם אָנגעקוקט. האָט ר' וועלוועלע זיך אָנגערופען: „איך וועל אייך זאָגען, רבותי, וואָס איך מיין. איך בין שטאָדט מגיד אין ווילנע. מיין דרך אין דרוש איז שטענדיג אָוועקצושטעלען דעם צדיק געגען דעם רשע, דעם גוטען, אנשטענדיגען מענ־שען געגען דעם שלעכטען, און וויוזען די צדקות, די גוטע מעשים און שעהנע מידות פון דעם צדיק און די שלעכטע מעשים און מיאוסע מידות פון דעם רשע. אין די פריהערדיגע סדרות זיינען פאַראַן צוויי הפכים, צוויי אַנטקעגענ־

געזעצטע כאַראַקטערס. אין „בראשית" זיינען פאַראַן אדם הראשון און די שלאַנג, קין און הבל. אין דער פרשה „נח" זיינען פאַראַן נח דער צדיק תמים און דער דור המבול, שם און חם. אין „לך לך" זיינען פאַראַן אברהם אבינו און פרעה. אין „וירא" — אברהם אבינו און די אנשי סדום ועמורה. און אַזוי ווייטער. איז אין יעדער סדרה האָב איך אַ צדיק און אַ רשע. שטעל איך זיך אַנידער און דעם צדיק באַקרוין איך מיט אַלע קרוינען, און אויף דעם רשע גיס איך פעך און שוועבעל. אָבער ווען עס קומט צו דער סדרה „וישב", וואָס באַהאַנדעלט די געשיכטע פון יוסף'ן און זיינע ברידער, בלייב איך שטעהן אין דער גרעסטער פאַרלעגענהייט. ביידע צדדים זיינען צדיקים, קדושים וטהורים, מיט וועמען זשע זאָל איך האַלטען? אין אַט דער זעלבער פאַרלעגענ־הייט געפין איך זיך איצט. וואָלט איך בעדאַרפט אויסגלייכען צווישען ר' יאָשע בער מיט דעם און דעם, צי צווישען ר' הירש לייב מיט דעם און דעם, ווער פון זיי עס איז אומגערעכט, וואָלט איך דאָס געקענט טהון זעהר לייכט. אָבער באַשטימען ווער עס איז גערעכט צווישען אַזעלכע צוויי גאונים, צדיקים, וואָס ביידע מיינען עס לשם שמים, איז ווי אַזוי קען מען וויסען ווער עס איז גערעכט?"

„וישב יעקב", און יעקב האָט זיך באַזעצט. נו, און ביז איצט האָט דען יעקב אבינו געוואוינט אויף דער גאַס? זאָגט דערויף דער מדרש הגדול אַ וואָרט וואָס יעדער איד וואָלט באַדאַרפט שטענדיג אין זינען האָבען, נעמליך, „ישיבת חוצה לארץ אין נקראת ישיבה, אלא ישיבת ארץ ישראל". וואוינען אין אויסלאַנד, אויסערהאַלב די גרעניצען פון ישראל, הייסט ניט וואוינען, הייסט ניט „זיך באַזעצען". אַך, ווי גאָלדיג אמת דאָס איז! איז דען פאַראַן אַ לאַנד אויף דער וועלט, וואו אידען האָבען שוין ניט געוואוינט? אָבער מען קען דאָס ניט אָנרופען „זיך באַזעצען". וואָרום אײדער זיי האָבען נאָך באַוויזען „זיך צו באַזעצען", זיך „איינצופונדעווען" ווי אָן איינגעזעסענער, האָט מען זיי אַרויסגעטריבען. אָבער „ישיבת ארץ ישראל", זיך באַזעצען אין אונזער אייגען לאַנד, דאָס איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש. דאָס הייסט ישיבה! ווען יעקב איז געקומען „בארץ מגורי אביו", אין דעם לאַנד וואו זיינע עלטערען האָבען געוואוינט, איז „וישב", האָט ער זיך באַזעצט.

און אַז יעקב האָט זיך שוין „באַזעצט", ורצה לישב בשלוה, און ער האָט געוואָלט זיצען במנוחה, פיהרען אַ רוהיג לעבען, איז עס איהם אָבער ניט געגאַנגען. אַז עס איז באַשערט אַז יעקב זאָל קריגען קלעפּ, מעג ער אפילו בייטען זיין אָרט, וועט עס איהם אויך ניט העלפען. אָט הערט אַ מעשה שהיה:

ווי באַוואוסט, האָבען די צוויי ברידער צדיקים, ר' אלימלך און ר' זושע ז"ל אָפּגעריכט גלות, און זיי זיינען אַרומגעגאַנגען איבער דער וועלט ווי צוויי איינפאַכע קבצנים, אָרימעלייט. איינמאָל איז זיי אויסגעקומען איבערצונעכ־טיגען אין אַ קרעטשמע. גראַד איז דאָן פאַרגעקומען אין דער קרעטשמע אַ דאָרפישע חתונה. האָבען די צוויי ברידער זיך געזעצט אין אַ ווינקעל, ווי אָרימע לייט, און עס איז אויסגעקומען אַזוי, אַז ר' אלימלך איז געזעסען מיט דעם פנים צו דער וואַנט, און ר' זושע מיט דעם פנים צום עולם. ווען די געסט זיינען געוואָרען „בגילופין'דיג" און זיך צעהוליעט, איז זיי איינגעפאַלען

אַפּצושפּאַטען פון די צוויי אַרימעלייט, וואָס זיינען געזעסען פאַררוקט אין אַ ווינקעל. האָבען זיי געכאַפּט ר׳ זושע׳ן, וואָס איז געזעסען נעהענטער צו זיי, איהם אַוועקגעלייגט אויף דער ערד, און נאָך יעדען טאַנץ האָט מען איהם דערלאַנגט אַ קלאַפּ, כלומר׳שט אין שפּאַס.

נאָכדעם ווי דער „שפּאַס" האָט זיך איבערגע׳חזר׳ט עטליכע מאָל, האָט ר׳ אלימלך געזאָגט צו ר׳ זושע׳ן: „ברודער לעב, פּאַרוואָס זאָלסטו באַקומען אַלע קלעפּ און איך גאָרניט? לאָמיר זיך בייטען מיט די ערטער, וועלען זיי מיך נעמען, און איך וועל קריגען די קלעפּ". האָט ר׳ זושע מסכים געווען, און זיי האָבען זיך איבערגעזעצט. די שכור׳ע מחותנים האָבען, פאַרשטעהט זיך, ניט געמערקט וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. פּלוצים האָט זיך אָנגערופען איינער פון די מחותנים, אַז עס איז ניט קיין יושר מען זאָל אַלע מאָל נעמען דעם זעלבען, איז „לאָמיר איצט נעמען דעם צווייטען וואָס זיצט נעבען דער וואַנט, זאָל ער אויך פאַרזוכען אַ פּאָר „בוכטשעס", וועט ער געדענקען, אַז ער איז געווען אין אונזער קרעטשמע אויף אַ חתונה".

גערעדט און געטהון, האָבען זיי גענומען דעם זעלבען ר׳ זושע׳ן און נאָך יעדען טאַנץ איהם מכבד געווען מיט נאָך שטאַרקערע קלעפּ ווי פריהער. נאָכדעם ווי מען האָט איהם שוין אָפּגעלאָזט, און ער האָט זיך אַנידערגעזעצט נעבען ר׳ אלימלך׳ן, האָט ער צו איהם געזאָגט: „זעהסטו, ברודער לעבען, אַז ווען עס איז איינעם באַשערט אַריינצוכאַפּען קלעפּ, וועט ער זיך בשום אופן ניט אויסדרעהען".

און די היינטיגע סדרה דערצעהלט אונז ווי יוסף האָט גע׳חלום׳ט צוויי חלומות, און ער האָט עס דערצעהלט זיינע ברידער. אין דעם ערשטען חלום האָט ער געטרוימט ווי ער און זיינע ברידער בינדען סנאָפּעס, „ותשתחוין לאלמתי", אַז די ברידערס סנאָפּעס האָבען זיך געבוקט צו זיין סנאָפּ. און אין דעם צווייטען חלום האָט ער געזעהען ווי די זון, די לבנה און עלף שטערען בוקען זיך צו איהם, „משתחוים לי". זאָגט דערויף דער „כנף רננים" אַ גוט וואָרט: דאָס ערשטע מאָל, ווען די ברידער זיינען געקומען קיין מצרים, קויפען תבואה, און זיי האָבען ניט געוואוסט אַז דאָס איז זייער ברודער יוסף, נאָר זיי האָבען איהם באַטראַכט אַלס דעם פאַרוואַלטער איבער דער תבואה, איז געווען „ותשתחוין לאלמתי", זיי האָבען זיך געבוקט ניט צו איהם, נאָר צום סנאָפּ, צו דעם סקלאַד פון תבואה, פּונקט ווי מען בוקט זיך ניט צו דעם גביר, נאָר צו זיין געלט. אָבער דאָס צווייטע מאָל, ווען זיי האָבען שוין געזעהען ווי גרויס ער איז אין מצרים, ווען זיי זיינען געוואויר געוואָרען פון זיין הויכען ראַנג, דעם וויכטיגען פּאָסטען וואָס ער פאַרנעמט, דאַן איז געווען „משתחוים לי", דאַן האָבען זיי זיך געבוקט ניט צו דער שפּייז־קאַמער, נאָר צו איהם, צו זיין פּערזענליכקייט.

און ווען די ברידער האָבען דערהערט יוסף׳ס חלומות, האָבען זיי אויסגעשריען צו איהם: „המלך תמלוך עלינו, אם משול תמשול בנו?" וואָס עפּעס אי לשון מלך און אי לשון משול? ערקלעהרט עס דער ווילנער גאון ז״ל אויף פאָלגענדען אופן: געוועהנליך פאַרשטעהט מען אונטער דעם וואָרט מלך אַ הערשער וואָס געוועלטיגט מיט דער צושטימונג פון דעם פאָלק. אָבער

דאָס וואָרט מושל מיינט שוין גיכער איינעם וואָס פאַרכאַפּט די מאַכט מיט געוואַלט, געגען דעם ווילען פון דעם פאָלק, אַ דיקטאַטאָר.

אַט דאָס האָבען די ברידער גע'טענה'ט: המלוך תמלוך עלינו, איז דען מעגליך אין דער וועלט, אַז דו זאָלסט ווערען מלך איבער אונז?! אם משול, אויב געוועלטיגען מיט געוואַלט, פאַרכאַפּען די מאַכט — תמשול בנו, דאָס איז מעגליך. ווערען אַ הערשער איבער אונז ביד חזקה, דאָס קען אַמאָל יאָ זיין, אָבער אַ מלך ניט.

און יעקב האָט געשיקט יוסף'ן ער זאָל זעהען וואָס די ברידער און די שאָף, וואָס האָבען זיך געפונען אין שכם, מאַכען. ער האָט צו איהם געזאָגט: „לך נא ראה את שלום אחיך". פרעגט דער חידושי הרי"ם, אויב יעקב האָט בלויז געוואָלט וויסען וואָס זיינע קינדער און די רינדער מאַכען, וואָלט ער דאָך געוועזען געקענט שיקען אַזוי אַ שליח, אַ קנעכט. נאָר וואָס דען, ווי באַוואוסט, איז „ויבא יוסף את דבתם רעה אל אביהם". יוסף פלעגט אַמאָל רעדען צו יעקב'ן געגען זיינע אייגענע ברידער. איז אָט מיט דער דאָזיגער שליחות איז יעקב אויסען געווען צו געבען יוסף'ן אַן אינדירעקטע וואָרנונג, אַז ער זאָל אויפהערען צו זעהן בלויז די שלעכטע זייטען פון זיינע ברידער, אויפהערען צו האַלטען אין איין זוכען אויף זיי הסרונות, נאָר ער זאָל געהן און זעהען זייערע פיינע מידות, זייערע גוטע מעשים.

פון דעם אויסדרוק „את שלום אחיך ואת שלום הצאן", זאָגט דער „שיר מעון", לערנען מיר אַ גאָר וויכטיגע זאַך. נעמליך, ווען עס איז פאַראַן „שלום אחיך", ווען עס הערשט שלום אין דעם פאַמיליען לעבען, דאַן איז אויך פאַראַן „שלום הצאן", דאַן איז אויך דאָ פרנסה און אָרדנונג, דאַן איז מען אויך מצליח אויף דעם עקאָנאָמישען און אויף דעם פינאַנציעלען געביט, דאַן איז מען, פשוט גערעדט, אויך מצליח אין פרנסה.

און יוסף איז געגאַנגען מקיים זיין זיין פאָטער'ס שליחות. ער האָט זיך געלאָזט געהן צו זיינע ברידער. „והנה תועה בשדה", יוסף האָט אָנגעהויבען צו בלאָנדזשען. אַז מען האַלט אין איין חלום'ען, בלאָנדזשעט מען אַמאָל. האָט ער געטראָפען גבריאל המלאך. און ווען גבריאל האָט איהם געפרעגט, וועמען ער זוכט, האָט יוסף געענטפערט „את אחי אנכי מבקש", איך זוך מיינע ברידער.

אָט דאָס איז דער קאַרדינאַלער אונטערשיעד פון יוסף הצדיק און די היינטיגע דורות. יוסף האָט געבלאָנדזשעט, זוכענדיג זיינע ברידער, און פיעלע פון אונז בלאָנדזשען, זוכענדיג די גוים. און עס איז אַ כלל, אַז יעדער איינער געפונט וואָס ער זוכט. דער אונטערשיעד איז בלויז דאָס: יוסף איז געגאַנגען זוכען זיינע ברידער, ווייל זיין פאָטער האָט איהם געהייסען.

ער האָט מקיים געווען כיבוד אָב, וואָס איז דאָס פינפטע געבאָט פון די עשרת הדברות. דאַגעגען ווען ווער פון אונז זוכט די גוים, איז פשוט דערפאַר, ווייל ער מיינט, אַז דאָס וועט איהם אפשר גרינגער מאַכען דאָס לעבען, כאָטש די ערפאַהרונג האָט שוין אומצעהליגע מאָל געוויזען, אַז דער אמת איז ניט אַזוי. מען זוכט פשוט אַ וועג ווי זיך צו באַפרייען פון דעם „אידישען יאָך". מען מיינט אַז מיט דעם אַראָפּוואַרפען פון זיך דעם יאָך פון אידישקייט, וועט דאָס לעבען זיין לייכטער.

און אַזוי איז עס טאַקע אין לעבען. ווייל איינער עפּעס ניט טהון, וועט ער אויסנוצען כל׳ערליי המצאות, אַבי עס ניט צו טהון: אַט האָט איהר אַביישפּיל: ווען דער רבי ר׳ העשיל ז״ל איז נאָך געווען אַ קליין אינגעלע, האָט ער שוין דאַן אַרויסגעוויזען גרויס חכמה, אָבער ער איז אויך געווען אַ גרויסער שטיפער און האָט ניט געהאַט קיין חשק צו געהן אין חדר אַריין. דער „באַ־העלפער״ (בעלפער) פלעגט איהם דאַרפען ממש מיט געוואַלט שלעפען אין חדר אַריין.

האָט זיין פאָטער ז״ל איינמאָל גענומען איהם אויס׳מוסר׳ן: סטייטש, ניט שעהן, אַזאַ אינגעל ווי דו דאַרף אַליין לויפען אין חדר אַריין און „באַ־געהרען צו לערנען״. האָט העשעל געענטפערט: „געוויס ,טאַטע, באַגעהר איך צו לערנען, אָבער אין חדר וויל איך ניט געהן, ווייל דער „בעלפער״ רופט מיך ניט ווי עס באַדאַרף צו זיין״.

„נו, ווי זאָל ער דיך רופען?״ פרעגט דער פאָטער. און העשעלע ענט־פערט: „ווען מען בעט דיך אויף אַ חתונה, קומט אַריין דער שמש, שטעלט זיך אַנידער ביי דער טיר און זאָגט, אַז דער און דער האָט געשיקט אייך בעטען, איהר זאָלט אַזוי גוט זיין און איהם אָנטהון דעם כבוד און קומען אויף דער חתונה. ווילסטו, געהסטו; ווילסטו ניט געהן, ענטפערסטו „אַזוי גוט ווי געוועזן״. אָבער דער „בעלפער״ קומט אַריין מיט אַ ליאַרם, מיט אַ געפּילדער: „העשעל, קום אין חדר אַריין!״ און טהוט מיך נאָך אַ שלעפּ ביי דער האַנט. נו, וויל איך ניט געהן״.

דעם צווייטען אין דער פריה איז געקומען דער „בעלפער״ און האָט זיך אַנידער געשטעלט ביי דער טיר און אַ זאָג געטהון מיט אַ שטיל, איינגע־האַלטען קול: „ר׳ העשיל, דער רבי האָט געשיקט אייך בעטען, איהר זאָלט אַזוי גוט זיין איהם אָנטהון דעם כבוד און קומען אין חדר אַריין״. האָט העשעלע אויסגעהערט דעם „בעלפער״ און געענטפערט מיט פאַרנעם: „אַזוי גוט ווי געוועזן״.

אָדער נעמט דעם ביישפּיעל, טאַקע פון דעם זעלבען העשעלע. איינמאָל אין דער פריה האָט זיך העשעלען פאַרוואָלט הערינג און דוקא אַ גאַנצען. האָט זיין מוטער גענומען דעם קאָפּ און דעם עק פון אַ הערינג, אַוועקגעשטעלט אויף דעם טיש און געזאָגט: „אַט דאָ, העשעלע, האָסטו אַ גאַנצען הערינג, איז געה דאַווען אָפּ, ווען טסטו קענען איבערבייסען״. איז העשעלע אַריין אין אַ צווייטען צימער, זיך געזוימט אַ מינוט און איז באַלד צוריקגעקומען.

„אַזוי גיך האָסטו אָפּגעדאַווענט?״ פרעגט די מאַמע, און העשעלע ענטפערט: „יאָ, מאַמע, אַז אַ קאָפּ און אַן עק איז אַ גאַנצער הערינג, איז ״מה טובו״ און „עלינו״ אַ גאַנץ דאַווענען״.

האָט טאַקע יוסף געפונען זיינע ברידער, אָבער דאָ האָט זיך אָנגעהויבען אַ קאַפּיטעל ביטערע איבערלעבענישען פאַר איהם. זיינע ברידער האָבען ניט געקאָנט פאַרגעסען זיינע חלומות. אידען קענען ניט פאַרטראָגען ווען אַן אַנדער איד חלום׳ט חלומות צו הערשען איבער זיי. און ווי דער שטייגער איז, גריינדען זיך באַלד מיינונגס פאַרשיעדענהייטען, פאַרטייען. און אַזוי איז עס שוין געווען אין יוסף׳ס צייטען. מאַנכע ברידער האָבען איהם געוואָלט

טויטען אויף דעם אָרט. אָבער ראובן האָט זיך איינגעשטעלט און ניט דערלאָזט. האָט מען איהם אַריינגעוואָרפען אין אַ גרוב אַריין.

און אין אָט דעם פינסטערען גרוב האָט זיך אָנגעהויבען יוסף׳ס גלאַר־רייכע קאַריערע. פון אָט דעם ,ממעמקים׳ האָט זיך אָנגעהויבען די סטעזשקע צו דעם וויצע־קעניג טראָהן פון מצרים. ווי זאָגט דאָס ווערטעל „יעדע כמאַרע האָט איהרען זילבערנעם אונטערשלאַק״.

און יוסף האָט טאַקע געהאַלטען אין איין מצליח זיין. אויסער דעם גרויסען כבוד פון צו זיין שני למלך פון דעם דאַמאָלסט מעכטיגען מצרים, האָט ער געראַטעוועט פיעלע מיליאָנען מענשען פון אַ הונגער טויט, און טאַקע אויך זיין אייגענעם פאָטער מיט זיין הויז־געזינד.

און פאַרוואָס, מיינט איהר, האָט יוסף טאַקע אַזוי מצליח געווען? זאָגט דער רבי ר׳ בונים ז״ל, ווייל „ויהי ה׳ את יוסף ויהי איש מצליח״, ווייל יוסף איז געווען אַ „מחותן״ מיט דעם רבונו של עולם, אפילו דאמאָלס, ווען עס איז איהם געגאַנגען גוט, אפילו ווען ער איז געווען אַ „איש מצליח״.

און מיר וועלען ענדיגען מיט אַ פיינעם טייטש־וואָרט:

ווען יוסף האָט געפרעגט דעם מענשען וואָס ער האָט באַגעגענט ער זאָל איהם זאָגען וואו זיינע ברידער פאַשען, האָט ער איהם געענטפערט: „נסעו מזה״. באַמערקט דערויף דער מדרש: „נסעו ממידותיו של מקום״. זאָגט דער רבי ר׳ העשיל ז״ל: אויפ׳ן פסוק „ויתנכלו אותו להמיתו״ דרש׳ענען אונזערע חכמים ז״ל אַז די ברידער האָבען געוואָלט אומברענגען יוסף׳ן, ווייל זיי האָבען געזעהען ברוח הקודש, אַז ירבעם, דער חוטא ומחטיא את הרבים, וועט אָפּשטאַמען פון איהם. האָבען זיי, אַלזאָ, געוואָלט איהם באַשטראָפען פאַר צוקונפטיגע זינד. און דאָס איז דאָך געגען דעם אויבערשטענס מידה וואָס איז דן דעם מענשען נאָר פאַר געטהוענע זינד. איז אָט דאָס מיינט דער „נסעו ממידותיו של מקום״, אין דעם פּרט זיינען זיי אַוועק פון דעם אַלמעכטיגענס מידות.

# מקץ

„ויהי מקץ". אַ שטערבליכער מענש דאַרף שטענדיג אין זינען האָבען אַז דאָס לעבען האָט אַ סוף. פון אָדם הראשון ביז היינט צו טאָג האָט נאָך קיינער ניט געלעבט אייביג. איינער לעבט מיט עטליכע יאָהר מעהר פון אַן אַנדערען, אָבער דאָס לעבען האָט אַן ענדע. איז ניט וויכטיג וויפיעל יאָהרען מען האָט אָפּגעלעבט אויף דער וועלט, נאָר ווי אַזוי מען האָט געלעבט די יאָהרען. וואָרום דער עיקר איז מיט וואָס פאַר אַ מעשים מען האָט זיך באַשעפטיגט.

ר' מאיר פּרעמישליאַנער ז"ל האָט אַמאָל דערקלעהרט דעם טייטש פון „ויהי מקץ שנתים ימים" מיט פאָלגענדער מעשה:

אַן עלטערער איד איז געקומען אויף דעם עולם העליון, אויף יענער וועלט, האָט מען איהם אַ פרעג געטהון ווי אַלט ער איז, האָט ער געענטפערט „אַכציג יאָהר". האָט מען נאָכגעקוקט אין דעם ספר הזכרונות, און מען האָט איהם געזאָגט, אַז לויט ווי עס איז דאָרט פאַרצייכענט, איז ער בלויז צוויי יאָהר אַלט.

לעבען איהם איז געשטאַנען אַ יונגער מאַן, האָט מען איהם געפרעגט ווי אַלט ער איז, און ער האָט געענטפערט „צוואַנציג יאָהר". האָט מען נאָכ־געקוקט אין ספר הזכרונות, און מען האָט איהם געזאָגט אַז עס איז ריכטיג, וואָרום אַזוי איז טאַקע פאַרצייכענט אין די ביכער.

האָט עס דעם עלטערען אידען פאַרדראָסען, און ער האָט זיך אָנגערופען צו דעם בית דין של מעלה: אָט דאָס איז די גערעכטיגקייט וואָס ווערט אויס־געטיילט אויף דעם עולם האמת? איך האָב אָפּגעלעבט גאַנצע אַכציג יאָהר, איך בין געוועזן דעם דאָזיגען יונגערמאַנ'ס סנדק, זאָגט איהר מיר אַז איך בין אַלט בלויז צוויי יאָהר, און דער יונגער מאַן, זאָגט איהר, איז טאַקע אַלט צוואַנציג יאָהר. איז אָט מיט אַזאַ יושר פיהרט איהר זיך דאָ, אויף דעם עולם האמת?

האָט מען איהם געענטפערט: שוטה וואָס דו ביזט, אויף דעם עולם האמת רעכענט מען אַלס לעבען נאָר די טעג און יאָהרען וואָס דער מענש פאַרברענגט אין תורה ועבודה, אין לערנען, אין דינען דעם אויבערשטען, אין עוסק זיין זיך אין צרכי ציבור באמונה, אין אַרבייטען פאַר דעם פאָלק ישראל, פאַר דעם לאַנד ישראל. דו האָסט זיך טאַקע אַרומגעדרעהט אויף דער ערדישער וועלט גאַנצע אַכציג יאָהר, אָבער ווי אַזוי האָסטו פאַרבראַכט דיינע טעג? ביזט שטענדיג געוועזן אַריינגעטהון אין נאַרישקייטען. דו האָסט שטענ־דיג אין זינען געהאַט בלויז זיך אַליין, דיינע אייגענע פאַרגעניגענס. איז אַז מען רעכענט צוזאַמען דיינע טעג אין וועלכע דו האָסט יאָ געלעבט ווי אַ איד, באַטרעפען זיי אין גאַנצען צוויי יאָהר.

דער יונגער מאַן, אָבער, האָט זיין גאַנץ לעבען פאַרבראַכט אין תורה ועבודה, און אין העלפען דעם כלל ישראל. ער האָט געלעבט מיט חשבון, ווי אַ איד דאַרף לעבען, זיינען זיינע צוואַנציג יאָהר פולע צוואַנציג יאָהר.

און אָט דאָס מיינט „ויהי מקץ", האָט דער פרעמישליאַנער געטייטשט. מען קען טאַקע לעבען אויף דער וועלט אַכציג יאָהר, אָבער צום סוף זאָלען זיי זיין ניט מעהר ווי „שנתים ימים" — צוויי יאָהר. דאַרף יעדער איד זעהן צו פיהרען אַ פול אידיש לעבען, סאַי צום אויבערשטען, סיי צו לייט, אַזוי אַז יעדער יאָהר זאָל זיין אַ פול יאָהר פון אידיש לעבען.

איינער פון די אינטערעסאַנטסטע פונקטען אין דער היינטיגער סדרה איז, וואָס דער „אַרעסטאַנט" יוסף איז געוואָרען שני־למלך, דער צווייטער צום קעניג פרעה פון מצרים. איז כדאי צו זעהן צוליב וואָס פאַר אַ חטא איז געקומען יוסף הצדיק טורמע, און פאַר וועלכע מעשים טובים איז איהם צוגעטיילט געוואָרען אַזאַ גרויסער כבוד, צו ווערען די צווייטע האַנט פון דעם קעניג פון מצרים, וואָס איז אין יענער צייט געווען איינס פון די גרעסטע לענדער.

ווי באַוואוסט, האָט יוסף געהאַלטען אין איין חלום'ען, אַז זיינע ברידער וועלען זיך בוקען צו איהם, און דערפאַר האָבען די ברידער איהם פיינט געקראַגען. די גמרא זאָגט: „אין מראין לו לאדם אלא מהרהורי לבו", דער מענש חלום'ט ביינאַכט דאָס וואָס ער טראַכט ביי טאָג. קיין מענש האָט נאָך ניט געחלום'ט, אַז ער האָט געזעהען, למשל, אַן עלעפאַנט קריכען דורך אַ לעכעל פון אַ נאָדעל. און ווען יוסף האָט זיי דערצעהלט, אַז ער האָט געחלום'ט אַז זייערע סנאָפּעס בוקען זיך צו זיין סנאָפּ, און אַז די זון און די לבנה און עלף שטערן (די צאָהל פון זיינע ברידער) בוקען זיך צו איהם, האָבען זיי פאַרשטאַנען, אַז ער וויל ווערען הערשער איבער זיי.

איז כאָטש יוסף איז נאָך דעמאָלט געווען אַ אינגעל, האָט פונדעסט־וועגען זיין גדלות, זיין זיך גרויס האַלטען, גורם געווען, אַז ער זאָל פאַרטריבען ווערען אין אַ פרעמד לאַנד, און דערצו נאָך איינגעזעצט צו ווערען אין תפיסה.

גאַנץ אַנדערש אָבער האָט עס איהם אַנגעהויבען צו געהן ווען ער איז געוואָרען באַשיידען. ווען פרעה האָט געחלום'ט זיינע חלומות, און ער האָט געשיקט רופען יוסף'ן פון געפענגעניש, און צו איהם געזאָגט: „איך האָב געהערט זאָגען אויף דיר, אַז דו ביזט אַ בריה אין אויסטייטשען חלומות", האָט יוסף געענטפערט מיט גרויס באַשיידענקייט: „די חכמה איז ניט מיינע, דאָס אַלץ איז דעם אויבערשטען'ס". און נאָכדעם ווי יוסף האָט ערקלעהרט פרעה'ן די חלומות, און פרעה'ן איז דאָס געפעלען, האָט ער צו איהם געזאָגט: „יוסף, עס איז ניטאָ אַזאַ חכם ווי דו ביזט, איך מאַך דיך פאַר הערשער איבער מיין לאַנד, נאָר דער קעניגליכער טראָהן וועט זיין העכער פון דיר". האָט דער עניו יוסף געהאַלטען אין איין טענה'ן, אַז די חכמה איז ניט זיינע, נאָר דעם אויבערשטען'ס. און אַ דאַנק דער מידה פון באַשיידענקייט, האָט ער זוכה געווען צו אָט דעם גרויסען כבוד. האָבען דאָך שוין אונזערע חכמים ז"ל געזאָגט, אַז „ווער עס יאָגט זיך נאָך כבוד, לויפט דער כבוד אַוועק פון איהם, און ווער עס לויפט אַוועק פון כבוד, יאָגט איהם דער כבוד נאָך".

דער דובנער מגיד ז״ל פאַרגלייכט עס מיט אַ שעהנעם משל. אַן אָנגעזעהענער בעל הבית, וואָס האָט געהאַט די שעהנסטע קראָם אין שטאָדט מיט אַ גרויסען לאַגער סחורה, איז אַמאָל געקומען צו לויפען מיט אַ געוואַלד צו די שטאָדט־גבאים, הלמאי מען האָט איהם געשטעלט אַזוי פיעל שטייער.

„אמת״, האָט ער גע׳טענה׳ט, „איך האָב טאַקע אַ גרויסע קראָם מיט פיעל סחורה, אָבער די סחורה איז ניט מיינע. עס איז אַלץ געבאָרגט, און גענומען אויף קרעדיט. עס איז יענעמס, ניט מיין סחורה!״

„אויב מען געטרויט אייך אַזוי פיעל סחורה אויף קרעדיט, אויב מען באָרגט אייך״, האָבען די ראשי הקהל געענטפערט, „איז שוין דערפון אַליין אַ ראיה, אַז איהר זענט אַ איד אַ נגיד, וואָרום אַ אידען אַן אָרימאַן וועט מען אַזוי פיעל ניט באָרגען״.

אָט דאָס זעלבע טאַקע האָט אויך גע׳טענה׳ט פרעה צו יוסף׳ן: „אויב״, האָט ער געזאָגט, „דו האָסט ביי דעם אויבערשטען אַזוי פיעל קרעדיט, דו ביזט ביי איהם אַזאַ בטוח, אַז ער געטרויט דיר אַזוי פיעל חכמה, איז דערפון אַליין שוין אַ באַוויז, אַז „אין נבון וחכם כמוך״, אַז עס איז ניטאָ אַזאַ קלוגער, אַזאַ פאַרשטענדיגער מענש ווי דו, וואָרום נאַראָנים געטרויעט מען ניט קיין חכמה״.

איז ניט נאָר איז יוסף געווען דער גרויסער עניו בעת ער איז געשטאַנען פאַר פרעה׳ן, נאָר אפילו נאָכדעם ווען גאַנץ מצרים האָט איינגעזעהען, אַז ער האָט ריכטיג אויסגעטייטשט די חלומות, און ער איז געוואָרען דער פאַקטישער הערשער איבער דעם גאַנצען לאַנד מצרים, און דאָס לעבען פון מיליאָנען מענשען איז געלעגען אין זיין האַנט, ווייל ווען ער וואָלט ניט געוואָלט פאַר־קויפען זיי קיין תבואה, וואָלטען זיי דאָך זיכער אומגעקומען פון הונגער, איז ער נאָך אַלץ געווען דער גרויסער עניו.

אַ גוט וואָרט וועגען דעם האָט שוין געזאָגט ר׳ משה לייב סאַסאָווער ז״ל: עס זיינען פאַראַן מענשען וואָס, ווען זיי זיינען עולה לגדולה, ווערען פיהרער ביי אידען, הויבען זיי זיך אָן פיהרען „מעשה קנאַקער״. זיי רינגלען זיך אַרום מיט משרתים און יוצר משרתים, מיט סעקרעטאַרען, און אַליין זיצען זיי זיך אויף דעם „פאַטער שטול״ מיט פאַרלעגטע הענט, און חלום׳ען פון מעהר כבוד. אָבער ניט יוסף! אויף איהם זאָגט די תורה „הוא השליט, הוא המשביר״, ער איז געווען דער הערשער, און ער אַליין איז געווען דער פאַרקויפער.

ווי באַוואוסט, האָבען די ברידער פאַרקויפט יוסף׳ן נאָר צוליב קנאה. זיי האָבען מקנא געווען יוסף׳ן, ווייל יעקב האָט איהם געגעבען אַ „כתונת פסים״, אַ פיעל קאָלירענדיג העמדעל, און וואָס ער האָט איהם ליעב געהאַט מעהר פון די אַנדערע קינדער. און דאָס לערענט אונז, אגב, אַז עלטערען טאָרען ניט אַרויסווייזען מעהר ליבע צו איין קינד ווי צו די אַנדערע. און קנאה, איז אין דער ווירקליכקייט אַ מין גדלות. ווען איינער איז מקנא דעם אַנדערען, מיינט עס, אַז ער וויל זיין אַזוי גרויס ווי דער אַנדערער.

און די תורה דערצעהלט אונז, אַז יוסף האָט זיי געגעבען מתנות, אָבער בנימין׳ען האָט ער געגעבען אַ פינף־פאַכיגע מתנה. און דאַן האָט ער זיי

פאַרבעטעטן צו אַ מיטאָג, און זיי האָבן געגעסען און געטרונקען ביז זיי זיינען געוואָרען בגילופין׳דיג. איז דאָך די קשיא: מילא, יוסף׳ן איז געווען אויפ־געלעגט אויף דער נשמה, איז גאַנץ פאַרשטענדליך. ער איז קוים אַלט געווען דרייסיג יאָהר, און איז שוין געווען דער הערשער פון אַזאַ גרויס לאַנד, כאָטש ער איז געווען אַ „פאָרעינער״, אַ פרעמדער. און צווייטענס, האָט ער זיך געפרעהט, וואָס ער האָט געזעהען זיינע ברידער, און געהערט, אַז זיין פאָטער יעקב לעבט. אָבער וואָס איז געווען די גדולה מיט די ברידער? וואָס האָבן זיי זיך אַזוי משמח געווען?

האָט שוין דער אַלעקסאַנדערער רבי דאָס זעהר פיין ערקלעהרט. ווען דער רבי פון גער און דער רבי פון אַלעקסאַנדער ז״ל האָבן זיך באַגעגענט אויף אַ רבי׳שע אסיפה אויף וועלכער זיי האָבן געשלאָסען צווישען זיך שלום, האָט דער אַלעקסאַנדערער רבי נאָכגעזאָגט אַ שטיקעל תורה פון זיין פעטער דעם בעל „ישמח ישראל״ ז״ל, וואָס טייטשט אויס דעם דאָזיגען פסוק אַזוי:

יוסף האָט דאָך גאַנץ גוט געוואוסט, אַז מען טאָר ניט באַהאַנדלען איין ברודער בעסער פון דעם אנדערען, ווייל דאָס פאַראורזאַכט קנאה. ער האָט דאָך דאָס געוואוסט פון אייגענער ערפאַהרונג. נאָר ער האָט בכיון געגעבען בנימין׳ען פינף מאָל אַזוי פיעל ווי די אַנדערע, ווייל ער האָט געוואָלט זעהען צי די אַנדערע ברידער וועלען איהם מקנא זיין. ער האָט געוואָלט זעהען צי דאָס געפיהל פון קנאה איז שוין ביי זיי אויסגעוועבט געוואָרען. די ברידער, ווידער, ווען זיי האָבן געזעהען, אַז יוסף גיט בנימין׳ען אַ פינף־פאַכיגע מתנה, האָט עס זיי גאָרניט באַריהרט. זיי האָבן איהם ניט מקנא געווען. אדרבא, זיי זיינען גאָר געווען זעהר צופרידען. איז דעריבער יוסף געווען פרעהליך, וואָס זיינע ברידער ווערען מעהר ניט באַהערשט פון דער מיאוס׳ער מידה פון קנאה. און די ברידער זיינען געווען פרעהליך, וואָס זיי אַליין האָבן געפיהלט, אַז די שלעכטע מידה פון קנאה איז אויסגעוואָרצעלט פון זייערע הערצער. איז דערפאַר זיינען זיי אַלע געווען אויפגעלעגט. זיי האָבן זיך געפרעהט וואָס זיי זיינען געוואָרען באַשיידען.

אַז באַשיידענקייט איז אַ גאָר גרויסע מידה, און אַז עס ברענגט גוטען „דיווידענד״, קען מען זעהען פון זעהר פיעלע ביישפילען. וועלען מיר ברענגען בלויז עטליכע: ווען דער אויבערשטער האָט געשיקט משה רבינו צו פרעה׳ן מיט אַ שליחות, האָט דער עניו משה געענטפערט: „ווער בין איך, וואָס זאָל געהען צו מלכים?״, האָט ער זוכה געווען ניט נאָר צו באַפרייען דאָס אידישע פאָלק פון קנעכטשאַפט, נאָר אפילו צו געבען די תורה צו די אידען.

ביי מתן תורה האָבן די העכסטע בערג געקעמפט, און יעדער איינער פון זיי האָט געוואָלט, אַז די גרעסטע וועלט־פאַסירונג זאָל געשעהען אויף איהם. יעדער פון זיי האָט גע׳טענה׳ט, אַז אויף איהם זאָל די תורה געגעבען ווערען. און יעדער איינער פון זיי האָט אָנגעוויזען פאַרוואָס עס קומט איהם. איין באַרג האָט גע׳טענה׳ט, אַז אין דער צייט פון דעם מבול איז זיין שפּיץ ניט געשטאַנען אין וואַסער, אַזוי הויך איז ער, קומט איהם דער כבוד. אַ צווייטער הויכער באַרג האָט אַרגומענטירט, אַז ווען דער ים־סוף האָט זיך געשפּאַלטען, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אויף דעם אויסגעטריקענטען פלאַץ,

כדי די אידען זאָלען קענען דורכגעהן. אָבער דער קליינינקער, דער נידע־ריגער באַרג סיני, איז זיך געשטאַנען פון דער וויטענס באַשיידען און געשוויגען. האָט דער אַלמעכטיגער וואָס האָט זעהר ליב באַשיידענקייט, באַשלאָסען צו געבען די תורה, די גרעסטע פאַסירונג אין דער וועלט, דוקא אויף דעם באַשיידענעם „הר סיני".

ווען דער אויבערשטער האָט זיך באַוויזען צו ירמיהו'ן און איהם אויפגעפאָדערט צו געהן אין אַ שליחות צום פאָלק ישראל, האָט ער באַשיידען געענטפערט: „איך בין דאָך בלויז אַ אינגעל". ער האָט געהאַלטען, אַז ער איז ניט פאַסיג פאַר אַזאַ גרויסע שליחות. איז ער געוואָרען איינער פון די גרעסטע נביאים ביי אידען. ווען דער אויבערשטער האָט אָנגעבאָטען יונה'ן מיט אַ שליחות, איז ער געווען אַזוי באַשיידען, אַז ער האָט געוואָלט אַנטלויפען אויף אַ שיף און זיך באַהאַלטען. אָבער דעם רבונו של עולם איז דוקא געפעלען זיין באַשיידענקייט, און יונה איז געוואָרען איינער פון די וויכטיגסטע נביאים.

מיט איבער איין און צוואַנציג הונדערט יאָהר צוריק, אין דער צייט פון די חשמונאים, ווען דאָס לעבען פון די אידען איז געווען ביטער און פינסטער, האָט מתתיהו, דער זוהן פון יוחנן כהן גדול, גערופען די אידען צו אַן אויפ־שטאַנד געגען די שונאי ישראל, ניט אין זיין נאָמען, נאָר „מי לד' אלי", ווער עס איז פאַר דעם אַלמעכטיגען, פאַר אידישער רעליגיע און גלויבען, זאָל זיך אָנשליסען אין מיר, האָט ער זוכה געווען, אַז זיינע קינדער זאָלען געווינען דעם קאַמף. ווייל ניט מתתיהו און ניט זיינע קינדער האָבען אין זינען געהאַט פערזענליכען כבוד. זיי האָבען געוואָלט ראַטעווען דעם כבוד פון דער אידי־שער תורה און פון דעם אידישען פאָלק, האָט דער אַלמעכטיגער זיי געהאָלפען.

ווער עס קען אידישע געשיכטע ווייסט, אַז אין משך פון אַלע יאָהר־טויזענטער, ווער עס איז געווען באַשיידען און געקעמפט מיט אַן אמת, אויף אַן אמת, דורך אמת פאַר דעם וואוילזיין פון דעם אידישען פאָלק, האָט מצליח געווען. זיין נאָמען איז געוואָרען גרויס און אומשטערבליך. בעת יענע, וואָס האָבען דאָס געטהון צוליב פערזענליכע אינטערעסען, זיינען באַלד פאַרגעסען געוואָרען.

עס איז קיין ספק ניט, אַז אויך היינט זיינען פאַראַן ביי אידען פיהרער, וואָס מיינען עס ערנסט. אָבער גלייכצייטיג ווייסען זיי ניט פון דער וויכטיגער מידה פון באַשיידענקייט. זיי זוכען גדלות. באַזונדערס איז דאָס אמת צווישען דעם איצטיגען דור.

דאָס דערמאָנט אונז, אגב, אין דער געשיכטע פון יענעם סטודענט. צו דעם לאָדזשער רב ז"ל איז אַמאָל געקומען אַ אידישער סטודענט, און ער האָט צו איהם געזאָגט:

„רבי, איך בין אַ גוטער, באַוואוסטזיניגער איד, אַ איד מיט אַ גוט האַרץ, אַן איבערגעגעבענער איד. אָבער איך וויל ווערען אַ פּראָפעסאָר, און ווי איהר ווייסט איז פיעל בעסער צו זיין אַ פּראָפעסאָר אין אַן אוניווערזיטעט, איידער אַ מלמד אין שניפּישאָק. אָבער דאָס צו דערגרייכען מוז מען זיך אַביסעל אונטער'שמד'ן. איז פאַרוואָס־זשע, אייגענטליך, זאָל איך דאָס ניט טהון? אַ איד בין איך דאָך. און איך וועל אויך שפּעטער בלייבען אַ גוטער,

געטרייער איד. אַי, דאָס ביסעל שמד־וואַסער? וואָס פאַר אַ ראָליע שפּיעלט עס? וואָס קען דאָס שוין איינגאַנצען קאַליע מאַכען?"

האָט איהם אויף דעם דער רב געענטפערט:

„מיין ליבער יונגערמאַן, מיר אידען זיינען געגליכען צו זאַמד. און זאַמד האָט אַזאַ טבע, אַז וואוהין מען זאָל עס ניט וואַרפען און לייגען, בלייבט עס אַליץ זאַמד. קוים אָבער גיסט מען אַריין אין דעם אַ ביסעל וואַסער, ווערט באַלד דערפון בלאָטע".

יאָ, אין דער דאָזיגער שאַרפזיניגער תשובה שטעקט אַ געוואַלדיג גרויסער און טיפער אמת. מיינט מען עס מיט אַן אמת, פאַר דעם וואוילזיין פון דעם אידישען פאָלק, האָט אַ מלמד אין שניפּישאָק אויפגעטהון פאַר דעם קיום היהדות, פאַר דער עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאָלק און פאַר דער אידישער רעליגיע, מעהר ווי די פיהרער פון זייער צייט. קוים אָבער מיינט עס איינער צוליב פערזענליכען כבוד, צוליב אייגענעם פרעסטיזש, ווערט דערפון בלאָטע.

וואָרום יעדע אונטערנעמונג קען זיין ערפאָלגרייך נאָר דאַן, ווען עס איז געמיינט עהרליך, מיט אַן אמת. צו דעם וואָרקער רבי'ן ז"ל זיינען אַמאָל געקומען צוויי שותפים, ער זאָל זיי אָנשרייבען אַ שטר־שותפות. האָט דער רבי גענומען אַ שטיקעל ליידיג פּאַפּיר און אָנגעשריבען א, ב, ג, ד. האָבען ביידע שותפים זיך שטאַרק פאַרוואונדערט, און זיי האָבען געפרעגט „וואָס פאַר אַ שטר־שותפות איז דאָס?" האָט דער רבי זיי געענטפערט: „אַז איהר וועט אָפּהיטען אָט דעם שטר־שותפות, וועט אייער שותפות האָבען אַ קיום, און איהר וועט האָבען הצלחה, נעמליך א' — אמת, וועט זיין ב' — ברכה. טאָמער חלילה ג' — גזלה, וועט זיין ד' — דלות".

די היינטיגע סדרה לערענט אונז ניט נאָר די געוואַלדיג גרויסע מידה פון באַשיידענקייט, נאָר אויך די אונגעהויער וויכטיגע מידה פון כבוד־אב — פון עהרלעך האַלטען עלטערען. עס איז אַ פעסטגעשטעלטער כלל, אַז ווער עס האַלט ניט עהרלעך עלטערען, קען שוין במילא ניט רעספּעקטירען קיין אַנדערען. זעהען מיר, אַז יוסף האָט אויך באַזעסען די דאָזיגע געוואַלדיג־גרויסע מידה. דאָס וויכטיגסטע וואָס איהם האָט אינטערעסירט איז געווען, צי זיין פאָטער יעקב לעבט, און ווי עס געהט איהם. דער דרייסיג־יאָהריגער „שני־למלך" האָט געוואָלט וויסען ווי עס געהט זיין אַלטען טאַטען, און אין דעם זכות טאַקע האָט ער זוכה געווען צו דער גרויסער גדולה.

איז לאָמיר זיך אָפּלערנען פון יוסף'ן, אַז באַשיידענקייט און עהרליך האַלטען עלטערען זיינען זעהר וויכטיגע זיילען אין אידישקייט. און ווי זאָגען אונזערע חכמים ז"ל: „איזהו מכובד המכבד את הבריות" — ווער עס האַלט עהרליך דעם צווייטען, ווערט אַליין געהאַלטען עהרליך.

# ויגש

היינט וועלען מיר אָנהויבען מיט אַ מעשה שהיה, און דעם שכל דערפון וועלען מיר זעהען שפּעטער.

עס זיינען געווען צוויי גוטע פריינד, וועלכע זיינען געווען אויסערגעוועהנליך איבערגעגעבען איינער דעם צווייטען, און האָבען זיך שטענדיג געהאַלטען צוזאַמען. אומשטענדען, אָבער, האָבען זיי געצוואונגען זיך צו באַזעצען אין צוויי פאַרשידענע לענדער. אין אַ צייט אַרום איז איינער געקומען צום צווייטען אויף אַ באַזוך, און פונקט דאַן האָט אויסגעבראָכען אַ קריג צווישען די צוויי לענדער. זייענדיג אַ בירגער פון דעם שונא'ס לאַנד, האָט מען איהם פאַרדעכטיגט אין שפּיאָנאַזש, און איהם פאַראורטיילט צום טויט.

נאָך גרויסע באַמיהונגען האָט דער קעניג אַליין אָנגענומען זיין בקשה ער זאָל איהם אויסהערען. און ער האָט דערצעהלט דעם קעניג אַז ער איז אַ גרויסער סוחר, און האָט אַוועקגעגעבען פיעל סחורה אויף קרעדיט פון וואָס זיין פאַמיליע ווייסט גאָר ניט. אשר על כן, בעט ער זיין מאַיעסטעט, דעם קעניג, ער זאָל איהם ערלויבען אַהיים פאָהרען ערליידיגען די געשעפטען, כדי זיין פאַמיליע זאָל ניט בלייבען ווי אויף דעם וואַסער, און דערנאָך וועט ער זיכער צוריקקומען צו ליידען די שטראָף.

דער קעניג האָט אַ שמייכעל געטהון פון דער מאָדנער בקשה און איהם געפרעגט: „מיט וואָס בין איך זיכער אַז דו וועסט צוריקקומען?" האָט איהם דערויף דער מאַן געענטפערט, אַז ער האָט דאָ אַ פריינד, און ער איז זיכער, אַז דער פריינד וועט גאַראַנטירען פאַר איהם. האָט מען באַלד געבראַכט דעם פריינד, און ער האָט געזאָגט, אַז ער גאַראַנטירט, אַז ער וועט צוריקקומען, „און טאָמער ניט, וועל איך גרייט זיין צו באַצאָהלען מיט מיין לעבען פאַר איהם!"

דער קעניג איז געשטאַנען און ניט געגלויבט זיינע אייגענע אויערען. ער האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלען, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ פריינדשאַפט. און ער האָט איהם באַוויליגט אַ חודש צייט צו ערליידיגען זיינע געשעפטען, און מען האָט אויף זיין אָרט איינגעזעצט דעם פריינד.

דעם לעצטען טאָג — ער איז ניטאָ. פאַרנאַכט — ער איז ניטאָ. די זון איז שוין געזעצט — און ער איז ניטאָ. די גאַנצע שטאָדט איז געווען זעהר געשפּאַנט, און דער קעניג האָט באַפוילען צו הענגען דעם זשיראַנט. אָבער בעת מען האָט איהם געפיהרט צו דער תליה, איז געוואָרען פּלוצים אַ געוואַלדיגער גערודער, און מען האָט דערהערט קולות: „ער געהט, ער געהט!" אָבער דאָ האָט זיך אָפּגעשפּיעלט אַ נייע סצענע. יעדער איינער פון די צוויי פריינד האָט געוואָלט שטאַרבען אויף דעם אָרט פון דעם אַנדערען. יעדער איינער האָט געשריגען „לאָז מיך שטאַרבען אויף דיין אָרט".

דער קעניג איז געווען געוואַלדיג איבערראַשט פון דער דאָזיגער פריינדשאַפט. ער איז געווען שטאַרק געריהרט. האָט ער ביידע באַפרייט. זיי באַשאָנקען מיט פיעלע מתנות, און זיי געבעטען אַז זיי זאָלען איהם אָנטהון דעם כבוד, און איהם אָננעמען פאַר אַ פריינד.

האַלטען וואָרט איז איינער פון די וויכטיגסטע זיילען פון אַ צופרידען לעבען, סאַי פון דעם יחיד סאַי פון דעם כלל. ווען די רעגירונגען פון דער וועלט, וואָלטען געהאַלטען וואָרט, וואָלטען מקיים געווען זייערע צוזאָגען, וויפיעל מיליאָנען קרבנות וואָלט דאָס געראַטעוועט, וויפיעל ביליאָנען דאָלאַרען וואָלט עס איינגעשפּאָרט ?

זעהען מיר אין דער היינטיגער סדרה, אַז יעקב'ס אַ קינד האָט שוין גאָר געהאַלטען וואָרט: די געשיכטע פון יוסף'ס לעבען איז איינע פון די קאָלירפולסטע און דראַמאַטישסטע וואָס מען קען זיך פאָרשטעלען. צו זיבצעהן יאָהר וואַרפט מען איהם אַריין אין אַ גרוב, מען פאַרקויפט איהם צו פרעמדע, און די פאַרקויפען איהם ווידער צו אַנדערע, און ער קומט אָן אָזש קיין מצרים. דאָרט קויפט איהם פרעה'ס אַ שררה, און עס הויבט איהם אָן געהן אַ ביסעל נישט'קשה. איז ער דאָך אָבער אַ שעהנער בחור, פאַרליבט זיך אין איהם דעם שררה'ס ווייב, און פאַר זיין עהרליכקייט זעצט מען איהם אַריין אין טורמע. און אַלס דרייסיג־יאָהריגער יונגערמאַן איז ער דער צווייטער צום קעניג, דער פאַקטישער הערשער איבער גאַנץ מצרים, און די גאַנצע וועלט מוז אָנקומען צו איהם נאָך ברויט.

אויך זיינע ברידער קומען קויפען ברויט, און ער פאָדערט זיי אויף מעהר ניט צו קומען סיידען זיי וועלען מיטברענגען זייער ברודער בנימין. יעקב וויל זיך ניט שיידען מיט דעם איינציג געבליבענעם זוהן פון זיין ווייב רחל, אָבער יהודה זאָגט „איך בין ערב פאַר איהם, איך גאַראַנטיר דיר, אַז איך וועל איהם צוריק ברענגען". יעקב האָט ניט געהאַט קיין ברירה. דער הונגער איז געווען גרויס, דאָס ברויט האָט זיך אויסגעלאָזט, האָט ער נאָכגעגעבען. און ווען די ברידער האָבען שוין איינגעהאַנדעלט זייער תבואה און געוואָלט אַהיים פאָהרען, וויל יוסף אונטער פאַרשידענע אויסריידען פאַרהאַלטען בנימין'ען.

האָט דאָך, אָבער, יהודה צוגעזאָגט יעקב'ן אַז ער וועט בנימין'ען צוריקברענגען, האָט ער זיך אַ נעם געטהון מקיים צו זיין זיין צוזאָג. צוערשט האָט ער אָנגעהויבען רעדען מיט יוסף'ן מיט גוטען. און ווען ער האָט געזעהען, אַז דאָס העלפט ניט, האָט ער אָנגעהויבען רעדען האַרבע דיבורים, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס ער איז געווען אַ פרעמדער אין לאַנד און ביי אַ פרעמדען הערשער. און יהודה האָט זיך געווענדעט צו יוסף'ן:

„דו טהוסט אונז אַ גרויס אומרעכט. דו ביזט ניט קיין וואָרטסמאַן. דו האָסט דאָך אַליין געזאָגט, אַז דו ווילסט בלויז זעהען אונזער יונגען ברודער, און אָט דאָס רופסטו אָנקוקען? אויב דו ווילסט אַ קנעכט, נעם מיך! איך בין שטאַרקער פון איהם. געדענק, איך וואָרען דיך, אַז דערפאַר וואָס פרעה האָט פאַרהאַלטען זיין באָבע שרה אויף בלויז איין נאַכט געגען איהר ווילען, איז ער און זיין הויז געשלאָגען געוואָרען מיט קרעץ! צוויי פון אונז האָבען חרוב געמאַכט אַ גאַנצע שטאָדט צוליב איין פרוי דינה. אויב איך וועל נאָר

עפענען מיין מויל און אַ געשריי טהון, וועט אַ מגפה דורכציהען דורך דעם גאַנצען לאַנד. אין דיין לאַנד איז פרעה דער ערשטער, און דו דער צווייטער. און אין מיין לאַנד איז מיין פאָטער יעקב דער ערשטער, און איך דער צווייטער. אויב דו דערפילסט ניט מיין פאַרלאַנג, איך זאָל קענען האַלטען מיין וואָרט, וועל איך ציהען מיין שווערד. שוין פון דער ערשטער מינוט אָן האַלטסטו זיך אין איין טשעפּען צו אונז. פיעלע מענשען פון פאַרשידענע לענדער זיינען געקומען אַהער קויפען ברויט, און קיינעם האָסטו ניט געפרעגט וועגען זייער פאַמיליען לעבען. זיינען מיר דען געקומען חתונה האָבען מיט דיינער אַ טאָכטער? אָדער ווילסטו דען טהון אַ שידוך מיט אונזער שוועסטער?"

אָט אַזוי מיט אַזאַ קוראַזש האָט גערעדט יעקב׳ס אַ קינד צו אַ קעניג אין אַ פרעמד לאַנד. ער האָט זיך איינגעשטעלט דאָס לעבען כדי צו האַלטען וואָרט. און ווען יוסף האָט איהם געפרעגט: „פאַרוואָס נעמסטו זיך אָן דיין טאַטענ׳ס קריוודע מעהר ווי אַלע אַנדערע ברידער, עס זיינען דאָך פאַראַן צווישען זיי עלטערע פון דיר?" האָט יהודה אויסגעשריגען: „מיין וואָרט! מיין וואָרט! איך האָב געגעבען מיין פאָטער מיין וואָרט! ווי אַזוי קען איך זיך ווייזען פאַר מיין פאָטער ניט האַלטענדיג מיין וואָרט!"

יהודה׳ס שטאַרקער ווילען צו האַלטען וואָרט, האָט אפילו געווירקט אויף זיינע ברידער, וועלכע זיינען פריהער געווען גלייכגילטיג, און ער האָט צו זיי אַ זאָג געטהון: „זייט העלדיש! פיהרט זיך ווי מענער, ווי עס פּאַסט פאַר יעקב׳ס קינדער. און זאָל יעדער איינער פון איך ווייזען זיין העלדישקייט, די אומשטענדען פאָדערען עס. דאָס פייער פון שכם ברענט אין מיין האַרץ. איך פאַרברען באַלד דאָס גאַנצע לאַנד מצרים!" און ער האָט געכאַפּט אַ שטיין פון פיער הונדערט שקלים, איהם אַ וואָרף געטהון אין דער הויך מיט דער רעכטער האַנט און איהם געכאַפּט מיט דער לינקער, און איהם צעמאַלען ווי זאַמד. און צו נפתלי׳ן האָט ער אַ זאָג געטהון: „געה און צעהל איבער די גאַסען פון מצרים".

ווען נפתלי, וועלכער האָט געקאָנט לויפען אויף שטעהענדיגע תבואה, אַז זי זאָל זיך אפילו ניט איינבויגען, איז צוריקגעקומען און איהם געזאָגט, אַז מצרים איז איינגעטיילט אין צוועלף געגענדען, האָט יהודה געזאָגט צו זיינע ברידער: „יעדער איינער פון איך זאָל נעמען אויף זיך איין געגענד, און איך נעם דריי".

ווען יוסף האָט דערזעהען, אַז יהודה מיינט עס מיט אַן אמת, האָט ער אַ וואונק געטהון צו זיין זוהן מנשה. האָט מנשה אַרויפגעלעגט זיין האַנט אויף יהודה׳ן. און יהודה האָט תיכף דערפיהלט, אַז דאָס מוז זיין עפּעס אַן אייגענער, ווייל קיין שום פאָלק האָט ניט פאַרמאָגט אַזעלכע גבורים, און יהודה האָט זיך באַרוהיגט. יוסף׳ן איז דאָס שטאַרק געפעלען. ער איז געווען שטאַרק גערירט פון זיין ברודער יהודה׳ס עהרליכקייט צו האַלטען וואָרט, אפילו ווען ער האָט געדאַרפט דערפאַר פיהרען מלחמה, און ער האָט באַשלאָסען זיך צו דערקענען צו זיינע ברידער.

און דאָ זעהען מיר ווידער די פיינקייט פון יוסף׳ן וואָס ער האָט ניט געזוכט קיין נקמה. יוסף האָט דאָך אייגענטליך געהאַט פאַר וואָס צו זיין אין כעס אויף זיינע ברידער. אמת, איצט איז ער טאַקע שני למלך. אָבער וויפיעל

צרות האָט ער געהאַט אויסצושטעהן ביז ער האָט דערגרייכט דעם דאָזיגען הויכען אַמט? אָבער דער איידעלער יוסף, דער גרויסער צדיק, האָט ניט געזוכט ביי זיינע ברידער קיין חסרונות, נאָר די מעלות. אונזערע חכמים ז״ל זאָגען „מעולם לא ראתה חמה פגימתה של לבנה״ — די זון זעהט קיינמאָל ניט קיין פגם, קיין פעהלער אויף דער לבנה. דער אמת גרויסער מענש, דער מאור הגדול, זוכט קיינמאָל ניט קיין חסרונות ביי דעם וואָס איז קלענער פון איהם.

און ניט נאָר האָט יוסף ניט געטראָגען אויף זיינע ברידער קיין שנאה, און געוויס ניט געזוכט קיין נקמה, נאָר אדרבא, ער האָט זיי אפילו ניט געוואָלט פאַרשעהמען. דערפאַר טאַקע האָט ער באַפוילען, אַז יעדער איינער, וואָס געפינט זיך אין זאָל זאָל אַרויסגעהן, און ער האָט זיך דערקענט צו זיינע ברידער ווען קיין פרעמדער איז דערביי ניט געווען. זיין איידעלער געוויסען האָט ניט דערלאָזט, אַז מצריים, גלאַט פרעמדע, זאָלען שטעהן דערביי. און אַ גאַר אינטערעסאַנטע באַמערקונג דערויף מאַכט דער „קניני קדם״. ער זאָגט: „אונזערע אינערליכע רייבונגען דאַרפען ניט אַרויסגעטראָגען ווערען פאַר דער אויסערליכער וועלט. די גוים דאַרפען ניט וויסען וואָס עס קומט פאָר צווישען יוסף׳ן און זיינע ברידער״.

אַלזאָ, יוסף׳ס דערקענען זיך צו זיינע ברידער שליסט אָפּ דאָס דראַמאַ־טישסטע קאַפּיטעל פון יוסף׳ס לעבען. צו זיבעצעהן יאָהר ליגט ער אין גרוב, ווערט פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט, פינצטערט אין תפיסה, און צו דרייסיג יאָהר איז ער הערשער איבער מצרים. און אָט דער יונגער הערשער בעט זיך ביי זיינע ברידער „ערגערט זיך ניט און ערגערט ניט איינער דעם צווייטען, וואָס איהר האָט מיך אַמאָל אַזוי באַהאַנדעלט. כביכול האָט געוואָלט, אַז דאָס הויז פון יעקב זאָל ניט חלילה אומקומען פון הונגער, האָט ער מיך געשיקט אַהער״.

קען מען דאָך מיינען, אַז יוסף, דער צדיק און דער עניו, איז גלאַט געווען אַ שוואַכלינג בטבע. איהר האָט שוין אַמאָל געהערט פון אַ הערשער, וואָס איז זיך ניט נוקם אין די וואָס האָבען איהם אַמאָל שלעכטס געטהון? איז אָבער דער אמת ניט אַזוי. יוסף איז אפשר געווען נאָך מעהר העלד, אַ מענש מיט נאָך מעהר מוט און קוראַזש, אפילו פון זיינע העלדישע ברידער.

קודם כל איז ער, לויט מיין מיינונג, געווען דער סאַמע ערשטער „ציו־ניסט״. און ניט נאָר דער ערשטער „ציוניסט״, נאָר היינט וואָלט מען איהם גערופען „רעוויזיאָניסט—אירגוניסט״. כביכול אַליין, און אויך אונזערע אבות אברהם, יצחק און יעקב, האָבען גערופען דאָס אידישע לאַנד „ארץ כנען״. אָבער ניט יוסף. ער האָט עס אָנגערופען „דאָס לאַנד פון די אידען״. און וואו אַ שטייגער, מיינט איהר, האָט ער געהאַט דעם מוט דאָס צו זאָגען? שטילערהייט, ביי זיך אין דער היים? אָה, ניין! אין אַ פרעמד לאַנד, און דוקא אין טורמע!!

הערט און שטוינט! אין יענער צייט איז דאָס גאַנצע אידישע פאָלק באַשטאַנען פון אַ זיבעציג מענשען — מענער, פרויען און קינדער. יוסף איז געווען דער איינציגער איד אין דעם גאַנצען לאַנד מצרים, און דערצו איז ער נאָך געזעסען אין תפיסה. און ווען מען האָט איהם געפרעגט אין טורמע,

אין אַ פרעמד לאַנד, ווער ער איז, האָט ער געהאַט דעם מוט צו זאָגען, אַז ער איז „מארץ העברים" — פון דעם לאַנד פון די אידען. וויפיעל אידען אין אונזער פרייער מדינה אַמעריקע, האָבען היינט צו טאָג דעם מוט צו זאָגען אַזעלכע ווערטער? ווייסען מיר דאָך, אַז ניט קוקענדיג דערויף וואָס מען האָט אויסגעשאָכטען און פאַרברענט זעקס מיליאָן קדושים, ה׳ ינקום דמם, האָבען זיך דאָך געפונען אין אַמעריקע אַ היבשע צאָהל פון אחינו בני ישראל, וואָס האָבען זיך געלעגט אין דער לענג און אין דער ברייט, אַז מען זאָל אונז ניט געבען אפילו דאָס פיטשענקעלע לענדעלע.

יאָ, מען מוז צוגעבען, לײדער, אַז וויפיעל די עשו׳ס האָבען אונז אָנגעטהון צרות, האָבען זיך שטענדיג געפונען אויסוואורפען אין אונזערע אייגענע רייהען, וועלכע האָבען אונז אָנגעטהון צרות צרורות.

האָבען מיר דאָך אָבער אַ גרויסען פּאַטער אין הימעל, האָט גערעכ־טיגקייט דאָך געזיגט. הונדערטער דורות פון אידען האָבען צוויי טויזענט יאָהר געשמאַכט אין גלות, און זייער איינציגע האָפענונג איז געווען, אַז זיי זאָלען דערלעבען די גאולה. און אונזער דור האָט עס דערלעבט. עס איז אָך און וועה צו אַזאַ דערלעבען. ווען מיר זאָלען ניט געווען באַצאָהלען מיט זעקס מיליאָן קדושים, וואָלט די „באַלפור דעקלאַראַציע" אונז געווען „געבלאָפט" ביז אין „אלף השׂשי" אַריין. און אין אמת׳ן האָבען ניט מיר דאָס דערלעבט, נאָר די טויטע, ברוטאַל־אומגעקומענע זעקס מיליאָן קדושים האָבען דאָס „דערלעבט". אָבער דער פאַקט איז, אַז דאָס וואָס פיעלע פון אונז האָבען ניט דעם מוט און קוראַזש צו זאָגען אָפען, האָט דאָס יונגע בחור׳ל יוסף יאָ געהאַט דעם מוט דאָס צו זאָגען אפילו אין טורמע און אין אַ פרעמד לאַנד, אין דער צייט ווען דאָס גאַנצע אידישע פאָלק האָט קוים געצעהלט זיבעציג מענשען. נו, איז ניט יוסף געווען דער ערשטער און דער מוטיגסטער ציוניסט?

איצט, אַז מיר האָבען שוין אַן אייגען לאַנד, און מיר זיינען אָנערקענט געוואָרען אַלס אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך, איצט איז אַ צייט ניט פון רעדען און רעדעס, נאָר פון מעשים. ווילען מיר ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט דערצעהלען אַן אינטערעסאַנטען עפּיזאָד פון ר׳ שמואל מאָהילעווער ז״ל:

נאָך דעם ערשטען ציוניסטישען קאָנגרעס האָט ר׳ שמואל צוזאַמענ־גערופען אַן אסיפה קיין ביאַליסטאָק. עפענענדיג די אסיפה האָט ער געזאָגט צו די דעלעגאַטען:

„רבותי, איך פערלאַנג פון אייך צוויי זאַכען: איהר זאָלט אַזוי גוט זיין זיצען אין די היטלען און רעדען אידיש".

צווישען די דעלעגאַטען האָבען זיך געפונען אַזעלכע וואָס זייער שפּראַך איז געווען רוסיש. האָט זיך אויפגעהויבען איינער און געזאָגט:

„אייער בקשה צו זיצען אין די היטלען ווילען מיר אייך גערן צוליב טהון, אָבער רעדען אידיש קענען מיר ניט; מיר ווילען פשוט ניט קענען אויסדריקען אונזערע געדאַנקען. איז אויב עמיצער אין דער פאַרזאַמלונג קען ניט קיין רוסיש, טאָ זאָל מען אַנידערזעצען אַן איבערזעצער".

„ניין", האָט זיך אָנגערופען ר׳ שמואל מיט אַ שמייכעל, „איך האָב אייך געבעטען צו רעדען אידיש, ניט ווייל מיר פאַרשטעהען ניט קיין רוסיש,

נאָר ווייל עס איז בעסער פאַר דעם צוועק פאַר וועלכען מיר זיינען זיך צוזאַמענגעקומען. איהר ווייסט דאָך, אַז משה רבינו איז געווען אַ ,כבד פה׳ און אַ ,כבד לשון׳. ער איז ניט געווען קיין רעדנער. איז דאָך אין פלוג די קשיא, פאַר וואָס האָט דער רבונו של עולם דוקא אויסגעקליבען צו שיקען צו פרעה׳ן אין אַזאַ וויכטיגער שליחות גראָד איינעם וואָס איז איהם שוועהר צו רעדען? פאַר אַזאַ וויכטיגער מיסיע האָט ער דאָך געדאַרפט שיקען אַן אָראַטאָר, אַ מענש מיט אַ געשליפען צינגעל, זיינע ווערטער זאָלען מאַכען אַ רושם. נאָר די מעשה איז אָבער אַזוי, ווען צו פרעה׳ן וואָלט געווען געקומען אַ רעדנער, וואָלט ער, ווי דער שטייגער איז, געווען אַוועקגעלייגט אַ פייערדיגע רעדע וועגען פרייהייט, יושר און גערעכטיגקייט. און ער וואָלט אַזוי לאַנג געווען פאַרטיפט אין זיין אָראַטאָריע, אַז דעם עיקר, די אידישע גאולה, וואָלט ער אינגאַנצען געווען פאַרגעסען. אָבער משה, ניט זייענדיג קיין געוואַלדיגער רעדנער, איז גלייך צוגעטראָטען צום ענין. ער האָט געזאָגט קורץ און שאַרף ,שלח את עמי׳ — באַפריי מיין פאָלק. איך ווייס, ליבע דעלעגאַטען, אַז יעדער איינער פון אייך איז אַ רעדנער בחסד עליון, איז אַז איהר וועט רעדען איז דער שפּראַך וואָס איהר באַהערשט, וועט ניט זיין דערצו קיין סוף. אָבער אַז איהר וועט דאַרפען רעדען ,מאַמע לשון׳, וואָס איהר קענט ליידער ניט, וועט איהר גלייך צוטרעטען צום ענין״.

אַלזאָ, איצט איז ניט קיין צייט פאַר ווערטער, נאָר אַ צייט פאַר מעשים, פאַר טהאַטען. צעהנדליגער טויזענטער אידען שמאַכטען נאָך אין די קאָנצענטראַציע לאַגערען. מיר האָבען איצט אונזער אייגען לאַנד וואוהין מען קען זיי אַריבער ברענגען. מיר האָבען ניט געהאַט די זכיה צו ראַטעווען די זעקס מיליאָן קדושים. און איצט האָבען מיר כאָטש די גרויסע זכיה צו ראַטעווען דעם שארית הפליטה. יעדע מינוט איז פון קאָלאָסאַלער וויכטיגקייט. אונזער דור האָט זוכה געווען צו זעהן די גאולה מיט די אייגענע אויגען, טאָרען מיר ניט פאַרלירען קיין איין מינוט. עס איז איצט, ווי נאָך קיינמאָל ניט, אַ צייט פון מעשים. איז מוז יעדער איינער פון אונז טהון וואָס ער קען, און נאָך מעהר ווי ער קען. און ווי זאָגט דאָס ווערטעל: „דער אויבערשטער העלפט די וואָס העלפען זיך אַליין״. איז העלפט בויען דאָס אידישע לאַנד. העלפט אַרויסראַטעווען דעם שארית הפליטה. און אין דעם זכות וועלען מיר אַלע געהאָלפען ווערען, און מיר וועלען זוכה זיין צו זעהען ציון און ירושלים אין זייער פרעכטיגען גלאַנץ.

# ויחי

די היינטיקע סדרה „ויחי" לערענט אונז פיעלע גוטע זאַכען. וועלען מיר זיך מוזען אָפּשטעלען אויף בלויז צוויי.

די סדרה דערצעהלט אונז אַז אַזוי ווי יעקב אבינו האָט געזעהען אַז ער מוז פאַרלאָזען די דאָזיגע וועלט, האָט ער געבענטשט יוסף׳ס קינדער אפרים און מנשה, און זיינע אייגענע זיהן. די צוויי אייניקלעך האָט ער גע־בענטשט „וידגו לרוב בקרב הארץ". אַזוי ווי „דגים" אין העברעאיש הייסט „פיש", הייסט עס, אַז ער האָט זיי געבענטשט, זיי זאָלען זיך מעהרען ווי פיש. זאָגט דערויף דער „פורת יוסף" אַז פיש האָבען די מעלה, וואָס זיי האַלטען זיך אין איין מעהרען. פיש קען מען ניט געבען קיין עין הרע. אָבער אין דער זעלבער צייט האָבען זיי דעם חסרון, וואָס דער גרעסערער פיש שלינגט איין דעם קלענערען. האָט זיי יעקב געבענטשט זיי זאָלען זיין ווי פיש נאָר „לרוב". זיי זאָלען זיך מעהרען ווי פיש, אָבער ניט, אַז זיי זאָלען איינשלינגען איינער דעם צווייטען.

וואָס פאַר אַ געוואַלדיג טיעפע חכמה עס האָט געשטעקט אין יעקב׳ס ברכה, קענען מיר זעהן פון אונזער אייגענער צייט. זעהען מיר דאָך מיט אונזערע אייגענע אויגען ווי כמעט יעדע מלוכה, יעדער פאָלק, וויל איינשליג־גען די גאַנצע וועלט. מוסאָליני האָט געוואָלט אַלבאַניע, גריכענלאַנד, עטיאָפּיע און וואָס ניט? היטלער, ימח שמו, האָט זיך ניט באַנוגענט מיט עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע, און אַזוי ווייטער, נאָר ער האָט טאַקע בפירוש געוואָלט פאַרכאַפּען און באַהערשען די גאַנצע וועלט. האָט, אָבער, דער קלוגער יעקב געוואוסט, אַז די גאַנצע וועלט קען באַהערשען נאָר דער באַשעפער פון דער וועלט.

עס זיינען געווען, לײדער, צייטען ווען אויך מיר אידען האָבען „געמוזט" איינשלינגען איינער דעם אַנדערען, ווי למשל, אין דעם אַמאָליגען צאַרישען רוסלאַנד. איז כדאי וועגען דעם צו דערצעהלען אַן אינטערעסאַנטען עפּיזאָד: אונטער דער הערשאַפט פון ניקאָלאַי דעם צווייטען, האָט דער שונא ישראל, דער מיניסטער פּלעווע, פאַררופען אַן אסיפה פון רבנים קיין פּעטערבורג, אַרומצורעדען די לאַגע פון די אידען. די פאָרשטעהער פון די רבנים זיינען געווען די גאונים רבי יצחק אלחנן, רבי חיים בריסקער און רבי אלי׳ חיים פון לאָדזש ז״ל. האָט דער רשע־מיניסטער, ווי זיין שטייגער איז געווען, געהאַלטען אין איין שיטען פעך און שוועבעל אויף די אידען און ערקלעהרט:

„אין רוסלאַנד זיינען פאַראַן פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטען, רוסען, פּאָליאַקען, לעטער, גרוזינער, אוקראַאינער, און אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען, און ביי קיין אומה וועט איהר ניט זעהען, אַז איינער זאָל וועלען אַרויסרייסען ביים צווייטען דעם ביסען פון דעם מויל. שניידער, שוסטער, קרעמער, אַלע לעבען בשלום. ביי אייך, אידען, אָבער, וויל איינער דערטרינקען דעם אַנדע־

רען אין אַ לעפּעל וואַסער. עפּענט אַ איד אַ געוועלבּ, עפּענען בּאַלד נאָך צעהן אידען געוועלבּלעך אויף דער זעלבּער גאַס, און מען רייסט זיך אַרום פאַר אַ גראָשען פאַרדינסט. אידען זיינען אַ רשעות׳דיג פאָלק!״

ווען דער רשע האָט געענדיגט, האָט זיך אָנגערופען ר׳ אלי׳ חיים:

„איך וועל אייך זאָגען, אדוני מיניסטער. די טבע פון לעבּעדיגע בּאַשעפענישען איז, אַז קיין בּעל חי, קיין לעבּעדיג בּאַשעפעניש, פאַרצוקט ניט זיין מין. אַ לייבּ פאַרצוקט ניט קיין לייבּ, אַ וואָלף פאַרצוקט ניט קיין וואָלף. אַ פיש איז דאָס איינציגע בּאַשעפעניש, וואָס פאַרשלינגט זיין אייגען מין. איין פיש פאַרשלינגט דעם צווייטען. פאַר וואָס? ווייל אַנדערע לעבּעדיגע בּאַשעפע־נישען האָבּען פאַר זיך אָפען די גאַנצע וועלט. זיי קענען אומעטום קריגען שפּייז. זיי קענען זיך אומעטום ערנעהרען. פיש, אָבּער, זיינען איינגעשפּאַרט אין וואַסער. אַרויס אויף דער טריקעניש קענען זיי ניט, און זיי טאָרען ניט. עס שמעקט מיט טויט. איז פון הונגער שלינגען זיי איין איינער דעם צווייטען. דער שטאַרקערער שלינגט איין דעם שוואַכערען. דאָס זעלבּע איז אויך מיט אונז אידען. פאַר גוים איז אָפען גאַנץ רוסלאַנד. געפינען זיי איבּעראַל פּרנסה. אָבּער אידען האָט די מלוכה איינגעשפּאַרט און אָפּגעשלאָסען אין אַ געטאָ. אויסערהאַלבּ דער געטאָ טאָרען זיי ניט וואוינען און טאָרען ניט האַנדלען. וואָס זשע זאָלען זיי בּעביך טהון?״

און איצט איז דען אַנדערש? און איצט ווילען דען ניט די מעהרערע איינשלינגען די ווייניגערע? היינט האָבּען שוין די גוים איינגעזעהען אַז אויך מיר אידען זיינען בּאַרעכטיגט צו אַן אייגען לאַנד, צו אַ לאַנד וואָס איז אונזערס. כּבּיכול אַליין האָט דאָך עס אונז צוגעזאָגט. און דאָך קומען די אַראַבּער, וואָס האָבּען הונדערט מאָל אַזוי פיעל לאַנד, וואָס איז אפילו ניט בּאַזעצט, און ווילען דוקא אויך דאָס קלייניטשקע ארץ ישראל. פאַרשטעהט זיך, אַז עס וועט זיי ניט העלפען. אָבּער זיי ווילען. פאַר די גוים איז די גאַנצע וועלט ניט גענוג.

און דאָס האָט יעקב אבינו פאַרשטאַנען. ער האָט געבּענטשט די אייניקלעך „וידגו לרוב״. מעהרט זיך, וועט אַלץ זיין גוט. און וואָלטען אידען געוועזען פאַרשטאַנען די וויכטיגקייט פון דער דאָזיגער בּרכה, און געוועזען געהאָט היינט צו טאָג אין ישראל אָנשטאָט עטליכע הונדערט טויזענט אידען עטליכע מיליאָן, וואָלטען מיר איצט ניט געוועזען געהאַט די דאָזיגע צרות. וואָלטען די אַראַבּער היינט צו טאָג ניט געוואַגט זיך צו פאַרמעסטען אויף אונזער לאַנד.

אָבּער מיר אידען האָבּען שוין אַזאַ טבע. מיר קעמפּפען שטענדיג פאַר פרייהייט — אָבּער פאַר פרעמדע פעלקער. בּיז ניט לאַנג צוריק האָבּען מיר זיך אַליין אין זינען נישט געהאַט. ווי זאָגט דער פּסוק „כּרמי שלי לא נטרתי״, אונזער אייגענעם ווייגאָרטען האָבּען מיר ניט געהיט. איז לאָמיר האָפען, אַז איצט, ווען מיר האַלטען בּיי דער „אתחלתא דגאולה״, וועלען מיר שוין אויך זיך אַליין האָבּען אין זינען.

ווידער זעהען מיר אין דער היינטיגער סדרה ווי יעקב בּענטשט זיינע קינדער. זיין זוהן זבולון בּענטשט ער, אַז ער זאָל וואוינען בּיי די „פּאָרטען״. ער זאָל זיין אַ גרויסער סוחר. ער זאָל בּרענגען שיפען מיט סחורה און אוועק־

שיקען שיפען מיט סחורה. און זיין זוהן ישׂשכר בענטשט ער, אַז ער זאָל זיין אַ „ביינענדיג אייזעל וואָס רוהט צווישען די געמאַרקען". ישׂשכר זאָל זיין אַ מאָגער אידעל וואָס זיצט אַ גאַנצען טאָג אין בית המדרש און לערענט תורה.

זיינען געגאַנגען זבולון און ישׂשכר און האָבען געמאַכט צווישען זיך שותפות. זבולון וועט האַנדלען און פאַרדינען געלט, און העלפען ישׂשכר'ן, אַז ער זאָל הנאה האָבען פון עולם הזה. און דערפאַר וועט ישׂשכר איהם געבען אַ טייל עולם הבא.

די וועלט פרעגט: פאַרוואָס געהט שטענדיג דער למדן צום גביר, און ניט דער גביר צום למדן? קומט אַריין אין אָפיס פון אַ רייכען אידען, וועט איהר דאַרט טרעפען אַ איד אַ תלמיד חכם וואַרטען. אָבער מען טרעפט קיינמאָל ניט, אַז אַ גרויסער גביר זאָל זיצען ביי אַ רב, אָדער גלאַט אַ תלמיד חכם און אויף איהם וואַרטען. פאַרוואָס? ענטפערט מען, אַז דער תירוץ איז אַ גאַנץ פשוט'ער. דער תלמיד חכם ווייסט וואָס איהם פעהלט. תורה, ברוך השם, האָט ער. נאָר וואָס דען, איהם פעהלט געלט. געהט ער צום גביר נאָך אַ פּאָר סענט. אָבער דער גביר ווייסט ניט וואָס איהם פעהלט. געלט האָט ער, אָבער אַז עס פעהלט איהם תורה, ווייסט ער ניט. געהט ער ניט צום תלמיד חכם. און דאָס האָבען ישׂשכר און זבולון יאָ פאַרשטאַנען. יעדער איינער פון זיי האָט געוואוסט, וואָס איהם פעהלט, האָבען זיי צווישען זיך אָפּגעשלאָסען אַ שותפות.

און איך מוז מודה זיין, אַז איך האַלט זבולון'ען פאַר אַ גרעסערען חכם ווי ישׂשכר'ן. מילא ישׂשכר איז געווען אַ איד אַ קבצן, האָט ער געמאַכט שותפות מיט אַ גביר „נעבען אַ פעטען וואָגען איז גוט צו פוס צו געהן". אָבער צו וואָס האָט עס זבולון בעדאַרפט? נאָר זבולון האָט איינגעזעהען, אַז געלט איז ניט דער עיקר. ער האָט איינגעזעהען, אַז אויב מען וויל, אַז דער „בית יעקב" זאָל בלייבען און עקזיסטירען; אַז אויב מען וויל, אַז דאָס אידישע פאָלק זאָל קענען לעבען און עקזיסטירען אַלס אַ אידיש פאָלק, מוז מען האָבען תורה. אָהן דעם קענען מיר ניט לעבען און עקזיסטירען אַלס אַ אידיש פאָלק.

און אַז זבולון איז גערעכט געווען, קענען מיר זעהען דערפון וואָס יהושע, משה רבינו'ס נאָכפאָלגער, איז באַפוילען געוואָרען „לא ימוש ספר התורה הזה מפיך והגית בו יומם ולילה", די תורה זאָל זיך ניט אָפּטהון פון דיין מויל, און דו זאָלסט אין דעם אַריינקוקען טאָג און נאַכט. דער חכם שלמה המלך ראָט אונז: „אמור לחכמה אחותי את, ומודע לבינה תקרא", זאָג צו חכמה דו ביזט מיין שוועסטער, און פאַרשטענדעניש באַצייכען אַלס פריינד. ווייל אָהן תורה און לערנען קענען מיר ניט עקזיסטירען אַלס אַ אידיש פאָלק.

די חכמים ז"ל אילוסטרירען דאָס מיט אַ זעהר גלענצענדען ביישפּיעל:

אַ פוקס האָט אַמאָל שפּאַצירט ביי דעם ברעג פון טייך, האָט ער באַמערקט ווי די פיש אין טייך זיינען עפּעס שטאַרק צערודערט. עפּעס האַלטען זיי אין איין אַרומשווימען שטאַרק נערוועז אַהין און צוריק. האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און זיי אַ פרעג געטהון: „וואָס זענט איהר עפּעס אַזוי צעטראָגען?" האָבען זיי איהם געענטפערט, אַז זיי האָבען מורא פאַר די פישער נעצען. „נו", זאָגט דער כיטרע פוקס, „קומט אַרויס צו מיר אויף דער יבשה, וועלען איהר און

איך לעבען צוזאַמען בשלום און אין פרידען, פונקט ווי מיינע עלטערען האָבען געלעבט פרידליך מיט אייערע עלטערען״. דערויף האָבען די פיש איהם געענטפערט: „אָט דאָס ביזטו דער יעניגער, וועלכען מען האַלט פאַר דעם קליגסטען אין דער חיות־וועלט! ניט קלוג ביזטו, נאָר דו ביזט אַ נאַר. אויב אונזער עקזיסטענץ איז אין געפאַהר אין אונזער זיכערסטען אָרט, וויפיעל זשע נאָך געפעהרליכער וועט זיין אונזער לאַגע דאָרט וואו דער זיכערער טויט לאָקערט אויף אונז!״

יאָ. אויב עס איז פאַר אונז אַזוי שוועהר צו עקזיסטירען אַלס אַ אידיש פאָלק, כאָטש אַ טייל פון אונז היטען נאָך אָפּ די תורה און פיהרען זיך ווי אידען, ווי אַזוי זשע וועלען מיר קענען עקזיסטירען אַלס אַ אידיש פאָלק אָהן דער תורה, אָהן אַ אידיש לעבען?

אָט די וואָס ווילען נאָך היינט צו טאָג אַוועקרייבען אונזער הייליג און אייגען לאַנד, האָבען אַמאָל געהאַט מעהר דרך ארץ פאַר אונז. און ווייסט איהר ווען? דאַן, ווען די אידען האָבען געפיהרט אַ אידיש לעבען. איהר ווייסט דאָך, אַז מיר אידען זיינען באַקאַנט אַלס „עם הספר״ (דאָס פאָלק פון בוך) און ווער, אַ שטייגער, מיינט איהר, האָט אונז געגעבען דעם דאָזיגען ערהאבענעם טיטול? טאַקע די אַראַבער אַליין. אין זייער אייגענער ביבעל רופען זיי אונז אָן „דאָס פאָלק פון בוך״. אַזו לאַנג ווי מיר האָבען זיך געפיהרט ווי אידען, געלעבט ווי אידען דאַרפען לעבען, האָבען זיי אַליין געהאַט פאַר אונז גרויס דרך ארץ.

און איצט, אַז מיר האָבען דערלעבט צו זעהען מיט די אייגענע אויגען ווי די אידען האָבען אַן אייגען לאַנד, דאַרפען מיר זיך אויפפיהרען ווי אידען, און יעדער איינער פון אונז דאַרף העלפען וואָס שנעלער און וואָס מעהר, אַז דאָס אידישע לאַנד זאָל גיך אויפגעבויט ווערען. פיהרען זיך ווי אידען הייסט אויך געבען צדקה. און אין דעם איצטיגען מאָמענט איז ניטאָ קיין שום וויכטיגערע צדקה ווי צו געבען אויף בויען ישראל, דאָס פאָלק ישראל און דאָס לאַנד ישראל.

אמת, אונזערע ליבע אידעלעך גיבען טאַקע ברוך השם. אָבער עס זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבען זיך ליב אויסצודרעהען. די וועלט דערצעהלט, אַז ר׳ מרדכי באַנעט ז״ל איז אַמאָל געקומען צו אַ גביר נאָך אַ נדבה. איז אָבער דער עושר געווען אַ קאַרגער, און ער האָט זיך געזוכט אויסצודרעהען מיט אַ תירוץ, אַז ער האָט ליב „מתן בסתר״, ער האָט ליב צו געבען אַז קיינער זאָל ניט וויסען. האָט ר׳ מרדכי איהם געענטפערט: „עס איז אַ מאָדנע זאַך. די אַלע עבירות וואָס איהר טהוט „בסתר״, קיינער זאָל ניט וויסען, און איהר באַהאַלט זיך בחדרי חדרים, ווייסט גאַנץ שטאָדט פון זיי. דאַגעגען פון דער צדקה וואָס איהר גיט „בסתר״, שטילערהייט, ווייסט קיינער ניט״.

אויך היינט צו טאָג זיינען פאַראַן צווישען אונז גבירים וועלכע זוכען זיך אַרויסצודרעהען. זיי זיינען ליידער קראַנק, קראַנק אויפ׳ן גראָשען, מוזען מיר זיי אויסהיילען פון דער דאָזיגער קראַנקהייט. דער קעלמער מגיד ז״ל איז אַמאָל אַריינגעקומען צו אַ גביר, אַ קאַרגען. פרעגט איהם דער גביר, וואָס זיין פאַרלאַנג איז. ענטפערט איהם דער מגיד, אַז ער איז איהם געקומען

מבקר חולה זיין. „סטייטש, וואָס הייסט, איך בין דען חלילה קראַנק?״ וואונדערט זיך דער גביר. ענטפערט איהם דער מגיד: „געוויס זענט איהר קראַנק. עס איז דאָך אַ בפירוש׳ער פסוק: „איש אשר יתן לו האלקים עושר ונכסים... זה הבל וחלי רע הוא״ (קהלת ו, ב), דער וועמען דער אויבערשטער באַשענקט מיט רייכטום... איז אַ קראַנקער מענש״. נאָך עטליכע מינוטען שווייגען רופט זיך אָן דער גביר: „נו, די מצוה פון ביקור חולים האָט איהר שוין מקיים געווען, איז וואָס זשע נאָך ווילט איהר?״ ענטפערט דער מגיד: „איך האָב נאָך ניט יוצא געווען. וואָרום די גמרא זאָגט, אַז ווען מען איז מבקר אַ חולה, ווען מען באַזוכט אַ קראַנקען, נעמט מען ביי איהם צו אַ זעכ־ציגסטעל פון זיין קרענק. בין איך געקומען אָפּנעמען דאָס „זעכציגסטעל״.

אַלזאָ, מיר דאַרפען זיך אַ נעם טהון צו די „קראַנקע״ גבירים און אָפּנעמען ביי זיי דאָס „זעכציגסטעל״ לטובת אונזער לאַנד.

אמת, דאָס איז ניט קיין לייכטע זאַך. עס איז אַמאָל גרינגער אַרויס־צוקריגען וואַסער פון אַ שטיין איידער אַ מטבע פון אַ קאַרגען גביר. אָבער, אַז מען ווייסט ווי אַזוי צו רעדען צו זיי, געהט מען דאָך ניט אַוועק מיט ליידיגען. מען דאַרף בלויז וויסען ווי אַזוי צו ווירקען.

דער דובנער מגיד ז״ל איז אַמאָל געקומען צו אַ קאַרגען גביר נאָך אַ נדבה, און דער גביר האָט איהם אָפּגעזאָגט. פאַר דעם אַוועקגעהן, רופט זיך אָן דער דובנער: „זייט וויסען, אַז איהר זענט „מזומן לחיי עולם הבא״. צעלאַכט זיך דער גביר און זאָגט: „דערפאַר וואָס איך גיב ניט קיין צדקה, וועל איך האָבען עולם הבא?״.

ענטפערט איהם דער מגיד: „איך וועל אייך דערצעהלען אַ מעשה. עס האָט אַמאָל געלעבט אַ גביר, אַ גרויסער קמצן. ער האָט קיינמאָל ניט געגעבען קיין צדקה. ווען ער איז געשטאָרבען, האָט מען געעפענט זיין צוואה. איז דאָרט געווען געשריבען אַז מען זאָל איהם מקבר זיין מיט זיין גאַנץ געלט. ווען ער איז געקומען אויף יענער וועלט, האָט מען געעפענט דעם ספר הזכרונות און געזעהען, אַז ער האָט קיינמאָל ניט געגעבען קיין איין פּרוטה צדקה.

„ווען מען האָט איהם געפרעגט פאַרוואָס ער האָט ניט געגעבען קיין צדקה, האָט ער געענטפערט, אַז אַזוי ווי אויף דעם עולם השקר איז אַלץ ליגען מיט שקר, מיט „רעקעטירס״, האָט ער זיין פאַרמעגען מיטגעבראַכט אויף דעם עולם האמת, ער זאָל עס דאָרט צעטיילען.

„ווען מען האָט אויבען דערהערט אַזאַ וויכטיגע טענה, איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז אויב מען וועט געפינען נאָך צוויי אַזעלכע, וואָס האָבען אַזוי געהאַנדעלט, וועט איהם קומען עולם הבא. האָט מען געפונען בלויז איינעם, קורח׳ן, וואָס איז באַגראָבען געוואָרען צוזאַמען מיט זיין פאַרמעגען.

„איצט, מיין ליבער פריינד״, פיהרט אויס דער דובנער מגיד, „וואַרט מען דאָרט אויף אייך מיט אומגעדולד. וואָרום מיט אייך וועלען שוין דאָרט זיין דריי, אַ ,מזומן׳, — קורח, און יענער קאַרגער, און איהר, וועט איהר זיין ,מזומן׳ לחיי עולם הבא״.

דער דאָזיגער אַריינזאָג האָט אונטערגעבריהט דעם קמצן, און מיט אַ שמייכעלדיגער מינע האָט ער געגעבען דעם דובנער מגיד אַ שעהנע אפּותיקי.

אַלזאָ, ווי עס ווייזט אויס זיינען אפילו אונזערע קאַרגע גבירים גאָר ניט אַזוי שלעכט. די חז"ל האָבען שוין געזאָגט „נתבעים למשכן ונותנים, נתבעים לעגל ונותנים". אידען גיבען אויף אַלץ, אויף דעם משכן, אויף דעם עגל, אויף ראַטעווען כינעזישע קינדער, און אויף וואָס ניט. מען דאַרף בלויז מאַהנען, קלאַפּען אין די פּושקעס. אָבער דער עיקר איז וואָס יעדער איינער פון אונז דאַרף אַליין געבען, בפרט אויף אַזאַ הייליגען צוועק ווי צו בויען אונזער אייגען לאַנד. מיר זיינען דאָס שולדיג דעם שארית הפליטה פון אונזערע זעקס מיליאָן קדושים, און אונזערע צוקונפטיגע דורות. ווי באַלד טאַקע אונזער דור האָט זוכה געווען צו זעהען מיט די אייגענע אויגען די אתחלתא דגאולה, איז לאָמיר זשע טהון אונזער הייליגע פליכט מיט אַ פרעהליך פנים און מיט אַן אָפענער האַנט, און ניט אָפּקומען מיט דעם תירוץ אַז מען איז פאַריאָגט, מען דאַרף זיך יאָגען נאָך פרנסה...

ר' לוי יצחק פון בערדיטשעוו ז"ל איז אַמאָל געגאַנגען אין גאַס, האָט ער באַגעגענט אַ יונגען מאַן וואָס איז געלאָפען ממש אַהן אַן אָטעם. האָט דער בערדיטשעווער איהם אָפּגעשטעלט און אַ פרעג געטהון: „וואוהין לויפסטו אַזוי, יונגערמאַן?" און דער יונגערמאַן האָט איהם געענטפערט: „וואָס הייסט וואוהין? איך לויף זוכען פרנסה?"

„איז פון וואַנען ווייסטו", האָט דער רבי באַמערקט, „אַז דיין פרנסה לויפט פאַר דיר און דו יאָגסט זי נאָך, אפשר איז גאָר דיין פרנסה הינטער דיר, און מיט דיין גיכען לויפען אַנטלויפסטו גאָר פון איהר?"

און אַז מיר האַלטען שוין ביי „פרנסה", וועל איך אייך איבערגעבען אַ גלענצענדען טייטש פון „בינה לעתים", וואָס מיר וואָלטען בעדאַרפט שטענדיג געדענקען. יוסף האָט געזאָגט זיינע ברידער „אנכי אכלכל אתכם"... וינחם אותם וידבר על לבם". ער האָט געזאָגט די ברידער אַז ער וועט זיי שפּייזען... און ער האָט זיי געטרייסט. שפּייזען אַ נויטבאַדערפטיגען איז אַ גאָר גרויסע מצוה. אָבער דאָס אַליין איז נאָך ניט גענוג. מען דאַרף דעם נצרך אויך זאָגען עטליכע טרייסט ווערטער. „עולם חשך בעדו", דער וואָס דאַרף אָנקומען צום צווייטען נאָך אַ שטיקעל ברויט, האָט אַ פינסטערע וועלט, איז ווען מען העלפט איהם, דאַרף מען איהם אויך זאָגען אַ פּאָר וואַרימע ווערטער. דאָס איז פונקט אַזוי וויכטיג ווי די מאַטעריעלע הילף.

און אַזוי ווי די היינטיגע סדרה דערצעהלט אונז פון יעקב אבינו'ס פטירה, וועל איך אייך איבערגעבען ווי אַזוי די קבורה איז צוגעגאַנגען:

אין איינקלאַנג מיט יעקב'ס צוואה, האָבען זיינע קינדער איהם גע־טראָגען קיין חברון, צו בעהאַלטען איהם אין דער מערת המכפלה, וואו די אבות אברהם און יצחק רוהען. אויך עשו, אין דער באַגלייטונג פון אַ גרויסער סוויטע, איז געקומען. געמיינט האָט מען אַז דאָס איז ער געקומען אָפּגעבען יעקב'ן זיין לעצטען כבוד, אָבער עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזען, אַז ער איז גאָר געקומען ניט צו דערלאָזען באַהאַלטען יעקב'ן אין דער מערת המכפלה. האָט יוסף צו איהם געזאָגט: „מיין פאָטער האָט דאָך נאָך מיין זיידען יצחק'ס פטירה, מיט פינף־און־צוואַנציג יאָהר צוריק, אָפּגעקויפט ניט נאָר די מערת המכפלה נאָר דאָס גאַנצע לאַנד כנען!"

אַזוי ווי עשו האָט געוואוסט אַז יוסף איז דערביי ניט געווען, און ער

איז געווען זיכער אַז יוסף׳ס ברידער וועלען ניט קענען באַווייזען אַז עס עק־זיסטירט אַזאַ קאָנטראַקט, האָט ער געלייקענט די גאַנצע מעשה. האָט יוסף געשיקט זיין ברודער נפתלי, וואָס איז געווען אַזוי פלינק, אַז ער האָט געקענט לויפען אויף שטעהענדיגע תבואה און זי זאָל זיך ניט איינבויגען, קיין מצרים ער זאָל ברענגען דעם קאָנטראַקט.

ווען עשו האָט דערזעהען אַז ער האָלט שמאָל, דער אמת וועט באַלד אַרויסקומען ווי בוימעל אויף דעם וואַסער, האָט ער זיך אַ נעם געטהון צו פערכאַפּען די מערת המכפלה מיט כוח, מיט „הידים ידי עשו״. זיינען דאָך אָבער יעקב׳ס קינדער אויך ניט געווען אָבי ווער, און עס איז ענטשטאַנען אַ געשלעג צווישען עשו׳ן און זיינע באַגלייטער מיט יעקב׳ס קינדער. די פאַר־לוסטען אין עשו׳ס מחנה זיינען געווען זעהר גרויס.

יעקב׳ס אייניקלאַך וואָס האָבען זיך אין דעם קאַמף ניט באַטייליגט זיינען געשטאַנען פון ווייטענס. ווען חושים, דן׳ס זוהן, וואָס האָט געהיט דעם ארון, איז געוואויר געוואָרען וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך, האָט ער געכאַפּט אַ שווערד און איהם אָפּגעשניטען דעם קאָפּ. עשו׳ס קאָפּ האָט זיך געקאַטשעט צו דער מערת המכפלה, און יצחק האָט איהם געכאַפּט. ערשט דאַן האָט מען געקענט טהון יעקב׳ן זיין רעכט.

און איצט וועל איך ענדיגען מיט אַ פּאָר אינטערעסאַנטע טייטשען: דעם פּסוק „לא יסור שבט מיהודה... עד כי יבא שילה״, האָט ר׳ יצחק יעקב ריינעס ז״ל געטייטשט אַזוי: עס וועט ניט אָפּגעטהון ווערען די רוט פון די אידען ביז משיח וועט קומען. מען וועט אונז שטענדיג שמייסען, כדי מיר זאָלען אויף אַ טאָג ניט פאַרגעסען אַז מיר זיינען אין פרעמדע לענדער.

און דער „חתם סופר״ ז״ל באַמערקט אַז „עד כי יבא שילה״ מיינט ביז עס וועט קומען אחיה השלוני וואָס האָט מודיע געווען ירבעם׳ן די טרויעריגע בשורה אַז מלכות ישראל וועט געשפּאָלטען ווערען אויף צוויי מלוכות. און דאָס וואָס דער פּסוק רופט אָן משיח׳ן מיט דעם נאָמען שילה איז אַן אָנדיי־טונג אַז אונזער אויסלייזער וועט געבוירען ווערען פון אַ שִׁלְיָת אשה, פון אַ פרוי, פונקט ווי יעדער מענש...

און אַ ניט־איד האָט אַ מאָהל געהאַט אַ ויכוח מיט ר׳ מענדעלע רימאַ־נאָווער ז״ל, און ער האָט איהם געפרעגט: „אייער תורה זאָגט ,לא יסור שבט מיהודה ומחוקק מבין רגליו עד כי יבא שילה׳, נעמליך אַז אייער הערשאַפט וועט זיך ניט אָפּטהון פון אייך ביז אייער משיח וועט קומען. איז אויב אַזוי, טאָ וואו־זשע זענען אייערע געזעצגעבער, אייערע הערשער, אייערע רעגי־רער, ווי איז אָט דער דאָזיגער צוזאָג?״

האָט דער רבי איהם געענטפערט: „דאָס וואָרט ,עד׳ אין תנ״ך האָט צוויי טייטשען, נעמליך, אַ מאָהל איז עס די טייטש ,ביז׳, און אַ מאָהל מיינט עס ,אייביג׳ ווי צום ביישפּיעל ,בטחו בה׳ עדי עד׳. אַלזאָ דער טייטש פון דעם דאָזיגען פּסוק איז אַזוי: ,לא יסור שבט מיהודה ומחוקק מבין רגליו עד׳ — די הערשאַפט פון יהודה וועט זיך ניט אָפּטהון אויף שטענדיג, אויף אייביג, נאָר אויף אַ באַשטימטער צייט בלויז. וואָרום ,כי יבא שילה׳, וואָרום ווען משיח וועט קומען וועט די ממשלה, די הערשאַפט, זיך אומקעהרען צוריק צו די אידען, ,ולו יקהת עמים׳״...

# שמות

היינטיגען שבת הויבען מיר אָן דעם ספר שמות, און אויך די סדרה הייסט שמות. איז פונקט ווי אין דער ערשטער סדרה פון דעם ספר בראשית ווערט דערצעהלט וועגען דער געבורט פון דער וועלט, אַזוי לערנען מיר אין דער ערשטער סדרה פון דעם חומש שמות וועגען דער געבורט פון דעם באַפרייער פון דעם אידישען פאָלק און וואָס האָט געגעבען די אידען די תורה — משה רבינו. און זוכה געווען צו אָט דער גרויסער מדרגה האָט ער נאָר אַ דאַנק דעם וואָס ער האָט פאַרמאָגט די גאָר וויכטיגע מידה פון רחמנות.

משה איז געבוירען געוואָרען אין מצרים, ווען עס האָט שוין געקע־ניגט דאָרט דער רשע פרעה, וואָס האָט פאַרגעסען, אַז ווען ניט דער איד יוסף וואָלט מצרים געווען אויסגעגאַנגען פון הונגער. די אידען האָבען אָנגעהויבען ווערען גרויס אין די אויגען פון די מצריים. זיי האָבען אָנגעהויבען טענה'ן די זעלבע טענה וואָס מיר הערען נאָך היינט צו טאָג, אַז „רב ועצום ממנו" — די אידעלעך ווערען רייך פון אונז, האָט מען פון זיי געוואָלט פטור ווערען. און אַזוי ווי קיין „קאַלך־אויווענס", ווי אין דעם פינצטערען דייטשלאַנד, זיינען נאָך דאַן ניט געווען, האָט מען אָנגעהויבען וואַרפען ניי־געבוירענע אידישע אינגעלעך אין טייך אַריין.

שיקט דאָך אָבער דער אַלמעכטיגער די רפואה פאַר דער מכה, האָט מיטוואָך דריי אַ זייגער פאַרטאָג, דעם זיבעטען טאָג אין אדר, אין דעם יאָהר צוויי טויזענט דריי הונדערט פינף און זעכציג נאָך דער וועלט־שאַפונג, יוכבד, עמרם'ס פרוי, געבוירען אַ אינגעלע. גאַנצע דריי חדשים האָבען זיינע עלטערען איהם אויסבאַהאַלטען אין אַ קעלער, און דאַן איהם אַריינ־געלעגט אין אַ קעסטעלע און עס אַריינגעשטעלט אין ברעג טייך אויף דעם אויבערשטענ'ס באַראָט.

איז שוין דאַמאָלסט אין קעסטעלע משה געווען דער גרויסער בעל רחמן. ווארום ווען בתיה, פרעה'ס טאָכטער, האָט אַרויסגענומען דאָס קעס־טעלע פון טייך, האָט זי דערזעהען אַ קינד, וואָס וויינט מיט דער שטימע פון אַ דערוואַקסענעם. איז דאָך אין פלוג די קשיא: ווי קומט צו אַ קינד די שטימע פון אַ דערוואַקסענעם? וועלען מיר דאָס דערקלערען מיט אַ מעשה שהיה:

אַ באַריהמטער גאון, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבען זיך מוסר נפש געווען צו העלפען אידען, איז אַמאָל געקומען צו אַ גרויסען האר און איהם געבעטען ער זאָל בטל מאַכען אַ געוויסע גזירה. ער האָט גערעדט שטאַרק הויך, ממש געשריגען. דעם האר האָט דאָס אַביסעל פאַרדראָסען, און ער האָט איהם אויפמערקזאַם געמאַכט אַז עס איז ניט טאַקטיש צו רעדען אויף אַזאַ הויך קול, מיט אַזאַ הויכען טאָן. האָט דער גאון איהם געענטפערט: „אדוני פריץ, וואונדער זיך ניט וואָס איך שריי אַזוי הויך, דאָס שרייט ניט איך אַליין, נאָר די טויזענטער און טויזענטער געפּייניגטע אידען שרייען אַרויס פון און מיט מיר".

דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט משה׳ן. ער האָט געוויינט ווי אַ דער־וואַקסענער, ווייל „מילדי העברים זה״ — ווייל טויזנטער אידישע קינדער, וואָס זיינען אַריינגעוואָרפען געוואָרען אין טייך נילוס, האָבען אַרויסגעוויינט פון איהם. זעהען מיר, אַז שוין אַלס דריי חדשים׳דיג קינד האָט ער געפיהלט דעם צער פון די אַנדערע געליטענע קינדער. און אָט די מידה פון רחמנות בכלל און רחמנות פאַר די שוואַכערע, ליידענדע, און אונטערדרוקטע בפרט, האָט איהם באַהערשט זיין גאַנץ לעבען.

משה ווערט אַוועקגענומען אין דעם קעניגליכען פּאַלאַץ און ווערט דאָרט ערצויגען ווי אַ פּרינץ גלייך מיט אַלע אַנדערע פּרינצען, אָבער דאָס רייכע, לוקסוסדיגע הויף־לעבען לעשט נישט אויס זיין געפיהל פון רחמנות. ער קען ניט צוזעהן קיין אומרעכט פון מענש צו מענש, און שטענדיג נעמט ער זיך אָן פאַר דעם שוואַכערען. אָבער נאָך מעהר ליידעט ער, ווען איין איד באַגעהט אַן אומרעכט געגען אַ צווייטען. וואָרום ווען מען שלאָגט אייזען אויף אייזען איז דער ליאַרם גרעסער ווי ווען מען קלאַפּט מיט אייזען אויף האָלץ.

צוערשט האָט משה געליטען פאַר זיין מידה פון רחמנות, און ער האָט געמוזט אפילו אַנטלויפען פון מצרים דעריבער. אָבער שפּעטער איז ער דער־פאַר פאַרגיטיגט געוואָרען. ווען משה האָט דערזעהען ווי צוויי אידען, דתן און אבירם, קריגען זיך, האָט ער זיך, פאַרשטעהט זיך, אַנגענומען פאַר דעם גע־רעכטען. האָט דער רשע זיך אויף איהם צעבייזערט „מי שמך ?״ ווער האָט דיך געמאַכט פאַר אַ דעה זאָגער ? און אַזוי איז שוין די טבע פון אונזערע מחוצפים. פאַר דעם מינדעסטען גוי קריכט מען אויף אַלע פיער, אָבער דעם חשוב׳סטען אידען איז מען מבזה. און דער רשע האָט פאַר׳מסר׳ט משה׳ן, און ער האָט געמוזט אַנטלויפען פון מצרים.

קומענדיג קיין מדין, דערזעהט ער ווי די פּאַסטוכער לאָזען ניט יתרו׳ס טעכטער אָנטרינקען זייערע פיה, נעמט ער זיך אָן זייער קריוודע, כאָטש ער איז איינער אַליין אין אַ פרעמד לאַנד. אָבער ניט בלויז אויף מענ־שען, נאָר אויך אויף שטומע צונגען האָט משה רחמנות געהאַט.

איינמאָל, ווען ער האָט געפּאַשעט זיין שווער יתרו׳ס שאָף, איז אַ שעפּעלע פלוצים אַנטלאָפען פון דער טשערעדע, און משה איז עס נאָכגע־לאָפען. ווען ער האָט דערזעהען ווי דאָס שעפּעלע שטעלט זיך אָפּ ביי אַ וואַ־סערעל און טרינקט, האָט ער געוואַרט ביז עס האָט זיך אָנגעטרונקען. דאַן האָט ער עס אַרויפגעלייגט אויף דעם אַקסעל און געזאָגט : „איך האָב ניט געוואוסט, אַז דו ביזט געווען דורשטיג, און איצט ביזטו דאָך געוויס מיעד״, און ער האָט עס געטראָגען אויף דעם אַקסעל צוריק צו דער טשערעדע.

אָט די מידה פון רחמנות האָט אַזוי געריהרט כביכול אַליין, אַז ער האָט אַ טראַכט געטהון : אויב ער קען האָבען אַזוי פיעל רחמנות אויף אַ שעפּעלע, וועט ער דאָך אויף מיין פאָלק ישראל, אויף מיינע „צאן קדשים״, נאָך מעהר רחמנות האָבען, קען איך איהם אָנטרויען מיין פאָלק.

און טאַקע באַלד באַווייזט זיך צו איהם דער בורא העולם אין אַ ברע־נענדיגען דאָרן און הייסט איהם געהן אויסלייזען די אידען. משה, דער גרעס־

טער עניו אין דער וועלט, דער באַשיידענסטער פון אַלע מענשען, וועהרט זיך געגען דעם. ער טענה׳ט: „ווער בין איך, וואָס זאָל געהן צו מלכים?״ אָבער וואָס גרעסער זיין באַשיידענהייט, אַלץ מעהר זעהט דער . וואָס לעבט איביג, אַז משה איז דער ריכטיגער, דער פּאַסענדסטער שליח פאַר דער דאָזיגער גרויסער מיסיע צו באַפרייען דאָס פאָלק ישראל פון זייער מצרים׳שער קנעכטשאַפט. און ער האָט צו איהם אַ זאָג געטהון: „דיין ברודער אהרן, וואָס געפינט זיך אין מצרים, וועט דיך באַגעגענען, און ער וועט דיר העלפען״. משה האָט דערפון געדרונגען, אַז די אידען, דאָס גאַנצע פאָלק, וועלען אַלע זיין אויף זיין זייט, האָט ער גענומען אויספאָלגען די הייליגע שליחות.

אונזער דור לעבט איצט איבער די זעלבע געשעהעניש. אונזער דור האָט זוכה געווען נאָך אַמאָל אַרויסצופיהרען די געיאָגטע און געפּלאָגטע אידען פון דעם ביטערען גלות. אָבער אונזער לאַגע איז אין געוויסע פּרטים שוועהרער ווי די לאַגע אין משה רבינו׳ס צייטען. משה׳ן האָט דער אויבערשטער אַליין געשיקט. האָט ער זיך געהאַט אויף וועמען אָנצושפּאַרען. אויסער דעם איז דאָס גאַנצע פאָלק ישראל געווען אויף איין פּלאַץ, אין איין לאַנד. און דערצו נאָך איז דאָס גאַנצע פאָלק געווען אויף משה׳ס זייט. אַלע האָבען זיי געוואָלט פאַרלאָזען מצרים און געהן אין דעם צוגעזאָגטען לאַנד.

ווען משה און אהרן זיינען געקומען צו די אידען און זיי דערצעהלט וועגען זייער מיסיע, „ויאמן העם״ — האָט דאָס פאָלק געגלויבט. זיי זיינען געווען גרייט צו פאָלגען די פיהרער. אין אונזער דור, אָבער, זיינען מיר, ליידער, צווישען זיך אַליין צעריסען, ניט איניג. עס זיינען פאַראַן צווישען אונז אַזעלכע, טאַקע אין אונזער אייגענער פרייער אַמעריקע, וואָס זיצענדיג ביי דעם „טאָפּ פלייש״, זאָרגען זיי זיך זעהר ווייניג וועגען דעם גורל פון אונזערע אומגליקליכע ברידער און שוועסטער פון דעם שארית הפליטה. דאָס העכסטע וואָס זייער „גוט״ האַרץ ערלויבט זיי צו טהון, איז צו שיקען עטליכע דאָלאַר. אָבער אַן אייגען לאַנד, אַז אידען זאָלען זיין אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך, דאָס ליגט זיי אפילו ניט אין דער לינקער פּיאה — זיי ווילען ניט.

האָבען מיר דאָך אָבער אַ גרויסען באַשעפער, האָט זייער אומאַנשטענדיגע מיה זיי ניט געהאָלפען. אפילו די אומות העולם האָבען איינגעזעהען, אַז אונזער פאָדערונג איז אַ גערעכטע, און מיר האָבען צוריק אונזער לאַנד. אָבער באַקומען אַ לאַנד און ווידער אויפבויען אַ לאַנד זיינען צוויי באַזונדערע זאַכען. בויען אַ לאַנד פאָדערט קרבנות, סאַי אין מענשען, סאַי אין געלט. און גאָר דאָס וויכטיגסטע פאַר „בנין הארץ״, פאַר בויען אַ לאַנד איז אחדות, אייניגקייט.

צום גרויסען טייל ליגט דער גורל פון בנין הארץ אין די הענט פון דעם אַמעריקאַנער אידענטום. דער ישוב איז גרייט און איז מקריב קרבנות, און מיר דאָ מוזען העלפען נאָך מעהר ווי מיר קענען, און דערצו מוז הערשען אייניגקייט אין אונזערע אייגענע רייהען.

אייניגקייט איז דער אַבסאָלוט נויטיגסטער ווינקעלשטיין פאַר דעם אויפבוי פון אַ לאַנד. אַן אַלטער מדרש ערקלערט די וויכטיגקייט מיט אַן

עלעמענטאַרען, אָבער גלייכצייטיג, אַזוי טיעף אמת׳דיגען ביישפּיל, אַז פּונקט ווי אַ בינטעל צוזאַמענגעבונדענע ריטלעך קען דער שטאַרקסטער מענש ניט צעברעכען, בעת יעדער ריטעל באַזונדער קען אפילו אַ קינד צעברעכען, אַזוי אויך דאָרט וואו עס עקזיסטירט איניגקייט, הערשט פונדאַמענטאַלע שטאַרקייט און אומבאַזיגבאַרע מעכטיגקייט.

אין דער איצטיגער גורל׳דיגער שעה, ווען מיר שטעהען נאָך אַמאָל ביי דער נייער געבורט פון אַ אידיש פאָלק, מוז אונזער מאָטאָ, אונזער שלאָגוואָרט, זיין „איינער פאַר אַלע און אַלע פאַר איינעם״. ווארום אויב איניגקייט איז וויכטיג פאַר דער עקזיסטענץ פון אַ פאָלק, וואָס לעבט אויף זיין אייגענעם באָדען, איז עס נאָך מעהר וויכטיג פאַר אַ פאָלק, וואָס לעבט שוין צוויי טויזענט יאָהר צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע ווינקעלעך פון דער וועלט. מיר זיינען דאָס ערשטע און איינציגע פאָלק, וואָס האָט פּראָקלאַמירט צו דער וועלט דעם באַגריף פון „אחד״. מיט טויזענטער יאָהרען צוריק האָבען מיר איינגעזעהען, אַז שטאַרקייט און אומבאַזיגבאַרע מעכטיגקייט ליגען אין איניגקייט. און וואָלטען מיר נישט געווען דאָס פאַרגעסען, וואָלטען מיר אַנשטאָט אַ פרעמד „וויס פּאַפּיר״ שוין לאַנג געוועזן געהאַט אונזער אייגען לאַנד. און איין בורא עולם ווייסט וויפיעל מיליאָן אידען וויינציגער עס וואָלטען געווען אומגעקומען אין די דייטשע קאַלך־אויוועגס.

אָבער וואָס עס איז געווען, איז פאַרפאַלען. לאָמיר יעדער פון אונז כאָטש איצט טהון אונזער טייל. קיינער פון אונז טאָר איצט ניט שטעהן פון דער וויטען. „אל תפרוש מן הצבור״ — שייד זיך ניט אָפּ פון דעם כלל. דער כלל ישראל שטעהט העכער פון ר׳ ישראל. אפילו נאָך איצט, אין דער וויכטיגסטער שעה פון די לעצטע צוויי טויזענט יאָהר פון אונזער געשיכטע, זיינען נאָך פאַראַן צווישען אחינו בני ישראל אַזעלכע וואָס טהוען וואָס זיי ווילט זיך, און ניט וואָס עס איז גוט פאַר דעם כלל ישראל.

דער מדרש דערצעהלט וועגען דעם אַן אינטערעסאַנטען עפּיזאָד: עס איז אַמאָל געשוואומען אַ שיף אויף דעם ים און געפיהרט פּאַסאַזשירען פון איין לאַנד אין אַן אַנדער לאַנד. דערזעהט איין פּאַסאַזשיר ווי אַן אַנדער רייזענדער זיצט אין זיין קאַיוטע אויף דעם דנאָ פון דער שיף און בויעט אַ לאָך. מאַכט ער אַ געוואַלד: „סטייטש, וואָס טהוסטו?״ ענטפערט איהם יענער „וואָס איז עס דיין עסק? איך בויער דען דאָרט וואו דו זיצסט? איך בויער דאָך אויף מיין פּלאַץ, און מיט מיין פּלאַץ קען איך מאַכען וואָס איך וויל״. ער האָט ניט פערשטאַנען, אָדער ער האָט ניט געוואָלט פאַרשטעהן, אַז מיט זיין האַנדלונג שטעלט ער אין געפאַר אַלע פּאַסאַזשירען.

אפילו נאָך איצט זיינען פאַראַן צווישען אידען אַזעלכע, וואָס באַגרייפען ניט די וויכטיגקייט פון דעם מאָמענט און טהוען זיך וואָס זיי גלוסט זיך. אָבער דאָס טאָר ניט געשעהן! יעדער איינער פון אונז מוז און איז מחויב זיך אַריינצוואַרפען מיט דעם גאַנצען לייב און לעבען צו העלפען בויען דאָס לאַנד, צו העלפען אַרויסראַטעווען דעם שארית הפליטה פון די גיהנום׳ס און זיי אַריבערפיהרען קיין ארץ ישראל. עס איז די גרעסטע מצוה, דער גרעסטער חוב, דער געבאָט פון דער שעה פאַר יעדען פון אונז.

דער רבונו של עולם האָט דאָס זייניגע געטהון. דורך די „יונייטעד ניישאַנס" האָט ער אונז נאָך אַמאָל געגעבען דאָס צוגעזאָגטע לאַנד. אָבער בוי־ען מוזען מיר. ווי זאָגט דאָס ווערטעל: „דער אויבערשטער העלפט דעם וואָס העלפט זיך אַליין". און „אם אין אני לי, מי לי?" אויב מיר אַליין וועלען ניט בויען אונזער אייגען לאַנד, ווער וועט עס טהון פאַר אונז? אמת, דער פסוק זאָגט טאַקע „אם ה' לא יבנה בית..." — אויב דער אויבערשטער העלפט ניט, וועט דער בויער זיך מוטשען אומזיסט. אָבער מיר האָבען דאָך דעם באַוויז, אַז ער האָט דאָס זייניגע געטהון. ער האָט אונז ווידער געגעבען אונזער לאַנד, און די צוקונפט פון דעם לאַנד איז אין אונזערע הענט, איז לאָמיר צולייגען אַ האַנט, יעדער איינער פון אונז מיט וואָס ער קען. אין דער צייט ווען די בעסטע קינדער פון אונזער פאָלק האָבען פאַרגאָסען זייער קדושים'דיג בלוט אין אונזער לאַנד פאַר אונזער לאַנד, מוזען מיר אויך דאָ אין אַמעריקע טהון אונזער הייליגען חוב.

ווען משה האָט ענדליך אָנגענומען דעם אויבערשטען'ס אויפטראַג צו געהן קיין מצרים און באַפרייען די אידען, זאָגט אונז דער חומש:

„ויקח משה את אשתו ואת בניו...", און משה האָט גענומען זיין פרוי און קינדער און איז געצויגען קיין מצרים. פרעגט זיך, צו וואָס האָט ער מיטגענו־מען די פאַמיליע? נאָר דער גרויסער פיהרער משה האָט פאַרשטאַנען, אַז ווען מען דאַרף אַרויספיהרען אַ פאָלק פון גלות אין אַן אייגען לאַנד, דאַרף יעדען איינעם'ס גאַנצע משפחה זיך באַטייליגען אין דעם.

איצט איז ניט קיין צייט פון ווערטער, פון פלפול. מיט פלפול קען מען טאַקע פאַרענטפערען אַ גמרא, און אפילו געפינען אַ פּאָר ברילען, אָבער אַ לאַנד מוז מען בויען מיט בלוט, שוויס, אַרבייט און געלט. דאָס דערמאָנט מיך אגב אין בערעלע חריף ז"ל:

ווען ר' בערעלע חריף פלעגט אָפּלערנען אַ בלאַט גמרא, פלעגט ער אַרייִנלעגען די ברילען אין דער גמרא און זי פערמאַכען. איינמאָל האָט ער פאַרמאַכט די גמרא און אַרויפגערוקט זיינע ברילען אויף דעם שטערן. ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט לערנען, האָט ער גענומען זוכען זיינע ברילען אין דער גמרא, און ניט געפונען. געזוכט אין אַלע קעשענעס און ניט געפונען. שפּאַצירט ער אַרום איבער דעם בית המדרש און פלפול'ט מיט דעם גמרא ניגון: „זאָל איך זאָגען, אַז איינער, וואָס טראָגט ברילען, האָט זיי גענומען, איז דאָך די קשיא, אַז ווי באַלד ער טראָגט ברילען, צו וואָס זשע דאַרף ער מיינע? זאָל איך, ווידער, זאָגען, אַז איינער, וואָס טראָגט ניט קיין ברילען האָט זיי גענומען, איז צו וואָס זשע דאַרף ער זיי? מוז איך דאָך זאָגען, אַז עס האָט זיי גענומען איינער, וואָס טראָגט ברילען און וואָס האָט ברילען. אַי, איז דאָך די קשיא, אַז ער דאַרף און האָט ברילען, צו וואָס זשע טויגען איהם מיינע? איז קען מען דאָס פאַרענטפערען, אַז ער האָט זיינע ברילען אַרויפגערוקט אויף דעם שטערן און פאַרגעסען, און ער האָט זיי ניט געקאָנט געפונען. היינט אַז דאָס לייגט זיך אויף דעם שכל, איז אפשר בין איך אַליין טאַקע דער יעניגער?" האָט ער זיך אַ טאַפּ געטהון ביים שטערן, און כך הוה — די ברילען האָבען זיך געמיטליך גערוהט אויף זיין אייגענעם שטערן. איז ר' בערעלע שטאַרק

צופריעדען געווען פון זיין איינפאַל, האָט ער אַ גלעט געטהון די באָרד און אַ זאָג געטהון: „עס איז פאָרט גוט צו האָבען אַ גמרא קאָפּ, אפילו צו געפונען די ברילען איז גוט אַז מען האָט אַ גמרא קאָפּ“.

איז הכל מודים, יעדער איינער וועט צוגעבען, אַז אַ גמרא קאָפּ איז אַ גאָר פיינע זאַך. אָבער איצט אין אונזער גורל'דיגער שעה, טאָר מען ניט פאַררוקען די ברילען אויף דעם שטערן, נאָר מען דאַרף זיי האַלטען כסדר אויף די אויגען און זעהען קלאָהר און דייטליך וואָס מען דאַרף און וואָס מען מוז טהון פאַר בנין הארץ, קיום האומה און חיזוק הדת, טאַקע אויך אין אונזער אַמעריקע.

מיר דאַרפען זיך אָפּלערנען פון דעם „ותשלח את אמתה“. אונזערע חכמים און רש״י ז״ל זאָגען דארויף: „את אמתה — את ידה, שנשתרבבה אמתה אמות הרבה“. ווען פּרעה'ס טאָכטער האָט דערזעהען דאָס קעסטעלע אין דעם טשערעט, איז איהר האַנט אויסגעשטרעקט געוואָרען פיעלע איילען. זאָגט ר' יצחק וואַרקער ז״ל: פּרעה'ס טאָכטער האָט דאָך ניט געוואוסט אַז עס וועט מיט איהר געשעהען אַזאַ נס, איז ווי זשע אַזוי האָט זי גאָר לכתחילה אויסגעשטרעקט די האַנט צו אַ זאַך צו וועלכער עס איז געווען אונמעגליך צו דערלאַנגען? נאָר דער תירוץ איז אַז ווען אַ מענש מיינט עס ערנסט צו העלפען דעם צווייטען, זאָל ער זיך ניט אַוועקשטעלען און חקירה'ן צי עס לוינט זיך די אַרבייט, צי עס איז איבערהויפּט דערגרייכבאַר. ער דאַרף טהון דאָס זייניגע און אויסשטרעקען די האַנט.

און די היינטיגע סדרה הויבט זיך אָן „ואלה שמות בני ישראל ראובן שמעון...“ איינס פון די זאַכען פאַר וואָס די אידען זיינען אויסגעלייזט געוואָרען פון מצרים איז וואָס זיי האָבען ניט געביטען זייערע נעמען. עס זיינען אָבער פאַראַן אידען וואָס שעהמען זיך, ליידער, מיט זייערע אידישע נעמען ביי זייער לעבען. דעם אידישען נאָמען באַהאַלטען זיי אויף נאָך דעם טויט, פאַר דעם אויפשריפט אויף דער מצבה, און אויף הזכרת נשמות. זאָגט דער „לוח ארז“ אַז דאָס מיינט דער פּסוק (תהלים מט) „קראו בשמותם עלי אדמות“. ערשט „עלי אדמות“, ווען זיי ליגען שוין אין דער ערד, לאָזען זיי זיך רופען מיט די אידישע נעמען. איז לאָמיר האָפען, אַז איצט, ווען מיר זיינען שוין אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך, וועלען די אידען אין די גלות לענדער זיך ניט מעהר שעהמען מיט די אידישע נעמען.

# וארא

דאָס ווערטעל זאָגט, אַז „געשיכטע ווידערהאָלט זיך". און דער קלוגער שלמה המלך האָט שוין מיט טויזענטער יאָהר פריהער געזאָגט אַז וואָס עס איז געווען וועט זיין, „ואין כל חדש תחת השמש" — ניטאָ קיין נייע זאַכען אָדער פּאַסירונגען אונטער דער זון.

איז לעבען מיר איצט איבער כמעט דאָס זעלבע וואָס די אידען האָבען איבערגעלעבט אין משה רבינו'ס צייטען. די געשיכטע פון דער היינטיגער סדרה האָט פיעל עהנליכקייט צו אונזער אייגענער צייט. כביכול גיט די אידען ארץ ישראל, דאָס לאַנד דאַרף מען באַזעצען, די מצריים (פונקט ווי היינט) זיינען דאַגעגען, און משה האָט אַ מאַסע אַרבייט.

דאָס פּראָבלעם איז געווען געוואַלדיג שווערה. האָט דאָך, אָבער, דער אַלמעכטיגער אין זינען די קלענסטע קלייניגקייט, גיט ער דערווייל אַ זאָג צו משה'ן „ראה נתתיך אלהים לפרעה" — איך מאַך דיך פאַר אַ גאָט איבער פרעה'ן — אָבער געדענק, נאָר איבער איהם, און מעהר איבער קיינעם ניט. אפילו אַזאַ עניו ווי משה'ן, דעם גרעסטען עניו אין דער וועלט, האָט דער אויבערשטער געוואָרענט. ווארום דער שטייגער פון מענשען בכלל און פון פיהרער בפרט, איז, אַז ווען זיי הויבען אָן רייטען אויף דעם פערדעל, מיינען זיי אַז זיי זיינען שוין „הכל יכול'ס", זיי קאָנען אַלץ, און פאַרשטעהען אַלץ.

עס זיינען פאַראַן פיהרער וואָס ווען די שעה און דאָס מזל שפּיעלען זיי צו, „פאַרלירען זיי דעם קאָפּ", און זיי פאַרגעסען, אַז ניט גרויסקייט איז דער עיקר, נאָר „גאַנצקייט", גאַנץ מיט זיך אַליין, און גאַנץ מיט דעם פאָלק וואָס מען פיהרט. ביי אידען איז דער עיקר „גאַנצקייט", ניט גרויסקייט.

אין אַ געשפּרעך מיט אַ געוויסען רב, האָט רבי ישראל סאַלאַנטער ז"ל, שטאַרק געלויבט זיין תלמיד ר' שמחה זיסעל קעלעמער ז"ל, אַלס גרויסען ירא שמים און בעל מידות. דערווייל האָט דער רב באַמערקט, אַז ווען ר' שמחה וואָלט ניט אַריינגעלייגט אַזוי פיעל מוח און כוח אין לערנען מוסר־ספרים, און ער וואָלט בעסער פאַרווענדעט די צייט אויף „לערנען", וואָלט ער געווען אויסגעוואַקסען אַ וועלט־גאון. האָט ר' ישראל געענטפערט: „דער דין איז, אַז ווען מען האָט פאַר זיך צוויי חלות, איינע אַ קליינע און אַ „גאַנצע", און די צווייטע אַ גרויסע, אָבער ניט קיין גאַנצע, דאַרף מען מאַכען אַ „המוציא" איבער דער גאַנצער, כאָטש זי איז אַ קליינע, ווארום גאַנצקייט איז וויכטיגער פון גרויסקייט".

אָט דאָס האָט דער רבונו של עולם געוואָלט פון משה'ן, און אָט דאָס דאַרפען פאַרשטעהן אונזערע איצטיגע פיהרער. גאַנצקייט מיט זיך, גאַנצקייט מיט דעם פאָלק. אָט דאָס איז דער עיקר, און ניט גרויסקייט.

פרעה איז געווען איינער פון די, וועלכע האָבען זיך אַליין באַטראַכט פאַר אַ גאָט, ווייל ער האָט געהאַלטען פון גרויסקייט. אָט וואָס אונזער מדרש דערצעהלט אונז:

ווען משה און אהרן זיינען געקומען צו פרעה׳ן מיט דער פאָדערונג, אַז ער זאָל באַפרייען דאָס אידישע פאָלק, האָט פונקט דאַן פרעה געפראַוועט זיין געבורטסטאָג. אַלע מלכים זיינען געקומען איהם עהרען און האָבען איהם אַרומגערינגעלט מיט זייערע קרוינען. אַריינצוקומען צו פרעה׳ן האָט מען געדאַרפט דורכגעהן פיער הונדערט טירען. ביי יעדער טיר זיינען געשטאַנען לייבען און אַנדערע ווילדע חיות און האָבען ניט אַריינגעלאָזט, סיידען מען האָט זיי געגעבען זיך אָנצופרעסען מיט פלייש. אָבער ווען משה און אהרן זיינען צוגעקומען, האָבען אַלע חיות זיך פאַרזאַמעלט אַרום זיי, זיך געטוליעט צו זיי און זיי פריינדליך געלעקט מיט די צונגען. נאָך מעהר, זיי האָבען זיי באַגלייט גלייך אין פאַלאַץ אַריין. ווען די קעניגע האָבען דערזעהען, אַז משה און אהרן זעהען אויס ווי מלאכים, זיינען הויך ווי צעדערבוימער, די אויגען ווי בלישטשענדיגע שטערען, די בערד ווי טייטעלבוימער, די פנים׳ער לייכטען ווי די זון, און דעם געטליכען ספיר־שטעקען אין האַנט, און יעדער וואָרט זייערס געהט אַרויס ווי אַ פייערדיגער פלאַם, איז אויף זיי אָנגעפאַלען אַ שרעקליכער פחד. זיי האָבען אַראָפּגענומען די קרוינען פון די קעפּ און זיך געבוקט צו משה און אהרן.

און פרעה האָט זיי אַ פאַרציטערטער געפרעגט: „ווער זענט איהר? וואָס ווילט איהר?" און זיי האָבען געענטפערט: „כביכול האָט אונז געשיקט צו דיר און זאָגט: „שיק אַרויס מיין פאָלק, זיי זאָלען מיך דיענען". האָט פרעה זיך צעבייזערט און אַ פרעג געטהון: „ווער איז ער? איז ער יונג אָדער אַלט? ווי לאַנג לעבט ער? וויפיעל לענדער האָט ער איינגענומען? זינט ווען איז ער מלך?" און זיי האָבען איהם געענטפערט: „אונזער באַשעפער הערשט איבער דער גאַנצער וועלט, ער איז געווען איידער די וועלט איז באַשאַפען געוואָרען, און ער וועט זיין אייביג. ער האָט דיך באַשאַפען און דיר געגעבען אַ נשמה". און פרעה האָט ווייטער געפרעגט: „און וואָס טהוט ער?" האָבען זיי געענטפערט: „ער האַלט אויף הימעל און ערד, ער מאַכט נידעריג בערג און שפּאַלט פעלזען, זיינע בויגען זיינען פייער און זיינע פיילען זיינען פלאַמען, זיינע פאַנצערס זיינען וואָלקענס, און בליצען זיינען זיינע שווערדען. ער באַשאַפט בערג און טאָלען, באַדעקט זיי מיט גראָז, נידערט אַראָפּ רעגען און טהוי; ער באַשאַפט קינדער אין דער מוטער׳ס טראַכט, ער מאַכט מענשען פאַר מלכים, און מאַכט זיי אויס".

האָט פרעה זיך צעבייזערט און אויסגעשריען: „ליגנער וואָס איהר זענט! קיין איין וואָר וואָרט האָט איהר ניט געזאָגט! איך בין דער האַר פון דער וועלט, איך האָב זיך אַליין באַשאַפען, איך האָב אויך באַשאַפען דעם טייך נילוס!" און ער האָט זיי אַרויסגעטריבען.

אָט אַזוי פאַרלירען מאַנכע פיהרער דעם קאָפּ ווען זיי ווערען גרויס, און דאָס האָט דער אַלמעכטיגער געוואָלט פאַרמיידען. ווארום עס זיינען פאַראַן

מענשען וואָס ווען דאָס מזל שיינט זיי, מיינען זיי, אַז זיי קענען אַריינכאַפּען די זון אין אַ רעשעטע, ווי עס איז געשעהען, למשל, מיט יענעם יונגען מאַן:

איינער אַ יונגער מאַן איז אַמאָל שטאַרק רייך געוואָרען, האָט ער גע־מיינט, אַז ער האָט שוין „אָנגעכאַפּט דעם רבונו של עולם ביי דער באָרד", און ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט אַז אַזוי ווי ער איז שוין באַזאָרגט מיט פּרנסה אויף זיין גאַנץ לעבען, האָט ער באַשלאָסען אָוועקצוגעבען אַביסעל געלט איינעם, וואָס האָט זיך שוין איינגעאַנצען מייאש געווען פון דער וועלט. איינמאָל דערזעהט ער ווי אַן אָרימאַן קלויבט שטיקלעך ברויט פון מיסט, זאָגט ער צו איהם: „איך זעה דאָך, אַז איהר האָט זיך שוין אינגאַנצען מייאש געווען, וועל איך אייך העלפען. איך האָב שוין גענוג פאַר מיר אויף מיין גאַנץ לעבען, מיך קען שוין קיינער ניט אָרים מאַכען". האָט דער אָרימאַן פאַרשפּאָטעט דעם גביר'ס נאַרישע גרויסקייט און צו איהם געזאָגט: „איך האָב נאָך די האָפנונג ניט אויפגעגעבען, געה צו די מתים, זיי האָבען זיך שוין מסתמא מייאש געווען, זיי קענסטו געבען פון דיין פוסטער גרויסקייט".

איז דער גביר אַוועק אויף דעם הייליגען אָרט און באַגראָבען דאָרט אַביסעל געלט, און דעם זעלבען טאָג האָט איהם אָנגעהויבען געהן מיט דער פוטער אַראָפּ. זיינע שיפען האָבען אָנגעהויבען אונטערגעהן, זיינע שפּייכלערס תבואה זיינען פאַרברענט געוואָרען, און דעם אָרימאַן האָט אָנגעהויבען צו גליקען. ער איז געוואָרען אַ גרויסער עושר, און ער איז באַשטימט געוואָרען אַלס עלטסטער פון דער שטאָדט.

דער פריהערדיגער גביר האָט פאַרקויפט אַלץ וואָס איז איהם נאָך געבליבען, און ער איז אַוועק אויסגראָבען דעם פאַרגראָבענעם אוצר. די פּאָליציי האָט איהם, אָבער, אַרעסטירט אויף דעם חשד פון גנבה, און מען האָט איהם געבראַכט צו דעם עלטסטען. דער עלטסטער, ווען דער גביר האָט ניט דערקענט, האָט איהם געזאָגט, אַז דאָס האָט דער אויבערשטער איהם באַשטראָפט פאַר זיין זיין ביי זיך גרויס.

פון אָט דער ניט שעהנער מידה פון גרויס האַלטען זיך, ליידען, ליידער, פיעלע מענשען. מיר פאַרגעסען אָפט, אַז עס זיינען פאַראַן זאַכען, וואָס ליגען ניט אין אונזער מאַכט, און דאָך מיינען מיר און רעדען זיך איין, אַז דאָס איז אַ דאַנק אונזער חכמה. פיעלע טהוען דאָס באַוואוסטזיניג, און עס זיינען פאַראַן זעהר עהרליכע, פרומע מענשען, וואָס ווערען דורך דעם געשטרויכעלט ניט באַוואוסטזיניג.

אַזוי, למשל, דערצעהלט מען, אַז צו רבי הערש־לייב וואָלאָזשינער ז"ל, איז אַמאָל געקומען זיינער אַ געוועזענער תלמיד, וואָס איז געוואָרען אַ רייכער סוחר, האָט ר' הירש־לייב איהם געפרעגט: „וואָס מאַכסטו?" און דער סוחר האָט געענטפערט „געלויבט איז השם יתברך, איך האָב זיך ניט אויף וואָס צו באַקלאָגען, חלילה, איך בין ברוך השם געזונט און האָב פרנסה". זיצען זיי אַזוי ביידע און שמועסען פון פאַרשידענע ענינים, און פלוצים גיט ר' הירש־לייב ווידער אַ פרעג „וואָס מאַכסטו?", און דער סוחר ענטפערט „רבי, איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז איך בין געלויבט דעם אויבערשטען געזונט, און פרנסה ברוך השם האָב איך אויך".

שמועסען זיי ווייטער, און ווידער גיט ר׳ הירש־לייב אַ פרעג, „איז וואָס מאַכסטו?" פאַר׳חידוש׳ט זיך דער גביר און זאָגט: „רבי, האָט מיר ניט קיין פאַראיבעל, שוין דאָס דריטע מאָל ווי איהר פרעגט מיך די זעלבע פראַגע, און איך האָב דאָך אייך שוין געענטפערט, אַז איך בין ברוך השם געזונט און האָב פרנסה".

„דו האָסט מיר טאַקע געענטפערט", זאָגט ר׳ הירש־לייב, „אָבער ניט אויף מיין פראַגע; איך פרעג דיך „וואָס מאַכסטו?" ענטפערסט דו „געזונט, פרנסה". טאַקע גאַנץ שעהן, אָבער דאָס מאַכט דאָך דער אויבער־שטער, ניט דו. דו זאָג מיר וואָס דו מאַכסט, לערענסטו, גיסטו צדקה, שטיצסטו ארץ ישראל?"

און אָט דאָס דאַרפען מיר זיך אָפלערנען פון דעם אויבערשטען׳ס ווערטער צו משה׳ן, אַז גרויסקייט איז גאָרניט, דער עיקר איז גאַנצקייט. און ניט נאָר דאַרף דעם מענשען׳ס ווערזען זיין גאַנץ, נאָר אויך זיינע טהאַטען מוזען זיין גאַנץ, פאַרענדיגט. נעמט מען זיך עפּעס אונטער, מוז מען דאָס דורכפיהרען. ווי זאָגט די גמרא „כל המתחיל במצוה אומרין לו גמור" — אַז מען הויבט אָן אַ מצוה דאַרף מען ענדיגען.

באַזעצען ארץ ישראל, בויען ארץ ישראל אַליין, און העלפען אַנדערע בויען אונזער לאַנד איז שטענדיג געווען פון די גרעסטע מצוות. און היינט צו טאָג איז דאָס אפשר די גרעסטע מצוה, ווייל עס איז פאַרבונדען מיט פיקוח נפש, מיט ראַטעווען צעהנדליגער טויזענטער אידען.

און לאָמיר נאָך עפּעס לערנען פון דער היינטיגער סדרה. דער אוי־בערשטער האָט ניט געזאָגט משה׳ן „איך גיב דיר אַ לאַנד און געה פיהר אַהין אַריין די אידען". ניין, נאָר ער האָט געזאָגט: והוצאתי... והבאתי"... איך וועל אייך אַרויספיהרען פון מצרים... און איך וועל אייך אַריינפיהרען אין דעם לאַנד, וואָס איך האָב צוגעזאָגט אברהם׳ן, יצחק׳ן און יעקב׳ן. אַרויס־פיהרען פון מצרים אַליין איז בלויז אַ האַלבע אַרבייט, אַריינפיהרען קיין ארץ ישראל — אָט דאָס איז דער עיקר. פאַרשטעהט זיך, אַז פועל׳ן ביי די גוים זיי זאָלען אונז אָפּגעבען אונזער לאַנד, איז, ווי מיר ווייסען, ניט געווען קיין לייכטער ענין. אָבער דער עיקר איז דער „והבאתי", דאָס אַריינברענגען קיין ארץ ישראל כאָטש אַ צוויי הונדערט טויזענט אידען אַ יאָהר.

אין דער היינטיגער סדרה זעהען מיר נאָך אַן עהנליכקייט צו אונזער צייט. ווען משה איז געקומען צו די אידען און האָט זיי געזאָגט, אַז ער איז צו זיי געשיקט זיי אַרויסצופיהרען פון מצרים און אַריינברענגען אין זייער לאַנד, איז „ולא שמעו אל משה" — האָבען זיי זיך ניט צוגעהערט צו משה׳ן. און אויך אין אונזער אייגענער צייט זיינען געווען אידען, וואָס האָבען זיך ניט צוגעהערט צום קול פון די פיהרער, און האָבען זיך אפילו באַמיהט קאַליע צו מאַכען. דער אונטערשייד איז בלויז דער: די אידען אין מצרים האָבען זיך ניט צוגעהערט „מעבודה קשה" — פון שווערער אַרבייט. די קנעכטשאַפט האָט זיי אַזוי פערשקלאַפּט, נעבעך, אַזוי פערמאַטערט, אַז אפילו ביי דעם בעסטען ווילען האָבען זיי ניט געהאַט קיין כוח, און ניט קיין מוח

זיך צוצוהערן. אָבער אונזערע „בײן־זאָגער“ האָבן זיך ניט צוגעהערט פון וואוילטאָג.

מוז איך מודה זײן אַז מיך פאַרדריסט ניט אויף זײ, נאָר, אדרבא, איך פערזענליך בין זײ זעהר דאַנקבאַר פאַר זײער שטעלונג און האָב זײ דוקא ליב דערפאַר. אין דער תורה שטעהט „והוצאתי אתכם מתחת סבלות מצרים“, זאָגט דערויף רבי בונים פּשיסכער ז״ל אַז „סבלות“ איז אַ שטײגער זוי „סבלנות“. דער ערגסטער גלות איז דער ווען מען הערט שוין אויף צו פיהלען דעם גלות, ווען מען ווערט שוין אַזוי צוגעוואוינט צום גלות, אַז עס דאַכט זיך אויס, אַז קײן בעסערס איז שוין גאָר ניטאָ. ווי זאָגט דאָס ווערטעל „דער וואָרים זיצט אין כרײן, מײנט ער אַז עס איז קײן זיסערס ניט פאַראַן“. האָט כביכול געזאָגט: אויב איהר האַלט שוין יאָ אַזוי ווײט, אַז איהר קענט שוין „סובל“ זײן דעם גלות, און עס אַרט אײך שוין ניט, איז טאָר מען שוין ניט וואַרטען, און מען דאַרף אײך אויסלײזען. איז, קאָן זײן, אַז מיר האָבען דערלעבט די גאולה אַ דאַנק אונזערע „וואוילהאַבענדע בײן־זאָגער“, וועלכע פיהלען שוין לײדער ניט דעם גלות. נו, קומט זײ ניט קײן דאַנק?

און ליב האָב איך זײ, ווײל — אָט הערט פאַר וואָס:

אַ איד איז אַמאָל געפאָהרען אין באַהן. אין דער פריה האָט ער אָנגעטהון טלית און תפילין און זיך געשטעלט דאַווענען. אין דער זעלבער קאַיוטע איז געזעסען אַ בחור, וואָס האָט מיט ביטול געקוקט אויף דעם אידען, און דערצו נאָך האָט ער אַרומגעבונדען די ציצית פון דעם טלית אַרום דעם פּי־סעל פון דער באַנק. ווען דער איד האָט אָפּגעלײגט דעם טלית און תפילין, האָט ער, פאַרשטעהט זיך, געהאַט אַן אַרבײט אויפצופּלאָנטערען די ציצית, און דער „אויפגעקלערטער“ בחור האָט זיך שטאַרק אַמוזירט.

רופט זיך אָן דער איד צום בחור: „דו ווײסט, איך האָב דיך דוקא ליב“. אַ פאַרוואונדערטער קוקט אויף איהם דער בחור, און פרעגט: „סטײטש, פאַרוואָס?“ און דער איד ענטפערט: „איך בין אַמאָל געווען שטאַרק קראַנק, האָבען דאָקטוירים געזאָגט, אַז די אײנציגע רפואה צו הײלען מײנע וואונדען איז זײ צו באַשמירען מיט חזיר־פעטס, האָט מען געפּאַלגט און עס האָט געהאָלפען. האָב איך ליב דעם חזיר. אײנמאָל, אַ פרײטאָג צו נאַכטס האָט זיך בײ אונז אין הויז איבערגעקערט אַ לײכטער. איז מען אַרײנגעלאָפען צום שכן, אַ גוי, און ווען ער שטעלט ניט אויף דעם לײכטער, וואָלט, פאַרשטעהט זיך, אונזער הויז פאַרברענט געוואָרען, און ווער ווײסט וויפיעל נאָך הײזער, איז האָב איך ליב דעם גוי. ווען איך האָב זיך בעדאַרפט שטעלען צום פּריזיוו, און ווי איהר פאַרשטעהט, איז צו דינען פאָניען האָב איך ניט געהאַט קײן גרויסען חשק, האָב איך זיך געמאַכט אַ חסרון — אַ פאַרך, און בין ברוך השם באַפרײט געוואָרען, האָב איך ליב אַ פאַרך. הײנט, מײן ליבער יונגער מאַן, אַז איהר זענט אי אַ דבר אחר, אי אַ גוי און אי אַ פאַרך, נו, זאָל איך אײך ניט ליעב האָבען“?

אַזוי ווי דער נמשל איז קלאָהר, וועלען מיר זיך אָפּשטעלען אויף דעם פסוק „ושמתי פדות בין עמי ובין עמך“. דאַרויף באַמערקט ר׳ שלום רוקח ז״ל, פון בעלז, אַז דרײ מאָל געפינט זיך אין תנ״ך דער אויסדרוק „פדות“:

אין דער היינטיגער סדרה, „פדות שלח לעמו" (תהלים קי"א), און „והרבה עמו פדות" (תהלים ק"ל), און דאָס זיינען געגען די דרייערליי גלות'ן. דער ערשטער גלות איז ווען דער איד איז אין גלות ביי דעם גוי, פאַרזיכערט אונז דער פסוק אין דער היינטיגער סדרה, אַז מיר וועלען אויסגעלייזט ווערען פון גוי'אישע הענט. דער צווייטער גלות איז ווען איין איד איז אין גלות ביי אַ צווייטען אידען. דער דאָזיגער גלות איז שוועהרער פון דעם ערשטען. זאָגט אונז דערויף דער בעל התהלים „פדות שלח לעמו" — מיר זאָלען אויסגעלייזט ווערען פון צו זיין אין גלות ביי אידען. דער דריטער גלות איז ווען דער מענש איז אין גלות ביי זיך אַליין, ביי זיינע שלעכטע געוואוינהייטען, מידות און טהאַטען. דאָס איז דער ערגסטער פון אַלע גלות'ן. און דערויף זאָגט דער בעל התהלים „והרבה עמו פדות". איז אַזוי ווי מיר ווערען דאָך איצט אויס־געלייזט פון דעם ערשטען גלות, איז לאָמיר שוין אין איין וועגס זיך אויסלייזען פון די אַנדערע צוויי גלות'ן, וועלען די גאולה און די ישועה זיין פולשטענדיג.

לאָמיר ווערען בעסערע, העכערע מענשען. רבי נפתלי ראפשיצער ז"ל פלעגט טייטשען „חבל על דאבדין ולא משתכחין" אַזוי: חבל — וועה „על" דאבדין, די בעסערע, איידעלערע, העכערע מענשען, די מענשען מיט גוטע מעלות און פיינע מידות געהען פאַרלוירען. „ולא" — די גאָרנישטען, די נישטיגע און נידעריגע מענשען, זיי געפינען זיך, זיי פאַרנעמען דעם אויבנאַן.

און ווען מצרים האָט אָנגעהויבען קריעגען די מכות, איז דער באַריהמ־ער פרעה פלוצים געוואָרען ווייך ווי אַ לעמעלע, און ער האָט אויסגעשריעגען „ה' הצדיק ואני ועמי הרשעים". איז ווי זשע קומט עס טאַקע וואָס דער מעכ־טיגער פרעה, וואָס האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ גאָט, זאָל פלוצים זיך אַליין באַצייכענען פאַר אַ רשע? טייטשט ר' יהושע אַסטראָווער ז"ל בדרך הלצה דעם פסוק אַזוי: דער בעל גאוה פרעה האָט געזאָגט: ה' הצדיק, דער אויבערשטער איז אַ צדיק, ואני — און אויך איך בין אַ צדיק. ועמי הרשעים, בלויז מיין פאָלק זיינען רשעים.

איז מיט וואָס דער טאָפּ ווערט אָנגעזאַפּט, מיט דעם ווערט ער צעבראָ־כען. די מצריים זיינען געווען רשעים שוין אין משה רבינו'ס צייטען, און זיי זיינען עס איצט אויך.

# בא

**א**ין דער סדרה פון פאַר צוויי וואָכען שבת איז משה רבינו נאָך געווען אין מדין און האָט דאָרט געפיטערט זיין שווער יתרו'ס שאָף. הייגט לערנען מיר שוין ווי ער פיהרט אַרויס דאָס גאַנצע פאָלק ישראל, די „צאן קדשים", פון מצרים. אָט דאָס הייסט אַ פיהרער! אומר ועושה — געזאָגט און געטהון. פאַרשטעהט זיך, אַז משה האָט ניט געהאַט אויף זיך קיין „יו־ען", און דאָס אידישע פאָלק אין זיין צייט איז ניט געווען צעשפליטערט אויף אומצעהליגע פאַרטייען און פאַרטייעלעך, און דערצו נאָך האָט איהם דאָך דער אַלמעכטיגער אַליין געשיקט. אָבער אַזוי צי אַזוי, ער האָט ניט פאַרהאַנדעלט וועגען ווי פיעלע אידען עס זאָלען אַרויסגעהען פון מצרים און געהן קיין ארץ ישראל, נאָר ער האָט אַ זאָג געטהון „בנערינו ובזקנינו נלך" — יונג און אַלט, קינד און קייט, אַלע וועלען מיר ארויס פון גלות — און דאָס גאַנצע פאָלק האָט געפאָלגט.

משה האָט ניט געהאַלטען פון קיין האַלבע מלאכה. עס קען זיין, אַז דאָס גאַנצע פאָלק האָט זיך צוגעהערט צו איהם, ווייל זיי האָבען געוואוסט, אַז זיי קענען זיך פאַרלאָזען אויף זייער פיהרער. און משה, ווידער, איז געווען ביי זיך שטאַרק, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז ער האָט הינטער זיך דאָס גאַנצע פאָלק (אויסער דעם אויבערשטענ'ס שליחות). האָט ער ניט געהאַנדעלט, זיך ניט געדונגען מיט פרעה'ן, ווי פיעלע אידען עס זאָלען אַרויסגעהן פון מצרים, נאָר ער האָט געזאָגט אַלע אידען וועלען פאַרלאָזען דאָס לאַנד.

משה איז געווען אַ מענש פון טהאַטען, פון מעשים, ניט פון קיין ווער־טער. ער האָט ארויסגעפיהרט די אידען פון מצרים, און ער האָט אפילו קיין איין מינוט ניט קיין טראַכט געטהון וואָס פאַר אַ מלוכה צו שאַפען אין ארץ ישראל, ווייל ביי איהם איז דאָס אַרויסראַטעווען די אידען פון גלות געווען נאָך וויכטיגער ווי דאָס אַריינפיהרען די אידען קיין ארץ־ישראל. אפילו אַריינפיהרען אין אַ מדבר, אַבי אַרויס פון גלות.

זעהט איהר, אונזערע פיהרער פיהרען אַנדערש. זינט די „יו־ען" האָט אונז באַוויליגט אַ ווינקעלע אין ארץ ישראל, איז אַנשטאַט אַריינצופיהרען כאָטש אַ הונדערט טויזענט אידען אַ יאָהר קיין ישראל, זיינען אונזערע פיה־רער גאָר פאַרנומען מיט אינערליכע צוויסטיגקייטען, צי זאָל די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע זיין אין ניו יאָרק צי אין ירושלים, און נאָך אַזעלכע „וויכטיגע" זאַכען.

אַ וויין סוחר האָט אַמאָל געשיקט אַ בעל־עגלה אין אַ צווייטער שטאָדט ער זאָל ברענגען עטליכע פעסער וויין. אויף דעם וועג איז אַרויס דער שטאָפער פון אַ פאַס. דער וויין איז אויסגערינען און דער בעל עגלה האָט עס ניט באַ־מערקט. אַזוי ווי דער סוחר האָט איהם געוואָלט אָפרעכענען פאַר דעם פאַס וויין, זיינען זיי געגאַנגען צום רב. דער סוחר טענה'ט אַז ער ווערט אָן אַ פאַס וויין, און דער בעל עגלה טענה'ט, וואָס איז ער שולדיג, אַז דער שטאָפער

איז אַרויס? זיצט דער רב און טראַכט און טראַכט, און פּלוצים גיט ער זיך אַ הויב אויף און הויבט אָן מיט דעם גמרא ניגון: „לאָמיר נאָר קלערן, וואו האָט געקענט אַהינקומען דער שטאָפּער?" דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ פאַס ווייַן, און דעם רב ליגט אין זינען דער קאָרק! משה רבינו האָט אין זינען געהאַט דעם ווייַן, אַרויסראַטעווען די אידען, און מיר האָבען אין זינען דעם קאָרק!

און מיר ווייסען דאָך אַז ווען עס קומען זיך צונויף צוויי אידען, זיינען דאָ דריי מיינונגען, וועט מסתמא זיין לעבעדיג אויף דער אידישער גאַס. איינער וועט וועלען אַ מלך, דער אַנדערער אַ דעמאָקראַטיע, דער דריטער אַ סאָציאַליסטישע רעגירונג, און אַזוי ווייטער. און הלואי זאָל איך ניט טרעפען — איך האָב מורא, אַז צווישען דער קימפּעטאָרין און דער אַם וועט חלילה דאָס קינד צעדריקט ווערען, נעמליך, ווער קען ליידען דערפון? ישראל.

נאַפּאָלעאָן האָט אַמאָל געזאָגט, אַז צו פיהרען מלחמה דאַרף מען האָבען דריי זאַכען: געלט, געלט און געלט. און צו בויען אַ לאַנד דאַרף מען האָבען זעקס מאָל געלט. דאָס איז דאָס איינציגע, וואָס מיר מוזען איצט האָבען אין זינען: געלט אויף אַרויסצוראַטעווען דעם שארית הפליטה און געלט פאַר בנין הארץ, צו בויען אונזער לאַנד. דאָס איבעריגע וועלען שוין די צייט און די אומשטענדען שאַפען. די דעמאָנסטראַציעס, באַנקעטען זיינען קיין שמעק טאַבאַק ניט ווערט.

דאָס דערמאָנט אונז אין פאָלגענדעם דין תורה: ווי אונזערע חכמים ז"ל זאָגען, שטעהט די וועלט אויף דריי זאַכען, אויף תורה, עבודה און גמילות חסדים. איז די תורה געקומען פאַר דעם בורא עולם און האָט גע'טענה'ט: „האַר פון דער וועלט, דו האָסט מיך באַשטימט, אַז איך זאָל אונטערשפּאַרען אַ דריטעל פון דער וועלט, איז וואָס זשע זאָל איך טהון, אַז דו האָסט מיך גע־געבען צו מענשען, און זיי לערנען ניט?" ענטפערט איהר דער אַלמעכטיגער: „די לאַגע איז ניט אַזוי שלעכט ווי דו מיינסט, קאַרג רבנים זיצען און לערנען תורה?"

איז געקומען עבודה (דינען דעם אויבערשטען, דאַווענען) און גע־טענה'ט: „באַשעפער פון דער וועלט, מיך האָסטו באַשטימט אונטערצושפּאַרען אַ דריטעל פון דער וועלט, וואָס זשע קאָן איך טהון, אַז דער עולם דאַווענט ניט?" און דער וועלט באַשעפער האָט איהר געענטפערט: „דיין לאַגע איז נאָך ניט אַזוי קריטיש, וויניג חזנים דאַווענען?"

איז געקומען גמילות חסד מיט דער זעלבער טענה: „ווי קען איך טראָגען אויף זיך אַ דריטעל וועלט, אַז דער עולם טהוט ניט קיין גמילות חסד, גיט ניט קיין צדקה?" און דער אויבערשטער האָט געענטפערט: „מיין קינד, כאַפּ זיך אַריין אין אָרטאָדאָקסישע שוהלען, וועסטו זעהן ווי מיינע אידע־לעך טהוען יאָ גמילות חסדים. דו וועסט זעהן ווי איינער טראָגט אונטער דעם אַנדערען דאָס פושקעלע טאַבאַק, ער זאָל נעמען אַ שמעק טאַבאַק". רופט זיך אָן גמילות חסד: „תורה און עבודה האָסטו איבערגעגעבען צו רבנים און חזנים, אָבער מיך האָסטו איבערגעגעבען צו אַ „שמעק טאַבאַק!" „זאָרג ניט מיין קינד", ענטפערט דער אַלמעכטיגער, „גלויב מיר, אַז ליידער איז דאָס לערנען און דאַווענען פון מאַנכע רבנים און חזנים אפילו קיין שמעק טאַבאַק אויך ניט ווערט." יאָ, די זאָרג פון יענע, וואָס זאָרגען זיך וועגען וואו די ציר־

ניסטישע אָרגאַניזאַציע דאַרף זיין, איז ניט ווערט קיין שמעק טאַבאַק. די וואָס מיינען בנין הארץ מיט אַן ערנסט, אויף אַן אמת, דאַרפען אין זינען האָבען איין זאַך: געבען געלט און העלפען שאַפען געלט, און בויען אַ ציוויליזירט לאַנד, ערציהען אַ דור אויף תורה און מעשים טובים.

מיר דוכט זיך אַז קיינמאָל האָט ביי אונז אידען ניט געהערשט אַזאַ גרויסע עם הארצות, קיינמאָל איז די צאָהל אידען, וואָס ווייסען גאָרניט, אָדער כמעט גאָרניט, פון אידישקייט, ניט געווען אַזוי גרויס ווי איצט, בעונו־תינו הרבים. נאָך מעהר, אַמאָל האָט אַ איד זיך כאָטש געשעהמט מיט זיין אומוויסענהייט. היינט, און באַזונדערס ביי דעם יונגען דור, איז עס נאָך גאָר אַ שטאָלץ. איהר האָט שוין אַמאָל געהערט, אַז אַ גוי זאָל זיך שעהמען מיט דער שפראַך פון זיין פאָלק? אָבער אונזער יונגער דור! אוי, שעהמען זיי זיך! און פון אַריינקוקען אין אַ ספר איז דאָך שוין אָפּגערעדט.

נאָך ערגער איז עס מיט די פּרומאַקעס, איך מיין, מיט די עם הארצות׳־דיגע פּרומאַקעס. אָט דעם אומוויסענדען סאָרט פּרומאַקעס האָבען אפילו אונזערע גדולים ניט געקענט פאַרטראָגען און פלעגען זיך וויצלען איבער זיי. אַזוי, למשל, ווייסען מיר, אַז ר׳ יאָשע בער ז״ל פלעגט ניט האַלטען פון דעם קלאַס פרומע. ער האָט אַמאָל געזעהן ווי אַ איד האָט זיך געוואַשען צום עסען און אויסגעגאָסען צוויי קוואָרט וואַסער, האָט ער מיט אַ שמייכעל אַ זאָג געטהון: „אַ רחמנות נעבעך אויף דעם אידען, זיין גאַנץ יראת שמים גיסט ער אויס אין דער פּאַמאַיניצע״.

פרומקייט ביי אידען איז טאַקע אַ גרויסע זאַך, אָבער דער עיקר איז לערנען. מוזען מיר האָבען אין זינען אַז אונזער לעבען אין ישראל זאָל זיין אויף אַ באַזיס פון תורה און חכמה. די גמרא אַליין זאָגט, אַז אפילו אַ ממזר, אַבי ער איז אַ תלמיד חכם, שטעהט ער העכער אפילו פון אַ כהן גדול, וואָס איז אַן עם הארץ. ווי אונזערע גדולים האָבען געקוקט אויף אומוויסענדע פרומקייט קען מען אַמבעסטען זעהן פון פאָלגענדען:

צו רבי ישראל ריזשינער ז״ל איז אַמאָל געקומען אַ יונגערמאַן נאָך סמיכה. דער רבי איז גראָד געשטאַנען ביי דעם פענצטער און האָט אַרויסגע־קוקט אין הויף אַריין, וואָס איז געווען באַדעקט מיט שניי. שטעהט דער יונגער־מאַן נעבען איהם און האַלט איהם אין איין דערצעהלען וואָס פאַר אַ צדיק ער איז, ווי פרום ער איז, אַז ער פּראָוועט סיגופים; ער געהט אָנגעטהון בלויז אין ווייסען; ער איז מקיים די ווערטער „בכל עת יהיו בגדיך לבנים״ (דיינע קליי־דער זאָלען שטענדיג זיין ווייס). חוץ וואַסער קומט קיין שום משקה ניט אין זיין מויל אַריין; זיינע שיך זיינען פול מיט טשוועקעס, כדי ער זאָל ליידען יסורים; יעדען טאָג אין ווינטער אין די גרעסטע פרעסט פּראָוועט ער „גלגול שלג״ (קאַטשעט זיך אין שניי), און מלקות לאָזט ער זיך שלאָגען יעדען טאָג. און בעת דער יונגערמאַן האָט זיך געהאַלטען אַזוי אין רעדען, איז אַרויס־געגאַנגען אַ ווייס פערד אויף דעם הויף, צוגעגאַנגען צום ברונעם און זיך אָנגעטרונקען, און דערנאָך זיך אויסגעקאַטשעט אין שניי. רופט זיך אָן דער ריזשינער צום יונגען מאַן: „זעהסטו, אָט דאָס באַשעפעניש געהט אויך אין ווייסען, טרינקט אויך נאָר וואַסער, האָט אויך טשוועקעס אין די שיך, פּראַ־

וועט „גלגול שלג״, קריגט יעדען טאָג מלקות פון דעם בעל־הבית, און נאָך אַלעמען איז עס פאַרט אַ פערד״.

די צרה מיט דעם עם הארצות איז, וואָס עס פיהרט דערצו וואָס אַ האַרבע מצוה, למשל, ווערט באַטראַכט פאַר לייכט, און אַ לייכטע מצוה פאַר האַרב. אָט, צום ביישפּיל, זיינען פאַראַן מענשען וואָס זיינען שטאַרק מקפּיד אויף דער יאַרמעלקע, און אויף ציצית ניט, בעת מצד הדין וואָלט ליבער געווען צו זיצען אַ גאַנצע שעה אָהן אַ יאַרמעלקע איידער איין מינוט אָהן ציצית.

אָבער אַזוי ווי אין דער היינטיגער סדרה זיינען דאָך די אידען אַרויס פון מצרים, און מיר אַליין האָבען דאָך אויך דערלעבט די אתחלתא דגאולה, איז מיר אַביסעל פרעהליך אויף דער נשמה און עס איז שוין צייט, אַז אידען זאָלען זיין פרעהליך, ווילען מיר, אָנשטאָט צו רעדען האַרבע דיבורים, מוסר רייד, אילוסטרירען אונזער באַהויפּטונג מיט צוויי אינטערעסאַנטע עפּיזאָדען:

א) צו ר׳ חיים בריסקער ז״ל זיינען אַמאָל געקומען עטליכע פּשוט׳ע אידען מיט אַ שאלה. אַ בריסקער גנב מאַכט אַ שמחה צו וועלכער זיי מוזען געהן, איז מעג מען ביי איהם עסען צי ניט. האָט ר׳ חיים זיי געהייסען וואַר־טען, געשיקט נאָך דעם גנב, זיך פאַרמאַכט מיט איהם אין אַ באַזונדער חדר, און צו איהם געזאָגט: „איך וויל דיך עפּעס פרעגען, אָבער דו זאָלסט מיר זאָגען דעם אמת. דו ווייסט דאָך, אַז מיר מעגסטו פאַרטרויען, און דו האָסט ניט וואָס מורא צו האָבען״. און דער גנב האָט געענטפערט: „רבי, איך שווער אייך, אַז איך וועל אייך זאָגען דעם אמת״.

און רבי חיים הויבט אָן: „זאָג מיר, איך בעט דיך, ווי איז עס אַ שטיי־גער אַז עס קומט אויס צו געהן גנב׳ענען אום שבת?" „נו, געהט מען", ענטפערט דער גנב.

„נו, אַז מען דאַרף אָנצינדען פייער?"

„צינדט מען אָן".

„און אַז מען דאַרף ברעכען שלעסער?"

„נו, ברעכט מען".

„און אַז עס קומט אויס צו גנב׳ענען ביי אַ גוי?"

„גנב׳עט מען. גוי׳איש געלט איז דען קיין געלט ניט!"

„און ווי באַלד אַ שטייגער איהר געפינט ביי דעם גוי אַ זייטעל טריפה פלייש, אָדער חזיר?"

„נעמט מען עס מיט".

„וואָס זשע טהוט מען דערמיט?"

„וואָס הייסט וואָס מען טהוט? מען פאַרקויפט עס צו אַ גוי".

„פאַרוואָס עסט דו עס ניט אַליין?"

„וואָס הייסט איך וועל עס אַליין עסען? עס איז דאָך טריפה!"

„נו", זאָגט רבי חיים, „גנב׳ענען מעג מען דען יאָ? אָנצינדען פייער אום שבת, ברעכען שלעסער מעג מען דען יאָ? איז דען טריפה אַ גרעסערע עבירה?"

„זאָלט איהר געזונט זיין, רבי, איהר זאָלט זאָגען אַזאַ זאַך? ווי קענט איהר פאַרגלייכען איינס מיט דעם אַנדערען? גנב׳ענען איז דאָך מיין פּרנסה, איז וואָס זשע זאָל איך טהון אַז עס קומט אויס אום שבת? אָבער עסען

טריפה? רחמנא לצלן! זאָל דער אויבערשטער היטען, איך בין דען חלילה ניט קיין איד!"

ב) אַ רב, אַרומפאָהרענדיג נאָך מעות חטים, איז אין אַ דאָרף פאַר־פאָהרען צום אַרענדאַר. „חייקעל", זאָגט דער רב צום אַרענדאַר, „ווי קומט עס וואָס מען זעהט דיך ניט מעהר ביי מיר? אַמאָל פלעגסטו קומען פרעגען אַ שאלה, מאַכט זיך שוין היינט ביי דיר ניט שאלות?" און דער אַרענדאַר ענטפערט איהם:

„רבי, אויך היינט מאַכען זיך ביי מיר שאלות, נאָר אַזוי ווי איך האָב געגומען אַן אײדעם אַ למדן, איז אַז עס מאַכט זיך אַ גרינגע שאלה, פסק'ענט ער, און מיט אַ גרויסע שאלה פאָהר איך צום רב קיין ל., ווייל עס איז מיר נעהנטער".

„נו, און וואָס אַ שטייגער הייסט ביי דיין אײדעם אַ גרינגע שאלה, און וואָס הייסט אַ שווערע?" און דער אַרענדאַר ענטפערט:

„אַנומעלט איז אַ גוי אַריינגעגאַנגען צו מיר אין קיך, און האָט אַריינגע־וואָרפען אַ שטיק חזיר אין טאָפּ יוך אַריין. האָב איך תיכף געפרעגט מיין אײדעם, האָט ער געענטפערט, אַז עס איז כשר, ווייל „טעות גוי מותר" — ווי באַלד אַ גוי מאַכט אַ טעות, איז מעג מען". [אגב, דער אויסדרוק „טעות גוי מותר" געפינט זיך ניט אין דער גאַנצער תלמודישער ליטעראַטור].

„נו, חייקעל, וואָס אַ שטייגער הייסט ביי איהם אַ שווערע שאלה?"

„אַ שווערע שאלה האָט זיך ביי מיר געטראָפען אין די „ניין טעג". מיין פרוי האָט אין די „ניין טעג", ווען מען טאָר ניט עסען קיין פלייש, צו־געגרייט דאָס איבערבעט מיט אַ נאָדעל מיט וועלכער זי פאַרנייט פרייטאָג די העלזלעך. האָב איך געפרעגט מיין אײדעם, צי מעג מען זיך צודעקען מיט דעם איבערבעט, האָט ער געענטפערט ,אַז אַזאַ שווערע שאלה קען ער זיך ניט אונטערנעמען צו פסק'ענען, נאָר איך מוז פאָהרען צום רב".

אָט, צו אַזעלכע אַבסורדען פיהרט אומוויסענהייט. און אונזער גמרא האָט שוין באַמערקט „אין פורענית באה לעולם אלא בשביל עמי הארץ" — די גראָבע יונגען זיינען שולדיג אין אַלע אומגליקען וואָס קומען אויף דער וועלט. ליכט, גייסטיג ליכט, איז דער אמת'ער וועגווייזער פון דעם לעבען. פינסטערניש, אומוויסענהייט איז דער פרוזדור, דער קאָרידאָר, צו אַ גייסטיגען טויט. און גערעכט איז טאַקע געווען ר' משה בן עזרא ז"ל, וואָס האָט געזאָגט: „ווילסטו ניט טראָגען דעם ליכטיגען יאָך פון לערנען, וועסטו מוזען טראָגען דעם פינסטערען יאָך פון אומוויסענהייט". איז שוין טאַקע גלייכער צו טראָגען דעם ליכטיגען יאָך פון לערנען.

איצט, אַז מיר לעבען איבער די געשיכטע פון דער היינטיגער סדרה, מיט דעם אונטערשיעד וואָס משה האָט געטהון, ער האָט אַרויסגעפיהרט די אידען פון גלות, בעת דאָס אַרויסראַטעווען דעם שארית הפליטה וועט אונז נאָך אָנקומען געגנוג שווער, דאַרפען מיר זיך אָפּלערנען פון אונזער גרויסען פיהרער צוויי זאַכען. ערשטענס, דאַרף מען זיך נעמען צו דער אַרבייט. יעדער איינער זאָל ביישטייערען מעהר וויפיעל ער קען, צו העלפען דורכ־פיהרען די הייליגע אַרבייט. און צווייטענס — די תורה.

לאָמיר זיך ניט אָפּנאַרען: פּונקט ווי עס קען ניט זיין קיין תורה אָהן אידען, אַזוי קען דאָס אידישע פאָלק ניט עקזיסטירען אָהן דער תורה. איידער די אידען זיינען אַריינגעגאַנגען קיין ארץ ישראל, האָט משה זיי געגעבען די תורה. ווען עזרא האָט געפיהרט די אידען קיין ארץ ישראל, האָט ער דאָס ערשטע ווידער איינגעפיהרט די תורה. אין משך פון אונזער צוויי טויזענט יאָהריגען גלות איז די תורה געווען אונזער איינציגע פעסטונג. אַ דאַנק דער תורה, אַ דאַנק אונזער אידיש לעבען, האָבען מיר איבערגעטראָגען אַלע צרות און דערלעבט די איצטיגע גאולה. טאָרען מיר ניט „טויטען די גאַנז וואָס לעגט די גאָלדענע אייער״. מוזען מיר האָבען אין זינען, אַז די תורה איז אונזער קאָנסטיטוציע, אונזער מאַנדאַט, און אונזער וועגווייזער, ווייל דער עיקר איז ניט אַ לאַנד פאַר אידען, נאָר אַ אידיש לאַנד.

און אַ אידיש לאַנד מיינט אַ לאַנד וואו מען לערענט תורה, וואו עם הארצות האָט ניט קיין פּלאַץ. וואָרום עם הארצות בכלל און פרומע איגנאָראַנץ בפרט, איז פּשוט אַן אומגליק. פאַר אַ „פרומער מכה״ דאַרף מען זיך שטאַרק היטען. אָט הערט: די סדרה דערצעהלט אונז אַז ווען די מצריים זיינען גע־שלאָגען געוואָרען מיט דער מכה „ארבה״ (היישעריק), האָט פּרעה זיך שטאַרק דערשראָקען, און ער האָט זיך געבעטען ביי משה׳ן „ויסר מעלי רק את המות הזה״, אַז דער אויבערשטער זאָל אָפּטהון פון איהם בלויז דעם דאָזיגען טויט. נו, און די פריהערדיגע זיבען מכות זיינען געווען לייכטער? פאַר וואָס האָט ער עפּעס געציטערט גראַדע פאַר דער מכה „ארבה״? פאַרענטפערט מען דאָס מיט אַ ווערטעל: אויף דעם פּסוק „וינח בכל גבול מצרים״, זאָגט דער בעל הטורים״: דאָ שטעהט „וינח״, און אויף אַן אַנדער אָרט שטעהט „וינח ביום השביעי״ — לערענט עס אונז אַז ער האָט גערוהט שבת. איז דערפון געדרונ־גען אַז דער היישעריק איז שבת ניט געווען טעטיג. און אָט דערפאַר האָט פּרעה געציטערט. אַ מכה וואָס שבת רוהט זי, אַ פרומע מכה, מיט אַזאַ מכה טאָר מען זיך ניט אָנהויבען. אַ פרומע מכה איז געפעהרליך. פאַר פרומער עם הארצות דאַרף מען זיך היטען.

# בשלח

דיינטיגער שבת הייסט „שבת שירה״. דער זהר זאָגט „הכל תלוי במזל ואפילו ספר תורה שבהיכל״. אַלע און יעדע זאַך, אפילו אַ ספר תורה, זיינען אָפּהענגיג פון גליק. שפּיעלט איינעם צו דאָס מזל, דאַרף ער אפילו ניט האָבען קיין שכל. „בעסער אַ לויט מזל איידער אַ פונט שטערלינג״. זיינען טאַקע אויך פאַראַן שבתים, וואָס האָבען מעהר מזל פון אַנדערע. אמת, יעדער שבת איז טאַקע פונקט אַזוי הייליג ווי דער אַנדערער, אָבער ניט יעדער שבת האָט אַ ספּעציעלען נאָמען. אָט, למשל, זיינען פאַראַן ביי אונז אידען אַ „שבת שובה״, „שבת חול המועד״, „שבת חנוכה״, „שבת נחמו״, „שבת הגדול״, און נאָך.

מען מוז צוגעבען אַז אַ נאָמען זאָגט זעהר פיעל. דער גרעסטער חכם, שלמה המלך, האָט שוין געזאָגט „טוב שם משמן טוב״ — אַ גוטער נאָמען איז בעסער פון גוטען בוימעל. און ווי זאָגט דאָס ווערטעל „אַ שם טוב איז בעסער פון אַן אבן טוב (ה)״ — אַ גוטער נאָמען איז בעסער פון אַ גוטען שטיין. האָבען מיר איצט צו אַלע אונזערע פעקלעך נאָך אַ פעקעל — אַ פעקעל וועגען אַ נאָמען. די גויים האָבען אין זייער גרויסמוטיגקייט אונז באַוויליגט אַ ווינ־קעלע אין ארץ ישראל. האָבען אידען זיך געבראָכען די מוחות וואָס פאַר אַ נאָמען מען זאָל געבען דאָס ניי־געבוירענע קינד.

דערמאָנט עס מיך, אגב, אין פאָלגענדער מעשה שהיה: אַ פּאָר פאָלק האָט חתונה געהאַט, און ווי עס פיהרט זיך ביי לייטען, האָט די פרוי געבוירען אַ אינגעלע. האָט די פרוי געוואָלט אַז מען זאָל עס אַ נאָמען געבען נאָך איהר זיידען, און דער מאַן האָט געוואָלט אַז מען זאָל עס אַ נאָמען געבען נאָך זיין זיידען. איז באַשלאָסען געוואָרען אַז מען זאָל זיך פאַרלאָזען אויף אַ רב, וואָס ער וועט זאָגען אַזוי וועט בלייבען. האָט דער רב געפרעגט דעם יונגען טאַטען „ווי האָט געהייסען אייער זיידע?״ און ער האָט געענטפערט „פייוועל״. „און ווי האָט געהייסען אייער זיידע?״ האָט ער געפרעגט די יונגע מוטער, און זי האָט געענטפערט „פייוועל״. האָט דער רב געזאָגט „איז וואָס זשע שפּאַרט איהר זיך? גיט איהם אַ נאָמען „פייוועל״ וועט דאָס דאָך זיין נאָך ביידע זיידעס״. טענה׳ט אָבער דער טאַטע: „פון וואַנען וועל איך וויסען אַז עס איז נאָך מיין זיידען?״ און די מוטער טענה׳ט פון וואַנען וועט זי וויסען אַז עס איז נאָך איהר זיידען. איז דער רב געפאַלען אויף אַן המצאה און ער האָט געפרעגט דעם טאַטען: „וואָס איז געווען אייער זיידע?״ און ער ענטפערט, אַז זיין זיידע איז געווען אַ גרויסער למדן, און אַ ירא שמים. „און וואָס איז געווען אייער זיידע?״ פרעגט ער די מוטער, און זי ענטפערט, אַביסעלע פאַר־שעהמט, אַז איהר זיידע איז ניט געווען אַזאַ אַי, אַי, אַי. רופט זיך אָן דער רב: „איהר גיט דעם קינד אַ נאָמען „פייוועל״, איז וועט ער אויסוואַקסען אַ למדן און אַן עהרליכער איד, הייסט ער נאָך דעם פאָטער׳ס זיידע, אלא טאָמער,

וועט ער זיין ניט אַזאַ אַי, אַי, אַי, וועט ער הייסען נאָך דער מוטער׳ס זיידע״.

אַ נאָמען איז גאָר אַ גרויסע זאַך. אָבער מיר מוזען אין זינען האָבען, אַז ניט דער נאָמען מאַכט דעם מענשען, נאָר דער מענש מאַכט דעם נאָמען. נעמט, למשל, די נעמען אברהם, יצחק, יעקב, משה, ישעיה, רבי עקיבא, זיינען דען די מענשען באַריהמט ווייל זיי האָבען אַזוי געהייסען? פאַרקערט, די נעמען זיינען באַריהמט, ווייל די מענשען וואָס האָבען אַזוי געהייסען, זיינען געוועזען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבען געמאַכט די נעמען באַריהמט. אַ סימן האָט איהר וויפיעל אברהם׳ס, און עקיבא׳ס, זיינען פאַראַן אין אונזער אייגענעם דור און זיי זיינען ניט באַריהמט? פשוט דערפאַר, ווייל די מענשען וואָס טראָגען די נעמען, זיינען פשוט׳ע מענשען.

אָט, צום ביישפּיל, זיינען פאַראַן מענשען, וואָס הייסען איין נאָמען, און באַריהמט האָט זיי גאָר געמאַכט אַן אַנדער נאָמען. דער „נודע ביהודה״, „חתם סופר״, „חפץ חיים״, האָבען גאָר געהייסען יחזקאל, משה און ישראל מאיר ז״ל. באַריהמט האָבען זיי גאָר געמאַכט די נעמען „נודע ביהודה״, און אַזוי ווייטער.

מיט לענדער איז אויך אַזוי. עס ווענדעט זיך וואָס מען מאַכט פון דעם לאַנד. ווען אַמעריקע, למשל, זאָל הייסען שניפּישאַק, וואָלט עס געוועזען פּונקט אַזאַ באַריהמט לאַנד ווי איצט, ווען עס הייסט אַמעריקע. דאָס זעלבע איז מיט ארץ ישראל. עס ווענדעט זיך וואָס אונזערע אידעלעך וועלען מאַכען פון דעם לאַנד. וועלען אַלע אידען זיך אַ נעם טהון אויפבויען דאָס לאַנד ווי עס פּאַסט פאַר אַ פאָלק, וואָס האָט אין פאַרלויף פון צוויי טויזענט יאָהר געהאַלטען אין איין העלפען אויפבויען פרעמדע לענדער, וועט אונזער לאַנד זיין באַריהמט אפילו ווען עס זאָל הייסען איישישאָק. און אויב חלילה ניט, וועט דער נאָמען „ישראל״ גאָר ניט העלפען.

עס איז אָבער אינטערעסאַנט צו באַמערקען, אַז דער אויבערשטער אַליין און די אבות אברהם, יצחק און יעקב רופען דאָס לאַנד „ארץ כנען״. יוסף רופט עס „ארץ העברים״. עס ווערט אויך אָנגערופען „ציון״, „יהודה״, „ארץ ישראל״, „פלשת״, „ארץ האמורי״, „ארץ״. אין מדרש הייסט עס אפילו „פלסתיני״. אָבער דאָס פאָלק רופט עס „ארץ ישראל״. לויט מיין אָרימען פערשטאַנד, וואָלט עס בעדאַרפט הייסען אָפיציעל „ארץ ישראל״. נאָר אַזוי ווי מיר לעבען דאָך אין אַ צייט פון געיאָגעניש, פון איילעניש, מען זוכט דאָך אַלץ „טו סייוו טאַים״ — שפּאָרען צייט, וואָלט מען עס געוועזען באַדאַרפט רופען „ציון״. עס איז קורץ און שאַרף, עס איז תנ״ך׳יש, און די גוים וואָלטען זיך ניט צעבראָכען די ציין, ווייל „זייאָן״ איז אַ לייכט וואָרט. אָבער „ישראל״ איז אויך גוט.

דער עיקר, אָבער, איז, אַז מיר זאָלען זיך ניט נאָר ניט שעהמען מיט אונזער לאַנד, נאָר מיר זאָלען זיין שטאָלץ דערמיט. הערט און שטוינט. ווי באַוואוסט איז יוסף געשטאָרבען און באַערדיגט געוואָרען אין מצרים. און ווען משה האָט אַרויסגעפיהרט די אידען פון מצרים, דערצעהלט אונז די הייני־טיגע סדרה, אַז „ויקח משה את עצמות יוסף עמו״, משה האָט מיטגענומען יוסף׳ס ביינער זיי מקבר צו זיין אין ארץ ישראל. עס איז איהם ניט אָנגע־קומען אַזוי לייכט, ווייל ער האָט ניט געוואוסט וואו זיי האָבען גערוהט. נאָר

סרח, אשר׳ס טאָכטער, איז געווען די איינציגע, וואָס איז געבליבען פון יענעם דור, האָט זי דערצעהלט משה׳ן אַז די מצריים האָבען יוסף׳ן אריינגעלייגט אין אַ מעטאַלענעם ארון, איהם אַראָפּגעלאָזט אין טייך נילוס, בכדי דאָס וואַסער זאָל זיך מעהרען. איז משה אַהין אַוועק און האָט אויסגעשריען: יוסף, יוסף, די שכינה און די אידען וואַרטען אויף דיר! די צייט איז שוין געקומען! ווייז זיך אַרויס!" איז דער ארון אַרויפגעשוואומען, און מען האָט איהם מיטגענומען קיין ארץ ישראל.

איז דאָך אין פלוג די קשיא: יוסף האָט זוכה געווען, אַז זיינע ביינער זאָלען באַערדיגט ווערען אין דעם אידישען לאַנד. דאַגעגען משה רבינו, דער באַפרייער פון דעם אידישען פאָלק, דער געבער פון דער תורה, משה וואָס האָט גערעדט מיט כביכול פונקט ווי מען רעדט מיט אַ מענשען, ער האָט ניט נאָר ניט זוכה געווען אַריינצוגעהן קיין ארץ ישראל, נאָר אפילו זיינע ביינער זיינען ניט באַערדיגט געוואָרען אין דעם אידישען לאַנד! אָבער דער מדרש גיט אונז אַן אינטערעסאַנטען טעם. יוסף הצדיק האָט זוכה געווען באַערדיגט צו ווערען אין אונזער לאַנד, ווייל ער האָט זיך ניט געשעהמט מיט זיין לאַנד. זיצענדיג אין תפיסה אין מצרים, האָט מען איהם געפרעגט פון וואַנען ער איז, האָט ער זיך ניט געשעהמט און אָפען געזאָגט, אַז ער איז „מארץ העברים" — פון דעם אידישען לאַנד. אָבער משה, ווען יתרו׳ס טעכטער האָבען דערצעהלט זייער פאָטער אַז „איש מצרי הצילנו" — אַ מאַן פון מצרים האָט אונז געראַטעוועט, האָט ער געשוויגען און גאָר ניט געזאָגט. דערפאַר האָט ער ניט זוכה געווען באַערדיגט צו ווערען אין אונזער לאַנד.

לעבען מיר,ליידער, אין אַ צייט, וואָס ניט נאָר שעהמען זיך פיעלע פון אחינו בני ישראל מיט אונזער לאַנד, נאָר זיי שעהמען זיך אפילו מיט אונזער יחוס, מיט שטאַמען פון אידען. דער דובנער מגיד ז״ל, פאַרגלייכט עס מיט אַ שעהנעם משל: אַ מלך איז אַמאָל אין כעס געוואָרען אויף זיין זוהן, האָט ער איהם אַרויסגעטריבען. האָט דער פּרינץ אַרומגעוואַנדערט ביז ער איז ענדליך אָנגעקומען אין אַ דאָרף און געבעטען אַ פּויער אַז ער זאָל איהם לאָזען איבערנעכטיגען. דער פּויער האָט רחמנות געקריגען אויף דעם צאַרטען אינגעל, און ער האָט איהם צוגענומען אַלס אַרבייטער פאַר עסען, טרינקען און שלאָפען. דער פּרינץ האָט זיך ביסלעכווייז צוגעוואוינט צו דעם פּויערשען לעבען, און מיט דער צייט האָט ער אינגאַנצען פאַרגעסען, אַז ער איז אַ בן מלך.

אַזוי לאַנג ווי דער פּויער האָט געלעבט, האָט דער פּרינץ געאַרבייט ניט שווער, און עסען האָט איהם ניט געפעהלט. אָבער נאָכדעם ווי דער פּויער איז געשטאָרבען, און זיין זוהן, אַ רשע, איז געוואָרען בעל הבית, האָט ער געצוואונגען דעם פּרינץ צו אַרבייטען איבער די כוחות, און עסען האָט ער איהם געגעבען קנאַפּ. איז דעם פּרינץ געוואָרען אַזוי שלעכט, אַז ער האָט אויף זיך געבעטען דעם טויט.

אינצווישען האָט דער קעניג פאַרגעסען זיין כעס, און ער האָט זיך פאַרבענקט נאָך זיין קינד. וואָס אַ טאָג איז ער געוואָרען אַלץ טרויעריגער. האָט דער מלך גענומען זיין סוויטע, און איז אַרומגעפאָהרען איבער דער גאַנצער מדינה, און ער האָט געלאָזט וויסען, אַז ווער עס האָט עפּעס אַ קריוו־

דע, זאָל קומען צו איהם. זיינען פיעלע מענשען געקומען, און צווישען זיי דער פּרינץ. דער בן מלך וואָס האָט שוין געהאַט פאַרגעסען ווער ער איז, האָט ניט דערקענט דעם פאָטער. האָט ער מיט טרעהרען אין די אויגען דער־צעהלט ווי זיין בעל הבית פאַרשקלאַפּט איהם, און עסען גיט ער איהם ווייניג, ער הונגערט ממש. דער קעניג אָבער, וואָס האָט יאָ דערקענט זיין זוהן, האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען. טרעהרען האָבען זיך אָנגעהויבען גיסען פון זיינע אויגען, און ער האָט אויסגעשריען: „מיין זוהן, מיין זוהן! מיין טייער קינד! וועה, וואָס פון דיר איז געוואָרען, ווי אַזוי האָסטו געקענט פאַרגעסען דיין יחוס, דיין שטאָלץ?! ווי אַזוי האָסטו געקענט פאַרגעסען, אַז אויף דיר וואַרט אַ קעניגליכע קרוין? אַז אין דיין היים האָבען זיך צו דיר געבוקט גע־נעראַלען און מיניסטאָרען? ווי אַזוי האָסטו געקאָנט אַראָפּנידערען צו אַזאַ מדרגה, אַז דיין גאַנצער פאַרלאַנג זאָל זיין, אַז דער פויער זאָל דיך אַביסעל ווייניגער פאַרשקלאַפּען און דיר געבען אַ גרעסער שטיקעל ברויט?"

דאָס זעלבע, איז מיט אונז אידען. מיר האָבען שוין אַזוי פאַרגעסען אונזער יחוס, אַז מיר זיינען די אייניקלעך פון אברהם, יצחק און יעקב, אַז מיר האָבען געגעבען דער וועלט אַ תורה, אַז מיר זיינען דאָס פאָלק פון די נביאים. און אַלץ וואָס מיר פאַרלאַנגען, איז בלויז אַביסעל ווייניגער גזירות, אַביסעל ווייניגער פאַרפאָלגונגען און רדיפות, און אַביסעל מעהר פרנסה.

איז דאָס רעכט געווען ביז איצט. מיר זיינען געווען בלויז גלות־אידען, אָהן אַן אייגענעם באָדען אונטער אונזערע פיס, אָהן אַן אייגען לאַנד. אָבער היינטיגען שבת זינגען מיר שירה. די מצרים־אידען זיינען שוין געווען אַ פריי פאָלק, און אויך מיר, אונזער אייגענער דור, האָט זוכה געווען צו דער־לעבען די אתחלתא דגאולה, דעם אָנהויב פון אונזער באַפרייאונג. די אומות העולם האָבען אונז אָנערקענט אַלס אַ פאָלק מיט אַן אייגען לאַנד. מוזען מיר אַראָפּוואַרפען פון אונזער נשמה דעם גלות־מאַנטעל און ניט האָבען אין זינען בלויז ווייניגער רדיפות און מעהר פרנסה, נאָר זיך אַ נעם טהון בויען אונזער פאָלק און אונזער לאַנד.

מיר שטעהען איצט בלויז פאַר דעם אָנהויב, און „כל התחלות קשות" — יעדער אָנהויב איז שוועהר. אָבער אַז מיר וועלען אַרבייטען פאַר דעם אויפבוי פון אונזער לאַנד און פאָלק מיט דעם זעלביגען פלייס ווי מיר האָבען געהאָלפען אויפבויען אַנדערע לענדער און פעלקער, וועלען מיר, מיט דעם אויבערשטענ׳ס הילף, זיכער דערגרייכען אונזער ציעל.

עס איז ניט קיין לייכטע אונטערנעמונג. באַזונדערס שוועהר וועט עס אָנקומען אונזערע פיהרער. אָבער אויך משה רבינו איז עס ניט אָנגע־קומען אַזוי לייכט. אין זיינע צייטען זיינען אויך געווען אַסימילירטע אידען, וואָס האָבען געשטערט. אַט פאַרוואָס, למשל, מיינט איהר, גיט מען „שבת שירה" די פויגעלעך קאַשע? ווייל ווען משה רבינו האָט געזאָגט די אידען, אַז זעקס טעג אין דער וואָך זאָלען זיי קלייבען מן און שבת ניט, ווייל פרייטאָג וועט פאַלען אַ דאָפּעלטע פּאַרציע מן שוין פאַר שבת אויך; האָבען זיינע בי־טערע געגנער דתן און אבירם געוואָלט מאַכען משה׳ן פאַר אַ ליגנער, און האָבען פרייטאָג צו נאַכטס באַשאָטען די פעלדער מיט מן. זיינען אָבער גע־קומען די פויגעלעך און איהם אויפגעגעסען. איז, ווי מיר זעהען, האָט משה

אויך געהאַט געגנער, אָבער „אין לך דבר העומד בפני הרצון" — קיין זאַך קען ניט שטעהן געגען דעם מענשענ'ס ווילען. אַז מען וויל, זעצט מען עס דורך.

איז, פאַרשטעהט זיך, וואָס אנבאַלאַנגט אונז פשוט'ע אידען, וועט יעדער איינער פון אונז טהון זיין פליכט און ביישטייערען נאָך מעהר ווי זיינע פאַרדינסטען דערלויבען איהם. עס וועלען זיך אויך געפינען רייכע אידען, וואָס וועלען זיך גוט אָפּרופען. אָבער וואָס טהוט מען מיט אונזערע גבירים, וועלכע באָדען זיך אין מיליאָנען און האַלטען פאַרשלאָסען דעם טייסטער?

אָי, וועט איהר דאָך פרעגען, פאַרוואָס נעמט עס דער רבונו של עולם ניט אַוועק פון זיי? אַז אויף אַלץ גיבען זיי, אָבער ניט אויף אַ אידישע זאַך! וועלען מיר דאָס פאַרענטפערען מיט אַ מעשה שהיה:

עס איז אַמאָל געווען אַ גרויסער עושר, אָבער ער איז געווען אַ גרויסער קמצן, די קאַרגשאַפט אַליין. דאָס גרעסטע, וואָס זיין האַרץ האָט איהם ערלויבט צו געבען, איז געווען אַ האַלבען רובעל. איז געקומען דער ליבער „פעטער פסח", מען האָט בעדאַרפט „מעות חטין". אָרימע לייט, ווי דער שטייגער איז, זיינען ברוך השם געווען גענוג, און געלט ווייניג. האָט די אסיפה באַשלאָסען צו בעטען דעם רב ר' שלמה'לע חריף ז"ל, אַז ער אַליין זאָל זיך מטריח זיין צום גביר, אפשר וועט ער פאַרט ביי איהם פועל'ן.

נו, וועגען אַזאַ דבר מצוה, אַז אָרימעלייט זאָלען האָבען מצות אויף פסח, האָט ר' שלמה'לע פאַרבויגען זיין כבוד און איז געגאַנגען צום גביר. אָבער דער גביר, אַ איד אַ תקיף, עפּעס אַ קליינינקייט, ער האָט דאָך געלט, האָט זיך געהאַלטען ביי זיין מנהג און געגעבען דעם רב אַ „גאַנצען האַלבען רובעל". האָט עס דעם רב, פאַרשטעהט זיך, שטאַרק פאַרדראָסען, און ער האָט אַ זאָג געטהון צום גביר: „איהר ווייסט, אַז אייער גאַנץ פאַרמעגען איז ניט אייערס, נאָר כביכול'ס, און ער האָט אייך בלויז באַשטימט, אַז איהר זאָלט זיין זיין קאַסירער, זיין „טרעזשורער"?

„איהר זענט גערעכט", האָט דער גביר געענטפערט, „אָבער אַזוי ווי דער באַשעפער פון דער וועלט האָט מיר פאַרטרויעט זיין געלט, איז דאָך אַ סימן, אַז ער האַלט, אַז איך וועל אויף דעם גוט אַכטונג געבען און עס ניט גלאַט פאַרטאַכלעווען אויף אומנויטיגע צוועקען, אַניט וואָלט ער דאָך זיכער עס צוגענומען פון מיר".

„זעהט איהר", ענטפערט דער חריף, „אין דעם זענט איהר זיך אין גאַנצען טועה. דער אויבערשטער וואָלט עס טאַקע צוגענומען פון אייך, אָבער..."

„וואָס אָבער?", פרעגט דער גביר.

„ווען אַזאַ גביר ווי איהר וואָלט פאַרלאָרען אַ גראָשען אין רינשטאָק, וואָלט איהר זיך באַשמוצט אייערע הענט עס אַרויסצונעמען?"

„געוויס ניט", ענטפערט דער גביר, „אָבער וואָס האָט די דאָזיגע פראַגע צו טהון מיט מיר?"

„עס האָט שוין גאָר מיט אייך צו טהון", ענטפערט דער רב, „אייער גאַנצער מאַיאָנטעק, אייער גאַנץ פאַרמעגען איז ביי דעם אויבערשטען, וואָס האָט געזאָגט „לי הכסף ולי הזהב" (דאָס גאַנצע זילבער און גאָלד איז מיינס)

ניט מעהר ווי אַ גראָשען, איז אויב ער נעמט עס ניט צו פון אייך, איז פשוט, ווייל ער וויל זיך ניט באַשמוצען די הענט".

עס זיינען פאַראַן ביי אונז אויך גבירים אדירים וואָס האַלטען דעם בייטעל פאַרשלאָסען, ווייל זיי געפעלט ניט די פיהרער. נאָר אַזוי ווי דער היינטיגער שבת איז דאָך „שבת שירה". משה רבינו און די אידען האָבען געזונגען שירה צום אויבערשטען וואָס ער האָט זיי באַפרייט פון דער מצרים־שער קנעכטשאַפט. און אונז דאַרף דאָך אויך זיין פרעהלעך אויף דער נשמה, ווייל אויך אונזער צוויי טויזענט יעהריגער גלות האָט זיך געענדיגט, ווועלען מיר ענדיגען מיט אַ גוט ווערטעל פון נחום סאָקאָלאָוו ע"ה.

אין דער היינטיגער סדרה שטעהט „ולא נ ח ם אלקים דרך ארץ פלשתים". האָט אַמאָל דער באַריהמטער ציוניסטישער פיהרער נ ח ו ם סאָקאָלאָוו געהאַלטען אַ רעדע. אַזוי ווי אַ געוויסער גביר, אַ קאַרגער, האָט ניט געוואָלט געבען קיין געלט אויף גאולת הארץ, האָט ער זיך געזוכט אַן אויסרייד, אַז איהם געפעלען ניט די פיהרער, און ער האָט אויסגעשריען „ולא נחם" — נחום געפעלט איהם ניט פאַר קיין פיהרער. אָבער דער פקח נחום סאָקאָלאָוו, וואָס האָט זיך אויך גוט אויסגעקענט אויף די קליינע אותיות, האָט אויף דעם אָרט צוריק געענטפערט: „דרך ארץ, פלשתים!"

האָפען מיר, אַז אונזערע גבירים וועלען בעסער פאַרשטעהן די ערנסט־קייט פון דעם מאָמענט און העלפען אַרויסראַטעווען די שארית הפליטה און העלפען בויען אונזער הייליג לאַנד נאָך וועלכען מיר לעכצען שוין צוויי טויזענט יאָהר. און אין דעם זכות וועט פון דער אתחלתא דגאולה טאַקע קומען די גאולה שלמה, במהרה בימינו, אמן.

און פאַר וואָס טאַקע האָט דער אויבערשטער ניט געפיהרט די אידען דורך דעם לאַנד פון די פלשתים? „כי קרוב הוא" — ווייל עס איז געווען צו נאָהענט! איז דאָך אדרבה, צו וואָס האָט ער זיי בעדאַרפט אַרומשלעפען פערציג יאָהר אין דער מדבר? ערקלעהרט עס דער מדרש רבה מיט אַ משל: אַ מלך האָט געהאַט אַ זוהן וועמען ער האָט געוואָלט אַוועקשענקען אַ טייל פון זיין פאַרמעגען. האָט ער זיך געטראַכט: אויב ער וועט עס איהם שוין אַוועק־געבען, וועט ער דאָך ניט וויסען ווי אַזוי דערמיט אַרומצוגעהן, ווייל ער איז נאָך געווען יונג, אונערפאַהרען, ניט געבילדעט. איז זאָל ער זיך פריהער אויסבילדען, זיך ערווערבען די נויטיגע קענטעניסען, און ערשט דאַן וועט ער קענען איהם אַנטרויען דעם מאַיאָנטעק. דאָס זעלבע האָט כביכול זיך געטראַכט וועגען די אידען: פריהער מוזען זיי זיך צוגרייטען, און האָבען אַ תורה, און דאַן וועל איך זיי אַריינפיהרען אין לאַנד אַריין.

# יתרו

מיר וועלען היינט אָנהויבען מיט אַ משל, און דעם נמשל דערפון וועלען מיר זעהען שפּעטער.

אַ געוויסער רייכען סוחר האָט עס אָנגעהויבען, ניט פאַר קיין שום מענשען געדאַכט, צו געהן מיט דער פוטער אַראָפּ. עס האָט שוין געהאַלטען דערביי, אַז ער זאָל זיך דערקלעהרען באַנקראָט. עס איז שוין געווען ענדע חודש, און אין אַ טאָג צוויי מוז ער אויסצאָהלען אַלע אָנגעשטעלטע, וועקס־לען, דירה געלט, און פאַרשיעדענע אַנדערע הוצאות, און אין באַנק איז ניטאָ אַ גראָשען. פון גרויס פאַרצווייפלונג איז ער אַרויס אין גאַס. זיך געלאָזט וואו־הין די אויגען האָבען איהם געטראָגען, און ער האָט גערעדט צו זיך אַליין הויך אויף דעם קול: „איך מוז געפונען טויזענט רובל, אַ גראָשען ווייניגער נעם איך ניט". און ער חזר'ט איבער נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל: „איך מוז געפינען טויזענט רובעל, אויב אַ גראָשען ווייניגער נעם איך עס ניט". הינטער איהם זיינען געגאַנגען צוויי פּריצים, און האָבען געהערט זיינע ווערטער, האָבען זיי זיך געוואָלט אַביסעל אַמוזירען. זיי האָבען איהם איבערגעיאָגט, אָפּגעצעהלט ניין הונדערט און ניין און ניינציג רובעל און זיי כלומר'שט פאַרלאָרען, און פון דער וויטענס האָבען זיי געוואַרט צו זעהן וואָס דער סוחר וועט טהון. דער סוחר האָט אויפגעהויבען דאָס געלט, איבערגעצעהלט, און אַ פרעהליכער זיך געלאָזט לויפען. האָבען די פּריצים איהם אָפּגעשטעלט און געפרעגט: „ס'טייטש, דו האָסט דאָך בפירוש געזאָגט, אַז אַ גראָשען ווייניגער פון טויזענט וועסטו ניט נעמען, און דאָ זיינען דאָך פאַראַן בלויז ניין הונדערט און ניין און ניינציג רובעל?" „אמת", ענטפערט דער סוחר, „אָבער איך האָב זיך דערמאָנט אַז איך האָב אין דער היים נאָך אַ רובעל".

ווען די אידען זיינען אַרויס פון מצרים, האָבען זיי אינגאַנצען פאַר־מאָגט איין רובעל, זיי האָבען פאַרמאָגט פרייהייט, און ניט מעהר. צו ווערען אַ פאָלק, אַ ציוויליזירט פאָלק, אַ פאָלק ווי עס פאַסט פאַר דעם אויבערשטענ'ס אויסדערוועהלטע קינדער, אַ פאָלק ווי עס פאַסט פאַר אַ „ממלכת כהנים, וגוי קדוש" — פאַר אַ הייליג פאָלק, האָט זיי נאָך געפעהלט ניין הונדערט און ניין און ניינציג זאַכען.

בעסער פון יעדען איינעם האָט עס פאַרשטאַנען משה רבינו. ער האָט געוואוסט, אַז אויב די אידען וועלען אַריינגעהן קיין ארץ ישראל אָהן אַ תורה, איז די גאַנצע אַרבייט אומזיסט. האָט ער פריהער געגעבען די אידען אַ תורה מיט מצוות, דינים, און אַלץ וואָס אַ פאָלק דאַרף האָבען צו קענען עקזיסטירען אַלס אַ פאָלק.

קודם כל האָט ער געגעבען די אידען די עשרת הדברות, די צעהן גע־באָט. הימעל און ערד האָבען געשטורעמט, ימים און טייכען זיינען אַנטלאָפען. די בערג האָבען זיך אויסגעגליטשט. די בוימער האָבען זיך געבוקט. די מתים

אין די קברים זיינען לעבעדיג געוואָרען, און זיי האָבען זיך געשטעלט אויף זייערע פיס. און אַלע מענשען וואָס דאַרפען געבוירען ווערען אין דער צייט וואָס די וועלט וועט שטעהן, זיינען דאַמאָלסט געשטאַנען ביים באַרג סיני.

און אָט די עשרת הדברות באַשטעהען פון צוויי־ערליי סאָרטען. אַ טייל פון זיי רעגולירען די באַציהונג פון דעם מענש צו דעם באַשעפער, און דער גרעסערער טייל לערענט אונז ווי מענשען דאַרפען לעבען צווישען זיך. און ווי שעהן! ווי מאָראַליש זיינען די דאָזיגע געבאָטען! נעמט, למשל, אַזאַ געבאָט ווי „כבד את אביך ואת אמך״ — דו זאָלסט עהרליך האַלטען טאַטע־מאַמע. וויפיעל מאָראַלישע שעהנקייט פאַרמאָגט אין זיך דאָס דאָזיגע גע־באָט?! אויף אַן אַנדער אָרט לערענט אונז די תורה „איש את אמו ואת אביו תיראו״. אַ מענש דאַרף מורא האָבען פאַר דער מאַמען און פאַר דעם טאַטען. איז דאָך די קשיא: פאַרוואָס ביי „עהרליך״ האַלטען די עלטערען שטעהט פריהער דער טאַטע און דערנאָך די מאַמע, און ביי „מורא״ האָבען, שטעהט פריהער די מאַמע און דערנאָך דער טאַטע? ענטפערען אונזערע חכמים ז״ל: דער שטייגער פון דער וועלט איז, אַז אַ קינד רעספּעקטירט מעהר די מאַמען פון דעם טאַטען, שטעהט דערפאַר דער טאַטע פריהער אונז צו לערנען, אַז מען דאַרף עהרליך האַלטען דעם טאַטען פונקט ווי די מאַמע. אָבער מורא האָבען האָט אַ קינד מעהר פאַר דעם טאַטען ווי פאַר דער מאַמען, שטעהט דערפאַר פריהער די מאַמע אונז צו לערנען, אַז מען דאַרף מורא האָבען פאַר דער מוטער פונקט ווי פאַר דעם פאָטער.

ווילען מיר באַזונדערס אויפמערקזאַם מאַכען אונזער יוגענד, אַז פאָל־גען עלטערען, זיי פרעגען אַן עצה, זיך מיישב זיין מיט זיי, איז פון גאָר גרויסער וויכטיגקייט. מיר דאַרפען ניט פאַרגעסען, אַז די יוגענד איז דער רייכסטער, טייערסטער און שאַצבאַרסטער אוצר, וואָס די מענשהייט פאַר־מאָגט. אָבער ליידער ליגט דער דאָזיגער פרייזלאָזער אוצר גאַנץ אָפט ניט אין די ריכטיגע הענט. ניט יעדער יונגערמאַן, אָדער יונגע פרוי, ווייסט ווי אַזוי זיך אויפצופיהרען מיט אָט דעם גרויסען רייכטום, וואָס הייסט יוגענד.

וועלען מיר זיך אָפּשטעלען אויף דעם פסוק „וישמע משה לקול חותנו״ — און משה האָט געפאָלגט זיין שווער, און לאָמיר זיך אָפּלערנען אַ מוסר השכל פון משה רבינו. ווען יתרו האָט געהערט, אַז משה האָט אַרויסגע־פיהרט די אידען פון מצרים און געפונט זיך אין דער מדבר, איז ער צו איהם געקומען. ווען יתרו האָט געזעהען ווי משה זיצט און משפט דאָס פאָלק, האָט ער איהם געוואָרענט, אַז עס טויג ניט אַזוי, נאָר ער האָט איהם געראַטען ער זאָל אויסקלייבען פיינע, עהרליכע ריכטער, אַז זיי זאָלען איהם העלפען.

האָט דער דאָזיגער משה, וועלכער האָט געקענט באַפרייען אַ פאָלק פון קנעכטשאַפט, שפּאַלטען אַ ים, געבען ברויט, פלייש און וואַסער אין דער ווילדערניש, געבען אַזאַ תורה, געפאָלגט און באַשטימט ריכטער, אַז זיי זאָלען ערליידיגען די גרינגערע פּראָצעסען, און פאַר זיך האָט ער איבערגעלאָזט די שווערע דיני תורה. אָבער, אַז מען פּרובירט היינטיגע צייטען געבען אַ יונגען מענשען אַן עצה, לאַכט ער, אָדער זי, זיך אויס און גיט אייך אַן ענטפער אָפּ: „איהר ווייסט ניט וואָס איהר רעדט, איהר זענט פון דער אַלטער וועלט, איך בין אַ סטודענט, געה אין קאָלעדזש, און קען דאָס און דאָס, און וואָס קענט

איהר?" בקיצור, זיי וועלן איך באַווייזן, אַז "די אייער זיינען קליגער פון די הינער".

דערמאָנט עס מיך אין דעם דובנער מגיד'ס ז"ל אַ משל: אַ מעכטיגער מלך האָט געהאַט אַ בן יחיד, וואָס איז, פאַר קיינעם געדאַכט, געווען אַ גרויסער נאַר. דער קעניג האָט זיך דאָס גענומען צום האַרצען, און דער עיקר האָט איהם פאַרפּאָלגט דער געדאַנק: ווי אַזוי קען ער איבערלאָזען צו אַזאַ נאַר אַזאַ גרויסע מלוכה? האָט ער זיך באַראַטען מיט זיינע מיניסטאָרען, און זיי האָבען איהם אַן עצה געגעבען, אַז ער זאָל דעם זוהן אַוועקשיקען אין אַ געוויסער אוניווערזיטעט, ער זאָל זיך דאָרט אויסבילדען, און דער מלך האָט אַזוי געטהון.

דער קרוינפּרינץ האָט דאָרט פערבראַכט עטליכע יאָהר, און זיך טאַקע ערוואָרבען אַ סך וויסען און גרויסע קענטניס. און נאָכדעם ווי ער האָט מודיע געווען זיין פאָטער, דעם מלך, אַז ער קען שוין אַלצדינג, האָט דער מלך געשיקט אַ דעלעגאַציע פון מיניסטאָרען און גענעראַלען און מען האָט איהם געבראַכט אַהיים. דער קעניג איז געווען איבער גליקליך, האָט ער געמאַכט אַ גרויסאַרטיגען באַנקעט צו וועלכען ער האָט איינגעלאַדען אַלע מיניסטאָרען, גענעראַלען און גלאַט אָנגעזעהענע מענשען. די שמחה איז געווען געוואַלדיג גרויס, און ווען דער גוטער וויין האָט אָנגעהויבען שטייגען אין קאָפּ אַריין און מען איז געוואָרען בגילופין'דיג, האָט זיך איין מיניסטער פאַרגלוסט צו פאַרהערען דעם קרוינפּרינץ, און ער האָט איהם געפרעגט: "נו, וואָס אַ שטייגער האָט דער פּרינץ אַזוינס געלערענט?" און דער קרוינפּרינץ האָט געענטפערט: "אַלגעבראַ, געאָמעטריע", און אַזוי ווייטער. האָט דער מיניסטער אַראָפּגענומען דאָס פינגערעל פון זיין פינגער, עס אַריינגעלייגט אין זיין פויסט, פאַרמאַכט די האַנט, און געזאָגט צום פּרינץ: "אַ נו, טרעף וואָס איך האָב אין מיין האַנט".

האָט דער פּרינץ געענטפערט: "לויט אַלע וויסענשאַפטען, איז דאָס אַ קיילעכדיגע זאַך מיט אַ לעכעל אין מיטען". "ריכטיג", האָט דער מיניסטער געענטפערט, "אָבער מיר וואָלטען וועלען אַז זיין מאַיעסטעט, דער פּרינץ, זאָל אונז זאָגען אַקוראַט וואָס דאָס איז". און דער פּרינץ האָט געענטפערט: "לויט דער וויסענשאַפט קאָן איך ניט מעהר זאָגען ווי דאָס וואָס איך האָב שוין געזאָגט, אָבער לויט מיין שכל קומט מיר אויס, אַז דאָס מוז זיין אַ מיהל־שטיין".

אַלזאָ געבילדעטע זיינען טאַקע אַמאָל די אינגערע מעהר ווי די עלטערע, אָבער ווען עס קומט צו אַ קאָפּעטשקע שכל הישר, דאָס איז שוין אָפּטמאָל אַ יקר המציאות צווישען דעם יונגען דור. און דער חכם, שלמה המלך, האָט שוין געזאָגט: "מים עמקים עצה בלב איש, ואיש תבונה ידלנה" —

אַן עצה פאַר אַ מענשען איז ווי וואַסער פון אַ קוואַל,
אַ פאַרשטענדיגער מענש שעפּט זי ביי יעדען פאַל.

און אויך די חכמים ז"ל האָבען שוין באַמערקט: "שכל מי שנוטל עצה מן הזקנים אינו נכשל" —

ווער עס וועט די עצה פון עלטערע הערען,
דער וועט ניט געשטרויכעלט ווערען.

האלט זיך אָבער דער יונגער דור פאַר גאַנצע חכמים. און ניט נאָר פאָלגען זיי ניט, נאָר זיי ווילצלען זיך אפילו איבער די עלטערע. בפרט נאָך ווען עס קומט צו אידישקייט, זיינען פיעלע פון זיי גאָר גאַנצע חכמים. זעהט איהר, אין דער אַלטער היים איז דער יונגער דור געווען אַנדערש. אפילו יענע, וועלכע האָבען ניט אָפּגעהיט אַלע תרי״ג מצוות, האָבען זיי אָבער געוואוסט וואָס אידישקייט איז. יעדער איינער, פאַרשטעהט זיך, אויף ווי ווייט מען האָט איהם געלערענט, און אויף ווי ווייט זיין מוח האָט געקענט באַגרייפען.

אַט, למשל, האָט אַ חסיד זיך געווענדעט צו רבי נפתלי ראפּשיצער ז״ל, ווען ער איז נאָך געווען גאָר אַ קינד, און צו איהם געזאָגט: „נפתלי׳קעלע, נאַ דיר אַ גילדען און זאָג מיר וואו עס וואוינט דער רבונו של עולם״. האָט דאָס איינגעלע באַלד אויף דעם אָרט איהם געענטפערט: „נאַט אייך צוויי גילדען און זאָגט מיר וואו ער וואוינט ניט״. אָדער, צום ביישפּיל, ווען אַ קאָצקער חסיד האָט די זעלבע פראַגע געשטעלט רבי מענדעלע קאָצקער ז״ל, ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד און איהם געפרעגט: „וואו וואוינט דער רבונו של עולם?״ האָט ער גלייך צוריקגעענטפערט: „ער וואוינט וואו מען לאָזט איהם אַריין״.

דאָס האָט אַזוי געקאָנט זיין אין דער אַלטער היים, און עס איז טאַקע געווען אַזוי פּשוט דערפאַר ווייל אידען האָבען געפיהרט אַ אידיש לעבען. דאָס קינד האָט קיין אַנדער לעבען ניט געקאָנט. דאָס הויז, דאָס בית המדרש, די סביבה, דער חדר, די ישיבה, איבעראַל האָט געהערשט אַן אינטענסיוו אידיש לעבען, און עהרליך האַלטען עלטערען איז דאָך אויך אַ טייל פון אידישקייט, האָט די יוגענד אויך דאָס מקיים געווען.

אָבער היינט, בעוונותינו הרבים, ווען אין פיעלע אידישע הייזער איז אַ ברעקעל אידישקייט ניט בנמצא, כאַפּט זיך די יוגענד אָן אין פרעמדע מנהגים, און זיי געוואוינען זיך צו צו זיי. ווי זאָגט דאָס ווערטעל, „געוואוינ־הייט איז די צווייטע נאַטור״. אַט, למשל, ווי עס האָט פּאַסירט מיט יענעם אַרענדאַר:

אַן אַרענדאַר איז אַמאָל געקומען צום בעלזער רבי׳ן. דער רבי האָט מיט איהם פאַרפיהרט אַ שמועס ציי ער פיהרט זיך אידישלעך, און דער אַרענ־דאַר האָט געענטפערט, אַז שבת קען ער ליידער ניט אָפּהיטען, ווייל די אַר־בייט אין פעלד קען ניט וואַרטען. האָט דער רבי איהם דערלאַנגט אַ פּאָרציע מוסר, און דער אַרענדאַר האָט געענטפערט, אַז ער נעמט אויף זיך אָפּצוהיטען שבת אַ גאַנץ יאָהר אַחוץ שניט־צייט, מחמת די אַרבייט ברענט...

רופט זיך אָן דער רבי ר׳ שלום רוקח ז״ל: „הער, מיין קינד, איך וועל דיר דערצעהלען אַ מעשה: אַ איד האָט געהאַלטען אַן אַרענדאַ ביי אַ פּריץ. איינמאָל האָט דער פּריץ געמאַכט אַ גרויסע סעודה פאַר אַלע פּריצים פון דער געגענד. ווען די וויינען און שנאַפּסען האָבען אָנגעהויבען צו שטייגען אין זייערע קעפּ, האָבען זיי, ווי זייער שטייגער איז געווען, אָנגעהויבען צו רעדען וועגען אידען. יעדער פּריץ האָט זיך באַריהמט, אַז זיין „מאָשקע״ איז דער בעסטער, ניטאָ זיין גלייכען. רופט זיך אָן דער פּריץ, וועלכער האָט געמאַכט די סעודה, אַז אַזאַ „מאָשקע״ ווי ער האָט, איז ניט צו געפינען, און וואָס ער

זאָל איהם ניט זאָגען וועט ער טהון. רופט זיך אָן אַנדער פּריץ, „נו, און אפילו זיך שמד'ן?" און דער פּריץ ענטפערט אַז יאָ, אַז זיין „מאָשקע" וועט זיך אפילו שמד'ן, אויב ער וועט איהם נאָר הייסען.

און תוך כדי דבור, האָט ער געשיקט רופען זיין „מאָשקע", און אין געגענוואַרט פון די פּריצים האָט ער איהם געפרעגט צי ער איז איהם געטריי, און דער איד האָט געענטפערט, אַז ער איז גרייט צו געהן פאַר איהם אין פייער און אין וואַסער. „אויב אַזוי", זאָגט דער פּריץ, „וויל איך, אַז דו זאָלסט אָננעמען אונזער גלויבען".

דער איד איז נעבעך געוואָרען אַ דערציטערטער, אָבער אויס מורא פאַר דעם פּריץ, האָט ער מיט אַ האַלב מויל געענטפערט, אַז דער „וויעל־מאַזשנע פּאַן" וויל אַזוי איז פאַרפאַלען, כאָטש אין האַרצען האָט ער זיך געטראַכט, אַז ער וועט זיך דאָך סאַי ווי פיהרען ווי אַ איד. האָט דער פּריץ איהם אָפּגע'שמד'ט.

אין עטליכע חדשים אַרום האָט דער פּריץ איהם געשיקט רופען, און ער האָט איהם געזאָגט: „איך פאַרשטעה דאָך, מאָשקע, אַז דיין געוויסען פּיי־ניגט דיך, ערלויב איך דיר צוריק צו ווערען אַ איד". אַ גליקליכער איז דער אַרענדאַר געלאָפען אַהיים און דערצעהלט זיין ווייב די פרעהליכע בשורה, אַז דער פּריץ אַליין האָט זיי ערלויבט צו ווערען צוריק אידען. אָבער אָנשטאָט זיך צו פרעהען, האָט זיין ווייב אַ זאָג געטהון: „וועה איז ניט צו מיר, וואָס וועלען מיר איצט טהון? עס געהט דאָך צו פּסח, און אויף פּסח איז דאָך די הוצאה אַזוי גרויס, מען דאַרף מצות, וויין, נייע געפעס און אַזוי ווייטער! לויף אַריבער צום פּריץ און בעט איהם ערלויבעניש אַז מיר זאָלען מעגען בלייבען גוים ביז איבער פּסח".

אָט אַזוי איז עס. צוערשט הויבט מען זיך אָן אַביסעל אָפּגעוואוינען פון אַ אידיש לעבען. אין דער נשמה הויבט אָן ווערען פּוסט, הויבט מען אָן זוכען אַן ערזאַץ, און מען נעמט אָן פרעמדע מנהגים, און דאַן ווערט מען שוין אַזוי צוגעוואוינט, אַז מען בעט זיך ממש ביי די גוים, אַז זיי זאָלען לאָזען זיין גוים.

פאַרשטעהט זיך אַז פיעלע אידען פון דעם סאָרט טהוען דאָס פשוט אויס אומוויסענהייט. זיי וויסען פשוט ניט דעם ווערט און די וויכטיגקייט פון אידישקייט און אידענטום. עס זיינען פאַראַן, ווידער, אַזעלכע, וואָס וויכען אָפּ פון אידישקייט צוליב געלט, ווי למשל, יענער קרעמער. אַ רב האָט אין אַ געוויסען שבת געהאַלטען אַ פלאַם־פייערדיגע דרשה וועגען דער וויכטיגקייט פון שבת. אַז אָפּהיטען שבת איז איינס פון די עשרת הדברות. אַז שוין אין מצרים האָבען די אידען אָפּגעהיט שבת. אַז די אידען זיינען געבאָטען געוואָרען אָפּצוהיטען שבת נאָך פאַר מתן תורה. אַז שבת איז איינע פון די שטאַרקסטע זיילען פון אידישקייט. אַז ווען אַלע אידען זאָלען אָפּהיטען שבת ווי עס באַדאַרף צו זיין, וועט משיח קומען. און אַז נאָך מעהר ווי די אידען האָבען אָפּגעהיט שבת, האָט דער שבת אָפּגעהיט די אידען און אויפ־געהאַלטען די עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאָלק, און ער האָט אַפּעלירט, אַז די קרעמער זאָלען האַלטען שבת געשלאָסען זייערע קראָמען.

באַלד נאָך הבדלה איז אַריינגעקומען צום רב אַ יונגערמאַן. ער האָט זעהר געדאַנקט דעם רב פאַר דער הייסער דרשה, און איהם דערלאַנגט אַ הונדערטער, און איהם צוגעזאָגט צו העלפען שאַפען אַ פאָנד צו קעמפען פאַר שמירת שבת. דער רב איז געווען שטאַרק צופרידען, און האָט אָנגעהויבען לויבען דעם יונגען מאַן פאַר זיין נאָבעלע טהאַט. רופט זיך אָן דער יונגער־מאַן: „ניין, רבי, דאָס טהו איך ניט צוליב רעליגיע, נאָר צוליב געשעפט, אַז איהר וועט אויסווירקען, אַז אַלע קרעמער זאָלען שליסען שבת זייערע געשעפטען, און איך וועל האַלטען אָפען, וועל איך דאָך מעהר לייזען, לוינט מיר צו אינוועסטירען; ניט אַזוי, רבי?"

אָט דאָס אַלץ נעמט זיך דערפון, וואָס מיר פאַרנאַכלעסיגען דעם יונגען דור. מיר באַקענען זיי ניט מיט דער שעהנקייט פון אידישקייט. אָבער ווי זאָגט דאָס ווערטעל „בעסער שפעטער איידער קיינמאָל". איז לאָמיר דאָס שטאַרק אין זינען האָבען און מקיים זיין דעם פסוק „ושננתם לבניך" — ערציהען די יוגענד אין דעם גייסט פון תורה־אידישקייט. אַניט קענען מיר נאָך מיאוס ווערען אין כביכול'ס אויגען. אָט הערט אַ מעשה:

צום קאָזשעניצער מגיד ז"ל איז געקומען אַ אידענע, און זיך באַקלאָגט אַז איהר מאַן האָט זי פיינט געקריגען, באשר זי איז געוואָרען מיאוס. רופט זיך אָן דער מגיד: „נו, אפשר איז עס אמת?" האָט די פרוי זיך צעוויינט: „וועה איז מיר, ווען ער האָט מיך געפיהרט צו דער חופה בין איך איהם געפעלען, און ער האָט מיר געמאַכט קאָמפּלימענטען, און איצט בין איך פלוצים מיאוס!" האָט דער מגיד אויפגעהויבען די הענט צום הימעל און אויסגע־שריעגען: „רבונו של עולם, די פרוי איז דאָך גערעכט! מיר אידען האָבען דאָך די זעלבע טענה. ווען מיר זיינען געשטאַנען ביים באַרג סיני און מיר האָבען געזאָגט ,נעשה ונשמע', האָסטו אונז געמאַכט קאָמפּלימענטען, און דו האָסט אונז אויסגעקליבען פון אַלע אַנדערע פעלקער, און איצט, אוי וועה, זיינען מיר פלוצים מיאוס געוואָרען אין דיינע אויגען, און דו ווילסט זיך אפילו ניט אומקוקען אויף אונז!"

נו, מוז מען צוגעבען אַז אונזער דור האָט זיך ניט אויף וואָס צו באַ־קלאָגען, אַ סימן, כביכול האָט דאָך אונז ווידער געגעבען אונזער מדינה. איז לאָמיר זשע אָנהאַלטען די אידישע שעהנקייט, די תורה, וועלען מיר טאַקע זוכה זיין אָנצוהאַלטען אונזער לאַנד ישראל אייביג, לעולם ועד.

# משפטים

די היינטיגע סדרה „משפטים" (געזעצען) באַווייזט, אַז משה רבינו האָט אונז ניט געהאַלטען פאַר קיין נאַראָנים, ווייל געזעצען זיינען פאַר אַ מענשען אַ בר דעת, ניט פאַר קיין נאַר. ווי זאָגט דאָס ווערטעל „בעסער מיט אַ קלוגען צו פאַרלירען איידער מיט אַ נאַר צו געווינען". עס שטעהט אין משלי (כ"ט, ה) „איש חכם נשפט את איש אויל". טייטשט דער מדרש דעם פסוק אַזוי: ווען אַ קלוגער מענש האָט אַ משפט, אַ פּראָצעס מיט אַ נאַר, איז דער קלוגער דער „נשפט" — דער גע'משפט'ער. אַ נאַר גיט מען ניט קיין געזעצען, און מען האָט ניט מיט איהם קיין דין תורה.

דאָס דערמאָנט אונז, אגב, אין פאָלגענדען עפּיזאָד: דער אפּטער רבי, ר' יהושע העשיל ז"ל, איז אַמאָל געפאָהרען אין אַ געוויסער שטאָדט. ווען עס איז געקומען צו אַ באַרג אַרויף, איז ער אַרונטערגעגאַנגען פון וואָגען און איז אַרויפגעגאַנגען דעם באַרג צופוס. רופט זיך אָן דער שמש: „רבי, פאַר־וואָס זענט איהר אַראָפּגעגאַנגען פון וואָגען און אַרויפגעגאַנגען דעם באַרג צופוס? עס איז דאָך ניט פאַר אייערע כוחות?"

„איך בין אַראָפּ פון דעם וואָגען", האָט איהם דער רבי געענטפערט, „פּשוט דערפאַר, ווייל איך האָב מורא געהאַט אַז דאָס פערד קען מיך נאָך רופען צו אַ דין תורה אויף יענער וועלט. עס וועט טענה'ן, אַז איך האָב אויף דעם ניט געהאַט קיין רחמנות, און אַז עס האָט מיך געמוזט שלעפּען באַרג אַרויף".

„נו, אפילו ווען יאָ, איז וואָס? דער רבי קען דאָך געווינען דעם דין תורה אויף דעם גרונד, וואָס דאָס פערד איז דערצו באַשאַפען געוואָרען" — האָט דער שמש געזאָגט.

„געוויס וואָלט איך געווינען דעם דין תורה" — האָט געענטפערט דער רבי — „אָבער איך וואָלט בעסער אַרויפגעגאַנגען דעם באַרג צעהן מאָל איידער האָבען איין מאָל אַ דין תורה מיט אַ פערד."

און אַז מען קוקט אַריין מיט קאָפּ אין דער היינטיגער סדרה און אין אַלע אַנדערע סדרות, זעהט מען אַז מיר מעגען זיין שטאָלץ מיט דעם וואָס מיר זיינען אידען. נאָך מיט קנאַפּע פיער טויזענט יאָהר צוריק, און אין אַ מדבר דערצו, האָט אונזער תורה געגעבען געזעצען, וואָס זיינען פיעל פאָרט־געשריטענער און מענשליכער אפילו פון די געזעצען פון די היינטיגע ציווי־ליזירטע פעלקער. נעמט, למשל, אַזאַ געזעץ ווי „וגר לא תונה ולא תלחצנו" — אַ פרעמדען זאָלסטו ניט אָפּנאַרען און איהם ניט אונטערדריקען. איז דאָס ניט גאָלד מיט בריליאַנטען? ווי אַזוי די היינטיגע „ציוויליזירטע" מדינות באַהאַנדלען אַ פרעמדען, ווייסען מיר דאָך גאַנץ גוט. אָדער נעמט אַזעלכע געזעצען: „פּייניג ניט קיין אלמנה און קיין יתום"; „אַז דו זעהסט דיין פיינד'ס

אייזעל קניהען אונטער זיין שווערע משא, זאָלסטו איהם העלפען", „דערוויי־טער זיך פון ליגען", „נעם ניט קיין כאַבאַר".

די דעמאָקראַטישע פעלקער שטאָלצירען דערמיט, וואָס זיי האָבען איינגעפיהרט דאָס געזעץ פון „די מעהרהייט רעגירט". נו, זאָגט שוין די היינ־טיגע סדרה „אחרי רבים להטות". און די גמרא זאָגט בפירוש „יחיד ורבים הלכה כרבים" — אַז די מיינונג פון דער מעהרהייט איז גילטיג.

באַזונדערס שטאַרק אונטערשטרייכט אונזער תורה די וויכטיגקייט פון פרייהייט. אידענטום האַסט קנעכטשאַפט. דערפאַר טאַקע זאָגט אונז די היינטיגע סדרה, אַז ווי באַלד אַ אידישער קנעכט וויל ניט, אַז דער בעל הבית זאָל איהם באַפרייען, זאָל מען צולייגען זיין אויער צו דער טיר און איהם דורכבויערען. פרעגען די חכמים ז"ל: פאַרוואָס עפּעס גראַד דעם אויער און ניט אַן אַנדער אבר? און זיי ענטפערען: דער אויער האָט גע־הערט ביי מתן תורה, אַז מיר זיינען בלויז דעם אויבערשטענ'ס קנעכט, אָבער ניט קנעכט צו קנעכט, און ער וויל ניט באַפרייט ווערען, דאַרף מען איהם דורכבויערען. און פאַרוואָס גראַד ביי דער טיר? זאָגט דערויף דער „כלי יקר": די תורה האָט איהם געעפענט די טירען פון פרייהייט, און ער וויל גאָר דערפון ניט געניסען, און ער וויל דוקא ווייטער שקלאַפען און קנעכטען!...

די היינטיגע סדרה אַנטהאַלט דעם באַריהמטען „עין תחת עין". שרייען די אַנטיסעמיטען, אַז דאָס הייסט „אַן אויג פאַר אַן אויג", נעמליך, אַז ווען איינער נעמט אַרויס דעם צווייטען אַן אויג, דאַרף מען איהם אַרויסנעמען אַן אויג. איז, פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס איז אַ בייזוויליגער אַנטיסעמיטישער בלבול. די גמרא זאָגט בפירוש, אַז דאָס מיינט „געלט פאַר אַן אויג". מען שאַצט אָפּ וויפיעל דער געליטענער וועהרט אַן דורך פאַרלירען זיין אויג, און דער שולדיגער דאַרף איהם אַזוי פיעל באַצאָהלען. דער ווילנער גאון ז"ל, ברענגט אַן אינטערעסאַנטע ראיה דערצו, טאַקע פון די ווערטער „תחת עין". לויט דעם אלף בית קומט נאָך דעם אות „ע" אַ „פ", און נאָך דעם אות „י" קומט אַ „כ", און נאָך דעם בוכשטאַב „נ" קומט אַ „ס", אַלזאָ, דאָס וואָרט „כסף" — געלט. דאָס הייסט, אַז מען דאַרף דעם געליטענעם געבען „תחת עין" — דאָס וואָס קומט נאָך די אותיות „עין" נעמליך כסף, דאָס הייסט געלט.

אויב, למשל, איינער דערלאַנגט דעם אַנדערען אַ קלאַפּ, און ער איז קראַנק געוואָרען, דאַרף דער שלעגער באַצאָהלען דעם דאָקטאָר. וועלען מיר, אגב, דערצעהלען אַ גוט ווערטעל פון דעם באַריהמטען פיעטריקאָווער דאָק־טאָר ר' חיים דוד ז"ל, וועלכער איז געווען אַ גרויסער צדיק. ער פלעגט זאָגען, אַז מיט אַ קראַנקען דאַרף מען זיך פיהרען ווי עס שטעהט אין דאַווענען: „בורא רפואות, נורא תהלות, אדון הנפלאות" — צוערשט דאַרף מען איהם פאַרשרייבען אַ רעצעפּט (בורא רפואות). אויב עס העלפט ניט, דאַרף מען זאָגען תהלים (נורא תהלות). און טאָמער חלילה העלפט דאָס אויך ניט, מוז מען שוין האָפען אויף אַ נס (אדון הנפלאות).

פאַרשטעהט זיך, אַז מיר קענען דאָ ניט אויסרעכענען אַלע מאָראַלישע און עטישע געזעצען, וואָס רעגולירען אונזער אַלטעגליך לעבען און די באַ־ציהונגען צווישען מענש און מענש, און אויך ניט אַלע רעליגיעזע דינים.

אָבער פון די עטליכע, וואָס מיר האָבען דאָ דערמאָנט, זעהען מיר קלאָהר, אַז שוין מיט קנאַפּע פיער טויזענט יאָהר צוריק זיינען אונזערע געזעצען גע־ווען פיעל פאָרטגעשריטענער פון די געזעצען פון די היינטיגע אַזוי געררו־פענע ציוויליזירטע פעלקער. נו, דאַרפען מיר ניט זיין שטאָלץ וואָס מיר זיינען אידען?

די צרה איז וואָס פיעלע אידען, באַזונדערס אונזער דור, ווייסען נעביך נישט די שעהנקייט, די מאָראַלישקייט, די עטישקייט וואָס אונזער תורה לערענט אונז. אָט, למשל, שטאָלצירט דאָס אַמעריקאַנער פאָלק מיט דער אויפשריפט אויף דעם „ליבערטי בעל" (פרייהייטס גלאָק) אין פילאַ־דעלפיע „און איהר זאָלט פּראָקלאַמירען פרייהייט צו אַלע איינוואוינער פון דעם לאַנד". אָבער וויפיעל אידען ווייסען, אַז דעם דאָזיגען נאָבעלען פסוק האָט מען גענומען פון אונזער תורה — „וקראתם דרור בארץ לכל יושביה" (ויקרא כ"ה, י')?

דער קאָראַן, די אַראַבישע ביבעל, האָט באַשאָנקען דאָס אידישע פאָלק מיט דעם טיטול „עם הספר" — דאָס פאָלק פון בוך, דאָס פאָלק פון תנ"ך. אָבער אין וויפיעל אידישע הייזער טרעפט מען אַ תנ"ך? אידישקייט און לערנען געהען האַנט אין האַנט. געוויינליך יעדער לויט זיינע כוחות און באַ־גאַבונג. איינער אַ פרשה חומש מיט רש"י, איינער אַ בלאַט גמרא מיט רש"י און תוספות, איינער אַ פרק משניות, צי אַ שטיקעלע מדרש, און טאַקע אויך די מאָדערנע אידישע און העברעאישע ליטעראַטור, מיט וועלכער מיר דאַרפען זיך גאָרניט שעהמען געגען די ליטעראַטורען פון די אומות העולם.

תורה, אידישע בילדונג, איז דער באַזיס פון אונזער עקזיסטענץ אַלס אידיש פאָלק. אידישקייט און אידענטום האַסען עם הארצות. אַ איד מוז זיין באַקאַנט מיט זיין אידישען גייסטיגען אוצר. פרומקייט איז גאָר אַ גוטע זאַך, אָבער אַ פרומען עם הארץ האָט אפילו דאָס אידענטום פיינט. אידיש־קייט לערענט „וידעת את ה'" — דו זאָלסט קענען דעם אַלמעכטיגען, דו דאַרפסט ווִיסען פאַרוואָס דו ביזט אַ איד.

אידישקייט טרעט אַרויס געגען עם הארצות אַזוי שטאַרק, אַז זי ראָט אונז אפילו ניט צו וואוינען מיט אַ פרומען עם הארץ אין דער זעלבער נאָכ־באַרשאַפט. אויף אַזוי פיעל נידעריג האַלט אידישקייט דעם אומוויסענדען מענשען, אַז זי ראַט צו פאַרקויפען אַלץ וואָס מען פאַרמאָגט און הייראַטען די טאָכטער פון אַ תלמיד חכם, און ניט נעמען די טאָכטער פון אַן עם הארץ. און דער וואָס פאַרהייראַט זיין טאָכטער צו אַן עם הארץ, איז גלייך ווי ער וואָלט זי געבונדען און איבערגעגעבען צו אַ לייב. אַזוי גרויס איז דער אומ־צוטרוי צום אומוויסענדען מענשען, אַז זיין עדות זאָגען איז גאָרניט ווערט, און מען טאָר איהם ניט אָנפאָרטרויען פאַראַנטוואָרטליכע וואוילטעהטיגע אַמ־טען. נאָך מעהר, אידישקייט האַלט, אַז אַלע אומגליקען, וואָס קומען אויף דער וועלט, זיינען דער רעזולטאַט פון איגנאָראַנץ, אומוויסענהייט און עם הארצות.

דאָס ערגסטע איז, וואָס אונזער יונגער דור פּרואווט אפילו ניט זיך באַקענען מיט די לעהרעס פון אידענטום. דאָס דערמאָנט מיך אָן אַ מעשה

שהיה: איינס פון די שווערע זאכען אין דעם היינטיגען רעליגיעזען לעבען אין אַמעריקע איז צו קריגען אַ מנין צו מנחה. אויב אַ שוהל האָט ניט קיין צעהן קדישים, מוז מען שטעהן אויף דער גאַס און זוכען אַ „צעהנטען". זייענען געשטאַנען עטליכע אידען נעבען אַ שוהלכעל און מיט אַלע אויגען אויסגעקוקט אויף דעם „צעהנטען". העלפט דער אויבערשטער און עס לויפט דורך אַ יונגערמאַן. רופט זיך אָן דער שמש: „יונגערמאַן, מיר דאַרפען אַ צעהנטען צום מנין, קומט אַריין, די גאַנצע מנחה וועט ניט דויערן מעהר ווי צעהן מינוט."

ענטפערט דער יונגערמאַן: „איך געה איצט שליסען אָן אָפּמאַך וועגען אַ געשעפט, און איך וויס שוין פון פּראַקטיק, אַז ווען איך מאַך אַ געשעפט און דאַווען ניט קיין מנחה, געהט דאָס געשעפט אַוועק זעהר גוט, איז מוז איך אייך ליידער אָפּזאָגען".

„און ווי געהען אייערע געשעפטען, וואָס איהר שליסט, ווען איהר דאַווענט יאָ מנחה?" — האָט דער שמש געפרעגט.

„דאָס האָב איך נאָך קיינמאָל ניט פּרובירט" — האָט דער יונגערמאַן געענטפערט, און איז זיך געגאַנגען זיין וועג.

אין אָט דעם ניט פּרובירען ליגט די גאַנצע שוועהריגקייט. וואָלטען זיי געלערענט אַ פּסוק חומש מיט רש"י, געקענט די לעהרעס פון אַ ישעיה, עמוס און אונזערע אַנדערע אומשטערבליכע נביאים; וואָלטען זיי געווען באַקאַנט מיט דער פּאָעזיע פון תהלים, שוין פשוט פון דעם ליטעראַרישען שטאַנדפּונקט אַליין, מיט דער פילאָזאָפיע פון קהלת, מיט דעם אויסערגעוועהנליך קלאָהרען געדאַנקען־גאַנג פון אונזערע תנאים, אמוראים, גאונים, מיט דער מאַראַל און עטיק, וואָס אידישקייט לערענט, וואָלטען זיי זיכער געווען שטאָלץ מיט דעם וואָס זיי זיינען אידען. ווילען זיי אָבער ניט פּרוּאווען. איז ווי זאָגט דאָס ווערטעל? „מען קען ברענגען דאָס פערד צום ברונעם, אָבער מען קען עס ניט נויטען צו טרינקען."

און טאָמער פאַרפיהרט איהר מיט זיי אַ שמועס מכוח דעם ענין אידישקייט, וועלען זיי אייך באַווייזען „וויסענשאַפטליך" אָדער „פּסיכאָלאָגיש", אַז עס איז „געזינטער" פאַר איהם ניט צו „פאַרלירען" קיין צייט אויף אידישע לימודים. איך פרעג אַ באַקאַנטען, אַ סטודענט אין אַ ניו־יאָרקער אוניווערזיטעט: „סטייטש, אַ פעהיגער יונגערמאַן ווי דו, פאַרוואָס פאַרנאַכלעסיגסטו אַזוי דיין אייגענעם אוצר? אָט פרעג די ניט־אידישע סטודענטען אין דיין קלאַס, וועסטו זעהן, אַז ניט נאָר קענען זיי זייער אייגענע ליטעראַטור, נאָר זיי קוקען אַריין אפילו אין אונזער תנ"ך."

באַווייזט ער מיר „וויסענשאַפטליך", אַז עס טויג גאָרניט, פון דעם פּראַקטישען שטאַנדפּונקט, צו לערנען נאָך עפּעס אַחוץ זיין פאַך, און גיט מיר אַ לייג אַוועק אַ „וויסענשאַפטליכע אַקסיאָמע": „ווען איינער האָט בלויז איין אויג, איז די ראיה פון דעם איינעם אויג שטאַרקער. ווען איינער האָט איין האַנט, איז די קראַפט פון דער דאָזיגער איינער האַנט שטאַרקער. און ווען ביי איינעם איז איין פוס קורצער, איז דערפאַר דער אַנדערער לענגער!"

וואָס זאָגט איהר אויף אַזאַ פילאָזאָפיע?

מיר מוזען האָבען אין זינען אַז די יוגענד איז דער רוקען־ביין פון אַ פאָלק. די עקזיסטענץ פון אַ פאָלק, און באַזונדערס פון דעם אידישען פאָלק, איז אָפּהענגיג פון דער גראַד דערציהונג, וואָס די יוגענד באַקומט. די יוגענד פון היינט איז דאָס פאָלק פון מאָרגען. ווען די יוגענד זאַפּט אין זיך אַריין די קולטור פון זיין פאָלק, איז דאָס די בעסטע גאַראַנטיע פאַר דעם פאָלק׳ס גלאָררייכער און אייביגער עקזיסטענץ.

עס איז אַ פאַקט, אַז כמעט ניינציג פּראָצענט פון אונזער אַמעריקאַנער יוגענט איז ניט טהעטיג אין קיין שום אידיש־קולטורעלע און רעליגיעזע אינסטיטוציעס. מען זעהט זיי ניט אין שוהל און מען זעהט זיי זעהר ווייניג אפילו אין ציוניסטישע טהעטיגקייטען. זיי זיינען ניט קיין אידען אין דעם רעליגיעזען זין פון וואָרט, און ניט קיין ציוניסטען, אין דעם נאַציאָנאַלען זין. און הרב יצחק יעקב ריינעס ז״ל האָט שוין אַמאָל איינעם געענטפערט: „איהר זאָגט, אַז אַ איד וואָס איז ניט קיין ציוניסט, איז ניט קיין איד. ריכטיג, אָבער איך בין מוסיף, אַז אַ ציוניסט וואָס איז ניט קיין רעליגיעזער איד איז ניט קיין ציוניסט״. ביי אונז געהען תורה, ארץ ישראל און אידישע ביל־דונג האַנט אין האַנט.

אונזער איצטיגער אַמעריקאַנער אידישער דור האָט ניט קיין שום אידישע אידעאָלאָגיע. זיי זיינען געבעך ווי שאָף אָהן אַ פּאַסטוך. זיי ווייסען נעבעך ניט, אַז אונזער יאָהרטויזענטע אַלטע, רייכע קולטור, אונזערע מנ־הגים און צערעמאָניעס, אַן אינטענסיווע אידיש רעליגיעז לעבען, זיינען שטענ־דיג געווען ניט נאָר אונזער מעכטיגסטע פעסטונג פאַר אונזער עקזיסטענץ אַלס אידיש פאָלק, נאָר זיי האָבען אויך געדינט אַלס אונזער שטאַרקסטער וואָפען געגען די גרויזאַמע פאַרפאָלגונגען און ברוטאַלע אונטערדריקונגען.

מיר מוזען אין זינען האָבען נאָך אַ זאַך. פיעלע צעהנדליגער יאָהרען האָט דאָס אידענטום פון מזרח אייראָפּע אונז געדינט אַלס גייסטיגער און קולטורעלער צענטער, אַלס אונזער גייסטיגער רעזערוואואַר, פון וועלכען דאָס אַמעריקאַנער אידענטום האָט געזויגען גייסטיגע יניקה. מעהרערע דורות האָט דאָס אַמעריקאַנער אידענטום זיך געוואַרעמט אין די גייסטיגע שטראַהלען פון דער זון פון דעם מזרח־אייראָפּעאישען אידענטום. די דאָזיגע זון האָט זיך, צו אונזער גרויסען אומגליק, געזעצט. איצט איז קלאָהר פאַר יעדען איינעם פון אונז, אַז דאָס אַמעריקאַנער אידענטום מוז שאַפען אַן אייגענע גייסטיגע פעסטונג, געבויט אויף תורה־אידישקייט, וואָס האָט מעגליך גע־מאַכט אונזער עקזיסטענץ אַלס אידיש פאָלק ביז איצט. און דאָס מוזען מיר אָנהויבען מיט דער יוגענט. ווי זאָגט דער מדרש: „אם אין גדיים אין תישים״ — אַז עס זיינען ניטאָ קיין ציגעלעך, זיינען ניטאָ קיין בעק״.

אָבער דעם אמת מוז מען זאָגען אַז שולדיג זיינען מיר, ניט די יוגענט. ווייל די יוגענט קעמפט פאַר איהרע אידעאַלען און אַנשויאונגען, וואָס זיי זאָלען ניט זיין, מיט אַן אמת, און מיר, ליידער, ניט. בעת ר׳ יאשע בער ז״ל איז געווען רב אין בריסק, זיינען אַמאָל געקומען צו איהם עטליכע בעלי בתים מיט אַ געוואַלד, אַז די כפירה פאַרשטאַרקט זיך, די יוגענט געהט אַוועק אויף פרעמדע וועגען, מוז מען, אַלזאָ, עפּעס טהון וועגען דעם. האָט ר׳ יאָשע בער געענטפערט: „וואָס איז דאָ דער חידוש? דער אמת זיגט שטענדיג״.

קוקען די בעלי בתים איהם אָן פאַרוואונדערט און זאָגען: „רבי, די כפירה רופט איהר אָן אמת?"

„איהר דאַרפט מיך בעסער פאַרשטעהן" — ענטפערט זיי דער רב — „דער יונגער דור, די כופרים און אפיקורסים, קעמפען פאַר דעם שקר מיט אמת. זיי זיינען כופרים מיט דעם גאַנצען האַרצען. די יוגענט לערענט די פרעמדע קולטורען מיט דעם גאַנצען האַרצען, נו, זיינען זיי מצליח. ביי אונז אָבער, זיינען ניט אַלע עהרליכע אידען, וואָס קעמפען פאַר אונזער רעליגיע, עהרליכע אידען אויף אַן אמת. ניט אַלע וואָס קעמפען פאַר אַ אידישע ער־ציהונג, פאַר ערציהען דעם אידישען דור אַלס אידען, טהוען דאָס מיט אַן אמת. זיי קעמפען פאַר דעם אמת מיט שקר, אַט דערפאַר זיינען זיי ניט מצליח".

דאַרפען מיר, אַלזאָ, קעמפען פאַר דעם אמת, אויף אַן אמת, מיט אַן אמת, וועלען מיר אם ירצה השם האָבען הצלחה!

און אפילו די וואָס קעמפען שוין ביי אונז מיט אַן אמת, קעמפען זיי פאַר די מצוות בין אדם למקום, פאַר די מצוות וואָס האָבען צו טהון מיט דעם אויבערשטען. אָבער פאַר די מצוות בין אדם לחבירו, אַז איין איד זאָל זיך באַציהען אנשטענדיג צום צווייטען, דאָס האָבען זיי ניט אין זינען. זאָגט טאַקע דער „כלי יקר": ואלה המשפטים אשר תשים לפניהם — פאַר די מצוות וואָס זיינען בין אדם למקום, פאַר די מצוות וואָס האָבען צו טהון מיט דעם אויבערשטען, דאַרף מען אין זינען האָבען די „מצוות בין אדם לחבירו", דאַרף מען רעגולירען די באַציהונגען צווישען מענש און מענש. וואָרום „דרך ארץ קדמה לתורה". און ר' מנחם מענדיל קאָצקער ז"ל האָט שוין באַמערקט אַז דרך ארץ איז אַן „הקדמה" צו דער תורה. פון דער הקדמה דערקענט מען דעם כאַראַקטער און דעם אינהאַלט פון דעם ספר. און פון דער באַציהונג פון איד צו איד, פון מענש צו מענש, דערקענט מען דעם כאַראַקטער פון דעם מענשען, מען דערקענט וואָס זיין תורה לערענט איהם.

# תרומה

מיר האַלטען שוין ברוך השם ביי חודש אדר. און די חכמים ז״ל זאָגען „משנכנס אדר מרבים בשמחה״ — אַז אדר דאַרף מען זיך אַ סך פרעהען. היינט, אַז דאָס יאָהר זיינען מיר געבענטשט מיט צוויי אדר׳ס (אַן עיבור יאָהר) דאַרפען מיר זיך דאָפּעלט פרעהען. און גלויבט מיר, אַז עס איז שוין צייט, אַז דאָס אידישע פאָלק זאָל שוין האָבען אמת׳ע שמחות, סאַי דער יחיד, יעדע פאַמיליע און טאַקע דאָס גאַנצע אידישע פאָלק אויך. דער עיקר אָבער מוזען מיר זעהן, אַז עס זאָל זיין שלום ביי אידען, שלום בית, און שלום ביים כלל ישראל. ווארום אָהן שלום קען ניט זיין קיין פרייד.

אונזער גרויסער חכם, שלמה המלך, האָט עס זעהר גוט פאַרשטאַנען. מיר רופען איהם שלמה החכם. היינטיגע צייטען וואָלט מען איהם מסתמא באַצייכענט מיט דעם וואויל־קלינגענדען טיטול „פּסיכאָלאָג״. אָבער ווי מען זאָל איהם ניט רופען — קלוג איז ער שוין גאָר געווען. און ער האָט געזאָגט: „טוב פת חרבה ושלוה בה, מבית מלא זבחי ריב״ —

„בעסער אַ טרוקען שטיקעל ברויט אין פריידען בייסען,
איידער אַ פול הויז שפּייז און זיך אַרומרייסען״.

ער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז ווען איין מענש לעבט בשלום מיט דעם צווייטען, וועט שוין במילא דער גאַנצער כלל ישראל לעבען בשלום. און שלום איז די ערשטע באַדינגונג פאַר אַ גליקליך פאַמיליען, געזעלשאַפטליך, נאַציאָנאַל און אינטערנאַציאָנאַל לעבען. פרידען אין דעם אייגענעם פאַמיליע קרייז אָטעמט מיט צופרידענהייט און גליק. אין געזעלשאַפטליכען לעבען איז שלום דאָס בעסטע מיטעל, וואָס העלפט שאַפען געגענזייטיגע פריינד־ליכע באַציהונגען. אין דעם נאַציאָנאַלען לעבען איז שלום אין די אייגענע רייהען, און צווישען פאַרטייען, דער באַזיס פאַר אייניגקייט און דער פונדאַ־מענט פאַר אַ רוהיג און אנגענעם לעבען. און אין אינטערנאַציאָנאַלע באַצי־הונגען איז פרידען אַ ברכה פאַר דער גאַנצער מענשהייט.

דערצעהלט אונז טאַקע די היינטיגע הפטורה „ויהי שלום בין חירם ובין שלמה״, אַז צווישען דעם קעניג שלמה און דעם קעניג חירם האָט גע־הערשט שלום. און טאַקע אַ דאַנק שלמה׳ס שלום־פּאָליטיק האָבען די אידען געקאָנט בויען דאָס בית המקדש, פאַרפעסטיגען דאָס אידישע גייסטיגע לע־בען. מען האָט געבויעט שיפען ניט אַלס פלאָטען צו פיהרען סאָלדאַטען אין מלחמה, נאָר שיפען צו פיהרען סחורה, און אַזוי אַרום האָט מען פאַרשטאַרקט און אַנטוויקעלט דעם מסחר.

ווארום אַזוי גרויס איז דער כוח פון שלום, אַז ער קאָן אפילו פאַרטריי־בען דעם שטן. די גמרא דערצעהלט, אַז דער שטן האָט זיך אַמאָל פאַרלייגט אויף צוויי מענשען און פלעגט זיי אָנרייצען זיי זאָלען זיך קריגען יעדען פריי־

טאָג פאַרנאַכט. איז געקומען צו זיי רבי מאיר און האָט דאָרט פאַרבראַכט דריי ערב שבת'ן, ביז זיי האָבען צווישען זיך געמאַכט שלום, און רבי מאיר האָט אַליין געהערט ווי דער שטן האָט אויסגעשריען: „וועה! רבי מאיר האָט מיך אַרויסגעוואָרפען פון הויז."

איז דאָך שלום איינער פון די דריי זיילען, אויף וועלכע די וועלט שטעהט, און די חכמים ז"ל לערנען אונז אַז:

„די גאַנצע תורה איז געגעבען געוואָרען די אידען,
בלויז צוליעב דעם עס זאָל הערשען פרידען".

און אפילו ווען אַ מענש האָט אַמאָל קיין אַנדער ברירה, און מוז זיך מיט איינעם צעווערטלען, דאַרף ער שטענדיג איבערלאָזען אַן אָפענע טיר פאַר שלום. ער דאַרף זיך שטענדיג האַלטען ביי דעם פרינציפּ פון אונזערע חכמים ז"ל: „לעולם תהא שמאל דוחה, וימין מקרבת" —

„מעגסט אָפּשטויסען מיט דער האַנט דער לינקער,
דערנעהנטער אָבער מיט דער האַנט דער רעכטער".

אָבער אָמבעסטען איז, אַז מען קריגט זיך אינגאַנצען ניט. וואָרום זעהר אָפט קאָסט עס געוואַלד אַרבייט און מיה צו פאַררריכטען, אַז עס זאָל זיין ווי געוועזען. מיר ווילען דאָס אַמבעסטען פאַרשטעהן דורך אַ משל פון דעם דובנער מגיד ז"ל:

אַ שניידער איז אַמאָל געקומען צו אַ גרויסען נגיד און איהם געבעטען, ער זאָל איהם געבען קליידער צו פאַרריכטען. דער נגיד האָט איהם געענט־פערט, אַז ער האָט ניט וואָס צו פאַרריכטען, וויל ער און זיין גאַנץ הויז־געזינד טראָגען בלויז גאַנצע קליידער. האָט דער שניידער געוואָרט ביז אַלע זיינען אַוועקגעגאַנגען פון דעם הויז, און ער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין דעם קליידער־אַלמער און אָפּגעטרענט דעם אונטערשלאַק (פּאָטשעווקע, לייבינג) פון די קליידער. ווען דער גביר איז דערפון געוואויר געוואָרען, איז ער, פאַרשטעהט זיך, געוואָרען שטאַרק אויפגערעגט, און ער האָט איינגעגעבען דעם שניידער אין געריכט אַריין. האָט דער שניידער זיך געבעטען ביי איהם רחמים און גע'טענה'ט: „אמת, איך בין טאַקע שולדיג, אָבער גיב מיר די קליידער, וואָס איך האָב צעטרענט, וועל איך זיי פאַרריכטען אומזיסט."

דער נמשל איז, אַז מיט בייזען, מיט געוואַלט, קען מען גאָר ניט מאַכען. מיט מחלוקת קען מען ווייט ניט דערגרייכען. עס קאָסט בלויז כוח און מיה, ווי אַט מיט דעם שניידער, צוריק גוט צו מאַכען דאָס קאַליע געמאַכטע. ווי זאָגט דאָס ווערטעל: „מען קאָן כאַפּען מעהר פליגען מיט האָניג, איידער ווי מיט עסיג."

פאַרשטעהט זיך, אַז עס איז ניט לייכט צו לעבען בשלום מיט דער גאַנצער וועלט, און מען קען געוויס ניט יוצא זיין געגען יעדען איינעם. און דאָס דערמאָנט אין פאָלגענדער מעשה:

אַ פאָטער איז אַמאָל געריטען אויף אַן אייזעל, און זיין זוהן איז נאָכ־געגאַנגען צופוס. האָט זיי אויף דעם וועג באַגעגענט אַ מענש, און ער האָט גע־

זאָגט צום פּאָטער: „שעהם זיך, דו אַלטער! אַליין רייטסטו אויף דעם אייזעל, און דיין קינד לאָזטו געהן צופוס!" איז דער פּאָטער אַרונטערגעגאַנגען פון דעם אייזעל, און ער האָט אַרויפגעזעצט זיין זוהן אויף דעם אייזעל. האָט אַ צווייטער מאַן זיי באַגעגענט, און ער האָט אויסגעשריען צום זוהן: „שעהמען זאָלסטו זיך אין דיין ווייטען האַלז אַריין! האָסט גאָר קיין רחמנות ניט אויף דיין אַלטען טאַטען? דו רייטסט, און דיין אַלטען טאַטען לאָזטו געהן צופוס?!" איז דער פּאָטער אויך אַרויף אויף דעם אייזעל, און ביידע האָבען געריטען. האָט זיי באַגעגענט אַ דריטער רייזענדער, און ער האָט זיך אויף זיי צעשריען: „שלעכטע מענשען וואָס איהר זייט! ווי האָט איהר דאָס האַרץ צו רייטען ביידע אויף אַן אָרימער, שוואַכער, שטומער צונג?" זיינען זיי ביידע אַרונטער און געגאַנגען צופוס נעבען דעם אייזעל. האָבען זיי באַגעגענט אַ פערטען מענשען, האָט ער זיך צעלאַכט און געזאָגט: „דריי אייזלען געהען צוזאַמען, און קיינער פון זיי האָט ניט קיין שכל צו רייטען אַביסעל אויף דעם אַנדערען". האָבען דער פּאָטער און דער זוהן זיך ניט געקענט קיין עצה געבען. זיי האָבען ניט געוואוסט וואָס צו טהון, כדי יוצא צו זיין פאַר אַלעמען, זיינען זיי ביידע געגאַנגען צופוס און האָבען גענומען דאָס אייזעל אויף די אַקסעל. אַ גליק וואָס קיינער האָט זיי מעהר ניט געטראָפען...

איז פאַר דער גאַנצער וועלט קען מען טאַקע ניט יוצא זיין, אָבער יעדער מענש דאַרף און מוז זיך באַמיהען צופרידענצושטעלען דעם צווייטען, און דער עיקר אויף אַ פּאַסיגען, ניט אומגעלומפּערטען אופן, ווי למשל, כאַצקעלע נאַר האָט עס אַמאָל געטהון.

אין אַ שטעדטעל איז געווען נעבעך אַ נאַריש אינגעל, באַקאַנט אַלס כאַצקעלע נאַר. האָט איהם דער שניידער אַמאָל געבראַכט אַ נייע גאַרניטורעל, און די מוטער האָט איהם אָנגעווינטשעוועט: „טראָג עס געזונט, מיין קינד, מיר זאָלען דערלעבען דיר צו נייהען חתונה־מלבושים". עטליכע וואָכען שפּעטער האָט די מוטער באַקומען אַ נייע קלייד. כאַצקעלע האָט געוואוסט, אַז מען דאַרף אָנווינטשעווען, האָט ער געזאָגט צו דער מאַמע'ן: „טראָג עס געזונטערהייט, מיר זאָלען דערלעבען דיר צו נייהען חתונה מלבושים."

„דו נאַריש קינד" — האָט די מוטער צו איהם געזאָגט — „איך וויל ניט חתונה האָבען נאָך אַמאָל, זאָל דיין פּאָטער לעבען ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר. דו האָסט געווען בעדאַרפט זאָגען: „פאַרנוץ עס געזונטערהייט".

אַ טאָג שפּעטער זעהט ער, ווי דער שמש פון דער חברא קדישא טראָגט תכריכים, זאָגט ער צו איהם: „פאַרנוצט עס געזונטערהייט". איז דער שמש בייז געוואָרען, און האָט איהם אָנגעדרעהט די אויערען, ווייל ער האָט געמיינט, אַז ער שעלט אים. ווען ער האָט עס מיט טרערען אין די אויגען, דערצעהלט זיין מוטער, האָט זי איהם געענטפערט: דו האָסט געווען בעדאַרפט געהן צום מת און זאָגען: „זאָל ער האָבען אַ ליכטיגען גן עדן".

כאַצקעלע האָט זיך דאָס גוט אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין, און ווען זיין מוטער האָט אַ פּאָר טאָג שפּעטער איהם מיטגענומען צו אַ ברית, האָט ער אַ זאָג געטהון צום קינד: „זאָלסט האָבען אַ ליכטיגען גן עדן". ווען די מוטער וואָלט איהם ניט געווען צוגעכאַפּט, וואָלט מען איהם געווען אָפּגע־

ריסען די אויערען, און זי האָט איהם, ווי אַ מאַמע, פאַרשטעהט זיך, געלערענט, אַז ער וואָלט געווען בעדאַרפט זאָגען: „הלואי זאָלען מיר אָפט געהן אויף אַזעלכע שמחות איינער צום אַנדערען."

וואָס זשע טהוט דער אויבערשטער? ברעכט אויס די זעלבע וואָך אַ שרפה אין שטעדטעל, און כאַצקעלע לויפט מיט אַלעמען צום פייער און שרייט: „הלואי זאָלען מיר אָפט געהן איינער צום אַנדערען אויף אַזעלכע שמחות!" האָבען די פייערלעשער איהם מכבד געווען מיט אַ ריכטיגער „באָד", און אַן אויסגעווייקטער פון וואַסער און טרעהרען, איז ער געלאָפען צו דער מאַמע'ן. „מיין קינד" — האָט די מאַמע איהם געזאָגט — „דו האָסט געווען בעדאַרפט לויפען אין די גאַסען און שרייען: „געוואַלט, עס ברענט, ראַטעוועט!" איז ווען די מוטער האָט פרייטאָג פאַרנאַכט געבענטשט ליכט, איז כאַצקעלע אַרויס אין גאַס און געשריגען: „געוואַלט, עס ברענט, ראַטעוועט!" די שטאָדט איז זיך צוזאַמענגעלאָפען, און די מוטער האָט איהם שוין געלערענט, אַז ער זאָל בעסער שווייגען.

אַ פּאָר טעג שפּעטער איז ער געגאַנגען מיט זיין אינגערען ברודער'ל שפּאַצירען, און דאָס ברודער'ל איז אַריינגעפאַלען אין אַ זומפּ און געבליבען שטעקען ביז דעם האַלז. איז כאַצקעלע געקומען אַ שווייגענדיגער אַהיים. ערשט ווען די מוטער האָט איהם געפרעגט וואו דאָס קינד איז, האָט ער איהר דערצעהלט...

דאָס זעלבע איז אויך מיט שלום, מיט פרידליכע באַציהונגען צווישען מענש און מענש. מען דאַרף זיין פאָרזיכטיג מיט יעדען וואָרט. אַזוי ווי יע־דער מענש האַלט זיך דאָך פאַר אַ חכם, דאַרף ער געדענקען דעם „חכמים הזהרו בדבריכם". מיט אַן אומגעלומפּערט וואָרט צעשטערט מען אַמאָל דעם שלום בית, מען מינעוועט אונטער די פריינדשאַפט צווישען מענשען, און די רעזולטאַטען זיינען טרויעריגע. דער עיקר, דאַרף מען זאָגען דאָס פּאַסענדע וואָרט אין דער ריכטיגער צייט, לויט די אומשטענדען פאָדערען. אַניט, ווי גוט מען זאָל ניט מיינען, וועט עס אַרויסקומען אומגעלומפּערט.

און אַזוי וויכטיג איז שלום, אַז מען מעג אפילו אַמאָל ענדערען אַן אויס־דרוק, אַבי אָנצוהאַלטען דעם שלום צווישען מאַן און ווייב. ווען אונזער מו־טער שרה האָט געהערט ווי דער מלאך זאָגט אברהם'ן, אַז זי וועט געבוירען אַ זוהן, האָט זי געלאַכט און געזאָגט: „ואדוני זקן" — און מיין האַר (אברהם) איז שוין אַלט. אָבער אין זיין געשפּרעך מיט אברהם'ן, האָט דער אויבער־שטער באַמערקט, אַז זי האָט געזאָגט „ואני זקנתי" — און איך (שרה) בין אַלט, כדי ניט צו שטערען דעם שלום בית.

און אונזער באַשעפער אַליין האַלט אַזוי שטאַרק פון שלום, אַז ווען די מלאכים האָבען צו איהם געזאָגט: „רבונו של עולם, ווען דוד המלך וועט קומען און שרייען פאַר דיר, פאַרוואָס דו גיסט זיינע פיינט דואג און אחיתופל אַ חלק אויף יענער וועלט, ווי אַזוי וועסטו איהם באַרוהיגען?", האָט ער זיי געענטפערט: „עס איז מיין חוב זיי צו איבערבעטען און זעהן, אַז זיי זאָלען ווערען גוטע פריינט און ליב האָבען איינער דעם צווייטען."

אהרן האָט געהאָלפֿען אַרויספֿיהרען די אידען פֿון מצרים. ער איז געװען דער װיכטיגסטער כהן גדול. ער איז געװען דער אײנציגער, װאָס האָט געמעגט אַרײנגעהן אין קדשי קדשים. אָבער דער גרעסטער שבח װאָס מיר אידען זאָגען איהם נאָך, איז װאָס ער איז געװען אַ „אוהב שלום" און אַ „רודף שלום". און פּנחס, אהרן הכהן׳ס אײניקעל, איז ניט אײנגעשװאוירען געװאָרען אַלס כהן ביז ער האָט געשאַפֿען פֿרידען צװישען די שבטים.

אפילו דעם אײגענעם כבוד מוז מען אַמאָל פֿאַרבױגען, אויב נאָר עס קען העלפֿען ברענגען שלום צװישען מענשען. אונזערע חכמים ז״ל דערצעהלען: אַ פֿרוי, װאָס פֿלעגט געהן הערען ר׳ מאיר׳ס דרשות, איז אַמאָל געקומען שפּעט פֿון בית המדרש, און איהר מאַן האָט זי ניט געװאָלט אַרײנלאָזען אין הויז אַרײן ביז זי װעט געהן און אָנשפּײען ר׳ מאיר׳ן אין פּנים. װען ר׳ מאיר איז דערפֿון געװאויר געװאָרען, האָט ער זיך באַקלאָגט, אַז ער האָט אויגען־שמערצען, און װען אַ פֿרוי זאָל איהם „אָפּשפּרעכען" מיט אַ שפּײ אין פּנים, װעט עס איהם העלפֿען. די פֿרוי האָט, אַלזאָ, געהאַט אַ גוטע געלעגענהייט צו דערפֿילען איהר מאַנ׳ס פֿאַרלאַנג, און אַזוי אַרום האָט ר׳ מאיר געהאָלפֿען מאַכען שלום צװישען דעם פּאָר פֿאָלק.

און די הײנטיגע סדרה „תרומה" דערצעהלט אונז אַז משה האָט אָנגעהויבען בויען דעם משכן, און די אידען האָבען בײגעשטײערט יעדערער לויט זײנע כוחות. װאָרום מיר אידען זײנען אַ פֿאָלק פֿון „נתבעים... ונותנים" — מיר גיבען אויף אַלץ. און מען מוז צוגעבען, אַז דוקא די ניט־פֿאַרמעגליכע געבען מעהר פֿון מאַנכע גבירים. רבי ישכר־בעריש ז״ל האָט געזאָגט, אַז יעדער גביר פֿאַרמאָגט צװײערלײ שטײנער, אַ פּשוט׳ן שטײן און אַ ברילליאַנט. אָבער ניט בײ יעדען ליגען זײ אויף דעם זעלבען אָרט. בײ אײנעם ליגט דער פּשוט׳ער שטײן אין האַרץ (ער האָט אַ שטײנערען האַרץ), און דער ברילליאַנט ליגט באַהאַלטען אין קעשענע. בײם צװײטען, װידער, ליגט דער שטײן אין קעשענע, און דער ברילליאַנט אין האַרץ.

אַ טײל, װידער, זײנען פּשוט קאַרג, זײ פֿאַרגעסען, אַז מען נעמט עס ניט מיט אויף יענער װעלט. עס איז אַמאָל געװען אַ גביר, װאָס איז געװען אַ גרויסער קמצן, אַ קאַרגער. װען ער איז געשטאָרבען, איז די גאַנצע שטאָדט געקומען איהם אָפּגעבען דעם לעצטען כבוד, פֿאָרט אַ גביר, און זײן זוהן איז אָבער געװען גלײכגילטיג, ניט פֿאַרגאָסען אפילו קײן טרעהר. שפּעטער, װען דער זוהן האָט דערהערט, אַז מען קלאַפּט מיט די „צדקה תציל ממות־פּושקעס", האָט ער זיך שטאַרק צעװײנט. װען מען האָט איהם געפֿרעגט: „סטײטש, ביז איצט האָט עס דיך ניט געאַרט, און איצט צעװײנסטו זיך פּלוצים?" — האָט ער געענטפֿערט: „אַז מען קלאַפּט מיט צדקה־פּושקעס און דער טאַטע אַנטלויפֿט ניט, איז טאַקע אַ סימן, אַז ער איז טויט".

פֿאַראַן, װידער, אַזעלכע גבירים, װאָס אַנטלויפֿען ניט, אַז מען קומט צו זײ נאָך אַ נדבה, נאָר זײ װעלען אײך געבען אַלערלײ תירוצים, אַז עס איז איבעריג, מען דאַרף ניט געבען, װי, למשל, יענער גביר:

מען איז אַמאָל געקומען צו אַ גביר ער זאָל בײשטײערען אַ נדבה מען זאָל קענען אויפֿשטעלען אַ נײעם פֿאַרקאַן (פּלויט, גדר) אַרום בית

עולם, ווייל דער אַלטער איז שוין צעבראָכען. האָט דער גביר געענטפערט: „איך פאַרשטעה ניט, צו וואָס דאַרף מען איבערהויפּט אַ פאַרקאַן, אַז די לע־בעדיגע ווילען אַהין ניט אַריין, און די טויטע קענען דאָך פון דאָרט ניט אַרויס.“

איצט, אַז מיר האָבען זוכה געווען צו דערלעבען די אתחלתא דגאולה, און מיר דאַרפען בויען אונזער אייגען לאַנד, און מיט דער צייט אויך אַ בית המקדש, דאַרפען מיר זיך נוהג זיין ווי די אידען אין דער מדבר האָבען זיך נוהג געווען, און זיך פּשוט בעטען „תקחו את תרומתי“ — נעמט מיין בייישטייערונג, ווי יענע אידען האָבען געטהון. און אין דעם זכות וועלען מיר זוכה זיין צו דערלעבען די אמת'ע גאולה, און יעדער איד וועט זוכה זיין צו זיצען אין ישראל „איש תחת גפנו ותחת תאנתו“ — יעדער איינער אונטער זיין וויינשטאָק און אונטער זיין טייטעלבוים.

און פאַרוואָס מיינט איהר געהט די סדרה „משפטים“ פאַר דער סדרה „תרומה“? זאָגט דארויף דער „מקור ברוך“ אַ גוטען טעם: צוערשט דאַרף מען דאָס פאַרמעגען זיך ערווערבען אויף אַן עהרליכען אופן. עס דאַרף זיין בצדק ובמשפט. מען דאַרף ווערען רייך, ניט דורך אָפּנאַרען דעם צווייטען, נאָר מען דאַרף עס דערגרייכען דורך עהרליכע מיטלען. און ערשט דאַן דאַרף מען געבען תרומה. דאַן דאַרף מען געבען צדקה. אָבער געבען צדקה מיט פרעמדע געלטער, דאַרף מען ניט, און מען טאָר ניט.

צום גאסטינינער רבי'ן ר' יחיאל מיכל ז"ל איז אַ מאָל געקומען אַ רייכער חסיד, און ער האָט איהם געגעבען אַ „קוויטעל“ מיט אַ נישט־קשה'דיגען פדיון. דער רבי האָט שוין געוואוסט אַז דער גביר האָט ניט לאַנג צוריק באַנקראָטירט, האָט ער ניט געוואָלט נעמען דעם פדיון, און ער האָט געזאָגט: „עס שטעהט אין פסוק ,בפרוע פרעות בישראל בהתנדב עם׳, מיינט עס אַזוי: פריהער דאַרף אַ איד אָפּצאָהלען די חובות, אויסלייזען די וועקסלען, און ערשט דערנאָך ,בהתנדב עם׳, ערשט דאַן מעג ער געבען נדבות און פדיונות.

# תצוה

דיינטיגען שבת לייענען מיר „תצוה“. און אַז איהר וועט גוט אַריינקוקען וועט איהר זעהן, אַז אין דער גאַנצער סדרה ווערט ניט דערמאָנט משה רבינו׳ס נאָמען. און ווי באַוואוסט איז משה רבינו נפטר געוואָרען דעם זי־בעטען טאָג אין אדר. און ז׳ אדר פאַלט כמעט שטענדיג אויס אין דער וואָך ווען מען לייענט די פרשה „תצוה“. זאָגט דערויף דער ווילנער גאון זצ״ל, אַז דאָס וואָס אין „תצוה“ ווערט ניט דערמאָנט משה רבינו׳ס נאָמען, איז אַ רמז, אַן אָנדייטונג, אַז אין דער דאָזיגער וואָך איז ער נפטר געוואָרען.

און נאָך אַ גוט וואָרט. די סדרה הויבט זיך אָן מיט „ואתה תצוה“, דער אויבערשטער זאָגט צו משה׳ן „און דו זאָלסט געביטען“. זאָגט דערויף דער „מעדני מלך“: „צום אַלעם ערשטען איז „ואתה“ — זאָלסטו אַליין זיך פיהרען ווי אַ איד, און ערשט דאַן „תצוה“ — ערשט דאַמאָלט האָסטו אַ רעכט צו זאָגען דעם צווייטען, אַז ער זאָל זיך פיהרען ווי אַ איד.

רבי ישראל סאַלאַנטער׳ס אַ תלמיד איז אַמאָל געקומען צו איהם און געזאָגט:

„רבי, איך וויל פאָהרען קיין דייטשלאַנד און זאָגען די דאָרטיגע אידען אַביסעל מוסר, זיי זאָלען זיך פיהרען ווי אידען“.

„זעהר פיין מיין קינד,“ האָט ר׳ ישראל ז״ל איהם געענטפערט, „אָבער דענקסטו, אַז ביי דעם רוסישען אידענטום איז שוין אַלץ אין אָרדנונג?“

„אויב אַזוי, רבי, וועל איך אַרומפאָהרען אין די רוסישע שטעדט“, האָט דער תלמיד געענטפערט.

„נו, און ביי די אידען אין דיין שטעדטעל איז אַלץ אין אָרדנונג?“ האָט דער רבי ווייטער געפרעגט.

„גערעכט, רבי, וועל איך זאָגען מוסר אין מיין שטעדטעל“.

„נו, און ווי האַלט עס מיט דיינע אייגענע קינדער?“ פרעגט ר׳ ישראל.

„אמת, וועל איך טאַקע אָנהויבען מיט מיינע אייגענע קינדער“.

„נו, און ווי האַלט עס מיט דיר אַליין?“

„אוי, רבי, איך אַליין דאַרף טאַקע אויך געגוג תשובה טהון“.

אַלזאָ, צוערשט, איז „ואתה“, דאַרפסטו אַליין. יעדער מענש דאַרף קודם כל זעהן, אַז ער זאָל זיין אַ איד, און ערשט דאַן „תצוה“ — ערשט דע־מאָלט מעג ער זיך נעמען דאָס רעכט צו מוסר׳ן אַ צווייטען.

לעבען מיר, אָבער, אין אַ מאָדנער צייט. כמעט יעדער איינער פון אונז זוכט צו שטראָפען דעם צווייטען. אָבער אין זיך אַליין פאַרגעסט ער. וואָס דאַרפט איהר מעהר. אַמאָל, אַז אַ קהלה האָט געזוכט אַ רב, האָט מען קודם כל געוואָלט, אַז דער רב זאָל זיין אַ גרויסער למדן, אַ ירא־שמים, אַ מענש מיט

מידות טובות, עס זאָל זיין פון וועמען זיך אָפּצולערנען. אָבער היינטיגע צייטען, זאָגט דער „מגיד ירחים״, אַז אַ קהלה נעמט אויף אַ נייעם רב, איז ווי עס שטעהט אין דער היינטיגער סדרה „ונשמע קולו בבואו אל הקודש״ — וויל מען בלויז וויסען צי ער איז אַ גוטער רעדנער, צי ער האָט אַ פיינע שטימע. אָבער צי ער איז אַ למדן און צי ער האָט פיינע מידות, אינטערעסירט ניט קיינעם.

דאַרפען מיר האָבען אין זינען אַז די היינטיגע סדרה הויבט זיך אָן מיט „ויקחו אליך שמן זית זך כתית למאור להעלות נר תמיד״, און צום סוף שטעהט „ושכנתי בתוך בני ישראל״. דער אויבערשטער זאָגט צו משה'ן, אַז די אידען זאָלען אָנצינדען אַ „נר תמיד״, אַן אייביג ליכט, פון דעם פיינ־סטען בוימעל, און דאַן וועט ער רוהען צווישען די אידען. איז פאַרוואָס עפּעס בוימעל? נאָר דער תירוץ איז, אַז אַלע אַנדערע גיסענדיגע זאַכען מישען זיך צונויף מיט אַ צווייטער משקה, אָבער ניט בוימעל. אַז מען מישט צונויף בוימעל מיט אַן אַנדער געטראַנק, קומט דער בוימעל אַרויף אויבען „ווי בוימעל אויפ'ן וואַסער״. און ישראל איז געגליכען צו בוימעל. ער קען זיך ניט אויסמישען מיט די אַנדערע פעלקער. ישראל'ס תורה קען זיך ניט אויסמישען מיט די לעהרעס פון די אַנדערע פעלקער. אויב אפילו אַ איד וויל שוין, רחמנא לצלן, זיך אויסמישען מיט די גויים, קומט עס אַרויף פון אויבען. די גוים ווייסען סאַי ווי, אַז ער איז אַ איד, און זיי רעספּעקטירען איהם נאָך ווייניגער ווי דעם אמת'ן, שטאָלצען, ניט באַהאַלטענעם אידען.

יאָ, דער וואָס לעבט אייביג קען רוהען צווישען די אידען נאָר דאַן ווען דער „נר תמיד״ פון „שמן זית״ פלאַקערט שטענדיג, ווייל ער האָט ליב ליכטיגקייט. ווען ער האָט באַשאַפען די וועלט, האָט כביכול באַלד אייגגעזעהן די וויכטיגקייט און נויטווענדיגקייט פון ליכט, און זיין ערשטער באַפעהל איז געווען „יהי אור״ — עס זאָל זיין ליכט. אָבער אונטער ליכט פאַרשטעהען מיר ניט בלויז פיזישע ליכט, נאָר טאַקע אויך גייסטיגע ליכט. ביי אונז אידען פאַרשטעהט מען אונטער „ליכט״ וויסען, באַלעהרענטקייט, כאַראַקטער, פיינקייט, איידעלקייט, גוטהאַרציגקייט, און אַזוי ווייטער. מיר אידען רעדען פון אַ „ליכטיגע נשמה״, אַ „ליכטיגע פערזענליכקייט״.

אַמאָל, אין די גוטע יאָהרען, איז געווען איין סאָרט אידען, און דער אונטערשיעד פון איינעם צום אַנדערען איז געלעגען אין דער מאָס „גייסטיגע ליכט״, וואָס יעדער איינער האָט פאַרמאָגט. היינט, אָבער, האָבען מיר ברוך השם אַ היבשע צאָהל „סאָרטען״ פון אידען. קודם כל איז אונזער ביסעל אידען צעטיילט געאָגראַפיש, לויט לענדער: אַמעריקאַנער אידען, רוסישע אידען, ענגלישע אידען, פראַנצויזישע אידען, און אַזוי ווייטער. אין יעדען לאַנד באַזונדער זיינען זיי צעטיילט פּאָליטיש: ציוניסטען, אגודיסטען, מזרחיסטען, פּועלי מזרחיסטען, פּועלי ציוניסטען, רעוויזיאָניסטען, „דזשוּאיש קאָמיטע״ אידען, „בני ברית״ אידען, העברעאיסטען, אידישיסטען. דאַן זיינען מיר צעטיילט רעליגיעז: עס זיינען פאַראַן: אָרטאָדאָקסען, קאָנסערוואַטיווע, האַלב־רעפאָרמער, גאַנצע רעפאָרמער, און גלאַט אפּיקורסים. דאַן זיינען פאַראַן:

טאָג־אידען — אַזעלכע וואָס געהען יעדען טאָג אין שוהל אַריין.

קדיש־אידען — וואָס גיין שוהל אַרייָן [?]

קדיש־אידען — וואָס געהען אַלע טאָג אין שוהל אַרייך, אין פאַרלויף פון דעם קדיש־יאָהר.

שבת־אידען — וואָס געהען אין שוהל אַריין בלויז שבת.

יום־טוב־אידען — וואָס געהען אין שוהל אַריין בלויז ימים טובים.

יזכור־אידען — וואָס געהען אין שוהל אַריין בלויז די פיער ימים טובים ווען מען זאָגט יזכור.

ימים־נוראים־אידען — וואָס געהען אין שוהל דאַווענען בלויז ראש־השנה און יום הכפור.

יאָהרצייט־אידען — וואָס באַנוגענען זיך מיט געהן אין שוהל אַריין בלויז ווען זיי האָבען יאָהרצייט.

בר־מצוה־אידען — אַזעלכע וואָס געהען אין שוהל בלויז ווען זייערס אַ קינד ווערט בר־מצוה.

לעצטענס, איז אונז צוגעקומען אַ נייער סאָרט איד — „אַ איד אין האַרצען". דאָס איז דער סאָרט איד וואָס אידישקייט ליגט איהם אפילו ניט אין דער לינקער פּיאה, און אַז מען פאַרפיהרט מיט איהם אַ שמועס וועגען אידישקייט, ענטפערט ער אייך: „וואָס מיינט איהר, אַז מען שלאָגט אידען אַרט עס מיך ניט פּונקט ווי אייך? אָט האָב איך ערשט נעכטען געגעבען דעם „דזשאָינט" כך־וכך!"

נו, געבען צדקה איז טאַקע זעהר וויכטיג, און גאַר אַ גרויסע מצוה. אָבער צדקה איז בלויז איין רינגעלע אין דער לאַנגער גאָלדענער קייט, וואָס הייסט אידישקייט. איז טאַקע אַ „איד אין האַרצען" בעסער ווי גאָרניט. אָבער פאַר דעם קיום־האומה, פאַר אויפהאַלטען די עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאָלק אַלס אַ אידיש פאָלק, איז דאָס ווייט ניט גענוג. ווייל דער ערשטער באַדינג פאַר „ושכנתי בתוך בני ישראל", אַז דער אויבערשטער, דער אידישער אידעאַל, זאָל רוהען צווישען די אידען, איז, אַז דער „נר תמיד" פון „שמן זית זך", דאָס „גייסטיגע ליכט" זאָל שטענדיג לייכטען. תורה, אידישע ערציהונג, לעבען און פיהלען ווי אַ איד, „ושננתם לבניך", „ולמדתם את בניכם" — ערציהען די קינדער אין דעם אידישען וועג, אָט דאָס איז דער ערשטער און הויפּט־זייל אין אידישקייט, וואָרום „ותלמוד תורה כנגד כלם", לערנען איז גלייך צו אַלע אַנדערע מצוות. ווייל תורה איז דער „עץ חיים", דער „לעבענס בוים". אָהן תורה, אָהן אַ אידישער ערציהונג קען דאָס אידישע פאָלק ניט עקזיסטירען אַלס אַ אידיש פאָלק. כביכול אַליין האָט געזאָגט, אַז איהם אַרט אפילו ניט ווען מען פאַרגעסט אָן איהם אַבי „ותורתי שמרו" — אַבי מען זאָל נאָר אָפּהיטען זיין תורה. משה רבינו איז געווען דער גרעסטער איד און דער גרעסטער מענש, וואָס האָט ווען עס איז געלעבט. אָבער „תורת משה" שטעהט נאָך העכער פון איהם.

דער „איד אין האַרצען" גיט אייך אַזאַ מין זאָג: „דאָס לעבען איז קורץ, דאַרף מען אַריינכאַפּען וואָס עס לאָזט זיך און זיך גאָרניט זאָרגען, אָט ווי יענער ישיבה בחור: אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געזעסען אַ ישיבה בחור איבער דער גמרא שטאַרק פאַרזאָרגט. פרעגט איהם אַ צווייטער בחור:

„וואָס זאָרגסטו? דיינע שיפען געהען אונטער? אלא „טעג עסען" וועט דיר קיינמאָל ניט פעהלען, אידען זיינען „רחמנים בני רחמנים".

„איך האָב מורא טאָמער נעמט מען מיך פאַר אַ סאָלדאַט", ענטפערט ער איהם.

רופט זיך אָן דער חבר מיט אַזאַ מין פילאָזאָפיע און מיט דעם גמרא ניגון דערצו:

„האָסט ניט וואָס מורא צו האָבען: וואָרום אָדער מען וועט דיך יאָ נעמען פאַר אַ סאָלדאַט, אָדער מען וועט דיך ניט נעמען. איז דאָך ממה־נפשך, וועט מען דיך ניט נעמען, האָסטו דאָך ניט וואָס מורא צו האָבען, אלא, נאָר וואָס דען, טאָמער נעמט מען דיך יאָ, איז דאָך איינס פון די צוויי, אָדער מען וועט דיך לערנען שיסען, אָדער מען וועט דיך ניט לערנען שיסען. וועט מען דיך ניט לערנען שיסען, איז דאָך ניטאָ וואָס מורא צו האָבען, אלא נאָר וואָס דען, טאָמער לערענט מען דיך יאָ שיסען, איז דאָך איינס פון די צוויי, אָדער מען וועט דיך יאָ שיקען אויף דעם שלאַכטפעלד, אָדער מען וועט דיך ניט שיקען אויף דעם שלאַכטפעלד. וועט מען דיך ניט שיקען אויף דעם שלאַכט־פעלד, איז דאָך ניטאָ וואָס מורא צו האָבען, אלא נאָר וואָס דען, טאָמער וועט מען דיך יאָ שיקען, איז דאָך איינס פון די צוויי, אָדער מען וועט דיך יאָ פאַרוואונדען, אָדער מען וועט דיך ניט פאַרוואונדען. וועט מען דיך ניט פאַר־וואונדען, איז דאָך ניטאָ וואָס מורא צו האָבען, אלא נאָר וואָס דען, טאָמער וועט מען דיך יאָ פאַרוואונדען, איז דאָך איינס פון די צוויי, אָדער מען וועט דיך פאַרוואונדען לייכט, אָדער מען וועט דיך פאַרוואונדען שוועהר. וועט מען דיך פאַרוואונדען לייכט, האָסטו דאָך ניט וואָס מורא צו האָבען, אלא וואָס דען, טאָמער פאַרוואונדעט מען דיך שוועהר, איז דאָס איינס פון די צוויי, אָדער דו וועסט שטאַרבען אָדער דו וועסט ניט שטאַרבען. איז דאָך ממה־נפשך, וועסטו ניט שטאַרבען, האָסטו דאָך ניט וואָס מורא צו האָבען, אלא נאָר וואָס דען, טאָמער שטאַרבסטו יאָ, האָסטו דאָך אודאי ניט וואָס מורא צו האָבען. וואָרום „אדם יסודו מעפר וסופו לעפר" — דו קומסט פון דער ערד און דו געהסט צוריק אין דער ערד, און אין צווישען האָסטו יעדען פורים און שמחת תורה נאָך אַריינגעכאַפּט אַ שנעפּסעל, איז וואָס־זשע זאָרגסטו ברודער?"

אָט דאָס איז די פילאָזאָפיע פון דעם „איד־אין־האַרצען" איד — אַ שנעפּסעל כאַפּט ער זיך אַריין, און אַ פּאָר דאָלאַר אויף צדקה גיט ער אויך, איז וואָס זשע אייגענטליך נאָך וויל מען פון איהם? און אָט דער דאָזיגער סאָרט איד האָט נאָך אַ פילאָזאָפיע, ער האַלט שטאַרק פון דעם ווערטעל: „זיי אַ רוימער ווען דו לעבסט אין רוים". אַזוי ווי מען לעבט צווישען גויים, טענה'ט ער, דאַרף מען זיך פיהרען ווי גויים. מען דאַרף נאָר, זאָגט ער, זיין קלוג און פאַרשטעהן ווי דאָס צו מאַכען. מען דאַרף, זאָגט ער, האָבען אַ „סמיקאַלקע" אין קאָפּ. טאָמער, זאָגט ער, פעהלט אַ „קליעפּקע" אין קאָפּ, טויג ניט. אָט, למשל, ווי יענער ישיבה בחור: צוויי ישיבה בחורים האָבען זיך עפּעס פאַרזינדיגט. האָט דער ראש הישיבה זיי באַשטראָפט דערמיט, אַז זיי זאָלען אַריינטהון אַרבעס אין די שטיוועל, און אַזוי אַרומגעהן צוויי מעת־לעת נאָכאַנאַנד. נו, אַז דער רבי הייסט איז פאַרפאַלען. אַ טאָג שפּעטער

טרעפען זיך די צוויי ישיבה לייט. איז איינער בלייך אויף דעם פנים, ער ליידט שרעקליכע שמערצען, און קען שוין ממש ניט מעהר אויסהאַלטען, און ער פרעגט דעם צווייטען:

„ווי פיהלסטו?"

„מיך אַרט עס ווי דער פאַראַיאָהריגער שניי", ענטפערט דער צווייטער.

„וואָס הייסט? האָסט ניט אָנגענומען דעם רבי'נס שטראָף?"

„געוויס האָב איך אָנגענומען און געטהון ווי דער רבי האָט געהייסען", ענטפערט דער צווייטער.

„טאָ ווי־זשע קומט עס וואָס דו ליידסט ניט קיין יסורים?"

„גאַנץ פשוט", זאָגט דער צווייטער, „איך האָב פריהער אָפּגעקאָכט די אַרבעס."

איז אַ „סמיקאַלקע" אין קאָפּ טאַקע זעהר גוט און פיין. געוויס איז קלוגשאַפט בעסער פון נאַרישקייט. עס איז שטענדיג בעסער זיך אַרויסצו־כאַפּען אַ נאַרישקייט, איידער זיך אַרויסצוכאַפּען אַ חכמה. וואָרום, אַז מען „כאַפּט זיך אַרויס אַ נאַרישקייט" איז אַ סימן, אַז מען זאָגט שטענדיג קלוגע זאַכען. אָבער אַז מען „כאַפּט זיך אַרויס אַ חכמה", איז דאָך אַ סימן, אַז מען זאָגט שטענדיג נאַרישקייטען. אָבער מיר אידען, דאַרפען אין זינען האָבען דעם „שנים ליום תמיד" וואָס שטעהט אין דער היינטיגער סדרה. אַ חסידיש ווערטעל טייטשט עס אויס אַזוי: אַ איד דאַרף שטענדיג טראָגען אין זיך צוויי „תמידים": „שויתי ד' לנגדי תמיד" און „וחטאתי נגדי תמיד". אַ איד דאַרף שטענדיג אין זינען האָבען דעם אַלמעכטיגען און דעם אידען. וואָרום איד און כביכול זיינען „חד הוא" — איינס. עס קען ניט זיין קיין אידיש פאָלק אָהן אַ אידיש לעבען, און עס קען ניט זיין קיין אידיש לעבען אָהן אַ אידיש פאָלק.

און די אידען וואָס מיינען, ליידער, אַז מיט פאַרבויגען זייער אידיש־קייט וועלען זיי אויסלעבען זייערע יאָהרען אין גליק און פרידען, האָבען במחילה אַ גרויסען טעות. דאָס האָבען מיר דאָך אַליין געזעהען אין אונזער אייגענער צייט. האָבען דאָך די נאַציס ימח שמם, געשיקט אין די קאַלך־אויוועָנס אפילו אזעלכע אידען וואָס זיינען שוין פיער דורות ניט געוועזן קיין אידען.

מיר מוזען האָבען אין זינען, אַז געבוירען אַ איד איז פאַרפאַלען. עס איז אַמאָל אַ זונטאָג בייטאָג, אַריינגעלאָפען אַ גוי צו זיין אידישען שכן און האָט איהם אָנגעהויבען שלאָגען. האָט דער איד אָנגעהויבען צו שרייען:

„סטעפּאַן, צי ביסטו משוגע, צי חסר־דעה, פאַרוואָס קומט עס מיר? ווען דו ביסט אין אַ נויט העלף איך דיר, און לייה דיר געלט, איז פאַרוואָס שלאָגסטו מיך?"

„ווייל דו האָסט דער'הרג'עט מיין גאָט", ענטפערט דער גוי.

„וואָס רעדסטו סטעפּאַן?" טענה'ט דער איד, „ערשטענס, זיינען פאַראַן גוי'אישע געלעהרטע, וואָס האַלטען, אַז דיין גאָט האָט גאָר קיינמאָל ניט גע־לעבט; צווייטענס, פיעלע גוי'אישע געלעהרטע, וואָס האַלטען, אַז דיין גאָט האָט יאָ געלעבט, זיינען מיט דער מיינונג, אַז ניט די אידען, נאָר די רוימער האָבען איהם געקרייציגט; און דריטענס, אָנגענומען אפילו, אַז די אידען

האָבען איהם געטויטעט, איז דאָך דאָס שוין אַ מעשה פון צוויי טויזענט יאָהר, איז וואָס־זשע בין איך שולדיג? איז וואָס־זשע ווילסטו פון מיר?"

"אָבער איך האָב עס ערשט היינט געהערט פון מיין גלח אין קלויסטער", האָט איהם דער גוי געענטפערט.

אַלזאָ, אַזוי לאַנג ווי דער איד וועט זיין אין גלות, וועט איהם דער גוי שלאָגען. געלעהרטע וועלען קומען און זיך פּלפּול'ען און שאַפען גאַנצע טעאָריעס. איינער וועט אָנגעבען עקאָנאָמישע מאָטיווען, דער אַנדערער וועט אָנגעבען רעליגיעזע טעמים, דער דריטער פּאָליטישע אורזאַכען. צי דער טעם צי דער טעם, שלאָגען וועט מען. איז לאָמיר זשע כאָטש טראָגען די אידישע פּאָהן, אונזער אידישקייט, מיט שטאָלץ!

דאָס איינציגע וואָס קען פאַרקלענערען דעם אַנטיסעמיטיזם אין גלות, איז אַן אייגען לאַנד אין דעם פולען זין פון וואָרט. פשוטו כמשמעו — אַ אידיש לאַנד, און אַ אידיש פאָלק מיט פעלקער גלייך. און איצט האָבען מיר אַ גוטע געלעגענהייט. די גויים האָבען מודה געווען און אונז צוריק געגעבען אַ פּיצעל פון אונזער לאַנד. איז ווענדעט זיך פריהער אין דעם אויבערשטען, און דערנאָך אין אונז אַליין, ווי שנעל און טיכטיג מיר וועלען אויסנוצען אָט די דאָזיגע געלעגענהייט.

בת ציון איז ישראל'ס בת יחיד'קע. און די "בת יחיד'קע" איז שוין נעבעך אַזוי אויך אַ פאַרזעסענע. שוין קנאַפּע צוויי טויזענט יאָהר ווי זי זיצט און וואַרט אויף איהר חתן ישראל. ביז איצט האָבען די גויים, און טאַקע אַ היבש ביסעל פון אחינו בני ישראל, עס זאָל זיי ניט גערעכענט ווערען, גע־שטערט דעם שידוך. און אויך ווייטער וועלען זיי מסתמא שטערען. די גוים וועלען פשוט מורא האָבען, אַז אַלע אידען פון דער גאַנצער וועלט וועלען כאַפּען די פעקלעך און מאַכען אַ ויברח קיין ישראל, וועט זיי פשוט ניט בלייבען קיין איד אויף אַן "אַנטיסעמיטישער המוציא". און געוויסע רייכע אי־דעלעך אין אַמעריקע וועלען זיך האָבען זייערע טעמים פאַר וועלען קאַליע מאַכען דעם שידוך.

טאָרען מיר, אידען פון אַ גאַנץ יאָהר, ניט פאַרפּוטשען די געלעגענ־הייט, און מיר מוזען טהון אַלץ מעגליכע, אַז דער שידוך צווישען "בת ציון" און "ישראל סבא" זאָל קומען צו אַ שטאַנד וואָס שנעלער. עס איז אונזער חוב, עס איז דאָס געבאָט פון דער שעה.

ווי באַוואוסט, האָט זיך לוט אַמאָל אָנגע'שכור'ט. ווען נח איז אַרויס פון דער תיבה האָט ער זיך אויך אָנגע'שכור'ט. פרעגט די וועלט: פאַרוואָס זאָגט מען "שכור ווי לוט", און ניט "שכור ווי נח"? ענטפערט מען: "נח האָט געהאַט זיהן, האָט ער געמעגט שיכור'ן, אָבער לוט האָט דאָך געהאַט טעכטער, איז אַז מען האָט טעכטער דאַרף מען זיי פריהער חתונה מאַכען".

דאַרפען מיר פאַרגעסען אין באַנקעטען, הוליאַנקעס, פּאַרטיס, און זעהן וואָס שנעלער חתונה מאַכען אונזער בת יחיד'קע ציון. יעדער איינער זאָל ביישטייערען צום נדן און צום דרשה־געשאַנק נאָך מעהר וויפיעל ער קען, און אין דעם זכות וועלען מיר דערלעבען די גאולה שלמה במהרה בימינו, אמן.

# תשא

די היינטיגע סדרה איז אָנגעפּיקעוועט מיט אַזוי פיעל גוטע זאַכען, אַז עס ווערט פּשוט גוט אויף דער נשמה לערנענדיג די סדרה. עס רעדט זיך וועגען „שקל", אַז דער גביר טאָר ניט געבען מעהר, און דער אָרימאַן טאָר ניט געבען ווייניגער. איז טאַקע דעם גביר לייכטער ניט צו געבען מעהר איידער דעם אָרימאַן ניט צו געבען ווייניגער. אָבער עס באַווייזט וואָס פאַר אַ דעמאָקראַטיש פאָלק מיר אידען זיינען געוועזען שוין מיט טויזענטער יאָהר צוריק. ווען מען ווערט אַ פאָלק דאַרפען אַלע זיין גלייך פאַרטראָטען. ניטאָ קיין מיוחסים, אַלע זיינען גלייך. אידען האָבען געלעבט אין דער מדבר, עס האָט אויסגעפעהלט ברויט, פלייש און אפילו וואַסער. אָבער אַלע האָבען געגעבען. יעדער איינער האָט זיך באַטייליגט אין העלפען אויפבויען דאָס אידישע פאָלק.

מיר לערנען אויך וועגען דער וויכטיגקייט פון שבת, פון ימים טובים, און דעם רחמנות־פולען געבאָט „ניט צו קאָכען אַ ציגעלע אין דער מוטער'ס מילך", און אַז משה רבינו האָט געגעבען די לוחות. איז אָבער דאָס געבען די לוחות ניט צוגעגאַנגען אַזוי גלאַטיג. יעדע גוטע זאַך קומט אָן שוועהר. פונקט ווי יעדער וואָלקען האָט זיין זילבערנעם זוים, און יעדע זון האָט איהר שאָטען, אַזוי האָט יעדע גוטע זאַך שוועהרע, אָנאַנגענעהמע זייטען.

אָט נעמט, למשל, יוסף הצדיק, איז ער עפּעס אַזוי לייכט, ניט מיר, ניט דיר געוואָרען וויצע־קעניג אין מצרים? ער האָט פריהער גאָר געמוזט ליגען אין אַ גרוב. איז טאַקע אַמאָל געקומען אַ אידענע שבת אין שוהל פונקט דאַן ווען מען האָט געלערענט די סדרה וואָס דערצעהלט ווי די ברידער האָבען אַריינגעוואָרפען יוסף'ן אין אַ גרוב אַריין, האָט זי זיך שטאַרק אויסגע־וויינט אויס רחמנות אויף דעם אָרימען יוסף'ן. אַ יאָהר שפּעטער איז זי ווי־דער געקומען אין שוהל אַריין פונקט דעם שבת ווען מען האָט געלייענט די זעלבע סדרה. ווען זי האָט דערהערט, אַז מען האָט יוסף'ן נאָך אַמאָל אַריינ־געוואָרפען אין גרוב אַריין, האָט זי אַ זאָג געטהון: „אַ מצוה אויף איהם, האָט ער זיך געזאָלט היטען די ביינער".

זיינען מיר, אָבער, אַ פאָלק וואָס מיר היטען זיך ניט די ביינער, און דערצו זיינען מיר נאָך אָפטמאָל אַביסעל צו אומגעדולדיג. דער אַלמעכטיגער פיהרט אַרויס די אידען פון מצרים, ער גיט זיי מן, פויגעל־פלייש און קוואַ־לענדיג וואַסער, און גיט זיי אַזעלכע טייערע עשרת הדברות. אָבער אַז משה כאַפּט זיך אַרויף אויף אַ פּאָר וואָכען אויף דעם הימעל אַראָפּצוברענגען די לוחות, און ער פאַרשפּעטיגט אַביסעלע, טהוען זיי אַ כאַפּ און מאַכען דעם עגל הזהב — דאָס גאָלדענע קעלבעל.

אמת, זיי זיינען טאַקע ניט געוועזען אינגאַנצען שולדיג. דער שטן האָט זיי פאַרפיהרט. ווען משה האָט אַביסעל פאַרשפּעטיגט, האָט דער שטן זיך

פאַרשטעלט און געמאַכט אין דער לופטען אַ בעטעל, ווי מען טראָגט משה'ן, די אידען זאָלען מיינען אַז ער איז נפטר געוואָרען. איז עס איהם טאַקע געלונגען, און זייענדיג נאָך גייסטיג פאַרשקלאַפט, האָבען די אידען זיך געכאַפּט מאַכען דעם גאָלדענעם קאַלב און אַרום איהם געטאַנצט.

און אידען האָבען טאַקע ליעב אַ טענצעל. מען האָט אַמאָל געוועהלט אין דער שטאָדט פּראַג אַ „מעיאָר" וועמען די אידען האָבען געהאַלטען פאַר אַ אידען־פריינד, אָבער אין אמת'ן איז ער גאָר געווען אַ שונא ישראל. האָט מען אַראַנזשירט אַ גרויסען באַנקעט, עס זיינען געקומען די „פּני", און דער „נודע ביהודה" ז"ל איז אויך אָנוועזענד געווען, און די אידען האָבען פון שמחה געטאַנצט. דער אַנטיסעמיטישער „מעיאָר" האָט געוואָלט „אַריינזאָגען" דעם „נודע ביהודה", גיט ער צו איהם אַ זאָג: „אידען האָבען ליעב צו טאַנצען. זיי האָבען דאָס, ווייזט אויס בירושה. ווען זייערע עלטערען האָבען געמאַכט אין דער מדבר דעם גאָלדענעם קאַלב, האָבען זיי אויך געטאַנצט". האָט דער „נודע ביהודה" איהם געענטפערט: „ביזט גערעכט, הער מעיאָר, ווען אידען מאַכען פאַר זייער פיהרער אַן אָקס אָדער אַ קאַלב, טאַנצען זיי".

זעהט איהר, די פרויען פון יענעם דור זיינען געווען קליגער פון די מענער. אַז מען האָט געוואָלט אַז זיי זאָלען געבען זייער ציהרונג אויף צו מאַכען דעם קאַלב, האָבען זיי געזאָגט „לא מיט אַן אלף". מען האָט געמוזט אַראָפּרייסען פון זיי דאָס ציהרונג מיט געוואַלט. דערפאַר טאַקע האָבען זיי זוכה געווען, אַז ראש חודש זאָל זיין זייער ספּעציעלער יום טוב, און דערפאַר טאַקע, נייהען זיי ניט אום ראש חודש. און וואָס זשע איז געוואָרען פון דעם קאַלב? — אַש. ווען משה איז אַראָפּגעקומען האָט מען דעם קאַלב באַלד פאַרברענט, צעשפּרייט דאָס אַש איבער דעם וואַסער. אָבער די לוחות וואָס משה רבינו האָט שפּעטער אַראָפּגעבראַכט, עקזיסטירען ביז דעם היינטיגען טאָג, און זיי וועלען זיין אייביג.

און אויסער דעם וואָס דער שטן האָט זיי פאַרפיהרט, דאַרף מען גלאָט זיי ניט פאַראיבעל האָבען פאַר מאַכען דעם גאָלדענעם קאַלב. מיר וועלען עס קלאָהר פאַרשטעהן דורך אַ מעשה שהיה:

אַ גביר האָט חתונה געמאַכט זיין טאָכטער מיט אַן אָרימען, קליין־שטעדטעלדיגען ישיבה־בחור. האָט ער, ווי דער שטייגער איז, איהם גענומען אויף קעסט און איהם געשטאָפּט מיט הינער און אינדיקעס און אַנדערע גוטע מאכלים. מאַכט זיך אַמאָל אַז דער גביר פאָהרט אַוועק, און אַז דער איידעם האָט גראָד פאַרבלאָנדזשעט אין קיך אַריין. דערזעהענדיג דאָרט שוואַרץ, אַלטגעבאַקען ברויט און ציבעלעס מיט קנאָבעל, האָט ער זיך דערצו צוגע־כאַפּט מיט אַזאַ אַפּעטיט, און זיך אַזוי אָנגעגעסען, אַז ער איז קראַנק געוואָרען. ווען דער שווער איז צוריק געקומען און געוואויר געוואָרען דעם אמת, איז ער שטאַרק בייז געוואָרען און האָט איהם אויסגעזידעלט: „דו אַזעלכער און אַזעל־כער! ווי פאַלסטו אויס זיך אָנצועסען מיט אָט די גראָבע מאכלים, אין דער צייט ווען אין הויז געפינט זיך פון כל טוב?" ענטפערט איהם דער איידעם: „געוויס, אין הויז איז טאַקע דאָ פון מעדני מלך, אָבער פאַרגעסט ניט, שווער לעבען, פון וואַנען איך שטאַם, פון וועלכער קבצן'ישער שטוב איך קום. מיין

גאַנץ לעבען בין איך געוואוינט געווען צו אַט די גראָבע מאכלים, האָט זיך מיר פשוט פאַרבענקט נאָך זיי".

דאָס געמליכע איז מיט יענע אידען. דורות לאַנג האָבען זיי געלעבט אין אַ לאַנד פון טומאה און עבודה זרה, איז גאָר קיין חידוש ניט וואָס זיי האָבען ניט געקאָנט מיט איין מאָל אויסוואָרצלען פון זיך די תאוה צו עבודה זרה.

און אַז כביכול איז אין כעס געוואָרען און האָט געזאָגט אַז ער וויל מעהר ניט האָבען צו טהון מיט די אידען, האָט דער גרויסער פאַרטיידיגער משה רבינו גע'טענה'ט: „בייז, טאַטעניו, דו דאַרפסט די אידען פונקט ווי די אידען דאַרפען דיך". עס איז אַ גלייכער שותפות", און דער דובנער מגיד ז"ל ער־קלעהרט עס מיט אַ פיינעם משל:

אַ פעדלער, וואָס פלעגט זיך אַרומטראָגען מיט הילצערנע און ערדענע כלים צו פאַרקויפען, איז אַוועק אין דער סאַמע רייכסטע גאַס פון דער הויפּט־שטאָדט און געפּעדעלט מיט זיין סחורה. האָט ער אַרומגעפּעדעלט אַ גאַנצע וואָך און ניט געלייזט קיין גראָשען. איז ער געשטאַנען אַ מידער און שטאַרק פאַר־זאָרגט, ביטאָ אויף שבת. איז דורכגעגאַנגען אַ מאַן און האָט געזעהען דעם פאַר־דאגה'טען פּעדלער, זאָגט ער צו איהם: „אַ שאָד אייער צייט. אין דער דאָ־זיגער געגענט וועט איהר גאָרניט פאַרקויפען. זיי דאַרפען ניט קיין הילצערנע לעפעל און ערדענע כלים. זיי עסען מיט זילבערנע לעפעל און אין פאָרצע־לייענע טעלער. איהר זייט זיך מטריח מיט אייער סחורה אין דעם אָרימען אידישען קוואַרטאַל, וואו עס וואוינען די קבצנים, דאָרט וועט איהר געפונען גענוג בעלנים אויף אייער סחורה".

דאָס זעלבע האָט גע'טענה'ט משה צום רבונו של עולם. „דו ביזט אַ בעל הרחמים, און מיט דיין רחמים וועסטו אויף דעם הימעל צווישען די מלאכים גאָרניט אויפטהון. זיי האָבען ניט קיין יצר הרע, זיי זינדיגען ניט, דאַרפען זיי ניט דיין סחורה, דיין רחמים. „אם נא מצאתי חן בעיניך ה', ילך נא ה' בקרבנו, כי עם קשה עורף הוא וסלחת לעוננו ולחטאתנו." אויב דו ווילסט מאַכען געשעפט, אויב דו ווילסט פאַרקויפען דיין רחמים, איז קום צו אונז, אידעלעך, מיר האָבען ליב אונטערצוזינדיגען וועסטו האָבען קונים". האָט דער בורא עולם טאַקע געפאָלגט משה'ס עצה, און „וינחם ה' על הרעה אשר דבר לעשות לעמו", און דער אַלמעכטיגער האָט טאַקע חרטה געקראָגען, און ער האָט ניט פאַרלענדעט די אידען.

און מיר זעהען אַז די שטיינערנע לוחות האָבען גובר געווען די „גאָל־דענע" עבודה זרה. וואָרום אפילו שטיין, אויב נאָר עס סימבאָליזירט אמת, איז עס גובר אפילו גאָלד, וואָס סימבאָליזירט שקר און ליגען. און אונזערע לוחות זיינען דאָך פול מיט אַזוי פיעל אמת, מיט אַזוי פיעל עטישער שעהנ־קייט, מיט אַזוי פיעל מאָראַל! נעמט למשל, דאָס ערשטע געבאָט: „איך בין דיין אויבערשטער". איז דען נאָך פאַראַן אַ גרעסערער אמת? און געדענקט! עס שטעהט „דיין" און ניט „אייער", ווייל דאָס איז געזאָגט געוואָרען צו יעדען איינעם באַזונדער!

ליידער זיינען שטענדיג געווען, און עס זיינען היינט צו טאָג אויך פאַראַן, אַזעלכע וואָס קענען ניט, אָדער ווילען ניט, איינזעהן דעם דאָזיגען אמת.

די היינטיגע הפטורה דערצעהלט אונז ווי אליהו הנביא איז געקומען צו דעם מלך אחאב, און ער האָט צו איהם געזאָגט: „זאַמעל צונויף אַלע אידען און די פאַלשע נביאים פון די אָפּגעטער בעל און אשרה, ביי דעם באַרג כרמל“. און אליהו האָט אויסגעשריען צו אַלע פאַרזאַמעלטע: ווי לאַנג נאָך וועט איהר ניט קענען באַשליסען ווער עס איז דער אמת׳ער גאָט?“ און טאַקע באַלד אויף דעם אָרט האָט אליהו באַוויזען, אַז בעל און אשרה זיינען בלויז אָפּגעטער, אַז זייערע נביאים זיינען ניט קיין נביאים, און אַז דער אויבערשטער איז דער האַר פון דער וועלט.

און די היינטיגע „וואוילקענענדיגע“, וואָס „פילאָזאָפירען“ וועגען אויבערשטען און האָבען ספקות, ווייל זייערע מוחות קענען עס ניט בעגרייפען, וואָלטען בעדאַרפט פאַרשטעהן, אַז כביכול איז אַזוי אַל־אומפאַסענד, אַז עס איז פשוט ניט מעגליך פאַר דעם מענשליכען מוח איהם צו באַגרייפען. אונזערע חכמים ז״ל האָבען דאָס אויסגעדריקט אין בלויז פיער ווערטער: „המקום מקומו של עולם“. מענשען מיינען, אַז כביכול איז אין דער וועלט. ניין, די וועלט איז אין איהם! ווען אַ מענש איז אין אַ צימער, איז דאָס צימער, פאַרשטעהט זיך, גרעסער פון דעם מענשען, אַניט וואָלט דאָך דער מענש ניט געקאָנט אַריין. אַ גרעסערע זאַך קען אין זיך ענטהאַלטען אַ קלענערע זאַך, אָבער ניט פאַרקעהרט. אַזוי אויך איז מיט דעם אויבערשטען און די וועלט. די וועלט איז אין איהם, ער איז גרעסער פון דער וועלט.

ביי אברהם אבינו זאָגט אונז די תורה: „ויוצא אותו החוצה ויאמר הבט נא השמימה“ — ווען כביכול האָט געוואָלט ווייזען אברהם׳ן, אַז זיינע קינדער וועלען זיין אַזוי פיעל ווי די שטערען, האָט ער איהם אַרויסגענומען „אויסענווייניג“, און ער האָט צו איהם געזאָגט „הבט“ — קוק. ער האָט איהם אַרויסגענומען אויסערהאַלב דער וועלט און איהם געהייסען אַראָפּקוקען אויף די שטערען. אַלזאָ, דער אַלמעכטיגער איז אַזוי גרויס, אַזוי אַל־אומפאַסענד, אַז דעם מענשענ׳ס מוח׳עלע מיט זיין גאַנצער „פילאָזאָפיע“ און „וויסענשאַפט“ קען עס גאָר ניט באַגרייפען.

זיינען טאַקע פאַראַן מענשען וואָס דערפאַר וואָס זיי קענען ניט באַגרייפען די אַלמעכטיגקייט זיינען זיי ניט אַהין און ניט אַהער. זיי גלויבען יאָ און גלויבען ניט. זיי געהען אין דערמיט. דערמאָנט עס אין פאָלגענדען פאַל: אַ רב האָט אַמאָל פאַרפיהרט אַ שמועס מיט איינעם, וואָס האָט ניט געקענט ביי זיך באַשליסען צי זאָל ער יאָ גלויבען אין בורא, צי ניט. און דער מסופק׳דיגער האָט גע׳טענה׳ט, אַז אַזוי ווי ער קען ניט באַשליסען, געהט ער אין דערמיט — אַביסעל גלויבט ער יאָ און אַביסעל גלויבט ער ניט. האָט דער קלוגער רב איהם צוגעפיהרט צום פענסטער און געזאָגט: „זעהסט, אויף דער רעכטער זייט פון וועג געהען מענשען, און אויף דער לינקער זייט פון וועג געהען מענשען, און ווער געהט אין דערמיט? פערד“.

פאַרשטעהט זיך, אַז אפילו צווישען די גאָר־גלויביגע זיינען פאַראַן אַזעלכע וואָס היטען ניט אַלץ אָפּ הונדערט פּראָצענט. אַמאָל צוליב אומשטענדען, אַמאָל צוליב אַנדערע אורזאַכען. וועגען אַזאַ איינעם דערצעהלט מען, אַז ווען מען האָט איהם געפרעגט „ווי האַלט עס עפּעס ביי דיר מיט

יראת שמים?״ האָט ער געענטפערט: „איך בין אַ מסתפק במיעוט״. דער עיקר, אָבער, איז גלויבען אין דעם ערשטען געבאָט „אנכי״ — איך בין דיין באַשעפער, ניטאָ קיין אַנדערער. דאָס איבעריגע וועט שוין במילא אַליין קומען.

און קערענדיג אמת זיינען די אַנדערע געבאָטען פון די לוחות. וויפיעל מאָראַל, וויפיעל עכטע עטיק איז פאַראַן אין אַזאַלכע געבאָטען ווי האַלט עהרליך טאַטע־מאַמע, גנב׳ע ניט, הרג׳ע ניט און אַזוי ווייטער. און בלויז דערפאַר, ווייל זיי זיינען געטליך, זיינען זיי אַזוי אמת׳דיג, און ווייל זיי זיינען אַזוי אמת׳דיג, זיינען זיי אַזוי דויערהאַפט. וואָרום אמת איז אייביג, און מיט אמת דערגרייכט מען שטענדיג אַלץ. ווי זאָגט די גמרא „קושטא קאי, שקרא לא קאי״ — אמת באַשטעהט, ליגען פאַרגעהט. און דער דובנער מגיד ז״ל פאַרגלייכט עס מיט אַ שעהנעם משל:

אַ איד האָט באַדאַרפט טהון אַ שידוך מיט זיין זוהן, האָט מען איהם גערעדט אַ שידוך מיט דער טאָכטער פון אַ פיינעם בעל הבית פון אַן אַנדער שטאָדט. דער פאָטער האָט אַליין געוואָלט פאָהרען זעהן די מחותנים און אָנקוקען די כלה, האָבען בייזע צונגען דערווייל אָנגערעדט, אַז דער כלה׳ס פאָטער איז אַ גרויסער קבצן, און ער וועט ניט קענען סילוק׳ן דעם נדן. דער שדכן, אָבער, האָט, ווי דער שטייגער איז, געאַרבייט אויף אַלע כלים, און ער האָט אויסגעפיהרט, אַז דעם חתן׳ס פאָטער זאָל פאָהרען אָנקוקען די כלה. איז דעם חתן׳ס פאָטער געפאָהרען, און ער איז ביי זיך געוועזן זיכער, אַז די מחותנים און די כלה וועלען זיך אויספוצען אין געליהענע מלבושים, און וועלען צופוצען דאָס הויז מיט געליהענע זאַכען, ווי עס איז דער שטייגער מיט אָרימעלייט, ווען אַ מחותן דאַרף קומען אָנקוקען אַ כלה. אָבער ווען ער איז אַהין געקומען, האָט ער געטראָפען די מחותנים און די כלה אין אָפּגעריסענע קליידער, און אין הויז גופא האָט דער דלות געפייפט אין אַלע ווינקעלעך. פאַרשטעהט זיך, אַז דערפון איז ער געוואָרען נאָך מעהר איבערצייגט, אַז זיי זיינען גרויסע קבצנים און אַז אויף נדן איז ניטאָ קיין שום האָפנונג, אָבער גראָד דאָס איז איהם געפעלען. ער האָט זיך געטראַכט: זיי האָבען דאָך געוואוסט, אַז איך קום, וואָלטען זיי דאָך געווען געקאָנט לייהען זאַכען און מיך אָפּנאַרען. אַז זיי האָבען אָבער דאָס ניט געטהון, איז אַ סימן, אַז זיי זיינען אמת׳ע מענשען, און קיין בעסערען שידוך פאַר מיין זוהן דאַרף איך ניט.

אַלזאָ, דער אמת זיגט שטענדיג. און עס איז בכלל לייכטער צו לעבען מיט דעם אמת, ווייל אמת איז נאַטירליך, און שקר איז נאָכגעמאַכט. אויף שקר דאַרף מען זיך מוטשען. מען דאַרף שטענדיג האָבען נאָך עטליכע ליגענס, כדי צו אונטערשטיצען דעם ערשטען ליגען. בעת אמת איז נאַטירליך און עס קאָסט ביליגער.

מען האָט אַמאָל געפרעגט ר׳ אורי סטרעליסקער ז״ל: „ווי קומט עס וואָס אַמאָליגע גוטע אידען האָבען זיך באַגנוגענט מיט קליינע פדיונות, און מאַנכע פון די היינטיגע רביים הייסען זיך געבען גרויסע מטבעות?״ האָט ר׳ אורי געענטפערט: „גאַנץ איינפאַך, מיר זעהען אין דער וועלט, אַז אַ נאַטירליכע זאַך קאָסט תמיד וועלוועלער ווי אַ נאָכגעמאַכטע זאַך. אָט נעמט, למשל, אַן

אמת׳ע, נאַטירליכע בלום, קאָסט זי ביליגער ווי אַ פאַבריצירטע, נאָכגעמאַכטע בלום. אַמאָליגע גוטע אידען זיינען געווען אמת׳ע „גוטע אידען״, האָבען זיי זיך באַגנוגענט מיט אַ קלייניגקייט. אָבער מאַנכע פון די היינטיגע זיינען געמאַכטע, קאָסטען זיי טייערער.״

דאַרפען מיר שטענדיג האָבען אין זינען, אַז משה אמת ותורתו אמת. נאָך מעהר, דעם אויבערשטענ׳ס חתימה איז אמת. און אמת איז איינער פון די דריי זיילען, אויף וועלכע די וועלט שטעהט. עס זיינען פאַראַן, ליידער, מענשען, וואָס מיינען, אַז ליגען איז אַ בעסער מיטעל פאַר ערפאָלג ווי אמת. פעהלט ניט, פאַרשטעהט זיך, קיין שקר אויף דער וועלט. און ווען די חכמים ז״ל באַקלאָגען זיך, אַז שקר באגעגענט מען אָפטער ווי אמת, ער־קלערען זיי דאָס אויף אַ וואונדערבאַרען אופן: די אותיות פון דעם וואָרט „אמת״ זיינען וויט איינער פון דעם אַנדערען אין דעם אלף בית. דער בוכ־שטאַב „א״ געפינט זיך צום אָנהויב פון דעם אלף בית, די „מ״ שטעהט אין דערמיט, און „ת״ געפינט זיך צום סוף. דאַגעגען די אותיות פון דעם וואָרט „שקר״ געפינען זיך איינער נעבען דעם אַנדערען אין דעם אלף בית, נעמליך „ק״, „ר״, „ש״ — שקר. דאָס איבעריגע פאַרשטעהט איהר דאָך אַליין.

אָבער אַז איהר וועט זיך צוקוקען וועט איהר זעהן אַז יעדער אות פון „שקר״ שטעהט אויף איין פוס, בעת יעדער אות פון „אמת״ שטעהט אויף צוויי פיס. אַלזאָ, אמת איז פעסטער, זיכערער און דויערהאַפטער.

און מיר וועלען ענדיגען מיט אַ גוט ווערטעל פון ר׳ יאָשע בער ז״ל אויף דעם פסוק „ולא יהיה בהם נגף בפקוד אותם״. ווען משה רבינו האָט דערהערט, אַז דער אויבערשטער הייסט צעהלען די אידען, איז ער געוואָרען אונרוהיג. עפּעס אַ קלייניגקייט! אַלע זעקס הונדערט טויזענט אידען וועלען זיך אַ לאָז טהון, יעדער איינער פון זיי וועט וועלען זיין דער ערשטער מקיים צו זיין די מצוה, און אין געשטופּעניש, קען דאָך חלילה נאָך פּאַסירען אַן אומגליק. האָט דער אויבערשטער איהם באַרוהיגט, און געזאָגט: האָסט זיך ניט וואָס צו שרעקען, אַזוי שנעל ווי זיי וועלען דערהערען דעם צווייטען טייל פון דער מצוה „ונתנו איש כופר נפשו״, אַז דאָס צעהלען קאָסט געלט, יעדער איינער דאַרף ביים צעהלען איינצאָהלען אַ האַלבען שקל, איז קענסטו זיכער זיין אַז „ולא יהיה בהם נגף״, אַז זיי וועלען זיך ניט אַזוי שטאַרק שטופּען, עס וועט ניט זיין קיין פּאַניק.

און אויף דעם „ונתנו״ באַמערקט דער בעל הטורים, אַז דאָס וואָרט לייענט זיך אַהין און צוריק, דאָס איז אַ רמז אַז פון געבען ווערט מען ניט אָרימער, דער אויבערשטער באַצאָהלט דערפאַר כפל־כפלים.

# ויקהל

מיר מיינען דאָך, אַז פאַרזאַמלונגען, „מיטינגען", האָבען ערפונדען די אַמעריקאַנער. הויבט זיך עס גאָר ניט אָן. דער ערשטער ערפינדער פון „מיטינגען" איז געווען אונזער משה. הייסט עס, אַז אפילו „מיטינגען" איז אויך געווען אַ איד דער ערשטער צו ערפינדען. אַז מען שמועסט, אַז מיר אידען זיינען אַן „עם נבון וחכם", אַ קלוג פאָלק, איז דאָך נישט שייך. די צרה איז בלויז וואָס מעהר אָפּט זיינען מיר קלוג צו העלפען אַנדערע פעלקער, אָבער אין ישראל סבא, אין דעם אַלטען ישראל'יק פאַרגעסען מיר, ליידער, צו אָפּט.

אַלזאָ „ויקהל משה את כל עדת בני ישראל" — משה האָט פאַרזאַמעלט אַלע אידען. אַז משה רבינו רופט אַן אסיפה, רופט ער נישט בלויז פאַרטיי־מיטגלידער, נאָר דאָס גאַנצע פאָלק — אַ מאַסען־פאַרזאַמלונג פון כל ישראל, צו וועלכער פאַרטייען זאָלען ניט באַלאַנגען. דערצו נאָך איז משה רבינו געווען אַ גרויסער „פסיכאָלאָג", אַ געוואַלדיגער מענשען־קענער, האָט ער געוואוסט אויסגעצייכענט אויף ווען צו רופען די פאַרזאַמלונג. וואָרום אויף ווען, מיינט איהר, האָט ער גערופען די פאַרזאַמלונג? „למחרת יום הכפורים". אַזוי זאָגט רש"י ז"ל בפירוש. באַלד דעם ערשטען טאָג נאָך יום כפור, זאָגט דער „עוללות אפרים", זיינען אַלע אידען ווי דער שטייגער איז, גוט און פרום. איין איד בעט איבער דעם אַנדערען. אַלע אידישע הערצער זיינען דורכגעדרונגען מיט ליבשאַפט און פריינדשאַפט איינער צום אַנדערען. און יום הכפור זיינען אַלע אידען צוזאַמען, פאַראייניגט. אָבער ווי לאַנג האַלט אָן אַט דער דאָזיגער שלום און אחדות? ביז מוצאי יום הכפור. האָט משה רבינו ניט פאַרלאָרען קיין צייט און גערופען די פאַרזאַמלונג באַלד אויף מאָרגען, און האָט פאַרלאַנגט, אַז ניט בלויז יום הכפור, נאָר אויך אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָהר דאַרפען אידען זיין פאַראייניגט און פריינדליך איינער צום אַנדערען.

אָבער דאָס איז ניט געווען אַ פערזאַמלונג צו וועהלען אָדער צו איינ־סטאָלירען בעאַמטע. דער צוועק פון דער פערזאַמלונג איז געווען צו בויען דעם משכן, אַ געטליך הויז, אַ צענטער פון אידישקייט. און משה רבינו דער „אדון הנביאים", דער גרעסטער פון אַלע נביאים, האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז אַ צענטער פון תורה אידישקייט, וואָס אָהן דעם קען ניט זיין קיין אידיש פאָלק, מוז בויען דאָס גאַנצע פאָלק, און ניט אַז יעדע פאַרטיי און פאַרטייעלע, יעדע אָרגאַניזאַציע און אָרגאַניזאַציעלע זאָל מאַכען שבת פאַר זיך. פאַרוואָס טאַקע איז דאָס אידישע גייסטיגע לעבען אין אונזער אַמעריקע אין אַזאַ קלאָ־געגדיגען צושטאַנד? ווייל עס זיינען דאָ צופיעל באַזונדערע פאַרזאָרגער. און דערפאַר זיינען פאַראַן פאַרשיעדענע אידישקייטען. יעדער איינער „פעדעלט" מיט זיין סחורה. דער עולם ווערט צעטומעלט און ווייסט ניט וואָס פאַר אַ

אידישקייט צו קויפען, קויפט ער גאַרניט. ווי זאָגט דאָס ווערטעל: „פון צופיעלע קעכינס, טויג ניט דער מאַלצייט".

עס איז דאָך אַן אונבאַשטרייטבאַרער פאַקט, אַז ווען אידען האָבען גע־דאַווענט, האָבען אַלע אידען געהאַט איין סאָרט סידור. אָבער היינט, בעוונותינו הרבים, ווען פיעלע אידען דאַווענען ניט, האָבען מיר אָהן אַ שיעור פאַרשיעדענע סידורים. ווען אידען האָבען געלערענט און געשיקט זייערע קינדער אין ישיבות און חדרים, האָבען מיר געהאַט איין סאָרט חינוך. היינט, ווען פינף און זיבעציג פּראָצענט אידישע קינדער ווייסען ניט וואָס אַן „אלף" איז, און אַ היבשע צאָהל פון די אַנדערע פינף און צוואַנציג פּראָצענט קען בלויז דעם „בר מצוה ספּיטש" וואָס מען האָט זיי אויסגעלערענט ווי אַ בער טאַנצען, האָבען מיר אָהן אַ שיעור סאָרטען חינוך. אָבער דער סאַמע ערגסטער איז וואָס מען רופט דער „פּראָגרעסיווער" חינוך.

האָבענדיג אַליין געווען אַ לעהרער און אַ פּרינציפּאַל, זיינען דורך מיינע הענט דורכגעגאַנגען היבשע עטליכע טויזענט תלמידים, ווייס איך פון פּראַק־טיקע, אַז פּראָגרעסיווער חינוך איז אַ „מכה שלא כתוב בתורה". אויף דעם וואָרט „פּראָגרעסיוו" דאַרף מען שטענדיג קוקען מיט חשד.

אַ געוויסער גראַף, וואָס איז געווען אַ מיטגליד פון דער דייטשער קייזערליכער פאַמיליע, און אַ גרויסער שונא ישראל דערצו, איז געווען דער פיהרער פון אַן אַזוי־גערופענער „פּראָגרעסיווע" פּאַרטיי. טרעפט דער גראַף אַמאָל דעם באַריהמטען גאון ר' יונתן אייבעשיץ ז"ל, גיט דער אַנטיסעמי־טישער גיפט איהם אַ העט אונטער, און ער וויל עפּעס „אַריינזאָגען" דעם גאון. גיט ער אַ זאָג: „הער ראַבינער, ווי קומט עס וואָס די אידען האָבען אַזוי שטאַרק געביטען די מאָדע? ווען אייער משה און זיין פאַמיליע זיינען געצויגען קיין מצרים, זיינען זיי געריטען אויף אייזלען, און אַז אייער משיח וועט קומען, וועט ער, זאָגט איהר, אויך רייטען אויף אַן אייזעל, און היינטיגע צייטען אַז מען זעהט אַ אידען רייטען, איז עס דוקא אויף אַ פערד און ניט אויף אַן אייזעל?"

„דאָס איז פּשוט דערפאַר", האָט געענטפערט דער רבי, „ווייל מיר אידען ווילען קיינעם ניט באַליידיגען".

„הער ראַבינער, איהר וועט מיר ענטשולדיגען, איך ווייס ניט וואָס איהר מיינט דערמיט", רופט זיך אָן דער גראַף. און רבי יונתן האָט גע־ענטפערט: „איך וועל אייך זאָגען, הער גראַף, מיר האָבען געזעהען, אַז די אייזלען האָבען זיך אָרגאַניזירט און רופען זיך „פּראָגרעסיוו", האָבען מיר אויפ־געהערט רייטען אויף אייזלען, מען זאָל אונז ניט חושד זיין אַז מיר מישען זיך אין פּאָליטיק".

אין אַ „פּראָגרעסיווע" שוהלע לערענט מען טאַקע ניט ווי אין אַ ישיבה, אָבער איין גרויסע מעלה האָט זי יאָ: זי איז אַ סגולה קעגען שדים. אַ מחבר איז אַמאָל געקומען צו דעם באַריהמטען גאון ר' יוסף שאול נאַטאַנזאָהן ז"ל, לעמבערגער רב, און געבעטען ער זאָל איהם געבען אַ הסכמה אויף זיין ספר. דורכבלעטערענדיג דעם ספר, האָט דער גאון געזעהען, אַז עס ענט־האַלט מעהר שטות פון חכמה, מעהר פּאָלאָווע פון זערנעס, האָט ער, פאַר־שטעהט זיך, איהם אָפּגעזאָגט. האָט דער מחבר געפרעגט: „רבי, איהר

האלט, אַז דער ספר האָט קיין שום ווערט ניט?" האָט איהם דער גאון גע־ענטפערט: "אַזוי האָט עס פאַר קיינעם קיין שום ווערט ניט, אָבער אייך אַליין, קען עס דוקא יאָ צונוצקומען". רופט זיך אָן דער מחבר: "וואָס פאַר אַ נוצען קען עס מיר ברענגען? איך וויים דאָך שוין אַלץ וואָס עס שטעהט אין דעם געשריבען?"

ענטפערט איהם ר' יוסף שאול: "אייך קען עס נוצען פאַר אַ סגולה געגען שדים, ווען איהר געהט אַליין ביינאַכט. די גמרא זאָגט, אַז אַ תלמיד חכם טאָר ניט געהן אַליין ביינאַכט, ווייל די שדים זיינען פול מיט קנאה אויף זיין לומדות, קענען זיי איהם מזיק זיין. אָבער אַזוי שנעל ווי אַ שד וועט אַריינקוקען אין אייער ספר און וויסען אַז איהר זענט דער מחבר, קענט איהר זיכער זיין, אַז ער וועט אייך ניט טשעפּען".

ווייטער זעהען מיר אין דער היינטיגער סדרה אַז משה רבינו האָט גאָר גוט פאַרשטאַנען וועמען אָנצוטרויען דאָס בויען דעם משכן. ווארום צו גרינדען אַ צענטער פאַר אידישקייט, פאַר תורה־אידישקייט, דאַרף מען האָבען דעם פּאַסענדען מענשען. און וועמען, אַ שטייגער, מיינט איהר, האָט ער אי־בערגעגעבען די דאָזיגע סאַמע וויכטיגסטע אונטערנעמונג? ניט קיין קלענע־רען ווי בצלאל, וואָס איז געווען פול "בחכמה, בתבונה ובדעת", אַ מענש וואָס איז געווען אָנגעזאַפּט מיט חכמה, מיט פאַרשטאַנד און מיט וויסען, "ולחשוב מחשבות" — אַ מענש, וואָס האָט געטראַכט, אַ מענש מיט הויכע, טיפע גע־דאַנקען. און וועמען האָט בצלאל גענומען אַלס געהילפען? אַזעלכע מענשען וואָס יעדער איינער פון זיי איז געווען אַ "חכם לב" — קלוג ווי דער טאָג. אָט אַזעלכע מענשען דאַרפען בויען גייסטיגע אַנשטאַלטען, תורה־אינסטיטו־ציעס.

אָבער ווי איז עס היינטיגע צייטען? ניט וויניג פון אונזערע "אידיש־קייט־בויער" זיינען אין דער בחינה פון אַגענטען, וואָס זיינען אויסען "קאָ־מיסיאָן" — אין געלט אָדער אין כבוד. פאַרשטעהט זיך, אַז עס זיינען פאַראַן אויך פיעלע עהרליכע, וואָס מיינען עס אויף אַן אמת. אָבער אפילו אַן עהר־ליכער, ווען ער איז פאַרבונדען מיט אומווירדיגע, פאַלט ער אַליין אויך שוין אונטער אַ חשד.

אַ קבצן, וואָס האָט ניט געהאַט, פאַר קיינעם געדאַכט, אַ שטיקעל ברויט איבערצוקומען אַ טאָג, האָט נאָך געהאַט אויסצושטעהן אַנדערע צרות, קראַנק־הייטען אין דער פאַמיליע, פאַרזעסענע מיידלעך, און אַזוי ווייטער. אַזוי ווי זיינע תפילות זיינען ניט אָנגענומען געוואָרען, האָט ער ביי זיך אַ טראַכט געטהון: ווער ווייסט? אונזער אויבערשטער איז דאָך שוין ניט קיין "יונגער־מאַנטשיק", איז אפשר דערהערט ער שוין ניט. האָט ער באַשלאָסען איהם צו שרייבען אַ בריעף. אלאַ טאָמער איז שוין ביי איהם די ראיה ניט אַזוי אַי, אַי, אַי, וועט ער אָנטהון ברילען. געטראַכט און געטהון, האָט ער אָנגעשריבען אַ לאַנגען בריעף אין וועלכען ער האָט אויסגעגאָסען זיין ביטער האַרץ. און ווי נאָר עס האָט זיך געמאַכט אַ שטורם־ווינט, האָט ער אַ וואַרף געטהון דאָס בויגעלע פּאַפּיר, און דער ווינט האָט עס אָנגעהויבען טראָגען, און ער האָט עס פאַרטראָגען פּונקט צו דער טיר פון דעם הויז פון דעם רייכסטען אידען פון דער גאַנצער געגענט.

ווען דער גביר האָט איבערגעלייענט דעם בריעף, און אַ גרויסער בעל צדקה איז ער געווען, האָט ער תיכף געשיקט נאָך דעם בריעף־שרייבער, און איהם געזאָגט אַז ער האָט אָפיציעלע אינפאָרמאַציע „פון אויבען" וועגען דעם בריעף, וואָס ער האָט געשריבען צום אויבערשטען. און אזוי ווי ער איז דעם „אויבערשטענ'ס" פאָרטרעטער אין דער דאָזיגער געגענט, האָט מען איהם „פון אויבען" געהייסען מודיע זיין, אַז מען איז מוחל דעם שרייבער פאַר זיין שטרענגען בריעף, און אַלס באַוויז אַז מען איז איהם מוחל, האָט מען געהייסען איהם געבען אַ גאַנצען הונדערטער. און אַזוי רעדענדיג האָט דער גביר איהם דערלאַנגט דעם הונדערטער.

דער אָרימאַן איז עטליכע סעקונדען געשטאַנען אַ צעמישטער, אָבער דערזעהענדיג דאָס „פּאַפּירעל", האָט ער עס אַ כאַפּ געטהון פון דעם גביר'ס האַנט, און זיך אַ לאָז געטהון לויפען אַהיים. שרייט איהם נאָך דער גביר: „ר' איד! און וואָס איז מכוח אַ דאַנק?" שרייט צוריק דער אָרימאַן: „איך זאָל אייך דאַנקען? איהר דאַרפט מיר דאַנקען! איך קען אייך צו גוט, איהר קהל'־שע פאַרזאָרגער! ווער ווייסט וויפיעל „קאָמיסיאָן" איהר האָט געמאַכט אין דעם דאָזיגען עסק!"

און פאַרשטעהענדיג אויסגעצייכענט גוט, אַז אחדות, אייניגקייט, איז אַן אונגעהויער וויכטיגער פאַקטאָר בכלל, און בפרט נאָך ווען עס האָט צו טהון מיט תורה־אידישקייט, מיט אַ צענטער פאַר אידישקייט, האָט משה רבינו געוואָלט, אַז אַלע שיכטען פון דעם אידישען פאָלק זאָלען זיין פאַר־טראָטען. האָט ער צונויפגעפּאָרט בצלאל, וואָס האָט געשטאַמט פון דעם וויכ־טיגסטען שבט יהודה, מיט אהליאב, וואָס האָט געשטאַמט פון דעם קלענסטען שבט. וואָרום תורה געהט ניט בירושה. דער אָרימער ווי דער רייכער, דער פשוט'ער מענש ווי דער „יחסן", קענען זיך דאָס ערווערבען. אונזערע חכמים ז"ל זאָגען: „עס זיינען פאַראַן דריי קרוינען, די קרוין פון כהונה, פון מלכות און פון תורה. צו דער קרוין פון כהונה האָט אהרן הכהן זוכה געווען. צו דער קרוין פון מלכות האָט דוד המלך זוכה געווען. אָבער די קרוין פון תורה, פון לערנען איז נאָך פריי, יעדער איינער, וועלכער וויל נאָר, קען עס זיך ערווערבען".

און נאָך אַ גאָר וויכטיגע זאַך האָט משה רבינו פאַרשטאַנען. די היינ־טיגע סדרה דערצעהלט אונז, אַז די אידען האָבען בייגעשטייערט „זהב וכסף ונחשת" — גאָלד און זילבער און קופּער. וואָרום אין צדקה, זאָגט דער „מקור ברוך", זיינען פאַראַן דריי מדרגות: די צדקה, וואָס איינער גיט בעת ער איז געזונט פיזיש און גייסטיג, איז „זהב" — לויטערע צדקה. עס זיינען פאַראַן אָבער, מענשען, וואָס געזונטערהייט איז ביי זיי ניט אַרויסצוקריגען אַ גראָ־שען, ערשט ווען זיי זיינען קראַנק, ליגען אין בעט, לא אליכם, און הויבען אָן צו ציטערען פאַר דעם לעבען, ווערט זיי דאָס האַרץ ווייכער, און זיי גיבען צדקה. אַזאַ צדקה איז אין דער בחינה פון „כסף", פון בלויז זילבער. עס זיינען פאַראַן, אָבער, אויך אַזעלכע, וואָס ביים לעבען גיבען זיי גאָרניט, און ערשט אין דער צוואה, נאָך דעם טויט, הייסען זיי צעטיילען כך וכך. אָט אַזאַ צדקה איז די נידעריגסטע מדרגה. דאָס איז נחושת — בלויז קופּער.

איז ווען עס איז געקומען צו דער מנורה, האָט משה געהייסן זי מאַכען פון „זהב טהור״. וואָרום ווען עס קומט צו ליכט, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַ זאַך, וואָס דאַרף געבען ליכטיגקייט, און באַזונדערס גייסטיגע ליכטיגקייט, דאַן מוז עס געמאַכט ווערען פון „זהב טהור״. גאָלד אַליין איז ניט גענוג, עס מוז זיין פון דעם ריינסטען, פון דעם געלייטערטסטען גאָלד. אָט דאָס האָט פאַרשטאַנען משה רבינו, און דאָס האָבען אויך פאַרשטאַנען די אידען פון יענעם דור. אַ סימן האָט איהר, זיי האָבען זיך דאָך גאַנץ פיין אָפּגערופען. זיי האָבען פאַרשטאַנען, און געפיהלט בחוש, אַז אָהן „ליכט״, אָהן „ליכטיגקייט״, אָהן אַ לייכטענדען וועג־ווייזער וועלען זיי ניט דערגעהן ווייט אַלס אַ פאָלק.

ווי אָבער האַלט עס מיט אונז? מיט אונזער אייגענעם דור? דעם אמת מעג מען דאָך זאָגען — ניט אַזוי גוט. ליידער, ליידער, אָבער עס איז אַ פאַקט. קומט מען צו אַ אידען נאָך אַ נדבה אויף אַ שפּיטאָל, גיט ער, און דוקא מיט דער ברייטער האַנט. ער טראַכט זיך: אַ קשיא אויף אַ מעשה, קראַנק ווערען, רחמנא לצלן, קען דאָך יעדערער, באַוואָרענט ער זיך. בעט מען ביי איהם אויף אַ יתומים־אנשטאַלט, גיט ער, און טאַקע צוליב דעם זעלבען טעם. הייסט מען זיך געבען אויף אַ מושב זקנים, גיט ער גאָר ברייט־לעך. ער האָט דאָך ניט אַנגענומען כביכול ביי דער באָרד, אַ קשיא אויף אַ מעשה... טאָמער... חלילה... ווער ווייסט... באַוואָרענט ער זיך. זאָגט מען אָבער „פּעטער לעבען, אַ פּאָר גראָשען אויף תורה״, גיט ער ביי זיך אַ טראַכט: אויף דער דאָזיגער קראַנקהייט וועט ער דאָך זיכער ניט ליידען, קינדער האָט ער, ברוך השם, גאַנץ פיינע עם הארצים׳לעך, איז פאַרוואָס זאָלען יענעמ׳ס קינדער אויך ניט אויסוואַקסען עם הארצים׳לעך.

באַזונדערס טיכטיג זיינען די עלטערען פון אונזער דור אין שטאָפּען זייערע עוף׳עלעך מיט פרעמדע תורות. פרעמדס איז געשמאַקער.

אין אַ שטאָדט האָט געוואוינט אַן אַנגעזעהענער בעל הבית, וועלכער האָט געהאַט אַן איידעם, אַ גרויסען למדן און אַ ירא שמים. ויהי היום, איז דער רב פון שטאָדט נפטר געוואָרען, האָט דער שווער פאַרגעשלאָגען אַז זיין איידעם זאָל פאַרנעמען דעם כסא הרבנות. האָבען, אָבער, די רעדעל־פיהרער ניט געוואָלט: „מיר זיינען צו היימיש מיט איהם, עס וועט ניט טויגען״. ווען דער לומדישער איידים איז דערפון געוואויר געוואָרען, האָט ער געזאָגט, אַז איצט איז איהם קלאָהר געוואָרען אַן ענין. עס האָט איהם שטענדיג געאַרט, ווי קומט עס וואָס ווען משה איז אַרויף אויף דעם הימעל און זיך אַביסעל פאַרזאַמט, האָבען די אידען געכאַפּט און געמאַכט דעם קאַלב? פאַרוואָס האָבען זיי ניט באַשטימט אהרן׳ען אויף זיין פּלאַץ? אהרן איז דאָך אַזוי גרויס ווי משה? נאָר עס זיינען פאַראַן אידען, וואָס ווילען בעסער אַ פרעמדען קאַלב איידער אַן אייגענעם אהרן.

און טאַקע אַ גאָר היבשער טייל פון די, וואָס קהל׳ען זיך וועגען חינוך, קולטור־צענטערס, פאַרנאַכלעסיגען גאַנץ געשמאַק זייערע אייגענע קינדער. זיי האַלטען אַפּנים פון „העוסק במצוה פטור מן המצוה״. און אַזוי ווי זיי טראָגען דאָך דעם יאָך און שלעפּען די גאַנצע משא פון חינוך, תלמוד תורה׳ס, ישיבות אויף זייערע פּלייצעס, וועלען זייערע קינדער שוין יוצא זיין מיט

די פרעמדע גוי'אישע תורות. דערמאָנט עס אין אַ מעשה שהיה: איינער איז אַמאָל געקומען צום רב און געפרעגט: אַזוי ווי ער זאָגט אַלע שבת נאָכ־מיטאָג גאַנץ תהלים, איז צי דאַרף ער אין די ווינטערדיגע שבתים זאָגען נאָך מנחה, ווי דער מנהג ביי זיי אין שטעדטעל, „ברכי נפשי"? עס שטעהט דאָך אין תהלים, און ער האָט דאָך שוין אָפּגעזאָגט גאַנץ תהלים?

„וואָס איז דיין פרנסה?" — פרעגט איהם דער רב, און ער ענטפערט, אַז ער איז אַ בעל עגלה. רופט זיך אָן דער רב: „אַז דיר קומט אויס צו פיה־רען צעהן פעסער שמאַראָווידלא, פון איין שטאָדט אין דער אַנדערער, שמיר־סטו אָן די רעדער, צי שמירסטו זיי ניט אָן ווייל דו האָסט שמאַראָווידלא אויף דעם וואָגען?"

זעהט איהר, משה רבינו, וואָס האָט באַוויזען אַזעלכע נסים, וואָס קיין מענש אין דער וועלט האָט עס נאָך ניט באַוויזען, דוקא ער האָט זיך ניט פאַרלאָזט אויף נסים, נאָר איז צוגעטראָטען צו דער זאַך גאַנץ פראַקטיש. ער האָט פאַרזאַמעלט אַלע אידען, און געשאַפען איין צענטער פון אידישקייט. די אויספיהרונג פון דעם פלאַן האָט ער איבערגעגעבען די פעהיגסטע פער־זענליכקייטען. און ווען עס איז געקומען צום „ליכט", האָט ער געפאָדערט דאָס בעסטע.

אַ חסיד האָט זיך אַמאָל באַריהמט, אַז זיין רבי באַווייזט וואונדער, אַז עס איז אַ שרעק אין דער וועלט. דהיינו? ער איז אַמאָל געפאָהרען אין וועג, איז פלוצים אַרויס אַ שלאַגס־רעגען, אַ מבול, האָט דער רבי געגעבען אַ מאַך מיט דער האַנט, איז רעכטס האָט געגאָסען מיט שטיינער, לינקס אַ מבול, און אין דער מיט, וואו זיין בריטשקע איז געפאָהרען, איז געווען טרוקען, אַ מחיה.

רופט זיך אָן אַ צווייטער חסיד: „אויך מיר אַ מופת! מיין רבי איז אַמאָל געפאָהרען פרייטאָג אין וועג, איז געוואָרען שבת, און ביז צו דער שטאָדט איז נאָך געווען עטליכע מייל, האָט דער רבי אַ מאַך געטהון מיט דער האַנט, איז רעכטס און לינקס געווען שבת, און אין דער מיט וואו דעם רבינ'ס קאַ־רעטע איז געפאָהרען איז געווען אין דער וואָכען!"

אַלזאָ, מיט מופתים קאָן מען טאַקע פיעל אויפטהון, אָבער דער גרעס־טער בעל מופת אין דער וועלט, משה רבינו אַליין, האָט אַנדערש געהאַלטען. ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אַ גייסטיגע פאַרפעסטונג פון אידענטום און אידישקייט, האָט ער זיך ניט פאַרלאָזט אויף קיין נסים.

און די היינטיגע סדרה זאָגט אונז „וביום השביעי יהיה לכם קדש". זאָגט דאַרויף דער „מחנה ישראל" אַ טייער וואָרט. נעמליך, שבת איז דער פונדאַמענט פון אידישקייט און אידענטום — „כי אות היא ביני וביניכם", עס איז אונזער שילד. ווען אַ פירמע הענגט אַרויס אַ שילד, איז כל־זמן די שילד הענגט, ווייסט מען אַז די פירמע עקזיסטירט. נעמט מען אַרונטער די שילד, איז עס אַ סימן אַז די פירמע עקזיסטירט ניט מעהר, אָדער זי האָט זיך איבערגעצויגען אויף אַן אַנדער אָרט. אַזוי לאַנג ווי מיר, אידען, היטען אָפּ שבת, איז עס אונזער שילד אַז מיר עקזיסטירען און לעבען ווי אַ אידיש פאָלק.

# פקודי

האַלטען מיר שוין ביי דער סדרה „פקודי", און מיט דער דאָזיגער סדרה ענדיגען זיך צוויי זאַכען: דער חומש שמות און דאָס בויען פון דעם משכן. און נאָכדעם ווי דער משכן איז שוין געווען געענדיגט און אינגאַנצען אויפגעשטעלט, איז „ויקח ויתן את העדות אל הארון", האָט משה רבינו אַריינ־געשטעלט אינווייניג די לוחות. אָט דעם טאָג זיינען די אידען געוואָרען אַ פאָלק, אַ געטליך פאָלק. וואָלט ער אין יענעם צענטער פון אידישקייט געווען געמאַכט אַ „סווימינג פול", אַ „טאַנץ זאַל", און נאָך אַזעלכע זאַכען, ווי מיר טהוען דאָס היינט אין אונזערע „צענטערס", וואָלט שוין לאַנג ניט געווען קיין זכר, חלילה, פון דעם אידישען פאָלק.

ניט נאָר משה רבינו, נאָר טאַקע יענער גאַנצער פאַרשקלאַפטער דור, האָט עס פאַרשטאַנען. דערפאַר טאַקע האָבען זיי זיך אַזוי גוט אָפּגערופען און געגעבען מיט דער פולער האַנט. יענער דור האָט געקושט די ספר תורה מיט דעם מויל, און געגעבען האָבען זיי מיט די הענט, אָבער היינט קושט מען די ספר תורה מיט דער האַנט, און נדרים, „פּלעדזשעס", גיט מען מיט דעם מויל.

אפילו ערשט מיט אַ פּאָר דורות צוריק האָבען זיך נאָך געפונען אידען, וואָס האָבען פאַרשטאַנען די וויכטיגקייט פון געבען אויף תורה־צוועקען. אַז מען האָט אַמאָל געפרעגט דעם פרומען פראַנקפורטער ראָטשילד ע"ה וויפיעל ער פאַרמאָגט, האָט ער געענטפערט „איש את קדושיו לו יהיו" —

„וואָס איך אויף הייליגע צוועקען צעטייל,
דאָס בלויז באַטראַכט איך פאַר מיין טייל".

אין אונזערע זינדיגע צייטען, אָבער, גיבען אידען אויך, אָבער זעהר ווייניג אויף הייליגע צוועקען. דערפאַר טאַקע זיינען אונזערע ישיבות און אַנדערע תורה אנשטאַלטען אין אַ זעהר ניט גוטען פינאַנציעלען צושטאַנד. ר' ישראל סאלאַנטער ז"ל איז אַמאָל אַריינגעקומען צו איינעם, וואָס איז שטאַרק רייך געוואָרען און געבעטען אַ נדבה אויף אַ הייליגען צוועק, האָט ער איהם געגעבען די זעלבע מיזעראַבעלע פּאָר קאָפּיקעס וואָס ער האָט איהם מיט עטליכע יאָהר פריהער געגעבען, ווען ער איז נאָך ניט געווען אַזוי רייך. האָט דער רבי באַמערקט: „אָט דאָס, אַפּנים, האָט דוד המלך געמיינט מיט די ווערטער „הון ועושר בביתו, וצדקתו עומדת לעד" —

„זיין רייכטום פון טאָג צו טאָג העכער געהט,
זיין צדקה אָבער, אויף דעם זעלבען אָרט שטעהט".

און ווען משה רבינו האָט געזעהען, אַז די אידען האָבען געטהון אַלץ ווי כביכול האָט געבאָטען, „ויברך אותם משה", האָט משה זיי געבענטשט.

האָבען מיר היינט אויך כהנים, וואָס בענטשען אונז. אָבער לײדער זײנען פאַראַן פּיעלע צווישען זיי, וואָס פאַרשטעהען ניט אפילו וואָס עס שטעהט אין די ברכות מיט וועלכע זיי בענטשען אונז. מען האָט אַמאָל געפרעגט אַזאַ כהן „וואָס איז דער טײטש פון ,ויחנך'"? האָט ער געענטפערט „דער טײטש איז דו זאָלסט דערוואָרגען ווערען" (ער האָט געמיינט אַז דאָס קומט פון דעם וואָרט „חנק"). האָט מען איהם געפרעגט „סטײטש", אָט אַזוי בענטשסטו די אידען?" האָט ער געענטפערט, אַז ביי „ויחנך" האָט ער אין זינען די שונאי ישראל!

איז עס פיעל גלייכער צו וויסען אַז „ויחנך" איז דער טײטש, אַז דער אויבערשטער זאָל דיך לײטזעליגען און האָבען דערביי אין זינען די אידען, איידער דעם אַנדערען טײטש און אין זינען האָבען דערביי די שונאי ישראל. ר' חיים אוװערבאַך ז"ל, דער לענשיצער רב, האָט געהאַט פיעלע געגנער אין שטאָדט, אַ טייל פון זיי ניט קיין איבעריג עהרליכע אידען. איז אַמאָל דער רב געשטאַנען אין מאַרק און געשמועסט מיט אַ פרוי פון אַ גאָר בויטיגען ענין. האָבען זיינע געגנער געמאַכט אַ „ויצעקו": ס'טײטש, דער רב האָט געשמועסט מיט אַ אשה! ווען ר' חיים איז דערפון געוואויר געוואָרען, האָט ער באַמערקט: „עס איז פיעל ליעבער צו שמועסען מיט אַ אשה און האָבען אין זינען דעם רבונו של עולם, איידער ווי צו שמועסען מיט דעם רבונו של עולם, און אין זינען האָבען אַ אשה".

און לאָמיר זיין עהרליך צו זיך אַליין. וואָס פאַרלאַנגט דען דער בורא עולם פון זיינע קינדער? האָט דאָך שוין דער נביא מיכה געזאָגט, אַלץ וואָס ער פאַרלאַנגט איז: „עשות משפט, ואהבת חסד, והצנע לכת עם אלקיך" — טהון גערעכטיגקייט, זיך באַציהען אָרענטליך צום צווייטען, און זיין באַשיידען. יעדער איינער באַזונדער פון אונז קעמפט פאַר גערעכטיגקייט. אָבער ווען מיר קוקען מיט אָפענע אויגען, זעהען מיר לײדער, אַז די קעמפער קעמפען אַז דער אַנדערער זאָל טהון גערעכטיגקייט, בעת ער אַליין פּראַקטיצירט עס ניט. איז דען פאַראַן אויף דער וועלט אַ שעהנערע, אַ פיינערע, אַ גערעכ־טערע מידה ווי גערעכטיגקייט? עס איז דאָך דער באַזיס, דער פונדאַמענט פאַר אַ גליקליך לעבען, סאַי פאַר דעם יחיד און סאַי פאַר דעם כלל, און דאָך איז עס איינס פון די זאַכען וואָס יעדער איינער הייסט עס טהון דעם צווייטען. און דאָס קומט מעהרסטענס דערפון וואָס אַזאַ איינער טײטשט אויס דעם באַגריף גערעכטיגקייט ווי איהם לוינט, ווי עס פּאַסט איהם צו זיין רומעל, אָט למשל ווי יענע צוויי „שעריפס":

אונזערע חכמים ז"ל זאָגען, אַז די נאַכט איז געגעבען געוואָרען „לשינ־תא". טײטשט איין מן דאמר, אַז עס מיינט „צו שלאָפען", און אַן אַנדער מן דאמר זאָגט אַז „לשינתא" הייסט „צו לערנען". איז אַמאָל געווען טאַקע אין אַמעריקע אַ איד אַ למדן, און אַזוי ווי אין פסוק שטעהט „לא לחכמים לחם" — אַז תלמידי חכמים זיינען ווייט פון צו זיין גבירים, האָט ער, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, ניט געהאַט אויף צו באַצאָהלען דירה געלט. זיינען, ווי דער שטייגער איז אין אונזער פרייער מדינה, געקומען צוויי „שעריפס", און צוגענומען פון הויז אַלע ווערטפולע חפצים און אויך די קישענס און די לייכטער. נאָכ־דעם ווי די „שעריפס" זיינען אַוועק מיט די זאַכען, איז דער תלמיד חכם געזע־

סען שטאַרק פאַרטיפט אין געדאַנקען. רופט זיך אָן צו איהם זיין ווייב: „וואָס אייגענטליך טראַכסטו?“ און ער ענטפערט: „די האַנדלונג פון די „שעריפס“ איז ביי מיר אַ שווערער רעטעניש. האַלטען זיי מיט דעם מן דאמר, אַז די נאַכט איז געגעבען געוואָרען צו שלאָפען, איז פאַרוואָס זשע האָבען זיי גענומען די קישענס? אלא, ווידער, האַלטען זיי מיט דעם מן דאמר, אַז די נאַכט איז געגעבען געוואָרען צו לערנען, איז דאָך די קשיא פאַר וואָס האָבען זיי צוגע־נומען די לייכטער?“ איז דאָך אָבער, „אשת חבר כחבר“, ענטפערט איהם די קלוגע פרוי: „אַט טאַקע מהאי טעמא האָט מען געשיקט צוויי ‚שעריפס‘. דער וואָס האָט אַרויסגעטראָגען די קישענס האַלט מיט דעם מן דאמר, אַז די נאַכט איז געגעגבען געוואָרען צו לערנען, און דער וואָס האָט אַרויסגעטראָ־גען די לייכטער, האַלט מיט דעם מן דאמר, אַז די נאַכט איז געגעבען גע־וואָרען צו שלאָפען“.

און טאָמער לאָזט עס זיך אַמאָל ניט אויסטייטשען גלאַטיג, גיט זיך שוין אַ איד אַן עצה. ער האָט דאָך עפּעס אַ גראָבען פינגער, איז מיט איין דרעה מיט אָט דעם גראָבען פינגער, גיט ער אַ טייטש אויס פונקט אַקוראַט ווי עס לוינט זיך איהם, אַט צום ביישפּיל ווי יענער איד:

אַ איד, מיט זיין אייגענס אַ ווייב און אַ מטופל פון אַ האַלב טוץ קינ־דערלעך, און אַ גרויסער קבצן דערצו, האָט אינגאַנצען פאַרמאָגט אַ קוה מיט עטליכע היהנער, פון וועלכע ער האָט געצויגען זיין חיונה. ויהי היום, איז זיין פרוי, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, קראַנק געוואָרען. האָט ער געטהון אַ נדר, אַז דער אויבערשטער וועט איהם העלפען און זיין ווייב וועט געזונט ווערען, וועט ער פאַרקויפען די קוה, און צעטיילען דאָס געלט אויף צדקה. האָט דער בעל הרחמים דערהערט זיין געבעט, און זיין פרוי איז געזונט גע־וואָרען. נו, אַז מען איז געזונט, האָט זיך איהם ניט געגלוסט זיך צו שיידען מיט זיין פרנסה־געבער. גיט ער אַ דרעה מיט דעם גראָבען פינגער און אַ קנייטש מיט דעם שטערען, און ער האָט שוין אַן עצה, אַז „דער וואָלף וועט זיין זאַט, און דאָס ציגעלע וועט בלייבען גאַנץ“. ער האָט גענומען די קוה און אַ הון, און איז אַוועק אויף דעם יריד. אַ פּיה הענדלער גיט אַ טאַפּ די קוה און פרעגט „מה יקר“? וואָס ווילט איהר פאַר דער בהמה?“, און ער ענטפערט אַז ער וויל איין רובעל. מיינט דער פּיה־הענדלער, אַז דער פאַר־קויפער איז חסר דעה, אָדער אפשר האָט ער ניט ריכטיג דערהערט. פרעגט ער איבער נאָך אַמאָל און באַקומט דעם זעלבען ענטפער. נעמט ער אַרויס אַ רובעל און דערלאַנגט איהם.

רופט זיך אָן דער פאַרקויפער: „די קוה אָהן דער הון פאַרקויף איך ניט, נאָר ביידע צוזאַמען“. און וויפיעל ווילט איהר פאַר דער הון?“ ענטפערט ער „הונדערט רובעל“. דער קונה האָט געזעהען אַז דער מקח איז ביים גאַנג, ביידע צוזאַמען זיינען ווערט הונדערט און איין רובעל, האָט ער באַצאָהלט. האָט ער דעם רובעל פאַר דער קוה אַוועקגעגעבען אויף צדקה, און אַזוי אַרום מקיים געווען דעם נדר, און מיט דעם הונדערטער האָט ער שוין געוואוסט וואָס צו טהון.

עס זיינען ווידער פאַראַן מענשען, וואָס האַלטען ניט פון גערעכטיג־קייט, פשוט ווייל עס לוינט זיך ניט. איז דאָס אַ פאַלשער חשבון, וואָרום

גערעכטיגקייט איז אַ קוראַנטער אַרטיקעל, אפילו ווען עס דאַכט זיך אויס, אַז עס לוינט זיך ניט. מען צעהלט אפשר טאַקע ניט איבער באַלד די פּאָר מיזעראַבעלע גראָשען דערפאַר, אָבער פאַר דער נשמה, און די נשמה איז דאָך אויך עפּעס, איז עס ממש ווי באַלזאַם. מיט דער צייט שניידט מען די פּרוכט דערפון. עס איז גוט אויף דער וועלט און נאָך בעסער אויף יענער וועלט. אָבער עס זיינען דאָך פאַראַן מענשען וואָס זיינען אַזוי קורצזיכטיג, אַזוי קליין־קעפּיג, אַז זיי זעהען דאָס ניט. אַט למשל, ווי יענער שוסטער, וואָס האָט אויך געהאַלטען אַז עס „לוינט זיך ניט".

„מיר ווייסען דאָך, אַז „יעדער שוסטער געהט באָרוועס". האָט אַמאָל אַ פריץ געפרעגט זיין שוסטער: „די גאַנצע שטאָדט פאַרריכסטו די שיך, איז פאַרוואָס זשע פאַרריכסטו ניט דיינע אייגענע לאַפּטשעס, און ניט אַז דו זאָלסט אַרומגעהן מיט די פינגער אין דרויסען"? ענטפערט איהם דער שוס־טער, אַז ער איז אַ מטופל מיט אַ גרויסע פאַמיליע, קען ער בלויז טהון די אַרבייט פאַר וועלכער ער קריגט באַצאָלט, איז דערפאַר קען ער ניט פאַר־ריכטען זיינע אייגענע שיך. נעמט דער פריץ אַרויס אַ רובעל און באַצאָהלט איהם אַז ער זאָל פאַרריכטען זיינע אייגענע שיך.

אין אַ צייט אַרום קומט ווידער דער פריץ צום שוסטער, זעהט ער אַז ער טראָגט נאָך די זעלבע צעריסענע לאַפּטשעס. פרעגט ער איהם „סטייטש! איך האָב דאָך דיר געגעבען אַ רובעל זאָלסט פאַרריכטען דיינע אייגענע שיך?" ענטפערט איהם דער שוסטער: „איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, פריץ לעבען, איך האָב זיך באַרעכענט, אַז פאַר איין רובעל לוינט מיר ניט דער עסק".

און וואָס נאָך דען וויל פון אונז דער בורא עולם? „ואהבת חסד" — באַציה זיך צום צווייטען ווי אַ מענש, פיהר זיך אויף אָרענטליך מיט מענשען, באַהאַנדעל דעם צווייטען איידעל און פיין. דער נביא מיינט דאָ ניט אויסער־ליכע מאַנירען, די אָנגענומענע קאָנווענציאָנעלע מנהגים, ווי למשל, זאָגען אַ „שעהנעם דאַנק" און עהנליכעס. דער אויבערשטער וויל אַז די באַציהונג, די באַנעהמונג צום צווייטען זאָל זיין איידעל און פיין — מיט חסד, מיט אמת, אויפריכטיגקייט, ליבשאַפט, אַכטונג און מיט רחמנות.

אין פלוג זעהט עס אויס צו זיין אַ צו גרויסע און שוועהרע פאָדערונג, אָבער אין אמת'ן איז דאָס גאָר ניט פיעל פאַרלאַנגט. אמת איז פיעל לייכטער פון ליגען. אויפריכטיגקייט איז פיעל אָנגענעהמער פון חנופה. ליבשאַפט איז אַ סך געשמאַקער פון פיינדשאַפט, און רחמנות פיעל באַקוועמער און מענשליכער פון גרויזאַמקייט.

אַט, למשל, זאָגען אונזערע חכמים ז"ל, אַז ווען צוויי מענשען האָבען זיך ליב, איז די ברייט פון אַ שווערד ניט שמאָל פאַר זיי. אָבער ווען צוויי מענשען האָבען זיך פיינט, איז אפילו אַ געלעגער פון זעכציג איילען ניט ברייט גענוג פאַר זיי. און פונקט ווי אַ שלעכטע מידה שלעפּט מיט זיך מיט נאָך אַ שלעכטע מידה, אַזוי שלעפּט אַ גוטע מידה מיט נאָך זיך נאָך אַ גוטע מידה. אַז מען האָט ליב דעם מיטמענשען, באַציהט מען זיך צו איהם מיט איידעלקייט, און ווען נויטיג איז טאַקע אויך מיט רחמנות, און די רעזולטאַטען זיינען שטענדיג גוטע. עס לוינט זיך דוקא יאָ.

פאַר וואָס מיינט איהר האָט משה רבינו זוכה געווען צו ווערען דער באַפרייער פון דעם אידישען פאָלק? דער מדרש זאָגט, אַז ווען משה האָט געפּאַשעט זיין שווער יתרו׳ס שאָף אין דער מדבר, איז אַ שעפעלע אַנטלאָפען פון דער טשערעדע און משה איז עס נאָכגעלאָפען. דאָס שעפעלע האָט זיך אָפּ־געשטעלט ביי אַ טייכעל טרינקען, האָט משה גענומען דאָס מידע שעפעלע און עס צוריק געטראָגען אויף די אַקסעל צו דער טשערעדע. האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו משה׳ן: אויב דו קענסט אַרויסווייזען אַזוי פיעל רחמנות צו די שאָף פון מענשען, קען איך דיר פאַרטרויען צו ווערען דער פאַסטוך פון מיינע „צאן קדשים״.

אָדער נעמט דעם ביישפּיעל: ר׳ אלעזר בן שמוע האָט שפּאַצירט ביים ברעג פון דעם מיטעללענדישען ים און דערזעהען ווי אַ שיף איז פלוצים גע־זונקען, און בלויז איין מענש האָט זיך געראַטעוועט. דער געראַטעוועטער האָט געבעטען ר׳ אלעזר׳ן אַ מלבוש, האָט ער איהם געגעבען, איהם מיטגע־נומען מיט זיך אַהיים, און איהם געגעבען צו עסען און צו טרינקען און צוויי הונדערט רענדלעך און מיט גרויס כבוד איהם באַגלייט. אין אַ צייט אַרום האָט דער געראַטעוועטער באַשטיגען דעם טראָהן פון דעם פאַרשטאָרבענעם קיסר, און ער האָט אַרויסגעגעבען אַ באַפעהל צו טויטען אַלע מענער פון אַ געוויסער פראָווינץ און צו באַרויבען אַלע פרויען. האָט מען געשיקט ר׳ אלעזר׳ן מיט פיער טויזענט רענדלעך צום קיסר ער זאָל בעטען „חסד״ — גנאָד. נאָך אַ לענגערען געשפּרעך, האָט דער קיסר ערפילט ר׳ אלעזר׳ס בקשה מיט גרויס פאַרגעניגען. און דערצו נאָך האָט ער איהם געגעבען די פיער טויזענט רענדלעך פאַר די צוויי הונדערט וואָס ער האָט איהם אַמאָל געגעבען, און ער האָט איהם געשאָנקען זיבעציג מלבושים פאַר דעם מלבוש וואָס ער האָט איהם געגעבען. ווי זאָגט דער פאַרפאַסער פון קהלת: „שלח לחמך על פני המים, כי ברוב הימים תמצאנו״ — שיק דיין ברויט אויף דעם וואַסער, וועסט עס אַמאָל געפינען. עס לוינט זיך, אַלזאָ, זיך צו באַציהען צום צווייטען מיט „חסד״.

און וואָס נאָך וויל פון אונז דער פאָטער אין הימעל „הצנע לכת״ — זיין באַשיידען צום אַלמעכטיגען און צו לייט. מען דאַרף זיך אָפּלערנען טאַקע פון משה רבינו, דעם גרעסטען עניו, פון די נביאים ירמיהו און יונה. כאָטש דער אויבערשטער אַליין האָט זיי געשיקט אויף מיסיעס, האָבען זיי גע׳טענה׳ט, אַז זיי זיינען צו קליין פאַר אַזעלכע וויכטיגע ענינים. אונזערע חכמים ז״ל ראַטען דעם מענשען ער זאָל זיין ווי: „די שוועל, וואָס כאָטש אַלע טרעטען אויף איהר, בלייבט זי דאָך שטענדיג אויף איהר אָרט״. וואָרום וואָס, מ׳שטיינס געזאָגט, איז אַ חוצפה׳ניק, אַ בעל גאוה׳ניק? אַ מין „אסתרי בלגינא קיש קיש קריא״ — ער מאַכט טומעל ווי אַ קליינע מטבע אין אַ ליידיגער פלאַש, ווען מען שאָקעלט זי. אָבער ווען מען האַלט זיך באַשיידען, איז ווי די חז״ל זאָגען „השפלתי היא הגבהתי״ — מיין זיך־נידעריג האַלטען איז מיין דערהויבונג. וואָרום אויב אפילו דאָס זיך נידעריג האַלטען זאָל ניט ברענגען קיין ווירק־ליכע רעזולטאַטען אין וועלכען עס ניט איז זין, מאַטעריעל אָדער גייסטיג, איז די באַשיידענהייט גופא אַליין אין זיך אַ דערהויבונג.

דאַרף טאַקע דער מענש מיט גאַרניט שטאָלצירען, ווי ירמיהו הנביא האָט שוין געזאָגט: „אל יתהלל חכם בחכמתו, ואל יתהלל הגבור בגבורתו, אל יתהלל עשיר בעשרו" — א חכם זאָל זיך ניט באַריהמען מיט זיין חכמה, דער שטאַרקער זאָל זיך ניט באַריהמען מיט זיין שטאַרקייט, און אַ גביר זאָל זיך ניט באַריהמען מיט זיין רייכטום. און דער אמת'ער תלמיד חכם איז טאַקע דער וואָס האַלט, אַז ער ווייסט ניט. דער „איך ווייס ניט" איז אַ גאַר הויכע מדרגה און אָפטמאָל קומט ער שוין גאַר גוט צוניץ, אַט ווי עס האָט פּאַסירט מיט יענעם שניידער:

מיט יאָהרען צוריק פלעגען די גלחים אָנרעדען שלעכטס אויף די אידען ביי די קיסרים. אָפטמאָל פלעגט עס דערפיהרען דערצו, אַז אַ געלעהר־טער פלעגט אַרויספאָדערען די אידען צו אָפענע דעבאַטעס וועגען רעלי־גיע אין געגענוואַרט פון דעם מלך. און ווי האָט אַ איד געקאָנט עפענטליך, און אין געגענוואַרט פון מלכות, באַווייזען, אַז די גוי'אישע רעליגיע הינקט אונטער? איז טאַקע געווען גרויסע צרות.

איז אַמאָל געקומען אַ בישאָף צום מלך, וואָס איז דוקא געווען אַ אידען פריינד, און האָט איהם געפרעגט פאַרוואָס ער איז גוט צו די אידען, און דער קעניג האָט געענטפערט: „דערפאַר וויל זיי זיינען דער ,עם הספר' — דאָס פאָלק פון דעם תנ"ך, אַ געלערענט פאָלק". האָט דער בישאָף געזאָגט: „איך פאָדער אַז די אידען זאָלען אויסקלייבען זייער געלערענטסטען מענשען, און איך וועל זיך מיט איהם פאַרהערען, און דעם פון אונזביידע, וואָס וועט ניט קענען ענטפערען אויף אַ פראַגע, זאָל מען באַגראָבען לעבעדיגערהייט". האָט דער קעניג באַשטימט אַ טאָג, און באַפוילען די אידען זיי זאָלען שיקען אַ פאַרטרעטער.

זיינען די אידען געווען נעבעך שטאַרק באַזאָרגט, און קיינער האָט ניט געוואָלט איינשטעלען דאָס לעבען. האָבען די רבנים פאַררופען אַן אסיפה צו באַטראַכטען דעם ענין, און ווען אַלע האָבען זיך אָפּגעזאָגט, האָט זיך פלו־צים געעפענט די טיר און עס איז אַריינגעקומען אַן אָרימער שניידער, און האָט געזאָגט, אַז ער איז גרייט צו געהן אויף דער דאָזיגער שליחות. די פער־זאַמעלטע האָבען זיך געטראַכט אפשר איז דאָס אליהו הנביא, און אַזוי ווי זיי האָבען נישט געהאַט וואָס צו פאַרלירען, ווייל קיין אַנדערער האָט דאָך סאַי ווי ניט געוואָלט געהן, האָבען זיי אָנגענומען דעם שניידער'ס פאָרשלאַג.

צו דער דעבאַטע וואָס איז פאָרגעקומען עפענטליך, אין מיטען מאַרק, זיינען זיך צונויפגעקומען קינד און קייט, אַלע גרעסטע מלוכה לייט מיט דעם קעניג בראש. נעבען דער פּלאַטפאָרמע איז געווען אויסגעגראָבען אַ פאַר־טיגער גרוב, און די אידען זיינען געזעסען מיט פאַרביטערטע הערצער. ווי נאָר דער קעניג האָט געגעבען אַ קלאַפּ מיט דעם האַמער, האָט אַ טויטע שטילקייט אַרומגענומען די פאַרזאַמעלטע, און דער קעניג האָט אויסגערופען: „אַזוי ווי דער איד שטעהט דאָך נידעריגער פון זיינע הויכווירדיגע עקסעלענץ דעם בישאָף, וויל איך ווייזען אַז איך בין ניט נושא פנים, און איך גיב איהם דערפאַר דאָס ערשטע וואָרט".

האָט דער שניידער ניט לאַנג געטראַכט און אַ פרעג געטהון דעם

בישאָף וואָס איז דער טייטש „איני יודע?״ און דער בישאָף האָט אויסגעשריען אויף דעם קול „איך ווייס ניט״.

„אַהאַ! דו ווייסט ניט!״ האָט דער קעניג אַ געשריי געטהון, „דער גרוב איז פאַר דיר! סאָלדאַטען, נעמט זיך צו דער אַרבייט!״

זיינען די אידען געווען ששון ושמחה׳דיג, און פון גרויס פריידע האָט מען דעם שניידער געטראָגען אויף די אַקסעל צום רב, וואו מען האָט געמאַכט אַ הוליאַנקע. און דאַן האָט מען זיך צו איהם צוגעזעצט: „פון וואַנען ביזטו געקומען אויף אַזאַ המצאה?״ און דער שניידער האָט געענטפערט: „אַלע שבת לייען איך דעם טייטש חומש, אַן אידישע איבערזעצונג פון דעם חומש. איז אַלץ האָט דער טייטש חומש געקענט פאַרטייטשען, אָבער ווען עס איז געקומען צו די ווערטער „איני יודע״, זאָגט ער „איך ווייס ניט״. הייסט אַז אפילו דער טייטש חומש ווייסט ניט, וועט אַט דער ערל וויסען?!״

פאַרשטעהט זיך, אַז ניט שטענדיג איז „איני יודע״, ניט וויסן, אַ מעלה. געוויס דאַרף מען וויסן. זיכער דאַרף אַ איד זיין באַהאַוונט אין אידישע לימודים. אודאי דאַרף א איד קענען אַ פרשה חומש מיט רש״י, אַ בלעטעל גמרא, א שטיקעלע מדרש, אַ פרק משניות. ניט אַלעמאָל איז „ניט וויסען״ אַ מעלה, אָבער קיינמאָל איז וויסען אַ חסרון. ר׳ אייזיל סלאָנימער ז״ל איז, ווי באַוואוסט, געווען אַ גרויסער מקיל אין שאלות. דאַגעגען זיין דיין איז געווען אַ גרויסער מחמיר. איינמאָל זיינען זיי ביידע געזעסען און געשמועסט ווע־גען דעם ענין פון מקיל און מחמיר זיין. האָט ר׳ אייזיל אַ זאָג געטהון צום דיין: „פאַרשטעהט איהר מיך, ניט אַלע מאָהל מוז מען פסק׳ענען ווי עס שטעהט אין דין, אָבער אַלע מאָהל מוז שטעהן אין דין ווי מען פסק׳ענט״. יאָ, יעדער איד דאַרף וויסען וואָס עס שטעהט אין די „דריבנע אותיות׳לאך״.

אפילו אויף בלויז צו זאָגען אַ גוט ווערטעל איז אויך גוט אַז מען קען זיך אויס אין די „קליינע אותיות׳לאך״. דער מינסקער „גדול״, ר׳ ירוחם־לייב ז״ל, איז אַמאָהל געווען אויף אַ חתונה. נאָך דער חופה האָבען חתן־כלה זיך צעקושט. האָט דער „גדול״ דאַרויף שטאַרק מקפיד געווען. האָט מען איהם געפרעגט: „ס׳טייטשט, רבי, עס איז דאָך שוין נאָך דער חופה, זיי זיינען דאָך שוין איצט מאַן און ווייב?״ האָט דער רבי געענטפערט: „אמת, טאַקע, אָבער ,לעיני כל ישראל׳ [פאַר אַלע אידען אין די אויגען] איז אַ סוף פון דער תורה״ [די תורה ענדיגט זיך מיט די ווערטער לעיני כל ישראל]. איז דאָס טאַקע אַ גאַר פיינער וואָרט־שפּיעל.

איז וויסען אונגעהויער וויכטיג, און וואָס מעהר מען לערענט, אַלץ מעהר ווייסט מען, און אַלץ מעהר ווייסט מען אַז מען ווייסט ניט. אָבער די צרה מיט אונזער הייניגער יוגענט איז וואָס זיי ווילען אַלץ באַלד וויסען. דער באַוואוסטער חזן ר׳ בצלאל אדעסער איז געווען אַ פקח און אַ גרויסער וויצלער. האָט אַ יונגערמאַנטשיק איהם אַמאָהל אַ פרעג געטהון: „זאָגט מיר, חזן, וואָס איז דער שכל וואָס ווען איהר זינגט האַלט איהר שטענדיג דעם פינגער אונטער דער געמבע?״ „אַזוי! ווילסטו טאַקע וויסען״, חידוש׳ט זיך כלומר׳שט דער חזן, „הערסט אַ מעשה! שוין פופציג יאָהר אַז איך האַלט דעם פינגער אונטער דער געמבע און ווייס ניט פאַר וואָס, און דו, יונגער צוציק, ווילסט עס וויסען אין איין רגע!״

מוזען מיר אין זינען האָבען אַז אין איין רגע האָט זיך נאָך קיינער גאָרניט אויסגעלערענט. מען מוז שוועהר האָרעווען זיך צו ערווערבען תורה. איז טאַקע דער עיקר ניט די קונץ וויפיעל איינער האָט אויסגעלערענט, נאָר וואָס דאָס לערנען האָט איהם אויסגעלערענט. כידוע איז דער ווילנער גאון ז״ל געזעסען טאָג און נאַכט ביי זיך אין חדר, די לאָדענס פערמאַכט, און האָט זיך עוסק געווען אין תורה און אין עבודה. אין יענער צייט האָט דער דובנער מגיד ז״ל שטאַרק גע׳שם׳ט מיט זיינע דרשות און משלים מיט וועל־כע ער פלעגט מחזיר למוטב זיין אפילו אַזעלכע וואָס זיינען שוין אַוועק ווייט פון אידישקייט. האָט אַמאָהל דער גאון געשיקט נאָך איהם ער זאָל איהם זאָגען מוסר. איז דער מגיד געקומען, און האָט געזעהען ווי דער גאון זיצט אַליין אין זיין חדר און איז זיך כסדר עוסק אין תורה און אין עבודה, און געהט כמעט קיינמאָל ניט אַרויס פון זיין הויז. האָט ער צו איהם געזאָגט: „אַ קונץ איז צו זיין אַ ווילנער גאון, בעת מען זיצט טאָג און נאַכט בחדרי חדרים, אָפּגע־זונדערט פון מענשען און מען לערענט! אַרומגעהן אין גאַס, פאַרבערענגען מיט מענשען, איינטייל נעמען אין טעגליכע פּראָבלעמען, זיין פאַרנומען אין משא ומתן, און דאַן בלייבען ווילנער גאון, אָט דאָס איז אַ קונץ!״ האָט דער גאון איהם אויסגעהערט און געענטפערט קורץ און שאַרף: „איך בין ניט קיין קונצענמאַכער!״

און אַז מיר האַלטען שוין ביי דעם דובנער מגיד, וועלען מיר, אגב, איבערגעבען זיינס אַ גוט ווערטעל. מען האָט איהם אַמאָהל געפרעגט: „רבי, איר זענט אויסען מיט אייערע דרשות צו זאָגען דעם עולם מוסר, ער זאָל ווערען פרומער, בעסער, איז פאַרוואָס זשע נעמט איהר געלט פאַר אייער שטראָפען?״ האָט דער מגיד געענטפערט: „השם יתברך שטראָפט אויך ניט אומזיסט״.

און אַזוי ווי מיר ענדיגען היינט דעם חומש „שמות״, וועל איך ענדיגען מיט אַ מעשה שהיה, וואָס ענטהאַלט אַ וויכטיגען מוסר השכל:

דער ט״ז, מחבר פון „טורי זהב״ ז״ל, איז אַ מאָהל געקומען צו זיין שווער דעם ב״ח ז״ל אויף שבת. פרייטאָג פאַרנאַכט, האָט דער אײדעם געגעבען דעם שווער דאָס בייטעלע צו באַהאַלטען. ווען דער ב״ח האָט דערזעהען אַז עס ענטהאַלט אַ „מאטניע״ פון גאַנצע זעכציג רובעל, איז ער אַ גאַנצען שבת געווען אָנגע׳ברוגז׳ט, און האָט ניט גערעדט אַ וואָרט צום אײדעם. נאָך הבדלה, האָט דער ט״ז געפרעגט דעם ב״ח „מה חטאי״? וואָס פאַר אַ זינד בין איך באַ־גאַנגען? האָט דער שווער געענטפערט: „וואָס הייסט? ווי קומט צו דיר, אַ רב, זעכציג רובעל? ניט אַנדערש נאָר, אָדער דו האָסט גענומען „שוחד״, כאַבאַר, אָדער דו באַנוצט זיך מיט קהל׳ס געלט!״

ערשט ווען דער ט״ז האָט איהם ערקלעהרט אַז דאָס האָט די קהלה איהם געגעבען דאָס געלט אַז ער זאָל פאָהרען זיך אויסהיילען די אויגען, האָט דער ב״ח זיך באַרוהיגט.

אַלזאָ, היינטיגע סדרה איז דאָך די לעצטע פון דעם חומש שמות, און מיר זאָגען חזק, חזק, ונתחזק, איז לאָמיר האָפען, אַז דאָס אידישע פאָלק וועט שוין טאַקע געשטאַרקט ווערען רעליגיעז, גייסטיג, מאָראַליש און עטיש, ווי אויך טאַקע אין געזונט און אין פרנסה.

# ויקרא

היינטיגען שבת הויבען מיר אָן דעם דריטען חומש „ויקרא". די ערשטע צוויי חומשים „בראשית" און „שמות" זיינען צום גרעסטען טייל, געשיכטליכע ספרים. זיי דערצעהלען אונז וועגען דער שאַפונג פון דער וועלט, די געשיכטע פון דעם מבול, פון דעם דור הפלגה, די פאַרניכטונג פון סדום און עמורה, די היסטאָריע פון אונזערע אבות אברהם, יצחק און יעקב, ווי יוסף הצדיק איז געוואָרען וויצע־קעניג פון מצרים, און געראַטעוועט די וועלט פון הונגער, די געשיכטע פון משה רבינו, יציאת מצרים, קריעת ים סוף, ווי משה רבינו האָט געגעבען די אידען די תורה, און געבויט דעם משכן — דעם ערשטען צענטער פאַר אידישקייט. אָט דאָס זיינען געשיכטליכע עטאַפּען מיט וועלכע נאָר מיר אידען קענען שטאָלצירען.

און אַז מיר זיינען שוין געוואָרען אַ פאָלק, האָט מען דאָך באַדאַרפט אַ לעבענס־פּראָגראַם, איז געקומען דער חומש „ויקרא" און האָט אונז געמאַכט פאַרשריפטען, ווי אַזוי מיר דאַרפען זיך אויפפיהרען. קודם כל דערצעהלט אונז די היינטיגע סדרה ווי אַזוי מען דאַרף מקריב זיין קרבנות. מיר אידען זיינען געקניפּט און געבונדען. „כל ישראל ערבים זה לזה" — איין איד איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם אַנדערען. איין איד דאַרף זיך שטענדיג מקריב זיין פאַר דעם צווייטען. איין איד דאַרף שטענדיג זעהן, אַז דער אַנדערער איד זאָל האָבען פּרנסה. אונזערע חכמים ז"ל זאָגען אונז, אַז ווען די אידען זיינען געקומען צו דוד המלך און געזאָגט „עמך ישראל צריכין פרנסה" — דיינע אידעלעך דאַרפען „מאַכען אַ לעבען", האָט ער זיי געענטפערט „לכו והתפרנסו זה מזה", העלפט זיך איינער דעם צווייטען.

ביי יעדער אומה ולשון איז דער כלל, אַז דאָס פאָלק איז ניט פאַראַנטוואָרטליך פאַר די מעשים פון דעם יחיד. וואָס פאַר אַ מלוכה באַשולדיגט עס עפּיס דאָס גאַנצע פאָלק פאַר די שלעכטע טהאַטען פון איין מענשען? אָבער ווען אַ איד טהוט אָפּ אַן אומאַנשטענדיגע זאַך, צעפּויקען עס אַלע צייטונגען און גיבען אָן זיין גאַנצען יחוס, הכלל אַלע אידען זיינען שולדיג. טייטשט דער „ילקוט הדרוש": „מבדילין בעולת העוף" — אויב אַ איד טהוט אויף אַ גרויסע זאַך פאַר דעם לאַנד, פאַר די אינטערעסען פון דער מלוכה, ער ברענגט זיך פאַר אַן „עולה", איז „מבדילין", שיידט מען איהם אָפּ פון דעם כלל ישראל, און עס הייסט בלויז אַז „ר' ישראל" האָט געטהון אַ גוטע זאַך, און אָפטמאָל דערמאָנט מען גאָרניט, אַז ער איז אַ איד. אָבער טאָמער באַגעהט אַ איד אַ פאַרברעכען, איז „אין מבדילין בחטאת העוף" — דאַן הייסט עס ניט בלויז, אַז איין איד האָט זיך פאַרזינדיגט, נאָר מען האַלט „כל ישראל" — דאָס גאַנצע אידישע פאָלק פאַראַנטוואָרטליך. און אַז איינער ברענגט שוין אַ קרבן פאַר דעם צווייטען, דאַרף עס זיין „תמים" — גאַנץ, עהרליך, אָהן

שום פּערזענליכע אַמביציעס, און עס מוז זיין „במלח תמלח״, מיט אַ ביסעלע זאַלץ. עס דאַרף געטהון ווערען מיט געשמאַק און טאַקט.

און גאָר באַזונדערס וויכטיג איז עס, אַז די פיהרער פון פאָלק זאָלען ניט געהן אויף שלעכטע דרכים. וואָרום „אם הכהן המשיח יחטא״, ווי באַלד דער געזאַלבטער, דער פיהרער פון דעם פאָלק, זינדיגט, איז ער דערמיט גורם „לאשמת העם״, אַז דאָס גאַנצע פאָלק זאָל אַראָפּ פון דעם גלייכען וועג, ווייל זיי פאַרקוקען זיך אויף איהם, און דאַן ווילען אפילו קרבנות אויך ניט העלפען.

און ווען איינער ברענגט שוין אַ קרבן, דאַרף עס, פאַרשטעהט זיך, זיין פאַר אַ נויטיגען און וויכטיגען צוועק, ניט למשל ווי יענער בחור: אין אַ שטעדטעל איז געווען אַ בחור, דוקא אַן עהרליכער, אַ פרומער. ער פלעגט זיצען אין שטיבעל און זיך שאָקלען איבער אַ גמרא, כאָטש קיינער האָט ניט געוואוסט צי ער קען עפּעס, אָבער ער איז ניט געווען קיין איבעריגער חכם. ער איז געווען בטבע זעהר אַ גוטער, און מען האָט ניט געקאָנט וויסען צי איז ער אַ „ווייכער״, מחמת ער איז אַ נאַר, צי איז ער אַ נאַר מחמת ער איז אַ „ווייכער״.

איין מאָל אום יום הכפור צום אויסנעמען, איז ער געגאַנגען אַביסעל שפּאַצירען, ווי פיעלע אַנדערע האָבען עס געטהון, און ער איז אַריין צו זיך אין הויז, און איבערגעביסען. ווען מענשען וואָס זיינען דורכגעגאַנגען דורך זיינע פענסטער האָבען דאָס דערזעהן, איז געוואָרען אַ געוואַלדיגער רעש: סטייטש, אום יום הכפור, רחמנא לצלן, און דוקא ער, דער עהרליכער און באמת פרומער חאַצקעל! האָט מען זיך צוגעזעצט צו איהם אַז ער זאָל דערקלערען פאַרוואָס ער האָט עס געטהון, און דער תמימות׳דיגער חאַצקעל האָט גע־ענטפערט מיט אמת׳ער, עהרליכער נאַאיוויטעט: „איך בין געגאַנגען אַביסעל שפּאַצירעןביים „אויסנעמען״, בין איך דורכגעגאַנגען אַ הויז און אויף דעם גאַנעק זיינען געזעסען צוויי מיידלעך. רופט זיך אָן איינע צו דער אַנדערער: „אַזוי פיעל טויזענטער זאָל איך האָבען וויפיעל אידען עס ווילען היינט עסען״. נו, האָב איך געוואָלט, אַז אַ אידישע טאָכטער זאָל האָבען נאָך אַ טויזענטער״.

די אידישע רעליגיע איז זעהר ליבעראַל, זי איז באמת אַ העכסט „מענשליכע״. די אידישע אמונה באַטראַכט אַ מענשען׳ס לעבען פאַר זעהר טייער. „כל המקיים נפש אחת מישראל כאילו קיים עולם מלא — ווער עס דערהאַלט אַ אידען ביים לעבען, איז פונקט ווי ער וואָלט דערהאַלטען די גאַנצע וועלט. דערפאַר טאַקע, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען „פיקוח נפש״, ווען אַ מענשען׳ס לעבען שטעהט אין קאַהן, מעג מען אונטער געוויסע אומשטענדען אפילו עובר זיין אויף געוויסע מצוות, און אויף דער „עטיקעטע״ אַוודאי און אַוודאי. דערמאָנט דאָס אונז, אגב, אין אַן אינטערעסאַנטען עפּיזאָד:

מען איז אַמאָל אַריינגעקומען אין אַ שבת צו ר׳ חיים זאַנענפעלד ז״ל אין ירושלים, און מען האָט איהם דערצעהלט, אַז ניט וויט פון איהם וואוינט אַ איד, איז מאַכט מען דאָרט פייער אום שבת און מען קאָכט. ניט טראַכטענ־דיג קיין סעקונדע, האָט ר׳ חיים אַ כאַפּ געטהון די זשופּיצע מיט דעם שטריי־מעל און זיך געלאָזט לויפען אַהין, און ניט אַנקלאַפּענדיג אפילו אין דער טיר, איז ער אַריין ממש אָהן אן אָטעם. ער האָט שוין אָבער ניט געטראָפען

דאָרט קיין פייער, ווייל ווען זיי האָבען דערזעהן דורך דעם פענסטער, אַז ר' חיים לויפט צו זיי, האָבען זיי אויף גיך אויסגעלאָשען דאָס פייער און אַראָפּגערוימט די געקעכצען.

רופט זיך אָן צו איהם דער בעל הבית: „רבי, עס איז דאָך עפּעס גאָר ניט עטיקעטיש, ניט מעשה דרך ארץ אַריינצולויפען אין אַ פרעמד הויז אָהן אפילו פריהער אָנצוקלאַפּען! די גמרא אַליין זאָגט דאָך, אַז איידער מען געהט אַריין אין אַ שטוב אַריין, דאַרף מען פריהער אָנקלאַפּען?!" ענטפערט ר' חיים: „איך וועל אייך זאָגען, איך האָב געהערט, אַז ביי אייך ברענט, און אַז עס ברענט ביי אַ אידען און מען לויפט ראַטעווען, פאַלען אַוועק אַלע עטיקעטען".

און ווען עס קומט צו עטיקעטע האַלטען מיר אידען דוקא יאָ אויס דעם עקזאַמען. כמעט יעדער איד היט אָפּ די קאָנווענציאָנעלע מנהגים מיט אַלע פיטשעווקעלעך, פיין און איידעל. ווייל דאָס שמעקט מיט רעפּוטאַציע. יעדער איינער וויל, אַז דער צווייטער זאָל האָבען וועגען איהם אַ גוטע מיינונג. ווען יעדער מענש זאָל מורא האָבען פאַר דעם בורא עולם ווי ער האָט מורא פאַר אַ מענשען, וואָלט די וועלט געוועזען פיעל שענער און אָנשטענדיגער, און דאָס לעבען וואָלט טאַקע געווען אנגענעמער און באַקוועמער. ווייסען מיר דאָך, אָבער, אַז עס איז ניט אַזוי, אָט למשל ווי מיט יענעם בעל עגלה:

אַ איד אַ למדן און אַ גרויסער ירא שמים האָט אַמאָל געדונגען אַ בעל עגלה ער זאָל איהם פיהרען אין אַ געוויסער שטאָדט. אָפּפאָהרענדיג כמעט אַ האַלבען וועג, האָט דער בעל עגלה זיך אומגעקוקט, אַז ער וועט ניט האָבען גענוג פּראָוויאַנט פאַר די פערד, און ער האָט זיך געוואָלט אומקעהרען. דער פּאַסאַזשיר האָט שטאַרק פּראָטעסטירט, ווייל ער האָט געמוזט נויטיג זיין נאָך דעם זעלבען טאָג אין יענער שטאָדט, און ער איז דורכאויס באַשטאַנען, אַז דער בעל עגלה זאָל פאָרטזעצען די רייזע.

אַזוי ווי עס איז געווען זומער און אויף די לאָנקעס זיינען געשטאַנען פּאַרטיגע סטויגען היי, איז דער בעל עגלה אַראָפּ פון וואָגען צוגעלאָפען צו אַ סטויג היי, אָנגענומען אַ גאַנצען זשמיט, און זיך געוואָלט לאָזען לויפען צום וואָגען. באותו רגע האָט דער פּאַסאַזשיר אַ געשריי געטהון: „ר' איד, עמיצער קוקט!" האָט דער בעל עגלה אַוועקגעוואָרפען דעם זשמיט היי, איז אַרויף אויף דעם וואָגען, אַ כוואַשטשע געטהון מיט דער בייטש, און די פערד האָבען געמאַכט אַ גאַלאָפּ. אָפּפאָהרענדיג אַ שטיק וועגס, האָט ער איינגע־האַלטען די פערד, און זיך אויסגעדרעהט צו זעהן צי עמיצער לויפט נאָך. ניט זעהענדיג קיינעם, גיט ער אַ פרעג דעם פּאַסאַזשיר: „ווער, אייגענטליך, האָט געקוקט?", און דער פּאַסאַזשיר האָט געענטפערט: „וואָס הייסט ווער? דער אלגעגענווערטיגער האָט געקוקט". מאַכט דער בעל עגלה: „זעה נאָר זעה, אַבי איך האָב געמיינט אַז דער גוי (פּאַרמער) האָט געקוקט".

מען מוז, אָבער, צוגעבען אַז אַ סך שולדיג אין דעם איז אונזער אומ־וויסענהייט, אונזער עם הארצות. ווען מיר זאָלען טאַקע מעהר לערנען, זיך בעסער אויסקענען אין די „דריבנע פּינטעלעך", וואָלטען פיעלע מעשים וואָס מיר טהוען, טאַקע אומבאַוואוסטזיניג, זיכער ניט געטהון געוואָרען, און מיר וואָלטען טאַקע געוואוסט וואו איין און וואו אויס, וואָס מען מעג יאָ, און וואָס מען טאָר ניט. לעבען מיר, אָבער, אין אַ צייט אין וועלכער אידיש ווי־

סען איז כמעט אַ יקר המציאות, און פיעלע פון אונז טהוען אָפּ שטיקלעך מיט וועלכע מיר דאַרפען שוין גאָרניט שטאָלצירען, אָט, למשל, ווי יענער סטו־דענטעל:

אין אַ שטעדטעל האָט זיך איינמאָל פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער און דער „אויפגעקלערהרטער" סטודענטעל האָט ניט געבענטשט נאָך דעם עסען. האָט דער רב איהם געפרעגט: „יונגערמאַן, איז עס טאַקע אמת, אַז דו האָסט ניט געבענטשט נאָך דעם עסען?" און דער בחור האָט אָהן שום טענות און מענות געענטפערט: „יאָ, עס איז אמת".

„פאַרוואָס?" — האָט דער רב געפרעגט.

„ווייל איך האָב זיך ניט געוואַשען צום עסען", האָט דער בחור גאַנץ געלאַסען געענטפערט.

„אוי, רבונו של עולם, צו וואָס מיר האָבען זיך דערלעבט", האָט דער רב אַ זיפץ געטהון, און געפרעגט דעם בחור, „נו, ווי קען עס אַ איד עסען אָהן נטילת ידים? פאַרוואָס האָסטו זיך טאַקע ניט געוואַשען?"

„ווייל איך האָב געגעסען טריפה, אין אַ גוי'אישען רעסטאָראַן", האָט דער בחור גלייכגילטיג געענטפערט.

„רבונא דעלמא", האָט דער רב אויסגעשריגען, „וואָס הער איך, דו עסט חלילה טריפה?"

„יאָ, רבי", האָט דער בחור געענטפערט גלייך ניט איהם מיינט מען, „איך האָב ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה. עס איז געווען יום הכפור און אַלע אידישע רעסטאָראַציעס זיינען געווען פאַרמאַכט".

צו אַזעלכע אַבסורדען פאַרפיהרט אומוויסענהייט. עס איז, אָבער, פאַראַן אַן אַנדער סאָרט מענשען, וואָס האָבען דוקא יאָ אַמאָל אַריינגעקוקט אין די „קליינע אותיות", נאָר זיי זיינען גלאַט ציניקער. זיי טראַכטען זיך ניט אַריין אין דער ערנסטקייט פון אַ געוויסען דין אָדער פון אַ געוויסען מנהג. אפילו אויף ימים טובים און תעניתים קוקען זיי ניט פון דעם נאַציאָ־נאַלען שטאַנדפּונקט, נאָר אָפט מאָל טהוען זיי פּשוט ווי די „קישקע" דיק־טירט זיי. זיי פאַרגעסען, אַז אַ מענש דאַרף עסען כדי ער זאָל לעבען, און ניט אַז דער מענש לעבט צוליב דעם עסען.

מען האָט אַמאָל „געפּאַקט" אַ יונגען מאַן עסען אום תענית אסתר, האָט מען איהם געפרעגט: „היתכן, ווי קומט עס צו דיר?" האָט ער געענט־פערט מעשה פילאָזאָף: „איך האַלט, אַז המן איז געווען גערעכט. וואָס פאַר אַ רעכט האָט מרדכי געהאַט ניט אָפּצוגעבען כבוד דעם פּרעמיער מיניסטער המן, און דערמיט איינשטעלען זיין אייגען לעבען, און דאָס לעבען פון אַלע אידען? בין איך אויף איהם אין כעס און וויל ניט פאַסטען אסתר תענית".

דעם צווייטען טאָג, פּורים, האָט מען געכאַפּט דעם זעלבען חברה־מאַן זיך פאַסמאַקעווען מיט געשמאַקע המן־טאַשען מיט מאָן, האָט מען איהם גע־פרעגט: „אַז דו האַלטסט מיט המן הרשע, איז פאַרוואָס־זשע ביזטו זיך אַזוי משמח מיט זיין מפּלה?" „איך וועל אייך זאָגען", האָט דער וואוילקענענדיגער פראַנט געענטפערט, „איך האָב זיך די זאַך נאָך אַמאָל איבערגעלייגט, און בין געקומען צום באַשלוס, אַז נאָך אַלעמען איז טאַקע מרדכי פאַרט גערעכט געווען".

קומט די היינטיגע סדרה „ויקרא“, און שטעלט אַוועק רעגולאַציעס ווי אַזוי אַ איד דאַרף זיך אויפפיהרען. און אויב איהר געדענקט, איז אין דער אַלטער היים ווען א אינגעלע האָט אָנגעהויבען צו לערנען חומש, און ער איז איינגאַנצען אַלט געווען אַ פינף יאָהר, ווי אין פרק שטעהט, „בן חמש שנים למקרא“ — אַז צו פינף יאָהר דאַרף מען אָנהויבען מיט אַ קינד חומש, האָט מען מיט איהם אָנגעהויבען דוקא פון „ויקרא“ און ניט פון „בראשית“. פרעגט דער מדרש: פאַרוואָס הויבט מען אָן מיט די קינדער פון ויקרא און ניט פון בראשית? און ער ענטפערט: די קינדערלעך זיינען ריין פון זינד, און די קרבנות זיינען ריין „יבואו טהורים ויתעסקו בטהורים“ — זאָלען קומען די ריינע, די אומשולדיגע און זיך עוסק זיין מיט ריינע.

און פאַרוואָס מיינט איהר האָט אין דער אַלטער היים אַ פינף־יאָהריג אינגעלע שוין אָנגעהויבען חומש? ווייל ווען ער איז אַלט געוואָרען דריי יאָהר האָט מען איהם איינגעוויקעלט אין אַ טלית און געטראָגען אין חדר אַריין. איז ווען ער איז אַלט געוואָרען פינף יאָהר און געהאַלטען די „דרשה“ וואָס מען האָט איהם אויסגעלערענט, האָט עס געהאָט אַלע זיבען חן'ען. אָבער ווי איז עס אין אונזער גאָלדענער מדינה? דער גרעסטער טייל אינגלעך הויבען אָן געהן אין אַ תלמוד תורה ערשט „האַלב־נאָך־צוועלף“, ווען ער איז שוין אַלט צוועלף און אַ האַלב יאָהר, וואָרום די בר־מצוה שטעהט שוין אויף דער שוועל, לענגער קען מען שוין ניט וואַרטען, בלייבט ניט מעהר איבעריג ווי אין זיי אַריינצופויקען די עטליכע ברכות מיט דער „בר מצוה דרשה“. איז וואָס־זשע קען אידישקייט און אידענטום ערוואַרטען פון אַזעלכע בר־אוריין'ס?

און ווען די היינטיגע סדרה רעגולירט דאָס ברענגען פון קרבנות, זאָגט זי אונז בפירוש „וכל דם לא תאכלו“ — און קיין שום בלוט זאָלט איהר ניט עסען. אַ איד טאָר ניט עסען קיין בלוט פון אַ בהמה, אַ פשיטא שוין, אַז ער טאָר ניט אָפּעסען אַ מענשען דאָס האַרץ. אויב איינער ברענגט שוין יאָ אַ קרבן פאַר דעם צווייטען און העלפט איהם אַרויס אין אַן עת צרה, דאַרף ער דאָס טהון אויף אַן איידעלען אופן, און ניט פערצאַפּען יענעם קיין בלוט.

זיינען טאַקע פאַראַן ברוך השם אידען, וואָס האַלטען פון דער מצוה, צו טהון יענעם אַ טובה, און זיי זיינען גרייט אפילו צו ברענגען אַ קרבן; אָבער אין דער זעלבער צייט האַלטען זיי אויך פון דער עבירה יענעם אָפּצועסען דאָס האַרץ, אָט, למשל, ווי יענער גנב וואָס האָט געהאַלטען סאַי פון אַ מצוה און סאַי פון אַן עבירה:

אין אַ האָטעל זיינען געקומען צוויי געסט, וואָס האָבען זיך פריהער ניט געקאָנט, און אַזוי ווי אין דעם גאַנצען האָטעל איז געווען בלויז איין פריי צימער, האָבען זיי ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה ווי צו נעמען דאָס צימער בשותפות. די צוויי פרעמדע זיינען געוואָרען היימישער, און נאָך מיטאָג זיינען זיי געגאַנגען אַביסעל שפּאַצירען. שפּאַצירענדיג אַזוי, איז איינעם פון די צוויי אַרויסגעפאַלען אַ בייטעל, וואָס האָט ענטהאַלטען אַ היבשע סומע געלט, און ער האָט עס גאָרניט באַמערקט. דער צווייטער, אָבער, האָט עס יאָ באַמערקט, האָט ער אויפגעהויבען דעם טייסטער, און איהם איבערגעגעבען דעם אייגענטימער, און דערביי געזאָגט: „איך בין

אויסערגעוועהנליך גליקליך וואָס עס איז מיר באַשערט געווען צו פאַרדינען אַ מצוה, און נאָך אַזאַ מצוה ווי „השבת אבידה" — אומקעהרען אַ פאַרלוירענע זאַך".

דעם צווייטען אין דער פריה, ווען דער רייכער סוחר איז אויפגעשטאַנען, האָט ער זיך אומגעקוקט, אַז „ה'טייסטער איננו" — ניטאָ דער בייטעל מיט דעם געלט, נעלם געוואָרען. האָט ער, פאַרשטעהט זיך, באַלד מודיע געווען דער פּאָליציי. די זשאַנדאַרמען האָבען געוואָלט באַזוכען זיין צימער־שותף, אָבער דער סוחר האָט ניט געלאָזט, און ער האָט געזאָגט: „איך בין זיכער, אַז ער האָט עס ניט גענומען, ערשט נעכטען האָב איך פאַרלוירען מיין געלט אין גאַס, און ער האָט עס מיר אומגעקעהרט".

האָבען אָבער, די זשאַנדאַרמען דאָך באַשלאָסען איהם צו באַזוכען, און האָבען, צו אַלעמענס ערשטוינונג, טאַקע געפונען דעם טייסטער מיט דער גאַנצער סומע געלט ביי איהם אין קעשענע.

רופט זיך אָן דער סוחר: „עס איז באמת צו שטוינען! נעכטען האָסטו געפונען מיין טייסטער, און קיינער וואָלט קיינמאָל ניט געוואוסט דערפון, האָסטו מיר איהם אַליין אָפּגעגעבען, און איצט געהסטו און גנב'עסט איהם אַרויס פון מיין קעשענע! וואָס איז דער שכל?"

„וואָס איז דאָ פאַראַן צו פאַרשטעהן?" — ענטפערט דער גנב, — „השבת אבידה" איז אַ גרויסע מצוה, איז אַז עס האָט זיך מיר געמאַכט אַ געלעגענהייט, האָב איך זי געוואָלט מקיים זיין, איך בין דען חלילה ניט קיין איד? אָבער ווען עס קומט צו גנב'ענען, דאָס איז דאָך מיין פּרנסה, מיין פּראָפעסיע, און געשעפט איז געשעפט!"

„עס שטעהט דאָך, אָבער, „לא תגנוב" — דו זאָלסט ניט גנב'ענען", רופט זיך אָן דער סוחר. און דער גנב ענטפערט: „וואָס עס שטעהט — שטעהט, און וואָס עס ליגט, נעמט מען צו".

אַלזאָ, ווי איהר זעהט זיינען פאַראַן מענשען וואָס טובל'ן זיך און האַלטען אַ שרץ אין האַנט, און אַ כבוד פאַר אונזער פאָלק זיינען זיי געוויס ניט.

איז טאַקע בעסער אַז מיר זאָלען פאָלגען די דריי־פאַכיגע וואָרנונג, מיט וועלכער די היינטיגע סדרה וואָרענט אונז, נעמליך: „אדם כי יקריב מכם"... באַמערקט רש"י ז"ל אויף דעם אָרט „מה אדם הראשון לא הקריב מן הגזל... אף אתם לא תקריבו מן הגזל". זעהען מיר אַז די תורה האַלט פאַר נויטיג באַלד צום אָנהויב פון דער סדרה צו וואָרענען אונז געגען גזלה. און אין מיטען פון דער סדרה זאָגט זי אונז „והסיר את מוראתו בנוצתה", און צום סוף פון דער סדרה שטעהט „וכחש בעמיתו". אָט די דאָזיגע דריי־פאַכיגע וואָרנונג איז נאָר צוליעב דעם אַז דער מענש זאָל זיך ניט איינרעדען, אַז אויב ער ברענגט אַ קרבן, מעג ער זיך שוין ערלויבען צו באַשווינדלען דעם צווייטען. ניין, אַבסאָלוט ניין. עס איז ניט אַנשטענדיג. עס איז ניט מענשליך. מען טאָר ניט. און גאָר באַזונדערס איז עס ניט פּאַסיג פאַר דעם „עם הספר", פאַר דעם פאָלק ישראל וואָס האָט געגעבען דער וועלט אַ תורה, וואָס האָט ניט איהר גלייכען ביי קיין שום אומה ולשון אין דער גאַנצער וועלט.

# צו

די היינטיגע סדרה „צו" איז אַ פּאַרטזעצונג וועגען דעם ענין קרבנות. איז אינטערעסאַנט צו באַמערקען, אַז דער ספר פון די קרבנות ענ־דיגט זיך מיט „שלמים", ווייל ער איז דער וויכטיגסטער קרבן. „שלמים" ווערט ניט געבראַכט פאַר אַ זינד, וואָס עמיצער איז באַגאַנגען, נאָר ער איז אַ קרבן פאַר שלום. וואָרום שלום איז געוואַלדיג וויכטיג. אַלע אַנדערע מצוות דאַרף מען מקיים זיין ווען זיי קומען צו דער האַנט. עס קומט שבת, דאַרף מען מקיים זיין די מצוה פון שבת. עס קומען די ימים טובים, דאַרף מען מקיים זיין די מצוה פון ימים טובים. ביי „שלום", אָבער, שטעהט „בקש שלום ורדפהו" — וואַרט ניט ביז עס וועט קומען צו דער האַנט, נאָר דו דאַרפסט איהם זוכען, דו דאַרפסט זיך יאָגען נאָך שלום.

אויף ווי ווייט דער בורא עולם אַליין איז גיריג נאָך שלום, קאָן מען אָמבעסטען זעהן דערפון, וואָס ער האָט באַשאַפען אדם הראשון׳ען פון ער־דישען מאַטעריאַל און פון הימלישער מאַטעריע, נאָר צוליב דעם, אַז הימעל און ערד זאָלען ניט מקנא זיין איינער דעם אַנדערען, און עס זאָל הערשען שלום צווישען זיי. דריי מאָל האָט דער אַלמעכטיגער פאַרקוקט די זינד פון דינען די עבודה זרה. אָבער אויף מחלוקת איז ער נישט מוותר. ווען ער האָט געגעבען די אידען די תורה האָט ער זיי געבענטשט מיט שלום. די גאַנצע תורה איז געגעבען געוואָרען בלויז צוליב שלום. די ברכה פון די כהנים ענדיגט זיך מיט שלום. איינער פון דעם אויבערשטענ׳ס נעמען איז „שלום". אונזער הייליגע שטאָדט ירושלים טראָגט אין זיך דעם נאָמען שלום. וואָרום שלום איז דער באַזיס פאַר גליק און צופרידענקייט. דער ערגסטער שלום איז בעסער פון דער בעסטער מחלוקת. און דער „אור הנפלאות" באַמערקט, אַז אַ ניט אויפריכטיגער שלום איז בעסער פון אַן אויפריכטיגע מחלוקת.

און פאַר דער וועלט איז שלום אַודאי און אַודאי געוואַלדיג וויכטיג. דערפאַר טאַקע איז שלום באַשאַפען געוואָרען נאָך איידער די וועלט איז באַשאַפען געוואָרען. וואָרום „שלום לארץ כשאור לעיסה", פרידען איז פונקט אַזוי וויכטיג פאַר דער וועלט, ווי הייוון איז נויטיג פאַר דעם טייג. און צו וואָס מחלוקת פיהרט, האָבען מיר דאָך אַליין געזעהען אין אונזער אייגענעם דור וואָס פאַר אַ וועלט־חורבן די צוויי וועלט־מלחמות האָבען גע־מאַכט. מיליאָנען יונגע לעבענס זיינען אומגעקומען אויף די שלאַכטפעלדער, פאַרשלונגען געוואָרען פון די אָפּגרונטען פון אַלע ימים און אָקעאַנען, און איבערגעלאָזט נאָך מעהר מיליאָנען אלמנות און יתומים. מיליאָנען אומשול־דיגע ציווילע מענשען זיינען יאָהרען לאַנג געפּייניגט געוואָרען אויף די ווילד־באַרבאַרישסטע, ממש אומגלויבליכסטע אופנים, און ערשט דאַן גע־מאָרדעט געוואָרען מיט די בעסטיאַל־אכזריות׳דיגע מעטאָדען. טויזענטער שטעדט און דערפער זיינען אַוועק מיט דעם רויך צוזאַמען מיט אומציילינגע

פון זייערע איינוואוינער. אומצייליגע ביליאָנען זיינען פאַרשווונדעט גע־וואָרען אויף צו מאָרדען וואָס מעהר מענשען. הונדערטער ביליאָנען זיינען געזונקען געוואָרען אין די טיפענישען פון אַלע אָפּגרונטען. וואָלטען, אָבער, די אומות העולם געהאַלטען פון שלום, ווי מיר אידען, אַך, ווי טייער און שעהן דעם בורא עולם'ס וועלטעל וואָלט געוועזן! זיינען אָבער די גוים שטאַרק פאַרליבט אין דעם „ועל חרבך תחיה" — און קענען זיך גאָר ניט שיידען, און זיי ווילען טאַקע אויך ניט זיך שיידען, מיט דעם שווערדעל.

און אַ כלל זאָלט איהר האָבען אַז ווער עס האַלט פון מחלוקת, האַלט ניט פון קיין גערעכטיגקייט. און ווען עס קומט צו גוי'אישע גערעכטיגקייט, איז רחמנא לצלן! נאָכדעם ווי די מצריים (עגיפּטער) האָבען אין יאָהר 1831 איינגענומען ארץ ישראל, האָט איבראַהאַם פּאַשאַ, דער עגיפּטישער גובער־נאַטאָר פון אונזער הייליג לאַנד, באַזוכט די שטאָדט יפו. האָט אַ אידישער קרעמער צו איהם געזאָגט: „דו רעדסט דאָך פון גערעכטיגקייט און אָרדנונג, אָבער איך זעה עס ניט. אונטער דער הערשאַפט פון דעם סולטאַן, האָב איך געצויגען שעהן פרנסה פון מיין קלייט, און ווי נאָר איהר האָט איבערגענומען די הערשאַפט, האָבען אייערע לייט צעראַבירט די גאַנצע סחורה, איז וואו זשע איז אייער גערעכטיגקייט וואָס איהר האַלט אין איין פּריידיגען?"

ענטפערט דער גובערנאַטאָר: „איך וועל עס ברענגען אין אָרדנונג". און ער האָט אַרויסגעגעבען אַ באַפעהל, אַז אויף מאָרגען זאָלען זיך אַלע איינ־וואוינער צוזאַמענקומען נעבען דער קראָם. מען האָט אויפגעשטעלט אַ פּלאַטפאָרמע, דער עולם איז געקומען, און דער גובערנאַטאָר האָט געהאַלטען אַ פייערדיגע רעדע אין וועלכער ער האָט גערעדט וועגען דער וויכטיגקייט פון גערעכטיגקייט, אַז קיינער טאָר ניט טהון אַן אומרעכט דעם צווייטען, און אַז אפילו טויטע זאַכען טאָרען ניט טהון קיינעם קיין שאָדען, און ער האָט געענדיגט: „אַזוי ווי די טיר פון דער קראָם האָט ניט גוט גענוג געהיט געגען גנבים און רויבער, זאָל מען איהר געבען הונדערט שמיץ".

יאָ, אָט דאָס איז ניט־אידישע גערעכטיגקייט. און דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס דער מענש איז בטבע נישט מעהר ווי אַ חיה. אַ ציוויליזירטע חיה, אָבער דאָך אַ חיה. איז מיר אידען האָבען אַ תורה, אַ תלמוד, און פאַר־שידענע דינים, וועלכע צוימען אין אונז די חיה. אָבער זיי, די אומות העולם האָבען אַ „ועל חרבך תחיה", איז היטען זיי דאָס אָפּ אַ סך בעסער ווי מיר היטען אָפּ אונזערע עטישע געזעצען. זיינען זיי טאַקע גאָר גרויסע בריה'ס ווען עס קומט צו פאַרצאַפּען דעם צווייטען בלוט, בפרט נאָך ווען עס קומט צו פאַרצאַפּען בלוט אַ אידען, זיינען זיי גאָר געוואַלדיגע ספּעציאַליסטען. אין דער מאָדערנער שפּראַך רופט מען דאָס מיט דעם וואוילקלינגענדען נאָמען „סאַדיזם". און וואָס פאַר אַ מערדערליכע זשעניען זיי זיינען אויף דעם דאָזיגען פינסטערען געביט, האָבען דאָך די נאַציס, ימח שמם, באַוויזען פאַר אונזערע אייגענע אויגען.

און פונקט ווי עס זיינען פאַראַן פאַרשיעדענע סאָרטען שלעכטע מענשען, אַזוי זיינען אויך פאַראַן פאַרשיעדענע סאָרטען בלוט־צאַפּער. די נאַציס, למשל, האָבען דאָס געטהון גאַנץ אָפען, אָהן קיין סימן פון בושה. עס זיינען פאַראַן אָבער אויך אַזעלכע, וועלכע טהוען דאָס אונטער אַ מאַסקע. אויסערליך

שפילט מען די ראָליע פון אַ דזשענטעלמאַן, און פאַרבאַרגענערהייט טהוט מען אָפּ די שענדליכסטע מעשים. אָט די צווייטע קאַטעגאָריע איז פיעל ער־גער. וואָרום, פאַר אַן אָפּענעם שונא באַמיהט מען זיך כאָטש צו היטען אויף אַזוי וויט ווי מעגליך. אָבער פאַר דעם וואָס אויסערליך שפּילט ער די ראָליע פון אַ פריינד, און אונטען־אַרום איז ער אַ פיינד, ווייסט מען דאָך גאָרניט אַז מען דאַרף זיך פאַר איהם היטען. ווי זאָגט דער בעל התהלים: „ה׳ לי בעוזרי, ואני אראה בשונאי״, טייטשט מען עס: „גאָטעניו, היט מיך געגען מיינע פריינד, געגען מיינע פיינד וועל איך זיך אַליין היטען״.

אויך צווישען בעל עבירה׳ניקעס זיינען פאַראַן אָפּענע און באַהאַלטע־נע. אויך אין דעם דאָזיגען פּרט איז דער באַהאַלטענער פון אַ נידעריגערע מדרגה. ווייל ער איז אַ „גונב את דעת הבריות״, און גנב׳ענען דעם „דעת הבריות״ — אָפּנאַרען דעם צווייטען, איז נאָך ערגער פון גנב׳ענען מאַטע־ריעלע זאַכען. דערמאָנט דאָס אונז אין פאָלגענדען אינטערעסאַנטען עפּיזאָד:

אַ יונגער מאַן איז אַמאָל געקומען צו ר׳ דוד׳ל טאָלנער ז״ל און האָט צו איהם געזאָגט: „מיינער אַ פריינד איז באַגאַנגען אַזאַ און אַזאַ זינד, וואָלט ער גע־וואָלט, אַז דער רבי זאָל איהם זאָגען וואָס פאַר אַ תשובה ער זאָל טהון וואָס זאָל מכפּר זיין אויף דער זינד״. זייענדיג קלוג ווי דער טאָג, און דערצו נאָך אַ גרויסער מענשען־קענער, פּסיכאָלאָג בלע״ז, האָט ר׳ דוד׳ל באַלד פאַר־שטאַנען, אַז דער דאָזיגער יונגער מאַן איז אַליין טאַקע דער בעל דבר, גיט ער צו איהם אַ זאָג: „צו וואָס, אייגענטליך, האָט דער יונגער מאַן באַדאַרפט דיך שיקען, אַז דו זאָלסט אויך וויסען פון זיין עבירה, ער וואָלט דאָך געקאָנט אַליין קומען און זאָגען, אַז אַן אַנדערער האָט איהם געשיקט?״ האָט דער יונגערמאַן באַלד געזעהן, אַז ר׳ דוד׳לען קען מען ניט פאַרדרעהען דעם קאָפּ, און ער האָט מודה געווען אַז דאָס איז ער טאַקע אַליין.

וואָרום איינס מוז מען צוגעבען, אַז וואָס, וואָס, אָבער אַן „עם נבון וחכם״, אַ קלוג, דורכגעטריבען פאָלק זיינען מיר פאָרט. די וועלט פרעגט: „צו וואָס דאַרף אַ גוי אַ קאָפּ?, אַז קיין שכל האָט ער ניט, קיין תפילין לייגט ער ניט, און קיין יאַרמאָלקע טראָגט ער ניט״, נאָר דער תירוץ איז, אַז אַ גוי האָט אַ קאָפּ, אַ איד זאָל האָבען וואָס צו פאַרדרעהען. איינער פון די פיעלע אונטערשיעדען צווישען איד און, להבדיל, גוי, איז וואָס אַ איד איז אַ דרעה־קעפּעל, בעת אַ גוי איז אַ פשוט׳ער גנב. דער פאָלגענדער עפּיזאָד וועט עס אַביסעל קלאָהר מאַכען:

אַ גוי׳אישער גוט־באַזיצער פלעגט אַלע יאָהר אַראָפּנעמען פיעל תבואה פון זיינע פעלדער, אָבער ווען עס איז געקומען צום פאַרקויפען, האָט ער שטענדיג געוואָלט עטליכע קאָפּיקעס מעהר פאַר דעם מעסטעל ווי דער פּרייז איז געווען, און עס איז געווען אוממעגליך צו קויפען ביי איהם. איז אַ איד, אַ תבואה סוחר, געפאַלען אויף אַן המצאה, און ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט פאָרט קענען ביי איהם קויפען. איז ער צו איהם אַוועקגעפאָהרען און געזאָגט, אַז ער וויל ביי איהם קויפען טויזענט מעסטלעך תבואה. דער גוט־באַזיצער האָט געזאָגט, אַז ער וויל אַ רובעל אַ מעסטעל, כאָטש דער פּרייז איז געווען בלויז ניינציג קאָפּיקעס, און דער איד האָט מסכים געווען. ווען מען האָט אָנגעהויבען מעסטען, האָט מען דאָך בעדאַרפט צעהלען וויפיעל

מעסטלעך, און שרייבען האָט דער גוי ניט געקאָנט, האָט דער איד געזאָגט: „וויסטו וואָס, לעג אַנידער דיין היטעל, און פאַר יעדען מעסטעל, וואָס מען וועט אָפּמעסטען, וועל איך אַריינוואַרפען אין היטעל אַריין אַ גראָשען, און נאָכדעם וועט מען איבערציילען די גראָשענס. וויפיעל גראָשענס עס וועלען זיין, אַזוי פיעל מעסטלעך זיינען דאָ". איז דעם גוי געפעלען די עצה און מען האָט זיך גענומען צו דער אַרבייט.

נאָכדעם ווי מען האָט שוין געהאָט אָפּגעציילט אַ הונדערט מעסטלעך, האָט דער איד אַ זאָג געטהון: „איך וויל אַרויסגעהן געבען מיינע פערד נאָך אַביסעל היי". ווי נאָר דער איד איז אַרויסגעגאַנגען, האָט דער גוי דערווייל אַרויסגע׳גנב׳עט עטליכע גראָשען פון היטעל. ווען דער איד איז צוריק אַריינ־געקומען און באַמערקט, אַז עס פעהלען גראָשענס, האָט ער געזעהען, אַז זיין המצאה „אַרבייט". איז יעדער מאָל וואָס מען האָט אָפּגעמאָסטען אַ הונדערט מעסטלעך, איז ער אַרויסגעגאַנגען אַ קוק טהון צו די פערד, און יעדער מאָל האָט דער גוי גע׳גנב׳עט גראָשענס. און ווער עס האָט פאַרדינט אין דעם עסק פאַרשטעהט איהר דאָך אַליין. איז טאַקע דער גוי אַ פּשוט׳ער גנב, אָבער ווען עס קומט צו פאַרדרעהען אַ קאָפּ, לאָזט עס איבער צום אידען!

די צרה איז, אָבער, וואָס אָפט מאָל פאַרדרעהט דער איד זיך אַליין דעם קאָפּ. מיט אַלע זיינע דריידלעך און שפּיצלעך, געהט עס נאָך אַלץ דעם גוי בעסער פון דעם אידען. און דאָס באַווייזט, אַז דער גלייכער וועג איז פאָרט דער בעסטער. ווייל וואָס גלייך איז גוט, און קרום איז פאָרט קרום, אפילו אונטער די בעסטע אומשטענדען. אָבער שולדיג אין דעם איז ניט דער איד, נאָר דער גלות. אַז שוין טויזענטער יאָהרען ווי די גוים האָבען פאַרצוימט דעם אידען אַלע וועגען. דאָס טאָר ער ניט און דאָס מעג ער ניט, איז וואָס־זשע זאָל ער טהון? און אַז דער קאָפּ אַרבייט כסדר אויף נאָר צו פאַרדרעהען יענעם דעם קאָפּ, פאַרדרעהט מען אַמאָל זיך אַליין דעם קאָפּ, אַט למשל ווי מיט יענעם אידען:

אַ איד, אין רוסלאַנד, איז אַמאָל געוואָרען אַ טאַטע פון אַ אינגעלע. און ווי באַוואוסט, האָט אַ „פּערווע לעגאָטע" אין רוסלאַנד באַפרייט פון מי־ליטער־דינסט. האָט דאָך דער פאָטער באַדאַרפט פאַרשרייבען זיין קינד, איז ער געגאַנגען צום אידישען סטאַראָסטאַ איהם פאַרשרייבען און ער האָט צו איהם געזאָגט, לאמר אַזוי צו זאָגען: „זאָל איך איהם פאַרשרייבען, אַז ער איז צוויי יאָהר אַלט, וועט ער דאָך ניט האָבען קיין „פּערווע לעגאָטע" צוליב מיין מיידעלע! זאָל איך איהם פאַרשרייבען"... הכלל בקיצור, ווי ער האָט גע׳־חשבון׳ט האָט ניט געטויגט. רופט זיך אָן דער סטאַראָסטע: „צו וואָס טויג אייך די אַלע קונצען און דריידלעך, אַ מעהר פאַרשרייבט איהם טאַקע די ריכטיגע יאָהרען, אַז ער איז איצט געבוירען געוואָרען, וועט עס דאָך זיין על פי געזעץ פונקט גוט". ענטפערט דער איד: „זעה נאָר זעה, דאָס איז מיר גאָרניט איינגעפאַלען!"

יאָ, דער גלות, דער וויסטער גלות, האָט ממש געצוואונגען דעם אידען ער זאָל ווערען „געלינקט" אויף דעם מוח. די געדריקטע לאַגע האָט איהם געצוואונגען, אַז ער זאָל ווערען אַ „איפכא מסתברא׳ניק". וואָס פאַר אַ פּראָב־

לעם עס זאָל זיך ביי איהם ניט מאַכען, וועט איהם קודם כל אַ בליק טהון אין מוח „אפשר פאַרקערט".

וואָס דאַרפט איהר מעהר, אפילו ווען עס קומט צו „שמחות", זיינען מיר אויך איפכא מסתברא׳ניקעס, בפרט נאָך ווען עס קומט צו אַ פּאָר דאָלאַר. עס איז אַמאָל אין אַ שטעדטעל נפטר געוואָרען אַ איד, וואָס איז געווען אַ גרויסער „כל בו׳ניק", און דערצו נאָך אַ „כבד פה", אַ שטאַמלער, און קיין שום אנשטענדיגער רב האָט איהם ניט געוואָלט מספיד זיין. איז געגאַנגען די פרוי און האָט געדונגען אַ רעדנער ער זאָל איהם מספיד זיין. האָט ער אָנגעפאַנגען ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי: „איך וועל פאַרגלייכען דעם נפטר צו משה רבינו, צו שלמה המלך, אָדער גאָר צום כביכול אַליין", וואָרום, איהר ווייסט דאָך, אַז „געלט רעדט".

איז געוואָרען אַ רעש, סטייטש, אַזאַ חוצפה! איז אָבער דער רעדנער געווען אַ קלוגער חברה־מאַן, האָט ער אַ זאָג־געטהון: „הערט מיך אויס, רבותי, זייט ניט אין כעס, איהר וועט זעהן, אז איך בין גערעכט. משה רבינו איז געווען אַ שטאַמלער, און דער נפטר איז אויך געווען אַ שטאַמלער. שלמה המלך האָט געהאַט פיעלע ווייבער, און אויך ער האָט געהאַט פיעל ווייבער. דער רבונו של עולם איז ניט קיין מענש, און דער פאַרשטאָרבענער איז אויך ניט געווען קיין מענש".

איז דאָס טאַקע אַ פיינע המצאה. אַז מען שמועסט, אַז אַ איד איז אַ דרעה קעפּעל, איז דאָך ניט שייך. און געלויבט זאָל זיין דער, וואָס לעבט אייביג, וואָס מיר האָבען דרעה קעפּלעך. וואָרום אָהן דעם וואָלטען מיר זיכער ניט איבערגעלעבט די צוויי טויזענט יאָהר גלות. אַ סימן האָט איהר, אָט די פעלקער וואָס האָבען אַמאָל צוגענומען אונזער לאַנד, און אונז פון דאָרט אַרויסגעטריבען, ווי למשל אשור, בבל, נו, איז אפילו פון זיי קיין זכר ניטאָ, כאָטש זיי זיינען דאַן געווען די מעכטיגסטע פעלקער אויף דעם ערד־קוגעל! און מיר, אידעלעך, זיינען ברוך השם דאָ. און ניט גלאַט אַזוי זיך דאָ, נאָר מיר האָבען אויך גענוג אויפגעטהון ניט קוקענדיג אויף אַלע פאַר־פאָלגונגען, רדיפות, און רציחות געגען אונז. ניטאָ אויף דער גאַנצער וועלט אַ פאָלק, וואָס האָט עס געקענט באַווייזען. פיעלע פעלקער זיינען געוואָרען אויס פעלקער אפילו אויף זייער אייגענעם באָדען. „עם ישראל חי" — דאָס אידישע פאָלק לעבט, צעזייט און צעשפּרייט, אָבער עס לעבט! און ניט נאָר עס לעבט, נאָר עס טהוט טאַקע עפּעס אויף אויך פאַר דער מענשהייט. און ווען עס קומט צו ערפינדונגען, ליטעראַטור, וויסענשאַפט, האָבען מיר נאָך, פאַר־העלטניסמעסיג, אויפגעטהון מעהר ווי די אַנדערע. אויסער אונזער תורה, גמרא, און אַזוי ווייטער, וואָס קיין פאָלק האָט עס ניט, האָבען מיר אויך אונזערע שפּינאָזאַ׳ס, אונזערע איינשטיינ׳ס און אומצעהליגע אַנדערע.

דער איד שטרעבט ניט בלויז נאָך „חומר", נאָך דעם מאַטעריעלען, נאָר דער עיקר שטרעבט ער נאָך „רוח", נאָך גייסט. און אַ פאָלק, וואָס גייסט איז ביי איהם דער עיקר, אַזאַ פאָלק קען קיינמאָל ניט אונטערגעהן. אפילו ווען מען נעמט ביי איהם אַוועק דעם באָדען און מען צעשפּרייט איהם איבער אַלע עקען וועלט, בלייבט ער אַלץ וואָס ער איז. ווייל זיין באָדען איז גייסט, און גייסט לעבט און איז אַקטיוו און שאַפט, ניט קוקענדיג אויף מאַטעריעלע

אומשטענדען. די נשמה, ניט דער קערפער, האַלט אויף אַ פאַלק. ברויט האַלט טאַקע אויף דעם מענשען זיינע הונדערט און צוואַנציג יאָהר. אָבער תורה, בילדונג, גייסט, אינטעלעקט האַלטען אויף אַ פאַלק טויזענטער יאָהר וואו עס זאָל זיך ניט געפינען, און אונטער וועלכע ביטערע אומשטענדען עס זאָל ניט לעבען. און מיר אידען, די קינדער פון אונזערע אבות אברהם, יצחק און יעקב, פון משה רבינו, פון ישעיהו, ירמיהו, תנאים, אמוראים, גאונים, רש״י, רמב״ם, ווילנער גאון ז״ל קענען קיינמאָל ניט אונטערגעהן, אפילו נאָך צוויי טויזענט יאָהר גלות.

איז דאַרפען מיר טאַקע אין זינען האָבען, אַז אונזער כוח, אונזער אויסדויער, ליגט אין דעם געביט פון גייסט, אין דעם געביט פון לערנען. מיר טאָרען ניט, חלילה, ווערען פאַרגרעבט. אונזער קולטור און ליטעראַטור מוזען ווערען פון טאָג צו טאָג רייכער, און מעהר און שטאַרקער. יעדער איינער פון אונז דאַרף זיך אַליין בילדען, זיך אַליין „דינער״ מאַכען גייסטיג.

דאָס דערמאָנט אונז, אגב, אין אַ גוט ווערטעל. אַ חסידישער יונגער מאַן איז אַמאָל געקומען צו ר׳ מרדכי לעכעוויטשער „מקבל השפעה״ זיין, און ער האָט צו איהם געזאָגט: „רבי, מיין בקשה איז צו דינען דעם רבונו של עולם״. האָט איהם ר׳ מרדכי געענטפערט מיט התלהבות: „יונגערמאַן, דעם אויבערשטען דאַרף מען ניט „דינען״! ער איז זעהר דין, דק מן הדק. דו זעה בעסער זיך אַליין צו „דינען״, דו זאָלסט ניט זיין אַזוי פאַרגרעבט!״.

אָט דאָס דאַרף יעדער איד שטענדיג אין זינען האָבען. מיר זיינען דאָך פאָרט דער „עם הספר״.

די הויפּטזאַך וואָס אַ מענש דאַרף אין זינען האָבען איז צו פיהרען אַן אנשטענדיג אידיש לעבען. וואָרום וואָס איז דער מענש, מ׳שטיינס געזאָגט, אין גאַנצען? אָט הערט אַ גוטען טייטש פון דעם לובלינער רבי׳ן ז״ל: ווען דער מענש לעבט איז ער אַ כהן. „מדו בד ומכנסי בד ילבש על בשרו״, ער טהוט זיך אָן אין קאָסטבאַרע קליידער. ווען זיין סוף קומט איז „והוציא את הדשן מחוץ״, ווערט פון דעם מענשען אַש. וואָרום „ופשט את בגדיו״, ווען די צייט קומט מוז ער אויסטהון די קליידער, „ולבש בגדים אחרים״, מען טהוט איהם אָן אַנדערע קליידער, תכריכים. „והוציא את הדשן מחוץ למחנה״, מען נעמט אַרויס דעם גוף, דעם קערפער, פון זיינע נאָהענטע „מחוץ לעיר״, אויסערהאַלב דער שטאָדט, „אל מקום טהור״, און מען בעהאַלט איהם אויף אַ ריין אָרט, אויף דעם בית־עולם. איז טאַקע וואונשענסווערט אַז יעדער מענש זאָל אין זינען האָבען דעם סוף, און פיהרען אַן אנשטענדיג אידיש לעבען אַזוי ווי אונזער תנ״ך און תלמוד לערנען אונז, וועט אונז זיין גוט אויף ביידע וועלטען.

# שמיני

אזוי ווי היינטיגען שבת בענטשט מען דאָך ראש חודש, זאָל אַלע אידען אָנגעהן די אַלע גוטע זאַכען וואָס זיינען איסגערעכענט אין דעם ראש־חודש בענטשען, און דער עיקר זאָל מקוים ווערען דער „הוא יגאל אותנו בקרוב, ויקבץ נדחינו מארבע כנפות הארץ" — דער בורא עולם זאָל אונז אַלע גיך אויסלייזען, און ער זאָל צוזאַמענעמען אונזערע פאַרשטויסענע פון אַלע פיער עקען פון דער וועלט. וואָרום אַזעלכע אויסלייזער ווי די „ליג אָף ניישאַנס", צי ווי די „יו־ען", זיינען בלויז „פּאַפּירענע" אויסלייזער, זיי גיבען בלויז דאָקומענטען. אָבער ווען „הוא יגאל אותנו" — ווען דער בורא עולם וועט אונז אויסלייזען, איז „ויקבץ נדחינו" — וועט ער טאַקע צוזאַמענעמען דאָס ביסעל אידען און זיי אַריינפיהרען קיין ארץ ישראל. אַ סימן האָט איהר, ער האָט דאָך דאָס שוין אַ פּאָר מאָל געטהון, קען דאָך אונזער אַלטיטשקער דאָס באַווייזען נאָך אַ מאָל. אָבער דער עיקר איז — בקרוב, ער זאָל זיך אַביסעלע אונטעראיילען, וואָרום ווי פיעל איז טאַקע דער שיעור צו וואַרטען?

אמת, מיר זיינען אַליין אויך אַביסעל שולדיג, וואָרום מיר אַליין שטופּען אָפּ אַלע מאָל די גאולה. אַז עס קומט פּסח, זאָגען מיר „לשנה הבאה בירושלים". האָבען מיר ניט קיין געדולד צו אויסוואַרטען דאָס יאָהר, און אַזוי שנעל ווי עס קומט יום הכפור, שרייען מיר ווידער „לשנה הבאה בירושלים", און קו־מענדען פּסח ווידער דאָס אייגענע, און אַזוי אַלע האַלבע יאָהר. נו, שטופּען מיר ניט אַליין אָפּ די גאולה מיט אונזערע אייגענע הענט? אַז מען שמועסט, אַז מיר זיינען אַן אומגעדולדיג פאָלק, איז דאָך ניט שייך!

אַ סך שולדיג אין אונזער לאַגע איז אויך דאָס וואָס מיר זוכען אונזער ישועה ביי פרעמדע. און פון פרעמדס קען קיין גוטס ניט אַרויסקומען. מיט פרעמדע הענט איז גוט בלויז קוילען צו שאַרען. די היינטיגע סדרה „שמיני" דערצעהלט אונז, אַז אהרן הכהן׳ס קינדער, נדב און אביהו, האָבען מקריב געווען קטורת מיט דעם „אש זרה", פרעמד פייער, זיינען זיי אויף דעם אָרט פאַרברענט געוואָרען. ארץ ישראל איז דאָס הייליגסטע לאַנד אין דער וועלט. ירושלים איז די הייליגסטע שטאָדט פון ארץ ישראל. דאָס בית המקדש איז דאָס הייליגסטע אָרט אין ירושלים. קדשי קדשים איז דאָס הייליגסטע ווינקעלע אין בית המקדש. יום הכפור איז דער הייליגסטער טאָג אין יאָהר. קיין איד האָט ניט געטאָרט אַריינגעהן אין קדשי קדשים. אהרן הכהן איז געווען דער איינציגער, וואָס האָט געמעגט אַריינגעהן אין קדשי קדשים, און דאָס אויך בלויז יום הכפור, אַזוי הייליג, איז עס געווען. און ווען זיינע קינ־דער האָבען זיך באַנוצט מיט „פרעמד" פייער, זיינען זיי פאַרברענט געוואָרען, ניט געקוקט דערויף וואָס זיי זיינען אַלע געווען כהנים, די קינדער פון אהרן

הכהן, משה רבינו׳ס פלימעניקעס, און די איניקלעך פון עמרם, וואָס איז געווען אַ „גדול הדור!"

דאַרפען מיר זיך שטאַרק היטען פאַר פרעמדס. מיר דאַרפען זיך היטען פאַר פרעמדע מנהגים, פאַר פרעמדע ליטעראַטורען, פאַר פרעמדע וועלט־אַנשויאונגען, און פאַר אַ פרעמדען לעבענס־שטייגער. בפרט נאָך ווען מיר אַליין האָבען אַזעלכע שעהנע מנהגים, אַזאַ געוואַלדיג רייכע ליטעראַטור, און אַזאַ געזונטע וועלט־אַנשויאונג, וואָס קיין בעסערע האָט נאָך דערוויילקיין שום פאָלק ניט ערפונדען. איז צו וואָס זשע זיך וואַרעמען ביי פרעמדע פייערען? זעהט איהר, עס שאַדט ניט אַמאָל צו וויסען וואָס די אומות העולם האָבען „צו פאַרקויפען". אָבער צוערשט דאַרף מען זיין באַהאַווענט אין דער אייגענער קולטור. דעמאָלט אַז מען באַקענט זיך מיט דער פרעמדער, איז עס אַמאָל אַ מעלה, וואָרום מען זעהט, אַז אונזערס איז געזונטע, קנאַקעדיגע זערנעס, און יענעמס איז „פאַלאָווע".

גאָר ניט ראַטזאַם איז עס זיך צו באַציהערען מיט ניט־אייגענעם יחוס. וואָרום דער עיקר איז „יחוס עצמו", וואָס דער מענש אַליין איז. און דאָס איז טאַקע, לויט דער פסיקתא, איינע פון די פיער זינד פאַר וועלכע אהרן׳ס קינדער זיינען אומגעקומען. זיי האָבען ניט געוואָלט חתונה האָבען, און הערט פאַר וואָס. זיי האָבען גע׳טענה׳ט: אונזער פאָטער׳ס ברודער (משה) איז אַ מלך, אונזער מוטער׳ס ברודער (נחשון) איז אַ נשיא, אונזער פאָטער איז כהן גדול, און מיר זיינען געהילפס־כהנים, איז מיט וועמען־זשע קען אונז אָנשטעהן חתונה צו האָבען?

אויך אין אונזערע אייגענע צייטען זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס גיב זיי כאָטש דאָס „טעלערעל פון הימעל". דאָס בעסטע און דאָס פּאַסענדסטע איז ניט געענוג גוט פאַר זיי. דאָס נעמט זיך דערפון וואָס ביי אונזערע זיידעס האָבען די מחותנים געהאַט די דעה. אָבער היינטיגע צייטען, האָט דאָס יונג־וואַרג דאָס וואָרט, ווילען זיי טהון שידוכים נאָר על פי ליבע און פילאָזאָפיע. איז אָפּטמאָל טויג עס טאַקע ניט.

נעמט, למשל, אַזאַ פאַל: אַ בחור איז געפאָהרען אָנקוקען אַ מיידעל, האָבען חברים איהם געגעבען אַן עצה, ער זאָל רעדען מיט דער כלה וועגען דריי זאַכען: פאַמיליע־אַנגעלעגענהייטען, ליבע און פילאָזאָפיע. ווען די מחות־נים האָבען זיך אַרויסגעשאַרט פון צימער און איבערגעלאָזט דאָס יונגע פּאָר אויף פיער אויגען, האָט דער בחור געפרעגט: „איהר האָט אַ ברודער?" און דאָס מיידעל האָט געענטפערט „ניין". „קאַרטאָפליעס האָט איהר ליב"?" „ניין", האָט געענטפערט די כלה אַביסעל פאַררויטעלט. „נו, ווען איהר זאָלט למשל, געווען האָבען אַ ברודער, וואָלט ער געווען ליב געהאַט קאַרטאָפליעס?"

אַלזאָ, מיט קיין פילאָזאָפיע קען מען ביי שידוכים ניט ווייט דערגעהן. דאָס האָט מען שוין פאַרשטאַנען נאָך אין יצחק אבינו׳ס צייטען. די תורה דערצעהלט אונז, אַז דער אויבערשטער האָט געבענטשט אברהם אבינו „בכל". דרש׳נט די גמרא אַז אברהם האָט געהאַט אַ טאָכטער מיט דעם נאָמען „בכל". אין יענע צייטען האָט דאָך אַ ברודער געמעגט חתונה האָבען מיט אַ שוועסטער, איז צו וואָס־זשע אייגענטליך האָט אברהם באַדאַרפט זיך מטריח זיין און שיקען אליעזר׳ן אַזש קיין ארם נהרים צו זוכען אַ פרוי פאַר זיין זוהן יצחק? ער האָט

דאָך געקאָנט חתונה מאַכען יצחק'ן מיט בכל! נאָר דער תירוץ איז, אַז יצחק האָט געוואָלט אַ ווייב על פי פשט, ניט על פי דרש. און אַ צווייטער תירוץ, אגב, איז אַז יצחק האָט געהאַלטען מיט דעם מאן דאמר וואָס זאָגט אַז אברהם האָט ניט געהאַט קיין טאָכטער.

ליבע איז טאַקע זעהר גוט. אמת'ע האַרציגע ליבע איז געוואַלדיג וויכטיג פאַר אַ גליקליך לעבען. אָבער זי דאַרף זיין ווי אַ „פייערעל", ניט ווי קיין פלאַם. אַ פייערעל ברענט לאַנג און קען ווערען אַלע מאָל גרעסער, אָבער אַ פלאַם גיט אַ פלאַקער, און אין אַ מינוט אַרום איז ער ניטאָ. דערפאַר טאַקע זיינען אונזערע זיידעס און באָבעס געווען פיעל קליגער אין דער דאָזיגער הינזיכט. זיי האָבען חתונה געהאַט אָהן ליבע, נאָר על פי שכל. דער עיקר איז געווען צי דער שידוך פּאַסט זיך, און די ליבע איז געקומען שפּעטער, איז זי אַלע מאָל געוואָרען שטאַרקער. אָבער היינטיגע צייטען ליבט מען זיך אָפּ פריהער, בלייבט שוין אויף נאָך דער חתונה גאָר ניט.

וואָרום דער עיקר איז דער מענש, ניט די ליבע. נאָכדעם ווי ר' מאָטעלע פּראָסקוראָווער ז"ל איז, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, געוואָרען אַן אלמן, האָט ער חתונה געהאַט מיט זיין ווייב'ס אַ שוועסטער. דאָס ערשטע ווייב וואָס האָט געהייסען חיה, איז געווען אַ גוטע נשמה, אַ צדקת, און האָט איהם געהאַלטען זעהר בכבוד. דאָס צווייטע ווייב האָט געהייסען ברכה און איז געווען, ווי עס טרעפט אַמאָל, אַן ארורה, אַ זעהר שלעכטער מענש, און האָט איהם פאַרביטערט דאָס לעבען. האָט ר' מאָטעלע אַמאָל צו איהר אַ זאָג געטהון: „אַ מאָדנע זאַך, דיין שוועסטער עליה השלום, האָט געהייסען ,חיה', איז זי געווען אַ ,ברכה', און דו הייסט ,ברכה' און ביזט אַ ,חיה' ".

פאַרשטעהט זיך אַז מען טאָר ניט גויטען קיין קינד צו אַ שידוך. ווען אליעזר, אברהם אבינו'ס קנעכט, האָט געוואָלט מיטנעמען רבקה'ן זי זאָל חתונה האָבען מיט יצחק'ן, האָט מען זי אַליין פריהער געפרעגט צי זי איז מסכים. און אַזוי דאַרף טאַקע זיין, וואָרום דער עיקר איז אַז דאָס פּאָרעל זאָל זיך געפעלען. דערמאָנט דאָס אונז אין אַ מעשה שהיה:

ווען דער רבי ר' העשיל ז"ל איז, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, געוואָרען אַן אלמן, האָט זיך צו איהם גע'שדכן'ט אַ באַוואוסטע נגידה. איז זי אַליין געקומען צו איהם, כלומר'שט ווי אַ שדכן'טע, און האָט צו איהם געזאָגט: „רבי, איך האָב פאַר אייך אַ גאָר גוטען שידוך. זי איז אַ צנועה, אַן אשת חיל און טאַקע אויך זעהר רייך. פון איהר צד איז גאָר ניט קיין מניעה, עס ווענדעט זיך בלויז אין אייך".

דער רבי האָט פאַרשטאַנען אַז זי מיינט טאַקע זיך אַליין, אָבער אַזוי ווי זי איז איהם ניט געפעלען, האָט ער אָפּגעזאָגט. האָט זי ווייטער גענומען לויבען די פרוי, אַז עס איז פאַר איהם גאָר אַ גליק, אָבער ער האָט אַלץ ניט געוואָלט הערען דערפון. גיט זי אַ זאָג: „וואָס איז, רבי, דער שידוך געפעלט אייך ניט?" „ניין, ניט דאָס, האָט געענטפערט דער רבי, „די שדכן'טע געפעלט מיר ניט".

און ווען עס קומט צו אַ שידוך, דאַרף מען זיין גאָר פּראַקטיש. מיר לעבען אין אַ חומר'דיגע וועלט, דאַרף מען זיך צופּאַסען צום לעבען. די גמרא דערצעהלט, אַז מען האָט אַמאָל געפרעגט בן עזאי פאַרוואָס ער האָט

ניט חתונה, האָט ער געענטפערט: „נפשי חשקה בתורה" — ער וויל זיצען און לערנען, געהט איהם ניט חתונה האָבען אין קאָפּ אַריין. נו, איז ער דאָך עפּעס געווען אַ בן עזאי. אָבער דעם אמת געזאָגט, געפעלט מיר בעסער ר' חיים צאנזער'ס ז"ל מיינונג. ווען ר' חיים צאנזער האָט געוואָלט נאָך אמאָל חתונה האָבען, איז עס זיין זוהן ניט געווען צום הארצען. איין מאָל, אין אַ שמועס האָט דער זוהן געזאָגט צום טאַטען, אַז ר' אייזיקעל זידיטשעווער ז"ל האָט ניט געוואָלט חתונה האָבען אַ צווייט מאָל, ווייל ער האָט חתונה געהאַט מיט דער תורה. „איז וואָס זשע ווילסטו", האָט ר' חיים געענטפערט מיט אַ שמייכעל, „איך זאָל אויך חתונה האָבען מיט דער תורה? זי איז דאָך שוין אַן אשת איש".

און אַז מיר האַלטען שוין ביי שידוכים, פּאַסט שוין אויך אַ שמועס צו טהון וועגען משקה, טאַקע וועגען אַ פּשוט שנעפּסעל. די היינטיגע סדרה זאָגט אונז, אַז דער וואָס לעבט אייביג, האָט געזאָגט צו אהרן הכהן: „יין ושכר אל תשת..." אַז ער און זיינע זיהן זאָלען ניט טרינקען קיין וויין און קיין ביער (און קיין נאָך שטאַרקערע משקאות אַודאי ניט) ווען זיי געהען אַריין אין אוהל מועד, „ולהבדיל בין הקודש ובין החול" — כדי זיי זאָלען קענען אונטערשיידען צווישען אַ הייליגע עבודה און אַ נישט־הייליגע. וואָרום אין אַלגעמיין איז עס זעהר גוט, אַז דער געדאַנק איז זויבער וואָס מען זאָל ניט טהון, בפרט נאָך ווען עס קומט צו א וויכטיגע, צו אַ הייליגע זאַך, דאַרף מען געוויס האָבען אַ קלאָהרען געדאַנק.

אַ שנעפּסעל אויף קידוש שאַדט טאַקע ניט, אָבער גלאַט טרינקען, לשם טרינקען, זעהט איהר, דאָס איז שוין גאָרניט קיין שעהנע מידה, אַט למשל ווי יענער ר' קלמן. אַט דער דאָזיגער ר' קלמן האָט ליב געהאַט דעם ביטערען טראָפּען. איינמאָל פאַר דעם שלאָפען זאָגט ער צו זיין ווייב: „שרה לעבען, אַז איך וועל וועלען אַ שנאַפּס, זאָלסטו אַזוי גוט זיין מיך אויפוועקען". פרעגט שרה: „קלמן סערדצע, פון וואַנען וועל איך וויסען אַז דו ווילסט אַ שנאַפּס?" ענטפערט ר' קלמן: „ווען דו וועסט מיך אויפוועקען, וועל איך וועלען מאַכען אַ כוסה".

אַט דאָס פּאַסט שוין גאָרניט פאַר קיין אידען. און אין דער אמת'ן זיינען מיר אַ זויבער פאָלק. וואָס די גוים זאָלען אויף אונז ניט זאָגען, אָבער פאַר שכורים האַלטען זיי אונז ניט. אפילו פורים, ווען עס איז אַ מצוה צו טרינקען אַזוי פיעל אַז מען זאָל אפילו ניט וויסען דעם אונטערשיעד פון „ארור המן" ביז „ברוך מרדכי" (פאַרשטאַלטען זאָל זיין המן און געבענטשט זאָל זיין מרדכי), איז אפילו דאַן שכור'ט זיך אַ איד ניט אַן. און אפילו ווען אַ איד כאַפּט שוין יאָ איבער אַביסעלע די מאָס אום פורים, און ווערט אַביסעל בגי־לופין'דיג, איז וואָס זשע, מיינט איהר, טהוט ער? ער זאָגט אַ גוט ווערטעל, אָדער גלאַט אַ שטיקעל פורים'דיגע תורה, וואָס ניכטערערהייט וואָלט ער דאָס ניט געזאָגט. אַט למשל ווי יענער ישיבה בחור:

אין וואָלאָזשין איז געווען אַ מנהג, אַז פורים פלעגען די ישיבה בחורים אויסקלייבען איינעם, און איהם מאַכען פאַר אַ „פורים רב" ער זאָל אַביסעל אַמוזירען דעם עולם. געוועהנליך פלעגט מען אויסקלייבען אַ שאַרפען עילוי ער זאָל זאָגען ניט קיין אויסגעהאַלטענע פּלפּולים, ניט געשטויגענע און ניט

געפלויגענע חילוקים, צונויפפיהרען אַ וואַנד מיט אַ וואַנד, ווי עס פּאַסט זיך פאַר פורים׳דיגע תורה. ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט פלעגט מען שוין אין איין וועגס „אַריינזאָגען" דעם ראש הישיבה און די פיהרער פון דער ישיבה. האָט אַמאָל אַזאַ „פורים־רב" געטרונקען איין טראָפּען צופיעל, און ער האָט שוין אַביסעל אַריבערגעכאַפּט דאָס „אַריינזאָגען" ר׳ הערש לייב׳ן ז״ל. שושן פורים, נאָכדעם ווי דער „פורים־רב" האָט זיך אויסגעניכטערט, און זיך גע־כאַפּט, אַז ער האָט צו שאַרף „אַריינגעזאָגט", איז ער אַוועק צום רבי׳ן, און געבעטען ער זאָל איהם מוחל זיין, ער האָט עס ניט געמיינט און אַזוי ווייטער. ענטפערט ר׳ הערש לייב: „איך האָב אויף דיר גאָר קיין פּאַראיבעל ניט. די וועלט זאָגט: ,וואָס ביי אַ ניכטערען אויף דער לונג איז ביי אַ שיכור׳ן אויף דער צונג׳. איז דאָך די קשיא, קצבים גיבען אויס אַ סך געלט אויף אַ בהמה, און אַז עס מאַכט זיך אַ שאלה אויף דער לונג, מאַטערען זיך די רבנים צו געפונען אַ היתר. איז דאָך אָבער דאָ אַן איינפאַכע עצה. מען קאָן דאָך פאַר דער שחיטה אָנטרינקען די בהמה מיט בראָנפען, וועט ,וואָס עס איז אויף דער לונג אַרויסקומען אויף דער צונג!׳ נאָר דער תירוץ איז, אַז דער כלל איז גילטיג בלויז ביי מענשען, אָבער ניט ביי קיין בהמה". אַלזאָ, זעהט איהר, אפילו „אַריינזאָגען" קען מען אויך בעסער מיט אַ זויבערען מוח.

יאָ, אונזער תורה איז ניט בלויז אַ ספר פון רעליגיעזע דינים, נאָר זי איז אַ גאַנצע ענציקלאָפּעדיע. אונזערע חכמים ז״ל האָבען טאַקע ריכטיג באַמערקט „הפך בה והפך בה דכולה בה" — זי אַנטהאַלט אַלץ: געשיכטע, דערצעהלונגען, פילאָזאָפיע. זי רעגולירט די באַציהונג פון מענש צום בורא, פון מענש צו מענש, פון קינדער צו עלטערען, אפילו דאָס טרינקען און דאָס עסען, מאָדערנע גערעדט — די דיעטע. זי זאָגט אונז וואָס מיר זאָלען יאָ עסען און וואָס מיר זאָלען ניט עסען, וואָס עס איז גוט פאַר אונז און וואָס ניט. אָט, למשל, פאַרוועהרט אונז די תורה צו עסען חזיר. גיבען שוין כמעט אַלע מעדיצינער און כעמיקער צו, אפילו גוי׳אישע, אַז דער חזיר ענטהאַלט אַזאַ מין שטאָף (טראכין) וואָס איז זעהר שעדליך פאַר דעם מענשען, בפרט נאָך אין וואַרימע לענדער. און אונזער תורה האָט דאָס שוין געזאָגט מיט קנאַפּע פיער טויזענט יאָהר צוריק.

איז פאַר אַ חזיר דאַרף מען זיך שטאַרק היטען, וואָרום ער איז אַ גרויסער צבועק, ווייל ער ווייזט זיינע קלעים, מען זאָל מיינען אַז ער איז כשר. און פאַר אַ צוויי־פיסיגען חזיר דאַרף מען זיך שוין גאָר גאָר, היטען. אָט הערט אַ מעשה שהיה: אַ געוויסער אידישער געלעהרטער האָט זיך גע׳שמד׳ט, רחמנא לצלן, צוליב קאַריערע, פשוט ווייל ער האָט געהאַלטען, אַז עס לוינט זיך בעסער צו זיין אַ פּראָפעסאָר אין פּעטערבורג איידער אַ מלמד אין שניפּישאָק. אָבער אפילו נאָך דעם שמד׳ן איז ער נאָך אַלץ געוועזען אַריינגעטהון דאָס גאַנצע לעבען אין לערנען אידישע ספרים, און איז געשטאַ־נען אין כסדר׳דיגע באַציהונגען מיט רבנים, און האָט אַליין געשריבען חידושי תורה. וואָרום ווי זאָגט דאָס ווערטעל: „מיט וואָס דער טאָפּ ווערט אָנגע־זאַפּט, מיט דעם ווערט ער צעבראָכען". האָט מען אַמאָל געפרעגט ר׳ הירש לייב וואָלאָזשינער ז״ל זיין מיינונג וועגען דעם דאָזיגען מערקווירדיגען משומד, וועלכען מען האָט געשעצט אפילו אין אָרטאָדאָקסישע קרייזען. האָט

ר׳ הירש לייב ז״ל אַ זיפץ געטהון, און ער האָט געענטפערט מיט פאָלגענדער מעשה:

אַ זעהר רייכע פרוי איז אַמאָל, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, קראַנק געוואָרען. האָט מען, ווי דער שטייגער איז ביי גבירים, געבראַכט די גרעסטע דאָקטוירים, און זיי האָבען געזאָגט, אַז כדי צו דערהאַלטען דעם חולה ביים געזונט, מוז מען זי אומבאַדינגט שפייזען מיט חזיר פלייש. זייענדיג זעהר פרומע מענשען, האָבען ניט דער מאַן און ניט די פּאַציענטקע געוואָלט הערען דערפון. אָבער אַזוי ווי דעם חולה׳ס לאַגע איז געוואָרען ערגער פון טאָג צו טאָג, און די דאָקטוירים האָבען זיך אַלץ געהאַלטען ביי דאָס זייעריגע, איז מען געגאַנגען צום רב נאָך אַן עצה. דער רב איז אַריבערגעגאַנגען צום חולה און געזאָגט, אַז ניט נאָר מעג זי עסען, נאָר זי מוז, וואָרום עס האַנדעלט זיך וועגען פיקוח נפש, אַ מענשען׳ס לעבען שטעהט אין קאָהן, און די תורה זאָגט דאָך בפירוש „וחי בהם״ — אונזערע דינים היטען דעם מענשען׳ס לעבען. האָט די פרומע פרוי שוין מסכים געווען, אָבער זי האָט געבעטען דעם רב, אַז אויב עס איז שוין יאָ נגזר געוואָרען, אַז זי זאָל עסען חזיר, וואָלט זי כאָטש געוואָלט, אַז מען זאָל איהם שעכטען ווי מען שעכט אַ כשר׳ע בהמה, און מיט אַ צוריקגעהאַלטענעם שמייכעל האָט דער רב איהר עס צוליב געטהון.

נאָכדעם ווי דער שוחט איז פאַרטיג געוואָרען מיט דער שחיטה, האָט די אידענע געבעטען מען זאָל בודק זיין די ריאה, אַלץ זאָל זיין על פי דין. אָבער ווי אויף להכעיס, האָט מען אויף דעם חזיר׳ס ריאה געפונען אַ שאלה. און אַזוי ווי דער שוחט אַליין האָט ניט געקענט פּסק׳ענען, האָט מען די ריאָה געשיקט צום רב. האָט דער רב בודק געווען די ריאה, זיך פאַרטראַכט און געזאָגט: „ווען אַזאַ שאלה זאָל זיך טרעפען ביי אַ בהמה טהורה, וואָלט איך קיין רגע ניט געטראַכט און געענטפערט אַז די בהמה איז כשר. אָבער אין אונזער פאַל, וואו עס האַנדעלט זיך וועגען אַ חזיר, איז ווי אַזוי קען איך זאָגען „כשר״, אַז אפילו ער זאָל אַרום און אַרום פון אַלע זייטען זיין כשר איז ער דאָך פאָרט אַ חזיר.

און זעהט איהר, כאָטש דער „דבר אחר״ איז דאָך די רייכסטע חיה אין דער וועלט, מחמת ער עסט דאָך אַלץ, פעהלט איהם דאָך גאָרניט, פונ־דעסטוועגען האָט די תורה אונז פאַרבאָטען צו עסען זיין פלייש, און „להבדיל בין הטמא ובין הטהור״ — און צו אונטערשיידען צווישען ריינע בהמות און אומריינע. וואָרום רייניגקייט פאַרנעמט ביי אידען אַ גאָר הויך אָרט, סאַי אין דעם גייסטיגען זינען, סאַי אין דעם פיזישען. אידען זיינען געבאָטען „ובערת הרע מקרבך״, רוים אויס דאָס שלעכטס פון צווישען דיר, פונקט ווי זיי זיינען געבאָטען אַרויסצוראמען חמץ פאַר פסח. ווייל דאָס פיזישע און גייסטיגע לעבען מוזען האַרמאָנירען. אַ ריינער קערפּער ענטהאַלט אין זיך אַ ריינעם גייסט.

האָט אונז אונזער תורה באַשאָנקען מיט אַ רייהע ריינקייט־געזעצען, און אַז וואויל צו יעניגע וואָס היטען זיי אָפּ.

# תזריע

מעשה׳לעך, משלים, עפיזאָדען, גוטע ווערטלעך, זיינען זעהר אָפט אַ גוט מיטעל צו ערקלעהרען אַן עניָן, בפרט ווען מען וויל אַרויסברענגען אַ מוסר השכל. ווענדע איך אַן די דאָזיגע מעטאָדע און האָף אַז די לעזער וועלען אין זינען האָבען די מוסר השכל׳ס, ווייל דאָס איז דאָך דער עיקר צוועק פון דעם „לכבוד שבת״.

דאָס דערמאָנט מיך, אגב, אין דעם דובנער מגיד׳ס אַ משל. ביי אַ רייכען מאַן איז אַמאָל קראַנק געוואָרען זיין בן יחיד. האָט ער אַראָפּגעבראַכט דעם גרעסטען ספעציאַליסט וועגען וועמען מען פלעגט דערצעהלען גרויסע וואונדער. דער דאָקטאָר האָט דעם אינגעל געגעבען פילען, און אַזוי ווי ער האָט געוואָלט אַז דאָס צעפּיעשטשעטע בחור׳ל זאָל זיי איינגעמען מיט חשק, האָט ער די פּילען איינגעדעקט מיט צוקער. עס זיינען אַריבער עטליכע טעג, און דעם אינגעל איז ניט בעסער געוואָרען. דער דאָקטאָר האָט ניט געקענט פאַרשטעהן פאַרוואָס די מעדיצין ווירקט ניט אויף דעם אינגעל, האָט ער איהם גענומען אויספרעגען, און ער איז געוואויר געוואָרען, אַז דער פאַציענט שלינגט ניט אַראָפּ די פּילען, נאָר ער האַלט זיי אין מויל ביז דער צוקער צוגעהט, און נאָכדעם שפּייט ער זיי אויס בשתיקה. איז האָפען מיר אַז איהר געדענקט ניט בלויז די מעשה׳לעך מיט די משלים, נאָר אַז איהר טראַכט זיך אויך אַריין אין די מוסר השכל׳ס, וואָס איז די הויפּט אויפגאַבע פון אונזער שרייבען.

די היינטיגע סדרה „תזריע״ רעגולירט די ריינקייט־געזעצען פון דעם אידישען פאַמיליען־לעבען. וואָרום אַ ריינער קערפּער, אַ ריין הויז, אַ ריינע ציכטיגע אַטמאָספּערע, סביבה, איז אַ הויפּט־באַדינג פאַר אַ ריינע נשמה, אַ ריינעם גייסט. און עס איז אַ דבר ידוע, אַז אַ ריינער קערפּער פאַרמאָגט אין זיך אַ ריינע נשמה, אַ ריינעם גייסט. זאָגט אונז אַן די היינטיגע סדרה, אַז ווען אַ אינגעלע ווערט געבוירען, זאָל מען איהם מל זיין דעם אַכטען טאָג. ניט נאָר איז ברית מילה דער צייכען „צווישען איד און בורא״, נאָר עס איז טאַקע אויך געזונד פאַר דעם קערפּער. איך וועל אייך דערצעהלען אַ סוד, אַז היינט צו טאָג זיינען פּיעלע ניט־אידען מל זייערע קינדער, פּשוט דערפאַר, ווייל עס איז געזונד פאַר דעם קערפּער. זעהען מיר אַז אַלץ וואָס אונזער תורה הייסט אונז טהון אָדער ניט טהון, איז גלייכצייטיג אויך גוט פאַר דעם געזונד. איז מל זיין דער ערשטער צייכען אַז מען איז אַ איד. וועלען מיר אייך אגב, איבערגעבען אַ גוט ווערטעל:

דער גרעסטער מיניסטער וואָס דייטשלאַנד האָט אַמאָל געהאַט, ביס־מאַרק, וועלכער איז געווען באַקאַנט אַלס דער „אייזערנער קאַנצלער״, האָט אַמאָל אין אַ געשפּרעך מיט דעם באַריהמטען און איינפלוסרייכען איד עדוואַרד לאַסקער, זיך אויסגעדריקט, אַז ער וואָלט איהם געמאַכט פאַר אַ מיניסטער אָבער...

האָט דער שטאָלצער איד לאַסקער איהם איבערגעשלאָגען די רייד און געזאָגט:

„עקסעלענץ, ווען איך בין אַלט געוואָרען אַכט טאָג, האָט מען מיר דעם וועג צו ווערען אַ מיניסטער אויף איביג „אָפּגעשניטען".

און אַן אומריינער קערפּער, נעמט זיך מעהרסטענס פון אַן אומאַנ־שטענדיג, אויסגעלאָסען לעבען. פאַרשטעהט זיך, אַז דער מענש האָט אויף זיך אַ יצר הרע. און אין דער אמת'ן זיינען מיר דאָך גאָר ניט שולדיג, וואָרום „כי יצר לב האדם רע מנעריו" — דער מענש ווערט דאָך געבוירען מיט אַ יצר הרע. אָבער פונדעסטוועגען זיינען מיר פאָרט אַביסעל פאַר־אַנטוואָרטליך פאַר אונזערע מעשים, ווייל דער מענש דאַרף צוימען דעם יצר הרע. דערפאַר איז ער דאָך אַ מענש, צו וויסען וואו איין און וואו אויס.

אָט זאָגט אונז די היינטיגע סדרה „וראה הכהן את הנגע... ושער בנגע הפך לבן". זאָגט דערויף דער „מגיד דבריו", אַז אַ מענש זינדיגט אין דער יוגענד, מילא קען מען דאָס פאַרשטעהן, אַ יונגער „צוציק", לייכטזיניג, ער קען ניט באַהערשען זיינע פיזישע תאוות. ווען ער וועט עלטער ווערען און קומען צום שכל, וועט ער אַנדערש ווערען. אָבער ווען אַן עלטערער מענש איז אַריינגעטהון אין זינד, ווען „ושער בנגע הפך לבן", ווען ער האָט שוין ווייסע האָר, זעהט איהר, אָט דאָס טויג שוין ניט, אַזאַ איינער וועט שוין אויסלעבען זיינע יאָהרען אַ זינדיגער. אויף אַזאַ איינעם קען מען שוין ניט מלמד זכות זיין.

און ר' יוסף שאול נאַטאַנזאָהן ז"ל, דער לעמבערגער רב, האָט גע־טייטשט דעם פּסוק פון דער היינטיגער סדרה „ומראה הנגע עמוק מעור בשרו, נגע צרעת הוא", אַז כל זמן די „נגע" ליגט ביי דעם מענשען בלויז אין פלייש, אין דעם קערפּער, אין דער תאוה, איז נאָך צו דערליידען, איז נאָך פאַראַן אַ האָפנונג, אַז מען וועט עס קענען אויסהיילען. קוים אָבער, איז די „נגע" שוין אַריינגעקראָכען טיפער, זי איז שוין אין דעם מוח, אין דער מחשבה, דאַן איז ביטער. „טמא יטמאנו הכהן בראשו נגעו" — אויב די „נגע" געפינט זיך שוין אין מוח, אין קאָפּ, ער זינדיגט שוין אין דער מחשבה, ער צווייפעלט שוין, רחמנא לצלן, אין דער תורה, איז שוין גאָר ניט פרעהליך. וואָרום די גמרא זאָגט „כל איסורין שבתורה בטלין בששים, מין במינו באלף לא בטל", טייטשט ר' שמעלקע ניקעלסבורגער ז"ל, אויב אַ מענש זינדיגט צוליב תאוה, מילא, איז נאָך פאַראַן אַ האָפנונג, ער וועט עלטער ווערען, דערגרייכען צו די „ששים" און ניט האָבען די פיזישע כוחות צו זינדיגען, וועלען זיינע עבירות בטל ווערען „בששים". אָבער „מין במינו", ווען אַ מענש זינדיגט צוליב „מינות", צוליב אפיקורסות, דעמאָלט איז אפילו „באלף לא בטל", ווען ער זאָל אפילו דערלעבען מתושלח'ס יאָהרען, וועט ער אַלץ בלייבען דער זעלבער.

דערפאַר טאַקע טייטשט דער תלמוד ירושלמי דעם פּסוק „אם יהיו חטאיכם כשנים כשלג ילבינו" אַזוי: אויב אייערע זינד וועלען זיין „כשנים" לויט די יאָהרען, איז „כשלג ילבינו", וועלען זיי פאַרגעבען ווערען. אויב אַ יונג בחור'ל געהט מיט אַ מיידעל צו אַ באַל און פאַרברענגט דעם אָוונט, נו,

קען מען אויף איהם מלמד זכות זיין. אָבער ווען אַ זקן פאַרנעמט זיך מיט אַזעלכע נאַרישקייטען, איז דאָס ניט לויט די יאָהרען.

אָבער מיר מוזען האָבען אין זינען, אַז מיר טאָרען ניט זיך אַליין האַלטען פאַר צדיקים, פאַר פיינע מענשען און כסדר זוכען עבירות אויף דעם צווייטען, אויף זיך אַליין זעהן נאַר דאָס גוטע, און אויף יענעם זעהן בלויז דאָס שלעכטע. ווארום „כהן שסומא באחת מעיניו אסור לראות את הנגעים" — מען דאַרף קוקען אויף יענעמ'ס חסרון מיטביידע אויגען. זאָגט ר' יוסף קליין ז"ל, אַז מיט איין אויג דאַרף מען טאַקע זעהן די „נגע", דעם חסרון, אָבער מיט דעם צווייטען אויג דאַרף מען זעהן די אורזאַכען, וואָס האָבען געפיהרט צו דעם דאָזיגען חסרון. מען טאָר ניט זעהן אויף דעם צווייטען בלויז די חסרונות. מען דאַרף אויך זוכען ביי יענעם די גוטע מידות.

היינטיגע צייטען, בעוונותינו הרבים, איז דאָס טאַקע זעהר שווער. ווארום „והצרוע אשר בו הנגע בגדיו יהיו פרומים". טייטשט ר' משה קאָברינער ז"ל, אַז היינטיגע צייטען איז דער יעניגער ביי וועלכען די נגע ליגט באַהאַלטען „בו" אינווייניג, איז „בגדיו יהיו פרומים", ער טהוט זיך אָן אין „פרומע" קליידער. ער שפּילט אויסערליך די ראָליע פון אַ „פרומען". דאַרף מען טאַקע זיין זעהר פאָרזיכטיג.

מוזען מיר האָבען אין זינען, אַז דער קערפּער און דער גייסט געהען האַנט אין האַנט. אַ געזונטער קערפּער פאַרמאָגט אין זיך אַ געזונטען גייסט. און דאָס וואָס איז גוט פאַר דעם מענשענ'ס נשמה, איז אויך גוט פאַר זיין גוף. מיר וועלען דאָס בעסער פאַרשטעהן דורך דעם דובנער מגיד'ס ז"ל אַ משל:

איינער האָט אַמאָל שטאַרק געליטען אויף דעם האַרץ, און ער איז געוואָרען אַזוי שוואַך, אַז ער האָט געמוזט ליגען, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, אין בעט. האָט מען געבראַכט אַ דאָקטאָר, און ער האָט געזאָגט דעם חולה: איהר דאַרפט אויף זיך נעמען קיינמאָל ניט בייז צו ווערען, אָדער זיך אויפרעגען אויף עמיצען, נאָר איהר מוזט לעבען רוהיג און פרידליך מיט יעדען איינעם. איהר טאָרט ניט זיין פאַרקאָכט אין געשעפט און זיך ניט יאָגען נאָך קיין געלט און רייכטום. איהר דאַרפט זיין צופרידען מיט דעם וואָס איהר פאַר־מאָגט און ניט זוכען צו פאַרכאַפּען די גאַנצע וועלט. עס זאָל אייך קיינמאָל ניט אַרען צי איהר פאַרדינט, צי איהר פאַרלירט, חלילה, ווארום געלט מאַכט ניט גליקליך. אַ רוהיג לעבען אָהן דאגות, איז דאָס גרעסטע גליק".

צווישען די פריינד וואָס זיינען געקומען איהם מבקר חולה זיין, און האָבען געהערט וואָס דער דאָקטאָר האָט אָנגעזאָגט דעם חולה, איז געווען איינער, וואָס האָט געפרעגט אַזאַ קשיא: „וואָס איז דאָס עפּעס פאַר אַ דאָק־טאָר? אָנשטאָט צו פאַרשרייבען דעם חולה אַ רעצעפּט, זאָגט ער גאָר איהם מוסר, אַזוי ווי אַ מגיד. איז ממה נפשך, איז ער אַ מגיד טאָ זאָל ער געהן אין די שוהלען און זאָגען מוסר דעם עולם, אלא איז ער אַ דאָקטאָר, טאָ זאָל ער פאַרשרייבען אַ רעצעפּט, וואָס דאַרף אַ קראַנקער מוסר?" האָט איהם אַ קלי־גערער געענטפערט: „דו נאַר, איינער, אָט דער מוסר וואָס דער דאָקטאָר

האָט געזאָגט דעם חולה, איז טאַקע די בעסטע רפואה פאַר איהם. אַז ער וועט זיך ניט אָפּעסען דאָס האַרץ, וועט ער שוין במילא געזונט ווערען״.

זיינען אָבער פאַראַן מענשען וואָס זוכען ניט קיין „גליקליך״ לעבען, נאָר זיי זיינען להוט נאָך אַ „גלענצענד״ לעבען. זיי אַרט ניט אַזוי וואָס זיי אַליין זיינען ניט גליקליך, אַבי יענער זאָל מיינען, אַז ביי זיי גלאַנצט. האַלטען זיי אין איין יאָגען זיך נאָך געלט, וואָרום געלט ברייננגט דאָך מאַכט. מען ווערט דאָס „אויבערשטע פון דעם שטויסעל״. אָבער זיי פאַרגעסען, אָדער ווייסען ניט, - אַז גראָד דער וואָס האָט מאַכט, פיהלט עס גאָרניט און ווייסט ניט ווי דאָס אויסצונוצען, און דוקא דער, וואָס האָט גאָרניט קיין מאַכט, מיינט, אַז ער איז אַ גאַנצער תקיף. און דאָס, אגב, דערמאָנט אונז אין פאָלגענדעם.

ר׳ יאָשע בער ז״ל, דער בריסקער רב, און דער פאָטער פון ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק ז״ל פלעגט זאָגען: עס זיינען פאַראַן אויף דער וועלט צוויי סאָרטען מענשען, וואָס ווייסען ניט זייער כוח: דער „אוראַדניק״, און להבדיל דער רב. דער „אוראַדניק״ אין שטעדטעל איז דאָך באמת געווען דער אומ־באַגרענעצטער הערשער. ער האָט געקאָנט טהון וואָס ער האָט נאָר געוואָלט, אַרויסגעבען גזירות, אַרויפלייגען שטראָפען, איינזעצען מענשען אין תפיסה. וואָרום ווער וועט עס האָבען די העזה זיך צו שטעלען איהם אַנטקעגען? דער רב, להבדיל, פיהרט אַ גאַנצע מלוכה. ער פסק׳נט שאלות, מאַכט כשר און טריפה, רופט צו דיני תורות, ערקלעהרט דעם גערעכט און דעם אומגערעכט, ער אסר׳ט, ער קנס׳ט, און עס פאָלט איהם גאָרניט איין אַ קלעהר צו טהון, וואָס אייגענטליך איז זיין תקיפות? וואָס אַ שטייגער קען ער טהון, אַז מען וועט איהם ניט פאָלגען? נאָר דאָס גליק איז וואָסביידע ווייסען ניט זייער אמת׳ן כוח. דער „אוראַדניק״ ווייסט ניט זיין שטאַרקייט, און דער רב, להבדיל, ווייסט ניט זיין שוואַכקייט.

זעהען מיר אַז אפילו ווען איינער האָט שוין יאָ די מאַכט, פיהלט ער עס גאָרניט. אָבער די נויטווענדיגקייט פון געזונטהייט, פון אַ געזונטען גייסט און אַ געזונטען קערפּער, פיהלט מען אין אַלע ביינער ווען מען האָט עס, חלילה, ניט. דאַרף מען, אַלזאָ, זעהן צו טהון אַלץ מעגליכע זיך צו דערוואָרבען ביידע. און אָט דאָס לערענט אונז די הייטיגע סדרה: דער מענש דאַרף זיך האַלטען ריין. זיינען, אָבער, פאַראַן מענשען, וואָס האָבען מורא פאַר אַ טראָפּען וואַסער. מילא, אין דער אַלטער היים איז דאָס נאָך געווען פאַר־שטענדליך, אַ פעסעל וואַסער האָט געקאָסט געלט, אָנגרייטען אַ וואַנע וואַסער האָט מען באַדאַרפט אַרבייטען קאַטאָרגע. אָבער דאָ אין דעם רייכען אַמעריקע, אַ דרעה דעם קראַן, און קאַלטס און הייס לויפט גלייך אין וואַנע אַריין, און דאָך זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס פוילען זיך אַביסעלע זיך אַרומצוואַוואַשען, אָט, למשל, ווי יענער מר. וויסענקרוין. ער האָט, ניט פאַר קיין מענשען געדאַכט באַקומען אַ געשווילעכץ פון ניט וואַשען די פיס. האָט מען געשיקט נאָך דעם פאַמיליע דאָקטאָר, און ער האָט איהם געזאָגט, אַז ער זאָל וואַשען די פיס אַ ביסעל אָפטער, וועט ער געזונט ווערען. איז דער חולה געגאַנגען צו אַ פּראָפעסאָר ער זאָל איהם אונטערזוכען, און דער פּראָפעסאָר האָט איהם געזאָגט דאָס זעלבע. ווען דער פּראָפעסאָר האָט פון איהם געהערט, אַז דער

דאָקטאָר האָט איהם אויך אַזוי געזאָגט, האָט ער זיך צעבייזערט און געפרעגט פאַרוואָס ער האָט ניט געפאָלגט. האָט דער פאַציענט געענטפערט: „איך ווייס, איך האָב זיך געוואָלט פריהער מיישב זיין מיט אַ ספּעציאַליסט".

יאָ, עס זיינען פאַראַן מענשען, וואָס האַלטען ניט פון ריינקייט, פּונקט ווי עס זיינען פאַראַן מענשען, וואָס גלויבען ניט אין מעדיצין, אפילו אין די עלעמענטאַרסטע, פּשוט׳סטע פאַקטען, וואָס די מעדיצין לערענט. און דאָס דערמאָנט אונז, אגב, אין פאָלגענדען עפּיזאָד: אין רוסלאַנד זיינען געווען „פעלדשערס", וואָס האָבען קיינמאָל ניט געלערענט קיין מעדיצין, און אַ פּשיטא שוין אַז זיי האָבען ניט געלייענט קיין ביכער וועגען מעדיצין. איז אַמאָל אַ פעלדשער אַליין קראַנק געוואָרען, און ער האָט געשיקט רופען אַן אַנדער פעלדשער. האָט דער צווייטער פעלדשער זיך אַנידערגעזעצט ביי דעם בעט, מעשה דאָקטאָר, גענומען דעם חולה׳ס האַנט און געטאַפּט דעם דופק (פּולס). רופט זיך אָן דער חולה: „הער אויף מיט דיינע נאַרישקייטען, דו ווייסט דאָך פּונקט ווי איך, אַז עס איז ניטאָ אַזאַ מין זאַך ווי אַ דופק!"

צווישען די אלע נגעים, וואָס ווערען דערמאָנט אין דער היינטיגער סדרה, געפינט זיך אויך די זעקסטע מכה, „שחין", אויף פּשוט אידיש „פאַרך". איז דאָס טאַקע ניט קיין עסטעטישע קראַנקהייט, אָבער אַז מען האָט אַ „סמי־קאַלקע" אין קאָפּ, קען מען דאָס אַמאָל גוט אויסנוצען. דער „מעיאָר" פון אַ שטאָדט אין רוסלאַנד הייסט „גאָלאָוואַ" — קאָפּ, דאָס הייסט, דער קאָפּ פון דער שטאָדט. איז אַמאָל געקומען אַ איד צום „גאָלאָוואַ" וועגען אַן ענין, און דער „גאָלאָוואַ" האָט זיך אויף איהם שטאַרק צעבייזערט, און אויסגעשריען „פאַרך, פאַרנעם זיך פון דאַנען!" האָט דער איד איהם גלייכגילטיג געענט־פערט אַז אַ „פאַרך איז העכער פון דעם „גאָלאָוואַ". איז דאָס טאַקע אַ גע־לונגענער אַנעקדאָט, אָבער אי אַ קאָפּ און אי אַ ריינער איז פיעל בעסער.

אָבער גאָר וויכטיג איז צו האָבען ריינע הענט, אָבער ניט נאָר פיזיש, נאָר אויך מאָראַליש, עטיש דאַרפען די הענט זיין ריין. „נקי כפים" איז גאָר אַ גרויסע מידה. אַ מענשענ׳ס הענט דאַרפען זיין ריין פון גנבה. די תורה האָט עס באַוואָרענט. די עשרת הדברות זאָגען בפירוש „לא תגנוב" — דו זאָלסט ניט גנב׳ענען. איז דאָך אונזער תורה קלוג ווי דער טאָג, און האָט אַלץ געזעהן אין פאָראויס, האָט זי אויף אַן אַנדער אָרט געשריבען „לא תגנובו" — איהר זאָלט ניט גנב׳ענען. וואָרום זי האָט דאָך געוואוסט, אַז אידען האָבען אַ „גראָ־בען פינגער", מיט וועלכען מען קען אויסדרעהען אַ פּשט׳על, קען דאָך קומען אַן אָנגעזעהענער בעל־הבית, איינער וואָס גילט אַלס חשוב׳ער מענש, און אַ דרעה טהון מיט דעם גראָבען פינגער, און זאָגען אַז מיט „לא תגנוב", דו זאָלסט ניט גנב׳ענען, מיינט די תורה בלויז אַ פּשוט׳ן מענש, אָבער אַזעלכער, וואָס מען „איהרצט", מען זאָגט איהם „איהר", אָדער „זייט זשע מוחל", איז ער, מעג יאָ. זאָגט די תורה „לא תגנבו", אַ „איהר" טאָר אויך ניט גנב׳ענען. יעדער איינער דאַרף זיין אַ „נקי כפים", יעדער מענש דאַרף האָבען ריינע הענט.

ליידער אָבער זיינען פאַראַן אידען, וואָס זיינען ניט שטאַרק מקפּיד אויף דעם. אָט האָט מען אַמאָל געפּאַקט איינעם אַריינלייגען אַ לעפעל אין

קעשענע, האָט מען איהם אַ פרעג געטהון: „סטייטש, ווי קומט עס צו דיר? עס שטעהט דאָך בפירוש ,לא תגנוב׳״. האָט ער געענטפערט: „וואָס עס שטעהט, שטעהט, און וואָס עס ליגט, מעג מען צונעמען״. נו, געפעלט אייך אַזאַ פשט׳על? אַן אַנדערער, ווידער, האָט געענטפערט נאָך קונציגער. ער האָט זיך געשטיצט אויף אַ „קל וחומר״. מען האָט איהם געכאַפּט אַריינשטעקען די האַנט אין אַ פרעמדער קעשענע, האָט ער געענטפערט צו דעם „בעל־הקעשענע״: „מה דאָך דו, וואָס אין מיין קעשענע טאָרסטו ניט אַריינשטעקען די האַנט, מעגסטו אַריינשטעקען אין דיין קעשענע, מכל שכן איך, וואָס מעג יאָ אַריינשטעקען די האַנט אין מיין קעשענע, מעג איך דאָך אין דיין קעשענע אַודאי און אַודאי אַריינשטעקען״.

ווייסען מיר אַז מיט אַ „קל וחומר״, צי מיט אַ געלונגענעם משל, קען מען טאַקע אַלץ פאַרענטפערען, אָט למשל ווי יענער מחבר: איינער, וואָס האָט דוקא געוואָלט ווערען אַ שרייבער, איז געגאַנגען און אַרויסגענומען שטיקלעך פון דער גמרא, און צונויפגעשטעלט אַ ספר, אין וועלכען ער האָט ניט געזאָגט קיין איינציג וואָרט קיין אייגענס, און האָט אַרויפגעשטעלט אויף דעם שער־בלאַט אַז ער האָט פאַרפאַסט דעם ספר, און איז געקומען צו אַ רב נאָך אַן הסכמה. זאָגט דער רב: „אַלע שטיקלעך שטעהען דאָך אין דער גמרא און קיין אייגענס זאָגט איהר דאָך גאָרניט?״ ענטפערט דער מחבר: „נו, איז וואָס? אַז דוד המלך האָט געמעגט „גנב׳ענען״ קאַפּיטלעך פון דעם סידור און מאַכען אַ תהלים, מעג איך גנב׳ענען פון דער גמרא און מאַכען אַ ספר״.

זיינען מיר אידען טאַקע אַ קלוג פאָלק. אַן אַמעריקאַנער גוי האָט אַמאָל געפרעגט דעם באַרימטען גוי׳אישען אַדוואָקאַט קלארענס דאראו, צי עס איז טאַקע אמת, אַז די אידען שטעהען העכער פון די גוים. האָט דאראו געענטפערט: „ווען דיינע אור־עלטערען זיינען נאָך געזעסען אויף די בוימער און געקנאַקט ניס מיט די ציין, האָבען די אידעלעך שוין פאַרקויפט קנאַק־ניסלעך״.

און מען קען אויך ניט אָפּלייקענען, אַז אַ דאַנק דער אידישער חכמה, קענען מיר זיך צופּאַסען און לעבען אונטער די ערגסטע אומשטענדען. מען האָט אַמאָל געפרעגט אַ שפּאַניער: „וואָס וואָלט איהר געטהון, ווען דער ים פאַרפלייצט שפּאַניע?״ האָט ער געענטפערט: „וואָלט געוועזן אויס שפּאַניש פאָלק״. ווען מען האָט געפרעגט אַן איטאַליענער: „וואָס וואָלט איהר געטהון, ווען אַ ערד־ציטערניש מאַכט חרוב איטאַליע?״ האָט ער געענטפערט: „וואָלט געוועזן אויס איטאַליעניש פאָלק״. אָבער ווען מען האָט געפרעגט אַ אידען אין ארץ ישראל: „וואָס וואָלט איהר געטהון ווען דער מיטעללענדישער ים פאַרפלייצט, חלילה, ארץ ישראל?״ האָט ער געענטפערט: „נו, איז וואָס? וואָלטען מיר זיך אויסגעלערענט לעבען אונטער דעם וואַסער״.

איז דאָס טאַקע אַלץ גוט און פיין. אָבער צו ריינקייט קומט עס ניט. אַ איד דאַרף האָבען אַ ריינעם קערפּער און אַ ריינע נשמה. און יעדער איד דאַרף זעהן אַז זיין אייגענער קערפּער און זיין אייגענע נשמה זאָלען זיין ריין. ר׳ ישראל סאלאנטער ז״ל האָט אַמאָל געזאָגט: די צרה מיט אונז אידען איז, וואָס יעדער איינער פון אונז זאָרגט זיך פאַר זיין אייגענעם קערפּער און פאַר

דעם צווייטענס נשמה. אין דער אמת׳ן, אָבער, דאַרף דאָס זיין פאַרקעהרט, מיר מוזען זיך זאָרגען פאַר דעם צווייטענס קערפּער און פאַר אונזערע אייגענע נשמות״. אַי, וואָלט אונז דאַן געווען וואויל און גוט!

און ביי ריינע הענט, מיינט מען אויך ניט צו נעמען קיין „כאַבאַר״. וואָרום, די תורה האָט שוין געזאָגט אין שמות כג, ח׳ „השוחד יעור פקחים״, און אין דברים טז, יט „השוחד יעור עיני חכמים״. צי אַ חכם, צי אַ פּקח, אויב ער נעמט אין „דער יד אַריין״, מאַכט עס איהם בלינד, עס פאַרבלענדעט זיינע אויגען. איז לאָמיר זשע טאַקע זעהן האַלטען אונזערע הענט, אונזער קערפּער און אונזער גייסט ריין.

וואָרום וואָס איז דעם מענשענס לעבען? אָט הערט וואָס דער מדרש תנחומא זאָגט: דעם מענשענס לעבען באַשטעהט פון זיבען פעריאָדען. דאָס ערשטע יאָהר איז דאָס קינד אַ מלך. אַלע האָבען עס ליעב, מען האַלזט און מען קושט עס. דאָס צווייטע יאָהר איז עס שוין געגליכען צו אַן אומריין באַשעפעניש. עס וואַלגערט זיך אויף דער ערד אין שמוץ... נאכהער איז ער ווי אַ שפּרינגענדע ציעג. די עלטערען קוועלען פון נחת. ווען ער קומט אין די בחור׳שע יאָהרען, איז ער ווי אַ געזונט פערדעל, וואָס צעפּאַלאָשעט זיך איבער די גאַסען. אַזוי געהט עס ביז ער ווערט אַלט אַכצעהן יאָהר. דאַן הויבט זיך אָן דער פעריאָד וואָס ציהט זיך ביז זיין פערציגסטען לעב־יאָהר. אין אָט דער תקופה איז ער פונקט ווי אַן אייזעל וואָס איז שטענדיג פאַרהאָרעוועט. ער דאַרף שפּייזען אַ ווייב און קינדער, און איז כסדר פאַרנומען מיט זוכען פּרנסה. און אָט דער עול פרנסה פערוואַנדעלט איהם אין דער בחינה פון אַ הונט וואָס האַלט אין איין נישטערען און זוכען אבי צו געפינען עפּעס צו עסען. און ווען ער קומט אין די זיבעציגער יאָהרען ווערט זיין געשטאַלט ווי דאָס געשטאַלט פון אַ מאַלפּע. ער פרעגט שוין איבער עטליכע מאָהל די זעלבע פראַגע. ער עסט ווי אַ קינד, זיין לאַכען איז ווי דאָס לאַכען פון אַ קינד. זיין שכל ווערט קינדיש, און אפילו זיינע נאָהענטע און אייגענע קינדער הויבען אָן חוזק מאַכען פון איהם, אַזוי אַז ער האָט שוין מורא אפילו צו עפענען דאָס מויל.

און אין דעם לעצטען טאָג פון זיין לעבען קומט דער מלאך נעמען די נשמה. זיין געוויין געהט פון איין עק וועלט צו דער אַנדערער, כאָטש קיינער הערט עס ניט. אָבער דער מלאך איז שטרענג און ענטפערט „על כרחך אתה מת!״ איז באמת כדאי דאָס אין זינען צו האָבען און אָפּלעבען דאָס ביסעל יאָהרען ווי עס פּאַסט פאַר די קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב.

# מצורע

די היינטיגע סדרה „מצורע״ איז אַ פאַרטזעצונג וועגען די ריינקייט געזעצן, און אונזערע חכמים ז״ל זאָגען אונז, אַז מיט צרעת — קרעץ, רחמנא לצלן, ווערט מען באַשטראָפט פאַר רעדען לשון הרע. אפילו מרים, וואָס איז אַליין געווען אַ נביאה, און די טאָכטער פון עמרם, וואָס איז געווען אַ „גדול הדור״, און די שוועסטער פון אהרן און משה רבינו, איז ווען זי האָט אַביסעל אונטערגעמורמעלט אויף משה׳ן, איז זי באַשטראָפט געוואָרען מיט צרעת.

איז דאַרף מען האַלטען די צונג ריין. אַט צוליב דעם טאַקע געפינט זיך די צונג אונטער אַ דאָפּעלטען שלאָס, איינער פוןביין (די ציין) און איינער פון פלייש (די ליפּען). דאַרף מען זיין זעהר פאָרזיכטיג מיט דעם וואָרט, אפילו וואָס פאַר אַ גרויסער מענש מען זאָל ניט זיין. וואָס דאַרפט איהר מעהר: יוסף האָט גערעדט רכילות אויף זיינע ברידער, איז ער באַשטראָפט געוואָרען מיט דער פּוטיפר־אַפּערע, כאָטש ער האָט זוכה געווען צו אַזאַ הויכען טיטול ווי „צדיק״. אונזערע אור־עלטערען האָבען אויספּרובירט דעם אויבערשטען ניט ווייניגער ווי צעהן מאָל, אָבער באַשטראָפט האָט ער זיי בלויז פאַר רעדען לשון הרע, און זיי פאַרשקלאָפט אין מצרים. די מרגלים האָבען גערעדט שלעכטס אויף ארץ ישראל, האָבען זיי איינגענומען אַ מיתה משונה, און האָבען ניט קיין חלק אויף יענער וועלט. דוד המלך האָט זיך בלויז צוגעהערט צו לשון הרע, איז כאָטש פון איהם דאַרף אָפּשטאַמען משיח, איז ער באַשטראָפט געוואָרען, אַז זיין מלוכה איז צעטיילט געוואָרען. ישעיה הנביא האָט זיך אַרויסגעכאַפּט אַ לשון הרע אויף די אידען און געזאָגט: „ובתוך עם־טמא שפתים אנכי יושב״ — „איך זיץ צווישען אַ פאָלק, וואָס האָט אומריינע ליפּען״, איז ער באַשטראָפט געוואָרען. המן הרשע האָט גערעדט לשון הרע אויף אידען, האָט ער באַצאָהלט מיט זיין לעבען.

דאַרף מען זיך שטאַרק היטען מיט דער צונג, וואָרום לשון הרע מאַכט אומגליקליך דריי מענשען: דעם וואָס רעדט, דעם וואָס הערט עס, און דעם וועגען וועמען דאָס לשון הרע איז גערעדט געוואָרען. אַ צונג האָט ניט קיין ביינער, קאָן מען זי דרעהען ווי מען וויל, אויף גוטען און אויף שלעכטען. רבן (שמעון בן) גמליאל האָט געבעטען זיין קנעכט טבי ער זאָל געהן אין מאַרק אַריין און קויפען עפּעס אַ גוטע זאַך צום עסען. איז ער געגאַנגען און האָט געקויפט אַ צונג. אַ צווייט מאָל האָט ער איהם געבעטען געהן קויפען אַ שלעכטע זאַך, האָט ער ווידער געבראַכט אַ צונג. פרעגט ער איהם: „וואָס אייגענטליך הייסט דאָס? ביידע מאָל אַ צונג?״ האָט טבי געענטפערט: „פון דער צונג קומען ביידע זאַכען, גוטס און שלעכטס, איז עס גוט, איז קיין בעסערס ניטאָ, איז עס שלעכט, איז קיין ערגערס ניטאָ״. עס איז דאָך אַ בפירוש׳ער פסוק: „מות וחיים ביד לשון״. וואָרום אַזוי גיפטיג איז דער סם פון לשון

הרע, אַז „האומר ברומא והורג בסוריא" — מען קאָן רעדען לשון הרע אין רוים, און עס זאָל שאַדען אַ מענשען אַזש אין סיריע.

דערצעהלט אונז די גמרא: מען פרעגט דעם שלאַנג „וואָס פאַר אַ הנאה, אייגענטליך, האָסטו פון דיין בייסען? מילא, דער לייב, דער וואָלף בייסען און פאַרצוקען זייער קרבן, האָבען זיי כאָטש דערפון אַ הנאה, עס זעטיגט זייער הונגער, אָבער דו, וואָס פאַר אַ הנאה האָסטו פון דיין בייסען?", ענטפערט די שלאַנג: „נו, וואָס פאַר אַ הנאה האָט דער לשון הרע'ניק פון זיין באַרעדען דעם צווייטען?" מען פרעגט דעם שלאַנג: פאַרוואָס איז עס אַז ווען דו בייסט, איז כאָטש דו בייסט בלויז איין אבר, פיהלען עס אַלע אברים?" און דער שלאַנג ענטפערט: „מיך פרעגט איהר? געהט פרעגט דעם לשון הרע'ניק, וואָס רעדט לשון הרע אין איין שטאָדט און עס טויטעט אין אַן אַנדער שטאָדט!"

דאַרפען מיר האַלטען די צונג ריין פון שלעכטס, ווי אין פסוק שטעהט „נצור לשונך מרע" — היט די צונג פון שלעכטס, וועט זי דיך היטען. וואָרום דער מענש איז בעל הבית איבער דעם וואָרט נאָר איידער ער זאָגט עס אַרויס. קוים, אָבער, האָט ער עס שוין אַרויסגעזאָגט, איז דאָס וואָרט בעל הבית איבער איהם.

זיינען, אָבער, פאַראַן מענשען, וואָס מיינען, אַז די גאַנצע חכמה שטעקט אין רייד. און זיי רעדען ניט בלויז אויף מענשען, נאָר טאַקע אויך אויף דעם אויבערשטען אַליין, רחמנא לצלן. איינער אַן אפיקורס איז ניט געווען שוה בשוה מיט דעם רבונו של עולם, און ער האָט געהאַלטען אין איין באַרעדען איהם און זיין תורה. „סטייטש", האָט ער גע'טענה'ט, „ווי קאָן איך גלויבען אין דער תורה, אַז זי דערצעהלט אונז אַזאַ באָבע מעשה ווי אַז בלעם'ס אייזעל האָט גערעדט ווי אַ מענש?" האָט איהם אַ קלוגער רב געענטפערט: „אויב, איהר, אַ מענש, קענט רעדען ווי אַן אייזעל, טאָ פאַרוואָס זשע זאָל אַן אייזעל ניט קאָנען רעדען ווי אַ מענש?"

און „דא עקא", אין דעם טאַקע ליגט די צרה וואָס פיעלע מענשען רעדען פון ענינים, און ווייסען ניט פון זייערע הענט און פיס. מען האָט אַמאָל איינעם, וואָס האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ תנ"ך־קענער געפרעגט, ווי ווייט עס איז פון דן ביז באר שבע, האָט ער געענטפערט „וואָס? זיינען דען דאָס קיין נעמען פון מענשען?" און אַז מען האָט איהם געענטפערט, אַז „ניין, דאָס זיינען נעמען פון שטעדט", האָט ער אויסגעשריען: „זעה נאָר זעה, און איך האָב געמיינט, אַז זיי זיינען מאַן און פרוי פונקט ווי סדום און עמורה!" און ווי באַוואוסט זיינען דאָך סדום ועמורה אויך געווען שטעדט.

און פון וואַנען מיינט איהר נעמט זיך דאָס? אַלץ פון וויניג לערנען און פון צופיעל רעדען, פון וויניג גלויבען און פון צופיעל אפיקורסות. וואָרום דער איד, וואָס קוקט אַריין אין אַ ספר ווייסט אַז „יפה שתיקה לגוף" — אַז שווייגען איז געזונט. און ער ווייסט פון „מלה בסלע משתוקא בתרין", אַז „רעדען איז זילבער און שווייגען איז גאָלד". און דער איד וואָס גלויבט, ווייסט אַז מען טאָר ניט רעדען קיין לשון הרע, אַז מען דאַרף האַלטען די צונג ריין. אַז די תורה זאָגט „לא תלך רכיל" — זיי ניט קיין פלאָטקע־טראָגער, פאָלגט ער, און עס איז איהם וואויל און גוט, און ער איז גליקליך, אָבער

דער וואָס גלויבט ניט, זוכט זיך אויף כביכול און אויף לייט. ער ווערט אַן איי־בערגעקערטער מענש, און פון איבערקערען קומט קיין גוטס ניט אַרויס. אָט הערט וואָס עס ווערט פון אַן איבערגעקערטען מענשען: ר׳ בעריש מייזעלס ז״ל, דער וואַרשעווער רב, איז אַמאָל געפאָהרען אין באַן. איז אַנטקעגען איהם געזעסען אַ משומד, איז וואָס־זשע קען מען דערוואַרטען פון אַ משומד? האָט ער געוואָלט דעם ווירדיגען רב אַביסעל ערגערען. האָט ער אַרויסגענומען פון קעשענע אַ גאָלדענעם זייגער און געוויזען דעם רב, אַז אויף איין זייט איז אויסגעקריצט די צורה פון אַ אידען, און אויף דער צווייטער זייט — אַ צורה פון אַ הונט. רופט זיך אָן ר׳ בעריש מיט אַ שמייכעל: „אָט דאָס ווערט פון אַ אידען ווען ער קערט זיך איבער״.

וואָרום צווישען אונזער רעליגיע און זייערער איז אַ געוואַלדיג גרוי־סער אונטערשיעד. מיר אידען האַלטען פון אַ גאַנצער זאַך, און זיי באַנוגענען זיך מיט אַ שטיקעל. אָט, למשל, דער סימבאָל פון דער גוי׳אישער רעליגיע איז אַ צלם. און דער צלם האָט פיער עקען. דאָס הייסט, אַז גאָט איז דאָ אין אַלע פיער זייטען. אָבער אונזער סימבאָל, וואָס איז בלויז אַ נאַציאָנאַלער, דער מגן דוד, האָט זעקס שפיצען. ער ווייזט, אַז דער אַלמעכטיגער איז ניט בלויז אין אַלע פיער זייטען, נאָר אויך אונטען און אויבען. ווייל אויב אַ בורא, מוז ער זיין איבעראַל, אין יעדער ווינקעלע. און אַ חוץ דעם האָט דער איד קיינמאָל ניט אַנערקענט אַ מענש פאַר אַ גאָט, און ער וועט עס זיכער קיינמאָל ניט טהון. דער באַריהמטער אידישער דיכטער היינריך היינע האָט אַמאָל געזאָגט, אַז „אַ איד וועט קיינמאָל ניט אָנערקענען אַ צווייטען אידען פאַר אַ גאָט״.

אַ גלח האָט זיך אַמאָל געריצט מיט, להבדיל, אַ רב, און ער האָט צו איהם געזאָגט: „ביי אייך קען אַ רב קיינמאָל ניט שטייגען העכער. מעהר ווי רב קען ער ניט ווערען. אָבער ביי אונז קען אַ גלח ווערען אַ בישאָף״. „און וואָס נאָך קאָן ער ווערען?״ האָט דער רב געפרעגט. „ער קאָן ווערען אַן אַרצבישאָף״. „און וואָס נאָך?״ ער קאָן ווערען אַ פּויבסט״. „נו, און וואָס נאָך?״ האָט דער רב געפרעגט. דאָ איז שוין דער גלח אַביסעל בייז געוואָרען און ער האָט אַ געשריי געטהון: „וואָס נאָך ווילסטו זאָל ער ווערען? אַ גאָט?״ האָט דער רב זיך געלאָסען געענטפערט: „נו, און פאַר וואָס ניט, מיר האָבען אַמאָל געהאַט אַ בחור׳ל, האָט ער יאָ באַוויזען די קונץ!״

אַלזאָ, די גוים האַלטען, אַז אַ גאָט קאָן געבוירען ווערען. אָט למשל, גלויבען זיי דאָך, אַז דער „אותו האיש״ איז גלייך געבוירען געוואָרען אַ גאָט! אָבער מיר אידען האַלטען, אַז ניט נאָר ניט קיין גאָט, נאָר אפילו קיין גרויסע מענשען ווערען ניט געבוירען. אַ מענש ווערט געבוירען קליין, אָבער ער קאָן ווערען גרויס. דער באַרימטער דיכטער חיים נחמן ביאַליק ע״ה, האָט אַמאָל אָפּגעשטעלט אַ קינד אין דער קאָלאָניע פּתח תקוה און געזאָגט צו איהם: „זאָג מיר, אינגעלע, וואָס פאַר גרויסע מענשען זיינען געבוירען גע־וואָרען אין אייער קאָלאָניע?״ האָט דאָס אינגעלע געענטפערט מיט אַ חן־עווודיג שמייכעלע: „ביי אונז ווערען געבוירען בלויז קליינע קינדער, ניט קיין גרויסע מענשען״.

אָבער צו ווערען גרויס, דאַרף מען פריהער באַזיצען די שעהנע און וויכטיגע מידה פון צו זיין פאָרזיכטיג מיט דעם וואָרט. „חכמים הזהרו בדבריכם", שטעהט ביי אונז געשריבען. און נאָך בעסער איז, אַז מען שווייגט מעהר ווי מען רעדט. אָפטמאָל קען מען מיט שווייגען מעהר דערגרייכען ווי מיט רעדען. דאָס דערמאָנט מיך, אגב, אין פאָלגענדען עפּיזאָד:

אַ קעניג האָט אַמאָל געהערט, אַז מען האַלט די אידען פאַר דעם קלוגסטען פאָלק אין דער וועלט. האָט ער אַרויסגעגעבען אַ באַפעהל, אַז זיי זאָלען אויסקלויבען אַ אידען, וואָס זאָל פיהרען מיט איהם אַ דעבאַטע אָהן ווערטער, נאָר דורך באַוועגונגען. אויב די אידען וועלען ניט אויספאָלגען דעם באַפעהל, וועט ער זיי אַלע אַרויסטרייבען פון זיין מדינה. און אויב, ווידער, זיי וועלען יאָ שיקען איינעם, אָבער ער וועט ניט פאַרשטעהן דעם מלך'ס באַוועגונגען, וועט ער באַקומען הונדערט שמיץ. זיינען די אידען געווען, פאַרשטעהט זיך, שטאַרק באַזאָרגט. קיין איד האָט ניט געוואָלט ריזיקירען מיט דעם לעבען. אָבער ווען עס האָט שוין געהאַלטען דערביי אַז דער מלך זאָל אַרויסטרייבען אַלע אידען, האָט זיך געפונען אַ אידישער קאָוואַל, וואָס האָט געוואָלט ראַטעווען די אידען פון אַן אומגליק, און ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט איינשטעלען דאָס לעבען. ראַטעווען אידען אין אַן עת צרה! איין קלייניגקייט!

די דעבאַטע האָט, פאַרשטעהט זיך, אַרויסגערופען אַ געוואַלדיגען אינטערעס אין דער גאַנצער מדינה. עס זיינען געקומען די גרעסטע פערזענליכקייטען, רייך און אָרעם, קינד און קייט, פרויען און מענער, אַלט און יונג. און דער קיסר איז אַרויפגעגאַנגען אויף דער פּלאַטפאָרמע, וואו דער קאָוואַל איז געשטאַנען און האָט געציטערט ווי „אַ פיש אין וואַסער פאַר נעילה". דער פאָרזיצער האָט אויסגעשריען: „לאַנג לעבען זאָל דער קעניג, און נידער מיט די אידען!" אַ טויטע שטילקייט האָט אַרומגעכאַפּט דעם מיליאָן קעפּיגען עולם. מיט אַ בטול'דיגען בליק האָט דער מעכטיגער קעניג אַ קוק געטהון אויף דעם דערשראָקענעם קאָוואַל, אויף זיינע שמוציגע, אָפּגעריסענע בגדים, אויף זיין פאַרסאַזשעט פנים, און עס איז געוואָרען שטיל ווי אויף אַ בית עולם.

דער קעניג האָט דאַן אויסגעשטרעקט אַ פינגער אין דער הויך, האָט דער קאָוואַל איהם געענטפערט מיט דעם, וואָס ער האָט אויסגעשטרעקט זיין פינגער אַראָפּ. דער קעניג האָט דאַן אויסגעשטרעקט צוויי פינגער, און דער קאָוואַל האָט געענטפערט דורך אויסשטרעקען בלויז איין פינגער. דער קעניג האָט דאַן אויסגעשטרעקט די גאַנצע האַנט מיט די פינגער צעשפּרייט, און דער קאָוואַל האָט געענטפערט מיט אויסשטרעקען אַ פאַרמאַכטע פויסט. דער קעניג האָט דאַן אַרויסגענומען אַ פלאַש רויטען וויין פון זיין טאַש, און דער קאָוואַל האָט אַרויסגענומען אַ שטיק קעז פון זיין קעשענע.

נאָך דער דאָזיגער דעבאַטע, האָט דער קעניג באַלד אויף דעם אָרט אַנאָנסירט, אַז זיין געגנער האָט „אויסגעהאַלטען דעם עקזאַמען". פאַרשטעהט זיך, אַז אַלע מיניסטאָרען און גענעראַלען און פּרינצען האָבען באַלד אַרומגערינגעלט דעם הערשער, ער זאָל זיי ערקלעהרען וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. און דער מעכטיגער קעניג האָט זיי געענטפערט: „ווען איך האָב אויפגעהויבען מיין פינגער צום הימעל, האָב איך געמיינט דערמיט צו זאָגען, אַז די אידען

זיינען געגליכען צו די שטערען אין הימעל. און מיין געגנער האָט געוויזען מיט זיין פינגער צו דער ערד, צו זאָגען, אַז די אידען זיינען געגליכען צו דעם זאַמד פון דעם ברעג ים. ווען איך האָב אויסגעשטרעקט צוויי פינגער, האָב איך געמיינט צו זאָגען אַז עס זיינען פאַראַן צוויי, דער גוי׳אישער גאָט און להבדיל דער אויבערשטער. האָט מיין געגנער געענטפערט מיט איין פינגער, אַז עס איז פאַראַן בלויז איינער. ווען איך האָב אויסגעשטרעקט מיין האַנט מיט די פינגער צעשפרייט, האָב איך געמיינט אָנצודייטען אַז די אידען זיינען ניט קיין פאָלק, נאָר זיי זיינען צעזייט און צעשפרייט. דערויף האָט מיין אָפּאָ־נענט, מיין געגנער, געענטפערט מיט אַ פאַרמאַכטע פויסט, אַז די אידען, כאָטש צעזייט און צעשפרייט, זיינען זיי איינס — „אגודה אחת". ווען איך האָב געוויזען אַ פלאַש רויטען ווייך, בין איך אויסען געווען צו ווייזען אַז די זינד פון די אידען זיינען רויט ווי ווייך. דערויף האָט ער געוויזען אַ שטיק קעז, אַז ביין, די זינד פון די אידען וועלען זיין ווייס ווי קעז".

דאַן האָבען אונזערע אידעלעך, זאָלען געזונט זיין, אַרומגערינגעלט דעם העלדישען זיגער, דעם קאַוואַל, און איהם געבעטען, אַז ער זאָל זיי געבען אַן ערקלערונג. האָט ער אויף זיין פשוט׳ען אופן געענטפערט אַזוי:

דער קעניג האָט אויסגעשטרעקט זיין פינגער אין דער הויך מיר צו ווייזען, אַז ער וועט מיך אויפהענגען. האָב איך אויסגעשטרעקט מיין פינגער צו דער ערד איהם צו ווייזען, אַז איך וועל איהם שיקען אין גיהנום אַריין. דער קעניג האָט אויסגעשטרעקט צוויי פינגער מיר צו ווייזען אַז ער וועט מיר אַרויסנעמעןביידע אויגען, האָב איך איהם געענטפערט מיט אויסשטרעקען איין פינגער, אַז עס וועט זיין „עין תחת עין" — אַן אויג פאַר אַן אויג. ווען ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט מיט די פינגער צעשפרייט האָט דער קעניג געמיינט צו זאָגען, אַז ער וועט מיר דערלאַנגען אַ פּאַטש. האָב איך איהם געוויזען מיין פויסט, אַז מיט מיין קולאַק וועל איך איהם צעברעכען האַלז און נאַקען. ווען ער האָט געזעהן, אַז איך, דער אָרימער קאַוואַל, פאַר־שטעה אַן עסק, האָט ער אַרויסגענומען אַ פלאַש ווייך, מיך מכבד צו זיין. האָב איך איהם באַדאַנקט דערמיט וואָס איך האָב אַרויסגענומען אַ שטיק קעז איהם מכבד צו זיין".

דאַכט זיך בלויז אַ מעשה. אָבער פון אַ מעשה קאָן מען זעהר פיעל לערנען. אָט דער עפּיזאָד לערנט אונז, אַז מיט שווייגען קאָן מען אַמאָל מעהר דערגרייכען ווי מיט רייד. עס זיינען פאַראַן מענשען וואָס מיינען, אַז אַלץ וואָס זיי זאָגען איז אַ חכמה. אָבער ווען מיר קוקען זיך צו מיט אָפענע אויגען, זעהען מיר אַז וואָס זיי מיינען איז איין זאַך, און וואָס זיי דערגרייכען דערמיט איז גאָר אַן אַנדער זאַך. אָט, למשל, ווי מיט יענעם קליינשטעדטעלדיגען „חכם": אַ בחור פון אַ קליין שטעדטעל אין פוילען האָט באַשלאָסען, אַז ער מוז זיך אַרויסלאָזען אויף דער גרויסער וועלט. האָט ער אָנגעזאַמעלט אַ פּאָר גראָשען, און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט אַזש קיין וואַרשע. ווי דער שטייגער איז, איז ער אַרומגעגאַנגען זוכען אַ שטעלע. איז וואו ער איז געקומען און מען האָט איהם געפרעגט ווי ער הייסט, האָט ער געענטפערט „שמערל". האָט ער אָבער געהאַט אַ „לויזע" צונג, „גערעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער", און דאָס האָט די בעלי בתים ניט אימפּאָנירט, ניט געפעלען. בקיצור, ער האָט

אויפגעגעסען די פּאָר גראָשען און איז אַ היים געפאָהרען מיט גאָרניט. האָבען חברה איהם געפרעגט: „נו, וואָס האָסטו עפּעס אויפגעטהון אין דער גרויסער וואַרשע?" האָט ער זיך שטאַרק צעלאַכט און געענטפערט, אַז ער האָט אָפּגע־נאַרט גאַנץ וואַרשע. „סטייטש, ווי אַזוי?" האָט ער געענטפערט: „איהר ווייסט דאָך, אַז איך הייס בערל, אָבער אין וואַרשע, ווער עס האָט מיך גע־פרעגט ווי אַזוי איך הייס, האָב איך געענטפערט — שמערל!"

אַלזאָ, פון צופיעל רעדען קומט גאָרניט אַרויס, און אָפט מאָל נאַרט מען זיך אַליין דערמיט. אָט נעמט למשל דעם ביישפּיל: אידען האָבען שטאַרק געהאַלטען פון פּרעזידענט רוזוועלט. מען האָט איהם ממש פאַרגעטערט, שיעור איהם ניט געהאַלטען פאַר אַ משיח. עס זיינען אפילו געוועזען לצים וואָס האָבען זיך געוויצעלט און געזאָגט, אַז ביז איצט האָבען אידען געהאַלטען פון צוויי וועלטען: „די וועלט, און יענע וועלט", אָבער איצט האַלטען מיר פון דריי וועלטען: די וועלט, יענע וועלט און רוז־וועלט. נו, און וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזען? גאָרניט! וואָס האָט אין אמת'ן רוזוועלט געטהון פאַר אידען? דריי מאָל גאָרניט.

און אַז מיר ווילען שוין יאָ רעדען פון עמיצען, דאַרף מען קודם כל וויסען פון וועמען צו רעדען, וויפיעל צו רעדען, ווי אַזוי צו רעדען און ווען צו רעדען. עס דאַרף אַלץ זיין אין צייט און מיט אַ מאָס. עס האָט שוין איינער אַמאָל געזאָגט, אַז „ווי עס אונטענ'ט זיך, אַזוי אויבענ'ט זיך". אַלץ וואָס עס קומט פאָר אויף אונזער זינדיגער ערד, קומט אויך פאָר אויבען, אין הימעל. טרעפט אַמאָל אָן משה רבינו אליהו הנביא'ן, און זאָגט צו איהם: „וואָס הערט זיך עפּעס, חבר אליהו? וואָס ביזטו עפּעס אַזוי פאַרזאָרגט? דיינע שיפען געהען אונטער?". ענטפערט אליהו: „גלויב מיר, איך האָב זיך פאַר וואָס צו זאָרגען. דו ווייסט דאָך וויפיעל מאָל איך האָב איינגעשטעלט מיין לעבען פאַר אחינו בני ישראל, נו, מיינסטו, אַז זיי דערמאָנען מיך אפילו? אַמאָל אין אַ יובל ווען עס איז זיי גוט אויף דער נשמה, זינגען זיי עפּעס אַ לידעל „אליהו הנביא, אליהו התשבי", און דאָס אַלץ".

ענטפערט איהם משה רבינו: „איז וואָס־זשע זאָרגסטו? אדרבה, דיר איז נאָך בעסער פון מיר. וועגען דיר זינגט מען כאָטש אַ לידעל, וועגען מיר, אָבער, דאָס אויך ניט. מיך דערמאָנט מען בלויז אונטער דער חופּה — הרי את מקודשת לי כדת משה..." און מעהר גאָרניט. אפילו מיין תורה פאַר־נאַכלעסיגט דער גרעסטער טייל אידען!" הערט דאָך, אָבער, אונזער גרויסער באַשעפער אַלץ, טהוט ער, כביכול, אַ זאָג צו זיי: „איז וואָס־זשע זאָרגט איהר, קינדערלעך? אייך איז נאָך אַלץ בעסער פון מיר. דיך, משה, דערמאָנט מען כאָטש אונטער דער חופּה, און דיך אליהו דערמאָנט מען כאָטש אין אַ לידעל, אָבער אין מיר, אין עבודת הבורא, האָבען זיי ליידער אין גאַנצען פאַרגעסען". איז לאָמער ניט פאַרגעסען דעם וואָס לעבט אייביג, אַזאַ טובה מעגען מיר איהם צוליב טהון.

# אחרי מות

די היינטיגע סדרה „אחרי מות" אַנטהאַלט איינעם פון די פּאַרטגעשריטענ־סטע פּרינציפּען וואָס מען קען זיך פאַרשטעלען. אָבער איידער מיר באַהאַנדלען דעם דאָזיגען פּונקט, וועלען מיר מאַכען עטליכע אַנדערע וויכ־טיגע באַמערקונגען.

אין תהלים שטעהט, אַז וואויל איז דעם וואָס „עושה צדקה בכל עת", וואָס טהוט שטענדיג צדקה. איז דאָך די קשיא, קען דען אַ מענש שטענדיג טהון צדקה? און די חכמים ז"ל ענטפערען: „זה הזן ומפרנס את אשתו ובניו" — דאָס איז דער, וואָס שפּייזט זיין פרוי און זיינע קינדער. ווער עס ער־נעהרט פרוי און קינדער, איז גלייך ווי ער וואָלט שטענדיג געגעבען צדקה. אָבער, זאָגט די היינטיגע סדרה, „ואל יבוא בכל עת אל הקודש", מיט דעם בכל עת איז מען ניט פּטור טאַקע פון אמת'ער צדקה, זאָגט דער של"ה ז"ל. אדרבא, פּונקט ווי עלטערען זיינען מחויב צו זאָרגען פאַר זייערע קינדער, אַזוי זיינען זיי פאַרפליכטעט צו העלפען די נויטבאַדערפטיגע. האָבען דאָך שוין די חכמים ז"ל געזאָגט „שקולה צדקה כנגד כל המצוות", אַז צדקה איז אַזוי וויכטיג ווי אַלע אַנדערע מצוות צוזאַמען.

ווידער זאָגט אונז די היינטיגע סדרה „בזאת יבוא אהרן אל הקודש בפּר בן בקר לחטאת ואיל לעולה" — אַז אהרן קומט אַריין אין היילִיגטום, דאַרף ער מקריב זיין אַ קרבן. דאַרפען מיר לערנען דערפון אַ מוסר השכל, אַז צו דערגרייכען אַ הויכע שטופע, מוז מען פריהער ברענגען קרבנות. די חז"ל האָבען שוין באַמערקט „לא יגעתי ומצאתי, אל תאמין". אויב עמיצער באַריהמט זיך, אַז ער האָט דערגרייכט גרויסע זאַכען, אָהן קיין שום מיה, זאָל מען איהם ניט גלויבען. אַז מען וויל קענען לערנען, זיך אַרויפאַרבייטען, אָדער באַקומען אַ גוטען נאָמען, דאַרף מען פיעל מקריב זיין.

און נאָך אַ ווערטפולע זאַך לערנען מיר אין דער היינטיגער סדרה. עס שטעהט „כמעשה ארץ מצרים אשר ישבתם בה לא תעשו, וכמעשה ארץ כנען אשר אנכי מביא אתכם שמה לא תעשו". טייטשט דער „כלי יקר" אַזוי: ווען די אידען זיינען געזעסען אין מצרים איבער דעם „טאָפּ פלייש", און משה און אהרן זיינען געקומען זיי באַפרייען פון דער קנעכטשאַפט, האָבען זיי ניט געהאַט קיין חשק צו פאַרלאָזען דאָס לאַנד. זאָגט דער אויבערשטער, אַז איהר זאָלט זיך ניט אויפפיהרען ווי איהר האָט זיך נוהג געוועזען אין גלות מצרים. און איהר זאָלט אויך זיך ניט אויפפיהרען „כמעשה ארץ כנען", ווי איהר באַ־ציהט זיך צום לאַנד כנען, וואָס אַנשטאָט איהר זאָלט לויפען אין אייער אייגען לאַנד מיט גרויס פרייד, איז „אני מביא אתכם שמה", דאַרף איך אייך גאָר ברענגען אַהין מיט געוואַלד.

און איצט קומען מיר צו גאָר אַ גרויסען, וויכטיגען פּרינציפּ. די היינ־טיגע סדרה זאָגט אונז: „ושמרתם את חקותי ואת משפטי אשר יעשה אותם

האדם וחי בהם״ — היט אָפּ מיינע געזעצען און לעבט לויט זיי. זאָגען אונ־זערע חכמים ז״ל „וחי בהם ולא שימות בהם״, אַז די געזעצען זיינען געגעבען געוואָרען כדי אויסצובעסערען דעם מענשענ׳ס לעבען, צו מאַכען זיין לעבען גליקליך, אָבער ניט אויף ערגער צו מאַכען.

פון אָט דעם זאָג אַליין זעהען מיר, אַז אויף דער גאַנצער וועלט איז ניטאָ קיין רעליגיע, וואָס זאָל זיך אַזוי זאָרגען פאַר דעם וואוילזיין פון דעם מענשען ווי אונזער רעליגיע. ביי אונז אידען איז פאַראַן אַ כלל אַז „כל המקיים נפש אחת מישראל כאילו קיים עולם מלא״ — ווער עס דערהאַלט אַ אידען ביים לעבען, איז פונקט ווי ער וואָלט אויפגעהאַלטען די גאַנצע וועלט. האָבען טאַקע אַלע אונזערע געזעצען בלויז איין שטרעבונג — צו מאַכען דעם מענשענ׳ס לעבען זיס און אַנגענעהם.

אמת, יעדעס געזעץ, יעדער דין, מוז אָפּגעהיט ווערען. אָבער ווען עס האַנדעלט זיך, למשל, וועגען אַ מענשענ׳ס לעבען, וועגען פקוח נפש; ווען, צום ביישפּיל, אַ מענש איז געפעהרליך קראַנק און מען מוז צוליב דעם מחלל שבת זיין, איז אונטער געוויסע אומשטענדען מעג מען אפילו מחלל שבת זיין אַבי צו ראַטעווען אַ מענשענ׳ס לעבען. וואָרום אונזערע דינים, ווי האַרב זיי זאָלען ניט זיין, זיינען זיי אָבער, גלייכצייטיג אַזוי בויגזאַם, אַז אין אַ קריטישען מאָמענט קען מען זיי אַ בויג טהון לויט ווי דעם מענשענ׳ס וואויל־זיין פאָדערט עס.

ווייל אונזערע געזעצען זיינען ניט גלאַט דאָגמאַס, נאָר זיי זיינען שכל׳־דיג. מען דערצעהלט אַז ווען רוסלאַנד האָט געפיהרט מלחמה מיט יאַפּאַן אין יאָהר 1905, איז נאָך אַ גרויסער שלאַכט אַרומגעגאַנגען אַ רוסישער קאָמאַנ־דיר איבער דעם שלאַכטפעלד און אַנגעצייכענט אויף די געפאַלענע סאָלדאַטען וועלכער עס איז טויט און וועלכער עס איז פאַרוואונדעט, און נאָכדעם זיינען געקומען סאָלדאַטען אַוועקצופיהרען די פאַרוואונדעטע און צו באַגראָבען די טויטע. ווען די סאָלדאַטען זיינען צוגעקומען צו איינעם, וואָס האָט געטראָגען דעם צייכען „טויט״, און מען האָט איהם געוואָלט באַערדיגען, און ער האָט זיך געוועהרט און גע׳טענה׳ט „סטייטש איך לעב דאָך!״ האָבען די באַגרעבער געענטפערט: „וואָס, דו ווייסט בעסער פון דעם קאָמאַנדיר?״

אַזוי איז עס ביי זיי, ביי די אומות העולם. אָבער ביי אונז איז קודם כל דער מענש דאָס העכסטע און דאָס הייליגסטע אויף דער ערדישער וועלט. און אַלע אונזערע געזעצען און דינים און חוקים זיינען בלויז מיטלען צו רעגולירען דאָס אַלטעגליכע לעבען צווישען מענש און מענש און צווישען מענש און דעם באַשעפער. און אָט אַ דאַנק די דאָזיגע געזעצען זיינען מיר דאָס איינציגע פאָלק זינט די וועלט שטעהט, וואָס האָט געקענט ביישטעהן טויזענטער יאָהרען די בלוטיגסטע פאַרפאָלגונגען, די בעסטיאַלישסטע אונ־טערדריקונגען און דאָך בלייבען אַ גאַנץ פאָלק. דער „עם ישראל חי״ איז נאָר אַ דאַנק דעם „וחי בהם״, די דינים און געזעצען אַ דאַנק וועלכע מיר לעבען אַלס אַ אידיש פאָלק.

ווי געזאָגט, זיינען אונזערע געזעצען בויגזאַם ווען אַ געוויסע לאַגע פאָדערט עס. אָבער דאָס מיינט ניט, אַז יעדער איינער מעג זיך אויסטייטשען דאָס געזעץ אָדער דעם דין ווי עס לוינט איהם. דערויף זיינען דאָ ביי אונז

תורה־אויטאָריטעטן, וועלכע קענען גוט די קליינע אותיות׳לעך, און דאָס איז זייער עובדה.

נעבען אַ באַנק איז אַמאָל געשטאַנען אַ איד און פאַרקויפט עפּעל, איז צוגעקומען איינער און האָט געבעטען אַז ער זאָל איהם אויסבייטען אַ אַ דאָלאַר. האָט דער עפּעל־פאַרקויפער געענטפערט: „איך און די באַנק האָבען אַ פאַרשטענדעניש, אַז מיר זאָלען ניט קאָנקורירען איינער מיט דעם צווייטען, די באַנק זאָל ניט פאַרקויפען קיין עפּעל, און איך זאָל ניט אויסבייטען קיין געלט.“

ווארום אַז פּשוט׳ע מענשען נעמען דאָס געזעץ אין די אייגענע הענט, קומט דערפון קיין גוטס ניט אַרויס. אַזאַ איינער וועט אייך אפילו באַווייזען, אַז תשעה באב דאַרף גאָר זיין אַ יום טוב. און איינער אַזאַ האָט זיך טאַקע אונטערגענומען דאָס צו באַווייזען. ווי באַוואוסט איז פּורים אַ גאָר גרויסער יום טוב. עס איז פאַראַן אַ מאמר חז״ל, אַז אפילו ווען אַלע ימים טובים וועלען בטל ווערען, וועט פּורים דאָך בלייבען (פאַרוואָס עס איז אַזוי וועלען מיר דערצעהלען ביי אַ פּאַסענדערע געלעגענהייט). און ווי באַוואוסט זייגען אין דער מגילה פאַראַן עטליכע פסוקים, וועלכע מען לייענט מיט דעם טרויע־ריגען ניגון פון „איכה ישבה“. האָט איינער אַמאָל געטייטשט מיט אַזאַ קל וחומר: „מה דאָך פּורים ווען מען לייענט בלויז עטליכע פסוקים מיט דעם ניגון פון „איכה ישבה“, איז עס אַזאַ גרויסער יום טוב, מכל שכן תשעה באב ווען מען לייענט גאַנץ „איכה ישבה“, דאַרף עס דאָך אַודאי און אַודאי זיין אַ גרויסער יום טוב. אַן אַנדערער, האָט זיך באַמיהט צו באַווייזען אַז מען מעג אַריינשטעקען די האַנט אין אַ צווייטענ׳ס קעשענע, נעמליך: מה דאָך אין מיין קעשענע וואו דו טאַרסט ניט אַריינשטעקען די האַנט, מעג איך יאָ, מכל שכן אין דיין קעשענע, וואו דו מעגסט יאָ אַריינשטעקען דיין האַנט, מעג איך דאָך אַודאי.

אַלזאָ, אַט אַזוי וואָלט אויסגעזעהן אונזער אידישקייט ווען יעדער איינער פון אונז זאָל טייטשען ווי איהם לוינט זיך. וואָס דאַרפט איהר מעהר? די אנשי כנסת הגדולה האָט אונז געגעבען אַ סידור. איז ביז ניט לאַנג צוריק האָבען אידען געהאַט בלויז איין סידור און אַלע האָבען גאַדאַווענט, און זיי זיינען געווען צופרידען. און היינטיגע צייטען איז פאַראַן אַ שפע אויף סידורים, כמעט יעדע געמיינדע און יעדער ראַבאַי (ניט אָרטאָדאָקסישער) מעקט און קלעקט, נעמט אַרויס און שטעלט אַריין אין דעם „בידנע“ סידור לויט זיין האַרצענס פאַרלאַנג, און אַלץ וויניגער דאַווענט דער עולם. גאַנץ פּשוט, ווען יעדער איינער ווערט אַן „אויטאָריטעט“ איבער רעליגיע און טהוט און טייטשט ווי ער וויל, וועהרט די גאַנצע רעליגיע אָן דעם געהעריגען רעס־פּעקט, און מען פאַרנאַכלעסיגט זי אינגאַנצען.

איז אַז מיר אידען האָבען זוכה געווען געבענטשט צו ווערען מיט אַזאַ תורה, וועלכע וואַכט און היט אַזוי געטריי דאָס לעבען פון דעם מענשען און איז אויסען בלויז, אַז עס זאָל אונז זיין וואויל און גוט אויף ביידע וועלטען, דאַרפען מיר זעהן צו היטען אונזער אידיש לעבען ווי געהעריג. וואָרום מיר דאַרפען אויף קיין איין מינוט ניט פאַרגעסען, אַז מעהר נאָך ווי מיר היטען די תורה, היט די תורה אונז. אמת, עס איז ניט לייכט צו זיין אַ איד,

בפרט נאָך אין גלות, צעזייט און צעשפרייט איבער אַלע עקען פון דער וועלט. אָבער ווען מיר זעהען וואָס מ׳שטיינס געזאָגט די גוי׳אישע לעהרעס לערנען, אַז די שווערד איז געוואָרען זייער גאָט, מוז מען צוגעבען, אַז ווי שוועהר עס זאָל ניט זיין צו זיין אַ איד, לוינט עס זיך פאָרט. עס איז ווערט די ליידען.

אַ איד האָט אַמאָל גענומען אַן אורח אויף שבת. האָט דער אורח זיך צוגעכאַפּט צו דער חלה און געקנאַקט אויףביידע באַקען. רופט זיך אָן דער בעל הבית: „פאַרוואָס עסט איהר ניט קיין ברויט?״ ענטפערט איהם דער אורח „ווייל חלה איז בעסער״. זאָגט דער בעל הבית: „אָבער חלה קאָסט דאָך טייערער״. ענטפערט דער אורח: „עס האָט אָבער די ווערט״. יאָ, אונזער אידישקייט קאָסט אונז טאַקע טייער, אָבער עס האָט די ווערט.

עס איז טאַקע אמת, אַז עס איז שוועהר צו זיין אַ איד, אָבער אידישקייט אַליין איז דוקא ניט שוועהר. וואָס איז אידישקייט? עס איז אַ רעליגיעזע, עטישע, מאָראַלישע, עסטעטישע און סאָציאַלע דיסציפּלין, וואָס זאָגט דעם אידען ווי ער זאָל זיך אויפפיהרען צום אויבערשטען און צו לייט. אַ געוויסע דיסציפּלין האָט דאָך יעדער פאָלק, נאָר וואָס דען, אונזערע איז אַנדערש פון זייערער. אין פלוג דאַכט זיך אויס, אַז אידישקייט איז אַ שוועהרער ענין, אָבער אין אמת׳ן איז עס ניט אַזוי.

אָט הערט: מען האָט אונז געגעבען זעקס הונדערט און דרייצעהן מצוות. אָבער אין דוד המלך׳ס צייטען ווען ניט אַלע זיינען געוועזען צדיקים, האָט דוד המלך אַנידערגעלייגט עלף פּרינציפּען, (זעהט מכות כד, א). נאָכדעם איז געקומען דער נביא מיכה און האָט זיי רעדוצירט צו בלויז דריי, נעמליך, „וואָס וויל דען דער אויבערשטער פון דיר? „עשות משפט, ואהבת חסד, והצנע לכת עם ה׳״ — טהו גערעכטיגקייט, האָב ליב חסד און זיי באַשיידען צום אַלגעגענווערטיגען. נאָכדעם איז געקומען ישעיה הנביא, און ער האָט זיי רעדוצירט צו בלויז צוויי, נעמליך: „שמרו משפט ועשו צדקה״ — היט אָפּ גערעכטיגקייט און טהוט צדקה. דאַן איז געקומען דער נביא עמוס און האָט סומירט אַלע מצוות אין בלויז איינע, נעמליך, דער אויבערשטער זאָגט „דרשוני וחיו״ — פאָרשט מיך וועט איהר לעבען. פרעגט די גמרא, אפשר מיינט מען „דרשוני בכל התורה כולה״, און דאָס איז דאָך שוין גאָר ניט אַזוי לייכט, איז געקומען דער נביא חבקוק, און האָט באַשטימט בלויז איין פּרינציפּ: „וצדיק באמונתו יחיה״, און דער צדיק וועט לעבען ביי זיין גלויבען. אַלזאָ, איהר זעהט אַז אידישקייט איז באמת גאָר ניט אַזוי שוועהר. אדרבה, עס איז גאַנץ לייכט. מען דאַרף אָפּהיטען בלויז איין הויפּט־פּרינציפּ — גלויבען אין דעם בורא העולם, און אַבי מען קען דאָס דורכפיהרען, איז דאָס איבעריגע שוין אַ קלייניגקייט, מען טהוט שוין דאָס איבעריגע באהבה. דערפון אַליין זעהען מיר ווי אידישקייט באַמיהט זיך צו מאַכען די דיסציפּלין אַזוי לייכט ווי מעגליך. אָבער אפילו דעם איינעם פּרינציפּ פאַרנאַכלעסיגען ליידער פיעלע פון אונז.

אין דעם פּרט זיינען די אומות העולם מעהר אויסגעהאַלטען פון אונז. יצחק האָט געזאָגט עשו׳ן „ועל חרבך תחיה״ — דו זאָלסט לעבען פון דיין שווערד, היטען עס די גוים אָפּ מיט אַלע פּיטשעווקעלעך. זיי האַלטען כסדר אין איין אויסקוילענען איינער דעם צווייטען. זייער גאַנצע עובדה איז בלויז

צו ערפינדען אַלע מאָל געפעהרליכערע כלי זין, זיי זאָלען קענען אומברענגען וואָס מעהר מענשען. און אונז האָט מען געגעבען אַזאַ נאָבעלען פּרינציפּ ווי „אמונה" — גלויבען, פוילען מיר זיך דאָס אָפּצוהיטען.

איז פאַרוואָס מיינט איהר זיינען פאַראַן פיעלע וואָס גלויבען ניט? ווייל מיר לעבען אין אַ צייט פון טעכניק, אין אַ „מאַשין צייט". און דעם מענשען'ס געדאַנקען־גאַנג איז געוואָרען מעכאַניש. דער מענש אַליין איז שוין געוואָרען כמעט אַ שרייפעלע פון דער מאַשין־צייט, ווייל ער אַז מען זאָל איהם אַלץ ערקלערען מיט פאַקטען, פונקט ווי מען קען איהם ערקלערען די מאַשינעריע פון אַן אויטאָמאָביל. איז אַז עס קומט צו גלויבען אין אַ וועלט־שעפער, זיינען דאָ אַזעלכע, וואָס האַלטען זיך פאַר גאַנצע חכמים, און ווילען אַז מען זאָל זיי באַווייזען שוואַרץ אויף ווייס, אַז עס איז דאָ אַ בורא עולם.

ביי אונז אידען איז פאַראַן אַ יורידישער פּרינציפּ „המוציא מחבירו עליו הראיה". אַז איינער וויל עפּעס אַרויסבאַקומען פון אַן אַנדערען, דאַרף ער באַווייזען, אַז עס קומט איהם. מיר האָבען אַ טראַדיציע, וואָס איז שוין אַלט טויזענטער יאָהרען, אַז עס איז פאַראַן אַ בורא עולם, לייגט זיך דאָך אויף דעם שכל, אַז ווען איינער וויל צעשטערען די דאָזיגע טראַדיציע, דאַרף ער דאָך באַווייזען. נו, האָט שוין ווער עס איז אַמאָל באַוויזען מיט פאַקטען, אַז אונזער טראַדיציע איז נישט אויסגעהאַלטען? אַ נעכטיגער טאָג!

מיר אידען מעגען זיך שוין גאָר איבערנעמען מיט אונזער אמונה. אין דער צייט ווען אַנדערע פעלקער האָבען געדינט די זון, די לבנה און אַנדערע זאַכען, וואָס היינט צו טאָג וועט דאָך אפילו אַ קינד אין וויג צוגעבען, אַז דאָס איז געווען אַ שטות שבשטותים, זיינען מיר, אידען געווען די ערשטע, וואָס האָבען פּראָקלאַמירט דעם גרעסטען וועלט־פּרינציפּ פון „אחד" — אַז עס איז דאָ בלויז איין אַלמעכטיגער. און אויב די אַנדערע פעלקער האַסען אונז, איז עס פּשוט פון קנאה. זיי פאַרגינען אונז ניט וואָס אָט דער דאָזיגער נאָבעלסטער און פאַרשטענדליכסטער פון אַלע פּרינציפּען שטאַמט פון אונז. וואָרום אפילו די אַנדערע רעליגיעס ווי צום ביישפּיל, איסלאַם און קריסטענטום זיינען דאָך בלויז נאַרישע נאָכמאַכעכצען פון אונזער גלויבען אין איין באַשעפער, און מיר זיינען אויף זיי גאָרניט אייפערזיכטיג.

דער וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר איז אַמאָל געקומען קיין לאָדז. ווי דער שטייגער איז, זיינען געקומען אויף דעם וואָקזאַל איהם מקבל פנים זיין דעפּוטאַציעס פון דער שטאָדט, צווישען וועלכע עס האָבען זיך אויך געפונען פאַרשטעהער פון די דריי רעליגיעס: דער רוסישער פּאָפּ, דער קאַטוילישער גלח און, להבדיל, אַ רב. זיינען מיר דאָך אָבער ביי די גוים אין גלות, זיינען טאַקע די גוי'אישע פאַרשטעהער געשטאַנען אין דער ערשטער רייהע, בעת דער רב איז געשטאַנען פאַררוקט ערגיץ אין אַ הינטערשטער רייהע. נאָך דעם קבלת־פנים איז צוגעגאַנגען דער לאָדזשער שטאָדט־גאָלאָוואַ (מעיאָר) צום רב ר' אליהו חיים ז"ל מיט וועמען ער איז געווען באַפריינדעט, און ער האָט איהם געפרעגט: „זאָגט מיר, איך בעט אייך, דעם אמת, האָט אייך ניט פאַרדראָסען וואָס די פאַרשטעהער פון די אַנדערע צוויי רעליגיעס זיינען געשטאַנען אין פראָנט, און איהר, דער פאַרשטעהער פון דער ערשטער רעליגיע, זענט געשטאַנען ערגיץ אין אַ זייט?" האָט איהם דער רב געענט־

פערט: „חלילה, איהר ווייסט דאָך אַז מיין רעליגיע איז די מאַמע פון יענע צוויי רעליגיעס, און אַ מאַמע איז ניט אייפערזיכטיג אויף איהרע קינדער״.

עס זיינען פאַראַן אידען וואָס זיינען באַקאַנט מיט די אידישע לעהרעס. זיי זעהען די שעהנקייט פון אידענטום און אידישקייט, פיהרען זיי אַ אידיש לעבען, און ברענגען טאַקע קרבנות צוליב דעם, ווייל זיי ווייסען, אַז עס האָט די ווערט. עס זיינען פאַראַן אויך אידען, וואָס זיינען נישט אַזוי באַהאַוועגט אין די לעהרעס פון אידענטום, אָבער זיי קענען אויך ניט די לעהרעס פון די אַנדערע פעלקער, האַלטען זיי זיך ביי דעם גלויבען פון זייערע עלטערען. דער טאַטע, דער זיידע האָבען זיך אַזוי געפיהרט, פיהרען זיי זיך אויך אַזוי. עס זיינען אָבער פאַראַן אַזעלכע, וואָס אונזער תורה קענען זיי לחלוטין נישט, און מיט די פרעמדע לעהרעס זיינען זיי דוקא יאָ באַקאַנט. מיט אָט דעם סאָרט אידען איז עס גאָרניט פרעהליך. דער דאָזיגער קלאַס אידען איז אונזער שוואַכסטע זייט. זיי ווערען נתפּעל פון אַן אַלט גריכיש ליד, אָבער פון אַ קאַפּיטעל תהלים, וואָס אפילו די גוים באַטראַכטען עס, אפילו פון אַ ריין ליטעראַרישען שטאַנדפּונקט, פאַר די העכסטע לירישע פּאָעזיע אין דער וועלט, ווערען זיי גאָרניט נתפּעל, פּשוט דערפאַר, ווייל זיי האָבען עס קיין מאָל ניט געלערענט.

ווי באַוואוסט, איז ד״ר טעאָדאָר הערצל ע״ה, געווען כמעט אַן אַסי־מילירטער איד. ער איז געווען אַ מענש מיט אַ ברייטער וועלטליכער בילדונג, בעת מיט אונזערע גייסטיגע אוצרות איז ער געווען גאַנץ ווייניג באַקאַנט. איז ער אַמאָל געפאָהרען מיט דוד וואָלפסאָן ע״ה קיין ארץ ישראל. אויף דער רייזע האָבען זיי זיך אָפּגעשטעלט אין גריכענלאַנד, און זיי זיינען געגאַנ־גען אַנקוקען די היסטאָרישע ערטער פון דעם אַמאָליגען גריכענלאַנד.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צו אַ געוויסען אַלטען היסטאָרישען פּלאַץ, איז ד״ר הערצל אַריין אין אַזאַ גרויסער התפעלות, אַז ער האָט אַזש אָנגעהויבען דעקלאַמירען אויף אויסווייניג גאַנצע קאַפּיטלעך פון דעם באַריהמטען דיכטער האָמער אויף גריכיש. וואָלפסאָן האָט קיין גריכיש ניט געקענט, איז ער גע־שטאַנען אַ פאַר׳חידוש׳טער און געוואַרט ביז הערצל וועט ענדיגען. נאָכדעם האָט ער זיך געווענדעט צו הערצלען און איהם געפרעגט: „וואָס זענט איהר אַזוי נתפּעל געוואָרען? עס איז דאָך ניט אונזערס!״ האָט הערצל איהם דערויף גאָרניט געענטפערט, נאָר ער האָט איהם אָפּגעמאָסטען מיט אַ בטול׳דיגען בליק, ווי אייגער רעדט, וואָס פאַרשטעהט אַ סוחר פון אַזעלכע איידעלע ענינים.

ווען זיי זיינען אָנגעקומען קיין ירושלים, זיינען זיי, פאַרשטעהט זיך, ביידע געגאַנגען צום כותל המערבי. ווי נאָר זיי זיינען אַהין צוגעקומען, איז דוד וואָלפסאָן אַריין אין אַזאַ התפעלות, אַז ער האָט אָנגעהויבען זאָגען אויף אויסווייניג דאָס קאַפּיטעל תהלים: „שיר המעלות בשוב ה׳ את שיבת ציון״... הערצל איז געשטאַנען, און ער האָט געשוויגען. נאָכדעם ווי וואָלפ־סאָן האָט געענדיגט, איז הערצל צו איהם צוגעגאַנגען, און מיט אַן אַראָפּגע־לאָזטען קאָפּ האָט ער צו איהם געזאָגט: „דוד, דו האָסט מיך מנצח געווען!״

איז אַזאַ גרויסע פּערזענליכקייט ווי הערצל האָט געהאַט דעם מוט צוצוגעבען, אַז גאַנץ האָמער און אַלע אַנדערע זיינען קיין איין קאַפּיטעל תהלים ניט ווערט, און ער איז טאַקע מיט יעדען טאָג געוואָרען אידישער.

אָבער וואָס קען מען ערוואַרטען פון אונזערע אַמעריקאַנער אַסימילירטע אידען, אַז זייער אומוויסענהייט אין אידישע ענינים האָט ממש קיין גרעניץ ניט ?

אַ ניו יאָרקער אידישער מיליאָנער איז אַמאָל געפאָהרען קיין ארץ ישראל צוליב געשעפט, האָט מען ביי איהם גע׳פועל׳ט ער זאָל באַזוכען דעם כותל המערבי (די מערב וואַנט וואָס איז איבערגעבליבען פון דעם בית־המקדש). ווען ער איז צוריקגעקומען קיין ניו יאָרק, האָט מען איהם געפרעגט : „נו, מסתמא זענט איהר דאָך געווען ביי דעם כותל המערבי, ווי זעהט עס עפּעס אויס ?״ האָט ער געענטפערט : „ווי זאָל עס אויסזעהען ? אַ כותל המערבי ווי אַלע כותל המערבי׳ס !״

אָט דער דאָזיגער סאָרט אידען איז אונזער שוואַכע זייט. ניט נאָר העלפען זיי אונז ניט, נאָר זיי מאַכען אונז נאָך קאַליע. אָבער אַסימילאַטאָרען קומען און אַסימילאַטאָרען געהען, און דאָס אידישע פאָלק וועט אייביג לעבען. ווייל אונזער תורה, וואָס ווערט אָנגערופען „עץ חיים״ — לעבענס בוים — האָט אָנגעשריבען „וחי בהם״. זי האָט אונז געגעבען אַ „לעבעדיגע״ דיס־ציפּלין. און „ישראל ואוריתא חד הוא״ — אידען און תורה זיינען איינס. אַזוי לאַנג ווי עס וועט זיין אַ תורה וועלען זיין אידען, און אַזוי לאַנג ווי עס וועלען זיין אידען, וועט זיין אַ תורה, וואָרום „נצח ישראל לא ישקר״.

און מיר וועלען ענדיגען מיט אַן אינטערעסאַנטען טייטש־וואָרט : אויף דעם פּסוק „אשר יעשה אותם האדם וחי בהם״ זאָגט די גמרא, בבא קמא לח, אַז אַפילו א גוי וואָס לערענט תורה איז ווי א כהן גדול, וואָרום „האדם״ מיינט יעדען מענשען. אָבער אין סנהדרין נט שטעהט דאָך פאַרקעהרט, נעמליך, „גוי שעוסק בתורה חייב מיתה ?״ ווערט געבראַכט אין „אוצר לשון חכמים״ אַז ביידע זיינען ריכטיג. עס זיינען פאַראַן גוים וואָס לערנען תורה, כדי זיי זאָלען קענען מאַכען בלבולים אויף אידען. אַזעלכע גוים זיינען חייב מיתה. אָבער די גוים וואָס לערנען תורה אָהן בייזוויליגע כוונות, אויף אַזעלכע זאָגט יעב״ץ ז״ל אין זיין ספר „לחם שמים״ אַז „כל העוסק בתורה לשמה זוכה לדברים הרבה... כל לאתוי גוי״, אַז דאָס מיינט אפילו אַ גוי, נעמליך אַזעל־כען וואָס לערענט פשוט צוליעב לערנען אונזער תורה, אָהן בייזוויליגע כוונות.

# קדושים

יעדער איד וואָס לערענט דורך די היינטיגע סדרה מיט קאָפּ, מוז שטאָלץ זיין וואָס ער איז אַ איד. ער מוז זיך איבערצייגען אַז שוין מיט טויזענ־טער יאָהרען צוריק, ווען די אַלע פעלקער פון יענער צייט זיינען נאָך געווען ווילדע באַרבאַרען, זיינען מיר שוין געווען מעהר פּראָגרעסיוו, מעהר פאָרט־געשריטען און מעהר ליבעראַל פון אפילו די היינטיגע אַזוי־גערופענע ציווי־ליזירטע פעלקער.

קודם כל זאָגט אונז אָן די היינטיגע סדרה „קדושים תהיו" — איהר זאָלט זיין הייליג. טייטשען די מפרשים, אַז דאָס מיינט, אַז אידען דאַרפען פיהרען אַ ריין, אנשטענדיג פאַמיליען־לעבען, און זיך האַלטען וויט פון אַלער־ליי אַנדערע זינד. און באַלד אין דעם צווייטען פסוק זאָגט אונז די סדרה „איש אמו ואביו תיראו" — אַז יעדער איינער זאָל מורא האָבען פאַר דער מאַמען און פאַר דעם טאַטען. איז דאָך די קשיא, אין די עשרת הדברות שטעהט „כבד את אביך ואת אמך", האַלט עהרליך טאַטע מאַמע. איז פאַרוואָס זשע ביים עהרליך האַלטען די עלטערען איז דער טאַטע דערמאָנט פריהער, און ביי מורא האָבען פאַר די עלטערען רעכענט דער פסוק פריהער די מאַמען און דערנאָך דעם טאַטען? ענטפערען דערויף די חכמים ז"ל אַזוי: דער שטיי־גער פון דער וועלט איז, אַז אַ קינד רעספּעקטירט די מאַמען מעהר פון דעם טאַטען, ווייל דער טאַטע איז שטענדיג פאַריאָגט, כמעט קיינמאָל ניט אין דער היים, און די מאַמע קאָרמעט איהם, גיט אויף איהם אַכטונג, איז דאָס קינד מעהר צוגעוואוינט צו דער מאַמען, האַלט ער זי מעהר עהרליך פון דעם טאַטען, זאָגט די תורה כבד את אביך ואת אמך — דו זאָלסט עהרליך האַלטען דעם טאַטען פּונקט ווי די מאַמע. און ווען עס קומט צו מורא, האָט דאָס קינד געוועהנליך, מעהר מורא פאַר דעם טאַטען ווי פאַר דער מאַמען, ווייל דער טאַטע „נאַקאַזעוועט" אַמאָל, ער איז שטרענגער מיט דעם קינד ווי די מאַמע, זאָגט די תורה, די היינטיגע סדרה, „איש אמו ואביו תיראו" — מען דאַרף מורא האָבען פאַר דער מאַמען פּונקט ווי פאַר דעם טאַטען. אַלזאָ, די פרויען וואָס מיינען אַז אידענטום שטעלט דעם מאַן העכער פון דער פרוי, קענען שוין דערפון אַליין זעהן, אַז אין אמת'ן איז עס ניט אַזוי.

עס זיינען פאַראַן זעהר פיעלע פרויען, באַזונדערס צווישען די „אינ־טעליגענטע", וואָס האַלטען, אַז דאָס אידענטום האָט אַביסעל געקריוודעט די פרוי. זיי האַלטען, אַז די אידישע לעהרע באַטראַכט די פרוי אַלס מינדער־ווערטיגער פון דעם מאַן. זיי אַרגומענטירען, אַז דאָס איז דער רעזולטאַט פון דעם וואָס די מענער האָבען געשאַפען דאָס אידישקייט, ווייל „ווער עס האַלט די פען, דער שרייבט זיך אָן אַ גוט יאָהר". זיי אילוסטרירען אפילו זייער מיינונג מיט אַ געלונגענעם אַנעקדאָט: אַ מאַן און אַ לייב זיינען געגאַנגען אין אַ מוזעאום. זעהענדיג אַ בילד, וואָס ווייזט ווי אַ מאַן בינדט אַ לייב, זאָגט

דער מאַן צום לייב: „אך, וואָס פאַר אַ שטאַרקער מאַן דאָס האָט געמוזט זיין, עפּעס אַ קלייניגקייט בינדען אַ לייב!" ענטפערט איהם דער לייב: „דאָס בילד האָט געמאָלען אַ מאַן, ווען אַ לייב וואָלט עס געמאָלען, וואָלט עס געוויזען ווי אַ לייב בינדט אַ מאַן". אַלזאָ, ווען די פרויען וואָלטען געווען די שעפער פון אידישקייט, וואָלטען זיי געווען דאָס „אויבערשטע פון שטויסעל".

איז דאָס אַבסאָלוט ניט ריכטיג, ווייל אידענטום מאַכט ניט קיין אונ־טערשיעד פון מאַן און פרוי. אדרבא, עס זיינען פאַראַן פּרטים אין וועלכע אידענטום שטעלט די פרוי העכער פון דעם מאַן. נאָר לאָמיר געהן בהדרגה. די תורה זאָגט בפירוש „מאַן און פרוי האָט ער זיי באַשאַפען" — אַלזאָביידע גלייך. נאָך פאַר מתן תורה האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו אברהם'ן: „אַלץ וואָס שרה וועט דיר זאָגען, זאָלסטו פאָלגען", און די חכמים ז"ל לעגען נאָך צו, אַז אין נביאות איז שרה געשטאַנען העכער פון אברהם אבינו. די גמרא זאָגט „אויב דיין פרוי איז קליין, בויג זיך איין און האַלט זיך מיט איהר אַן עצה". עס זיינען פאַראַן צוויי תנ"ך'שע ביכער, וואָס טראָגען נעמען פון פרויען, „אסתר" און „רות", און מען לייענט זיי ביידע אין שוהל, „רות" אום שבועות, און „אסתר" אום פורים. און פרויען זיינען מחויב צו הערען לייענען די מגילה פונקט ווי מענער.

אויב משה רבינו און אהרן הכהן זיינען געווען די פיהרער פון די אידען, איז אין יענער צייט מרים געווען די פיהרערין פון די פרויען, און די חכמים ז"ל זאָגען, אַז אין דער מדבר האָבען די אידען געהאַט וואַסער בלויז אין מרים'ס זכות. נאָך מעהר, די אידישע לעהרע באַטראַכט די „נשים צדקניות", די פרומע פרויען, אַלס איינע פון די אורזאַכען אַ דאַנק וועלכע די אידען זיינען באַפרייט געוואָרען פון דער מצרים'שער קנעכטשאַפט. דבורה הנביאה איז ניט נאָר געווען אַ ריכטערין, אַן אַמט אַזוי הויך ווי היינט אַ קעניג אָדער אַ פּרעזידענט, נאָר זי האָט אפילו געטראָגען דעם טיטול „אם בישראל" — אַ מוטער אין ישראל. און אַחוץ דבורה'ן זיינען געווען ביי אידען נאָך זעקס נביאות, נעמליך, שרה, מרים, חנה, אביגיל, חולדה, אסתר (מגילה יד, א).

חנה די מוטער פון די זיבען זיהן, יהודית, וואָס האָט געראַטעוועט ירושלים פון דעם שונא'ס באַלאַגערונג, רחל אַ דאַנק וועלכער איהר מאַן רבי עקיבא איז געוואָרען דער באַריהמטער תנא רבי עקיבא, זיינען פאַראייביגט אין דער אידישער געשיכטע און ווערען גלאָריפיצירט אין דער אידישער ליטעראַטור און לעגענדע. מיט ערהאבענעם שטאָלץ רעדט אונזער ליטע־ראַטור פון ברוריה, די באַריהמטע פרוי פון רבי מאיר, וועלכע האָט „שטענ־דיג געעפענט איהר מויל מיט חכמה", און די חכמים ז"ל האָבען אפילו אָנ־גענומען איהרע אַ מיינונג בנוגע אַ געוויסען ענין. אידענטום שרייבט אפילו צו צו דער פרוי אַ העכער פּסיכאָלאָגיש פאַרשטענדעניש פון דעם מאַן, באַרמהאַרציגקייט און אַנדערע פיינע און איידעלע אייגענשאַפטען.

די אידישע פרוי הויבט אָן באַזיצען דאָס רעכט פון פערזענליכער פריי־הייט שוין אַלס יונג קינד. דער תלמודישער פּרינציפּ איז: „די פרוי שטייגט העכער מיט דעם מאַן, אָבער ניט נידעריגער", און „דער וועלכער האָט ניט

קיין ווייב ווייסט ניט וואָס פרייד איז, וואָס חכמה איז, ער האָט ניט קיין שוץ, קיין פרידען, קיין ברכה, קיין גוטס, ווייל אַ טוגענדהאַפטע פרוי איז דאָס גליק פון דעם מאַן". און ביי וועלכער אומה ולשון זינגט דער מאַן יעדען פרייטאָג אַ גאַנצען „אשת חיל", ווי עס טהוט דער אידישער מאַן יעדען פרייטאָג אָווענט ווען ער קומט אַהיים פון שוהל? אַלזאָ, די פרויען האָבען זיך גאָרניט וואָס צו באַקלאָגען אויף דער אידישער לעהרע. זאָלען זיי נאָר אַלע זיין גוטע „אשת חיל'ס" וועלען זיי זעהן ווי וואויל און גוט עס וועט זיי זיין, און אין איין וועגס שוין אויך זייער הויז־געזינד.

ווייטער זאָגט אונז די היינטיגע סדרה „לא תגנבו" — איהר זאָלט ניט גנב'ענען. ואם תאמר — טאָמער וועט איהר פרעגען: סטייטש, אין די עשרת הדברות שטעהט דאָך „לא תגנב" — דו זאָלסט ניט גנב'ענען, איז פאַר וואָס זשע זאָגט די היינטיגע סדרה „לא תגנבו"? איז דער תירוץ: אונזער תורה איז „קלוג ווי דער טאָג", האָט זי דאָך געוואוסט, אַז עס קען קומען אַ איד, אַ תלמיד חכם, צי אַ חשוב'ער בעל הבית און אַ דרעה טהון מיט דעם גראָבען פינגער און באַווייזען „מן התורה", אַז ער מעג יאָ גנב'ענען, ווייל די תורה זאָגט דאָך בלויז „לא תגנוב" — דו זאָלסט נישט גנב'ענען אָבער ניט „איהר" זאָלט ניט גנב'ענען, און ער איז דאָך ניט גלאַט אַבי ווער, נאָר אַ „איהר" אַ „ר' זייטשע מוחל", זאָגט אונז די היינטיגע סדרה „לא תגנבו" — איהר זאָלט ניט גנב'ענען, אַז אַ „ר' זייטשע מוחל" טאָר אויך ניט גנב'ענען, פונקט ווי אַן אַנדער פשוט'ער בשר ודם.

און הערט ווייטער. „לא תלין פעלת שכיר אתך עד בקר", ווען דו דינגסט אַן אַרבייטער, טאָר זיין לוין ביי דיר ניט איבערנעכטיגען אפילו איין נאַכט, נאָר דו מוזט איהם באַצאָהלען דעם זעלבען טאָג, באַלד נאָכדעם ווי ער לעגט אַוועק די אַרבייט. אונזער תורה האָט גוט פאַרשטאַנען די לאַגע פון דעם אַרבייטער. זי האָט געוואוסט אַז דער אַרבייטער עסט פון האַנט צום מויל, האָט זי איהם באַוואָרענט.

און אַז מיר האַלטען ביים אַרבייטער איז כדאי צו באַמערקען נאָך אַ פּאָר זאַכען וואָס אידישקייט לערענט וועגען אַרבייטער: ווען עס אַנטשטעהט אַ סכסוך צווישען אַן אַרבייט־געבער און אַן אַרבייטער, קריגט דער אַרבייטער דעם פאָרצוג. אין אַ פאַל וואו עס איז פאַרוויקעלט אַ צווייפעל, איז אויך דער אַרבייטער גיכער באַגלויבט. ווען, למשל, דער אַרבייטער פאָדערט זיין לוין און דער בעל הבית טענה'ט אַז ער האָט איהם שוין באַצאָהלט, שווערט דער אַרבייטער און דער אַרבייטס־געבער מוז איהם באַצאָהלען. דאָס באַווייזט, אַז די אידישע לעהרע געטרויט דעם אַרבייטער, אַז ער וועט ניט שווערען פאַלש, ווייל דער אַרבייטס־געבער, זייענדיג מעהר פאַרנומען, קען גיכער פאַר־געסען. און ווען עס קומט צו „איבער שעה'ן" („אָווער־טיים") שטעהט אויך אידישקייט אויף דער זייט פון דעם אַרבייטער. ווען, למשל, איינער דינגט אַר־בייטער און באַצאָהלט זיי מעהר ווי געוועהנליך, נאָר ער פאָדערט פון זיי צו קומען פריהער צו דער אַרבייט און אַוועקגעהן שפעטער, האָט ער ניט קיין רעכט זיי צו צווינגען, אויב דער מנהג אין יענעם אָרט איז ניט צו קומען פרי־הער צו דער אַרבייט און אַוועקצוגעהן שפעטער. נאָך מעהר, אויב דער אַרביי־

טער האָט אָנגעהויבען צו אַרבייטען, ווערט עס שוין באַטראַכט ווי אַ קאָנ־טראַקט, און דער בעל הבית מוז איהם באַצאָהלען. אויב אַן אַרבייטס־געבער שיקט אַן אַרבייטער ערגיץ אַרבייטען און מען קען ניט, ווייל דאָס פעלד איז נאַס, אָדער עס איז פאַראַן אַן אַנדער אָפּהאַלט, מוז ער איהם סאַי ווי באַצאָהלען, ווייל ער האָט ביי איהם צוגענומען די מעגליכקייט אָנצונעמען אַן אַנדערע אַרבייט.

דעם אַרבייטערס לוין איז ממש הייליג אין די אויגען פון דער אידישער לעהרע. אַזוי, צום ביישפּיל, ווען איינער לייהט דעם צווייטען געלט, טאָר דער, וואָס האָט אָוועקגעליהען, ניט געהן אין הויז פון דעם בעל חוב נעמען אַ משכון. אָבער אַ לוין־אַרבעטער מעג אַליין געהן אין דעם הויז פון זיין אַרבייטס־געבער און זיך נעמען אַ משכון, כדי צו זיין זיכער מיט זיין לוין. אַן אַרבייטער מעג חרטה האָבען אפילו אין מיטען העלען טאָג, און אונטער געוויסע אומשטענדען, מוז איהם נאָך דער בעל הבית באַצאָהלען. עס זיינען פאַראַן נאָך אונצייליגע ביישפּילען.

און ווידער וואָרענט אונז די היינטיגע סדרה, „ולא תשקרו איש בעמיתו״, נאַרט ניט אָפּ איינער דעם אַנדערען. זאָגט דערויף דער קעלמער מגיד ז״ל, אַז אַ ליגנער איז ערגער פון אַ גנב און אפילו פון אַ גזלן. וואָרום אַ גנב גנב׳עט בלויז ביינאַכט, ווייל בייטאָג האָט ער גיכער מורא. אַ גזלן, ווידער, גזל׳ט בייטאָג און ביינאַכט, אָבער בלויז פון אַ יחיד אָבער ניט פון אַן עולם, ווייל די ריזיקע איז פיעל גרעסער. אָבער אַ ליגנער זאָגט ליגען סאַי בייטאָג און סאַי ביינאַכט, און ער נאַרט אָפּ סאַי איינעם, סאַי פיעלע.

איז טאָמער זענט איהר אַ געשעפטסמאַן, אין „ביזנעס״ בלע״ז, זאָלט איהר זיך שטאַרק היטען פאַר אַ קונה אַ ליגנער. אַי, ווי קען מען וויסען? וועל איך אייך איבערגעבען אַ גוטען סימן וואָס איך האָב געהערט, נעמליך: היט זיך פון „אַ קונה הכל, וזוכר חסדי אבות, ומביא גואל״. היט זיך פון איינעם וואָס וויל קויפען אַלץ, און דערצעהלט אייך אַז זיין פאָטער איז געוועזען אַזוינס און אַזעלכעס, און „מביא גואל״ — ער ברענגט אייך אָפּגעצאָהל־טע „וועקסלען״ צו ווייזען אַז זיין קרעדיט איז גוט. וואָרום אַזאַ איינער וועט אייך זיכער אָפּנאַרען.

אַלזאָ, אַ מענש דאַרף זיך שטאַרק היטען ניט צו זאָגען קיין ליגען. די וועלט דערצעהלט, אַז ווען דער לובלינער „חוזה״ ר׳ יעקב יצחק ז״ל איז נתגלה געוואָרען, און אידען האָבען אָנגעהויבען פאָהרען צו איהם, האָט עס פאַרדראָסען דעם לובלינער רב ר׳ עזריאל ז״ל, וואָס איז געוועזען באַקאַנט אַלס „דער אייזערנער קאָפּ״, און וועלכער איז געוועזען אַ גרויסער געגנער פון חסידות. „איז וואָס זשע זאָל איך טהון, האָט אַמאָל דער „חוזה״ געזאָגט צו איהם, אַז דער עולם קומט פאָרט צו מיר?״ האָט ר׳ עזריאל איהם געענט־פערט: „זאָגט זיי דעם אמת, אַז איהר זענט אַ פּשוט׳ער איד, וועלען זיי מעהר ניט קומען צו אייך״.

האָט שבת ביים טיש דער „חוזה״ זיי געזאָגט: „רבותי, זייט וויסען, אַז איך בין אַ פּשוט׳ער איד, אָהן תורה און יראה, און גלויבט מיר, אַז איהר האָט פון מיר ניט וואָס צו לערנען, און אייער קומען צו מיר איז פּשוט אַ

צייט־פאַרשוועדנדעריי". ווען דער עולם האָט דאָס דערהערט, זיינען זיי אַריין אין התלהבות פון דעם רבי׳נס עניוות, פון זיין באַשיידענקייט, און זיי זיינען געוואָרען נאָך שטאַרקערע חסידים, און האָבען נאָך מעהר געהאַלטען פון איהם.

ווען ר׳ עזריאל האָט עטליכע טעג שפּעטער געטראָפען דעם „חוזה" און איהם געפרעגט צי ער האָט געפאָלגט זיין עצה, און ער האָט איהם געענט־פערט, אַז יאָ, נאָר עס האָט געבראַכט דעם פאַרקערטען רעזולטאַט, נעמליך, אַז דער עולם איז געוואָרען נאָך מעהר באַגייסטערט פון איהם, און זיי זיינען געוואָרען נאָך שטאַרקערע חסידים, האָט ער צו איהם געזאָגט: „אויב אַזוי, זאָגט זיי אַז איהר זענט דער גרעסטער גאון און דער גרעסטער צדיק, וועלען זיי אַנטלויפען פון אייער גאוה". האָט דער „חוזה" איהם געענטפערט: „ניין, דאָס וועל איך ניט טהון, ווייל קיין רבי בין איך טאַקע ניט, אָבער קיין ליגנער בין איך אויך ניט".

און, אגב, ניט נאָר טאָר מען ניט זאָגען קיין ליגען, נאָר מען דאַרף אויך ניט צופיעל רעדען, וואָרום אַז מען פּלוידערט פיעל, זאָגט זיך שוין אַ ליגען פון זיך אַליין. דער סלוצקער מגיד ז"ל איז אַמאָל געזעסען צווישען אַן עולם, און איינער האָט פיעל געפּלוידערט, און אגב האָט ער דערצעהלט עפּעס וועגען ר׳ יונתן אייבעשיץ ז"ל. האָט דער מגיד אויסגעשריען: „להד"ם, עס איז ניט אמת!" פרעגט דער איבערראַשטער עולם: „רבי, סטייטש פון וואַנען ווייסט איהר מיט אַזאַ זיכערקייט, אַז עס איז ניט אמת?" האָט ער געענטפערט: „עס איז אַ פּשוט׳ער חשבון. דער דערצעהלער האָט די געשיכ־טע ניט אַליין בייגעוואוינט, וואָרום עס איז שוין אַן אַנדערטהאַלבער יאָהר־הונדערט פון ר׳ יונתן׳ס פּטירה. צווייטענס, די מעשה וואָס ער האָט אייך דערצעהלט, ווערט ניט געבראַכט אין קיין שום ספר. אלא, וואָס דען, זאָל איך זאָגען, אַז ער האָט דאָס געהערט פון עמיצען אַנדערש, איז דאָך דאָס אונמעגליך, וואָרום ער לאָזט דאָך קיין מענשען ניט אַרויסרעדען קיין וואָרט".

און איצט הערט ווייטער וואָס פאַר אַ גוטע, מאָראַלישע, האַרציגע און העכסט מענשליכע זאַכען די היינטיגע סדרה „קדושים" לערענט אונז: דו זאָלסט ניט שעלטען קיין טויבען. פאַר אַ בלינדען זאָלסטו ניט אַנידערלייגען קיין שטרויכלונג־שטיין. פיהר ניט קיין פּליאָטקעס. (פּליאָטקעס האָבען שוין פיעלע פאַמיליען־לעבענס רואינירט, און זעהר פיעלע פריינדשאַפטען צווישען מענשען צעבראָכען). דו זאָלסט ניט פיינט האָבען דעם צווייטען אין דיין האַרץ. ר׳ לוי יצחק פון בערדיטשעוו ז"ל, דער גרעסטער אידישער פאַרטיידיגער פון די אידען ביים רבונו של עולם אין דער לעצטער צייט, האָט אַמאָל געהערט ווי אַ מגיד האַלט אין איין שיטען פּעך און שוועבעל אויף אידען, האָט ער אויסגעשריען: „רבונו של עולם, גלויב מיר ער טהוט עס ניט פון נחת. מסתמא דאַרף ער חתונה מאַכען אַ טאָכטער, און ער האָט נעביך ניט די פּאָר גראָשען, איז גיב זשע איהם גאָטעניו די פּאָר „קלינגערס", וועט ער פאַרשפּאָרען באַשולדיגען דיינע „צאן קדשים".

און ווידער זאָגט אונז די היינטיגע סדרה: דו זאָלסט קיינמאָל ניט זוכען קיין נקמה, האָב ליב דעם צווייטען ווי זיך אַליין. ווייזט מיר אַ פאָלק אין דער וועלט, וואָס האָט אַמאָל געלערענט אַזעלכע נאָבעלע אייגענשאַפטען! און דער „בית אהרן" זאָגט דערויף, אַז ר׳ אהרן קארלינער ז"ל פלעגט זאָגען:

„הלואי וואָלט איך אַזוי געקאָנט ליב האָבען דעם גרעסטען צדיק ווי דער אויבערשטער האָט ליב דעם גרעסטען רשע!" טראַכט זיך אַריין וויפיעל נאָבעלקייט, וויפיעל אנשטענדיגקייט, וויפיעל שעהנקייט, וויפיעל האַרציגקייט עס שטעקט אין אָט דעם דאָזיגען זאָג!

און די היינטיגע סדרה זאָגט אונז: „היט אָפּ שבת!" מיינט איהר דאָך, אַז דאָס איז אַ קלייניגקייט, האָט שוין דער העברעאישער שריפטשטעלער אחד העם ע"ה געזאָגט: „נאָך מעהר ווי די אידען האָבען אָפּגעהיט שבת, האָט דער שבת אָפּגעהיט די אידען!" שבת איז איינער פון די שטאַרקסטע זיילען פון אידישקייט. אָהן שבת קען גאָרניט מעגליך זיין קיין אידיש פאָלק. אונזער תורה הקדושה האָט דאָס שוין פאַרשטאַנען מיט טויזענטער יאָהרען צוריק. און אפילו פון דעם פשוט'ן, אַלטעגליכען, פראַקטישען שטאַנדפּונקט, איז עס אַ פאַקט, אַז די, וואָס זיינען מחלל שבת, רוהען זונטאָג אויך ניט.

ווייטער לערענט אונז די היינטיגע סדרה, אַז „מפני שיבה תקום והדרת פני זקן" — פאַר אַן עלטערען מענשען זאָל מען האָבען דרך ארץ, און פאַר אַ תלמיד חכם געוויס. אַז מען זאָל ליעב האָבען דעם פרעמדען ווי זיך אַליין. מען זאָל ניט האָבען קיין פאַלשע מאָס, קיין פאַלשע וואָג: מען טאָר קיינעם ניט שעלטען, און עלטערען געוויס ניט. קען איך אייך בלויז ראַטען איהר זאָלט דורכלערנען די סדרה, וועט איהר זעהן ווי נאָבעל, ווי שעהן, ווי עטיש אונזער רעליגיע איז.

און מען טאָר אויך קיינעם ניט פיינט האָבען. דער גאָסטינינער רבי ז"ל האָט אַמאָהל אַרויסגעשיקט צוויי חסידים נאָך נדבות. זיינען זיי צוריק געקומען און האָבען זיך באַקלאָגט אויף אַ גביר אַז ער האָט זיי אָפּגעזאָגט. האָט דער רבי געענטפערט: „לא תשנא את אחיך בלבבך", אַז דו האָסט אַ גוט האַרץ האָלט עס פאַר דיר, אָבער מיט דיין גוט האַרץ טאָרסטו ניט פיינט האָבען דעם צווייטען.

ר' יחזקאל קאזמירער ז"ל האָט אַמאָהל דערלאַנגט דעם פשיסכער רבי'ן ז"ל אַ שמעק טאַבאַק. האָט ער איהם געפרעגט: „פון וואַנען ווייסט איהר אַז פונקט איצט דאַרף איך אַ שמעק טאַבאַק?" האָט דער קאזמירער געענטפערט: „ווען די האַנט דערלאַנגט דער נאָז אַ שמעק טאַבאַק, פון וואַנען ווייסט זי אַז די נאָז וויל? נאָר וואָס דען, ווייל זיי זיינען ביידע פון איין גוף, דערפאַר ווייסט זי".

אַלזאָ, ווען עס איז פאַראַן אחדות, ווען איינער פיהלט וואָס דעם אַנ־דערען פעהלט, איז עס פונקט ווי צוויי אברים פון דעם זעלבען קערפּער. איינער העלפט דעם אַנדערען. איז גוט אַז יעדער איד זאָל דאָס געדענקען, וועט זיין שלום על ישראל.

# אמור

די לעצטע צוויי סדרות הייסען „אחרי מות", „קדושים", און די היינטיגע סדרה הייסט „אמור". זאָגט די וועלט אַ ווערטעל „אחרי מות קדושים אמור" — נאָך דעם טויט זאָגט מען אויף יעדען, אַז ער איז געווען אַ צדיק. עס האָט נאָך קיינער ניט געזעהען, אַז אויף אַ מצבה זאָל שטעהן געשריבען אַז „דאָ ליגט אַ רשע". נייך. אויף דעם בית עולם זיינען אַלע גוטע, פרומע מענשען. איז גלויבט מיר, אַז ווען מענשען זאָלען ביים לעבען זיין דאָס וואָס מען זאָגט וועגען זיי אויף דער מצבה, נאָך דעם טויט, וואָלט די מענשהייט געווען פיעל גליקליכער.

צווישען די אַנדערע גוטע זאַכען, וואָס די היינטיגע סדרה לערענט אונז ווערט דערצעהלט וועגען שבת און די ימים טובים. פרעגט רש"י ז"ל „מה ענין שבת אצל מועדות?" וואָס האָט שבת צו טהון מיט די ימים טובים? און ער ענטפערט: „ווער עס פאַרשוועכט די ימים טובים, איז גלייך ווי ער פאַרשוועכט שבת, און ווער עס היט אָפּ די ימים טובים, איז גלייך ווי ער היט אָפּ שבת". שבת, איז אייגער פון די שטאַרקסטע זיילען אין אידישקייט. פונקט ווי עס קען ניט זיין קיין שבת אָהן אַ אידיש פאָלק, אַזוי קאָן ניט געמאָלט זיין אַ אידיש פאָלק אָהן שבת. עס איז אַן אומבאַשטרייטבאַרער פאַקט אַז „מעהר ווי די אידען האָבען אָפּגעהיט דעם שבת, האָט דער שבת אָפּגעהיט די אידען". וואָרום שבת איז דער שטאַרקסטער רינג אין דער גאָלדענער קייט וואָס הייסט אידישקייט. וועלען מיר דערפאַר טאַקע היינט ריידען וועגען דער וויכטיגקייט פון שבת.

שבת איז דער צענטראַלער פונקט פון אונזער גאַנצער תורה, פון אונזער גאַנצען רעליגיעזען און נאַציאָנאַלען לעבען. דער פאַקט וואָס „בשבת ניתנה תורה לישראל" — אַז שבת איז די תורה געגעבען געוואָרען די אידען, באַווייזט אַז שבת איז דער עיקר פון אַלע עיקרים אין דער אידישער רעליגיע. שבת איז אַזוי אַלט ווי די וועלט שאַפונג אַליין, און דער ערשטער „שומר שבת" איז געווען טאַקע דער וועלט־באַשאַפער אַליין. אין זעקס טעג האָט ער באַשאַפען די וועלט, און דעם זיבעטען טאָג האָט דער אַלמעכטיגער גערוהט. שבת איז קיין מן ניט אַרונטערגעפאַלען פון הימעל. און ניט נאָר איז שבת די עלטסטע אידישע רעליגיעזע אינסטיטוציע, נאָר דאָס אָפּהיטען שבת איז שוין אַזוי אַלט ווי דאָס אידישע פאָלק אַליין. אונזערע אבות אברהם, יצחק, יעקב, האָבען אָפּגעהיט שבת נאָך איידער די תורה איז געגעבען געוואָרען. אויך די אידען אין מצרים, זייענדיג שקלאַפען, האָבען אָפּגעהיט שבת. ווען משה רבינו איז אונטערגעוואַקסען און געזעהן ווי שוועהר די אידען שקלאַפען, האָט ער אַפּעלירט צו פרעה'ן ער זאָל זיי באַוויליגען כאָטש איין רוה־טאָג אין דער וואָך, און ער האָט באַשטימט שבת אַלס דעם רוה־טאָג.

זאָגען אונז דאָך די חכמים ז״ל, אַז שבת איז געגעבען געוואָרען נאָך פאַר מתן תורה. די מצוה פון שבת איז פּראָקלאַמירט געוואָרען נאָך פאַר די עשרת הדברות. און ניט בלויז הייסט אונז די תורה רוהען שבת, נאָר וואו אַ איד זאָל זיך ניט געפינען, מוז ער אָפּהיטען שבת. און די תורה האַלט אין איין וואָרענען „את שבתותי תשמורו", „ושמרתם את השבת". אפילו דאָס בית המקדש טאָר מען ניט בויען שבת. רוהט דאָך אפילו דער סמבטיון אום שבת! איז דאָך שבת דער אייביגער אָפּמאַך אויף אַלע דורות צווישען דעם באַשעפער פון דער וועלט און דעם אַלטען ישראל׳יק. און פּונקט ווי יום הכפו־רים איז דער הייליגסטער און פאַרכטיגסטער טאָג פון דעם יאָהר, אַזוי ווערט אויך שבת באַצייכענט, טאַקע אין דער היינטיגער סדרה, אַלס „מקרא קודש".

דער נביא ירמיה האָט שוין אויסגערופען, אַז דאָס פאַרשוועכען שבת וועט פיהרען דערצו, אַז ירושלים וועט פאַרוויסט ווערען. און די חכמים ז״ל זאָגען טאַקע „לא חרבה ירושלים אלא בשביל שחללו את השבת", אַז ירושלים איז חרוב געוואָרען נאָר דערפאַר ווייל די אידען האָבען פאַרשוועכט דעם שבת. נאָר דאַן ווען עס האַנדעלט זיך וועגען „פּיקוח נפש", ווען אַ מענשען׳ס לעבען שטעהט אין געפאַר, מעג מען, אונטער געוויסע אומשטענדען, פאַר־שוועכען שבת. ווייל אַ מענשען׳ס לעבען איז ביי דער אידישער רעליגיע זעהר טייער.

ר׳ זלמן, ר׳ חיים וואָלאָזשינער׳ס ברודער ז״ל, איז אַמאָל געזעסען שבת ביים ווילנער מורה הוראה. איז אַריינגעקומען איינער פרעגען אַ שאלה וועגען אַ חולה מסוכן, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, צי מען מעג מחלל שבת זיין. האָט דער מורה הוראה גענומען טראַכטען וועגען דין, צי מען מעג. האָט ר׳ זלמן אויסגעשריען „מען מעג, מען מעג". דער עולם אַרום האָט זיך גע־חידוש׳ט, האָט ר׳ זלמן געענטפערט: „וואָס אַנבאַלאַנגט דינים פון „פּיקוח נפש", ווען אַ מענשען׳ס לעבען שטעהט אין קאָהן, דאַרף אַ מורה הוראה זיי קענען אויסוויינינג, כדי מען זאָל ניט פאַרלירען קיין איין סעקונדע".

די „קעניגין" און די „כלה" שבת איז געגעבען געוואָרען די אידען אַלס „גוטע מתנה". דער רבונו של עולם האָט געזאָגט צו משה רבינו: „ביי מיר ליגט באַהאַלטען אַ גוטע מתנה, וואָס הייסט שבת, גיב איך זי די אידען, גייה און דערצעהל זיי". און שבת איז געגעבען געוואָרען שטיל און אָהן טאַ־ראַראַם. און ווען שבת האָט זיך פאַרקלאָגט פאַר דעם אַלמעכטיגען פאַרוואָס זי האָט ניט קיין „בן זוג", האָט דער באַשעפער פון דער וועלט געענטפערט: „די אידען וועלען זיין דיין חתן".

און אויסער דעם וואָס ווער עס היט אָפּ שבת ווערט פאַרהיטען פון עבירות, פאַרמאָגט שבת אין זיך די אייגענשאַפט, וואָס עס מאַכט אידען הייליגער. און כאָטש שבת איז געגעבען געוואָרען צוליב גייסטיגע צוועקען, מען דאַרף פאַרברענגען דעם טאָג אין דאַווענען און לערנען, טאָר מען אָבער ניט פאַרנאַכלעסיגען דעם פיזישען עונג שבת. מען דאַרף עסען און טרינקען פון דעם שעהנסטען און פון דעם בעסטען. ניט קיין קלענערער ווי שמאי הזקן האָט שטאַרק מקפיד געווען צו קויפען דאָס בעסטע פלייש אויף שבת. און אַז עס לוינט זיך קען מען זעהן פון פאָלגענדען:

ר׳ חייא בר אבא האָט אַמאָל געהאַלטען שבת ביי אַ בעל הבית אין לודקיא, האָט מען סערווירט טייערע מאכלים און געטראַנקען אין קאָסטבאַרע זילבערנע כלים. האָט ר׳ חייא אַ פרעג געטהון: „מיין קינד, פאַר וועלכע מעשים טובים האָסטו זוכה געווען צו דעם אַלעם?" האָט דער בעל הבית געענטפערט: „איך בין געווען אַ קצב, פלעג איך האַלטען פאַר מיר די בעסטע בהמה אויף שבת". זיינען דאָך מיר אידען געבענטשט מיט אַ נשמה יתרה האָט טאַקע שבת דאָס עסען גאַר אַ באַזונדערען טעם, אַן אַנדער געשמאַק. אַ קיסר האָט אַמאָל געפרעגט ר׳ יהושע בן חנניא: „פאַר וואָס האָט דאָס שבת׳דיגע עסען אַזאַ טייערען געשמאַק?" האָט ער איהם געענטפערט: „מיר אידען האָבען אַזאַ מין „פּאָטראַוועּ", וואָס הייסט שבת, טהוען מיר דאָס אַריין אין עסען, און דאָס גיט עס אַזאַ ספּעציעלען געשמאַק, אַ באַזונדערען טעם". האָט געזאָגט צו איהם דער קיסר: „גיב אונז אַביסעל דערפון". און ר׳ יהושע האָט איהם געענטפערט: „ווער עס היט אָפּ שבת, דעם העלפט עס, אָבער ווער עס היט ניט אָפּ שבת, דעם העלפט עס ניט". נאָך מעהר, ווער עס היט אָפּ שבת און איז מקיים די מצוה פון שלש סעודות, איז געזיכערט געגען גיהנום, און געגען אַנדערע צרות.

שבת ווערט יעדען אידען ליכטיג אין די אויגען. לכל הפחות אויף איין טאָג פאַרגעסט ער זיינע זאָרגען פון אַ גאַנצער וואָך. ר׳ משה חיים אפרים סודילקאָווער ז״ל, דער „דגל", איז, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, געווען אַ קבצן אין אַכצען פאָלעס, פלעגט זיין ווייב בענטשען ליכט אין ליימענע לייכטער. ווען דער אויבערשטער האָט איהם געהאָלפען און ער איז אויפגעריכט גע־וואָרען, האָט ער קומענדיג פון שוהל פרייטיג נאַכט דערזעהן אויף דעם טיש זילבערנע לייכטער, האָט ער אַ זאָג געטהון צו זיין ווייב: „דיר איז אַ צינד ליכטיג, און מיר איז פריהער געווען ליכטיג". וואָרום ניט די לייכטער, דאָס מעטאַל, איז וויכטיג, אפילו ווען עס איז פון זילבער, נאָר דאָס ליכט, דאָס געפיהל, אַז עס איז שבת איז וויכטיג, מעג עס אפילו זיין ליימענע לייכטער. עס האָט איינער אַמאָל געפרעגט דעם מלבי״ם (ר׳ מאיר לייב בן יחיאל מיכל) ז״ל, אויף קאַטאָוועס, צי עס איז פאַראַן אַ היתר אויף רויכערען אום שבת, האָט ער געענטפערט: „יאָ, נאָר מיט אַ שנוי". פרעגט יענער: דהיינו?" און דער מלבי״ם האָט געענטפערט: „מיט פייער אין דער נשמה". די נשמה דאַרף ברענען מיט דעם גייסט פון שבת.

ר׳ חאַצקעלע שינעווער, ר׳ חיים צאַנזער׳ס זוהן ז״ל, איז אַמאָל געקומען אויף שבת אין אַ שטעדטעל. צו ליכט בענשען האָט מען אַוועקגעשטעלט אויף דעם טיש שעהנע זילבערנע לייכטער, האָט ער זיי געהייסען אַוועקנעמען, ווייל „עס איז אי גאוה, אי שקר". וואָרום ניט דער אויסערליכער גלאַנץ איז וויכטיג, נאָר דאָס אינערליכע געפיהל. מען דאַרף פיהלען אַז עס איז שבת.

שבת דאַרף מען זיך קליידען ריין און שעהן, און מען דאַרף זיך ניט זאָרגען צי מען האָט אויף שבת צי ניט. וואָרום די חכמים ז״ל זאָגען, אַז דעם מענשענ׳ס אויסגאַבען ווערען באַשטימט צווישען ראש השנה און יום הכפורים, אויסער די אויסגאַבען אויף שבת. וואָס מעהר איינער פאַרשאַפט פאַרגעניגען דעם שבת, אַלץ מעהר ווערט איהם צוריק געגעבען. און דער נביא שרייבט אויס: „אַז דו וועסט ריהען שבת, ניט פיהרען קיין געשעפטען, און פאַרוואַנדלען

שבת אין אַן עונג שבת... דאָן וועסטו געפונען פרייד אין אויבערשטען". און דאָס איז אַ געוואַלדיגער אמת. נאָר אַ נביא האָט עס געקענט זאָגען.

אַלזאָ, שבת איז געוואַלדיג וויכטיג. ווער עס היט אָפּ שבת ווי עס באַדאַרף צו זיין, איז אפילו ווען ער זינדיגט ווי דער דור פון אנוש, איז מען איהם מוחל. און ווען אידען זאָלען אָפּהיטען צוויי שבתים ווי עס באַדאַרף צו זיין, וואָלטען זיי באַלד אויסגעלייזט געוואָרען. ווען אידען זאָלען אָפּהיטען איין שבת ווי עס באַדאַרף צו זיין, וואָלט משיח בן דוד געקומען. איז דאָך שבת גלייך צו אַלע מצוות! זאָגען דאָך די חכמים ז"ל, אַז כביכול זאָגט צו די אידען: „ווען איהר זאָלט זוכה זיין אָפּצוהיטען שבת, וועל איך דאָס באַטראַכטען גלייך ווי איהר וואָלט אָפּגעהיט אַלע מצוות פון דער תורה". און וויל מען ווירקליך פאַרשטעהן די גרויסע וויכטיגקייט פון אָפּהיטען שבת, קען מען דאָס אפשר אמבעסטען זעהן פון דער שלאָגיגער באַהויפּטונג פון די חכמים ז"ל, אַז ווער עס היט אָפּ ריכטיג שבת, איז גלייך ווי ער וואָלט באַשאַפען דעם שבת.

אַלזאָ, יעדער איד, אויב אידישקייט איז איהם טייער, דאַרף אָפּהיטען שבת מיט אַלע פּיטשעווקעלעך, סאַי גייסטיג, סאַי פיזיש, דאָס הייסט מען דאַרף אויך גוט עסען און טרינקען און זיך לאָזען וואוילגעהן. ר' יצחק דראָהאָביטשער ז"ל פלעגט פאַסטען אַ גאַנצע וואָך, דערפאַר, אָבער, פלעגט ער שבת עסען זעהר פיעל, אי לכבוד שבת און אי כדי ער זאָל האָבען כוח צו פאַסטען די גאַנצע וואָך. איז ער אַמאָל געקומען קיין מעזעביטש און דער בעל שם טוב ז"ל האָט איהם פאַרבעטען צו זיך אויף שבת. האָט ר' יצחק געענטפערט, אַז שבת האָט ער ליב פיעל צו עסען, און דער בעל שם טוב האָט איהם געענטפערט, אַז ער וועט אָנגרייטען גענוג. פרייטאָג צו נאַכטס, נאָך קידוש, האָט מען געגעבען ר' יצחק'ן דאָפּעלטע פאַרציעס, און נאָך אַמאָל דאָפּעלטע פאַרציעס, און עס איז געווען „ויאכלו", עס איז „פאַרברענט געוואָרען". וויפיעל מען האָט איהם געגעבען, האָט ער אויפגעגעסען און געבעטען נאָך, ביז עס האָט אויסגעפעהלט. זאָגט ר' יצחק „סטייטש, איהר האָט דאָך געזאָגט אַז איהר וועט אָנגרייטען גענוג". האָט דער בעל שם טוב געענטפערט: „איך האָב זיך געריכט אויף מלאכים אָבער ניט אויף „שרפים" — אַז וויפיעל מען דערלאַנגט ווערט פאַר'שרפ'עט!"

און אגב אורחא וועלען מיר אייך דערצעהלען אַ גוט וואָרט פון ר' שמואל מאָהליוועד ז"ל. ווי באַוואוסט איז דער גאון ר' שמואל מאָהליוועד, וואָס איז געווען דער ממלא מקומו פון דעם ביאַליסטאָקער רב ר' רפאל יום טוב ליפּמאַן היילפּרין (דער עונג יום טוב) ז"ל, געווען זעהר אַ פאַרטגעשריטענער מענש און איז געווען באַליבט סאַי ביי פרומע סאַי ביי „מאָדערנע". איינמאָל איז ר' שמואל געקומען קיין אָדעס אויף דער ערשטער אסיפה פון די „חובבי ציון". האָט איין באַריהמטער אידישער שריפטשטעלער געזאָגט צו זיינעם אַ פריינד: „לאָמיר באַזוכען ר' שמואל מאָהליוועד". האָבען זיי גענומען אַ דראָזשקע (פיאַקער), און זיי זיינען צוגעפאָהרען צו ר' שמואל'ן אין האָטעל. צוקומענדיג צום האָטעל, האָבען זיי געזעהן ווי ר' שמואל זיצט אויף דעם באַלקאָן אין בגדי שבת און קוקט אַריין אין אַ ספר, האָבען זיי זיך אַ כאַפּ

געטהון: „אוי, עס איז דאך שבת!" אָבער ר' שמואל האָט זיי שוין געהאַט דערזעהן, איז שוין געווען צו שפעט זיך אומצוקערען. זיינען זיי אַרויפגעגאַנגען צו איהם, און געבליבען שטעהן בלאַס אין אַ פאַרלעגענהייט. האָט ר' שמואל געקוקט אויף זיי מיט אַ שמייכעל און געזאָגט: „איך זעה דאָך אַז איהר זענט טויטע מענשען, איז ווייסט איהר דאָך אַז „פיקוח נפש דוחה שבת".

און טאַקע דערפאַר וואָס שבת איז אַזוי וויכטיג פאַר אונזער עקזיסטענץ אַלס אידיש פאָלק, האָט שבת געהאַט אויסצושטעהן אין אַלע דורות ניט ווייניגער פאַרפאָלגונגען ווי דאָס אידישע פאָלק האָט געהאַט אויסצושטעהן. אין אַלע צייטען און כמעט אין אַלע לענדער אויף דעם ערד קוגעל האָבען די שונאי ישראל פאַרווערט אידען אָפצוהיטען שבת. זייענדיג, אָבער, איבערצייגט, אַז שבת און אידען זיינען נשמה און קערפּער, אַז אָהן שבת קען דאָס אידישע פאָלק ניט אָטעמען ווי אַ אידיש פאָלק, האָבען די אידען אין משך פון אַלע דורות, ממש מקריב געווען זייערע לעבענס און אייגענטום פאַר אָפּהיטען שבת. אונזער רעליגיע איז דאָך דער איינציגער בונד, וואָס האַלט צוזאַמען אַלע אידען פון דער גאַנצער וועלט. אַנדערע פעלקער זיינען פאַרקניפּט און פאַרבונדען דורך זייער לאַנד, רעגירונג און שפּראַך. אָבער מיר, צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע ווינקעלעך פון דעם ערד קוגעל, איבעראַל אין אַ קליינער מינדערהייט, זיינען ניט פאַרבונדען איינער מיט דעם אַנדערען דורך פיזישע מיטלען. מיר רעדען כמעט אַזוי פיעל שפּראַכען וויפיעל לענדער עס זיינען פאַראַן אויף דער וועלט. געאָגראַפיש זיינען מיר אויך ניט פאַרבונדען. רעליגיע איז דאָס איינציגע, וואָס פאַרבינדט אַלע אידען פון דער גאַנצער וועלט, און איז דער שטאַרקסטער ווינקעלשטיין אין דעם פונדאַמענט פון אונזער עקזיסטענץ אַלס אידיש פאָלק. ווען אידען קומען שבת פון שוהל, און אין הויז שמעקט דער שבת אַרויס פון אַלע ווינקעלעך, איז עס באמת „בא שבת בא מנוחה" (תוספות, סנהדרין לח, א — ד"ה „חצבה"). אַ מאָדנע רוהיגקייט נעמט אַרום דעם אידען. אַלע זיינע זאָרגען פון דער גאַנצער וואָך ווערען אויסגעוועפּט און פאַרשוואונדען.

און אויב עס זיינען פאַראַן אידען, וואָס זיינען מחלל שבת בשוגג, זיי ווילען אָפּהיטען שבת, נאָר זיי זיינען נעביך דערצו געצוואונגען דורך פאַרשידענע אומשטענדען, איז טאַקע אויף זיי אַ גרויסער רחמנות. אָבער די וואָס זיינען מחלל שבת במזיד, די וואָס זיינען מחלל שבת, די טייערסטע און הייליגסטע אידישע מתנה ווייל אַזוי ווילט זיך זיי, זיי קען מען בלויז ענטפערען, אַז דער פיעלע טויזענטער יאָהר אַלטער שבת האָט שוין איבערגעלעבט פיעלע שבת פאַרשוועכער פון דעם דאָזיגען סאָרט, און ער וועט אויך זיי איבערלעבען. וואָרום די חכמים ז"ל האָבען שוין געזאָגט „שאין שבת בטלה מישראל" — שבת ביי אידען וועט קיינמאָל ניט בטל ווערען. איז טאַקע וואונשענסווערט, אַז אַלע אידען זאָלען זיך אַ נעם טהון אָפּהיטען שבת ווי עס באַדאַרף צו זיין, און דאָס וועט זיין אַן אנגעהויערער בייטראָג צו דער פאַרשטאַרקונג פון אונזער עקזיסטענץ אַלס אידיש פאָלק. יעדער איד וואָס וויל אַז מיר זאָלען עקזיסטירען אַלס אידיש פאָלק, מוז איין מאָל פאַר אַלע מאָל דאָס איינזעהן.

עס איז דאָ זעהר פיעל צו רעדען וועגען שבת. דער תנ״ך, דער תלמוד, און די גאַנצע רבנישע ליטעראַטור זיינען פול מיט דער וויכטיגקייט פון שבת. און עס איז ניטאָ קיין איין וויכטיגער אידישער שריפטשטעלער און דיכטער וואָס האָט ניט געדיכטעט וועגען שבת, אָדער געשילדערט דעם שבת אין פאַרשיעדענע ערצעהלונגען און סקיצען.

און איצט אַן אינטערעסאַנטען עפיזאָד: איינמאָל אַ שבת איז מען אַריינגעקומען צו ר׳ חיים זאָנענפעלד אין ירושלים, און מען האָט איהם דערצעהלט, אַז ביי אַ געוויסען אידען אין הויז קאָכט מען איצט. האָט ער אָנגעטהון די זשופּיצע, און ער איז אַהין אַוועק. ער איז אַריין אין הויז, אָבער ער האָט שוין ניט געטראָפען קיין פייער, מחמת דערזעהענדיג איהם דורך דעם פענסטער האָט מען אויסגעלאָשען דאָס פייער. רופט זיך אָן דער בעל הבית: „רבי, עס איז דאָך עפּעס ניט מעשה דרך ארץ אַריינצולויפען אין אַ פרעמד הויז ניט אָנקלאַפּענדיג פריהער״. האָט דער רבי געענטפערט: „ריכטיג, אָבער איך האָב געהערט אַז ביי אייך ברענט, און ווען עס ברענט און מען לויפט ראַטעווען, פאַלען אַוועק אַלע זייטען פון דרך ארץ אין אַ זייט״.

און אַז איהר וועט אַריינקוקען אין דער היינטיגער סדרה וועט איהר זעהן אַז עס שטעהט „וירגמו אותו אבן״. האָט אַ געוויסער אַפּיקורס אַמאָהל געפרעגט ר׳ ישעיה׳לע פּראַגער ז״ל: פאַרוואָס אין פאַל פון דעם „מקושש״ זאָגט די תורה „וירגמו אותו באבנים״, און אין דער היינטיגער סדרה שטעהט „וירגמו אותו אבן?״ האָט איהם דער רב געענטפערט: „וועגען דעם מקושש זיינען פאַראַן חלוקי דעות צווישען אונזערע חכמים ז״ל, פאַרוואָס עס איז איהם געקומען מיתה. עס איז אפילו פאַראַן אַ מאַן דאמר וואָס האלט אז ,לשם שמים נתכוון׳. איז דערפאַר ווען די אידען האָבען איהם פאַרוואָרפען מיט שטיינער, האָט יעדער וואָרפער געהאַט אַן אַנדער כוונה. איינער האָט געוואָרפען דעם שטיין מיט חשק ווייל ער האָט איהם געהאַלטען פאַר אַ רשע. אַ צווייטער האָט עס געטהון אָהן חשק ווייל ער האָט איהם געהאַלטען פאַר אַ צדיק, כאָטש עס קומט איהם מיתה. איז דערפאַר שטעהט דאָרט באבנים — מיט פיעלע שטיינער. אָבער אין באַצוג אויף אַ מגדף, אַ לעסטערער, האָבען אַלע איהם פאַרשטיינט מיט איין כוונה, ווייל אַלע האָבען איהם געהאַלטען פאַר אַן אפי־קורס, איז דערפאַר אבן״. דער אפיקורס האָט פאַרשטאַנען דעם „שטאָך״. און אַ סברה אַז ער האָט איינגעזעהען אַז אפיקורסות האָט ניט קיין זינען.

# בהר

שװין אַן ערך פון קנאַפּע פיער טױזענט יאָהר צוריק האָט די הײנטיגע סדרה „בהר" אױװעקגעשטעלט דעם פּרינציפּ „וקראתם דרור בארץ לכל יושביה" — און איהר זאָלט פּראָקלאַמירען פרײהײט אין לאַנד צו אַלע זײנע אײנװאױנער.

פרײהײט! װאָס פאַר אַ מאַגישע קראַפט דאָס דאָזיגע װאָרט אַנטהאַלט אין זיך! װיפיעל טײכען בלוט זײנען פאַרגאָסען געװאָרען, װיפיעל לענדער זײנען חרוב געװאָרען, װיפיעל הונדערטער טױזענטער פאַר־מיליעס האָבען פאַרלאָרען זײערע הײמען צוליב פרײהײט! איז דען אַמעריקע, דאָס גרעסטע, רײכסטע און שטאַרקסטע לאַנד אין דער װעלט, ניט געװאָרען דאָס װאָס עס איז, נאָר אַ דאַנק דעם דראַנג צו פרײהײט. איז דען פאַראַן אונטער דער זון אַ זאַך, װאָס איז מעהר װיכטיג, מעהר װערטפול פאַר דעם מענשען װי פרײהײט?

האָט אונזער תורה דאָס געװאוסט שױן מיט טױזענטער יאָהרען צוריק. זי האָט געװאוסט, אַז פרײהײט איז דער גרעסטער און שאַצבאַרסטער אוצר, דאָס װערטפולסטע רײכטום װאָס סאַי אַן אינדיװידיאום, סאַי אַ פאָלק קען פאַרמאָגען. אונזער תורה האָט געװאוסט, אַז אַ מענש אַלס יחיד, אָדער אַ פאָלק אַלס קאָלעקטיװ, װאָס געניסט ניט קײן פרײהײט, לעבט ניט, נאָר עס עקזיסטירט בלױז. קײן מענש, קײן פאָלק, קען ניט אַנטװיקלען זײנע גײס־טיגע פּאָטענציעלע כוחות און אײגענשאַפטען, קען ניט באַרײכערען די װעלט־קולטור, קען ניט העלפען מאַכען דאָס לעבען אַנגענעמער און באַקװעמער, אויב עס קען ניט געניסען די אַלע פּריװילעגיעס װעלכע פרײהײט שטעלט מיט זיך פאָר.

אונזער תורה האָט זעהר גוט געװאוסט, אַז דאָרט װו פרײהײט פאַר־שװינדעט, פאַרנעמט באַלד טיראַניע איהר פּלאַץ. עס איז אײנס פון די זאַכען װאָס האָבען ניט קײן מיטעל־װעג. פּונקט װי ליכט און פינסטערניש קענען ניט הערשען גלײכצײטיג צוזאַמען, אַזױ קענען ניט פרײהײט און טיראַניע עקזיסטירען צו אײן און דער זעלבער צײט. אַ פאָלק, אָדער אַ יחיד, קען זײן אָדער פרײ אָדער פאַרשקלאַפט, קײן מיטעל־װעג איז ניטאָ!

האָט אונזער תורה דאָס פאָראױסגעזעהן, און מיט קנאַפּע פיער טױ־זענט יאָהר צוריק, װען די אַנדערע פעלקער זײנען נאָך געװען װילדע באַר־באַרען, װען די שטאַרקערע האָבען רחמנות'לאָז פאַרשקלאַפט די שװאַכערע, האָט די תורה אָנגעזאָגט די אידען אַז זײ זאָלען זיך אַזױ ניט פיהרען. נײן. נאָר „איהר זאָלט פּראָקלאַמירען פרײהײט אין לאַנד צו אַלע זײנע אײנ־װאױנער".

יאָ, די װעלט־ליטעראַטור פאַרמאָגט מיליאָנען ביכער. די קריסטען האָבען זײער אײגענעם „טעסטאַמענט". די מאַכמעדאַנישע װעלט האָט איהר

„קאַראַן״. די אַנדערע פעלקער האָבען זייערע אייגענע לעהרעס. אָבער ווען דאָס אַמעריקאַנער פאָלק האָט באַדאַרפט עטליכע נאָבעלע ווערטער וועגען פרייהייט; ווען זיי האָבען געדאַרפט אַ שלאַגענדען מאָטאָ; האָבען זיי געמוזט אָנקומען צו אונז, צו אונזער תורה, וואָס האָט מיט קנאַפּע פיער טויזענט יאָהר צוריק, און נאָך אין דער מדבר דערצו, פּראָקלאַמירט דעם נאָבעלען פרייהייטס־פּרינציפּ, און זיי האָבען אויפגעשריבען אויף דעם „ליבערטי בעל״, פרייהייט־גלאָק, וואָס געפינט זיך אין פילאַדעלפיע, דעם פסוק „וקראתם דרור בארץ לכל יושביה״.

און נאָר אידען האָבען טאַקע געקענט פּראָקלאַמירען אַזאַ נאָבעלען, אַזאַ אוניווערסאַל־הומאַנישען פּרינציפּ. ווארום דאָס גלוסטען נאָך פרייהייט איז אַ טייל פון דעם אידענ׳ס נשמה, פון זיין גאַנצען וועזען. און דאָס האָבען די אידען באַוויזען אין זייער באַפרייאונגס־קאַמף געגען דער עגיפּטישער קנעכט־שאַפט. מיט קנאַפּע פיער טויזענט יאָהר צוריק, איידער די אַנדערע פעלקער האָבען אפילו גע׳חלום׳ט פון באַפרייען זייערע פאַרשקלאַפּטע מיט־מענשען: איידער מען האָט זיך באַנוצט מיט אַזעלכע פוסטע, גאַרניט־זאָגענדיגע פראַזען ווי „פיער פרייהייטען״, האָט דאָס אידישע פאָלק איבערגעריסען די אייזערנע קייטען פון זייער צוויי הונדערט און צעהן־יאָהריגער פאַרשקלאַפונג אין מצרים. דאָס פאַרהעלטניסמעסיג קליינע פאָלק האָט שוין דאַן געוויזען דער וועלט, אַז דאָרט, וואו עס איז פאַראַן אַן אמת׳ער ווילען זיך צו באַפרייען פון טיראַניע, דאָרט וואו מען זוכט פרייהייט מיט אַן אמת, מעג דער טיראַן, דער פאַרשקלאַפער, זיין אפילו אַזוי שטאַרק ווי דאָס דאַמאָלסדיגע מעכטיגע מצרים, און מעג דאָס פרייהייט־לעכצענדע פאָלק ניט האָבען אפילו קיין פלאַץ וואוהין זיך אַהינצוטהון אויסער אַ וויסטע ווילדערניש, וועט עס זיך דאָך באַפרייען פון פאַרשקלאַפונג.

און דער אידישער באַגריף פון פרייהייט איז ניט אַ באַגרעניצטער, אַ לאָקאַלער. ער איז אוניווערסאַל. עס מיינט ניט בלויז די פרייהייטען פון אַ פאָלק, נאָר די פרייהייטען פון אַלע פעלקער. די וועלט געהערט דעם וועלט־באַשעפער — „כי לו כל הארץ״. און ער איז גרעסער פון דער וועלט. דער מדרש זאָגט: „המקום מקומו של עולם, ולא העולם מקומו של מקום״ — דער אַלגעגענווערטיגער איז דאָס אָרט פון דעם אוניווערס, און ניט דער אוניווערס איז דאָס אָרט פון דעם אלגעגענווערטיגען. די וועלט, אַלזאָ, איז אין דעם אַלמעכטיגען, און עס איז זיין פאַרלאַנג „וקראתם דרור בארץ לכל יושביה״, אַז אַלע איינוואוינער, אָהן ווועלכע עס איז אויסנאַמע, זאָלען זיין, זיך באַוועגען, און לעבען אַבסאָלוט פריי, און ניט זיין פון קיינעם אונטערדריקט.

דערפאַר טאַקע, לערענט אונז די תורה אַז דער מענש דאַרף זיין פריי, און זי האָט אונז געגעבען אַ שמיטה און אַ יובל, אַז אויך דאָס פעלד, דער וויינגאַרטען זאָלען ווערען פריי. די תורה זאָגט: „שש שנים תזרע שדך ושש שנים תזמור כרמך ואספת את תבואתה״ — זעקס יאָהר זאָלסטו פאַרזייען דיין פעלד, און זעקס יאָהר זאָלסטו אָרומשניידען דיין וויינגאַרטען, און איינזאַמלען דעם געוואוקס. „ובשנה השביעית שבת שבתון יהיה לארץ...״ אָבער אין דעם זיבענטען יאָהר זאָל דאָס לאַנד רוהען, דאָס פעלד זאָלסטו ניט פאַרזייען, און דיין וויינגאַרטען זאָלסטו ניט אַרומשניידען. אַלזאָ, יעדער זיבענט יאָהר

איז שמיטה, דאָס פעלד, דער וויינגאַרטען דאַרפען רוהען. און נאָך זיבען שמיטות, נעמליך, דאָס פיפציגסטע יאָהר זאָלט איהר הייליגען, עס איז יובל, און יעדער איינער זאָל זיך אומקעהרען צו זיין אייגענטום, און איטליכער צו זיין משפחה. אַלזאָ, יעדער איד וואָס האָט צוליב אָרימקייט געמוזט זיך פאַרקויפען פאַר אַ קנעכט, אָדער ער האָט געמוזט פאַרקויפען זיין לאַנד, איז אין יאָהר פון יובל באַקומט ער צוריק זיין פרייהייט און זיין אייגענטום.

עס איז באמת צו שטוינען פון דער אויסערגעוועהנליכער פאַרטגע־שריטענקייט פון דעם דאָזיגען געזעץ. אַ מענש טאָר ניט זיין אַ קנעכט ביי דעם צווייטען, און אויב ער האָט זיך שוין יאָ געמוזט פאַרקויפען, מוז זיין אַ גרעניץ צו זיין קנעכטשאַפט. וואָרום דער אויבערשטער האָט געזאָגט „כי לי בני ישראל עבדים״, און אונזערע חכמים ז״ל טייטשען „ולא עבדים לעבדים״. מיר זיינען בלויז דעם באַשעפערס קנעכט, אָבער ניט קנעכט ביי קנעכט. און אויך די ערד, וואָס באַלאַנגט דאָך צום בורא עולם, קען ניט גע־הערען צו איין מענשען איביג. אויב איינער מוז אַמאָל פאַרקויפען זיין פעלד, קען דאָס ניט גילטען אויף איביג. נאָר עס מוז זיין אַ באַשטימטע צייט ווען דאָס פעלד, אָדער וויינגאַרטען, קעהרט זיך אום צוריק צום פאַרקויפער. דאָס איז, באמת, אַ געוואַלדיג פאָרטגעשריטען געזעץ, צו באַשיצען די עקאָנאָמישע אינטערעסען פון דעם קליין־גוט־באַזיצער. זיינען שמיטה און יובל געזעצען וואָס באַשיצען דעם מענשענ׳ס פרייהייט, און דעם לאַנד־באַזיץ פון דעם „פאַרגעסענעם מענשען״.

און אַזוי אוניווערסאַל איז די אידישע אויפפאַסונג פון פרייהייט אַז די גמרא טייטשט „וקראתם דרור בארץ לכל יושביה״ — אין דרור אלא לשון חירות... כמדייר כי דיירא ומוביל סחורה בכל מדינה — נעמליך אַז פרייהייט מיינט אויך פרייער אינטערנאַציאָנאַלער פאַרקער, אַז יעדער מענש זאָל קענען און מעגען פאָהרען איבעראַל אין יעדען לאַנד און שטאָדט אויף דעם ערד־קוגעל אָהן וויזעס, און פיהרען סחורה איבער דער גאַנצער וועלט אָהן צאָהל, אָהן טאַריף. אַז די וועלט איז ניט אונזערע נאָר דעם באַשאַפערס, איז וועלכער מענש האָט עס אַ רעכט צו פאַרשקלאַפען דעם צווייטען, אָדער זיך ערווערבען דעם צווייטענס אייגענטום, אָדער שטערען דעם צווייטען זיך צו באַוועגען און רייזען וואו און וואוהין ער וויל?

איז טאַקע דער יובל אַ מין פרייהייטס־דעקלאַראַציע פאַר יעדען און אַלץ. ר׳ יעקב צבי מעקלענבורג ז״ל, מחבר פון „הכתב והקבלה״ — באַריהמ־טער פירוש אויף תורה — דערקלערט אַז דאָס וואָרט יובל מיינט הערשאַפט און פרייהייט, און עס נעמט זיך פון דעם וואָרט „בלל״, אויסמישען, וואָרום אין דעם יובל־יאָהר איז פאַראַן אַן אויסמישונג פון די הערשענדע קלאַסען און די מאַסען, „והיה הקונה כמוכר, כעבד כאדונו, וכשפחה כגבירתה, חירות אחת ורשות אחת לכולם״ — דער קויפער ווי דער פאַרקויפער, דער קנעכט ווי דער בעל הבית, די דינסט ווי די בעל־הבית׳טע, האָבען איין פרייהייט און די זעלבע מאַכט, אַלע זיינען גלייך.

לעבען מיר, אָבער, אין אַ מאַטעריעלער וועלט, און דעם גביר פעהלט גאָרניט, און דעם אָרימאַן פעהלט אַלץ. און אַז מען טראַכט זיך אַריין, זעהט מען אַז אונזער גאַנצע אויפפיהרונג איז לאָגיש ניט אויסגעהאַלטען. ר׳ ברוך

מרדכי שעדליצער ז״ל פלעגט האָבען אַזאַ ווערטעל: „וואָס פאַר אַ פאַר־קערטע וועלט מיר האָבען: דער גביר האָט געלט, איז באַרגט איהם יעדער איינער וויפיעל ער פאַרלאַנגט. דער אָרימאַן וואָס האָט ניט קיין גראָשען ביי דער נשמה, איז איהם באַרגט קיינער גאָרניט. אין דער אמת'ן האָט דאָך באַדאַרפט זיין פאַרקערט. דער גביר וואָס קען קויפען פאַר מזומן, איז איהם דאַרף קיינער ניט באַרגען. דעם אָרימאַן, ווידער, וואָס האָט ניט קיין מזומן, איז איהם דאַרף יעדער איינער באַרגען. אַי וואָס? דער וואָס וועט באַרגען אַן אָרימאַן, וועט דאָך אָנוועהרען זיין געלט, נו, איז וואָס? אַז ער וועט ווערען אַן אָרימאַן, וועט מען דאָך איהם אויך באַרגען.

האָט אונזער תורה, דורך אַ גאַנצע רייהע געזעצען און רעגולאַציעס, און דורך שמיטה און יובל באַוואָרענט און באַשיצט דעם קליין־גוט־באַזיצער אַז ער זאָל קענען צוריקבאַקומען זיין שטיקעלע פעלד, און אַז דער אָרימאַן זאָל ניט דאַרפען אָפּשמאַכען זיין גאַנץ לעבען אַלס קנעכט.

איז טאַקע „פרייהייט״ אַ טייל פון דעם אידענ'ס נשמה. וואו ער זאָל ניט וואוינען, און אונטער אַלע אומשטענדען קעמפט ער פאַר פרייהייט. אָבער די היינטיגע סדרה זאָגט אויך אין דעם זעלבען פסוק „ושבתם איש אל אחוזתו״. זאָגט דערויף דער „ילקוט הדרוש״: געדענקט, אַז אויך דאַן ווען עס איז פאַראַן „דרור בארץ״, ווען עס הערשט פרייהייט אין דעם לאַנד וואו איהר וואוינט, זאָלט איהר זיך ניט איינרעדען, אַז איהר זענט שוין געהאָלפען אויף אייביג. אויך דאַמאָלסט ווען איהר געניסט אַלע פרייהייטען אין פרעמדע לענדער, זאָלט איהר קיין איין מינוט ניט אויפהערען צו שטרעבען צום „ושבתם איש אל אחוזתו״, זיך אומצוקעהרען אין אייער אייגען לאַנד, קיין ארץ ישראל.

זיינען אָבער, ליידער, פאַראַן אידען, וואָס אַזוי שנעל ווי זיי קענען פיהרען אַ רוהיג לעבען אין גלות, אַבי נאָר זיי האָבען דעם „דרור בארץ״, זיי געניסען פרייהייט אין דעם לאַנד וואו זיי וואוינען, פאַרגעסען זיי באַלד דעם „ושבתם איש אל אחוזתו״, הערען זיי אויף צו שטרעבען צו זייער אייגען לאַנד, צו ישראל.

עס איז פאַראַן, ווידער, נאָך אַ קלאַס אידען, נעמליך אַזעלכע, וואָס פאַר־געסען דוקא ניט אין ישראל, אָבער נאָר וואָס אַנבאַלאַנגט צו פאַרדינען אַ דאָ־לאַר. פאָהרען אַהין און קעמפען, דאָס ניט, אָבער אינוועסטירען געלט, כדי צו פאַרדינען, דאָס יאָ. ר' יהושע קוטנער ז״ל איז, ווי באַוואוסט, געווען פון די ערשטע „חובבי ציון״, און האָט געטהון אַלץ מעגלעכע, אַז אידען זאָלען צוריק באַקומען זייער אייגען לאַנד. איז אַמאָל געקומען צו איהם אַ איד פרעגען אַן עצה וועגען אינוועסטירען געלט אין ארץ ישראל. רופט זיך אָן ר' יהושע: „ווילסטו, הייסט עס, פאָהרען קיין ארץ ישראל?״ „ניין, רבי״, ענטפערט דער איד, „איך וויל בלייבען דאָ, נאָר איך וויל שיקען געלט קיין ארץ ישראל צו מאַכען מסחר״. האָט ר' יהושע'לע פאַרשטאַנען, אַז טאָמער וועט דער מסחר ניט געהן גוט, מחמת הינטער די אויגען, זיך פאַרלאָזען אויף פרעמדע מענ־שען... האָט ער איהם געענטפערט: „איך האָב שוין געזעהן אידען וואָס לאָזען איבער זייער געלט אין חוץ לארץ און פאָהרען באַגראָבען ווערען אין ארץ ישראל, אָבער איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזעהן, אַז אַ איד זאָל בלייבען

אין חוץ לארץ, און שיקען זיין געלט באַגראָבען ווערען אין ארץ ישראל״.

אַלזאָ, יעדער איד, בפרט איצט, ווען אונזערע בעסטע זיהן און טעכטער זיינען מקריב זייערע לעבענס אין דעם הייליגען קאַמף פאַר אונזער לאַנד, דאַרף און מוז אין זינען האָבען דעם „ושבתם איש אל אחוזתו״. און אויב ער קען עס ניט טהון בפועל ממש, איז ער מחויב צו העלפען מיט אַלץ וואָס ער קען און מיט נאָך מעהר ווי ער קען.

און ווייטער לערענט אונז די היינטיגע סדרה „ולא תונו איש את עמיתו״, איינער זאָל ניט אָפּנאַרען דעם אַנדערען. מען דאַרף שטענדיג געהן מיט דעם אמת. ווארום אמת איז טאַקע אַ פונדאַמענטאַלער ווינקעלשטיין וואָס איז געוואַלדיג נויטיג פאַר דעם יחיד און פאַר דעם פאָלק. און אָט די מידה דאַרפען מיר זיך אָפּלערנען פון דעם וועלט־באַשעפער אַליין וואָס איז „השומר אמת לעולם״. און ניט נאָר דאַרף אַ מענש שטענדיג זאָגען און רעדען אמת, נאָר ער דאַרף אפילו אין האַרצען טראַכטען אמת. ער דאַרף זיין אַ „דובר אמת בלבבו״.

די גמרא דערצעהלט, אַז ר׳ ספרא האָט געהאַט אַ געגענשטאַנד צו פאַרקויפען, איז געקומען צו איהם אַ קונה, פונקט ווען ער האָט געהאַלטען ביי קריאת שמע, און האָט איהם פאָרגעשלאָגען אַ פּרייז. ניט וועלענדיג מפסיק זיין אין מיטען קריאת שמע, האָט ר׳ ספרא, פאַרשטעהט זיך, ניט געענטפערט. דער קונה האָט געמיינט אַז ר׳ ספרא וויל מעהר געלט, האָט ער איהם אָנגע־באָטען אַ העכערען פּרייז. נאָך דעם ווי ר׳ ספרא האָט געענדיגט, האָט ער געזאָגט צום קונה: „דער חפץ איז דיינער פאַר דיין ערשטען אָנבאָט, ווייל פאַר יענעם פּרייז האָב איך געהאַט בדעה צו פאַרקויפען״. ווייסען מיר דאָך, אַז דעם אויבערשטענ׳ס חתימה איז אמת, און די חכמים ז״ל זאָגען אַז אמת איז איינער פון די דריי זיילען אויף וועלכע די וועלט שטעהט.

אָבער בעת קיינער איז ניט געצוואונגען צו זאָגען דעם אמת, דאַרף יעדער איינער געדענקען, אַז אַ ליגען טאָר מען ניט זאָגען. מען טאָר יענעם ניט אָפּנאַרען. רבי נפתלי ראָפּשיצער ז״ל פלעגט זאָגען: „על פי דין טאָר מען דעם צווייטען ניט נאַרען, און לפנים משורת הדין טאָר מען זיך אַליין ניט נאַרען״. אונזער תורה וואָס לערענט אונז אַזוי פיעל גוטע זאַכען, האָט אונז שוין געזאָגט, „מדבר שקר תרחק״ — דערווייטער זיך פון אַ ליגען. און דער בעל התהלים שרייט אויס „תאלמנו שפתי שקר״ — פאַרשטומט זאָלען ווערען די לעפצען פון פאַלשקייט, און נאָך מעהר „דער ליגנער קען ניט עקזיסטירען פאַר דעם אַלמעכטיגען״.

פאַרשטעהט זיך, אַז עס פעהלט ניט קיין שקר אויף דער וועלט. דער־קלעהרען עס אונזערע חכמים ז״ל אויף אַ גענִיאַלען אופן: די אותיות פון דעם וואָרט „אמת״ זיינען ווייט איינער פון דעם אַנדערען אין דעם אלף־בית. דער „א״ געפינט זיך אין אָנהויב פון דעם אלף בית, דער אות „מ״ איז אין דער מיט, און „ת״ איז צום סוף. דאַגעגען די אותיות פון דעם וואָרט „שקר״ געפינען זיך איינער לעבען אַנדערען אין דעם אלף־בית, נעמליך, „ק״, „ר״, „ש״ (שקר).

דאַרף אָבער יעדער איינער האָבען אין זינען אַז „שקרא מוליד שקרא״ — איין ליגען ברענגט שטענדיג אַ צווייטען. זאָגט איינער אַ ליגען מוז ער

האָבען אַ גאַנצע קייט ליגענס איהם צו שטיצען, און צום סוף קומט דער ליגען סאַי ווי אַרויס ווי בוימעל אויף דעם וואַסער. און פאַרוואָס, מיינט איהר, איז די וועלט אין אַזאַ קלאָגעדיגען צושטאַנד? אַלץ צוליב ליגענס, ווייל איין מלוכה זוכט בלויז אָפּצונאַרען די צווייטע. זיי רופען עס דיפּלאָמאַטיע, טאַקע אַ „פענסי" נאָמען, אָבער אין תוך מיינט עס ניט מעהר ווי ליגען, און ווידער אַמאָל ליגען, אָדער ווי עס שטעהט אין תנ"ך „ועל שלחן אחד כזב ידברו" — מען זיצט ביי דעם „ראַונד טייבעל", אַרום דעם קיילעכדיגען טיש, און מען זאָגט ליגענס אויף וואָס די וועלט שטעהט.

און זאָגען ליגען איז ניט בלויז ניט שעהן, נאָר עס לוינט זיך פּשוט ניט. עס איז ניט פּראַקטיש. וואָרום דער עולם איז שוין גאַרניט קיין גולם. וויפיעל מאָל, אַ שטייגער, לאָזט אַ מענש זיך אָפּנאַרען? זאָגען טאַקע די חז"ל „כך עונשו של בדאי, אפילו אומר אמת אין שומעין לו" — אַזוי איז שוין די שטראָף פון אַ ליגנער, אַז אפילו ווען ער זאָגט שוין אמת, גלויבט מען איהם אויך ניט.

איז גוט, אַז מיר זאָלען שטענדיג האָבען אין זינען די נאָבעלע לעהרע פון דער היינטיגער סדרה „ולא תונו איש את עמיתו" — מיר זאָלען יענעם ניט אָפּנאַרען, און זיך אַליין אויך ניט נאַרען. און אונזערע חכמים ז"ל האָבען שוין באַמערקט „כל מה דשקרא מוליד, פחתא נסבא" — וואָס ליגען פּראָדוצירט, נעמט שלים־מזל צו. אַלזאָ, עס לוינט זיך פּשוט ניט אפילו פון דעם פּראַקטישען שטאַנדפּונקט.

און אַז אונזער תורה און אונזערע חכמים ז"ל זאָגען, אַז אמת איז דער בעסטער וועג, דאַרף מען פאָלגען. עס איז פיעל בעסער צו פאַרדינען איין דאָלאַר מיט אמת, איידער צעהן דאָלאַר דורך שווינדעל, כאָטש אָפטמאָל איז טאַקע שוועהרער צו פאַרדינען דורך אמת. מען דערצעהלט, אַז רבי לוי יצחק'ס פון בערדיטשעוו ז"ל ווייב האָט זיך אַמאָהל באַקלאָגט פאַר דעם בערדיטשעווער בית דין, אַז ער גיט איהר ניט גענוג אויף חיונה, און אַז ער איז ניט מקיים וואָס עס איז געשריבען אין דער כתובה, אַז דער מאַן דאַרף שפּייזען דאָס ווייב... האָט ר' לוי יצחק געענטפערט, אַז נאָך די דאָזיגע ווערטער, שטעהט דאָך אויך „דמפרנסין לנשיהון בקושטא", אַז דער מאַן דאַרף שפּייזען די פרוי מיט אמת, מיט עהרליך פאַרדינט געלט, אָהן ליגען, אָהן שווינדעל. און צו פאַרדינען געלט־מיט אמת איז ניט פון די לייכטע זאַכען.

אָבער אַזוי ווי דער עהרליך־פאַרדינטער דאָלאַר איז פאַרט געשמאַקער, און אמת איז דויערהאַפטער, שעהנער און אָנגענעמער פון ליגען, איז לאָמיר זשע געדענקען דעם „ולא תונו איש את עמיתו".

# בחוקותי

די היינטיגע סדרה „בחוקותי" הויבט זיך אָן מיט דעם וואָרט „אם". טייטשט די גמרא (עבודה זרה ה, א) „אין אם אלא לשון תחנונים" — אם מיינט — „זיך בעטען". כביכול בעט זיך ביי די אידען און זאָגט „אם בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו ועשיתם אותם" — איך בעט אייך, געהט אין מיינע געזעצען, היט אָפּ מיינע מצוות, וועט אייך געהן גוט ווי די וועלט, עס וועט אייך גאָרניט פעהלען. און טאָמער אָבער ניט, זאָגט ווייטער די היינטיגע סדרה, וועלען מיר קיין האָניג ניט לעקען.

די היינטיגע סדרה, אַלזאָ, באַהאַנדעלט אונזער „זיין, אָדער (חלילה) ניט זיין". אונזער עקזיסטענץ אַלס אידיש פאָלק איז אָבהענגיג פון אונזער באַציהונג צו דער היינטיגער סדרה. וועלען מיר מקיים זיין אַלץ, וואָס די היינטיגע סדרה לערענט אונז, נעמליך, מיר וועלען לעבען לויט די פאַרשריפּ־טען פון אונזער תורה, איז אונזער „זיין", אונזער עקזיסטענץ אַלס אַ אידיש פאָלק, אַ געזיכערטע. טאָמער ניט, שטעהט אונזער עקזיסטענץ אַלס אידיש פאָלק, חלילה, אין קאָהן.

זיינען פאַראַן אידען, וואָס האָבען טענות הלמאי דער אַלמעכטיגער שיקט אָן אויף אונז אַזוי פיעל געבראָטענע צרות. לערענט מען אָבער דורך די היינטיגע סדרה, קען מען צום רבונו של עולם קיין טענות ניט האָבען. ער האָט דאָך געמאַכט מיט דעם אידישען פאָלק אַ קאָנטראַקט: איהר זייט מקיים מיינע מצוות און דערפאַר וועל איך אייך געבען צו עסען, איך וועל פאַרטיליגען אייערע פיינד, איך וועל אייך פאַרמעהרען, און אַזוי ווייטער. אַ קאָנטראַקט דאַרפען ביידע צדדים אויספאָלגען. איז אַז מיר פאָלגען ניט אויס אונזערע התחיבות׳ן, איז פאַרוואָס זשע זאָל דער אויבערשטער אויספאָלגען זיין פאַר־שפּרעכען?

געוויס נעם איך זיך ניט אָן דעם אויבערשטענ׳ס קריוודע. ער קען זיך זיין שטעדטעל אַליין באַשטעהען. און מיר וויסען, אַז אונזערע גרויסע פיהרער ווי משה רבינו און אַנדערע האָבען שטענדיג פאַרטיידיגט די אידען, און געפאָדערט פון דעם וואָס לעבט אייביג אַז ער זאָל זיי מוחל זיין. און אפילו אין די לעצטע יאָהרען האָבען מיר געהאַט פאַרטיידיגער, ווי למשל, דער באַריהמטער ר׳ לוי יצחק פון בערדיטשעוו ז"ל, וואָס פלעגט זיך האַלטען אין איין אויס׳טענה׳ן מיט דעם בורא עולם און באַווייזען וואָס פאַר אַ טייער פאָלק מיר זיינען.

אַזוי, למשל, האָט דער רבי ר׳ לוי יצחק ז"ל אַמאָל געזעהן ווי אַ בעל עגלה שטעהט אין טלית און תפילין און שמירט די רעדער, האָט ער אויפ־געהויבען די אויגען צום הימעל און געזאָגט: „זעה, רבונו של עולם, וואָס פאַר אַ טייער פאָלק דיינע אידען זיינען, אפילו ווען ער שמירט די רעדער, איז ער מתפלל צו דיר!"

דער בערדיטשעווער איז אַמאָל געגאַנגען אין גאַס, האָט אַ פּרוי פון אַ מתנגד איהם באַליידיגט. איז ער אַריין אין בית המדרש און געבעטען דעם אוי־בערשטען ער זאָל איהר מוחל זיין, ווייל זי האָט געטהון איהר מאַנ׳ס ווילען. ער איז אַמאָל געגאַנגען תשעה באב אין גאַס, האָט ער געזעהען ווי אַ איד עסט. זאָגט ער צו איהם: „איהר האָט געוויס פאַרגעסען, אַז היינט איז תשעה באב?" „ניין, רבי", ענטפערט דער איד, „איך האָב ניט פאַרגעסען". „איז מסתמא ווייסט איהר ניט, אַז תשעה באָב טאָר מען ניט עסען," זאָגט דער בערדיטשע־ווער, און דער איד ענטפערט: „ניין. איך ווייס יאָ, אַז היינט טאָר מען ניט עסען". „אָ, איך פאַרשטעה שוין", זאָגט ר׳ לוי יצחק, „מסתמא זענט איהר אַ שוואַכער מענש, און דער דאָקטאָר האָט אייך פאַרבאָטען צו פאַסטען". „ניט געטראָפען," שמייכעלט דער איד, „איך בין דוקא גאַנץ געזונט". הויבט אויף דער בערדיטשעווער די אויגען צום הימעל און זאָגט: „זעה, רבונו של עולם, וואָס אַ איד איז, ער וועט בעסער נעמען אויף זיך אַן עבירה איידער זאָגען אַ ליגען".

אָדער נעמט דעם ביישפּיל: דער בערדיטשעווער האָט פאַר כל נדרי גענומען אַ ליכט און אָנגעהויבען זוכען אונטער די בענק. „וואָס זוכט איהר, רבי"? האָט מען איהם געפרעגט, און ער האָט געענטפערט: „איך זוך אַ שכור׳ן אידען און קען בשום אופן ניט געפינען". און ער האָט באַלד זיך אָנגעהויבען אויס׳טענה׳ען מיט דעם רבונו של עולם: „זעה באַרמהערציגער, וואָס פאַר אַ טייער פאָלק די אידען זיינען: דו האָסט זיי געבאָטען גוט צו עסען און צו טרינקען ערב יום הכפור, און עס איז פאַר דיר אָנגענומען פונקט ווי אַ תענית, די זעלבע מצוה. ווען די גוים וואָלטען געהאָט אַזאַ טאָג, וויפיעל שכורים וואָלטען זיך געוואַלגערט אין בלאָטע? וויפיעל פון זיי וואָלט מען געפונען צע׳הרג׳עט, צע׳מזיק׳ט! און איצט זעה אַליין, בייטאָג האָבען זיי מקיים געווען די מצוה פון עסען און טרינקען, און נאָך אַ שטיק צייט צו נאַכט זיינען זיי שוין אַלע אין בית המדרש, קיינער איז ניט שכור, קיינער שלאָפט ניט, אַלע שטעהען זיי אויף די פיס געהייליגטע, גערייניגטע, און גרייט אויף זיך צו נעמען דעם שווערען תענית; נו, באַרמהערציגער פאָטער, זיינען זיי ניט ווערט, אַז דו זאָלסט זיי מוחל זיין אַלע עבירות, און זיי געבען אַ יאָהר פון ברכה און הצלחה, און אַ יאָהר פון גאולה און ישועה?!"

עס פאַרשטעהט זיך, אַז איך, אַליין אַ זינדיגער בשר ודם, וועל געוויס ניט חלילה באַשולדיגען אונזערע אידעלעך. אָבער אויך כביכול קען מען ניט באַשולדיגען, און ניט האָבען קיין טענות צו איהם. ער האָט געמאַכט מיט אונז אַ קאָנטראַקט, זיינען מיר, פונקט ווי ער, מחויב צו ערפילען אונזערע התחיבות׳ן, און קיין טענות צו איהם קענען מיר ניט האָבען.

אויב מיר ווען לעבען לויט זיינע פאַרשריפטען, זאָגט אונז די היינ־טיגע סדרה צו, „וישבתם לבטח בארצכם" — וועט איהר זיצען מיט זיכערקייט אין אייער לאַנד. זאָגט דערויף דער „ספרי": נאָר אין אייער לאַנד, נאָר אין ארץ ישראל וועלען אידען זיין זיכער מיט זייער לעבען און מיט זייער פאַר־מעגען, אָבער ניט אין חוץ לארץ. אין פרעמדע לענדער קענען אידען ניט לעבען רוהיג. אַי, טאַטעניו, פאַרוואָס זשע גיסטו אונז טאַקע ניט ארץ ישראל

אָהן בלוט פאַרגיסונג? מיר ווילען דאָך עס מיט דעם גאַנצען הארצען. איז דער תירוץ, אַז מסתמא האָבען מיר נאָך ניט פאַרדינט, אַז עס זאָל אונז אָנקומען גרינג.

און טאָמער וועלען מיר ניט אויספאָלגען דעם קאָנטראַקט, זאָגט אונז די סדרה „והשימותי אני את הארץ ושממו עליה אויביכם" — וועל איך פאַרוויסטען דאָס לאַנד. איז דאָך דאָס אַ קללה, אָבער דעם אויבערשטענ׳ס אפילו אַ קללה איז פאָרט אַ ברכה. דער „ספרא" ערקלערט דעם פסוק אַזוי: דער אויבערשטער וויל, אַז די פיינד זאָלען ניט האָבען קיין חשק צו ארץ ישראל, בכדי דאָס לאַנד זאָל בלייבען וויסט און פריי פאַר דעם אידישען אויפבוי. און דאָס איז אַ געוואַלדיגער אמת. מיר זעהען דאָך דאָס מיט אונזערע אייגענע אויגען. אַזוי לאַנג ווי ארץ ישראל איז געווען אַ מדבר, אַ וויסטע, האָט קיין פאָלק זיך ניט געוואָלט צוריהרען דערצו. אפילו די אַראַבישע מדינות ווי עגיפּטען, סיריע און די אַנדערע, האָבען ניט געהאַט קיין חשק דערצו. אָבער אַזוי שנעל ווי די אידען האָבען אָנגעהויבען מאַכען דערפון אַ לייט, אויפגעבויט אַ תל־אָביב, פאַרוואַנדעלט די זאַמדיגע און שטיינערדיגע ערד אין פרוכטבאַרע קאָלאָניעס, אין שמעקענדיגע פּרדסים און ווייגערטנער, אויף דעם אָרט פון זומפען בליהען גערטנער, אויף דעם אָרט פון שטיינער וואַקסען מאַראַנצען, האָט כמעט די גאַנצע גוי׳אישע וועלט חשק דערצו.

און אונזער פאָטער אין הימעל איז דוקא אַ גאַנץ גוטער און געטרייער. אָט זאָגט אונז די סדרה „ואף גם זאת בהיותם בארץ אויביהם לא מאסתים ולא געלתים לכלתם" — אפילו ווען די אידען זיינען צעשפּרייט און צעזייט אין גלות צווישען זייערע פיינד, זיינען זיי מיר ניט מיאוס געוואָרען. זאָגט דערויף דער זוהר אַ טרעפענדען משל: עס איז גלייך צו איינעם, וואָס איז פאַרליבט אין אַ פרוי, וועלכע וואוינט אין אַ גאַס פון גאַרבערס, וואו די לופט איז שטיקענדיג און דער ריח איז ניט איבעריג אָנגענעם. ווען זיין געליבטע וואָלט דאָרט ניט געוואוינט, וואָלט ער אין יענער גאַס ניט אַריינגעשמעקט. אָבער אַזוי ווי זיין געליבטע וואוינט דאָרט, איז די גאַס אין זיינע אויגען געגליכען צו אַ גאַס מיט בלומען, וואָס שמעקען זעהר גוט. דאָס זעלבע איז אויך דאָ. „ואף גם זאת בהיותם בארץ אויביהם", אפילו ווען די אידען געפונען זיך אין לאַנד פון זייערע פיינד, אַ לאַנד וואָס איז אומריין, אַן אָרט פון טומאה, איז פונדעסטוועגען „לא מאסתים ולא געלתים", זיינען זיי פאָרט ניט מיאוס געוואָרען אין זייערע אויגען, ווייל לכלתם, צוליב זייער כלה׳שאַפט, ווייל ישראל איז כביכול׳ס כלה, און זי וואוינט דאָרט.

און דער „שמן המור" ערקלערט עס טרעפליך. ואף גם זאת... ווי שלעכט אידען זאָלען זיך ניט אויפפיהרען און ווי נידעריג זיי זאָלען ניט זיין געפאַלען, אָבער „בהיותם בארץ אויביהם", ווען זיי וועלען זיצען אין לאַנד פון זייערע פיינד, וועט זיך דאַן אַרויסווייזען, אַז זיי, די אומות העולם, זיינען אין זייערע מעשים און אין זייערע אייגענשאַפטען אַ סך נידעריגער, און פיעל ערגער פון די אידען.

און אויף דעם „לא מאסתים ולא געלתים לכלותם" פרעגט דער ספרא (תורת כהנים) „וכי מה נשתייר להם לישראל שלא נגעלו ושלא נמאסו, והלא כל מתנות טובות שניתנו להם ניטלו מהם" וואָס אייגענטליך איז די אידען

איבערגעבליבען וואָס זיי זיינען ניט אינגאַנצען פאַרמיאוסט געוואָרען? אַלע ווערטפולע מתנות וואָס זיינען זיי געגעבען געוואָרען, זיינען דאָך צוגענומען געוואָרען פון זיי? און דער ספרא ענטפערט „זה ספר תורה״, די תורה איז זיי געבליבען... „שאם לא היה קיים לישראל, לא היו משונים מאומות העולם״ — ווען ניט די תורה וואָלטען די אידען ניט געווען אַנדערש פון אַלע פעלקער פון דער וועלט. דער אונטערשיעד פון אונז ביז זיי איז אונזער תורה. און ווען מיר זעהען וואָס פאַר אַן עטישען, נאָבעלען לעבענס-וועג אונזער תורה לערענט אונז, און ווען מיר פאַרגלייכען עס מיט זייערע לעהרעס און מיט די רעזולטאַטען צו וועלכע זייערע לעהרעס האָבען געפיהרט און פיהרען, איז לוינט זיך באמת צו זיין „אַנדערש״.

פאַרשטעהט זיך, אַז אונזער „אַנדערשקייט״ קאָסט אונז זעהר טייער אין בלוט און אין געלט. אָבער יעדער איד וואָס איז באַקאַנט מיט די נאָבעלע געזעצען, מיט די הומאַנישע, עטישע פרינציפּען וואָס אונזער תורה און נביאים לערנען אונז, דער איז גרייט מקריב צו זיין אַלץ פאַר אָט דער „אַנ־דערשקייט״, און זיך פיהרען לויט די פאַרשריפטען פון אונזער תורה, און אָפּהיטען די מצוות מיט אַ באַזונדער ליבשאַפט.

ווען ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער ז״ל האָט נאָך געגעסען קעסט ביי זיין שווער ר׳ ישראל פּרץ ז״ל אין לעווערטאוו, וואָס איז געווען אַ גרויסער מכניס אורח, פלעגט ר׳ לוי יצחק זיי באַדינען מיט גרויס שמחה. איינמאָל זיינען צו זיי געקומען עטליכע אורחים, איז דער בערדיטשעווער אַוועק אין מאַרק אַריין, געקויפט עטליכע בינטלעך שטרוי, זיי געבראַכט צוטראָגען אויף די פּלייצעס, און ער האָט אויסגעבעט געלעגערס פאַר די אורחים. האָט דער שווער צו איהם געזאָגט: „לוי יצחק לעבען, דו האָסט דאָך געקאָנט באַצאָהלען דעם גוי אַ פּאָר גראָשען ער זאָל ברענגען דאָס שטרוי, און ניט אַליין זשוויגען עס אויף די פּלייצעס״. האָט דער בערדיטשעווער געענטפערט: „וואָס רעדט איהר, שווער לעבען, אַזאַ גרויסע מצוה זאָל איך אַוועקגעבען אַן ערל, און איהם נאָך צוצאָהלען?!״

עס זיינען פאַראַן, פאַרשטעהט זיך, אויך אַזעלכע אידען וואָס באַגרייפען ליידער ניט די שעהנקייט פון אידישקייט. אפילו אַזאַ עלעמענטאַרע זאַך ווי געבען צדקה, העלפען דעם נויטבאַדערפטיגען, פאַרשטעהען זיי ניט אָדער ווילען ניט פאַרשטעהן, ווי למשל יענער קמצן (קאַרגער). ר׳ אליהו חיים לאָדזשער ז״ל איז אַמאָל געקומען צו אַ גביר וואָס איז געווען באַוואוסט אַלס קאַרגער, און ער האָט איהם געבעטען אַ נדבה פאַר אַ זעהר נויטיגען צוועק. עס איז געווען הערבסט-צייט, נאַס און בלאָטיג, האָט ר׳ אלי׳ חיים געטראָגען גאַלאָשען. דער גביר, אַנשטאָט זיך צו נעמען צו דער קעשענע, האָט אומישנע פאַרדרעהט דעם ענין און אָנגעהויבען שמועסען וועגען זייטיגע זאַכען, כדי ער זאָל זיך אַרויסדרעהען פון צו געבען אַ נדבה. אין פאַרלויף פון דעם געשפּרעך האָט דער גביר באַמערקט אַז דער רב טראָגט גאַלאָשען, גיט ער אַ זאָג: „איהר ווייסט, רבי, אַמאָליגע רבנים האָבען פון קיין גאַלאָשען ניט געוואוסט״. האָט דער רב איהם געענטפערט מיט אַ שמייכעל: „פאַרשטעהט איהר מיך, אַמאָליגע רבנים זיינען ניט געקראָכען אין קיין בלאָטעס״...

ר׳ אייזל חריף ז״ל איז אַמאָל געקומען צו אַ קאַרגען גביר נאָך אַ נדבה, האָט ער איהם געענטפערט אָהן שום בושה: „רבי, ווייסט איהר דען ניט אַז איך בין אַ בן נח?״ האָט איהם ר׳ אייזל געענטפערט: „נח האָט דאָך געהאַט דריי זיהן, שם, חם און יפת, איז פאַרוואָס זשע האָט איהר אויסגע־קלויבען צו זיין דוקא דער צווייטער?...

ר׳ שלום קאַמינקער ז״ל איז אַמאָל געקומען צו אַ קאַרגען גביר נאָך אַ נדבה פאַר אַ זעהר וויכטיגען תלמיד חכם. האָט דער גביר, ווי זיין טבע איז געווען, ניט געוואָלט געבען, און ער האָט געענטפערט: „איך האָב גענוג אָרימע קרובים״. רופט זיך אָן ר׳ שלום: „איז פאַרוואָס זשע דעררעדט איהר ניט?״ „וואָס מיינט איהר דערמיט, רבי?״ פרעגט דער גביר, און ר׳ שלום ענטפערט איהם: „פאַרוואָס דעררעדט איהר ניט ביז צום סוף, און זאָגט גאָר פשוט: „אַז איך גיב ניט מיינע אייגענע קרובים, זאָל איך געבען פרעמדע אָרימעלייט?״

זיינען פאַרשטעהט זיך פאַראַן אויך אַזעלכע אידען, אָבער זיי זיינען „בלאָטע״, חם׳ס, און גלאַט קאַרגע. וואָרום אין פּרט פון געבען צדקה זיינען פאַראַן צוויי סאָרטען אידען: אַזעלכע וואָס האָבען מורא פאַר דעם „מי יחיה״ — טאָמער לעבט ער לאַנג, האָט ער מורא טאָמער וועט ער אַליין ניט האָבען, זיצט ער אויף די פּאָר גראָשען. עס זיינען, אָבער, פאַראַן אַזעלכע וואָס האָבען מורא פאַר דעם „מי ימות״, טאָמער שטאַרבט ער, וויל ער דערוויל מקיים זיין די מצוה פון צדקה וואָס איז אַזוי וויכטיג ווי אַלע אַנדערע מצוות צוזאַמען. און געדעכט זיינען טאַקע די יעניגע וואָס האָבען מורא פאר דעם „מי ימות״, און כאַפּען דערוויל אַריין די מצוה פון צדקה. וואָרום זיי ווייסען אַז אויב זיי וועלען לעבען לאַנג, איז „היד ה׳ תקצר״, איז דען דעם אויבערשטענ׳ס האַנט קורץ פון צו העלפען זיי?

אָט האָט דער באַריהמטער ראָטשילד ניט מורא געהאַט פאַר דעם „מי יחיה״, האָט דער אויבערשטער איהם טאַקע געהאָלפען. אַ באַוואוסטער תלמיד חכם, אַן אָרימאַן, האָט אַמאָל באַגעגענט אין גאַס דעם באַראָן ר׳ שמעון נתנאל ראָטשילד ע״ה, און ער האָט איהם געבעטען אַ נדבה אויף הכנסת כלה. דער באַראָן האָט בעת מעשה ניט געהאַט ביי זיך קיין געלט, האָט ער אַראָפּ־גענומען פון זיך די גאָלדענע קייט, און זי געגעבען דעם אידען און געזאָגט: „פאַרקויפט עס וועט איהר האָבען אויף חתונה הוצאות״. האָט יענער ניט גע־וואָלט נעמען, און געזאָגט: „וואָס רעדט איהר, הער באַראָן? איך וועל קומען צו אייך, וועט איהר מיר געבען״. „ניין״, ענטפערט דער באַראָן, „נעמט די קייט, אַצינד האָב איך דעם רצון אייך צו געבען אַ שעהנע נדבה, און עס קען זיין אַז שפּעטער, ווען איהר וועט קומען צו מיר, וועל איך חלילה ניט האָבען דעם רצון״.

דער „חתם סופר״ ז״ל איז כידוע ניט געווען קיין איבעריגער גביר, אָבער ער האָט געהאַט אַ טלית קטן מיט זילבערנע קנעפּלעך, איז ווען עס פלעגט צו איהם קומען אַן אָרימאַן, פלעגט ער אָפּרייסען אַ קנעפּעל און איהם געבען ער זאָל עס פאַרקויפען.

איז ווען עס קומט צו געבען צדקה, זאָלען מיר בעסער מורא האָבען פאַר דעם „מי ימות״. אַ מענש לעבט דאָך ניט אייביג, איז לאָמיר דערוויל

אַריינכאַפּען די מצוה פון געבען צדקה. אלא טאָמער וועט דער אויבערשטער שענקען לאַנגע יאָהרען, איז דער וואָס שענקט לעבען וועט געבען צום לעבען.

ווידער זאָגט אונז די היינטיגע סדרה „וזכרתי את בריתי יעקב, ואף את בריתי יצחק ואף את בריתי אברהם אזכר״ — איך וועל אויך געדענקען דעם בונד וואָס איך האָב געמאַכט מיט אברהם, יצחק און יעקב. פרעגט דער של״ה ז״ל, ווי קומט דער דאָזיגער פּסוק אין מיטען דער תוכחה? און ער ענטפערט, אַז אויך דאָס ווערט דערמאָנט אַלס פאַרוואורף. ווען איינער, וואָס שטאַמט פון נידעריגע עלטערען, פון אַ פּראָסטער, שלעכטער סביבה, געהט אַרויס לתרבות רעה, ער ווערט אַן אויסוואורף, איז זיין שולד ניט אַזוי גרויס. ער איז אַזוי דערצויגען געוואָרען. ער האָט קיין בעסערס ניט געזעהן. קען מען דאָס גוט פאַרשטעהן, און עס רופט נאָך אפילו אַרויס אַ רחמנות־געפיהל. אָבער ווען איינער, וואָס שטאַמט פון אַזאַ נאָבעלער משפחה, פון אַזאַ יחוס׳־דיגער פאַמיליע, ווי אברהם, יצחק און יעקב, און ער פיהרט זיך ניט אויף ווי עס באַדאַרף צו זיין, דאָס איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש. דאַרפען מיר אידען זעהן זיך אויפפיהרען ווי עס פּאַסט פאַר אונזער יחוס. מיר טאָרען דעם יחוס ניט פאַרשעהמען.

האָבען זיי זיך דאָך שטענדיג פאַר אונז אָנגענומען. אברהם האָט זיך דאָך אָנגענומען אפילו פאַר ניט־אידען, ווי למשל, פאַר סדום און עמורה. ווען דער וועלט־באַשאַפער האָט זיי געוואָלט חרוב מאַכען פאַר זייערע שלעכטע מעשים, האָט דאָך אונזער זיידע אברהם ממש איינגעלייגט וועלטען. און אָט הערט ווי אַזוי אונזער פאָטער יצחק האָט זיך פאַר אונז אָנגענומען און זיך אויסגע׳טענה׳ט מיט דעם רבונו של עולם. די גמרא (שבת פ״ט, ב) דערצעהלט, אַז יצחק האָט גע׳טענה׳ט צום פאָטער אין הימעל: „דעם מענשען׳ס דורכ־שניטליכע יאָהרען זיינען זיבעציג. נעם אַרונטער צוואַנציג פאַר וועלכע אַ מענש ווערט ניט באַשטראָפט, בלייבט פופציג. נעם אַרונטער די נעכט ווען אַ מענש שלאָפט, דאָס הייסט אַ העלפט, בלייבט פינף און צוואַנציג. נעם אַרונטער אַ העלפט וואָס אַ מענש גיט אַוועק אויף דאַווענען, עסען און אַזוי ווייטער, בלייבט צוועלף און אַ האַלב יאָהר. איז אויב דו ווילסט נעמען אין גאַנצען אויף זיך, איז גוט. און אויב ניט, טאָ נעם אַ העלפט אויף זיך, און איך וועל נעמען די אַנדערע העלפט אויף מיר. און טאָמער וועסטו זאָגען, אַז איך זאָל נעמען אינגאַנצען אויף מיר, איז פאַרגעס זשע ניט אַז איך בין גרייט געוועזען מקריב צו זיין מיין לעבען פאַר דיר״.

און אונזער פאָטער יעקב האָט אויך ניט געשוויגען. אין דער היינטיגער סדרה שטעהט „וזכרתי את בריתי יעקוב״. איז באַמערקט גוט אַז יעקוב שטעהט מיט אַ „ו״. זאָגט דערויף רש״י ז״ל: אויף פינף ערטער געפונען מיר „יעקוב״ מיט אַ „ו״ און אליהו אָהן אַ „ו״. פאַר וואָס? ווייל יעקב האָט צוגע־נומען פון אליהו הנביא די „ו״ אַלס משכון, אַז ער וועט אָנזאָגען זיינע קינדער די גוטע בשורה, אַז זיי ווערען אויסגעלייזט. יעקב איז געווען אַזוי געטריי זיינע קינדער, די אידען, אַז עס וועט קומען די גאולה, זאָל זיי אליהו הנביא אָנזאָגען פריהער, אפילו ווען עס האַנדעלט זיך בלויז אין אַ פּאָר מינוט, כדי איינצושפּאָרען זיינע קינדער אפילו נאָר עטליכע מינוט זאָרג. נו, אַז מען

האָט אַזעלכע אבות, דאַרף מען ניט זיך אויפפיהרען ווי עס פּאַסט פאַר זיי? געוויס יאָ.

און זעהט וואָס פאַר אַ גרויסען פאָטער אין הימעל מיר האָבען. כביכול זאָגט „והבאתי אותם בארץ אויביהם״ — איך אַליין וועל זיי ברענגען אין לאַנד פון זייערע פיינט. באַמערקט רש״י ז״ל, אַז דאָס איז גאָר געוואַלדיג גוט פאַר אידען. וואָרום די אידען וואָלטען דאָך געקענט זאָגען, אַזוי ווי מיר זיינען אין גלות צווישען די גוים איז לאָמיר זיך פיהרען ווי זיי (און פיעלע אידען זאָגען טאַקע, ליידער, אַזוי!), האָט דער אויבערשטער געזאָגט: ניין, איך וועל ניט דערלאָזען.

אַלזאָ, ווי מיר זעהען, האָבען מיר אַ גאָר גוטען פאָטער אין הימעל, און מיר שטאַמען אָפּ פון דער שעהנסטער, פיינסטער, נאָבעלסטער פאַמיליע, איז לאָמיר זשע טהון זיין רצון, און זיך אויפפיהרען ווי עס פּאַסט פאַר די קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב, און אין דעם זכות וועלען מיר אויסגעלייזט ווערען מיט אַ גאולה שלימה בקרוב פון אונזער צוויי טויזענט יאָהריגען גלות.

און מיר וועלען זוכה זיין צו נאָך גוטע זאַכען. אָט, למשל, זאָגט אונז די היינטיגע סדרה „ואכלתם בשר בניכם ובשר בנותיכם תאכלו״. איז דאָך דאָס אַ קללה. אָבער ווען אידען וועלען זוכה זיין, וועלען אַלע קללות פון דער תוכחה ווערען ברכות. און אויך אָט די קללה, נעמליך, „ואכלתם בשר בניכם ובשר בנותיכם תאכלו״ וועט אויך ווערען אַ ברכה. וואָרום ווי באַוואוסט זיינען פאַראַן פיעלע עלטערען וואָס פיהרען זיך אידיש, היטען אָפּ שבת, ימים טובים, כשרות, און אַזוי ווייטער, און קענען, ליידער, ניט עסען אַ מאָהלצייט ביי זייערע אייגענע קינדער פשוט ווייל עס איז ניט כשר. אָבער אַז אידען וועלען זוכה זיין וועלען זייערע קינדער פיהרען כשר׳ע היימען, און די על־טערען וועלען קענען עסען אַ שטיקעלע פלייש ביי זייערע קינדער אין הויז.

אפילו פון דער תוכחה קענען מיר זעהען וואָס פאַר אַ גוטען פאָטער אין הימעל מיר האָבען. די סדרה דערצעהלט אונז „ואתכם אזרה בגוים״. אין פלוג דאַכט זיך אויס וואָס פאַר אַ גוטער פאָטער קען דאָס זיין, אַז ער רעדט גאָר פון צעשפּרייטען זיינע קינדער צווישען די פעלקער פון דער וועלט? ערקלעהרט עס ר׳ אברהם׳לע סאָכאַטשעווער ז״ל אויף אַ גלענצענדען אופן: אין גלות בבל זיינען די אידען געווען צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. אין אונזער איצטיגען לעצטען גלות ווייסען מיר דאָך אַז אונזערע ברידער זיינען מפוזר ומפורד, צעזייט און צעשפּרייט, איבער אַלע עקען וועלט. עס איז דאָך ניטאָ קיין ווינקעלע וואו עס זאָל ניט אַרומוואַנדערען אַ איד. אָבער אין גלות מצרים זיינען אַלע אידען געווען קאָנצענטרירט אין איין אָרט, אין גושן. פאַרוואָס? נאָר דער תירוץ איז: ווען די אידען זיינען געווען אין מצרים איז עס געווען פאַר מתן תורה. איז ניט געווען וואָס עס זאָל זיי האַלטען צוזאַמען זיי זאָלען האָבען אַ תקומה. אָבער די שפּעטערע גלות׳ן, אין די גלות׳ן נאָך מתן תורה, האָבען די אידען דאָך שוין געהאַט אַ תורה. איז פאַר דעם קיום האומה אפילו דאָס זיין צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט ניט קיין געפאַהר, ווייל די תורה האַלט זיי צוזאַמען.

און אַזוי ווי די תורה איז טאַקע דער איינציגער באַנד וואָס האָט גע־האַלטען און האַלט די גלות־אידען צוזאַמען, האָט כמעט יעדער איד געוואָלט אַז זיינע קינדער און איידעמ׳ס זאָלען זיין בני תורה, און מען פלעגט אַ חתן פריהער פאַרהערען. איז הערט זשע: ווען דער רבי ר׳ העשיל ז״ל איז נאָך געווען אַ אינגעל, איז אַ שדכן אַמאָהל געקומען איהם רעדען אַ שידוך, און איהם טאַקע אויך פאַרהערען. רופט זיך אָן דער שדכן: „איך האָב געהערט זאָגען, אַז וואָס פאַר אַ ספר מען עפענט אויף פאַר דיר, זאָגסטו, איז עס טאַקע אַזוי ?״ ענטפערט דער חתן־בחור אַז עס איז אמת. נעמט דער שדכן אַ ספר, עפענט איהם אויף אויף דעם ליידיגען שער־בלאַט, גיט עס דעם חתן־בחור און זאָגט: „זאָג אָט אָ דאָ״. הויבט העשיל זיך אָן צו שאָקלען, זינגט זיך אונ־טער אַ ניגון, אָבער מען הערט ניט פון איהם קיין וואָרט. רופט זיך אָן דער שדכן: „איך הער דאָך גאָרניט!״ און העשיל ענטפערט: „איך זעה דאָך גאָרניט!״

און אַזוי ווי מיט דער היינטיגער סדרה ענדיגט זיך דער חומש „ויקרא״, מיט וועלכען מען פלעגט, אין דער אַלטער היים, אָנהויבן לערנען קינדער חומש, וועל איך אייך איבערגעבען נאָך אַן עפּיזאָד וועגען פאַרהערען אַ חתן־בחור, און דערמיט וועלען מיר זאָגען חזק, חזק, ונתחזק:

ר׳ אברהם׳לע סאָכאַטשעווער ז״ל האָט אינגעלוויז שוין גע׳שם׳ט פאַר אַן עילוי. ווען ער איז אַלט געווען עלף יאָהר האָט מען איהם גערעדט אַ שידוך מיט ר׳ חיים צאַנזער׳ס אַ טאָכטער. ווען ער איז געקומען מיט זיין פאָטער ר׳ זאב נחום ז״ל, ביאַלער רב, קיין צאַנז, האָט ר׳ חיים ז״ל איהם פאַרהערט, און געזעהען אַז ער האָט אַן עילוי׳שען קאָפּ, איז געבליבען אַז מען זאָל שרייבען תנאים. פאַר תנאים־שרייבען האָט דער צאַנזער געוואָלט איהם נאָכאַמאָל פאַרהערען, אָבער דער חתן־בחור האָט זיך ניט געלאָזט, און געזאָגט צום צאַנזער: „אויב אַזוי, דאַרף מען אייך אויך פאַרהערען. האָט דער פאָטער זיך אַ בייזער געטהון אויף דעם חתן־בחור׳ל: — „וואָס רעדסטו, אברהם׳לע ? !״

„עס איז גאָר פשוט״, האָט דאָס אינגעלע געענטפערט, „אין פלוג איז דאָך די קשיא: פאַרוואָס פאַרהערט אַ מחותן דעם חתן? כדי ער זאָל זעהען צי גיט ער ניט אויס זיין טאָכטער פאַר אַן עם הארץ. דאַרף דאָך דער חתן אויך פאַרהערען דעם מחותן, צי נעמט ער ניט די טאָכטער פון אַן עם הארץ. נאָר וואָס דען, דער תירוץ איז אַז דעם מחותן האָט מען שוין איינמאָל פאַר־הערט, בעת ער אַליין איז געווען אַ חתן. אָבער היות ווי דער מחותן באַנוגט זיך ניט מיט איינמאָל פאַרהערען, און וויל מיך דוקא נאָכאַמאָל פאַרהערען, דאַרף מען דאָך איהם אויך פאַרהערען״...

# במדבר

דעם ערשטען טאָג פון דעם צווייטען חודש אין דעם צווייטען יאָהר, ווען די אידען זיינען באַפרייט געוואָרען פון דער מצרים׳שער קנעכטשאַפט, האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו משה׳ן אין דער מדבר אין אוהל מועד: „צעהל איבער אַלע אידען״. איז דאָך די קשיא, ווען זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, האָט ער זיי געצעהלט. נאָך דעם מאַכען דעם „גאָלדענעם קאַלב״, דעם „עגל הזהב״, האָט ער זיי געצעהלט. דעם ערשטען ניסן איז אויפגע־שטעלט געוואָרען דער משכן, און דעם ערשטען אייר האָט ער זיי געצעהלט. איז פאַרוואָס עפּעס אַזאַ אָפטע צעהלעניש? זאָגען דערויף די חכמים ז״ל, און רש״י ז״ל אויף דעם אָרט, „מתוך חיבתן לפניו מונה אותם בכל שעה״ — ער האָט זיי געצעהלט אויס ליבע. אַז מען האָט ליב אַ זאַך, האַלט מען זיך אין איין צאַצקען דערמיט. אַז מען האָט אַ שנירעל פּערל, האַלט מען עס אין איין צעהלען.

און פאַרוואָס האָט דער אַלמעכטיגער ליב די אידען? ווייל זיי האָבען אָנגענומען זיין תורה, און זייט טויזענטער יאָהרען זיינען זיי זיך מקריב פאַר איהר. און אויב די אונטערנעמונג פון אָפּהיטען די תורה איז שוין גאָרניט אַזוי לייכט, איז דאָס לערנען תורה אפשר נאָך שווערער, פשוט ווייל די תורה האָט קיין גרונד ניט. וויפיעל מען זאָל ניט לערנען איז אַלץ ניט גענוג. מען האָט אַמאָל געפרעגט ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער ז״ל פאַרוואָס אַלע מסכתות פון ש״ס הויבען זיך אָן פון דף ב׳, און ניט פון דף א׳, האָט ער געענטפערט: „כדי אַ מענש זאָל וויסען אַז ער האָט נאָך קיינמאָל ניט אָנגעהויבען״.

און וויבאַלד מען לערענט, דאַרף מען זיין אין דעם אַריינגעטהון מיט לייב און לעבען. ר׳ עקיבא אייגער ז״ל איז אַמאָל געקומען צו גאַסט קיין וואַרשע צו זיין זוהן ר׳ שלמה אייגער ז״ל. אַזוי ווי ר׳ עקיבא איז געווען צו־פיעל אַריינגעטהון אין לערנען, און עס האָט שטאַרק אָפּגעשוואַכט זיין געזונט, וואָרום אונזערע חכמים ז״ל האָבען שוין געזאָגט „התורה מתשת כוחו של אדם״, האָט דער זוהן געוואָלט פאַרנעמען אַביסעל פון זיין פאָטער׳ס צייט מיט וועלט־ליכע ענינים, כדי ער זאָל זיך אָפּרוהען פון לערנען, און ער האָט איהם גענומען זעהן דעם וואַרשעווער מוזעאום. דער אַכטונג־געבער האָט זיי זעהר פיין אויפגענומען, און ער האָט געגעבען ר׳ עקיבא׳ן אַ שטוהל צום זיצען. ר׳ עקיבא האָט זיך אַנידערגעזעצט און תיכף זיך פאַרטראַכט אין לערנען, ווי זיין טבע איז געווען. אָפּזיצענדיג אַ וויילע, טהוט ער אַ פרעג זיין זוהן: „נו, פאַרוואָס ברענגט מען ניט דאָס קינד?״ ער האָט, נעמליך, פאַרגעסען וואו ער איז, און ער האָט געמיינט אַז ער איז סנדק און זיצט אויף דעם „כסא של אליהו״.

און לערנען דאַרף מען לשמה, ניט צוליב באַריהמעריי. ר׳ ברוך קאָסאָווער ז״ל איז אַמאָל אַריין אין בית המדרש, האָט ער געזעהען ווי יונגעלייט

זיינען זיך שטאַרק מפלפל אין לערנען, און יעדער איינער פון זיי וויל אַרויס־ווייזען זיין לומדות, אַז ער קען מעהר פון דעם אַנדערען. גיט ר׳ ברוך אַ מאַך: „אַ וואַ! אַ פול בית המדרש מיט תורה!״ זיינען די יונגעלייט געווען שטאַרק צופרידען, וואָס ר׳ ברוך האַלט פון זיי, האָט ער זיך אָנגערופען: „פאַרשטעהט איהר מיך, אַז מען לערענט תורה לשמה, מען מיינט עס מיט אַן אמת, און ניט צוליעב באַריהמעריי, געהט די תורה אַרויף אויבען, פאַר כביכול, איז דער בית המדרש אַ ליידיגער. אָבער ווען מען לערענט ניט לשמה, נאָר זיך ,צו באַווייזען׳, בלייבט די תורה אונטען, אין בית המדרש, איז דער בית המדרש פול מיט תורה״.

און ווען עס קומט צו לערנען איז בעסער זאַלבענאַנד. אַז מען לערענט אין צווייען, שאַרפט זיך דער מוח בעסער. און גאַר גוט איז אַז מען האָט אַ רבי׳ן, ווי אונזערע חכמים ז״ל האָבען שוין געזאָגט „וקנה לך רב״, פאַרשאַף דיר אַ רבי׳ן. און ווען מען פאַרשאַפט זיך אַ רבי׳ן, זאָל ער זיין אַן ערשט־קלאַסיגער. דער „חתם סופר״ ז״ל פלעגט האָבען אַ ווערטעל: „עס איז גאָר קיין חידוש ניט וואָס משה רבינו איז געווען משה רבינו. ווען איך וואָלט געהאַט אַזאַ רבי׳ן ווי ער האָט געהאַט, וואָלט איך אויך אַזוי געווען. אַי, פאַרוואָס זשע האָב איך טאַקע ניט אַזאַ רבי׳ן? ווייל איך בין ניט משה רבינו״.

און ווען איינער לערענט דאַרף ער זיך עפּעס אָפּלערנען פון דעם לערנען. ער דאַרף דורך דעם ווערען אַ בעסערער מענש סאַי צו דעם וואָס לעבט אייביג, און סאַי צו מענשען. אַ חסידישער יונגערמאַן איז אַמאָל גע־קומען צו ר׳ מענדעלע קאָצקער ז״ל, האָט דער רבי איהם אַ פרעג געטהון: „ווי האָלטסטו אין לערנען?״ האָט דער יונגערמאַן געענטפערט אַז ער האָט שוין אויסגעלערענט גאַנץ ש״ס. „אַזוי״, מאַכט ר׳ מענדעלע, „נו, אָבער וואָס האָט גאַנץ ש״ס דיך אויסגעלערענט?״

דאַרף טאַקע יעדער איד אָוועקגעבען אַ געוויסען טייל פון זיין צייט אויף צו לערנען, און זיך גלייכצייטיג עפּעס אָפּלערנען פון דעם לערנען. וואָרום „תורה אור״ — לערנען איז ליכט, און אומוויסענהייט איז פינסטערניש. אונזערע חכמים ז״ל זאָגען „לילה היה העולם עד שלא קבלו ישראל את התורה, וכיון שבאו להר סיני וקבלו את התורה, האיר העולם״ — ביז די אידען האָבען מקבל געווען די תורה איז די וועלט געווען פינסטער ווי די נאַכט, און נאָכדעם ווי זיי זיינען געקומען צום באַרג סיני און האָבען מקבל געווען די תורה, איז די וועלט געוואָרען ליכטיג.

און דערפאַר טאַקע איז די תורה געגעבען געוואָרען אין דער מדבר, אין דער וויסטע, ווייל פונקט ווי דער מדבר איז הפקר און פריי פאַר יעדען איינעם, אַזוי אויך איז די תורה פריי פאַר יעדען איינעם, און „כל הרוצה ליטול יבוא ויטול״ — ווער עס וויל קען זי זיך ערווערבען. וואָרום תורה געהט ניט איבער בירושה. יגעתי ומצאתי — אַז מען לערענט קען מען. רבי עקיבא וואָס האָט אַליין געזאָגט אויף זיך אַז ער איז געווען אַן עם הארץ, איז כאָטש ער האָט ערשט אָנגעהויבען לערנען אין די מיטעלע יאָהרען, איז ער געוואָרען דער גרעסטער תנא.

און ווען עס קומט צו לערנען, דאַרף מען קענען שטעהן אַליין אויף די אייגענע פיס, און זיך ניט פאַרלאָזען אויף דעם צווייטען. מען דאַרף זיך

קענען וואַרעמען אין דער אייגענער זון און ניט אין פרעמדע שטראַהלען. רבנים האָבען אַמאָל געוואָלט אַרויסגעבען אַ זאַמעלבוך פון חידושי תורה אין וועלכען פיעלע רבנים זאָלען זיך משתתף זיין מיט זייערע חידושים. האָבען זיי געבעטען ר׳ אייזל חריף ז״ל אַז ער זאָל זיך אויך באַטייליגען אין דעם קובץ, אָבער ער האָט זיי אָפּגעזאָגט. אויף זייער פראַגע „פאַרוואָס״?, האָט ר׳ אייזל זיי געענטפערט מיט אַ שמייכעל: „פאַרשטעהט איהר מיך, גרויסע טענצער טאַנצען אַליין. אָבער די וואָס קענען ניט טאַנצען, נעמען זיך צוזאַמען אין אַ קאַראַהאָד און האָפּקען״.

און געוויס טאָר קיינער ניט נאָכזאָגען יענעם׳ס תורה אין זיין אייגענעם נאָמען. ווייל ערשטענס איז ער „מעכב די גאולה״. צווייטענס איז עס ניט עטיש. און דריטענס קומט דאָך דער אמת סאַי ווי אַרויס ווי בוימעל אויף דעם וואַסער. און באַזונדערס דאַרף מען זיך ניט באַריהמען. אַ רב איז אַמאָל געקומען צו ר׳ יאָשע בער ז״ל, און האָט איהם געזאָגט אַ שטיקעל תורה, וואָס איז ניט געווען אַזוי געוואַלדיג. נאָך דעם ענדיגען האָט איהם ר׳ יאָשע בער געזאָגט זיינעם אַ חידוש. רופט זיך אָן דער רב: „אָט דעם חידוש, רבי, האָב איך שוין אַמאָל געזאָגט, משמעות אַז מיר האָבען ביידע איין שכל...״ „נאָר דער ,איין׳ שכל איז ביי מיר״, האָט ר׳ יאָשע בער באַמערקט.

האָט דער בורא עולם ליעב דעם „עם הספר״ ווייל זיי האָבען מקבל געווען זיין תורה. און דערפאַר צעהלט ער זיי. דער „חידושי הרי״ם ז״ל מאַכט אַ זעהר פיינע באַמערקונג, נעמליך, דעריבער האָט די תורה געהייסען צעהלען די אידען, כדי אַז ווען זיי וועלען זיין צעזייט און צעשפרייט צווישען די פעלקער איבער אַלע עקען וועלט, זאָלען זיי ניט בטל ווערען צווישען זיי, וואָרום אַ „דבר שבמנין אפילו באלף לא בטל״ — אַ געצעהלטע זאַך ווערט ניט בטל אפילו צווישען טויזענט. אַז די באַמערקונג איז טאַקע אויסגעהאַלטען, זעהען מיר דאָך, אַז ניט קוקענדיג דערויף וואָס אין משך פון די צוויי טויזענט יאָהר אין גלות, האָבען אונזערע שונאים אונז געהאַלטען אין איין פאַרטיליגען, אָבער מיר זיינען ניט נאָר ניט בטל געוואָרען, נאָר אונזער דור האָט אפילו זוכה געווען צו דערלעבען און זעהן מיט אונזערע אויגען די אתחלתא דגאולה — דעם אָנהויב פון אונזער פאָלקס אויסלייזונג.

אונזער דור האָט דערלעבט צוויי איבערלעבענישען, די סאַמע ערגסטע און די סאַמע בעסטע. אויף אונזער גורל איז אויסגעפאַלען צו זעהן מיט די אייגענע אויגען ווי די דייטשע רשעים, ימח שמם, האָבען אומגעבראַכט אַ דריטעל פון אונזער פאָלק. און אויף אונזער גורל איז געפאַלען, אַז אין אונזער צייט זאָל פאַרווירקליכט ווערען דער צוויי טויזענט יאָהריגער חלום פון צוריק־קריגען אונזער לאַנד. און דערלעבט האָבען מיר צו ווערען צוריק אַ פאָלק אין דעם זכות פון אונזערע זעקס מיליאָן קדושים. אָט דאָס טאָר מען קיינמאָל ניט פאַרגעסען.

ווידער זאָגט אונז די היינטיגע סדרה „במדבר״: „תפקדו אותם לצבאותם אתה ואהרן״. ביידע, אהרן און משה, זאָלען צעהלען. זאָגט דערויף ר׳ יונתן אייבעשיץ, ז״ל, אַ גוט וואָרט: אַזוי ווי ביי דער צעהלונג האָט מען דאָך גענומען פון יעדען איינעם אַ האַלבען שקל, און ביי געלט נעמען מוזען זיין צוויי, ווייל „צדקה נגבית בשנים״, וואָרום מיט צדקה געלט דאַרף מען

זיין זעהר פאַרזיכטיג. צדקה איז איינער פון די גרונד פּרינציפּען פון אידיש־קייט און אידענטום. ניט נאָר שטעהט צדקה העכער פון דער מצוה פון אַלע קרבנות, נאָר די אידישע לעהרע געהט אַזוי ווייט און זאָגט, אַז „שקולה צדקה כנגד כל המצוות" — אַז צדקה איז אַזוי וויכטיג ווי אַלע מצוות צוזאַמען. אַז די, וואָס נעמען צדקה פאַר וואוילטעטיגע צוועקען, דאַרפען זיין שטאַרק פאַרזיכטיג ניט צו מאַכען קיין טעות. איז דערפאַר האָט די תורה געהייסען ביידע, משה'ן און אהרן'ען, צעהלען, ווייל יעדער איינער פון די אידען האָט באַדאַרפט געבען אַ האַלבען שקל.

און זאָל דאָ געזאָגט ווערען, אַז צדקה איז איינס פון די זאַכען, וואָס האָבען געהאָלפען אונזער אויפהאַלט אין גלות אַלס אידיש פאָלק. ווען ניט צדקה, וואָלט אונזער גאַנצער קאַמף און מיה פאַר ישראל געווען אונמעגליך. און דער ווידעראויפבוי פון ישראל איז אויך איצט אָפּהענגיג פון דעם ווי אַזוי מיר, אידען, וועלען זיך אָפּרופען. און מיר האָבען, ברוך השם, אידען, וואָס ווייסען און פיהלען די וויכטיגקייט פון דעם היסטאָרישען מאָמענט.

דאַרף טאַקע יעדער איד, ווען ישראל, דאָס פאָלק ישראל און דאָס לאַנד ישראל, זיינען טייער, צולעגען אַ האַנט. וואָרום „אפילו עני המתפרנס מן הצדקה יעשה צדקה" — אפילו אַזאַ איינער, וואָס לעבט אַליין פון צדקה, מוז אַליין אויך געבען צדקה. און איבערהויפּט ווען עס האַנדעלט זיך וועגען דעם ווידעראויפבוי פון אונזער לאַנד; און בפרט נאָך ווען מיר, אונזער איי־גענער דור, האָט זוכה געווען צו דערלעבען די גאולה, מוז יעדער איינער פון אונז העלפען מיט אַלץ וואָס ער קען, און נאָך מעהר ווי ער, אָדער זי, קען.

און וואָס קען נאָך זיין וויכטיגער ווי געבען געלט פאַר ישראל? אין ירושלים פּלעגט אַרומגעהן אַ ווערטעל „מלח ממון חסר" — ווער עס וויל „איינזאַלצען" זיין געלט, עס זאָל ביי איהם בלייבען, זאָל ער עס רעדוצירען צו צדקה, ווייל נאָר די רעדוצירונג וועט האָבען אַ קיום. און קען נאָך זיין אַ וויכטיגערע צדקה ווי העלפען אויפבויען אונזער אייגען לאַנד?

און די היינטיגע סדרה זאָגט אונז: „ובנסוע המשכן יורידו אותו". וואָרום וואַנדערען, זיין כסדר נע ונד, ברענגט צו דערנידערונג, צו שפלות, ובנסוע — יורידו. און ווער ווייסט עס נאָך בעסער ווי מיר, אידען? פאַרוואָס זיינען מיר אַזוי דערנידעריגט אין גלות? ווייל אין אונזער צוויי טויזענט יאָהריגען גלות האָבען מיר ניט געהאַט קיין אייגענעם באָדען אָנצושפּאַרען אונזער מידען קאָפּ. אָבער איצט, אַז מיר האָבען שוין יאָ דערלעבט צו האָבען אונזער אייגען לאַנד, איז לאָמיר זשע אַלע ווי איינער העלפען. צוויי טויזענט יאָהר האָבען מיר געהאָלפען אַנדערע פעלקער, פרעמדע לענדער, אין וועלכע מיר זיינען געווען בלויז איינגעבעטענע און ברוטאַל פאַרפאָלגטע געסט. אָבער איצט האָבען מיר די געלעגענהייט צו ווייזען וואָס מיר קענען טהון פאַר זיך אַליין. איז לאָמיר זשע ניט דורכלאָזען די גאָלדענע געלעגענהייט. ביז איצט זיינען מיר געווען אין דער בחינה פון „כרמי שלי לא נטרתי". איז לאָמיר זשע פון היינט אָן אין זינען האָבען אונזער אייגענעם וויינגאָרטען.

און איצט, לאָמיר זעהן די וויכטיגקייט פון ישראל: כביכול אַליין האָט געזאָגט „ארץ ישראל איז מיר באַליבט און דאָס פאָלק ישראל איז מיר באַליבט, וועל איך אַריינברענגען מיין באַליבט פאָלק אין מיין באַליבט

לאַנד״. די חכמים ז״ל זאָגען, אַז: „ווער עס וואוינט אין ארץ ישראל, איז גלייך ווי ער האָט אַ אויבערשטען, און ווער עס וואוינט אין חוץ לארץ, איז גלייך ווי ער האָט ניט קיין פאָטער אין הימעל. ווער עס וואוינט אין ארץ ישראל, רוהט אָהן זינד. ווער עס געהט אין ארץ ישראל פיער איילען, איז ער זיכער, אַז ער וועט האָבען עולם הבא. נאָר אין ארץ ישראל קענט איהר פיהרען א זיכער אידיש לעבען. וואוינען אין ארץ ישראל איז גלייך ווי אַלע מצוות אין דער תורה. אויב איינער פאַרלאָזט ארץ ישראל, איז אפילו ווען ער האָט זכות אבות, וועט עס איהם ניט ביישטעהן״. כביכול אַליין האָט געזאָגט: „אַ קליינע גרופּע אין ארץ ישראל איז מיר ליבער ווי אַ גרויסער סנהדרין אין חוץ לארץ״. „אויב איינער וויל זעהן די שכינה אויף דער וועלט, זאָל ער לערנען תורה אין ארץ ישראל״. „די לופט פון ארץ ישראל מאַכט אַ מענשען קלוג״. און האָבען דאָך שוין אונזערע חכמים ז״ל געזאָגט, אַז „די שטאָדט ירושלים מאַכט אַלע אידען פאַר חברים״, און אַז „ירושלים וועט ווערען די מעטראָפּאָליס פון אַלע לענדער״. נו, דאַרפען מיר ניט העלפען אונזערע העראָאישע קעמפער, די מאָדערנע מכבים, וואָס בויען אונזער לאַנד מיט זייער בלוט און שווייס, כאָטש מיט עטליכע דאָלאַר?

און אַזוי ווי עס איז איצט שבועות צייט, און שבועות איז דאָך די תורה געגעבען געוואָרען, ווועלען מיר אויך זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען שבועות.

מען דערצעהלט, אַז ר׳ אהרן קארלינער ז״ל איז אַמאָל אַריינגעקומען שבועות ביינאַכט אין בית המדרש און האָט געזעהן ווי דער עולם זיצט און זאָגט „תיקון שבועות״. האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט און אָנגעהויבען שרייען אויף רוסיש: „דאַוואַי טאָוואַר, טאָוואַר דאַוואַי!״ גיב אַהער סחורה, סחורה גיב אַהער! איז דער עולם געבליבען שטיל, אַ פאַרגאַפטער, און האָט זיך געוואונדערט „וואָס זאָל דאָס באַדייטען?״

האָט זיך אָנגערופען דער רבי: בנוהג שבעולם, דער שטייגער פון דער וועלט איז, אַז אַ רייזענדער, אַ וואַיאַזשאָר (סיילסמען) פאָהרט אַרויס אין וועג אַריין, פיהרט ער ניט די גאַנצע סחורה מיט זיך, נאָר ער נעמט מיט בלויז מוסטערען פון יעדער מין סחורה, וואָס ער האָט צו פאַרקויפען. ער ווייזט דעם קונה מוסטערען (סעמפּעלס), און ווען דער קונה באַשטעלט, ליפערט ער איהם דערנאָך די סחורה. איז ווען זשע האָבען די מוסטערען אַ ווערט, ווען ער האָט אין לאַגער גופא גענוג סחורה פון יעדען מין. זאָל אָבער עמי־צער אַרומפאָהרען בלויז מיט מוסטערען, בעת אין לאַגער האָט ער ניט קיין סחורה, איז ניט נאָר האָט עס ניט קיין זינען, נאָר מען וועט איהם האַלטען אָדער פאַר אַ שווינדלער, אָדער פאַר אַ משוגענעם.

דאָס זעלבע איז אויך מיט דעם „תיקון שבועות״. אין דער נאַכט פון שבועות, דער יום טוב, ווען דער אויבערשטער האָט געגעבען די תורה צו די אידען, זעצען מיר זיך אַוועק און לייגען אויס מוסטערען פון אַלץ, וואָס מיר האָבען אַ גאַנץ יאָהר געלערענט און אָנגעזאַמעלט אין דעם לאַגער: תורה, נביאים, כתובים, משנה, תלמוד, און אַזוי ווייטער. איז במה דברים אמורים, ווען איז דאָס אַלץ גערעדט, ווען מיר האָבען טאַקע דאָס אַלץ אויף די פּאָליצעס אין לאַגער. אָבער אויב אַ גאַנץ יאָהר לערענט מען ניט, די

פּאַליצעס אין לאַגער זיינען ליידיג, און שבועות ביינאַכט זעצען מיר זיך אַוועק, און מיר הויבען אָן אויפּמישען און אויסשרייען פאַרשידענע מוסטערען, איז דאָך דאָס באמת אַ חוזק! וואָס טויגען די מוסטערען? „טאָוואַר דאַוואַי, דאַוואַי טאָוואַר!"

איז, אַז מיר האָבען שוין אונזער אייגען לאַנד „ישראל", און אַזעלכע מעכטיגע מלוכות, ווי די פאַראייניגטע שטאַטען, סאָוויעט רוסלאַנד, און אַנדערע האָבען אָפיציעל אַנערקענט אונזער מלוכה, און מיר זיינען אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך, איז במה דברים אמורים, ווען האָט עס עפּעס אַ ווערט, אַז מיר וועלען ווייטער זיין דער „עם הספר", דאָס פאָלק, וואָס האָט געגעבען דער וועלט אַ תורה, און ישראל וועט לעבען לויט דער תורה. איז האָפען מיר טאַקע, אַז דער עם ישראל וועט פיהרען זיין לאַנד ישראל, לויט די געזעצען און פאַרשריפטען פון תורת ישראל.

אָבער, ליידער, האָבען מיר, אידען, אַ טבע נאָכצוטהון די גוים. אמת, שולדיג אין דעם איז דער וויסטער צוויי טויזענט יאָהריגער גלות. אָבער דער פאַקט בלייבט, אַז פיעלע פון אונז געפעלט בלויז פרעמדס. זאָגט דער „מחנה לוי" דערויף אַ גוט ווערטעל: די חכמים ז"ל זאָגען „החזירה הקב"ה על כל אומה ולשון" — כביכול האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט דער תורה צו אַלע פעלקער, אָבער זיי האָבען זי ניט געוואָלט מקבל זיין. האָט ער זיך געווענדעט צו אחינו בני ישראל. קומט דאָך אויס, אַז מען האָט אונז פאַרגעלעגט מקבל זיין די תורה בלויז דערפאַר, ווייל עס האָבען זיך אין ערגיץ ניט געפונען קיין בעלנים אויף איהר. היינט ווי זשע וואָלט געווען, ווען די אומות העולם וואָלטען זי יאָ געוועזן אָנגענומען? און ער ענטפערט: „ניין, חס ושלום! דער אויבערשטער האָט טאַקע געמיינט די אידען. אָי, פאַרוואָס זשע איז ער פריהער געגאַנגען צו די פעלקער פון דער וועלט? איז דער תירוץ, ווייל וויסענדיג, אַז אידען האָבען ליב נאָכצוטהון די גוים, וועלען זיי זי וועלען אויסכאַפּען".

און פאַרוואָס מיינט איהר האָבען די גוים ניט אָנגענומען די תורה? פשוט דערפאַר, ווייל כביכול האָט עס געוואָלט דורכפיהרען אָהן אַ שדכן. געערער חסידים דערצעהלען אַז ר' שמעון האָט זיך געוואָלט משדך זיין מיט זיין ברודער, דער „שפת אמת" ז"ל, האָט ער פּרובירט אַליין מיט איהם רעדען וועגען דעם. האָט איהם דער „שפת אמת" דערויף געענטפערט, אַז אַזוי ווי עס איז אַ שידוך אָהן אַ שדכן, האָט ער מורא, אַז עס וועט דערפון גאָרניט ווערען. וואָרום אַזוי געפינען מיר אויך ביי קבלת התורה. דער אויבערשטער האָט גע'שדכן'ט די אידען די תורה דורך אַ מעקלער, דורך אַ שדכן, משה רבינו, איז דער שידוך צושטאַנד געקומען. דאַגעגען צו די אומות העולם איז ער אַליין געגאַנגען, אָהן אַ שדכן, איז טאַקע דערפון גאָרניט געוואָרען.

# נשא

די היינטיגע סדרה „נשא" אַנטהאַלט צווישען אַנדערע גוטע זאַכען די ברכת הכהנים. ווען איהר וועט זיך גוט אַריינטראַכטען, וועט איהר זעהען, אַז כאָטש די כהנים בענטשען דאָך די גאַנצע קהלה, זיינען אָבער די ברכות אין לשון יחיד: יברכך — ער זאָל דיך בענשען, ישמרך — ער זאָל דיך היטען, און אַזוי ווייטער. זאָגט דערויף דער „עוללות אפרים", אַז דער־פאַר איז ברכת כהנים אין לשון יחיד, ווייל די הויפט ברכה, אין וועלכער מיר אידען נוטיגען זיך, איז אחדות, אייניגקייט.

איז דאָס, צום גרויסען באַדויערען, אַ טרויעריגער אמת. קיין שום פאָלק אין דער וועלט נויטיגט זיך ניט אַזוי אין אייניגקייט, ווי מיר אידען. און דאָך איז עס אַ טרויעריגער, ביטערער פאַקט, אַז גראָד מיר, דאָס פאָלק, וועמענס גאַנצע לעבענס פילאָזאָפיע און וועלט־אנשויאונג הויבט זיך אָן און איז באַזירט אויף „אחד", גראָד דאָס פאָלק, וואָס איז געווען דאָס ערשטע צו פּראָקלאַמירען צו דער גרויסער וועלט און צו דער גאַנצער מענשהייט, אַז די אַלמעכטיגקייט איז נאָר אין „אחד", דוקא דאָס פאָלק איז כמעט דער „טשעמפּיאָן" פון צעשפּליטערטקייט, פון אינערליכער צעריסענקייט, פון אומ־צאָהליגע פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך.

ניט קוקענדיג דערויף וואָס אונזערע חכמים ז"ל האָלטען אין איין וואָרענען אונז געגען שאַפען נייע פּאַרטייען און געהען אפילו אַזוי ווייט און באַהויפּטען, אַז אין דער צייט, ווען אידען זיינען פאַראייניגט, איז אפילו ווען צווישען זיי זיינען פאַראַן געצענדינער, קען דער מידת הדין זיי ניט דערגרייכען, זיינען מיר דאָך שרעקליך אָרים, ווען עס קומט צו פאַראייניגונג, צו אחדות. די חכמים ז"ל זאָגען אונז בפירוש, אַז די אידען וועלען ניט אויס־געלייזט ווערען פון דעם ביטערען גלות אַזוי לאַנג ווי זיי וועלען ניט ווערען „אגודה אחת" — איין פּאַרטיי, מיט איין אידעאַל און מיט איין שטרעבונג. און דאָך האָבען מיר אונצעהליגע פּאַרטייען, אידעאַלען און שטרעבונגען.

און אַז די חכמים ז"ל זיינען געווען פולשטענדיג גערעכט, אַז זייער טיפער און ווייטער בליק איז געווען דער איינציג ריכטיגער, זעהען מיר דאָך אַליין היינט צו טאָג מיט די אייגענע אויגען. אַזוי לאַנג, ווי מיר האָבען זיך געשפּיעלט מיט ציוניזם, ווען ר' ישראל האָט זיך געהאַלטען פאַר וויכטיגער פון כל ישראל, ווען דער איך'יזם, פּערזענליכע אַמביציעס, זיינען געשטאַנען העכער און האָבען פאַרטונקעלט דעם נויטיגען צוועק פאַר כל ישראל, איז אונזער לאַנד ישראל געלעגען אין גוי'אישע הענט. אָבער אַזוי שנעל ווי דאָס גאַנצע פאָלק ישראל, אַלע אידען אין דער גאַנצער וועלט, די אומגליק־ליכע קאָנצענטראַציע־לאַגער אידען, פונקט ווי די גליקליכע אַמעריקאַנער אידען (מיט אַ גישטיגער אויסנאַם), די אויסערגעוועהנליכע מוטיגע אידען פון ישוב, פונקט ווי אונזערע פאַרפאָלגטע ברידער אין אידען־פיינדליכע

לענדער, די עלטערע, פונקט ווי די העלדישע יוגענט, פרויען ווי מענער, האָבען זיך מוטיג און העלדיש פאַראייניגט לכל הפחות אין באַצוג צוריק צו באַקומען אונזער אייגען לאַנד און צו ווערען אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך, זעהען מיר בעשיינפערלעך, אַז עס האָט שוין געבראַכט די געוואונשטע רע־זולטאַטען, און עס וועט אונז אָהן שום ספק ברענגען אם ירצה השם צום געוואונשטען פונקט.

אמת, עס קאָסט אונז גענוג הייליג בלוט. אָבער פונקט ווי אַ קינד ווערט ניט געבוירען אָהן חבלי לידה, אַזוי קען אַ פאָלק, אַ זעלבסטשטענדיג ווירדיג פאָלק, ניט געבוירען ווערען אָהן חבלי־אומה. ביז היינט צו טאָג, פאַר די לעצטע צוויי טויזענט יאָהר, האָבען מיר פאַרגאָסען אונזער בלוט צו העלפען די פעלקער, וועלכע האָבען אונז אומאויפהערליך געיאָגט און געפלאָגט מיט דער ברוטאַלסטער גרויזאַמקייט. אָבער איצט, ווען אונזער העלדישע יוגענט, וואו זי זאָל נישט זיין, רייסט זיך צו העלפען פאַרטיידיגען און ווידער אויפבויען אונזער לאַנד, ווייסען מיר כאָטש פאַרוואָס.

ווען מיר הערען און זעהען ווי אונזערע קינדער, ישיבה בחורים מיט תפילין אויף דער לינקער האַנט און מיט אַ ביקס אין דער רעכטער האַנט, שטעלען איין זייערע הייליגע לעבענס צו באַשיצען דאָס לאַנד פון אונזערע אבות, דאָס לאַנד וואָס דער אויבערשטער האָט אונז צוגעזאָגט, און דאָס פאָלק וואָס האָט געגעבען דער ברוטאַלער וועלט די תורה, די שעהנסטע, די נאָ־בעלסטע און די מאָראַלישסטע עטישע פרינציפּען, געהט ממש דורך אַ ציטער איבער דעם לייב. און מיט אַ געפיהל פון קנאה, וואָס מיר אַמעריקאַנער, און אַנדערע גלות אידען, זיינען ניט ראוי צו דער דאָזיגער הייליגער עבודה, שרייען מיר אויס: „אַלמעכטיגער פאָטער אין הימעל, שטאַרק די הענט פון אונזערע היינטיגע מכבים, און פון דעם העלדישען ישוב!"

דאָס פאָלק ישראל פיהרט איצט אַן אַרויפגעצוואונגענע מלחמה, און אַ מלחמה באַשטעהט פון פאַרשיעדענע עטאַפּען. אַ מלחמה באַשטעהט פון פאַרשיעדענע שלאַכטען. און אפילו דער צד, וואָס געווינט ענדליך די מלחמה, פאַרלירט פון צייט צו צייט אַ שלאַכט. אָבער ווען מיר זעהען, ווי ניט קוקענ־דיג דערויף וואָס זיבען אַראַבישע פעלקער האָבען זיך פאַראייניגט געגען דעם צוויי טויזענט יאָהריגען אויסגעמאַטערטען ישראל'יק, ווען מיר זעהען ווי דאָס אומפאַרשעמטע בעווין־ענגלאַנד שטיצט זיי אָפען מיט געוועהר, געלט און גענעראַלען. ווען מיר זעהען, אַז דעם נביא'ס אויסגעשריי „קראתי למאהבי והמה רמוני" — איך האָב אַפּעלירט צו מיינע ,פריינד', אָבער זיי האָבען מיך אָפּגענאַרט, גילט נאָך היינט אויך! און דאָך האַלטען מיר אַן אונזערע פּאָזיציעס, קענען מיר מיט דער טיעפּסטער באַוואונדערונג אויסשרייען צו אונזערע העל־דישע בחורים און מיידלעך די ברכה פון אונזערע כהנים „יברכך ה' וישמרך" דער אַלמעכטיגער זאָל דיך, יעדען באַזונדער פון אייך, בענשען און דיך אָפּהיטען!

און אָט די דאָזיגע העלדישקייט, און אונזער טיפער בטחון, אַז מיר וועלען בעזרת ה' יתברך זיגען, ווייל אונזער פאַרלאַנג איז אַ דורכאויס באַ־רעכטיגטער, איז בלויז אַ דאַנק דער „אחדות", וואָס האָט ענדליך אַרומגע־

כאַפּט, און ממש פאַר׳כישוף׳ט אונזער פאָלק, יעדען אידען, וואו ער זאָל זיך ניט געפינען. זייט צוויי טויזענט יאָהר האָט נאָך אַזאַ אמת׳ע, עכטע אייניג־קייט נישט געהערשט ביי אידען. פאַרשטעהט זיך, אַז ניט יעדער איד קען, צוליב פאַרשידענע אומשטענדען, ווערען אַ סאָלדאַט אין דער הייליגער ישראל אַרמיי. אָבער ווען מען זעהט, ווי יעדער איד, אַלע ווי איינער (מיט אַ ניש־טיגער אויסנאָם פון עטליכע קוויזלינגס, וואָס ציטערען פאַר זייער אייגענער אומריינער הויט) טהוט אַלץ וואָס ער, אָדער זי, קען, ווער מיט געלט, ווער מיט בלוט פאַר דעם רויטען „מגן דוד״ און ווער אויף אַנדערע אופנים, מוזען מיר אויסשרייען מיט די ווערטער פון ברכת כהנים: „יאר ה׳ פניו אליך ויחנך״, דער אויבערשטער זאָל שיינען זיין פנים אויף דיר און דיך לייטזעליגען — דיך, יעדען איינעם פון אייך, אָה, איהר הייליגע קעמפער פאַר אַ הייליגען צוועק!

עס זיינען פאַראַן מענשען וואָס פרעגען קלאָץ קשיות פאַרוואָס דער רבונו של עולם טהוט ניט היינט מיט די אידען אַזעלכע נסים, ווי ער האָט געטהון אַמאָל. אָט, למשל, דערצעהלען אונז די חכמים ז״ל, אַז ווען אברהם אבינו האָט געפיהרט מלחמה מיט עטליכע מלכים, האָט ער אויף זיי געוואָר־פען ערד און פון דער ערד זיינען געוואָרען שפּיזען, שווערדען, קוילען. פאַר־וואָס ניט היינט? זאָג איך אייך אַז די זעלבע נסים ווידערהאָלען זיך היינט צו טאָג פאַר אונזערע אייגענע אויגען! זיבען מלוכות, באַוואָפנטע מלוכות, מיט טראַנירטע, צוגעגרייטע אַרמייען, געשטיצט פון דעם מעכטיגען ענגלאַנד, פיהרען מלחמה געגען אַ הייפעלע אידען פון ישוב, וועמען אפילו אַמעריקע וויל ניט פאַרקויפען קיין ביקס, און דאָך האַלטען מיר אָן אונזערע פּאָזיציעס. הונדערטער טויזענטער אַראַבער זיינען אַנטלאָפען פון זייערע וואוין־ערטער, בעת קיין איין איינציגער איד איז ניט אַנטלאָפען און האָט העלדיש פאַרטיי־דיגט יעדען שפּאַן ערד פון אונזער לאַנד. איז דאָס ניט אַ נס?!

און פאַרוואָס מיינט איהר איז עס אַזוי? צוערשט דער אַלמעכטיגער, און דערנאָך אונזער אחדות. דאָס „אחדות״ לגבי „ישראל״, וואָס הערשט איצט ביי אידען, דאָס אַליין איז אַ נס. אייניגקייט איז דער נויטיגסטער ווינ־קעלשטיין, אויף וועלכען אַ גליקליך פאַמיליען, געמיינשאַפטליך, נאַציאָנאַל און אינטערנאַציאָנאַל לעבען מוז זיין באַזירט. אייניגקייט אין פאַמיליען־לעבען אָטעמט מיט צופרידענהייט און גליק. אין דעם געמיינשאַפטליכען לעבען איז אייניגקייט דער פאַרלויפער, וואָס איז אינסטרומענטאַל אין שאַפען, און צעמענטירט גלייכצייטיג, געגענזייטיגע פריינדליכע באַציהונגען. אין דעם נאַציאָנאַלען לעבען איז אייניגקייט דער באַזיס פאַר מעכטיגקייט. אין אינ־טערנאַציאָנאַלען לעבען איז אייניגקייט דער שליסעל צו שלום. וואָרום איי־ניגקייט, ערקלעהרט אונזערער אַן אַלטער מדרש מיט אַן עלעמענטאַרען, אָבער גלייכצייטיג טיעף אמת׳דיגעןביישפּיל, איז פּונקט ווי אַ בינטעל ריטלעך וואָס צוזאַמענגעבונדענערהייט קען עס דער שטאַרקסטער מענש ניט צעברע־כען, אָבער די ריטלעך, איינציגווייז, קען אפילו אַ קינד צעברעכען. אַזוי אויך דאָרט, וואו עס עקזיסטירט אייניגקייט אין דער פאַמיליע, צווישען פריינד, פאָלק און פעלקער, הערשט פונדאַמענטאַלע שטאַרקייט און אומבאַזיגבאַרע מעכטיגקייט.

איז עסווירקליך אַ נס מן השמים, וואָס נאָך צוויי טויזנט יאָהר צע־שפּליטערטקייט, האָבען אחינו בני ישראל זיך פאַראייניגט כאָטש אין באַצוג אויף ישראל. און אַז די לאַנג געוואונשטע און צו לאַנג פאַרשפּעטיגטע אחדות ברענגט די געוואונשטע רעזולטאַטען, זעהען מיר דאָך מיט די אייגענע אויגען.

אייניגקייט איז דער באַראָמעטער פון אַ פאָלק׳ס שטאַרקייט. עס איז דער יסוד פון אַ פאָלק׳ס עקזיסטענץ אַלס אַ ספּעציפיש פאָלק. געוויס איז אונזער טויזענטער יאָהר־אַלטע רעליגיע אונזער שטאַרקסטער וואפען געגען אונזערע בלוטיגע פיינד אין גלות אין פאַרלויף פון קנאַפּע צוואַנציג יאָהר־הונדערטער. זיכער איז אונזער עקזיסטענץ אַלס אידיש פאָלק די קאָנסעק־ווענץ, דער פועל יוצא פון אונזער רעליגיע. עס איז נישטאָ קיין צווייפעל, אַז אונזער טויזענטער יאָהר אַלטע רייכע קולטור און אינטענסיוו אידיש רעליגיעז־נאַציאָנאַל לעבען זיינען שטענדיג געווען אונזער מעכטיגסטער שוץ פאַר אונזער עקזיסטענץ אַלס אידיש פאָלק און האָבען שטענדיג געדינט אַלס אונזער שטאַרקסטער וואפען געגען די גרויזאַמסטע פאַרפאָלגונגען און ברוטאַלסטע אונטערדריקונגען.

אָבער ביז היינט צו טאָג איז אונזער אייניגקייט געווען געבויט אויף אַ נעגאַטיווען באַזיס. אונזער אייניגקייט האָט באַרוהט בלויז אויף „געגען אַנטיסעמיטיזם" אַנשטאָט אויף „פאַר אידענטום". עס איז געווען אַן אייניג־קייט, וואָס האָט זיך אַרויסגעשיילט פון פאַרפאָלגונגען. אונזער אייניגקייט איז געווען אַ קינד פון קאָנצענטראַציע לאַגערען. דאָס איז אַן אַבנאָרמאַלע ערשיינונג. עס איז ניט געווען אַן אחדות, וואָס איז באַזירט אויף אַ פּאָזיטיווען, קאָנקרעטען פונדאַמענט. עס איז ניט געווען אַן אחדות, וואָס איז דער רעזול־טאַט פון דער נאָבעלער, פּאָזיטיווער אידעאָלאָגיע פון אידישקייט, אַן אייניג־קייט, וואָס איז באַזירט אויף דעם ווילען פון פאָלק צו זיין אַ פאָלק, אַ זעלבסט־שטענדיג, ווירדיג פאָלק מיט זיינע אייגענע טראַדיציעס, ליטעראַטור, קול־טור אויף זיין אייגענעם באָדען.

אָבער איצט, די היינטיגע, איצטיגע, אייניגקייט, איז פון אַן אַנדער מין. עס איז ניט אַן אייניגונג „געגען", נאָר אַן אייניגונג „פאַר". ניט אַן אייניגונג „געגען" אויסשעכטען אונז ווי שעפּסען אין פרעמדע לענדער, נאָר אַן אייניגונג „פאַר" „זיין", לעבען און עקזיסטירען אַלס אַ ספּעציפיש פאָלק אויף זיין אייגענעם באָדען, אין זיין אייגען היסטאָריש לאַנד. און אַזאַ עכטע, נאָבעלע, פונדאַמענטאַלע אחדות מוז זיגען.

עס איז אַ היסטאָרישער פאַקט, אַז אונזערע נאַציאָנאַלע דורכפאַלען, וואָס מיר אידען האָבען געליטען אפילו אין דער צייט, ווען אונזערע אור־עלטערען זיינען געזעסען „איש תחת גפנו ותחת תאנתו" — יעדער איינער אונטער זיין ווייַנשטאָק און אונטער זיין פייגען־בוים אויף אונזער אייגענעם באָדען אין ישראל, זיינען געווען גרעסטענטיילס דער רעזולטאַט פון אינער־ליכער צעשפּליטערונג. און וואָלט דאָס אידישע פאָלק אין גלות, איינמאָל פאַר אַלע מאָל, געווען איינגעזעהן, אַז אונזער „זיין" אָדער, חס ושלום, „נישט זיין" איז אַבסאָלוט אָפּהענגיג פון דער גראַד אייניגקייט, וואָס עקזיסטירט אין אונזערע רייהען, וואָלט אפילו אונזער לאַגע אין גלות געווען אַ גינסטיגערע. וואָלטען אַלע אידען, צום ביישפּיל, געווען פאַראייניגט לגבי ישראל מיט

יאָהרען צוריק, וואָלטען מיר זיכער היינט ניט געווען באַדאַרפט פיהרען מלחמה. האָבען אָבער, מיר, און אין אָ געוויסער מאָס אויך אונזערע פיהרער, דאָס ניט פאַרשטאַנען, און מיר האָבען געפיהרט פערזענליכע קליין־פּאָליטיק. מיר האָבען פאַרגעסען, אַז „אחרית קטטה — חרטה", אַז צעשפּליטערטקייט פאַרזייט לייד. מיר האָבען פאַרגעסען הלל׳ס קלוגע עצה: „אל תפרוש מן הצבור" — זיי אַ טייל פון פאָלק און אַרבייט צוזאַמען מיט דעם פאָלק פאַר דעם וואוילזיין פון דעם פאָלק. מיר האָבען, צו אונזער גרויסען באַדויערען, פאַרגעסען, אַז דער וואָס טיילט זיך אָפּ פון פאָלק און העלפט ניט די אינטערעסען פון זיין פאָלק, איז פּונקט ווי יענער (ווי דער מדרש ערקלעהרט עס אַזוי געלונגען), וואָס האָט געבויערט אַ לאָך אין דעם דעק פון דער שיף, וואָס האָט זיך געפונען אין מיטען ים. און ווען מען האָט איהם געפרעגט: „סטייטש, היתכן, וואָס הייסט עס?", האָט ער געענטפערט: „וואָס איז דאָס אייער עסק? איך בויער דען וואו איהר זיצט? איך בויער דאָך אויף מיין פּלאַץ, און מיט מיין פּלאַץ קען איך מאַכען וואָס מיין האַרץ גלוסט!"

איז עס טאַקע אַ נס מן השמים, וואָס ענדליך איז געשאַפען געוואָרען ביי אונז אידען אחדות, ווייניגסטענס לגבי איין זאַך — ישראל. און מיר זעהען שוין, אַז די איינינגקייט ברענגט רעזולטאַטען. ניט קוקענדיג דערויף וואָס אפילו אונזערע „אַזוי גערופענע" פריינד גיבען אונז ניט קיין קאָנקרעטע הילף, שטעהט נישט קיין איינציגער אַראַבישער סאָלדאַט אויף ישראל׳ס באָדען. די גאַנצע וועלט ווייסט אַז מיר זיינען בעזרת השם יתברך אַרויס די זיגער.

אַן אַמעריקאַנער, דוכט מיר, דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, האָט געזאָגט, אַז דער אויבערשטער העלפט יענע, וואָס העלפען זיך אַליין. עס איז אַן אמת׳דיג ווערטעל. ווענדעט זיך איצט פריהער אין דעם בורא עולם און דערנאָך אויף וויפיעל די אידען וועלען זיך אַליין וועלען העלפען. די ישראל־פראַגע ליגט, אַלזאָ, אין אונזערע אייגענע הענט. יעדער איינער פון אונז איז מחויב צו טהון דאָס בעסטע וואָס ער קען, און נאָך מעהר, און ראַטעווען אונזער לאַנד פאַר אונזער געפּלאָגט פאָלק. אַ דאָלאַר איצט איז מעהר ווערט ווי הונדערט אַ יאָהר שפּעטער. אַ טראָפּען בלוט פאַר דעם „מגן דוד" איצט, איז מעהר ווערט ווי אַ קוואָרט אַ יאָהר שפּעטער. בין איך ניט מסופק, אַז יעדער איד אין אַמעריקע און אין די אַנדערע גלות לענדער וועט טהון אַלץ מעגליכעס צו העלפען בויען דאָס לאַנד ישראל פאַר דעם פאָלק ישראל. און זאָלען מקוים ווערען די ווערטער פון דער ברכת הכהנים „וישם לך שלום", אַז ישראל זאָל שוין ענדליך קענען לעבען אין ישראל אין שלום. שוין צייט.

# בהעלותך

אין דער היינטיגער סדרה „בהעלותך" ווערט דערצעהלט צווישען אַנדערע גוטע זאַכען, אַז די מנורה האָט באַדאַרפט זיין „מקשה זהב עד ירכה עד פרחה" — פון אָנהויב ביז דעם סוף האָט זי באַדאַרפט זיין פון דעם איי־דעלסטען גאָלד, און אַלע זיבען ליכט האָבען באַדאַרפט ברענען. ביי אונז אידען שפּילט „ליכט" אַ געוואַלדיגע ראָליע, ווייל „ליכט", אין דעם אידישען זינען, מיינט ניט בלויז פיזישע ליכט, נאָר דער עיקר, „גייסטיגע ליכט".

שוין ביי דעם סאַמע אָנהויב פון דער וועלט־שאַפונג האָט כביכול אַליין איינגעזעהן די וויכטיגקייט און נויטווענדיגקייט פון ליכט, און זיין ערשטער באַפעהל איז געווען „יהי אור" (עס זאָל זיין ליכטיג), ווייל אָהן ליכט, גייסטיגע פונקט ווי פיזישע, קען די וועלט ניט עקזיסטירען. אונטער „ליכט" האָבען אידען פאַרשטאַנען ניט בלויז פיזישע ליכט אין געגענזאַץ צו פיזישער פינ־סטערניש, נאָר דער עיקר גייסטיגע ליכט אין געגענזאַץ צו איגנאָראַנץ, צו עם הארצות, צו אומוויסענהייט. ביי אונז אידען איז „ליכט" געוואָרען סינאָנים מיט וויסען, באַלעהרענטקייט, כאַראַקטער, גוט הארציגקייט און אַזוי ווייטער. מיר אידען רעדען פון אַ „ליכטיגע נשמה", אַ „ליכטיגע פּערזענליכקייט".

אין איינעם פון זיינע שירים האָט דער אונשטערבליכער חיים נחמן ביאליק ע"ה זיך געבעטען: „אור, אור, הב אור" (ליכט, ליכט, גיב ליכט).

איז ווען די תורה, אין דער היינטיגער סדרה זאָגט אונז אַז די מנורה, די כלי פון ליכט, מוז זיין פון דעם ריינסטען גאָלד, מיינט זי, אַז די וועלכע פאַרשפּרייטען ליכט אין אידענטום מוזען אַליין זיין פון זויבערען כאַראַקטער. און ווען זי זאָגט אונז, אַז אַלע זיבען ליכט מוזען ברענען, מוז מען דאָס פאַר־שטעהן אין דעם זין אַז דאָס גאַנצע פאָלק, די געפיהרטע פונקט ווי די פיהרער, מוזען זיין „ליכטיגע נשמות", מוזען וויסען וואָס אידישקייט און אידענטום אין אַלע זיינע פאַזען, ריכטונגען און שאַטירונגען, באַדייטען.

נאָך מעהר, די היינטיגע סדרה „בהעלותך" זאָגט בפירוש, אַז די, וועל־כע באַשעפטיגען זיך מיט „ליכט", מוזען פריהער זיך „רייניגען". זייער כאַ־ראַקטער מוז זיין זויבער, אָהן פּערזענליכע פּניות. „וכבסו בגדיהם", אפילו זייערע קליידער מוזען זיין ריין. זיי מוזען זיין אינערליך און אויסערליך זויבערע מענשען, אומבאַפלעקטע כאראַקטערס.

אויף „בהעלותך את הנרות" זאָגט דער מדרש (במדבר רבה פרשה י') די אידען האָבען געזאָגט צום רבונו של עולם: „לנו אתה אומר שנאיר לפניך? אתה הוא אורה של עולם והאורה דרה אצלך, דכתיב (דניאל ב, כב) ונהורא עמה שרא" — אונז זאָגסטו אַז מיר זאָלען דיך באַלויכטען? דו ביזט דאָך דאָס ליכט פון דער וועלט, דו אַליין ביזט דאָך דער קוואַהל פון ליכט, ווי עס שטעהט געשריבען אַז דאָס ליכט רוהט מיט איהם, זאָגסטו אונז גאָר „אל מול פני המנורה"?, האָט דער אויבערשטער זיי געענטפערט: „לא שאני צריך לכם

אלא שתאירו לי בדרך שהארתי לכם״ — ניט ווייל איך דאַרף אַז איהר זאָלט מיר לייכטען האָב איך אייך געהייסען אָנצינדען אַ מנורה, נאָר איך וויל אַז איהר זאָלט מיר לייכטען אַזוי ווי איך האָב אייך באַלויכטען, איהר זאָלט לייכטען מיט מיין ליכט, און פאַר וואָס? „לעלות אתכם בפני האומות, שיהיו אומרים: ראו האיך ישראל מאירין למי שהוא מאיר לכל העולם״ — כדי אייך צו דערהויבען אין די אויגען פון די פעלקער, זיי זאָלען זאָגען: זעהט ווי די אידען באַלויכטען דעם וואָס באַלייכט די גאַנצע וועלט.

זעהען מיר דערפון אַז ווען מיר לייכטען מיט דעם אויבערשטען׳ס ליכט, איז שטייגען מיר אפילו אין די אויגען פון די אומות העולם, וואָרום פאַר דעם אויבערשטען׳ס ליכט האָבען אפילו די פעלקער פון דער וועלט דרך ארץ.

און כאָטש מיר אידען זיינען דער „עם הספר״, דאָס פאָלק וואָס, ווען אַלע אַנדערע פעלקער זיינען נאָך געווען באַרבאַרען (און מאַנכע זיינען נאָך היינט אויך), האָט פּראָקלאַמירט צו דער וועלט אַ תורה, פונדעסטוועגען זאָגט אונז די תורה הקדושה „חוקה אחת יהיה לכם ולגר ולאזרח הארץ״ — איין געזעץ פאַר אַלע, סאַי פאַר דעם אידען, סאַי פאַר דעם פרעמדען איינוואוינער. אָט דאָס הייסט דעמאָקראַטיע! בעת היינט־צו־טאָג פאַרנעמט די פּער־זענליכקייט פון דעם יחיד, פון דעם איינצעלנעם מענשען, קיין שום פּלאַץ אין פאַרשידענע לענדער, און דער יחיד ווערט באַטראַכט ניט מעהר ווי אַ שרייפעל אין דער קאָלאָסאַלער שטאַאַטס־מאַשין, אַז ער איז געבוירען געוואָרען און עקזיסטירט בלויז צוליב דעם צוועק צו דיענען דעם שטאַאַט. אין דער צייט ווען אפילו היינט־צו־טאָג, אין דעם אַזוי־גערופענעם צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט, זיינען פאַראַן „קולטורעלע״ פעלקער וואָס מעסטען דעם יחיד׳ס עקזיסטענץ־באַרעכטיגונג נאָר לויט זיינע פעהיגקייטען צו דיענען דעם שטאַאַט, האָבען אידישקייט און אידענטום פון שטענדיג אָן באַטראַכט דעם יחיד׳ס עקזיסטענץ אַלס אַן אַבסאָלוטע באַרעכטיגונג אַן־און־פאַר־זיך אַליין. אדרבא, אידישקייט באַטראַכט דעם אינדיווידועלען מענשען׳ס לעבען ממש פאַר הייליג. דער תלמוד האָט שוין אַוועקגעשטעלט דעם פּרינציפּ כל המקיים נפש אחת... כאילו מקיים עולם מלא — (ווער עס האַלט אויף דאָס לעבען פון בלויז איין איינציגען מענשען איז פּונקט ווי ער וואָלט אויפגעהאַלטען די גאַנצע וועלט). איז פאַראַן אפילו היינט־צו־טאָג אַ פאָלק, וואָס האָט אַוועק־געשטעלט דעם איינצעלנעם מענשען, דעם יחיד, אויף אַזאַ הויכען פעדעסטאַל ? האַלט דאָך די אידישע לעהרע, אַז די גאַנצע וועלט איז באַשאַפען געוואָרען נאָר צוליעב דעם יחיד, נאָר צוליעב דעם אינדיווידועלען, איינצעלנעם מענ־שען! אָט דאָס הייסט דעמאָקראַטיע!

און די היינטיגע אַזוי גערופענע דעמאָקראַטישע לענדער האַלטען כלומר׳שט פון „מעדזשאָריטי רולס״ (די מעהרהייט רעגירט). האָט שוין אונזער תורה געזאָגט מיט טויזענטער יאָהרען צוריק „אחרי רבים להטות״. און דער תלמודישער פּרינציפּ איז „יחיד ורבים הלכה כרבים״ און „זיל בתר רובא״ — די מעהרהייט רעגירט. און גאָר באַזונדערס וויכטיג איז דער אידישער פּרינ־ציפּ, וואָס ווערט אויסגעדריקט אין דער קורץ־געפאַסטער אָבער פיעל־זאָ־גענדיגער באַהויפּטונג „בטל יחיד במעוטו״ — די מינדערהייט ווערט אויפ־

געלייזט אין איהר ווינציגקייט, נעמליך איהר ווינציגקייט איז איהר מאַכט־לאָזיגקייט!

די גמרא דערצעהלט אונז: „נפק לוי דרשה משמיה דרבי ולא קלסוה, משמיה דרבים וקלסוה" — לוי האָט געזאָגט אין נאָמען פון רבי, האָט מען ניט אָנגענומען. אָבער ווען ער האָט די זעלבע זאַך געזאָגט אין נאָמען פון אַ מעהר־הייט, האָט מען אַפּלאָדירט. מערקט, אייך, רבי איז דאָך געווען דער נשיא, דער פּרעזידענט, און ער איז באַקאַנט אַלס רבי הקדוש, און ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דער משנה, פונדעסטוועגען ווען לוי האָט געזאָגט אין זיין נאָמען, האָט עס ניט געהאָט די נויטיגע אויטאָריטעט. קוים, אָבער, האָט ער דאָס זעלבע ווידערהאָלט אין נאָמען פון אַ מאַיאָריטעט, פון אַ מעהרהייט, האָט עס געהאָט די נויטיגע אויטאָריטעט!

און עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקען, אַז ווען רבי שמעון בן יוחאי האָט איינעם געפרעגט פאַרוואָס ער טהוט אַ געוויסע זאַך, און יענער האָט איהם געענטפערט: „דו אַליין האַלטסט דאָך אַזוי", האָט רבי שמעון געענט־פערט: „מיינע חברים קריגען אויף מיר, און זיי זיינען די מעהרהייט"! וואָרום ווי זאָגט דאָס תלמודישע ווערטעל: „תרי אודי יבישי וחד רטיבא אוקדן יבישי לרטיבא" — צוויי טרוקענע גלאָווניעס און איינע אַ נאַסע גלאָווניע, פאַרברענען די טרוקענע די נאַסע. נעמליך, די מעהרהייט איז שטאַרקער.

און טאָמער מיינט איהר, אַז דאָס „וואָהל סיסטעם" פון דער אַזוי־גערו־פענער מאָדערנער דעמאָקראַטיע איז איהרע אַן ערפינדונג, האָט איהר במחילה אַ גרויסען טעות.

און אויב איהר ווילט וויסען וואָס עכטע, אמת'ע דעמאָקראַטיע איז, לעגט זשע צו די אויערען און הערט: ווען משה רבינו האָט זיך באַקלאָגט פאַר דעם בורא העולם, אַז עס איז פאַר איהם צו שוועהר צו טראָגען דעם יאָך פון פיהרערשאַפט, האָט דער אַלמעכטיגער איהם געענטפערט „אספה לי שבעים איש מזקני ישראל". נעם זיבעציג אָנגעזעהענע מענשען זיי זאָלען דיר העלפען. האָט משה רבינו זיך געפונען אין אַן אומבאַקוועמער לאַגע. עס זיינען געווען צוועלף שבטים, זאָל ער באַשטימען זעקס פון יעדען שבט, וועלען דאָך זיין צוויי־און־זיבעציג. זאָל ער, ווידער, באַשטימען פון אַ טייל שבטים צו פינף און פון אַ טייל שבטים צו זעקס, וועט עס דאָך ניט זיין דעמאָקראַטיע, נאָר דיסקרימינאַציע. איז וואָס־זשע האָט ער געטהון? ער האָט באַשטימט צוויי און זיבעציג קאַנדידאַטען, זעקס פון יעדען שבט, און ער האָט גענומען צוויי־און־זיבעציג צעטלעך. אויף יעדען איינעם פון זיבעציג צעטלעך האָט ער אויפגעשריבען דאָס וואָרט „זקן", און צוויי צעטלעך האָט ער איבערגעלאָזט ליידיג. די וועלכע האָבען אַרויסגעצויגען די ליידיגע צעטלעך, זיינען ניט באַשטימט געוואָרען אַלס פיהרער. אָט דאָס הייסט עהרליכע, עכטע דעמאָק־ראַטיע!

און הערט וויטער. היינט־צו־טאָג האָט יעדער פיהרער, סאַי ביי אונז, און סאַי ביי זיי, מורא פאַר זיין אייגענעם „דזשאָב". טאָמער דערשמעקט אַ פיהרער אַ וויכטיגען מיטגליד וואָס ווייזט אַרויס פיהרערשאַפט־פעהיגקייטע, צוימט ער איהם, ווייל ער האָט מורא טאָמער, אַ קשיא אויף אַ מעשה, וועט ער איהם „אַרונטערוואַרפען פון בענקעל". אָבער ווען אלדד און מידד האָ־

בען אָנגעהויבען נביאות זאָגען אין דער מחנה, און „וירץ הנער ויגד למשה ואמר אלדד ומידד מתנבאים במחנה" — און גרשום, משה׳ס זוהן (זעהט רש״י דאָרט) איז געקומען צולויפען און האָט געזאָגט משה׳ן אַז אלדד און מידד זאָגען נביאות, האַלטען רעדעס, און אַזוי ווייטער, און יהושע, משה׳ס אַדיו־טאַנט, האָט זיך אָנגערופען „אדני משה כלאם" — מיין האר משה, מען דאַרף זיי פאַרטיליגען, איז וואָס, מיינט איהר, האָט משה רבינו איהם געענטפערט? „ומי יתן כל עם ה׳ נביאים" — הלואי וואָלט דאָס גאַנצע אידישע פאָלק גע־וואָרען נביאים. ווייל משה רבינו, דער אמת׳ער עכטער דעמאָקראַט, איז ניט אויסען געווען זיין „דזשאָב", זיין שטעלע. ער איז אויסען געווען דעם וואויל־זיין פון דעם פאָלק, און פאַר דעם פאָלק. וואָס מעהר נביאים, וואָס מעהר עהרליכע, ערנסטע, איבערגעגעבענע, ניט־עגאָאיסטישע פיהרער אַלץ בעסער. און וואָס מעהר באַשיידען, וואָס מעהר עניו דער פיהרער איז, אַלץ גרעסער און היילינער איז זיין פיהרערשאַפט, און אַלץ אומשטערבליכער בלייבט זיין נאָמען אין דער געשיכטע פון זיין אייגען פאָלק, און אפילו אין דער געשיכטע פון אַנדערע פעלקער.

דערצעהלט אונז טאַקע די היינטיגע סדרה „והאיש משה עניו מכל האדם" — משה איז געווען דער באַשיידענסטער פון אַלע מענשען. זאָגט דער של״ה ז״ל דאַרויף אַ גוט ווערטעל: די ראשי תיבות פון „אדם" מאַכען אברהם, דוד, משה. דריי וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט עניוות, מיט באַשיידענקייט. אברהם אבינו האָט געזאָגט „ואנכי עפר ואפר" — איך בין בלויז ערד און אַש. דוד המלך האָט געזאָגט „ואנכי תולעת", איך בין אַ ווערעמיל. און משה רבינו׳ס עניוות האָט זיך אויסגעדריקט אין „ונחנו מה" — וואָס איז דער מענש, מ׳שטיינס געזאָגט, אינגאַנצען!

וואָרום באַשיידענקייט איז דעם מענשען׳ס ווערטפולסטע צירונג. און עס לוינט זיך אפילו פון דעם פראַקטישען שטאַנדפונקט צו זיין באַשיידען. אין לעבען איז עס אַ זעהר אָפטער פאַקט, אַז דער וואָס זייעט באַשיידענקייט, שניידט פריהער אָדער שפּעטער כבוד. האָט דאָך שוין דער בעל התהלים געזאָגט: „ענוים ירשו ארץ" — אַז די צוקונפט געהערט צו די באַשיידענע. די ראַליע וואָס באַשיידענקייט שפּילט ביי אידען, קען מען אויך זעהן פון צפניה הנביא׳ס פאָדערונג: „בקשו צדק, בקשו ענוה" — זוכט גערעכטיגקייט, זוכט באַשיידענקייט. ביידע, גערעכטיגקייט און באַשיידענקייט זיינען אויף איין שטופּע. זאָגען דאָך די חכמים ז״ל, אַז דער מענש זאָל זיין ניט ווי דער אושאַק פון דער טיר וואָס דעם מענשען׳ס האַנט קען ניט דערגרייכען, נאָר ער זאָל זיין ווי „די שוועל וואָס כאָטש אַלע טרעטען אויף איהר, בלייבט זי דאָך אויף איהר אָרט". די אידישע אנשויאונג איז „השפלתי היא הגבהתי", מיין זיך נידעריג האַלטען איז מיין דערהויבונג. וואָרום אויב אפילו דאָס זיך נידעריג האַלטען זאָל ניט ברענגען קיין ווירקליכע דערהויבונג אין וועל־כען עס איז ניט זין, מאַטעריעל אָדער גייסטיג, איז די באַשיידענקייט גופא אַ דערהויבונג.

עס זיינען פאַראַן צווייערליי סאָרטען באַשיידענקייט, זאָגט דער בעלזער רבי ר׳ שלום רוקח ז״ל. איינער, וואָס האַלט זיך אַליין פאַר גאָרניט, אָבער אויך אַז אַנדערע זיינען גאָרנישטען. אָט דער איז אַ פאַלשער עניו. דער

אמת׳ער עניו איז דער, וואָס איז איבערצייגט, אַז אַלע אַנדערע מענשען זיינען בעסער און שטעהען העכער פון איהם. גאָר אַ גוט ווערטעל זאָגט דער רבי ר׳ בונים פון פשיסכע ז״ל: אַ „איד״ (דער אות „י״) אויב ער איז צו גרויס, איז ער אויס „איד״. אַ טייער וואָרט וואָס יעדער איד דאַרף שטענדיג אין זינען האָבען. און דער רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער ז״ל פלעגט זאָגען: אויב אַ מענש געהט אַרום מיט דער שטאָלצער איינרעדעניש, אַז ער איז שוין „פאַרטיג, איז ער — „אָפּגעקאָכט״.

און ר׳ מענדעלע וויטעבסקער ז״ל האָט אַמאָל באַמערקט ווי איינער פון זיינע חסידים פּראָוועט חסידות אויף גאָר אַ שאַרפען אופן, אויסצייכענענ־דיג זיך מיט זיין התלהבות׳דיגען דאַווענען און לערנען, אָבער ער נעמט זיך גלייכצייטיג שטאַרק איבער דערמיט און שטאָלצירט וואָס ער האָט דערגרייכט אַזאַ הויכע מדרגה. האָט ער עס ניט געקענט פאַרטראָגען און האָט אַריינגע־רופען דעם חסיד צו זיך און צו איהם געזאָגט אַזוי: דער פסוק זאָגט: „אם יסתר איש במסתרים ואני לא אראנו נאום ה׳״. איז וואָס זשע מיינט עס? עס מיינט אָט וואָס: אם יסתר איש במסתרים ואני — אויב אַ איד פּראָוועט חסידישע שטיק און האָט דערביי אין זינען דעם „ואני״, דעם „איך״, זיך אַליין, זיין אייגענע גאוה, איז זאָגט דער אויבערשטער „לא אראנו״, אויף אַזעלכע גאַרנישטען וועל איך זיך אפילו ניט אומקוקען. אָבער „אם יסתר איש במסתרים ואני לא״ — ווען איינער טהוט עס און „ואני לא״, און זיך אַליין האָט ער ניט אין זינען, ער טהוט עס אָהן וועלכע עס איז פניות, דער „אני״, דער „איך״, איז דערביי ניטאָ, אויף דעם, זאָגט דער אויבערשטער „אראנו״, וועל איך זיך אומקוקען.

אָפּט מאָל פאַסירט עס אין לעבען, אַז דער וואָס האָט אין זינען בלויז זיין אייגענעם „איך״, און וויל אַז אַנדערע אויך זאָלען איהם באַטראַכטען פאַר דעם „אויבערשטען פון שטויסעל״, דוקא דער איז אַ גרויסער דורכפאַל. דער עולם איז שוין גאַרניט קיין גולם. מען קען איהם אָפּנאַרען איינמאָל, צוויי מאָל, אָבער ניט אַלע מאָל.

אַ באַוואוסטער מתנגדישער רב האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי׳ן ר׳ נפתלי ראָפּשיצער ז״ל: „איך בעט אייך, רבי, ערקלעהרט מיר, מיט וואָס האָט איהר עס אַזוי אויסגענומען ביי דעם עולם, וואָס צו אייך קומען אַזוי פיעל טויזענטער חסידים? קען איך דען ניט מעהר לערנען פון אייך? איז פאַר־וואָס־זשע קומען זיי צו אייך יאָ און צו מיר ניט?״

האָט דער ראָפּשיצער ז״ל איהם געענטפערט: „איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, איך אַליין וואונדער זיך אויך דערויף. עס איז מיר אויך אַ שטיקעל פלא. אָבער מיר דוכט זיך, אַז צו מיר קומען זיי דערפאַר, ווייל איך האָב זיי קיינמאָל ניט געפרעגט פאַרוואָס זיי קומען ניט, און צו אייך קומען זיי ניט ווייל איהר פרעגט...״

# שלח

די היינטיגע סדרה „שלח" דערצעהלט אונז אַ שטיק געשיכטע, וואָס איז געוויסערמאַס עהנליך צו אונזער איצטיגער צייט. די וועלט זאָגט, אַז „געשיכטע ווידערהאָלט זיך". איז דאָס זיכער אַ שטיק אמת. האָט דאָך שוין אונזער שלמה המלך, דער „חכם בן חכם", געזאָגט אין קהלת „מה שהיה הוא שיהיה ומה שנעשה הוא שיעשה, ואין כל חדש תחת השמש" — אַז אַלץ וואָס עס איז געווען, וועט זיין... און עס איז ניטאָ קיין שום נייעס אונטער דער זון. און אַז דער קלוגער שלמה, דער גרעסטער חכם וואָס די וועלט האָט פאַרמאָגט, האָט געזאָגט, קען מען זיך אויף איהם פאַרלאָזען.

אפילו אין משה רבינו'ס צייטען האָבען די אידען ניט אַזוי לייכט באַ־קומען ארץ ישראל. קודם כל האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו משה'ן „שלח לך אנשים", שיק דיר מענשען זיי זאָלען אויסקוקען דאָס לאַנד. איז וואָס פאַר אַ זין האָט דאָ דאָס וואָרט „לך"? ערקלעהרט רש"י ז"ל אויף דעם וואָרט „לך — לטובתך", פאַר דיין טובה וועגען שיק פריהער מרגלים. זאָגט דערויף רבינו בחיי ז"ל אַ גוט וואָרט, געמליך: ווען ניט די מרגלים, וואָלטען טאַקע די אידען געווען באַלד אַריינגעגאַנגען קיין ישראל. אָבער אַזוי ווי אויף משה רבינו איז נגזר געוואָרען, אַז ער זאָל בלויז זעהען דאָס לאַנד פון וויטען, און אין לאַנד גופא זאָל ער ניט אַריינקומען, איז ווען די אידען וואָלטען געווען באַלד אַריינגעגאַנגען אין זייער לאַנד, וואָלט ער דאָך געווען באַדאַרפט באַלד נפטר ווערען, האָט דער אַלמעכטיגער צו איהם געזאָגט: „שיק מרגלים פאַר דייך טובה וועגען". וואָרום דורך די זינד פון די מרגלים זיינען די אידען אַריינגעגאַנגען קיין ארץ ישראל מיט אַ פערציג יאָהר שפּעטער, האָט משה רבינו דערווייל געלעבט נאָך אַ פערציג יאָהר. און גלויבט מיר, אַז צוליב אַזאַ פיהרער ווי משה רבינו האָט זיך טאַקע געלוינט צו וואַלגערען אין דער מדבר נאָך פערציג יאָהר.

און געשיקט האָט משה צוועלף מרגלים, איין פאָרשטעהער פון יעדען שבט. דאָס איז העכסט דעמאָקראַטיש. און ניט אַלע מרגלים זיינען געווען פּחדנים. ניט אַלע מרגלים זיינען געווען פאַררעטער. עס זיינען געווען צווישען זיי אַזעלכע גרויסע „פּאַטריאָטען" ווי כלב בן יפונה פון שבט יהודה, און יהושע בן נון פון שבט אפרים. און כאָטש זיי זיינען געווען בלויז צוויי געגען צעהן, האָבען זיי דאָך גובר געווען. וואָרום דער אמת און עהרליכקייט זיגען שטענדיג.

נאָכדעם ווי די אַנדערע צעהן מרגלים האָבען איבערגעגעבען זייער „רעפּאָרט" און אָנגעשראָקען די אידען, אַז זיי זאָלען ניט געהן קיין ארץ־ישראל, ווייל כאָטש דאָס לאַנד איז טאַקע „זבת חלב ודבש" — אַ לאַנד פון מילך און האָניג און פון טייערע פירות, זיינען אָבער די איינוואוינער אַ שטאַרק פאָלק, און האָבען פאַרפעסטיגטע שטעדט; עס זיינען דאָרט פאַראַן „ריעזען".

און עמלק, דער צורר ישראל, זיצט אין נגב; החתי, און דער יבוסי, און דער אמורי וואוינען אויף דעם באַרג, און דער כנעני זיצט ביים ים און ביים ירדן, איז „ויהס כלב", האָט כלב זיך אויפגעשטעלט און געהאַלטען אַ פייערדיגע רעדע „אל משה". געמיינט האָט מען, אַז אויך ער וועט רעדען געגען משה'ן, אָבער ער האָט אויסגעשריען: „איז דאָס די גאַנצע זאַך וואָס דער בן עמרם (משה) האָט פאַר אונז געטהון? ער האָט אונז געשפּאָלטען דעם ים, ער האָט אונז געגעבען דעם מן, ער האָט אונז געגעבען דעם שליו — פויגעל פלייש — איז אפילו ווען ער זאָל אונז זאָגען „עלה נעלה", אַז מיר זאָלען מאַכען לייטערס אַרויפצוגעהן אויף דעם הימעל, וועלען מיר אויך מצליח זיין!" און אָט די פסיכאָלאָגישע רעדע האָט טאַקע געהאַט די גויטיגע ווירקונג. די אידען זיינען טאַקע אַריינגעגאַנגען אין ארץ ישראל.

אמת, זיי זיינען אַריינגעגאַנגען ערשט מיט עטליכע צעהנדליג יאָהר שפּעטער. וואָרום אויך אַ קאַץ קען קאַליע מאַכען. אָבער ניט די מרגלים האָבען געוואונען, ניט די פּאַררעטער האָבען געזיגט. זיי האָבען איינגענומען אַ מיתה משונה, און כלב בן יפונה, און יהושע בן נון, נעמליך, דער אמת'ער פּאַטריאָטיזם האָט געזיגט. און געשיכטע ווידערהאָלט זיך: אויך איצט האָבען די געטרייע קינדער, די וועלכע האָבען מיט פּאַטריאָטישען ברען געקעמפּט פאַר אונזער לאַנד, געוויגען.

און פאַרוואָס, מיינט איהר, זיינען די מרגלים געוועזען דאַגעגען? ווייל משה רבינו האָט געשיקט „ראשי בני ישראל", די פיהרער, און פיהרער האָבען קודם כל מורא פאַר זייער אייגענער שטעלע. די פיהרער האָבען מורא געהאַט, אַז אין ארץ ישראל וועלען זיי פאַרלירען זייער חשיבות, זייער פיהרערשאַפט, וואָרום ניט יעדער איינער, וואָס פּאַסט זיך צו זיין אַ פיהרער ביי אידען אין גלות, איז ראוי צו זיין אַ פיהרער ביי אידען אין ארץ ישראל.

איז, אַז איהר וועט אַריינקוקען אין רש"י אויף „שלח לך", וועט איהר זעהן אַז רש"י ז"ל באַמערקט פאַרבייגעהענדיג „לדעתך, אני איני מצוה לך, אם תרצה שלח". דער אויבערשטער, די דעמאָקראַטיע אַליין, האָט געזאָגט צו משה'ן: „איך באַפעהל דיר ניט צו שיקען, נאָר „שלח לך", אויב דו ווילסט, שיק. זאָגט דערויף דער „מעדני מלך" „אני, איני מצוה לך" קיין „אני'ס" — קיין „איך'ס", קיין פיהרער זאָלסטו ניט שיקען. האָט אָבער אַפּנים משה דאָס נישט געכאַפּט, און ער האָט געשיקט „ראשי בני ישראל", ער האָט געשיקט פיהרער, האָט עס די אידען געקאָסט אַ פּאָר צעהנדליג יאָהר אין דער מדבר. לערנען מיר דערפון, אַז פיהרער דאַרף מען טאַקע פאָלגען, אָבער גלייכצייטיג דאַרף מען האַלטען אויף זיי אַן אויג צי שטעלען זיי דעם אינטערעס פון פאָלק העכער פון פערזענליכע אַמביציעס. ווי זאָגט דאָס ווערטעל: „כבדהו וחשדהו" — האַלט איהם עהרליך, גיב איהם אָפּ דעם געהעריגען כבוד, אָבער גלייכצייטיג האַלט אויף איהם אַן אויג. קוק זיך גוט צו צי מיינט ער טאַקע מיט אַן ערנסט דעם וואוילזיין פון דעם פאָלק.

זיינען טאַקע די מרגלים, אויסער יהושע בן נון און כלב בן יפונה געוועזען מיאוסע פאַררעטער, אָבער אפשר זיינען זיי דאָך ניט אינגאַנצען שול־דיג געוועזען. פאָרט בלויז מענשען, און אַ מענש האָט אַ יצר הרע, און אַז דער

יצר הרע רעדט אָן, איז וואָס־זשע קען מען טהון? ניט יעדער מענש איז שטאַרק גענוג בייצוקומען דעם יצר הרע.

ר' נפתלי ראָפּשיצער ז״ל איז אינגעלוויז געווען אַ גרויסער שטיפער, אַ מזיק, ער פלעגט „איבערקעהרען די וועלט״. האָט אַ מאָל זיין פאָטער ז״ל איהם אויסגע׳מוסר׳ט: „שוין צייט, נפתלי, זאָלסט אָוועקוואַרפען די קינדישע נאַרישקייטען, ווערען אַ מענש און זיך נעמען צום לערנען״. „אָבער וואָס זאָל איך טהון״, ענטפערט דאָס אינגעל, „אַז איך האָב אַ יצר הרע וואָס רעדט מיך אָן צו שלעכטע מעשים, איך בין ניט שולדיג, דער יצר הרע איז שולדיג״. „אדרבא, מוסר׳ט ווייטער דער פאָטער, פון דעם יצר הרע גופא קענסטו זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר. פאַרוואָס רעדט ער דיך אָן צו שלעכטע מעשים? וואָס האָט ער דען דערפון? איז דער תירוץ אַז ער פאָלגט דעם רבונו של עולם, וואָס האָט איהם באַשאַפען אָנצורעדען מענשען צו טהון שלעכטע מעשים. איז לערען זשע זיך אָפּ פון איהם און פאָלג אויך דעם רבונו של עולם, צו געהן בדרך הישר און צו באַגעהרען צו לערנען״. „דער חילוק איז״, האָט געענטפערט דער קליינער נפתלי, „וואָס דער יצר הרע האָט ניט קיין יצר הרע וואָס זאָל איהם אָנרעדען ניט צו פאָלגען דעם רבונו של עולם, אָבער איך האָב יאָ אַ יצר הרע״.

איז וואָס אייגענטליך זענען די מרגלים געווען אַזוי שולדיג? זיי זיינען דאָך געווען בלויז שטערבליכע מענשען, און האָבען ניט געקענט גובר זיין דעם יצר הרע! זאָגט אָבער די גמרא „מה ביאה בעצה רעה אף הליכה בעצה רעה״ — פונקט ווי זייער צוריק קומען פון זייער מיסיע איז געווען מיט אַ שלעכטע עצה, נעמליך אַז די אידען זאָלען ניט געהן קיין ארץ ישראל, און זיי האָבען אָנגעגעבען אַלערליי אורזאַכען ווי למשל: דאָס לאַנד איז באַזעצט פון אַ מעכ־טיג פאָלק, די שטעדט זיינען באַפעסטיגט, עס זיינען דאָרט פאַראַן ריעזען, עמלק וואוינט אין דער געגענד... אַזוי איז זייער געהן אויספיהרען דאָס שליחות לכתחילה געווען צו געבען אַ שלעכטע עצה, צו ראַטען די אידען ניט צו געהן קיין ארץ ישראל. ביי זיי איז געווען „סוף מעשה במחשבה תחילה״, זייער געהן אויסקוקען דאָס לאַנד איז לכתחילה געווען מיט דעם געדאַנק צוריק צוקומען און אָפּרעדען די אידען פון צו געהן קיין ארץ ישראל. דאָס איז אַ מיאוסע פאַררעטערישע האַנדלונג, און דערפאַר דער האַס געגען זיי.

איז ווייסען מיר טאַקע, אַז די מרגלים איז ניטאָ וואָס מקנא צו זיין. זיי האָבען גערעדט לשון הרע אויף ארץ ישראל, האָבען זיי איינגענומען אַ מיתה משונה, און האָבען ניט קיין חלק אויף יענער וועלט. וואָרום לשון הרע איז אַ שרעקליכע מידה. וואָס דאַרפט איהר מעהר? כביכול אַליין זאָגט „אין אני והוא יכולין לדור בעולם״ — איך און דער לשון הרע׳ניק קענען ניט עקזיסטירען צוזאַמען. דער אמת און לשון הרע קענען ניט עק־זיסטירען צוזאַמען. אונזערע אור־עלטערען האָבען אויספּרובירט דעם אוי־בערשטען ניט ווייניגער ווי צעהן מאָל, אָבער באַשטראָפט זיינען זיי געוואָרען בלויז פאַר רעדען לשון הרע. מרים האָט אַביסעל „אונטערגערעדט״ אויף משה רבינו, איז זי באַשטראָפט געוואָרען מיט אַ הויט־קראַנקהייט, כאָטש זי איז געווען די שוועסטער פון משה רבינו און אהרן הכהן, די טאָכטער פון עמרם, וואָס איז געווען אַ „גדול הדור״, און איז אַליין געווען אַ נביאה. דוד המלך

האָט זיך בלויז צוגעהערט צו לשון הרע. איז כאָטש פון איהם דאַרף אָפּשטאַ־מען משיח, איז ער דאָך באַשטראָפט געוואָרען: און זיין מלוכה איז צעטיילט געוואָרען, און דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, אַז די אידען האָבען, רחמנא לצלן, געדינט פרעמדע אָפּגעטער און זיינען סוף כל סוף פאַרטריבען געוואָרען פון זייער לאַנד. אפילו ישעיהו הנביא, דערפאַר וואָס ער האָט גערעדט אויף די אידען און געזאָגט „בתוך עם טמא שפתים אנכי יושב" „איך זיץ צווישען אַ פאָלק וואָס האָט אומריינע לעפצען", איז ער באַשטראָפט געוואָרען.

וואָרום לשון הרע איז אַ שרעקליכע זאַך. די גמרא דערצעהלט: מען פרעגט דעם שלאַנג: „וואָס פאַר אַ הנאה, אייגענטליך האָסטו פון דיין בייסען? מילא דער לייב, דער וואָלף, בייסען, זיי פאַרצוקען זייער קרבן און האָבען דערפון הנאה, עס זעטיגט זייער הונגער. אָבער דו, וואָס פאַר אַ הנאה האָסטו פון דיין בייסען?!" ענטפערט דער שלאַנג: „נו, און וואָס פאַר אַ הנאה האָט דער לשון הרע'ניק פון זיין באַרעדען דעם צווייטען?" מען פרעגט דעם שלאַנג: „פאַרוואָס איז עס, אַז ווען דו בייסט, איז כאָטש דו בייסט בלויז איין אבר, פיהלען עס דאָך אַלע אברים?" און דער שלאַנג ענטפערט: „מיך פרעגט איהר? געהט פרעגט דעם לשון הרע'ניק וואָס רעדט לשון הרע אין רוים און הרג'עט אין סיריע!" וואָרום רעדען לשון הרע איז אַזוי געפעהרליך, אַז עס טויטעט דריי מענשען אויף איין מאָל: דעם דערצעהלער, דעם צוהערער, און דעם ווע־גען וועמען דאָס לשון הרע ווערט גערעדט. דערפאַר, טאַקע, געפינט זיך די צונג אונטער אַ דאָפּעלטען שלאָס, איינעם פון ביין (די צייהן — און איינעם פון פלייש (די ליפּען), אַז דער מענש זאָל זיך גוט איבערלייגען איידער ער זאָגט אַרויס אַ וואָרט. וואָרום איידער דער מענש לאָזט אַרויס דאָס וואָרט, איז ער בעל הבית איבער דעם וואָרט, קוים אָבער לאָזט ער אַרויס דאָס וואָרט, איז דאָס וואָרט בעל הבית איבער איהם.

און ליידער האָט דער רעפּאָרט פון די פאַררעטערישע מרגלים גע־ווירקט. אַזוי איז שוין די נאַטור פון די שוואַכע, און די שוואַכע זיינען שטענ־דיג אין דער מערהייט „ותשא כל העדה ויתנו את קולם... וילנו על משה ועל אהרן" — די אידען האָבען געוויינט און געקריגט אויף משה'ן און אויף אהרן'ען. און דער רבונו של עולם האָט געזאָגט: „במדבר הזה יפלו פגריכם", אין דער דאָזיגער מדבר וועט איהר אומקומען. מענשען, וואָס פאַרשטעהען נישט, וואָס זיינען ניט וויליג עפּעס מקריב צו זיין פאַר זייער אייגען לאַנד, זיינען ניט זוכה, פאַרדינען ניט, אַריינצוגעהן אין זייער אייגען לאַנד.

און כאָטש די סדרה זאָגט אונז „וישכימו בבקר ויעלו אל ראש ההר לאמר הננו ועלינו אל המקום אשר אמר ה' כי חטאנו" — כאָטש נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך איבערלייגט און איינגעזעהן, אַז די מרגלים פאַרפיהרען זיי, און זיי האָבען אויסגעשריען „חטאנו", מיר האָבען געזינדיגט, און זיי זיינען געווען גרייט צו פאָלגען זייער פיהרער משה און אַריינגעהן קיין ארץ ישראל, איז זייער תשובה פאָרט נישט אָנגענומען געוואָרען. זאָגט דערויף דער דוב־נער מגיד ז"ל אַ פיינעם משל: אַן אויפגעקומענער גביר האָט געוואָלט טהון אַ שידוך מיט זיין טאָכטער, זיינען געקומען שדכנים און איהם פאָרגעלייגט צוויי שידוכים. איין שידוך מיט אַ גביר'יש זונדעל, אָבער ער איז געווען אַן עם הארץ, אַ גראָבער יונג, אַ פאַרדאָרבענער כאַראַקטער, אַן אויסוואורף, און

אַ צווייטען שידוך דוקא מיט אַן אידעלען בחור, אַ מענש מיט מעלות, מיט גוטע מידות און אַ זוהן פון אַ גרויסען למדן, אָבער ניט קיין גרויסער גביר, אַ בעל הבית מיט אַלע בעלי בתים גלייך... איז אויסגעקליבען האָט דער כלה'ס פאָטער דעם צווייטען שידוך, אָבער ער האָט געשטעלט אַ תנאי, אַז דער מחותן מוז אויסשטאַטען די כלה מיט אַ שעהנער גאַרדעראָבע, און אַחוץ דעם מוז ער געבען דער כלה אַ פּאָר בריליאַנטענע אויערינגלעך. אָבער אַזוי ווי דעם חתן'ס פאָטער האָט ניט געוואָלט נעמען אויף זיך קיין שום התחייבות'ען, האָט דער כלה'ס פאָטער ערקלעהרט אַז אויב אַזוי וועט ער בעסער זיך משדך זיין מיט דעם גביר, מיט דעם עם הארץ, וואָס וועט ניט זשאַלעווען קיין מתנות פאַר דער כלה (מאָני טאָקס). האָבען זיך אָבער געפונען גוטע פריינד, און איהם געראָטען צו טהון דעם ערשטען שידוך. האָט ער גע־פּאָלגט און מסכים געווען. איז אָבער אָנגעקומען אַ ידיעה פון דעם מחותן, אַז איצט וויל „ער" ניט, ווייל אויב ביי איהם איז רעכט געווען אַז צוליב אַ פּאָר אויערינגלעך, זאָל ער בעסער זיך משדך זיין מיט אַ גראָבען יונג, איז אַ סימן, אַז ער אַליין איז אַ גרויסער גראָבער יונג, אַז תורה און יחוס זיינען ביי איהם גאָרנישט ווערט, זיינען זיי דערפאַר ניט קיין פּאַסענדע מחותנים.

אָט דאָס נעמליכע איז געווען מיט דעם דור המדבר און מיט די מרגלים, זאָגט דער דובנער מגיד. אַז ווי באַלד עס איז ביי זיי רעכט געווען צוריקקומענ־דיג פון ארץ ישראל, אויסצורעדען אויף אונזער הייליג לאַנד אַלדאָס בייז, און צו טענה'ן, אַז אין מצרים קען מען קריגען מעהר פיש און נאָך ביליגער, און דאָס איז זיי ליעבער ווי ארץ ישראל, איז אַ סימן, אַז עס פעהלט זיי דער העכ־כערער, דער איידעלערער באַגריף פאַר ארץ ישראל. און אַזעלכע וואָס מעסטען ארץ ישראל מיט דער מאָס פון „ביליגע פיש", פון „מאַכען אַ לעבען", אַזעל־כע קענען מיט דעם הייליגען לאַנד ניט זיין קיין מחותנים. און רבי יצחק אלחנן ז"ל האָט שוין באַמערקט: אַלע חטאים האָט מען די אידען מוחל געווען, אפילו די זינד פון דעם „עגל הזהב" (פון דעם גאָלדענעם קאַלב) אָבער די זינד פון די מרגלים, פון די נאַציאָנאַלע פאַררעטער, האָט מען זיי ניט גע־וואָלט מוחל זיין, פאַרוואָס? ווייל אויף יעדער זינד, סאַי אויף דער זינד צווי־שען מענש און מענש, סאַי אויף דער זינד פון מענש געגען אויבערשטען, איז תשובה מכפּר, אָבער אויף אַ זינד, וואָס מען באַגעהט געגען פאָלק, אַזאַ זינד קען קיין תשובה ניט אָפּווישען. דער נביא עמוס האָט שוין אויסגעשריען „בחרב ימותו כל חטאי עמי" — די אַלע, וואָס זינדיגען געגען מיין פאָלק, זאָלען אומקומען דורך דער שווערד.

אַלזאָ, „געשיכטע ווידערהאָלט זיך". אונזער דור לעבט איצט איבער די זעלבע געשיכטע. מען האָט אונז געגעבען אונזער לאַנד, אָבער עס פאָ־דערט זיך נאָך, לײדער, פיעל ארבייט און שוויס, מיה און ענערגיע און פיעל געלט. איז לאָמיר ניט זיין קיין „חטאי עמי". לאָמיר ניט זינדיגען געגען אונזער אייגען פאָלק און לאַנד, און לאָמיר העלפען מיט אַלץ וואָס מיר קענען, און מיט נאָך מעהר.

אויסער אַ קאַפּיטעל ציוניזם לערענט אונז די היינטיגע סדרה אַ ריין רעליגיעזע זאַך. די היינטיגע סדרה הייסט אונז טראָגען ציצית, ווען מיר זיך דערמאָנען דעם אויבערשטענ'ס מצוות. זיינען פאַראַן מענשען, וואָס

לאַכען דערפון. מאַכען אַ קניפּ אין פּאַרטשיילעכעל, אַז זיי זאָלען עפּעס ניט פאַרגעסען, דאָס יאָ, אָבער ציצית וואָס זאָל זיי דערמאָנען אין די מצוות, דאָס ניט. איז כדאי צו דערצעהלען אַן אינטערעסאַנטען עפּיזאָד:

אויף אַ רבנים פאַרזאַמלונג אין פּעטערבורג, אין די צייטען פון ני־קאָלאַי דעם ערשטען, איז דער ראש המדברים געווען ר׳ איטשעלע וואָלאָ־זשינער ז״ל, מיט וועלכען נאַטשאַלסטוואָ האָט זיך שטאַרק גערעכענט, און האָט געוואָלט ביי איהם פּועל׳ן, אַז אידען זאָלען זיך אָנהויבען „בילדען״, אָנטהון קורצע קליידער, אָפּשניידען די פּיאות און אַזוי ווייטער. דער קאַזיאָני ראַ־בינער ד״ר לילינטאַל האָט געהאַלטען אין איין אַגיטירען, אַז די אידען זאָלען זיך אָנהויבען פיהרען „מעשה דייטש״.

רופט זיך אָן ביי דער אסיפה דער מיניסטער אָוואַראָוו צו ר׳ איטשע־לען: „צו וואָס, ראַבין, דאַרפסטו טראָגען אַזאַ לאַנגען טלית קטן, מען קען דאָך זיין אַ פרומער איד און די ציצית זאָלען זיך ניט נאָכשלעפּען; ד״ר לילינ־טאַל איז זיכער אויך אַ רעליגיעזער איד, אַ ראַבין, און טראָגט זיכער אַ טלית קטן, און די ציצית שלעפּען זיך ניט נאָך״. ענטפערט ר׳ איטשעלע: „אדוני מיניסטער, מיר אידען טראָגען ציצית כדי אונז צו דערמאָנען אין די מצוות וואָס דער אויבערשטער האָט אונז געבאָטען. איז אַזאַ מענש ווי ד״ר לילינטאַל, אַ געבילדעטער מענש, מיט אַ גוטען זכרון, איז פאַר איהם גענוג אַ קליינער טלית קטן מיט קליינינקע ציצית איהם צו דערמאָנען. אָבער איך, אַ פּאַרצייטישער איד, אַן עלטערער מענש, דער זכרון איז שוין שוואַכליך, מוז איך טראָגען אַ גרויסען טלית קטן מיט לאַנגע ציצית...״

און אַז מיר האַלטען ביי ציצית איז כדאי צו דערמאָנען פאָלגענדעס: אין במדבר טו, לח־מ ווערט געבראַכט די מצוה פון ציצית, נעמליך, דבר אל בני ישראל ואמרת אליהם ועשו להם ציצת... באַמערקט רש״י ז״ל אויפ׳ן אָרט (פסוק מ) אַז ציצת באַטרעפט זעקס הונדערט, און מיט די אַכט פעדים, און די פינף קניפּען באַטרעפט עס זעקס הונדערט דרייצעהן געגען די תרי״ג מצוות. אָבער אין פסוק שטעהט דאָך „ציצת״, אָהן דעם צווייטען „י״, באַטרעפט עס דאָך בלויז זעקס הונדערט און דריי? ענטפערט דער „דעת זקנים מבעלי התוספות״ עס שטעהט: ...ועשו להם ציצת... ונתנו על ציצת... והיו לכם לציצת, פעהלען דאָך דריי „יוד׳ן״, נעמליך דרייסיג, איז די „ל״ פון „לציצת״, וואָס באַטרעפט דרייסיג, דעקט די דריי יוד׳ן וואָס באַטרעפען אויך דרייסיג.

# קרח

די היינטיגע סדרה „קרח" דערצעהלט אונז וועגען אַ געוואַלדיגען מחלוקת אין די אידישע רייהען. מיר אידען האַלטען טאַקע שטאַרק פון שלום, ווייל מיר ווייסען, אַז דער ערגסטער שלום איז בעסער פון דער בעסטער מלחמה. מיר ווייסען, אַז אָהן שלום קען קיין מענש אין דער וועלט ניט האָבען קיין גליקליך לעבען און קיין פאָלק קען ניט פיהרען אַ רוהיג לעבען. זיינען טאַקע אונזערע געבעט־ביכער פול מיט תפילות פאַר שלום. און די חכמים ז"ל האָבען שוין געזאָגט (פרקי אבות, פרק חמישי) „כל מחלוקת שהיא לשם שמים סופה להתקים" — אַ מחלוקת וואָס איז פאַר דעם אויבערשטענ'ס וועגען, קען אויסהאַלטען, אָבער אַ קריגערײ ניט צוליב דעם פאָטער אין הימעל, נאָר צוליב פערזענליכע אינטערעסען מוז דורכפאַלען. און וועלכע מחלוקת איז ניט פאַר דעם אויבערשטענ'ס וועגען? און די חכמים ז"ל ענט־פערען — „מחלוקת קרח וכל עדתו" — דאָס מחלוקת פון קרח'ן און זיינע נאָכפאָלגער געגען משה רבינו.

זיינען מיר אידען טאַקע פאַר שלום. קוים אָבער שמעקט עס מיט פאָליטיק, אָדער מיט אַ ביסעלע פערזענליכען כבוד, ווייסט די מחלוקת אין אונזערע רייהען ניט קיין גרעניץ. מיר זעהען דאָס אין אַלע דורות, און אַזוי איז עס שוין געווען אין די צייטען פון משה רבינו. ווען משה האָט אָנגעהויבען איינפיהרען אָרדנונג און באַשטימען פיהרער פאַר רעליגיעזע און ציווילע ענינים, האָט קרח, טאַקע משה'ס אַ וויטער קוזין, געמאַכט אַ רעוואָלוציע געגען איהם. אין דער שפּיץ פון צוויי הונדערט פופציג אָנגע־זעהענע מענשען האָבען זיי זיך פאַרזאַמעלט געגען משה און אהרן, און זיך געבונטעוועט: סטייטש, וואָס הייסט עס? און זיי האָבען געשריגען „רב לכם... ומדוע תתנשא על קהל ה'" — דאָס גאַנצע פאָלק איז הייליג, איז וואָס עפּעס שטעלט איהר זיך העכער פון אַלע אידען?

קען מען דאָך מיינען, אַז קרח האָט זיך אָנגענומען די קריוודע פון דעם פאָלק, הויבט עס זיך גאָרניט אָן. אַז משה, וואָס ווערט אָנגערופען דער „געטרייער פאַסטוך", איז געווען די אידען געטריי פונקט ווי קרח, און נאָך מיט אַ שמיצעל אַריבער, פאַרשטעהט איהר דאָך אַליין. נאָר וואָס דען, קרח האָט טאַקע געמיינט זיך אַליין. ער האָט געשריגען, אַז אַזוי ווי משה איז מלך, דאַרף ער, קרח, ווערען כאָטש כהן גדול. און ווי עס זעהט אויס, איז קרח געווען אַ גרויסער רעדנער, אַן אָראַטאָר, און אַ דעמאַגאָג דערצו, און ער האָט געהאַלטען פייערדיגע רעדעס. צוערשט האָט ער געוואָלט פּשוט אָפּשפּעטען פון משה'ן. ער האָט אויסגעשריען צו משה'ן: אַ טלית, וואָס איז אינגאַנצען פון תכלת, דאַרף ציצית צי ניט? ער האָט דערמיט געמיינט צו זאָגען, אַז אַזוי ווי דאָס גאַנצע פאָלק ישראל איז הייליג, איז צו וואָס־זשע דאַרף מען עפּעס פאַרשטעהער? יעדער איד קען דאָך זיין אַ פאַרשטעהער. ער

האָט אָבער ניט פאַרשטאַנען, אַז כאָטש דאָס גאַנצע פאָלק ישראל איז טאַקע הייליג, אַ גוי קדוש, דאַרף אָבער זיין אַ פאַדעם וואָס דורך איהם ציהט זיך די פאַראייניגונג פון דעם גאַנצען פאָלק (זעהט מלבי״ם). אלע אברים פון דעם מענשען׳ס קערפּער זיינען וויכטיג, אָבער אָהן אַ חוט השדרה, צי אָהן אַן אָדער, וואָס זאָל פיהרען דאָס בלוט צו אַלע אברים, קען דער מענש ניט עקזיסטירען קיין איין מינוט.

אָט מיט אַזעלכע דעמאַגאָגישע רעדעס האָט קרח געפּרואווט אונטער־מינעווען די אויטאָריטעט פון משה רבינו, פון אהרן הכהן און פון דער גאַנצער תורה, אָבי ער זאָל ווערען כהן גדול.

יאָ, עס זיינען פאַראַן מענשען, טאַקע אויך היינט צו טאָג, און אפילו צווישען אחינו בני ישראל, וואָס צוליב דעם ביסעלע כבוד ווילען זיי זיך פאַר גאָרניט אָפּשטעלען און רעדען אפילו על ה׳ ועל משיחו. קרח איז געווען אַ געוואַלדיגער גביר. עס איז פאַראַן אַ סברא, אַז ער איז געווען דער רייכסטער מענש וואָס די וועלט האָט ווען עס איז געהאַט. וואָרום יוסף האָט באַהאַלטען אין מצרים דריי אוצרות. האָט קרח געפּאַקט איינעם פון די אוצרות. און אַזוי רייך איז קרח געווען, אַז דריי הונדערט אייזלען האָט מען באַדאַרפט צו פיהרען בלויז די שליסלען, וואָס זיינען געווען פון לעדער, פון די אוצרות. און אַז מען איז אַזוי רייך, גלוסט זיך אַביסעל כבוד אויך. אַזוי איז שוין די נאַטור פון דעם מענשען. וואָס ער זאָל ניט האָבען, און וויפיעל ער זאָל ניט פאַרמאָגען, וויל ער נאָך. ער האָט געהאַט גענוג רייכטום, האָט ער געוואָלט כבוד, און דאָס האָט איהם ניט אָפּגעהאַלטען פון צו מאַכען חוזק ניט נאָר פון משה׳ן און אהרן׳ען, נאָר אפילו, רחמנא לצלן, פון דער תורה אַליין.

פרעגט טאַקע רש״י ז״ל „וקרח שפקח היה מה ראה לשטות זה?״ קרח איז דאָך געווען אַ חכם, ווי קומט עס ער זאָל זיך אַזוי באַנאַרישען? נאָר דער תירוץ איז, אַז דאָס אויג האָט איהם אָפּגענאַרט. ער האָט געזעהן, אַז פון איהם וועט אַרויסקומען אַ „גרויסע קייט״. ער האָט נעמליך געזעהן, אַז פון איהם וועט אַרויסקומען שמואל הנביא, וואָס וועט זיין „שקול כנגד משה ואהרן״, האָט ער ביי זיך געטראַכט, אַז אין שמואל הנביא׳ס זכות וועט ער ניצול ווערען. האָט ער אָבער געהאַט אַ טעות אין חשבון. און משה רבינו האָט טאַקע בעסער געזעהן, נעמליך, קרח׳ס קינדער האָבען תשובה געטהון, זיינען זיי טאַקע ניצול געוואָרען פון גיהנום, אָבער ניט קרח.

און ווער מיינט איהר איז שולדיג געווען אין דעם? קרח׳ס ווייב. זי האָט איהם אונטערגעהעצט! געלט האָט איהר ניט געפעהלט, האָט זי געוואָלט זיין אַ „גרענד־דאַמע״. האָט זי איהם געהאַלטען אין איין ערגערען, און זי האָט גע׳טענה׳ט: „זעה, משה איז אַ מלך, אהרן איז אַ כהן גדול, און וואָס ביזטו?״ איז דאָך אַ מאַן ניט מעהר ווי אַ מענש. און אַז אַ ווייב טשעפּעט זיך אָן, איז וואָס טהוט מען ניט צוליב שלום בית? האָט ער אָנגעהויבען די מחלוקת געגען משה׳ן און אהרן׳ען, און אפילו געגען דער תורה. און געדענקט אַז אַ פרוי שטעלט דעם מאַן אויף די פיס, און אַ פרוי וואַרפט איהם פון די פיס. ניט קיין קלענערער ווי דער גרעסטער חכם פון דער וועלט, שלמה המלך אַליין, האָט שוין געזאָגט אין משלי יד, א אַז „חכמות נשים בנתה ביתה, ואולת בידיה תהרסנו״ — אַ קלוגע פרוי בויט אויף דאָס הויז, און אַ נאַרישע

פרוי צעשטערט עס מיט איהרע אייגענע הענט. קורח׳ס פרוי האָט איהם רואינירט, איז ער, מיט אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט, איינגעזונקען געוואָרען. אָבער די פרוי פון און בן פלת, וואָס איז אָנפאַנג אויך געווען פון קרח׳ס נאָכ־פאָלגער, האָט איהם אָפּגעראַטעוועט פון אַ זיכערען טויט. וואָרום זי האָט צו איהם גע׳טענה׳ט: „וואָס אַרט דיך צי משה און אהרן זיינען די פיהרער, צי קרח איז דער פיהרער" (זעהט סנהדרין קט, ב—קי, א). איז ער טאַקע ניצול געוואָרען.

און וואָס, מיינט איהר, איז געווען קרח׳ס טעות? וואָס האָט איהם פאַר־פיהרט? יחוס. ער האָט געהאַלטען, אַז אַזוי ווי ער שטאַמט אויך אָפּ פון שבט לוי, פונקט ווי משה רבינו, קומט איהם אויך כבוד. איז יחוס טאַקע אַ גרויסע זאַך. אָבער „יחוס עצמו" איז אויך עפּעס ווערט. און יחוס עצמו האָט קרח ניט געהאַט. משה רבינו, ניט קוקענדיג דערויף וואָס ער איז ערצויגען געוואָ־רען אין קעניגליכען הויף פון דעם קעניג פון מצרים, און איז געווען אַ פּרינץ, האָט ער זיך מקריב געווען פאַר זיינע פאַרשקלאַפּטע ברידער. ער האָט זיי באַפרייט פון דער עגיפּטישער קנעכטשאַפט. ער האָט זיך כסדר איינגעשטעלט פאַר זיי, געפאָדערט פון דעם רבונו של עולם, אַז ער זאָל זיי אויפריכטען. ער האָט זיי געגעבען אַ תורה, געפיהרט פאַר זיי מלחמות, געבויט פאַר זיי אַ משכן, געזאָרגט, אַז זיי זאָלען האָבען וואָס צו עסען אין דער מדבר. אָבער וואָס האָט קרח אין זינען געהאַט? ער האָט געהאַט אין זינען מיטצונעמען פאַר זיך יוסף׳ס אוצרות!

יחוס איז טאַקע אַ גרויסע זאַך, אָבער מיר טייטשען עס אויס שלעכט. דער רבי ר׳ נפתלי ראָפּשיצער ז״ל האָט געזאָגט: יחוס איז אַ נוצליכע זאַך, אָבער מען דאַרף עס ריכטיג אויסטייטשען. יחוס דאַרף פיהרען אַ מענשען צו באַשיידענהייט, אָבער עס פיהרט, ליידער, גאָר צו גדלות. יחוס מיינט, אַז יעדער מענש דאַרף זיך אַליין זאָגען „וואָס פאַר אַ פּנים האָב איך אין פאַר־גלייך מיט מיינע עלטערען?", איז אָבער דער פאַקט פאַרקעהרט. מיר זאָגען, אַז דערפאַר ווייל מיר שטאַמען פון אַזאַ און אַזאַ טאַטען, קומט אונז דאָס און דאָס. מען ווערט גאָר דורך דעם אַ בעל גאוה, פונקט ווי קרח. דער זעלביגער ר׳ נפתלי ראָפּשיצער ז״ל איז געווען אַ גרויסער מיוחס. ער האָט געשטאַמט פון לויטער גאונים און צדיקים. האָט ער איינמאָל, זיצענדיג מיט אַ גרויסע צאָהל חסידים, אָנגעהויבען אויסצורעכענען זיין יחוס, און געזאָגט, אַז אַזאַ מיוחס ווי ער איז ניטאָ אויף דער וועלט. האָט זיך אָנגערופען איין חסיד: „רבי, איך בין אַ גרעסערער מיוחס פון אייך". האָט זיך ר׳ נפתלי שטאַרק פאַר־חידוש׳ט און געזאָגט: „אדרבה, לאָמיר הערען ווי אַזוי?" האָט דער איד געענטפערט: „איך בין דער איינציגער אין מיין גאַנצער משפחה וואָס לייגט תפילין, היט אָפּ שבת...", האָט רבי נפתלי אַ שמייכעל געטהון און געזאָגט: „אויב אַזוי, איז ער באמת מעהר יחסן פון מיר!" אַלזאָ, יחוס עצמו איז דער עיקר, און דאָס האָט קרח ניט געהאַט.

און קרח׳ס גאַנצע העזה האָט זיך גענומען דערפון, וואָס ער איז געווען אַן עושר, ער האָט געהאַט „דאָס וואָס מען צעהלט פּורים". ווי זאָגט דאָס ווערטעל „ווער עס האָט די מאה, דער האָט די דעה". יעדער גביר מיינט, אַז ער איז אַ תקיף. איז עס טאַקע, ליידער, אַזוי, אָבער ניט ביי משה רבינו.

משה רבינו איז געווען אַן אָרימאַן, געגעסען קעסט ביי זיין שווער, און ניט אומזיסט. ער האָט דערפאַר געפּאַשעט דעם שווער'ס שאָף. און ווען ער האָט זיך באַדאַרפט אַוועקלאָזען קיין מצרים אויסצולייזען די אידען, איז ער גע־פאָהרען אויף זיין אייגענעם אייזעל, „לא חמור אחד מהם נשאתי" — אפילו קיין איינציגען אייזעל האָב איך ניט גענומען פון זיי. ניט ווי היינטיגע פיהרער, וואָס „פליהען" אויף קהל'שען חשבון צי מען דאַרף, צי מען דאַרף ניט, נאָר אויף אייגענעם חשבון (ד"ר הערצל ע"ה האָט אויך אַזוי געטהון). דערפאַר טאַקע ווערען אַזעלכע פיהרער פאַראייביגט ביי אידען.

אַ חסידישער איד איז אַמאָל געקומען צו ר' ישראל סאַלאַנטער ז"ל, און ער האָט איהם אויפגענומען בסבר פנים יפות, ווי זיין שטייגער איז געווען. ביים אַוועקגעהן האָט דער איד איהם געגעבען אַ הונדערטער. פרעגט איהם ר' ישראל: „וואָס עפּעס געלט?" ענטפערט דער איד: „מיר חסידים זיינען זיך נוהג, אַז מען קומט צו אַ גוטען אידען, גיט מען אַ פדיון". באַמערקט ר' ישראל: „ביי אייך, חסידים, הייסט אַ גוטער איד דער וואָס נעמט געלט, און ביי אונז הייסט אַ גוטער איד דער וואָס גיט געלט".

איז טאַקע ר' ישראל ז"ל געווען זעהר גערעכט. וואָרום ניט נאָר האָבען געוויסע גוטע אידען ליב צו נעמען געלט, נאָר מאַנכע פון זיי הייסען זיך אפילו געבען גרויסע פדיונות. מען האָט אַמאָל געפרעגט רבי אורי סטרע־ליסקער ז"ל: „אַמאָליגע גוטע אידען האָבען זיך באַנוגענט מיט קליינע פדיונות, דאַגעגען די היינטיגע רביים הייסען זיך געבען גרויסע מטבעות, פאַרוואָס איז עס אַזוי?", האָט ער געענטפערט: „עס איז גאַנץ פשוט. מיר זעהען, אַז אַ נאַטירליכע זאַך קאָסט ביליגער ווי אַ נאָכגעמאַכטע. אָט, למשל, אַן אמת'ע, נאַטירליכע בלום קאָסט ביליגער ווי אַ בלום וואָס אַ מאַהלער מאָהלט. איז אַמאָליגע גוטע אידען זיינען געווען אמת'ע, גוטע אידען, ריכטיגע, ניט נאָכגעמאַכטע צדיקים, האָבען זיי זיך באַנוגענט מיט אַ קלייניגקייט. אָבער היינטיגע רביים, זיינען על פי רוב, בלויז נאָכגעמאַכטע, און אַ נאָכגעמאַכטע זאַך קאָסט טייער".

ר' ישראל ריזשינער ז"ל האָט, ווי באַקאַנט, געפיהרט אַ גרויסען, ברייטען שטאַט. ער האָט געוואוינט זעהר שעהן, איז געפאָהרען אין קאַרעטעס, און זיך געפיהרט מעשה קיסר. איז איינמאָל געקומען צו איהם אַ „היינטוועלט־יגער" און האָט איהם געפרעגט: „רבי, אַמאָליגע רביים האָבען געלעבט אין דחקות, געטראָגען אָרימע קליידער, און זיינען געגאַנגען צופוס, ניט געפאָהרען אין קאַרעטעס; דאַגעגען היינטיגע רביים וואוינען אין גרעפישע פּאַלאַצען, פאָהרען אין קאָטשען, און טראָגען ממש בגדי מלכות, יושר?", האָט דער רי־זשינער איהם געענטפערט: „איך וועל דיר זאָגען, מיין קינד, צו אַ רבי'ן קומען דרייערליי מענשען, חסידים, סתם בעלי בתים און בעלי עבירות, זינדיגע מענשען. אַלע גיבען זיי דעם רבי'ן פדיונות, און דער רבי צעטיילט דאָס געלט לויט די מענשען וואָס גיבען די פדיונות. דאָס געלט וואָס די חסידים גיבען, גיט ער אויס אויף ציצית, תפילין, אתרוג, און גלאַט אויף צדקה. דאָס געלט פון די בעלי בתים פאַרלעבט ער אַליין, מען דאַרף דאָך פרנסה. אָבער דאָס געלט פון די „היינטוועלטיגע", פון די זינדיגע, גיט ער אויס אויף קאַרע־טעס און עהנליכע „היינטוועלטיגע" זאַכען. אַמאָל, ווען די צאָהל פון די

בעלי עבירות איז געווען קליין, האָבען די רביים ניט געהאַט פּאַרוואָס צו קויפען קיין קאָטשען, האָבען זיי געמוזט געהן צופוס. אָבער בעונותינו הרבים, ווען עס פעהלט ניט קיין חוטאים, האָבען די רביים אויף פערד, קאָטשען און עהנליכע „היינטוועלטיגע" זאַכען".

און נאָך אַ גאַר וויכטיגע זאַך לערנען מיר פון דער היינטיגער סדרה. עס שטעהט אין פּסוק „ויקהל עליהם קרח את כל העדה", קרח האָט אַרויס־געלאָזט אַ רוף, איז געקומען דאָס גאַנצע פאָלק. זאָגט דערויף דער „מטה אהרן", אַז מען רופט צו אַ דבר מצוה, איילט זיך ניט דער עולם. אָבער ווי־באַלד עס האַנדעלט זיך וועגען אַ מחלוקת, וואָס איז געגען דעם וואוילזיין פון דעם פאָלק, קומען אַלע.

און וואָס זשע מיינט איהר איז געוואָרען פון קרח'ס רייכטום ? עס איז איינגעזונקען געוואָרען. זאָגט דערויף ר' ברוך מרדכי שעדליצער ז"ל אַ גוט וואָרט : „פאַרוואָס זאָגט מען „רייך ווי קרח", ער איז דאָך איינגעזונקען געוואָרען מיט זיין פאַרמעגען, איז פון וואַנען ווייסט מען אַז ער איז איבער־הויפּט געווען רייך ? נאָר דער תירוץ איז, אַז פיעלע אידען זיינען רייך בלויז ביים לעבען. זעהר אָפט האַלט מען דעם און דעם פאַר אַ גביר, מען שאַצט איהם אַז ער פאַרמאָגט תרפ"ט אלפים, און ערשט נאָך דעם טויט, ווערט מען געוואויר, אַז ער איז געשטאָרבען אַן אָרימאַן. קרח אָבער איז איינגעזונקען געוואָרען צוזאַמען מיט זיין פאַרמעגען, איז ער כאָטש געבליבען ביי דעם שם אַז ער איז געשטאָרבען אַ גביר".

איז טאַקע גלייכער, אַז אידען זאָלען זיך פיהרען ווי די תורה האָט געהייסען. מען זאָל ניט אין זינען האָבען בלויז פּערזענליכע אינטערעסען, נאָר שטענדיג אין זינען האָבען דעם וואוילזיין פון דעם פאָלק ישראל, און שטענדיג געדענקען אַז משה אמת ותורתו אמת, אַז די קרח'ס ווי רייך זיי זאָלען ניט זיין, ווערען סוף כל סוף איינגעזונקען, און די משה'ס לעבען איביג.

עס זיינען דאָ טויזענטערביישפּיעלען אַז די „געלט זעק" ווערען פאַר־געסען, און מען ווייסט אפילו ניט אַז עס האָט אַמאָהל געלעבט אַזאַ איינער, בעת די בני תורה, ווי אָרים זיי זאָלען ניט זיין, בלייבען זיי פאַראייביגט ביי דעם פאָלק און אין דער געשיכטע. וועל איך ברענגען איין ביישפּיעל :

ר' אברהם אבן עזרא ז"ל, וועמענס פירושים זיינען וועלט־באַ־ריהמט, איז אויך געווען אַ באַריהמטער דיכטער, אַ גרויסער פילאָזאָף. האָט ער אָבער פאַר קיינעם געדאַכט ניט געהאַט קיין הצלחה צו קיין שום זאַך. צו וואָס ער האָט זיך גענומען איז איהם געגאַנגען מיט דער פוטער אַראָפּ. ער אַליין האָט געזאָגט וועגען זיך : „וואָלט איך געהאַנדעלט מיט ליכט, וואָלט די זון קיינמאָל ניט אונטערגעגאַנגען ; וואָלט איך געהאַנדעלט מיט תכריכים, וואָלט קיין מענש קיינמאָל ניט געשטאָרבען".

איז פון די גבירים פון זיין צייט ווייסט קיין מענש ניט, אָבער אַז עס איז געווען אַן אבן עזרא, און ער לעבט אין גייסטיגען זינען נאָך איצט אויך, ווייסט יעדער חדר־איינגעל.

איז לאָמיר זשע בעסער געהן אין משה רבינו'ס דרכים איידער אין קרח'ס.

# חוקת

חוקת. היינטיגע סדרה איז זעהר רייך אין היסטאָרישע עטאַפּען, און מיר קענען פון איהר אָפּלערנען אַ גאַנצע צאָהל „מוסר השכל׳ס״. אַזוי, למשל, אויסער דעם דין פון דער „פרה אדומה״ לערנען מיר אַז מרים הנביאה, משה׳ס און אהרן׳ס שוועסטער, איז געשטאָרבען. עס איז ניט געווען קיין וואַסער אין דער מדבר, און משה האָט באַדאַרפט אַרויסציהען וואַסער פון אַ פעלז. אדום האָט ניט געלאָזט דורכציהען די אידען דורך זיין לאַנד. אהרן הכהן איז נפטר געוואָרען. דער כנעני איז אָנגעפאַלען און האָט אַטאַקירט די אידען. סיחון, קעניג פון אמורי, האָט ניט געלאָזט די אידען ציהען דורך זיין לאַנד און האָט געפיהרט געגען זיי מלחמה.

איז משה רבינו גאָרניט געווען וואָס מקנא צו זיין. ער געפינט זיך אין דער מדבר מיט אַ פאָלק וואָס ערשט ניט לאַנג צוריק איז עס געווען פערשקלאַפּט. די אידען האָבען טאַקע געוואָלט געהן אין זייער אייגען לאַנד, אָבער גייסטיג און פסיכיש זיינען זיי נאָך ניט געווען צוגעגרייט מקריב צו זיין די בויטיגע קרבנות פאַר פרייהייט. זייער מענטאַליטעט איז נאָך געווען דער געדאַנקען־גאַנג פון אַ שקלאַפען־פאָלק. דער דראַנג נאָך פרייהייט האָט זיך געצויגען ביי זיי דורך דעם מאַגען. איז דער מאַגען געווען זאַט, האָבען זיי געוואָלט ציהען אין זייער אייגען לאַנד. האָט אויסגעפעהלט פּראָוויאַנט, האָבען זיי זיך באַלד דערמאָנט אין דעם „טאָפּ פלייש״ וואָס זיי האָבען געגעסען אין מצרים, און זיי האָבען געוואָלט געהן צוריק. איך באַשולדיג זיי חלילה ניט. עסען איז אַ וויכטיגער ענין, „אין דעם זכות לעבט מען״. ניט איין העלדיש פאָלק האָט זיך שוין אונטערגעגעבען אין אַ מלחמה דורך הונגער.

האָט משה רבינו טאַקע געהאַט זיינע הענט פול. איז אין מיטען דרינעם שטאַרבט אָפּ מרים, און מיט איהר טויט, פאַרשווינדעט דער „באר מרים״, מרים׳ס ברונעם, וואָס האָט אין איהר זכות באַגלייט די אידען אין דער מדבר ביז צו איהר פטירה, און דאָס פאָלק ישראל האָט ניט קיין וואַסער. און אין דער גיהנם׳דיגער מדבר אָהן וואַסער איז שוין גאָרניט קיין געשמאַקער ביסען. פערזאַמלען זיך די אידען געגען משה׳ן און אהרן׳ען, און זיי שרייען אויס: „ולמה הבאתם את קהל ה׳ אל המדבר הזה למות שם אנחנו ובעירנו״? צו וואָס האָט איהר געבראַכט דעם אויבערשטענ׳ס פאָלק אין דער דאָזיגער מדבר אַז מיר און אונזערע פיה זאָלען דאָרט אומקומען?

איז משה רבינו׳ן געווען גוט אָנגעפאָהרען אויף דער נשמה. זיין איינ־ציגע שוועסטער, אַליין אַ נביאה, די פיהרערין פון די פרויען איז ניט מעהר צווישען די לעבעדיגע. די היץ אין דער מדבר ברענט ווי אַ גיהנם, און קיין טראָפּען וואַסער איז ניט בנמצא. שרייען משה און אהרן צום אַלמעכטיגען, און ווי תמיד דערהערט ער זייער געבעט, און ער זאָגט צו משה׳ן: פאַרזאַמעלט, דו און אהרן, דאָס גאַנצע פאָלק און רעדט צום פעלז, וועט ער געבען וואַסער.

האָבען זיי אַזוי געטהון, און משה האָט אויסגעשריען צו די אידען: הערט, איהר ווידערשפעניגע! פון אָט דעם שטיין זאָל איך אַרויסציהען פאַר אייערט־וועגען וואַסער?! און ער האָט צוויי מאָל דערלאַנגט דעם שטיין מיט זיין שטעקען, און עס האָט אָנגעהויבען פליסען וואַסער וואָס האָט „געסטאַיעט“ פאַר דעם גאַנצען פאָלק און פאַר זייערע בהמות.

און אָט די דאָזיגע פּאַסירונג האָט געקאָסט משה׳ן און אהרן׳ען זייער ניט אַריינגעהן קיין ארץ ישראל. דער אויבערשטער באַטראַכט דאָס אידישע פאָלק פאַר זיינע אויסדערוועהלטע קינדער, און ער וויל ניט ליידען אַז מען זאָל זיי באַליידיגען. פריהער אָדער שפּעטער נעמט ער זיך אָן זייער קריוודע, אפילו ווען דער באַליידיגער איז ניט קיין קלענערער ווי משה רבינו אַליין. האָט טאַקע דער אַלמעכטיגער אַ זאָג געטהון צו משה׳ן און צו אהרן׳ען: „יען לא האמנתם בי להקדישני לעיני בני ישראל, לכן לא תביאו את הקהל הזה אל הארץ אשר נתתי להם“ — דערפאַר וואָס איהר האָט מיך ניט געהייליגט אין געגענוואָרט פון די אידען, וועט איהר ניט אַריינפיהרען די דאָזיגע קהלה אין דעם לאַנד וואָס איך גיב זיי. דער אַלמעכטיגער האָט משה׳ן גע־הייסען רעדען צום שטיין, און ער האָט געשלאָגען דעם שטיין. און דערצו נאָך האָט ער אָנגערופען דעם אויבערשטענ׳ס קינדער „ווידערשפעניגע“, און דאָס האָט אונזער פאָטער אין הימעל ניט געקענט פאַרטראָגען.

איז דאָס טאַקע געווען פאַר משה רבינו דער גרעסטער קלאַפּ. זיין גאַנץ לעבען האָט ער זיך מקריב געווען פאַר דעם פאָלק ישראל, זיי באַפרייט פון מצרים׳שער קנעכטשאַפט, זיי געגעבען אַ תורה, זיי געשפּייזט אין דער מדבר, געפיהרט פאַר זיי מלחמות. און ווען עס איז געקומען די צייט ווען דער „ארץ־ישראל אידעאַל“ האָט געהאַלטען ביי פאַרווירקליכט ווערען, ווען די אידען האָבען שוין געהאַלטען ביים אַריינגעהן אין זייער צוגעזאָגטען לאַנד, האָט משה באַדאַרפט נפטר ווערען אויסערהאַלב דעם לאַנד ישראל און ניט זוכה זיין זיי אַריינצופיהרען!

איז משה׳ן געווען נעביך גוט אָנגעטריפט אויף דער נשמה. און נאָכ־דעם ווי ער האָט שוין געהאַט ערליידיגט דאָס וואַסער פּראָבלעם, איז געקומען אַ נייע צרה, דאָס מאָל אַ פּאָליטיש־מיליטערישע. דער קירצעסטער וועג פון דער מדבר קיין ארץ ישראל איז געווען דער וועג דורך אדום. האָט משה גע־שיקט אַ דעלעגאַציע צום מלך פון אדום ער זאָל לאָזען די אידען דורכציהען דורך זיין לאַנד, און ער האָט איהם צוגעזאָגט צו באַצאָהלען אפילו פאַר דעם וואַסער וואָס די אידען און זייערע פיה וועלען טרינקען. האָט ער אָבער בשום אופן ניט געוואָלט, און דאָס פאָלק ישראל האָט געמוזט זיך פאַרנעמען אויף אַן אַנדער וועג. און ווען זיי זיינען געקומען צום הר־ההר איז אהרן הכהן נפטר געוואָרען.

און זייערע טרעהרען פון באַקלאָגען אהרן׳ען זיינען נאָך ניט געווען אָפּגעטריקענט, איז אויף זיי אָנגעפאַלען דער כנעני און גענומען פון זיי פיעלע געפאַנגענע. אָבער דער אַלמעכטיגער איז די אידען געקומען צו הילף, און זיי האָבען אַזוי פאַרוויסט דעם כנעני און זיינע שטעדט, אַז מען האָט אַזש אַ נאָמען געגעבען דאָס דאָזיגע אָרט „חרמה“ — וויסטע.

לערנען מיר ביז איצט דריי „מוסר השכל'ס". ערשטענס, אַז די פּרוי ביי אידען פאַרנעמט אַ גאָר הויכען אָרט. אין דער מדבר האָבען די אידען געהאַט וואַסער ניט אין דעם זכות פון משה רבינו, ניט אין דעם זכות פון אהרן הכהן, נאָר אין דעם זכות פון דער פרוי מרים. צווייטענס, אַז אַ פּיהרער ביי אידען, מעג ער זיין אפילו אַ משה רבינו, און דאָס פאָלק מעג זיין אפילו נאָר וואָס באַפרייטע שקלאַפען, טאָר ער זיי ניט באַליידיגען. און דריטענס, אַז ווען די אידען האָבען באַדאַרפט באַקומען זייער אייגען, צוגעזאָגט לאַנד, איז זיי דאָס ניט אָנגעקומען לייכט, און עס האָבען זיך געפאָדערט פיעלע קרבנות אין לעבען, אין געלט, און אין מיה.

האָט משה רבינו ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה ווי צו פיהרען די אידען קיין ארץ ישראל דורך דעם צווייטען קורצעסטען וועג — דורך דעם לאַנד אמורי. זייענדיג אַ „פּאַציפיסט" ווי עס פּאַסט פאַר אַ אידען, האָט משה רבינו אויך דאָס מאָל געוואָלט אויסמיידען קריג. האָט ער געשיקט אַ דעלע־גאַציע צו סיחון, דעם קעניג פון אמורי, ער זאָל לאָזען די אידען דורכציהען דורך זיין לאַנד, און ער האָט איהם פאַרשפּראָכען אַז די אידען וועלען אפילו זיין וואַסער ניט טרינקען. איז דאָך אָבער סיחון געווען פּונקט אַזאַ רשע ווי דער מלך פון אדום, האָט ער אַטאַקירט די אידען. האָבען אָבער די אידען איהם דערלאַנגט אַזאַ קלאַפּ, אַז זיי האָבען פאַרניכטעט זיין אַרמיי, איינגענומען זיין לאַנד, און זיך דאָרט דערווייל באַזעצט.

ווען עוג, דער קעניג פון בשן, איז געוואויר געוואָרען אַז די אידען האַלטען ביי ציהען דורך זיין לאַנד, איז ער אַרויס געגען זיי אין מלחמה. האָט ער ניט אָפּגעשניטען בעסער פון סיחון, דער קעניג פון אמורי. די אידען האָבען פאַרניכטעט עוג'ן, זיינע קינדער, זיין פאָלק, ניט איבערגעלאָזט קיין איינעם פון זיי, און זיי האָבען איינגענומען זיין לאַנד. און די אידען האָבען געצויגען פון דאָרטען און האָבען גערוהט אין ערבות מואב.

אין דעם ליכט פון דער היינטיגער סדרה, וואָס איז אַזוי רייך אין מי־ליטערישע געשעהענישען, קענען מיר גוט פאַרשטעהן די איצטיגע לאַגע אין ישראל. מיר אידען זיינען אַ פאָלק פון שלום. אפילו אונזער הויפּט שטאָדט „ירושלים" ענטהאַלט אין זיך דאָס וואָרט שלום. דעם אַלמעכטיגענס נאָמען איז שלום. מיר בעטען כסדר אויף שלום. דער אידישער פּרינציפּ איז אַז איי־נער פון די דריי פיס אויף וועלכע די וועלט שטעהט איז שלום. אהרן הכהן האָט געהאָלפען אַרויספיהרען די אידען פון מצרים. ער איז געווען דער וויכטיג־סטער כהן גדול, דער איינציגער וואָס האָט געמעגט אַריינגעהן אין קדשי קדשים, אָבער דער גרעסטער שבח וואָס דאָס אידענטום זאָגט איהם נאָך איז וואָס ער איז געווען אַ „אוהב שלום" און אַ „רודף שלום". פאַר אַזוי וויכטיג האַלטען מיר שלום, אַז די חכמים ז"ל האָבען שוין געזאָגט „שלום לארץ כשאור לעיסה" — אַז שלום איז אַזוי וויכטיג פאַר דער וועלט ווי הייוועך פאַר טייג.

לאָזען מיר טאַקע שטענדיג אונזערס איבערגעהן. אָבער קוים ווילען מיר ענדליך דאָך אַריינגעהן אין אונזער אייגען, צוגעזאָגטען, לאַנד, דאַן קענען זיך שטעלען געגען אונז אפילו גאַנצע זיבען אַראַבישע פעלקער, און מיט דער פאַלשטענדיגער הילף פון אַזאַ מעכטיג פאָלק ווי ענגלאַנד, קענען זיי פאַרט

גאָרניט אויספיהרען. פאַרגעסט ניט אַז אין ארץ ישראל זיינען געווען וויני־
גער פון זיבען הונדערט טויזענט אידען. רעכענט אַראָפּ די עלטערע, פרויען,
קינדער, שוואַכע, בלייבט אַ „זשמענקע״ פון קעמפער. געוועהר האָט מען אונז
ניט געלאָזט אַריינפיהרען, און אַזוי שנעל ווי די גויים האָבען דערזעהען אַז
מיר „שטעהען גוט״, האָבען זיי באַלד אָנגעהויבען זיך אַריינצומישען און אַלץ
לטובת אונזערע געגנער. און דאָך געפינט זיך ניט קיין איין אַראַבער אויף
ישראל׳ס באָדען, לכל הפחות אויף דעם באָדען וואָס די „יו־ען״ האָט אָנער־
קענט אַלס אונזערס. דאַנקען אונזערע ישראל׳יקלעך — די מאָדערנע מכבים,
די טייערע, העלדישע מענער און פרויען וואָס זיינען באַרייט געווען צו געבען
זייער בלוט אַז אידען זאָלען קענען לעבען ווי אַ פאָלק אין זייער אייגען לאַנד,
האָבען פאָלשטענדיג באַזיעגט די זיבען אַראַבישע פעלקער.

פיעלע פון אונז פרעגען פאַרוואָס באַוויזט ניט דער אויבערשטער
היינטיגע צייטען קיין נסים. דער מדרש דערצעהלט אַז ווען אברהם אבינו
האָט געפיהרט מלחמה, האָט ער געוואָרפען אויף זיינע שונאים ערד, און עס
איז דערפון געוואָרען קוילען און שווערדען און שפיזען. פאַרוואָס ניט היינט?
איז דאָס ניט אמת! אויך אין אונזער איצטיגען קאַמף געגען די זיבען אַראַבישע
פעלקער און דער מעכטיגער ענגלאַנד זיינען געשעהען נסים. אָהן נסים וואָלט
אַזאַ קליין הייפעלע אידען ניט געקאָנט ביישטעהן זיבען אַראַבישע פעלקער
און ענגלאַנד. אָבער נסים האָבען אַזאַ טבע וואָס מען זעהט זיי ערשט אין
אַ צייט אַרום. מען זעהט זיי שפּעטער, אָבער ניט ווען זיי געשעהען. דער
שפּעטערער היסטאָריקער וועט עס באַוואונדערען און ניט פאַרשטעהן ווי
אַזוי אַזאַ קליין הייפעלע אידען האָט געקענט געווינען געגען אַזאַ מעכטיגען
שונא. ער וועט דאָס אָנרופען מיט די מאָדערנע ווערטער „העלדישקייט״
וואונדערליכע „סטראַטעגיע״, אָבער אין תוך געוואוּסט זיינען דאָס נסים. און
אויב מען וועט אין שפּעטערדיגע דורות שרייבען אַ מדרש, וועט עס טאַקע
באַצייכענט ווערען אַלס נסים, ניט קיין קלענערע נסים ווי וואַרפען ערד און
עס ווערט דערפון קוילען, שפּיזען, שווערדען.

די היינטיגע סדרה הייסט דאָך „חקת״, און דער טייטש דערפון איז
„געזעץ״. אונקלוס איבערזעצט עס מיט דעם וואָרט „גזרת״ — גזירה, פאַר־
וואָס? ווי באַוואוסט האָט מען אין פראַנקרייך אַמאָל גוזר געווען אַז מען זאָל
פאַרברענען דעם תלמוד. איין מאָל, אין אַ פרייטאָג, פרשה חוקת, האָט מען
פאַרברענט עטליכע הונדערט פוהרען מיט גמרות. האָבען די אידען, פאַר־
שטעהט זיך, גוזר־תענית געווען, און מען האָט דעם דאָזיגען טאָג באַשטימט
אַלס אַ תענית לדורות. געוועהנליך איז מען זיך נוהג צו פאַסטען יעדען
תענית יעדער יאָהר גלייך, אין אַ באַשטימטען דאַטום פון דעם חודש. האָבען
אָבער, עטליכע גדולי הדור, געזאָגט אַז מען האָט זיי געוויזען אין חלום אַז
אונקלוס איבערזעצט „חוקת״, מיט „גזרת״ — אַ רמז אַז עס איז געזאָגט גע־
וואָרען אין פאָראויס אַז אין פרשה חוקת וועט אַרויסגעגעבען ווערען אַ גזירה
געגען דער תורה. דערפאַר איז באַשלאָסען געוואָרען אַז דער דאָזיגער תענית
זאָל געהאַלטען ווערען ניט לויט דעם טאָג פון דעם חודש, נאָר יעדען פרייטאָג
פון פרשה חוקת, ווען עס זאָל ניט פאַלען.

די היינטיגע סדרה הייסט חוקת. „חוק" מיינט געוועהנליך אַ געזעץ וואָס מיט דעם שכל פאַרשטעהט מען עס ניט, נאָר וואָס דען? די תורה זאָגט אַזוי, איז פרעגט ניט קיין קשיות און היט עס אָפּ. האָט ר' יונתן אייבעשיץ ז"ל אַמאָל געטראָפען אַן אפיקורס עסען טריפה, האָט ער זיך פאַרשעהמט און געזאָגט: „רבי, איך בין מקיים בלויז די מאָראַלישע מצוות, וואָס מיין שכל באַגרייפט, אָבער חוקים וואָס מיין שכל איז ניט משיג בין איך ניט מקיים. האָט ר' יונתן ז"ל איהם געענטפערט מיט פסוקים פון תהלים (קאַפּיטעל נ): „ולרשע אמר אלקים — און צום רשע זאָגט דער אויבערשטער — מה לך לספר חקי — וואָס דערצעהלסטו מיר מעשיות אַז דו ביזט אַ געגנער בלויז פון חוקים? ואתה שנאת מוסר — דו האָסט דאָך פיינט אויך מוסר, מאָראַל, און עטיק, ותשלך דברי אחריך, אַלע מיינע ווערטער, געבאָטען וואַרפסטו דאָך אַוועק, ניט בלויז חוקים".

אויף דעם פסוק אין דער היינטיגער סדרה „זאת התורה אדם כי ימות באהל", זאָגט די גמרא (ברכות סג, ב) „אין דברי תורה מתקיימין, אלא במי שממית עצמו עליה" — די תורה קען עקזיסטירען נאָר ביי דעם וואָס איז גרייט צו ליידען דורך איהר. דערצעהלט מען אַז דער „שאגת אריה", וואָס האָט אַ לאַנגע צייט אָפּגעריכט גלות, פלעגט טראָגען אַ לייווענטע קאַפּאָטע אַרומגעבונדען מיט אַ שטריק, אָנגעבונדען מיט אַ טעפּעל און אַ לעפעל, און וואו ער פלעגט קומען פלעגט ער בעטען מען זאָל איהם אָפּקאָכען אביסעל גרויפּען אין זיין טעפּעל, ווייל ער פלעגט ניט ווילען עסען פון פרעמדע כלים. איז ער אַמאָל געקומען קיין ברעסלוי, און איז אַריין צו ר' ישעיה פיק ז"ל (בעל מסורת הש"ס) און האָט געבעטען די רביצין זי זאָל איהם אָפּקאָכען אַביסעל גרויפּען אין זיין טעפּעל. האָט זי דערצעהלט איהר מאַן אַז עפּעס אַ מאָדנע איד וויל ניט עסען פון איהרע כלים. האָט ער איהר געזאָגט אַז זי זאָל איהם צוליב טהון, און אַליין איז ער אַריין אין קיך און איינגעלאַדען דעם פרעמדען צו זיך אין ביבליאָטעק. ר' ישעיה ז"ל האָט געפיהרט אַ זעהר רייך הויז, און דער „שאגת אריה" האָט איהם באַלד געפרעגט אַ האַרבע קשיא. ר' ישעיה האָט זיך געמאַטערט, אָבער ער האָט איהם געגעבען אַ תירוץ וואָס איז דעם „שאגת אריה" דוקא געפעלען. האָט דער „שאגת אריה" זיך אָנגערופען צו איהם: „ברעסלויער רב, מיר איז אַ חידוש, דו (ער האָט קיינעם ניט גע'אירצט) לעבסט אין אַזאַ רחבות, און דאָך קענסטו לערנען!"

און אַז מיר רעדען וועגען „שאגת אריה", ווילען מיר שוין אין איין וועגס איבערגעבען נאָך אַן אינטערעסאַנטען עפּיזאָד וועגען איהם. ווען ער האָט אָפּגעריכט גלות, איז ער אַמאָל געקומען קיין קעניגסבערג. ער איז אַריין צום רב ר' לייבעלע עפּשטיין ז"ל, דערלאַנגט דער רביצין זיין טעפּעל, און געבעטען איהם אָפּקאָכען אַביסעל גרויפּען. ר' לייבעלע האָט באַלד פאַרשטאַנען אַז דאָס איז ניט קיין פשוט'ער איד, האָט ער איהם אַריינגעבעטען צו זיך אין זיין חדר מיוחד, און זיי האָבען באַלד אָנגעהויבען שמועסען און לערנען. דער „שאגת אריה" האָט אָנגעהויבען פאַרוואַרפען דעם רב, וואָס איז אויך געווען אַ גאון, מיט קשיות. און וואָס פאַר אַ תירוץ דער רב האָט געגעבען האָט דער „שאגת אריה" אָפּגעשלאָגען. וועלענדיג ברענגען אַ ראיה צו זיך, האָט דער רב אויסגערופען: „דער „שאגת אריה" זאָגט אויך אַזוי". האָט דער

„שאגת אריה" אויסגעשריען: „אַז דער ,שאגת אריה' שטעהט אין שאַפּע (אלמער) איז ער יאָ אַ ,שאגת אריה', און אַז ער שטעהט אויף די פיס, איז ער ניט קיין ,שאגת אריה'!"

אין דער היינטיגער סדרה באַקלאָגען זיך די אידען „ונפשנו קצה בלחם הקלוקל" — זיי זיינען שוין מיד צו עסען אַלע טאָג מן. דערצעהלט די וועלט: ר' ישעיה'לע פּראַגער ז"ל האָט געהאַט, ווי עס זאָל זיך ניט טרעפען, אַ ווייב אַן ארורה. איינמאָל האָט זי איהם אַזוי דענערווירט, אַז ער האָט אַ זאָג געד טהון: ווען די אידען האָבען געשריען „נפשנו קצה בלחם הקלוקל", האָבען זיי זיכער געמיינט די ווייבער, ווייל די ראשי תיבות פון די דאָזיגע פיער ווערטער מאַכען „נקבה". איז זי אָבער אויך ניט געוועזען קיין „אַבי ווער", און זי האָט איהם אויף דעם אָרט געענטפערט: „למדן מיינער, האָסט אַפּנים פאַרגעסען, אַז די דאָזיגע ווערטער זיינען געזאָגט געוואָרען אויף דעם מן (מאַן)..."

אויף דעם „זאת חקת התורה" באַמערקט רש"י ז"ל: „גזרה היא מלפני ואין לך רשות להרהר אחריה". פרעגט דער „יבין שמועה": עס זיינען דאָך פאַראַן נאָך אונפאַרשטענדליכע דינים אין דער תורה, און עס ווערט ניט אָנ־ געגעבען קיין טעם, איז פאַרוואָס ווערט דאָס וואָרט „חקת" באַנוצט בלויז ביי דער פרה אדומה? ווייל ניט בלויז איז די דאָזיגע מצוה אונפאַרשטענדליך, נאָר זי איז געגען דעם מענשליכען שכל, זי איז „מטהר טמאים און מטמא טהורים".

און אויף ויקחו אליך פרה אדומה, באַמערקט די פסיקתא „פרה אדומה — זו גלות אדום". זאָגט דארויף ר' יוסף שאול נאטאנזאָהן ז"ל אַז פונקט ווי די פרה אדומה אַזוי אויך איז דער גלות „מטהר טמאים", נעמליך, די צרות וואָס די אידען ליידען אין גלות שטאַרקען זיי אין אידישקייט. ביי דער עת צרה ווערט דאָס געפיהל פון ברידערליכען רחמנות און אחדות ביי אידען שטאַרקער. אָבער מאידך גיסא, פון דער צווייטער זייט, איז דער גלות אויך „מטמא טהורים". די ביטערע גלות־צרות פיהרען אָפט די אידען צו אַ גייס־ טיגער ירידה. זיי ווערען דעמאָראַליזירט, מאַנכע אַסימילירען זיך, און אין געוויסע פאַלען פיהרט עס אפילו צו זעלבסטפאַרלייקענונג.

און מיר ווילען ענדיגען מיט אַ טייער וואָרט וואָס מיר וואָלטען שטענ־ דיג בעדאַרפט געדענקען: אויף „וישמע הכנעני . . . יושב הנגב" זאָגט רש"י ז"ל: „יושב הנגב זה עמלק . . . ושנה את לשונו לדבר בלשון כנען". באַ־ מערקט אויף דעם דער „כנף רננים" ז"ל: זעה וואָס עס ווערט פון ענדערען אַ שפּראַך. אַז מען וואַרפט אַוועק דאָס אייגענע לשון, רייסט מען זיך אָפּ איינ־ גאַנצען פון דעם פאָלק. אַזוי שנעל ווי די עמלקים האָבען אָנגעהויבען צו רעדען כנען'יש, באַטראַכט זיי שוין די תורה פאַר כנענים, נעמליך „וישמע הכנעני".

# בלק

האַלטען מיר שוין ברוך השם ביי פּרשת בלק. און געווען איז בלק דער קעניג פון מואב. איז ווען ער האָט דערהערט „אשר עשה ישראל לאמורי" — וואָס ישראל האָט געטהון דעם אמורי, האָט ער שטאַרק מורא געקריעגען. איז ער געגאַנגען, און ער האָט געשיקט נאָך בלעם'ן ער זאָל „שעלטען" די אידען.

אונזערע חכמים ז"ל זאָגען, אַז בלעם איז געווען דער גרעסטער נביא וואָס די אומות העולם האָבען ווען עס איז פאַרמאָגט. דערצו איז ער נאָך געווען אַ געוואַלדיגער מכשף. ווען דער קעניג קיקנוס פון עטיאָפּיאַ איז געווען געצוואונגען צו פיהרען מלחמה מיט די מארגענלענדישע שבטים, האָט ער איבערגעלאָזט בלעם'ן און זיינע צוויי זיהן, אַלס היטער פון זיין הויפּט שטאָדט. פון צוויי זייטען האָט בלעם אויפגעבויט ריזיגע וואַלען, פון דער דריטער זייט — טיפע קאַנאַלען און אין דער פערטער זייט האָט ער פאַרזאַמעלט דורך כשוף אָהן אַ שיעור שלאַנגען. ווען דער מלך איז צוריקגעקומען מיט גרויס נצחון, האָט ער טאַקע ניט געקאָנט אַריין אין זיין אייגענער הויפּטשטאָדט, און איז געשטאָרבען אין גלות. ערשט ניין יאָהר שפּעטער האָט משה רבינו געראָטעוועט די עטיאָפּער פון בלעם'ן, און בלעם און זיינע צוויי זיהן, אויך מכשפים, האָבען, פליהענדיג אין דער לופטען, זיך געראַטעוועט קיין מצרים. איז אָט דעם מכשף, וואָס איז אויך געווען פון פּרעה'ס הויפּט ראָטגעבער, האָט עס בלק געבעטען ער זאָל „שעלטען" די אידען. און בלק האָט איהם צוגעזאָגט „כי כבד אכבדך מאד" — איך וועל דיר צוטיילען גרויס כבוד.

דערצעהלט אונז די היינטיגע סדרה, אַז ווען בלק'ס דעלעגאַציע איז געקומען צו בלעם'ן, און האָט איהם געזאָגט אַז דער קעניג בלק בעט איהם ער זאָל קומען צו איהם און שעלטען די אידען, האָט ער זיי געבעטען איבערצונעכטיגען, און וואָס דער אויבערשטער וועט איהם זאָגען, אַזוי וועט ער טהון. און ווען דער אויבערשטער האָט איהם געזאָגט „לא תלך עמהם" — דו זאָלסט ניט געהן מיט זיי, איז ער טאַקע ניט געגאַנגען. האָט בלק נאָך אַמאָל געשיקט צו איהם שליחים, און בלעם האָט אויך זיי געהייסען איבערנעכטיגען און געוואַרט וואָס דער אויבערשטער וועט איהם זאָגען. דאָס מאָל איז איהם געזאָגט געוואָרען „קום, לך אתם" — געה מיט זיי. איז דאָך די קשיא אַז פון דעם הימעל האָט מען איהם געהייסען געהן, איז וואָס זשע איז ער שולדיג? נאָר דער תירוץ איז, בלעם'ן האָט זיך זעהר געוואָלט געהן. זאָגט די גמרא „בדרך שאדם רוצה לילך בה, מוליכין אותו" — אין וואָס פאַר אַ וועג אַ מענש וויל געהן, אין דעם וועג פיהרט מען איהם.

און אַז בלעם האָט דערהערט „כבוד", איז „ויקם בלעם בבקר ויחבוש את אתונו" — איז בלעם אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה, און ער האָט איינגעשפּאַנט זיין אייזעל... איז אויף דעם פסוק זאָגט רש"י ז"ל: „אמר הקב"ה —

רשע, כבר קדמך אביהם, שנאמר וישכם אברהם בבקר ויחבוש את חמורו״. ווען דער אויבערשטער האָט געהייסען אברהם אבינו ברענגען זיין זוהן יצחק צו דער עקידה, איז אברהם אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה, און ער האָט איינגע־שפּאַנט זיין אייזעל. זאָגט דערויף דער רבי ר׳ וואָלף סטריקאָווער ז״ל, אַ גוט וואָרט:ביידע אייזלען, אברהם אבינו׳ס אייזעל און בלעם הרשע׳ס אייזעל, האָבען געדאַרפט דורכפיהרען אַן עהנליכע שליחות. ווען אברהם אבינו וואָלט געוועזען מקריב געוועזען יצחק׳ן, וואָלט חלילה ניט געוועזען קיין עם ישראל, און בלעם הרשע׳ס רייזע אויף זיין אייזעל איז דאָך אויך געוועזען בלויז אומצו־ברענגען חלילה די אידען. האָט דער רבונו של עולם געזאָגט: שוטה, וואָס דו ביזט, ווען איך זאָל וועלען חלילה אומברענגען מיין פאָלק ישראל, מיינע קינדער, וואָלט איך דאָך ניט געוועזען אין דער לעצטער מינוט אָפּגעהאַלטען אברהם׳ען פון צו שעכטען יצחק׳ן. איז עס דאָך אַ באַוויז, אַז איך וועל קיינמאָל ניט דערלאָזען, אַז מיינע קינדער זאָלען חלילה אונטערגעהן. איז צו וואָס זשע שפּאַנסטו דיין אייזעל? דיין אַרבייט איז דאָך אומזיסט!

איז דאָך אָבער בלעם געוועזען אַ גוי, אַ רשע, און אַז מען קען קריגען כבוד, בפרט נאָך פאַר אומברענגען חלילה אידען, איז וועלכער גוי וועט דאָס ניט וועלען טהון? האָט אָבער דאָס אייזעל געזעהען בעסער אפילו פון דעם גרעסטען גוי׳אישען נביא. ווען דער מלאך האָט פאַרשטעלט דעם אייזעל דעם וועג, האָט דאָס אייזעל יאָ געזעהען דעם מלאך, אָבער בלעם האָט איהם ניט געזעהען. איז דאָס אייזעל געבליבען שטעהן, און בלעם האָט עס געשלאָ־גען, עס זאָל פאָרטזעצען די רייזע. איז „ויפתח ה׳ את פי האתון״, האָט דאָס אייזעל פּראָטעסטירט: „סטייטש, פאַרוואָס שלאָגסטו מיך? ,הלא אנכי אתונך׳ — איך בין דאָך דיין אייזעל, דו רייטסט דאָך שטענדיג אויף מיר, האָב איך דיך דען אַמאָל אַנטוישט?!״ איז אָט דער גרעסטער גוי׳אישער נביא און מכשף האָט ניט פאַרשטאַנען, און ניט געזעהן אפילו דאָס וואָס זיין אייזעל האָט געזעהן!

דערצעהלט די וועלט אַז ר׳ איצעל פּאָניוועזשער ז״ל איז אַמאָל געקו־מען צו אַן אסיפה. ווי דער שטייגער איז ביי פערזאַמלונגען, איז אויסגעבראָכען אַ מחלוקת וועגען כבוד. יעדער איינער האָט זיך געהאַלטען פאַר דאָס „אויבער־שטע פון דעם שטויסעל״. יעדער איינער האָט געוואָלט ווערען „טשערמאַן״, יעדער איינער האָט געוואָלט זיצען „אויבענאַן״, עס קומט איהם. האָט ר׳ איצעל אַ קלאַפּ געטהון אין טיש און האָט אויסגעשריגען: „שאַט, רבותי, איך וועל אייך דערצעהלען אַ מעשה: די אייזלען האָבען פאַררופען אַן אסיפה און גע׳טענה׳ט צום רבונו של עולם: „סטייטש, פאַרוואָס זאָלען מיר אַנדערש זיין פון אַלע אַנדערע חיות און בהמות? אַלע אַנדערע חיות אין וואַלד האָבען זייער פרייהייט, זיי שפּאַצירען אַרום פראַנק און פריי, עסען און טרינקען ווען זיי ווילען און וואָס זיי ווילען, זיי האָבען אַ הנאה פון דער וועלט, און האָבען ניט קיין הערשער איבער זיך. און אפילו די הויז־בהמות וואָס האָבען יאָ אַ בעל הבית איבער זיך, טהוען זיי אויך גאָרניט. זיי דרעהען זיך אַרום פוסט־און־פּאַסט, פּאַשען זיך אַ גאַנצען טאָג אויף דעם פעלד, און מיר אייזלען מוזען ארבייטען שוועהר, און מיר קריגען נאָך שמיץ! איז אויב עס איז אונז שוין יאָ באַשערט צו אַרבייטען שוועהר, ניט צו האָבען קיין מנוחה ניט בייטאָג און

ניט ביינאַכט און נאָך כאַפּען קלעפּ אויך, איז שענק זשע אונז אַביסעל לשון, מיר זאָלען זיך כאָטש קענען אויס׳טענה׳ן מיט דעם בעל הבית, און בעטען ביי איהם רחמנות אין אַן עת צרה״. האָט דער אַלמעכטיגער זיי געענטפערט: „גוט, אייער בקשה וועט ערפילט ווערען. איך וועל געבען איינעם פון אייך לשון, וועלען מיר זעהן וואָס ער וועט רעדען״. האָט דער אַלמעכטיגער גע־מאַכט די פּראָבע מיט בלעם׳ס אייזעל. איז עס דאָך אָבער פאַרט אַן אייזעל, איז וואָס־זשע האָט ער געזאָגט? אָנשטאָט צו זאָגען, אַז ער איז ניט שולדיג, אַז אַ מלאך האָט איהם פאַרשטעלט דעם וועג, האָט ער גאָר אָנגעהויבען צו דערצעהלען זיין יחוס „הלא אתונך אני...״ איך בין דאָך דיין אייזעל, אויף וועלכען דו האָסט שטענדיג געריטען, און איך האָב דיך קיינמאָל ניט אָנ־טוישט... איז טאַקע דער לשון באַלד ביי איהם אָפּגענומען געוואָרען. וואָרום אַזעלכע חמורים וואָס האָבען ליעב זיך בלויז צו באַריהמען, זיי קומט, אַזעלכע אייזלען דאַרפען ניט רעדען״.

לערנען מיר דערפון, אַז פיהרער וואָס האָבען אין זינען בלויז זיך, פערזענליכען כבוד, זיינען אין דער בחינה פון חמורים. וואָרום דער אמת׳ער פיהרער ביי אידען דאַרף אין זינען האָבען בלויז דעם וואוילזיין פון דעם פאָלק, ניט פערזענליכען כבוד. און דער אמת איז אַז ביי אידען זיינען געבלי־בען אונשטערבליך נאָר די יעניגע וואָס האָבען ניט אויסען געווען זייער פערזענליכען כבוד, נאָר דעם וואוילזיין פון פאָלק. וואָרום דאָס פאָלק האָט אַ שטאַרקען חוש, און עס דערפיהלט באַלד, וועלכער פיהרער עס מיינט ערנסט, און וועלכער פיהרער איז אויסען זיך, בלויז זיין אייגענעם כבוד.

אַי וועט איהר דאָך פרעגען, סטייטש, ווי קען אַן אייזעל רעדען ווי אַ מענש? איז פאַרשטעהט זיך אַז די תורה זאָגט אַזוי, איז דאָך ניטאָ וואָס צו קלערען. אַז דער אַלמעכטיגער קען באַשאַפען אַ וועלט — באַגרייפט וואָס דאָס מיינט „אַ וועלט״! קען ער דאָך מאַכען, אַז אויך אַן אייזעל זאָל רעדען. ער האָט דאָך געקאָנט מאַכען אַז אַלע חיות און בהמות זאָלען רעדען. און אַ חוץ דעם, אַז מיר זעהען ווי מאַנכע מענשען רעדען ווי אייזלען, איז פאַר־וואָס־זשע זאָל אַמאָל אַן אייזעל ניט קענען רעדען ווי אַ מענש!

אַלזאָ, בלעם איז געפּאָהרען שעלטען די אידען, אָבער אָנשטאָט שעל־טען האָט ער זיי גאָר געבענטשט און געלויבט. און ער האָט אויסגעשריען „מה טובו אהליך יעקב...״ ער האָט אָנגעהויבען צו לויבען די אידישע בתי־מדרשים, די אידישע ישיבות. ווייס איך ניט וואָס די אידען פון יענעם דור האָ־בען געטראַכט וועגען דעם. אָבער איינס איז זיכער, אַז היינט צו טאָג וואָלטען מאַנכע אידען זיך געפיהלט גליקליך. עפּעס אַ קלייניגקייט, אַ גוי לויבט. דער אונטערשייד איז נאָר אין דעם, וואָס דאַן האָט בלעם געלויבט די אידען, כאָטש די אידען האָבען איהם ניט „איינגעלאַדען״. היינט צו טאָג לאַדען דאָך געוויסע אידישע קרייזען אַליין איין גוים, זיי זאָלען אונז לויבען! און מען מוז מודה זיין, אַז מיר לעבען לײדער אין אַ צייט, וואָס ביי אַ געוויסען קלאַס אידען איז ניט וויכטיג וואָס די תורה זאָגט, צי וואָס דער תלמוד זאָגט, צי וואָס גרויסע אידען פון היינטיגען דור זאָגען וועגען אידישקייט און אידענטום. אָבער ווען אַ גוי׳אישער פּאָליטישען, אָדער רעגירונגס באַאַמטער לויבט אונזער „באַיבעל״, איז עס ביי זיי גאָר חשוב.

און כאָטש די אידען האָבען איהם דאָך ניט איינגעלאַדען ער זאָל זיי בענטשען, פונדעסטוועגען קען מען דרינגען אַז אויך זיי האָט הנאה געטהון. דער מדרש זאָגט „כשברך בלעם את ישראל, היה קולו הולך ששים מיל במחנה ישראל" — אַז ווען בלעם האָט געבענטשט די אידען, האָט זיין קול זיך געהערט זעכציג מייל אין דעם אידישען לאַגער. ווען אַ גוי לויבט אידען, מאַכט זיי קאָמפּלימענטען, קלינגט עס אַפּ זעהר וויט און ברייט אין די אידישע רייהען. עפּעס אַ קלייניגקייט, פאַרט אַ גוי!

אָבער זיי פאַרגעסען, אַז ווען אַ גוי לויבט אידישקייט, איז עס ניט מחמת ער איז אַזוי איבערצייגט. אַ נעכטיגער טאָג, אָפּט מאָל איז ער נאָר אויסען זיין אייגענע טובה. און אין פאַל פון בלעם הרשע, האָט ער דאָס געטהון בלויז אַלס אַ שפּיצעל. מיט זיינע תהלות און תשבחות, מיט זיינע לויבגעזאַנגען אויף אידען, איז ער אויסען געווען בלויז קאַליע צו מאַכען די אידען.

דער „תולדות יעקב יוסף" זאָגט וועגען דעם אַ גוט וואָרט. „ניט פון גרויס ליעבשאַפט צו אידען", זאָגט דער מחבר ז"ל, „האָט בלעם הרשע זיך פלוצים צעזונגען מיט תהלות און תשבחות וועגען די אידען. נאָר אדרבא, ער האָט דערמיט אויסגעגוועזן איינצורעדען די אידען, אַז זיי דאַרפען שוין גאָרניט טהון; זיי דאַרפען שוין מעהר ניט שטרעבען צו קיין העכערער מדרגה; זיי זיינען שוין פאָלקאָם אין אָרדנונג; זיי זיינען געבענטשט מיט אַלע גוטע מעלות און מידות טובות. און אָט דאָס איז טאַקע דער חילוק פון אונזערע נביאים צו זייערע. אונזערע נביאים האָבען קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו שטראָפען די אידען, זיי האָבען אונז שטענדיג געהאַלטען אין איין דערמאָנען, אַז מיר זיינען נאָך ניט פערפעקט, אַז מיר זיינען נאָך גאַנץ וויט פון שלמות. ווי זאָגט דאָס ענגלישע שפּריכוואָרט: „איף איט איז גוד מעיק איט בעטער; איף איט איז בעטער, מעיק איט בעסט" — אויב עס איז גוט מאַך עס בעסער; און אויב עס איז בעסער, מאַך עס נאָך בעסער. און דאָס איז ריכטיג. וואָרום לויט דער אידישער לעהרע דאַרף דער זינדיגער מענש כסדר זיך האַלטען אין איין לייטערען. אָבער ווען דער גוי לויבט אונז, איז אָדער ער איז אויסען זיין פערזענליכע טובה, אָדער, פאַרקערט, ער לויבט אונז כדי מיר זאָלען מיינען, אַז מיר זיינען שוין אין אָרדנונג, דאַרפען מיר זיך שוין ניט באַמיהען מעהר צו לייטערען.

מוזען מיר אין זינען האָבען, אַז מיר זיינען נאָך וויט פון פערפעקט. און אַז מיר לאַדען איין גוים (זיי לאַדען אונז ניט) צו אונזערע פאַרזאַמלונגען, און זיי לויבען אונז, דאַרפען מיר אין זינען האָבען, אַז „ישנן דברים בגו", אַז זיי זיינען אויסען זיך און ניט אונז. און דער עיקר דאַרפען מיר אין זינען האָבען, אַז אָפּט מאָל לויבען אונז די גוים, כדי מיר זאָלען מיינען, אַז מיר זיינען שוין פערפעקט. ווי בלעם האָט עס געטהון. מיר אידען דאַרפען גיכער אָנ־נעמען די שטראָף־רייד פון די נביאים, איידער די לויב־געזאַנגען פון די גוים. וואָרום אַ פריינד איז דער וואָס האַלט אין איין שטראָפען, ניט דער וואָס האַלט אין איין לויבען. און אַז מיר וועלען פאָלגען וואָס די תורה זאָגט אונז, און וואָס אונזערע נביאים, תנאים, אמוראים, גאונים לערנען אונז, וועט אונז זיין גוט אויף ביידע וועלטען, און מיר וועלען זיך ניט דאַרפען זאָרגען. וואָרום אידען האָבען גוטע קעפּ, און ווער עס האָט אַ גוטען קאָפּ, טהוט ער זיך אַ

זאָרג אָפּ איינס און צוויי, און קאָן זיך דאַן ווידער ווידמען צו תורה און מעשים טובים.

ווען ר׳ אליהו ברוך ז״ל איז געווען רב אין אַ קליין שטעדטעל, איידער ער איז אָנגעקומען אין דער מיר, זיינען זיינע שכירות געווען קליינע, האָט ער געלעבט בדוחק. די רביצין איז שטענדיג געווען פאַרזאָרגט, פאַר׳דאגה׳ט. די הוצאה ווערט גרעסער, און עס ניטאָ פון וואַנען. דער רב, אַ פרעהליכער פון נאַטור, פלעגט זיך עס ניט נעמען צום הארצען, און פלעגט אָפּקומען מיט אַ וויץ, אַ גלייכווערטעל, און ער האָט זיך ווייטער געלערענט. איינמאָל פרעגט איהם די רביצין: „איך פאַרליר דאָס לעבען פאַר זאָרג וואָס איך האָב ניט אויף דער הוצאה, און דיך אַרט עס ניט פונקט ווי דו וואָלסט געווען אַ פרעמדער!״ האָט דער רב איהר געענטפערט: „דו ווייסט דאָך אַז מען זאָגט אויף מיר אַז איך האָב אַ גוטען קאָפּ. איז וואָס, אייגענטליך, איז דער חילוק פון אַ גוטען קאָפּ ביז אַ פּראָסטען קאָפּ? וואָס אַ פּראָסטער קאָפּ פאַרנעמט אין אַ וואָך, פאַר־נעמט עס אַ גוטער קאָפּ אין אַ שעה, אין אַ רגע. אַז איך האָב אַ גוטען קאָפּ, איז וואָס אַן אַנדערער זאָרגט אָפּ אין אַ גאַנצע וואָך, זאָרג איך אָפּ אין איין רגע, און פּטור.״

און אַז מיר רעדען שוין פון זאָרגען, איז שוין כדאי צו באַמערקען אַז אויך בלעם הרשע האָט געהאַט געלט־זאָרגען, אָבער אויף דעם גרויסען פאַר־מאָגט. אויף דעם פּסוק „אם יתן לי בלק מלא ביתו כסף וזהב לא אוכל לעבור״ באַמערקט רש״י ז״ל „למדנו שנפשו רחבה ומחמד ממון אחרים״. איז דאָך די קשיא: מיר ווייסען דאָך אַז אויך ר׳ יוסי מן קסמא האָט געגעבען אַזאַ תשובה, נעמליך „אם אתה נותן לי כל כסף וזהב שבעולם לא אצא למקום שאינו מקום תורה״ (פּרקי אבות, פּרק ו, משנה ט), איז פאַרוואָס זשע ביי בלעם׳ן טייטשט עס רש״י אויס לגנאי? ענטפערט דער „תורה תמימה״: אין דעם פאַל פון רבי יוסי בן קיסמא איז אין דעם פאָרשלאָג וואָס מען האָט איהם געמאַכט האָט זיך אויסדריקליך גערעדט ווענען געלט. מען האָט איהם געזאָגט: „רבי, רצונך שתדור עמנו במקומנו ואני אתן לך אלף אלפי אלפים דנרי זהב...״ מען האָט איהם בפירוש פאָרגעשלאָגען געלט, האָט ער געענט־פערט אַז ווען מען זאָל איהם געבען דאָס גאָלד און זילבער פון דער גאַנצער וועלט וועט ער זיך ניט באַזעצען אין אַ פּלאַץ וואָס איז ניט קיין מקום־תורה. אָבער ביי בלעם׳ן האָט מען דאָך דאָס וואָרט געלט גאָר ניט דערמאָנט. בלק האָט איהם בלויז געזאָגט: „כי כבד אכבדך מאד״. פון געלט איז גאָר קיין רייד ניט געווען. איז וואָס זשע האָט ער איהם עפּעס געענטפערט: „אם יתן לי בלק מלא ביתו כסף וזהב?״ איז טאַקע דערפון לערנען מיר אַז בלעם׳ן האָט געצויגען אַן אָקסעל צו יענעמ׳ס געלט.

# פינחס

פון די פיער און פופציג סדרות וואָס געפינען זיך אין דער תורה, טראָגען בלויז זעקס די נעמען פון מענשען, נעמליך, נח, חיי שרה, יתרו, קרח, בלק, פינחס. און דערפאַר וואָס פינחס האָט זיך אָנגענומען דעם אויבערשטענ׳ס קריוודע, מיט אַן אמת, און האָט אַזוי אַרום אָפּגעשטעלט די מגפה וואָס האָט געבושעוועט אויף די אידען, און וואָס האָט זיי געקאָסט פיער און צוואַנציג טויזענט לעבענס, האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו משה׳ן: „הנני נותן לו את בריתי שלום״ — איך גיב איהם מיין בונד פון שלום. זאָגט דערויף דער מדרש: איך גיב איהם מיין בונד פון שלום — „בדין הוא שיטול שכרו״ — אַז על פי דין קומט איהם שכר.

באַמערקט דערויף ר׳ יוסף שאול נאַטאַנזאָהן ז״ל, דער לעמבערגער רב, אַ טייער וואָרט. דער טעם פאַר וואָס „שכר מצוה בהאי עלמא ליכא״, פאַר וואָס דער מענש באַקומט ניט אויף דער וועלט קיין שכר פאַר מצוות, איז דערפאַר, ווייל אַזוי לאַנג ווי דער מענש לעבט, איז מען דאָך מיט איהם ניט זיכער. ווער ווייסט צי ער וועט ניט זינדיגען. ווייסען מיר דאָך אַז אפילו דער כהן גדול יוחנן איז צו אַכציג יאָהר געוואָרען אַ צדוקי. נאָר וואָס דען? אַן אויסנאַהם איז דאָך בלויז אַ „מזכה את הרבים״, וועגען וועלכען מען האָט שוין ניט קיין מורא טאָמער וועט ער זינדיגען. וואָרום „המזכה את הרבים אין חטא בא על ידו״ — דער וואָס איז מזכה דעם רבים, קען שוין דורך איהם ניט געשעהן קיין זינד. און אַזוי ווי אַ דאַנק פינחס׳ן איז דאָך דער רבים אָפּגעראַטעוועט געוואָרען פון אַ זיכערען טויט, פון דער מגפה, איז דערפאַר „בדין הוא שיטול שכרו״. קומט איהם דאָך על פי דין צו געניסען דעם שכר פון די מצוות אויף דער וועלט.

און ווי באַוואוסט זאָגען אונזערע חכמים ז״ל אַז פינחס איז אליהו. איז ווי איז דאָס צו ערקלעהרען? וועל איך איבערגעבען וועגען דעם אַ גוט וואָרט פון „ילקוט מרגליות״. די היינטיגע סדרה זאָגט אונז „בקנאו את קנאתי... הנני נותן לו את בריתי שלום״. אַ אידישער פיהרער, אַ חוץ אַנדערע גוטע אייגענשאַפטען און פעהיגקייטען, מוז אין זיך פאַראייניגען אָט די צוויי מידות צוזאַמען. מיט דער מידה פון קנאות און שטרענגקייט געגען די וואָס ווילען פאַרשוועכען דאָס אידישקייט, געגען די יעניגע וועמענס דע־מאָראַליזירענדע טהאַטען קענען שאַפען אַ סכנה פאַר דער עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאָלק, מוז ער אויך באַזיצען די אייגענשאַפט פון שלום. ער מוז, נעמליך זיין אַ מילדער, גוטמוטיגער מענש, און גלייכצייטיג אַ שטרענגער כאַראַקטער. און אָט די דאָזיגעביידע אייגענשאַפטען האָבען געפונען אַ האַרמאָנישען אויסדרוק ביי אליהו הנביא. ער איז געווען דער עקסטרעמסטער קנאי מיט באַצוג אויף די „עובדי הבעל״, געגען די וואָס האָבען אין דער צייט פון מלך אחאב געדיענט צו דעם אָפּגאָט בעל. אָבער צו גלייכער צייט האָט

אליהו אין זיך געטראָגען די העכסטע מאָס פון שטרעבונג צו פרידען און אייניגקייט, צו שלום און אחדות.

און דוקא וועגען אָט דעם שטרענגען קנאי אליהו ווערט געזאָגט: „אין אליהו בא לרחק אלא לקרב" — אליהו איז ניט געקומען צו דערווייטערען, נאָר צו דערנעהנטערען וואָרום מיט זיין אויסערגעוועהנליכער שטרענגקייט איז ער דאָך בלויז אויסען געווען צו דערנעהנטערען די מענשהייט צו דעם באַשעפער פון דער וועלט.

און אָט דאָס איז טאַקע דער זין וואָס זיין תלמיד אלישע האָט געבעטען פון איהם ביי זייער צעשיידען זיך. אלישע האָט געבעטען „ויהי נא פי שנים ברוחך אלי", אַז אליהו הנביא, זכור לטוב, זאָל איהם איבערגעבען דעם סוד פון „פי שנים" — ווי אַזוי צו פאַראייניגען אין זיך דיביידע מידות פון שטרענגקייט און מילדקייט. און דאָס טאַקע איז דער געדאַנק פון דעם פסוק „והיה בשבתו על כסא ממלכתו וכתב לו את משנה התורה הזאת" — דער פיהרער ביי אידען, דער רעגירער, דאַרף אין זיך פאַראייניגען די דאָפּעלטע לעהרע פון דאָפּעלטער אייגענשאַפט: אייזערנע דיסציפּלין, און גלייכצייטיג „לבלתי רום לבבו מאחיו" — ניט האַלטען זיך גרויס איבער זיינע ברידער.

פינחס, אהרן הכהן'ס אייניקעל, איז באַזעסען די געוואַלדיגע אייגענשאַפט פון זיך אָננעמען מיט אַן אמת דעם בורא עולם'ס קריוודע, און דורך דעם האָט ער מזכה געווען את הרבים, געראַטעוועט די לעבענס פון פיעלע אידען, איז איהם געגעבען געוואָרען דער בונד פון שלום. האָט ער, פונקט ווי אליהו הנביא, באַזעסען די צוויי וויכטיגע מעלות וואָס אַ פיהרער מוז אומבאַדינגט באַזיצען, נעמליך, שטרענגקייט און מילדקייט.

און בכלל דאַרף יעדער מענש צוערשט אין זינען האָבען דעם צווייטען. עגאָאיזם איז שוין גאָרניט קיין שעהנע מידה. דאַגעגען, אַלטרואיזם איז איינע פון די פיינסטע און עטישסטע אייגענשאַפטען. זיינען טאַקע אונזערע גייסטיגע פיהרער געווען באַזעלט מיט דער דאָזיגער שעהנער מידה. ר' עקיבא אייגער ז"ל איז אַמאָל געפאָהרען אויף אַ ברית. די נאַכט איז שטאַרק פינסטער. די בלאָטע איז גרויס, דאָס וועטער נאַס. דער בעל עגלה האָט געמוזט געהן ביז צו דער קניה אין בלאָטע אונטערצושפּאַרען דעם וואָגען. ווען דער וואָגען איז אַרויס אויף אַ טרוקענעם וועג, האָט דער בעל עגלה זיך אַרויפגעזעצט אויף דעם וואָגען, און אויסגעטהון די שטיוועל וואָס זיינען געווען פול מיט וואַסער. האָט ר' עקיבא איהם געגעבען אַ פּאָר טרוקענע זאָקען, ער זאָל זיך ניט פאַרקיהלען, און דער בעל עגלה האָט באַמערקט אַז דער רבי האָט איהם ממש מחיה געווען. דערווייל האָט דער בעל עגלה אַ טראַכט געטהון: פון וואַנען האָט דער רב גענומען די זאָקען אַז דאָס רענצעל איז פאַרשלאָסען, און ער האָט ניט געזעהען אַז דער רב זאָל עס אויפשליסען? אין דער פריה, בעת דער רב איז אַראָפּ פון דעם וואָגען, האָט דער בעל עגלה דערזעהען ווי ער טראָגט שיך אָהן זאָקען. האָט ער פאַרשטאַנען אַז דער רב האָט אַראָפּגענומען זיינע זאָקען פון די פיס און זיי איהם געגעבען, האָט ער געזאָגט: „סטייטש, רבי, ווען איך זאָל געוועזן וויסען..." האָט איהם דער רב איבערגעשלאָגען: „וואָס הייסט? איך זאָל זיצען טרוקען און אָנגעטהון, און איהר זאָלט זיצען מיט נאַסע פיס, און באָרוועס? דאָס איז דאָך ניט קיין יושר!"

ר׳ יעקב בערלין, ר׳ הירש לייב׳ס פאָטער ז״ל, איז געווען אַ פּאַרמעג־ליכער סוחר, געפיהרט אַ רייך הויז, און געהאַלטען אַ דיענסט. האָט ער אַמאָל געבראַכט פון אויסלאַנד טייער גלאָזוואַרג, און דאָס מיידעל האָט צעבראָכען אַ פּאָר כלים. האָט די בעל הבית׳טע געשריען אויף איהר מיט קולות. האָט זיך אָנגערופען ר׳ יעקב צו זיין וויב: „דו טאָרסט אויף איהר ניט שרייען, זי איז אַזאַ יחסן׳טע ווי דו״. „סטייטש״, קאָכט זיך די בעל הבית׳טע, „אַזאַ היזק!״ פאַר דעם שאַדען מעגסטו מאַנען, אָבער שרייען אויף איהר טאָרסטו ניט״. „נו, געה איך שוין מיט איהר צום רב״, און זי כאַפּט די פאַטשיילע, און הייסט דער דיענסט געהן מיט איהר. נעמט ר׳ יעקב זיין פּאַלטאָ און געהט מיט. „דו קענסט בלייבען אין הויז״, זאָגט איהם די בעל הבית׳טע, „איך קען אַליין טענה׳ן ביים רב״. און ר׳ יעקב ענטפערט איהר: „איך געה ניט טענה׳ן פאַר דיר, איך געה טענה׳ן פאַר דעם מיידעל, זי וועט, נעבעך, ניט וויסען אַליין וואָס צו טענה׳ן״.

ווען ר׳ ישראל סאַלאַנטער ז״ל איז געווען אַן אלמן, האָט ער זיך אַ צייט אויפגעהאַלטען ביי אַ קאָוונער גביר, ר׳ יעקב משה כרפס ז״ל. איינמאָל האָבען די בני בית געזעהען ווי ר׳ ישראל וואַשט זיך צום עסען מיט אַ קליין ביסעל וואַסער, כאָטש אין קיך איז געשטאַנען אַ פולער עמער מיט וואַסער. האָבען זיי זיך גע׳חידוש׳ט אַזאַ צדיק ווי ר׳ ישראל זאָל זיך ניט וואַשען מיט אַ פולער קוואָרט! האָבען זיי עס דערצעהלט דעם פאָטער. האָט ער זיך צוגעקוקט און געזעהן אַז עס איז טאַקע אַזוי, האָט ער זיך אויך גע׳חידוש׳ט. זיצענדיג ביים עסען האָט ער אַ זאָג געטהון צום רבי׳ן: „רבי, האָט מיר קיין פאראיבעל ניט, איך וויל אייך עפּעס פרעגען, תורה היא וללמוד אני צריך — איך וויל לערנען. ווי קומט עס וואָס צו נטילת ידים נוצט איהר אַ קליין ביסעלע וואַסער? דער שולחן ערוך זאָגט דאָך, אַז כאָטש מען איז יוצא מיט אַ רביעית וואַסער, איז פונדעסטוועגען, כדי מהדר צו זיין די מצוה, זאָל מען ניט זשאַלעווען...?״ האָט ר׳ ישראל איהם געענטפערט: „איך האָב געזעהען אַז אייער דיענסט טראָגט עמערס וואַסער אויף איהרע אַקסלען פון גאַנץ וויט, און אייער שטוב שטעהט נאָך אויף אַ באַרג. זי בויגט זיך נעבעך אין דרייען שלעפּענדיג די עמערס וואַסער, און אויף יענעמ׳ס פּלייצעס דאַרף מען ניט זיין קיין מהדר״. אָט אויף אַזוי וויט דאַרף מען אין זינען האָבען דעם צווייטען.

און נאָך אַ גאָר וויכטיגע זאַך לערנען מיר פון דער היינטיגער סדרה. אַ זאַך וואָס פיהרער און פרויען וואָלטען באַדאַרפט גוט אין זינען האָבען. ווי באַוואוסט האָט צלפחד, באַלד נאָך מתן תורה, פאַרשוועכט דעם שבת, און ער איז באַשטראָפט געוואָרען מיט טויט. צלפחד האָט געהאַט פינף טעכטער: מחלה, נועה, חגלה, מלכה און תרצה. איז ווען די היינטיגע סדרה רעכענט אויס צווישען וועמען דאָס לאַנד זאָל איינגעטיילט ווערען, ווערט צלפחד׳ס פאַמיליע ניט דערמאָנט, ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין זיהן. זיינען זיינע טעכטער געקומען צו משה׳ן און גע׳טענה׳ט: אונזער פאָטער איז דאָך ניט געווען צווישען קרח׳ס רעוואָלוציאָנערען, ער איז דאָך געשטאָרבען פאַר זיין זינד, אָבער ניט פאַר אנטייל נעמען אין קרח׳ס אויפשטאַנד, איז פאַרוואָס קומט ניט זיינע קינדער קיין חלק אין דעם לאַנד? און אַזוי ווי ער האָט ניט געהאַט

קיין זיהן, קומט אונז אַ חלק!" איז „ ויקרב משה את משפטן לפני ה'" — האָט משה רבינו פאַרגעבראַכט זייער קלאַגע פאַר דעם אויבערשטען. איז דאָך די קשיא: ווען משה האָט באַשטימט ריכטער וואָס זאָלען משפט'ן דאָס פאָלק, האָט ער דאָך אַליין געזאָגט „כל הדבר הקשה יביאון אלי" — אַז יעדען שוועהרען פראָצעס זאָל מען ברענגען צו איהם, איז פאַרוואָס זשע האָט ער זיך גראָד אין דעם פאַל געווענדעט צום אויבערשטען נאָך אַ פסק? זאָגט דערויף דער של"ה: משה רבינו האָט געהערט ווי צלפחד'ס טעכטער האָבען באַמערקט אַז זייער פאָטער איז ניט געווען צווישען זיינע געגנער, קומט שוין אויס אַז ער איז אַ שטיקעל נוגע בדבר, האָט ער ניט געוואָלט פסק'ענען. זעהען מיר דערפון ווי שטאַרק פאַרזיכטיג אַ פיהרער דאַרף זיין. ער טאָר ניט דערלאָזען אַז עס זאָל אויף איהם פאַלען דער מינדסטער חשד.

און וואָס מיינט איהר איז געווען דער אורטייל? „כן בנות צלפחד דברת, נתן תתן להם אחזת נחלה בתוך אחי אביהם" — צלפחד'ס טעכטער זיינען גערעכט, גיב זיי אַ חלק... לערנען מיר דערפון אַז דאָס וואָס מאַנכע פרויען, באַזונדערס צווישען דער „אינטעליגענץ", באַקלאָגען זיך אַז אידענטום האָט זיי געקריוודעט, און געגעבען דעם מאַן מעהר רעכט ווי זיי, איז ניט אויסגעהאַלטען. מען קען דאָס לייכט באַווייזען פון פיעלע אַנדערע ערטער אין תנ"ך און אין תלמוד. אָבער אַזוי ווי אין דער היינטיגער סדרה ווערט דערצעהלט וועגען דעם פאַל פון צלפחד'ס טעכטער, דערמאָנען מיר בלויז דאָס. ביי אַן אַנדער געלעגענהייט וועלען מיר אויפמערקזאַם מאַכען אויף אַנדערע עהנליכע פאַלען.

און אַז יעדער איינער וואָס איז זיך עוסק בצרכי ציבור, יעדער פיהרער, דאַרף אין זינען האָבען בלויז דעם ציבור, ניט זיינע אייגענע פער־זענליכע אינטערעסען, זעהען מיר אויך אָנגעדייטעט אין דער היינטיגער סדרה. ר' שמעון סופר ז"ל האָט פאַר זיין פטירה גערופען די ראשי הקהל און צו זיי געזאָגט: יעדער פאַסטוך איז זיכער געטריי זיינע שאָף, און גיט אויף זיי אַכטונג. אָבער מיר ווייסען דאָך אַז מיט זיין געטריישאַפט איז ער אויסען בלויז זיך. ער מיינט עס ניט לטובת די שאָף, נאָר זיין אייגענע טובה, ווייל עס איז דאָך זיין פאַרמעגען. און ווען דער פאַסטוך איז אַ געדונגענער, גיט ער גוט אַכטונג אויף דער טשערעדע, כדי ער זאָל ניט פאַרלירען זיין שטעלע. אַנדערש אָבער, דאַרף זיין דער פאַסטוך פון דער אידישער קהלה. ער מוז אין זינען האָבען בלויז דעם וואוילזיין פון זיין געמיינדע, און קיין שום אייגעננוצען. און אָט דאָס מיינט דער פסוק „ולא תהיה עדת ה' כצאן אשר אין להם רועה" — אַז די קהלה זאָל ניט זיין געגליכען צו שאָף וואָס דער פאַסטוך איז „אין להם" ניט פאַר זייערטוועגען, נאָר פאַר זיך — ער האָט ניט אין זינען דאָס גליק און די טובה פון דער געמיינדע, נאָר איז אויסען זיין אייגענעם כבוד אָדער פרנסה.

און מיר זעהען צו אָפט אַז פיעלע וואָס שטעהען אין דער שפּיץ פון קהל'שע ענינים זיינען בכלל דערצו ניט באַרעכטיגט. אָבער מיינט ניט אַז דאָס איז בלויז אין אַמעריקע, און נאָר היינטיגע צייטען. אויף יענער זייט ים איז אויך ניט פיעל בעסער געווען. אָט פלעגט ר' ישראל סאַלאַנטער ז"ל רעדען מיט גרויס פאַרביטערונג וועגען אָט דער דאָזיגער אונפאַרשטענדליכער און

ניט־געזונטער דערשיינונג, וואָס אין פּיעלע קהלות, אפילו דאָרט וואו די קהלה איז באַשטאַנען מעהרסטענס פון פרומע אידען, זיינען די ראשי הקהל געווען דוקא ניט קיין פרומע, און אפילו אַסימילאַטאָרען וואָס קעהרען זיך ווייניג אָן מיט אידישקייט. פלעגט דער רבי ז״ל זאָגען אין אַ שפּאַס, אַז דאָס מיינט טאַקע דער פּסוק אין תהלים „ותחסרהו מעט מאלקים״, אַז וואָס ווייניגער יראת שמים אַ איד האָט, אַלץ גרעסערע שאַנסען האָט ער אַז „וכבוד והדר תעטרהו״, אַז מען זאָל איהם אונטערטראָגען אַביסעל כבוד, מאַכען פאַר אַ פּרנס, אַ גבאי...

און אַז דער אויבערשטער הייסט משה׳ן באַשטימען פאַר אַ פיהרער יהושע בן נון „איש אשר רוח בו״, טייטשט רש״י ז״ל „שיוכל להלוך כנגד רוחו של כל אחד ואחד״. זאָגט דערויף דער „ייטיב פנים״: דער אמת׳ער באַרופענער פיהרער טאָר ניט חנף׳ענען דעם עולם, און טהון זייער ווילען, נאָר ער מוז האָבען דעם קוראַזש, דעם מוט, זיך געגענצושטעלען געגען יעדען איינעם, ווען דער מאָמענט פאָדערט עס. ער מוז זיין אַ מענש „אשר רוח בו״ — אַ מענש מיט גייסט. ניט ער זאָל זיך אַראָפּלאָזען צו די מאַסען, נאָר ער דאַרף זיין בכוח און האָבען דעם מוט צו דערהויבען די מאַסען העכער און העכער.

דעם גייסטיגען מוט וואָס אַ אידישער פיהרער דאַרף האָבען קען מען אפשר אַמבעסטען זעהן פון רבי לוי יצחק בערדיטשעווער ז״ל, ער האָט געהאַט מוט זיך אפילו אויסצו־טענה׳ן מיט דעם רבונו של עולם, ווי דער פאָלגענדער עפּיזאָד, איינער פון אונצעהליגע, באַווייזט עס קלאָהר.

איינמאָל איז דער בערדיטשעווער געשטאַנען פאַר דעם עמוד צו „כל נדרי״ אַ לאַנגע צייט און האָט געשוויגען. פּלוצים האָט ער זיך אַ קעהר געטהון מיט דעם פּנים צום עולם, און אַ פרעג געטהון דעם שמש: „איז בערעל שניי־דער דאָ אין בית המדרש?״ און ווען דער שמש האָט געענטפערט „ניין״, האָט ער איהם געהייסען געהן רופען בערעל׳ען. ווען בערעל איז געקומען, פרעגט איהם דער רבי: „בערעל, פאַרוואָס ביזטו מעכב די תפילות?״ „רבי, וואָס זאָל איך טהון אַז איך האָב ניט פאַר וועמען איהם צו רופען צו אַ דין תורה?״ ענטפערט בערעל. „לאָמיר הערען דיינע טענות״, זאָגט דער רבי, און בערעל הויבט אָן:

„אַנומעלט האָט דער פּריץ נאָך מיר געשיקט, איך זאָל איהם אויפ־נעהען אַ פעלץ; האָב איך גענומען שעהר־און־אייזען און בין אַוועק אין הויף אַריין. דער פּריץ האָט מיר געגעבען די בעסטע טכוירען, האָב איך אַ טראַכט געטהון: איך בין אַ איד, אַן אָרימאַן, און דאַרף חתונה מאַכען אַ טאָכטער, און עס איז ניטאָ מיט וואָס, וועל איך אַראָפּנעמען אַ צענדליג טכוירען און האָבען צושטייער אויף נדן. געענדיגט די אַרבייט, האָב איך אויסגעהוילט אַ ברויט, אַריינגעלייגט די צעהן טכוירען און זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

„אָפּגעהענדיג עטליכע וויאָרסט, הער איך ווי אַ רייטער יאָגט זיך נאָך מיר. פאַרליר איך שיעור ניט די נשמה און כאַפּ און בעהאַלט דעם קלומיק אונטער אַ בוים, און וואַרט אויף דעם רייטער. „דער פּריץ דאַרף דיך האָבען״, זאָגט צו מיר דער רייטער אַ פאַרסאָפּעטער. אַ ברירה האָב איך! געה איך

צוריק און האַלט די נשמה אין דער האַנט, ווער ווייסט וואָס ער וועט מיר טהון?

„בערקע", זאָגט דער פריץ, „האָסט דאָך פאַרגעסען אנצוזונעהען אַ הענגער!" דאַנק איך דעם רבונו של עולם פאַר דעם נס, בלויז אַביסעל שרעק, דערויף איז מען דאָך עפּעס אַ איד, נעה איך אָן דעם הענגער, און לאָז זיך צוריק אין וועג אַריין. ערשט איך קום צו צום בוים, נישטאָ דער קלומיק מיט דעם ברויט און מיט די טכוירען. זוך אַהין, זוך אַהער — נישטאָ. טראַכט איך ביי זיך ניט אַנדערש אַז דאָס איז כביכול'ס אַרבייט, ער וויל ניט אַז אַ איד זאָל צונעמען טכוירען ביים פריץ. איך קום אַהיים, דאָס וויב הייסט זיך וואַשען און גיט וועטשערע, אָבער אויף צו להכעיס עס איך אומגעוואַשען, בענטש ניט, דאַווען ניט קיין מעריב, לעג זיך שלאָפען אָהן קריאת שמע, ניט געגאַנגען צו סליחות, ראש השנה ניט געגאַנגען דאַווענען, ניט געהערט קיין שופר בלאָזען. אַז ער קען מיר אָפּטהון אַזאַ זאַך, וויל איך ניט האָבען מיט איהם קיין געשעפטען.

„אַז עס איז געקומען ערב יום הכפור, און ערב יום הכפור מוז מען דאָך יעדען מוחל זיין, מוז איך דאָך דעם רבונו של עולם אויך מוחל זיין, ער איז דאָך אויך מוחל, האָב איך אַזוי באַשלאָסען: איך וועל איהם מוחל זיין בלויז מיט איין תנאי, אויב ער וועט מוחל זיין יעדען אידען אַלע עבירות, אפילו אַזעלכע זינד וואָס יום הכפור איז אויף זיי ניט מכפר, וועל איך איהם אויך מוחל זיין, און טאָמער ניט, וויל איך ניט. איז, אדרבא, פסק'נט איהר, רבי, בין איך גערעכט צי ניט?"

האָט דער בערדיטשעווער ז"ל אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל און אויסגעשריען: „האַר פון דער וועלט! איך לוי יצחק דער דיין, פסק'ען אַז בערעל דער שניידער איז גערעכט. בערעל דער שניידער איז דיר מוחל, אָבער דערפאַר מוזטו אויך מוחל זיין אַלע אונזערע עבירות, די אַלע זינד פון כל ישראל". און מיט גרויס שמחה האָט ער זיך אויסגעדרעהט צום עמוד און אָנגעהויבען צו זאָגען „כל נדרי".

אָט אַזוי הויך מוז שטעהן אַ פיהרער, אַז ווען די צייט פאָדערט עס, זאָל ער זיך פיהלען בכוח אַרויסצוגעבען אַ פסק אפילו געגען כביכול.

און איצט וועלען מיר פאַרענדיגען מיט אַ גוט ווערטעל: רבי פּינחס, דער בעל הפלאה ז"ל, פלעגט זיך פיהרען אין דער היים, אין פראַנקפורט, גאַנץ באַשיידען, דאַגעגען אונטערוועגס האָט ער זיך געפיהרט ברייט. ער איז איינגעשטאַנען אין גרויסע האָטעלען, און בכלל ניט געקאַרגט קיין הוצאות. האָט מען איהם אַמאָל געפרעגט: „רבי, ווי קומט עס וואָס אין דער פרעמד פיהרט איהר זיך אַנדערש ווי אין דער היים?"

האָט ער געענטפערט: ווען „פינחס" איז אויף דעם אָרט, איז ער „בין המצרים" (די סדרה פינחס פאַלט שטענדיג אויס אין די „דריי וואָכען"). אָבער ווען „פינחס" איז אין דער פרעמד, איז ער אַ גאַנצער יום טוב (אַלע יום טוב'דיגע מפטירים לייענט מען אין „פינחס").

# מטות

באַלד אָנהויב פון דער סדרה „מטות“ ווערט געזאָגט „איש כי ידור נדר לה׳... לא יחדל דברו“. אויב עמיצער טהוט אַ נדר, ער זאָגט עפּעס צו, דאַרף ער האַלטען וואָרט. שלמה המלך, דער חכם מכל האדם, האָט געזאָגט „טוב אשר לא תדור משתדור ולא תשלם“ — עס איז בעסער אַז דו זאָלסט איינגאַנצען ניט טהון קיין נדר, איינגאַנצען ניט צוזאָגען, איידער צוזאָגען און ניט באַצאָהלען. און די גמרא, ווידער, זאָגט אין שבת ל״ב „בעון נדרים מתה אשתו של אדם“, ווען אַ מאַן איז ניט מקיים אַ נדר שטאַרבט איהם אָפּ, רחמנא לצלן, דאָס ווייב.

לעבען מיר אָבער אין אַ צייט, ווען פיעלע מענשען זיינען ניט אַזוי שטאַרק מקפּיד אויף זייער וואָרט. אַ אידיש ווערטעל זאָגט „ליב האָבען און צוזאָגען קאָסט ניט קיין געלט“. איז אַ סברה אַז ליב האָבען קאָסט דוקא יאָ געלט. אָבער בנוגע „צוזאָגען“ האַלט דאָס ווערטעל אויס אין זעהר פיעלע פאַלען. ניינציג פּראָצענט פון אידישער צדקה און אַלע סאָרטען נדבות ווערען פריהער „צוגעזאָגט“ אין דער פאָרם פון נדרים, „פּלעדזשעס“. און בעת דער גאָר גרעסטער טייל לייזט אויס דעם צוזאָג, זיינען, שמועסט מען, פאַראַן אויך אַזעלכע וואָס האַלטען אַז צוזאָגען איז איין זאַך און געבען איז אַן אַנדער זאַך. זיי האַלטען אַז „וכך היה אומר“ איז זיך איין זאַך, און „וכך היה מונה“ איז זיך אַ גאָר באַזונדערע זאַך.

זאָגט מען טאַקע אַז דער אונטערשיד פון אַמאָל ביז היינט איז דאָס: אונזערע עלטערען האָבען געקושט די תורה מיט דעם מויל, און נדבות האָבען זיי געגעבען מיט דער האַנט. און די היינטיגע קושען די תורה מיט דער האַנט, און נדבות געבען זיי מיט דעם מויל — „פּלעדזשעס“.

דאַרפען מיר אין זינען האָבען אַז מקיים זיין אַ נדר, אַ צוזאָג, צו האַלטען וואָרט בכלל, איז געוואַלדיג וויכטיג. עס איז אַ וויכטיגער זייל אין דער אידישער לעהרע, אין דעם אידישען לעבענס שטייגער. קודם כל פאָדערט די היינטיגע סדרה פון יעדען אידען אָהן אויסנאַהם, אָפּצוהיטען דעם דאָזיגען וויכטיגען, און מאָראַלישען פּרינציפּ. משה רבינו ווענדעט זיך צו די ראשי המטות און זאָגט צו זיי: „דער אויבערשטער האָט געבאָטען „איש כי ידור נדר“... באַמערקט דערויף דער „מגד ירחים“: קודם כל דאַרפען די עלטסטע, די פיהרער און כלל־טהוער וויסען דעם דאָזיגען דין. זיי טאָרען ניט דרעהען מיט דער צונג, נאָר מוזען האַלטען וואָרט. זיי מוזען מקיים זיין דעם „ככל היוצא מפיו יעשה“. דער כלל־טהוער, דער פיהרער, מוז מקיים זיין יעדער וואָרט וואָס געהט אַרויס פון זיין מויל, און דערמיט וועט ער גלייכצייטיג דינען אַלס ביישפּיל פאַר די מאַסען.

מען דאַרף שטענדיג אין זינען האָבען אַז „הקורא את שמע ולא השמיע לאזניו, לא יצא“. אַז איינער וואָס פּרעדיגט מוסר פאַר יענעם, ער שרייט

צום עולם „שמע ישראל״, און ער אַליין טהוט אַנדערש ווי ער פאָדערט פון אַנדערע, ער פּראַקטיצירט ניט וואָס ער פּרעדיגט, לא יצא, איז ער ניט יוצא. וואָרום אַ מענש מוז זיין „תוכו כברו״. ער מוז זאָגען דאָס וואָס ער מיינט, און מיינען דאָס וואָס ער זאָגט. און ניט נאָר מוזען די ווערטער זיין אמת׳דיג, נאָר אפילו דאָס טראַכטען אין האַרצען מוז זיין אמת׳דיג. דער בעל התהלים רעכענט דעם „דובר אמת בלבבו״, דעם וואָס רעדט אמת אין זיין האַרץ, צווישען די יעניגע וואָס וועלען וואוינען אין דעם אַלגעגענוואַרטיגענס הייליגקייט.

דעם אמת איז מען ניט געצוואונגען צו זאָגען, אָבער אַ ליגען טאָר מען ניט זאָגען. און אַז מען זאָגט שוין יאָ עפּעס צו, מוז מען די הבטחה מקיים זיין.

ווי איך האָב שוין פריהער באַמערקט איז די שטראָף פאַר ניט מקיים זיין אַ נדר זעהר גרויס. עס קאָן אַמאָל קאָסטען, רחמנא לצלן, דעם ווייב׳ס לעבען. איז כדאי, אגב, צו דערצעהלען אַ גוט ווערטעל. איינער איז אַמאָל געקומען צו ר׳ אייזל חריף ז״ל און האָט צו איהם געזאָגט: „אונזערע חכמים ז״ל זאָגען אַז ,בעון נדרים מתה אשתו של אדם׳, אַז פאַר דער זינד פון ניט מקיים זיין אַ נדר שטאַרבט דאָס ווייב. אָבער איך אַליין האָב שוין אַ היבש ביסעל נדרים ניט מקיים געווען, און מיין ווייב לעבט און איז ברוך השם געזונט ביז דעם היינטיגען טאָג, נו, ווי זשע ערקלעהרט איהר דאָס?״ האָט ר׳ אייזל איהם געענטפערט „דאָס ווערט מקוים נאָר ביי דעם יעניגען, פאַר וועלכען עס וואָלט באמת געווען אַ שטראָף. אָבער ניט ביי אַזעלכען וואָס וואַרט און קוקט אויס דערויף. וואָס וואָלט איהר געוואָלט, ר׳ איד, אַז פאַר ניט מקיים זיין קיין נדרים, פאַר ניט האַלטען קיין וואָרט, זאָל מען נאָך צוגעבען אַ פּרעמיע?״

דאַרפען מיר, אַלזאָ, שטענדיג אין זינען האָבען אַז אידישקייט פאָדערט פון אונז צו רעדען אמת מיט אַן אמת, אויף אַן אמת, און מען טאָר אויף קיין מינוט ניט פאַרגעסען דעם „מדבר שקר תרחק״, האַלט זיך ווייט פון אַ ליגען. אויב מען פיהלט אַז מען קען ניט מקיים זיין וואָס מען וויל צוזאָגען, זאָל מען בעסער ניט צוזאָגען. עס איז אויך ניט פּראַקטיש צוצוזאָגען און ניט מקיים זיין. וואָרום וויפיעל מאָל אַ שטייגער קען מען דאָס טהון? אונזערע חכמים ז״ל האָבען שוין באַמערקט „כך עונשו של בדאי, אפילו אומר אמת אין שומעין לו״, אַזוי איז שוין די שטראָף פון אַ ליגנער, אפילו ווען ער זאָגט שוין אמת גלויבט מען איהם אויך ניט.

אונזערע חכמים ז״ל וואָרענען זעהר שטאַרק אַז מען זאָל האַלטען וואָרט. אָט דערצעהלען זיי אונז: אמר להם הקדוש ברוך הוא לישראל, הוו זהירין בנדרים, ואל תפרצו בהם, שכל הפורץ בנדרים סופו למעול בשבועות, והמועל בשבועות כופר בי, ואין לו מחילה לעולם (תנחומא) — דער הייליגער, געלויבט זיי ער, זאָגט צו ישראל: זייט פאָרזיכטיג מיט נדרים, מיט געבען אַ וואָרט, און ברעכט עס ניט, וואָרום ווער עס ברעכט זיין וואָרט, וועט אויך ניט האַלטען קיין שבועה, און ווער עס האַלט ניט קיין שבועה, לייקענט אין מיר, און פאַר איהם איז קיינמאָל ניט פאַראַן קיין מחילה. ווידער זאָגען די חכמים ז״ל (סנהדרין צב, א) „כל המחליף בדיבורו כאילו עובד עבודת אלילים״, ווער עס בייט זיין וואָרט איז גלייך ווי ער דיענט די אָפּגעטער. און די גמרא זאָגט אונז בפירוש „מי שפרע מאנשי דור המבול ומאנשי דור הפלגה, ומאנשי סדום

ועמורה, וממצרים בים, הוא עתיד ליפרע ממי שאינו עומד בדיבורו" (בבא מציעא מח, א) — ווער עס האָט באַשטראָפט דעם דור המבול, און דעם דור הפלגה, סדום, עמורה און די מצריים ביי דעם ים, וועט באשטראָפען דעם וואָס האַלט ניט זיין וואָרט.

עס זיינען, אָבער, ליידער פאַראַן מאחינו בני ישראל וואָס זיינען ניט אַזוי שטאַרק מקפיד אויף זייער וואָרט. און אָט דער דאָזיגער קלאַס מענשען געהערט צו יענע משכילים. ווי באַוואוסט איז ר' ישראל וויזניצער ז"ל געווען אַ שאַרפער געגנער פון דער השכלה און פון די משכילים. איז איינמאָל געקומען צו איהם אַ משכיל, און ער האָט אָנגעהויבען מיט איהם איינ'טענה'ן פאַרוואָס ער האָט אַזוי פיינד די משכילים. „מיר אידען, אַלע אידען, האָבען דאָך איין פאָטער, איז פאַרוואָס זשע האָט איהר אונז פיינד?"

„אמת", האָט ר' ישראל געענטפערט, „מיר האָבען טאַקע איין פאָטער, אָבער מיר האָבען ניט איין מוטער". „וואָס מיינט איהר דערמיט?" האָט דער משכיל געפרעגט. און ר' ישראל האָט איהם געענטפערט: „פאַרשטעהט איהר מיך, וואָס ביי אייך איז מותר [מוטער], איז ביי אונז אסור".

און די יעניגע וואָס זיינען זיך אַליין מתיר, זיי האָבען אַן אַנדער „מוטער" [מותר].

זיי ווייסען ניט פון קיין גרעניץ. ניט נאָר טהוען זיי וואָס זיי ווילען, וואָס זייער הארץ גלוסט, נאָר זיי מאַכען נאָך חוזק פון די אידען וואָס פיהרען זיך כדת משה וישראל, וואָס לעבען לויט די פאָרשריפטען פון דער תורה, נביאים, תלמוד, און שולחן ערוך. זיי ווערען גאַנצע „טייטשען" און טייטשען ווי עס פאַסט זיך אַריין אין זייער רעמעל:

ר' אייזיל חריף ז"ל איז אַמאָל געפאָהרען אין באַהן. אין דעם זעלבען וואַגאָן האָבען זיך געפונען „אַלט-מאָדישע" אידען, און צוויי יונגע לייט, היינטוועלטיגע „טייטשען" [דייטשען]. איז וואָס קען מען ערוואַרטען פון אַזעלכע וויס-חברה'ניקעס? האָבען זיי אָנגעהויבען חוזק צו מאַכען פון דעם אַלט-מאָדיש געקליידעטען ר' אייזיל, און זיך געהאַלטען אין איין וויצלען איבער איהם. ר' אייזיל'ן האָט עס, פאַרשטעהט זיך, געאַרט ווי דער פאַריאָהריגער שניי. אָבער די אַנדערע „אַלט-מאָדישע" אידען האָט עס שטאַרק געערגערט. האָט ר' אייזיל צו זיי געזאָגט: „וואָס חידוש'ט איהר זיך אַזוי? איהר האָט דאָך געלערענט רש"י, ווייסט איהר דאָך אַז דאָרט ווי רש"י ז"ל ברענגט צוויי „טייטשען" [פשטים], איז דער צווייטער אַ „דבר אחר"...

און פאַרוואָס מיינט איהר זיינען די אויפגעקלעהרטע אַזעלכע חוצפה'־ניקעס? ווייל זיי האָבען ווייניג געלערענט, און אַז מען לערענט ווייניג, טראָגט מען שוין „דאָס היטעל אויף אַ זייט". דער מעזעריטשער מגיד ז"ל האָט אַמאָל געזעהען איינעם טראָגען „דאָס היטעל אויף אַ זייט". פרעגט איהם דער מגיד: וויפיעל בלאַט גמרא האָסטו היינט געלערענט?" „אַ גאַנצען בלאַט", האָט דאָס בחור'ל געענטפערט. „אָ, וואָ", האָט געזאָגט דער מגיד, „אַז פון איין בלאַט איז שוין דאָס היטעל אויף דער זייט, טאָ וויפיעל בלאַט גמרא דאַרף מען לערנען, אַז מען זאָל שוין איינגאַנצען אויסטהון דאָס היטעל?" ווארום אַז מען לערענט תורה ניט לשמה, נאָר צו ווערען וואויל-יונגעריש, ווערט מען ווי יענע „טייטשען", מען ווערט אַ „דבר אחר".

אויף די ווערטער זאת „חוקת התורה... אך את הזהב ואת הכסף..." זאָגט דער „ספר החיים" אַז מיט אַלע געזעצן פון דער תורה קען מען ווי עס איז דורכקומען. אָבער קוים האָט עס צו טהון מיט געלט, איז עס שוין ניט אין אָרדנונג. זעהר אָפט איז געלט, ליידער, אַ גרויסע שטרויכלונג פאַר דעם מענשען. ער קען פשוט ניט בייקומען דעם יצר הרע. און דאָס טרעפט זיך אפילו צווישען די בעסטע פון אונז.

אין אַ קליין שטעדטעל איז געווען אַ דיין, אַ גרויסער למדן, און אַן עהרליכער איד. ער איז געווען לא אליכם אַביסעל טויבליך, און מען פלעגט שמועסען אין שטעדטעל אַז ער נעמט שוחד, כאַבאַר. ווען דער דאָזיגער קלאַנג איז דערגאַנגען צום רב פון דער שכנות'דיגער שטאָדט, האָט ער געשיקט נאָך דעם דיין. ער האָט מיט איהם פאַרפיהרט אַ שמועס, און אין משך פון זייער געשפּרעך האָט ער זיך איבערצייגט אַז דער קלאַנג איז, ליידער, ניט קיין אויסגעטראַכטער, נאָר עס איז פאַראַן געננג גרונט צו גלויבען אַז דער דיין איז ניט קיין נקי־כפּים'ניק.

האָט די רביצין, וואָס האָט זיך אויסגעקאָנט אין די „דריבנע פינטע־לעך", אַ פרעג געטהון דעם רב: „אויב אַזוי, ווי זשע קומט עס וואָס ער איז גאָר טויב און ניט בלינד? עס שטעהט דאָך אין דער תורה „ושוחד יעור עיני חכמים", אַז כאַבאַר מאַכט בלינד די אויגען פון די קלוגע, אָבער עס שטעהט דאָך ניט אַז עס מאַכט טויב?"

„ווען דו זאָלסט קענען די מענשען פון יענעם שטעדטעל, וואָלסטו זיך ניט גע'חידוש'ט" האָט איהר דער רב געענטפערט.

„דהיינו?" חידוש'ט זיך די רביצין. און דער רב ענטפערט איהר: „איך וועל דיר מסביר זיין. די מענשען פון יענעם שטעדטעל זאָגען בלויז צו אַז זיי וועלען געבען שוחד, אָבער באַצאָהלען ממש, טהוען זיי ניט. וואָלט דער דיין טאַקע געווען געגומען שוחד, וואָלט ער געווען געוואָרען בלינד. אָבער אַזוי ווי ער הערט בלויז זיי „זאָגען" אַז זיי וועלען איהם באַצאָהלען, איז ער דערפאַר בלויז טויב".

אָבער ווי אַזוי די זאַך זאָל ניט זיין, דאַרפען מיר אידען, דער עם סגולה, זעהן אָפּהיטען אָט דאָס דאָזיגע אויסערגעוויינליך וויכטיג געזעץ, וואָס פאַר־מאָגט אין זיך אַזוי פיעל מאָראַל און עטיק. מיר דאַרפען שטענדיג זעהן האַלטען וואָרט, מקיים זיין יעדער הבטחה. און דער עיקר — ניט צוצוזאָגען אויב מען איז ניט זיכער אַז מען וועט עס קענען מקיים זיין. מיר דאַרפען שטענדיג געדענקען שלמה המלך'ס גוטע און קלוגע עצה: עס איז בעסער ניט צו מנדר זיין, איידער צוצוזאָגען און ניט באַצאָהלען.

און נאָך גאָר אַ גרויסען אמת לערנען מיר אין דער היינטיגער סדרה „מטות". דער אויבערשטער זאָגט צו משה'ן „נקום נקמת בני ישראל מאת המדינים", נעם נקמה פון די מדינים פאַר די אידען. דער אַלמעכטיגער, פאַר וועמען עס איז ניט פאַראַן קיין שכחה, פאַרגעסט ניט קיין שום זאַך. ווען די צייט קומט רעכענט ער זיך אָפּ מיט די שונאי ישראל. אָבער ווי קומט עס וואָס משה רבינו האָט זיך אויסגעדריקט „נקמת ה' במדין", נעמען נקמה אין מדין פאַר דעם אויבערשטען? פאַרוואָס האָט ער געענדערט דעם אויסדרוק, און ניט געזאָגט ווי דער אויבערשטער האָט געזאָגט?

ערקלעהרט עס דער מדרש תנחומא אויף אַ גלענצענדען און אַזוי פיעל אמת׳דיגען אופן: משה רבינו האָט געזאָגט צום בורא עולם: האַר פון אַלע וועלטען, די מדינים וואָלטען דאָך אונז ניט פיינט געהאַט, און זיי וואָלטען אונז ניט פאַרפאָלגט ווען מיר וואָלטען געווען פונקט ווי זיי, געדינט צו עבודה זרות, ניט מקיים געווען דיינע מצוות, און ניט אָפּגעהיט דיין תורה. זיי האָבען דאָך אונז פיינט בלויז דערפאַר ווייל מיר געהען אין דיינע וועגען, ווי דו האָסט אונז געבאָטען אין דיין תורה וואָס דו האָסט אונז געגעבען. ליידען מיר דאָך, אַלזאָ, בלויז צוליב דיר. איז דעריבער איז דאָס ניט אונזער נקמה, נאָר טאַקע דיינע.

אַזוי איז דאָס שוין געווען אין משה רבינו׳ס צייטען, און אַזוי איז דאָס אויך היינט. פאַרוואָס האַסען אונז דען היינט די גויים? בלויז דערפאַר ווייל מיר זיינען אידען און ניט קיין גויים. איך וואָלט געגאַנגען אַ שריט ווייטער און געזאָגט אַז די גויים האַסען אונז פשוט אויס קנאה. ניט קנאה וואָס מאַנכע אידען זיינען רייך, צי דערפאַר ווייל מיר האָבען גרויסע געלעהרטע, גרויסע וויסענשאַפטלער, גרויסע פאַבריקאַנטען, סוחרים, דאָקטוירים, ניין. זיי פעהלט אויך ניט. אדרבה, זיי האָבען מעהר פון אונז אויף אַלע געביטען. ראָקפעלער און פאָרד זיינען רייכער פון אַלע אידישע גבירים צוזאַמען. נאָר זיי האַסען אונז פשוט אויס קנאה וואָס מיר זיינען אידען; וואָס מיר, דאָס איינציגע געיאָגטע און געפּלאָגטע פאָלק, געיאָגט און גע׳רודף׳ט, פון כמעט אַלע פעלקער אין אַלע לענדער דורך אַלע יאָהר־הונדערטער, זיינען דאָס איינציגע פאָלק וואָס האָט געגעבען דער וועלט אַ תורה וואָס זיי אַליין האַלטען פאַר הייליג! שטיל אין האַרצען זיינען זיי אונז מקנא. און אַז מען איז איינעם מקנא, הויבט מען אָן איהם, ווילענדיג צי ניט ווילענדיג, פיינד צו האָבען. און פיינדשאַפט פיהרט צו פאַרפאָלגונג.

און פאַרוואָס נאָך האַסען זיי אונז? ווייל דער רבונו של עולם איז העכער פון, להבדיל, זייער גאָט. דער לובלינער מגיד, ר׳ בעריש האַלפּערן ז״ל, איז אַמאָל געזעסען אין טורמע צוליב אַ בלוט־בלבול. אַזוי ווי ער האָט גע׳פועל׳ט מען זאָל איהם לאָזען דאָרט האַלטען טלית און תפילין, האָט ער פאַרשטעהט זיך, געדאַוועט אַלע טאָג, און דערצו נאָך אויפ׳ן קול, ווי זיין שטייגער איז געווען.

דער „נאַטשאַלניק" (וואַרדען) האָט דאָס ניט געוואָלט ליידען, האָט ער איהם געפרעגט, „צו וואָס שרייסטו אַזוי, ווען דו דאַווענסט? קענט איהר אידען ניט דאַווענען שטיל, ווי מיר טהוען עס?" האָט ר׳ בעריש איהם געענטפערט: „ניין, אדוני נאַטשאַלניק, מיר קענען ניט. איהר, האָט אייער גאָט לעבען אייך, אויף דער וואַנט, קענט איהר „מאָליען" אין דער שטיל. אונזער פאָטער, אָבער, איז זעהר הויך, אַזש אין הימעל, מוזען מיר שרייען ביים דאַווענען".

און נאָך אַ זאַך לערנען מיר אין דער היינטיגער סדרה „מטות": די בני ראובן און די בני גד האָבען געהאַט זעהר פיעל פיה, שאָף און רינדער, זיינען זיי געקומען צו משה׳ן און געבעטען אַז ער זאָל זיי געבען אַ געוויסע געגענד וואָס האָט געהאַט גוטע פאַשע, פעטע לאָנקעס. האָט משה צו זיי געזאָגט „האחיכם יבואו למלחמה ואתם תשבו פה" — אייערע ברידער זאָלען

געהן פיהרען מלחמה, און איהר וועט זיך זיצען דאָ? טייטשט רבי יונתן אייבעשיץ ז״ל דעם פסוק אַזוי: „האחיכם יבואו למלחמה״, צי רעדט איהר זיך דען איין אַז ווען די שונאים וועלען אין דער מלחמה אָנפאלען אויף אייערע ברידער אין ארץ ישראל, איז „ואתם תשבו פה״, וועלען זיי אייך לאָזען דאָ זיצען רוהיג, און איהר וועט דערפון גאָרניט ליידען? אויב איהר דענקט אַזוי, האָט איהר אַ גרויסען טעות! אויב איהר וועט זיצען מיט פאַרלעגטע הענט און זיין גלייכגילטיג צו די צרות פון אייערע ברידער אין ארץ ישראל, וועט עס זיך פריהער אָדער שפּעטער אָפּרופען אויך אויף אייך. די שונאים וועלען אויך אייך ניט שאָנעווען. אך, וויפיעל אמת, קערענדיגער אמת, עס שטעקט אין אָט די קלוגע ווערטער!

אידען איבער דער גאַנצער וועלט מוזען זיין איינס. אונזער גאַנצע שטאַרקייט באַרוהט אויף איינגקייט, אויף אחדות. אונזער טויזענטער יאָהר אַלטע געשיכטע איז אָנגעפּיקעוועט מיט פאַקטען, אַז ווען אידען האָבען פאַר־געסען די אונגעהויערע נויטווענדיגקייט פון אחדות און אָנגעהויבען צו שטרייטען צווישען זיך, זיינען זיי געוואָרען שוואַך, און דער שונא האָט דערפון פאַרדינט. מיר זעהען דאָס היינט צו טאָג מיט אונזערע אייגענע אויגען, אַז ווען אַלע אידען באשר הם שם, וואו זיי זאָלען זיך ניט געפינען, האָבען אַלע ווי איינער, מיט דער אויסנאַהם פון עטליכע נישטיגע פאַררעטער וואָס ציטערען פאַר זייער אייגענע קעשענע, אויסגעשריגען אַז מיר ווילען צוריק אונזער לאַנד, און יונג און אַלט, מאַן און פרוי, אין ישוב און אין גלות, ווער מיט דעם לעבען און ווער מיט געלט און מאָראַלישע הילף, האָבען זיך אריינ־געוואָרפען אין דעם הייליגען קאַמף צו פאַרווירקליכען אונזער צוויי טויזענט יאָהריגען חלום, איז טאַקע פון דעם חלום געוואָרען אַ ווירקליכקייט.

און דאָס האָט שוין משה רבינו, וואָס האָט געקוקט באספּקלריה מאירה, פאַראויס געזעהען מיט דריי און אַ האַלב טויזענט יאָהר צוריק: איהר ווילט זיך איינרעדען אַז בעת די שונאים וועלען פיהרען מלחמה געגען אייערע ברידער אין ארץ ישראל, וועט מען אייך לאָזען זיצען דאָ במנוחה? אָה, ניין! און דאָס דאַרף יעדער איד וויסען. מיר מוזען געדענקען דעם פּרינציפּ „אל תפרוש מן הצבור״, טייל זיך ניט אָפּ פון דעם כלל. עס טאָר ניט זיין קיין ר׳ ישראל, נאָר כל ישראל. ר׳ ישראל איז בלויז אַ טייל פון כל ישראל, און כל ישראל קומט פריהער. און ווען כל ישראל איז פאַראייניגט, קען זיי קיין שונא ניט בייקומען. אַזוי איז עס געווען ביי יציאת מצרים, ביי די מלחמות וואָס משה רבינו האָט געפיהרט, ביי די מלחמות וואָס יהושע בן נון האָט געפיהרט, אין די צייטען פון די שופטים, פון די מלכים, אין דער מלחמה מיט סנחריב, אין דער מאַקאַבעאישער עפּאָכע, און היינט צו טאָג.

אַלזאָ, איינגקייט, אחדות, אַלע פאַר איינעם און איינער פאַר אַלע, אָט דאָס איז דער געבאָט פון אַ גאַנץ יאָהר, פון יעדען טאָג, פון יעדער שעה — אַן אויסערגעוויינליך וויכטיגער פאַקטאָר פאַר דער עקזיסטענץ פון דעם פאָלק ישראל און פון דעם לאַנד ישראל.

# מסעי

אלה מסעי בני ישראל... פאַלגענדע זיינען די רייזעס, די עטאַפּען, וואָס די אידען האָבען דורכגעמאַכט פון זייער אַרויסגעהן פון מצרים ביז זייער אַריינגעהן אין דעם צוגעזאָגטען לאַנד ישראל. און די היינטיגע סדרה רעכענט אויס אין איינצעלהייטען אַלע שטעדט דורך וועלכע די אידען האָבען געצויגען. פרעגט דעריוף דער רמב״ם ז״ל אין דעם „מורה נבוכים״: צו וואָס האָט די תורה עס נויטיג געהאַט אויסצורעכענען אין איינצעלהייטען אַלע ערטער וואו די אידען האָבען זיך אָפּגעשטעלט אויף זייער וועג פון מצרים קיין ישראל? און ער ענטפערט אַז דאָס איז צוליב דעם כדי די שפּעטערע דורות זאָלען וויסען אַז די נסים פון דעם מן און פון דעם וואַסער וואָס דער אויבערשטער האָט זיי געגעבען אין דער מדבר זיינען אמת. עס וועלען זיך דאָך געפינען אַזעלכע וואָס וועלען צווייפלען אין די נסים. זיי וועלען זאָגען: „ווי איז עס מעגליך אַז פערציג יאָהר צייט זאָלען די אידען האָבען אויסגע־האַלטען אין אַ וויסטער מדבר, בלויז אַ דאַנק דעם מן פון הימעל און מרים׳ס ברונעם? ניט אַנדערש, אַז זיי האָבען מסתמא זיך באַזעצט אין אַזעלכע מדבריות וואָס געפינען זיך נאָהענט צו שטעדט און דערפער, און פאַר געלט קריגט מען דאָך אַלץ, האָבען זיי אַלעס נויטיגע געקויפט פון די איינוואוינער פון די ישובים״. איז דערפאַר גיט די תורה אָן גענוי די נעמען פון די ערטער, כדי די קומענדע דורות זאָלען זיך קענען איבערצייגען, אַז אין אָט די דאָזיגע ערטער איז אונמעגליך געוועזן זיך צו קענען אויפהאַלטען פערציג יאָהר, און אפילו היינט צו טאָג זיינען נאָך אַלץ די דאָזיגע ערטער וויסט און ווילד און ווייט פון באַזעצטע געגענדען.

און די היינטיגע סדרה זאָגט אונז „ויכתב משה את מוצאיהם למסעיהם... ואלה מסעיהם למוצאיהם״. איז פרעגט זיך די קשיא, פאַרוואָס אין דער ערשטער העלפט פון דעם פסוק שטעהט „מוצאיהם למסעיהם״. און אין דער צווייטער העלפט שטעהט פונקט פאַרקעהרט, נעמליך „מסעיהם למוצאיהם״? גיט דער דובנער מגיד ז״ל דעריוף אַ גלענצענדע ערקלערונג: ביי די אידען איז די הויפּטזאַך געוועזן פּטור צו ווערען פון מצרים, איז דערפאַר „ואלה מסעיהם למוצאיהם״, האָבען זיי כסדר געצעהלט וויפיעל וועג זיי זיינען שוין אַוועק־געגאַנגען פון מצרים. דאַגעגען משה רבינו׳ס הויפּט־ציעל איז געוועזן אַריינ־צוברענגען די אידען אין דעם אידישען לאַנד אַריין, איז דערפאַר, „ויכתוב משה את מוצאיהם למסעיהם״, האָט ער געצעהלט פאַרקעהרט, נעמליך, ווי ווייט עס איז נאָך צו דעם צוגעזאָגטען לאַנד.

אין פלוג דוכט זיך אויס אַז עס איז דאָס זעלבע, אָבער עס איז דאָך פאַראַן אַן אונטערשיעד. די אידען האָבען געוואָלט באַפרייט ווערען פון דער קנעכטשאַפט האָבען זיי געוואָלט אַנטלויפען וואָס ווייטער פון מצרים. אָבער דאָס מיינט דאָך ניט אַז זיי וואָלטען ניט געוועזן געקאָנט אונטערדרוקט ווערען

פון אַן אַנדער פאַלק. דאַגעגען, משה רבינו׳ס בליק איז טאַקע געווען אַ געזונטערער. ער האָט געקוקט פאָראויס. זיין ציעל איז געווען דאָס לאַנד פון ישראל. האָט ער געצעהלט ווי ווייט עס איז נאָך צום ציעל, און דאָס אַריינגעהן קיין ארץ ישראל, האָט שוין אַנטהאַלטען אין זיך די גאַראַנטיע געגען ווייטערער פאַרשקלאַפונג.

און אָט דער אונטערשיעד אין בליק איז אַן אַלטעגליכע ערשיינונג, זייט דאַן ביז היינט צו טאָג. עטליכע מענשען קוקען אויף איין און דער זעלבער זאַך אָדער פאַסירונג, און יעדער איינער פון זיי זעהט עס אַנדערש. אָבער דער גרויסער מענש זעהט עס אין דעם ריכטיגען געשטאַלט.

און אויסרעכענדיג די ערטער דורך וועלכע די אידען האָבען דורכגעצויגען, דערצעהלט אונז די היינטיגע סדרה „ויסעו מקברות התאוה ויחנו בחצרות”. זאָגט דערויף ר׳ יצחק וואָרקער ז״ל אַ גוט וואָרט: דאָס איינציגע מיטעל זיך צוריק צוהאַלטען פון די תאוות און פון זינד, איז צו געדענקען שטענדיג דעם „ויחנו בחצרות” — אַז די וועלט איז ניט מעהר ווי אַ „חצר”, אַ קאָרידאָר, אין וועלכען דער מענש האַלט זיך ניט אויף זעהר לאַנג.

די וועלט איז דאָך בלויז אַ „פרוזדור” אין וועלכען דער מענש דאַרף זיך צוגרייטען פאַר יענער וועלט. ווי באַוואוסט איז דאָך דער ווילנער גאון ז״ל כמעט ניט אַרויסגעגאַנגען פון הויז. ער איז תמיד געווען ביי זיך אין צימער, די פענסטער און לאָדען פאַרמאַכט אפילו בייטאָג, און איז געזעסען ביי אַ ליכט טאָג און נאַכט און זיך עוסק געווען אין תורה און אין עבודה. איינמאָל איז צו איהם געקומען זיינע אַ שוועסטער וואָס האָט איהם ניט געהאַט געזעהן פיעלע יאָהרען, און זי האָט קוים גע׳פועל׳ט מען זאָל זי צולאָזען צום ברודער. ווען זי איז אַריין אין זיין צימער, האָט ער אויפגעהויבען אַביסעל דעם טלית, און געזאָגט: „אויף יענער וועלט וועלען מיר האָבען גענוג צייט זיך צו זעהן, דאָ דאַרף איך האָבען די צייט אויף צו לערנען”.

איז וויל מען זיך אויסהיטען פון אַריינצופאַלען אין די נעצען פון תאוות, דאַרף מען אין זינען האָבען אַז די וועלט איז דאָך אייגענטליך גאָרניט. עס איז דאָך בלויז אַן איבערגאַנגס־רגע צו דער אייביגער, אונענדליכער יענער וועלט, וואו עס הערשט בלויז הייליגער גייסט.

אָבער עולם הבא קומט ניט אַן גרינג. מען דאַרף דערויף אויסערסט שווער אַרבייטען. מען דערצעהלט אַז ר׳ פינחס דער „בעל הפלאה” ז״ל פלעגט, ווי זיין שטייגער איז געווען, זיצען און לערנען ביז שפעט אין דער נאַכט אַריין. איינמאָל אין מיטען דער נאַכט, אין דרויסען האָט דער פראָסט געבערענט, אַ זאַווערוכע, סכנות נפשות, דערהערט ער פלוצים ווי עמיצער קלאַפט אין דער טיר און בעט זיך רחמים מען זאָל איהם אַריינלאָזען. האָט דער רבי, פאַרשטעהט זיך, באַלד געעפענט די טיר, און אין שטוב אַריין איז אַריין אַ איד, פאַרפרוירען און פאַרשנייעט, קוים אַ לעבעדיגער. דער רבי האָט איהם געהייסען זיך זעצען ביי דעם וואַרימען אויוועז, האָט איהם געגעבען קאָכעדיגען טעה, עפעס צו עסען, און דער איד האָט זיך פשוט מחיה געווען. אָפּכאַפּענדיג דעם אָטעם, האָט ער געבעטען דעם רבי׳ן ער זאָל איהם מוחל זיין וואָס ער האָט איהם אַזוי פיעל מטריח געווען, און ער האָט איהם דערצעהלט אַז ער איז אַ סוחר, פאָהרט אַצינד אויף אַ יריד, איז ער שיעור ניט

דערפרוירען געוואָרען אויף דעם וועג, און האָט זיך קוים דערשלאָגען צו דעם שטעדטעל. און אַזוי ווי דעם רבּ׳ס הויז איז דאָס איינציגע אין דער גאַנצער שטאָדט, וואו עס האָט זיך געזעהן ליכט, האָט ער אָנגעקלאַפּט. און אַזוי שמועסענדיג גיט ער אַ זאָג צום רב: „איהר זעהט דאָך, רבּי, אַז קיין עולם הזה האָב איך ניט, איך בין שטענדיג אונטערוועגס, ווער ממש געפרוירען אין די קעלטען, אויסגעריסען אין די היצען, אין די רעגענס, שנייען, וועל איך כאָטש האָבען עולם הבא?״ האָט דער רבּי איהם געענטפערט: „זעהט אַליין, מה דאָך עולם הזה אויף וואָס איהר אַרבּייט אַזוי שווער מיט אַלע כוחות האָט איהר ניט, אַ פּשיטא שוין עולם הבא, אויף וועלכען איהר אַרבּייט גאָר־ניט!״

דאַרף יעדער שטערבּליכער מענש שטענדיג אין זינען האָבען, אַז קיין זאַך קומט ניט אָן לייכט. אונזערע חכמים ז״ל האָבען שוין געזאָגט „לא יגעתי ומצאתי אל תאמין״. זאָגט דיר איינער: איך בין געזעסען מיט פאַרלייגטע הענט, ניט איינגעטונקען די האַנט אין קאַלט וואַסער און האָב דערגרייכט דאָס צו וועלכען איך האָב געציעלט, און געהאַט ערפאָלג, זאָלסטו ניט גלויבען. און אויב מען מוז אַרבּייטען אַזוי שווער אויף עולם הזה, הייגט ווי שווער דאַרף מען שוין אַרבּייטען אויף עולם הבא?!

און וואָס הייסט אַרבּייטען אויף עולם הבא? מען דאַרף לערנען, געבען צדקה, טהון גמילות חסדים, פיהרען אַ ריין עטיש אידיש לעבען, אָפּהיטען שבת, יום טוב, כשרות, לעבען לויט די פאַרשריפטען פון אונזער תורה און תלמוד, און טאַקע דאַווענען מיט כונה.

ר׳ אליעזר יצחק, ר׳ איצעלע וואָלאָזשינער׳ס איידעם ז״ל, האָט אַמאָל באַמערקט ווי אַ ישיבה בחור דאַווענט צו גיך. האָט ער איהם אַריינגערופען צו זיך און אָנגעהויבען מיט איהם צו שמועסען וועגען דעם ענין פון תפלה, און באַמערקט אַז דאַווענען דאַרף מען מיט כונה, פּאַמעלעך, ניט מאַכען קיין טעות, פּונקט ווי מען צעהלט געלט. רופט זיך אָן דער בחור: „איהר ווייסט דאָך, רבּי, אַז ווען מען פאָהרט פּאַמעלעך, כאַפּען זיך אַרויף שקצים אויף דעם וואָגען, אָבער ווען מען פאָהרט גיך, קענען זיי זיך ניט אַרויפכאַפּען. ווען מען דאַווענט גיך, האָבען די פרעמדע מחשבות ניט קיין שליטה...״ האָט דער רבּי באַמערקט מיט אַ שמייכעל: „איך האָב מורא, אַז דו דאַווענסט אַזוי גיך אַז דו „שגץ״ אַליין קענסט זיך אויך ניט אַרויפכאַפּען...״

זיינען פאַראַן פיעלע מענשען, פרומע, גאָטספאַרכטיגע מענשען, וואָס דאַווענען גיך, ניט דערפאַר ווייל „די צייט איז געלט״, נאָר ווייל זיי מיינען אַז עס איז בעסער אַזוי. דער לובלינער „חוזה״ האָט אַמאָל געפרעגט דעם „איד הקדוש״ ז״ל פאַרוואָס זיין דרך אין עבודה איז צו דאַווענען גיך, האָט ער איהם געענטפערט: „ווייל די ווערטער זיינען ביי מיר טייער, שלינג איך זיי״. „איז פאַר וואָס זשע דאַווען איך ניט גיך?״ פרעגט דער „חוזה״, צי האָב איך דען חלילה ניט ליב צו דאַווענען?״ „אייערע ווערטער זיינען פייער, און פייער אַז מען כאַפּט, ברענט מען זיך אָפּ״, האָט דער „איד הקדוש״ געענטפערט.

ר׳ חיים צאַנזער פלעגט אין דער יוגענט פאָהרען צו ר׳ נפתלי ראָפּ־שיצער ז״ל. ר׳ חיים פלעגט שטענדיג דאַווענען מיט אויסערגעוועהנליכער התלהבות, און ביי דעם דאַווענען פלעגט ער קלאַפּען מיט דעם פוס. און

אַזוי ווי ער האָט, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, געהאַט אַ קראַנקען פוס, פלעגט ער גראָד קלאַפּען מיט דעם קראַנקען פוס. די ראָפּשיצער רביצין פלעגט עס ניט קענען צוזעהן, און זי האָט געהאַט גרויס צער דערפון, האָט זי געזאָגט צום רבי'ן: „פאַרוואָס לאָזטו איהם קלאַפּען מיט דעם קראַנקען פוס? דו קענסט דאָך איהם זאָגען אַז ער זאָל קלאַפּען מיט דעם געזונטען פוס!" און דער רבי האָט איהר געענטפערט: „ווען איך זאָל וויסען אַז ער ווייסט מיט וועלכען פוס ער קלאַפּט, וואָלט איך איהם זיכער געזאָגט. די מעשה איז אָבער, אַז ביי דעם דאַווענען ווייסט ער אַליין ניט מיט וועלכען פוס ער קלאַפּט, צי מיט דעם געזונטען, צי מיט דעם קראַנקען, אַזוי גרויס איז זיין התלהבות, היינט ווי זשע קען איך איהם זאָגען?"

און אַז מען דאַווענט מיט ברען, ווערט לייכטער אויף דער נשמה, און לעבעדיג אין האַרצען. אַ מתנגד האָט אַמאָל געפרעגט ר' ישראל ריזשינער ז"ל: "זעהט, רבי, דעם חילוק פון מתנגדים און חסידים. ווען מתנגדים דאַווענען אָפּ, זעצען זיי זיך אַנידער לערנען אַ פּרק משניות, דאַגעגען חסידים ווען זיי דאַווענען אָפּ, טרינקען זיי בראַנפען!" „איך וועל דיר זאָגען", האָט דער רבי געענטפערט, „מתנגדים דאַווענען קאַלט, אַ טויט דאַווענען, איז נאָך אַ טויטען לערענט מען משניות. אָבער חסידים דאַווענען אַ התלהבות'דיג, לעבעדיג דאַווענען, און אַ לעבעדיגער מענש דאַרף האָבען אַ ביסעל משקה".

איז פונקט ווי עס איז וויכטיג זיך צו באַציהען צו דעם בורא עולם מיט דער גרעסטער מורא און מיט התלהבות, מען דאַרף שטענדיג אין זינען האָבען דעם „דע לפני מי אתה עומד", ווייס פאַר וועמען דו שטעהסט, נעמליך, פאַר דעם מלך מלכי המלכים, אַזוי דאַרף מען אויך וויסען ווי זיך צו באַציהען צו מענשען, און אויך צו אונמענשען. ר' משה קאָברינער ז"ל פלעגט זאָגען: „מיין פאָטער זכרונו לברכה, האָט געהאַלטען, אַז צו די פיער שולחן ערוך'ס איז נאָך פאַראַן אַ פינפטער, נעמליך, ווי אומצוגעהן מיט מענשען. און איך האַלט, אַז עס איז פאַראַן נאָך אַ זעקסטער — ווי אומצוגעהן מיט אונמענשען".

אונזער תורה איז דורכגעדרונגען מיט דעם דעמאָקראַטישען פּרינציפּ. דאָס זעהט מען אויך אין דער היינטיגער סדרה. ווען משה רבינו רעדט צו די אידען ווי אַזוי זיי זאָלען איינטיילען דאָס לאַנד צווישען זיך, זאָגט ער „והתנחלתם את הארץ בגורל למשפחתיכם לרב תרבו את נחלתו, ולמעט תמעיט את נחלתו" — דאָס לאַנד זאָל צעטיילט ווערען לויט די משפחות, נעמליך, אַ גרעסערע משפחה זאָל באַקומען מעהר, און אַ קלענערע משפחה ווייניגער. נו, וואָס קען זיין לאָגישער, גערעכטער, און עקאָנאָמיש בעסער? זיינען דאָך, אָבער, מענשען שוואַכע נאַטורען, וויל יעדער איינער דוקא פאַר־מאָגען מעהר פון דעם אַנדערען. און דאָס איז זעהר ניט גוט פאַר דער מענש־הייט. וויל מען מעהר, מוז מען אַרבייטען שווערער, מען פאַרשקלאַפּט זיך אַליין, מען אַרבייט טאָג און נאַכט אַז מען קען אפילו ניט הנאה האָבען פון דעם וואָס מען פאַרמאָגט. אָבער אַזוי איז שוין די נאַטור פון יענע שוואַכלינגע וואָס פאַרשטעהען ניט אַז עס איז בעסער צו פאַרמאָגען ווייניגער און געניסען דאָס לעבען, איידער ווי איינצורייסען די וועלט, און ניט האָבען קיין צייט צו געניסען דאָס לעבען. און דאָס קומט אַלץ דערפון וואָס איינער וויל אַריבער־יאָגען דעם אַנדערען.

אויף אַן אַנדער אָרט זאָגט אונז די תורה „וישמע משה את העם בוכה למשפחותיו" — משה האָט געהערט ווי דאָס פאָלק וויינט. זאָגט דערויף רבי יונתן אייבעשיץ ז"ל: די הויפּט הנאה וואָס אַ גביר האָט פון זיין רייכקייט, איז דאָס צופרידענע געפיהל אַז ער איז אַן אויסנאַהם פון פיעלע אַנדערע, אַז ער האָט באַוויזען צו דערגרייכען אַזוינס צו וואָס פיעלע אַנדערע האָבען ניט זוכה געווען. און אָט דאָס דאָזיגע געפיהל מאַכט איהם שטאָלץ. דער מן וואָס די אידען האָבען געגעסען אין דער מדבר האָט אָפּגעשאַפט דעם דאָזיגען אונטערשייד. דאַן איז ניט געווען קיין „קלאַסען", קיין אָרים און רייך, ווייל אַלע אידען האָבען געפיהרט דאָס זעלבע לעבען. אַלע האָבען געגעסען דאָס זעלבע. און דוקא אָט דער זעלבער שטייגער לעבען, דאָס זיין גלייך, האָט אַרויסגערופען ביי דעם פאָלק אומצופרידענהייט, און עס האָט געוויינט: וואָס פאַר אַ טעם האָט אַזאַ לעבען אַז אַלע זיינען גלייך? און אַזוי ביז היינט צו טאָג זיינען פאַראַן געוויסע מענשען וואָס פאַרשטעהען ניט דעם אמת'ן זין פון לעבען, און מיינען אַז געלט איז די וועלט, און זיי האָבען ניט קיין הנאה ניט פון דעם געלט און ניט פון דער וועלט, און פון העלפען אַנדערע זיי זאָלען אַ הנאה האָבען איז דאָך שוין אָפּגערעדט.

עס איז פאַראַן אַ סאָרט גבירים וואָס אַזוי זיינען זיי דוקא ניט זעהר קאַרג, געבען צדקה, העלפען מיט טובות, טהוען גמילות חסדים. אָבער זייענדיג רייך, מיינען זיי אַז זיי זיינען אויך גרויסע תלמידי חכמים, און שרייבען אפילו ספרים. האָט אַמאָל אַזאַ איינער געמאַכט אַ פירוש אויף תורה, איהם אָפּגע־דרוקט צוזאַמען מיט דעם חומש, און ער איז געקומען צו רבי דוד נאַוואַר־דאָקער, דער בעל „גליא מסכת" ז"ל, ער זאָל איהם געבען אַן הסכמה. האָט דער רבי אַריינגעקוקט אין דעם פירוש, און אַ זאָג געטהון צו זיך אַ „שכל גדול". ער האָט איבערגעמישט עטליכע בלעטלעך און ווידער אַ זאָג געטהון „אַ געוואַלדיגער איינפאַל", און אַזוי עטליכע מאָהל, און דער מחבר זיצט און קוועלט פון נחת. אַ ווייל שפּעטער האָט דער רבי איהם צוריק געגעבען דעם ספר, און געזאָגט אַז קיין הסכמה קען ער איהם ניט געבען. „סטייטש, רבי, פאַר וואָס? איהר האָט דאָך אַליין געזאָגט אַז עס איז אַ „שכל גדול"?", „אַ געוואַלדיגע המצאה?" און דער רבי האָט איהם געענטפערט: „איך האָב דערמיט געמיינט צו זאָגען אַז עס איז פון אייך געווען אַ געניאַלער איינפאַל צו דרוקען דעם פירוש צוזאַמען מיט דעם חומש. איצט קען מען מיט אייער חיבור גאָרניט טהון. מען טאָר איהם ניט פאַרברענען, און מען טאָר איהם ניט אַרויסוואַרפען".

און וואָס פאַר אַ גרעסערער עם הארץ אַ גביר איז, אַלץ גרעסער איז זיין חוצפה. הערט אַ מעשה שהיה: דער לעמבערגער רב ר' מאיר תאומים ז"ל האָט אַמאָל געזעהן ווי אַן אויפגעקומענער גביר, אַן עם הארץ, האָט ביים אַרומגעהן אַרום דער בימה מיט דעם אתרוג און לולב, מיט אַ גאוה'דיג — פאַרריסענעם קאָפּ געשטויסען מיט די עלענבויגענס די אָרימע תלמידי חכמים וועלכע, ניט האָבענדיג קיין אתרוג און לולב, זיינען געשטאַנען אין אַ זייט, און האָבען ניט אַזוי גיך געמאַכט אַ „וואָרע" פאַר דעם אויפגעקומענעם עושר. נאָך דעם דאַווענען האָט דער רבי געזאָגט צום עולם: „איצט איז מיר פאַרענטפערט געוואָרען אַ קשיא. פאַרוואָס, אייגענטליך, ענדיגען זיך די

השענות מיט דעם פסוק „למען דעת כל עמי הארץ כי ה׳ הוא האלקים אין עוד״? ווי קומט אַהער דער דאָזיגער פסוק וואָס מען שרייט נאָך אויס הויך און מיט אַ ספּעציעלען ניגון? איצט, אָבער, איז מיר די זאַך קלאָהר געוואָרען. אומעטום ווי עס שטעהט אין דער תורה דאָס וואָרט „את״ באַווייזט עס אויף אַ „ריבוי״, עס ווייזט אויף נאָך עפּעס. איז וואָס זשע, אָבער, טהוט מען מיט דעם „את ה׳ אלקיך תירא״? וועמען נאָך מיינט עס? און די גמרא ענטפערט „לרבות תלמידי חכמים״, אַז אויך פאַר די תלמידי חכמים דאַרף מען מורא האָבען. איז ווען עס קומט, אָבער, צו „הושענות״, ווען די עמי הארצים באַליידיגען די תלמידי חכמים, ווייזען זיי דאָך מיט זייער האַנדלונג אַז זיי האַלטען ניט פון דעם דרש אַז דער „את״ מיינט די תלמידי חכמים, איז וואָס זשע טהוט מען מיט דעם „את״? לויט זייער האַנדלונג קען דאָך אויסקומען אַז דער „את״ איז חלילה מרמז אַז עס זיינען פאַראַן „שתי רשויות״? מוז מען באַלד אויסרופען אויף דעם קול און מודיע זיין, אַז מען זאָל חלילה ניט האָבען דעם דאָזיגען טעות, און „למען דעת כל עמי הארץ״ אַז דו עם הארץ זאָלסט וויסען אַז, כאָטש דו האַלטסט ניט פון יענעם דרש, זאָלסטו פאָרט געדענקען „כי ה׳ הוא האלקים אין עוד״ — אַז עס איז דאָ בלויז איין באַשעפער.

בדרך כלל, אָבער, זיינען מיר אידען דוקא אַ פיין און אַ שעהן פאָלק. די היינטיגע סדרה זאָגט „זאת הארץ אשר תפול לכם בנחלה״. איז וואָס באַדייט דאָ דער „לכם״? זאָגט דערויף דער מדרש תנחומא: בלויז פאַר אייך אידען איז דאָס לאַנד פּאַסענד. עס איז פאַראַן אַ מענש וואָס איז שעהן, אָבער זיין מלבוש איז ניט שעהן. עס איז פאַראַן אַ מענש וואָס איז מיאוס, און זיין מלבוש איז שעהן. אָבער די אידען זיינען ניט אַזוי; זיי זיינען שעהן און זייערע מלבושים זיינען שעהן, זיי זיינען צוגעפּאַסט צום לאַנד ישראל, און דאָס לאַנד ישראל איז צוגעפּאַסט צו זיי.

זיינען מיר אַלע מסכים אַז דער שידוך צווישען „ישראל סבא״ און „בת ציון״ איז זעהר אַ פּאַסענדער. און אַזוי ווי מיר ענדיגען היינט דעם חומש במדבר, איז חזק, חזק, ונתחזק. לאָמיר שטאַרקען דאָס פאָלק ישראל און דאָס לאַנד ישראל אַז דער זיווג זאָל עולה יפה זיין אויף אייביג, ובכן יהי רצון...

# דברים

דיינט הויבען מיר אָן אַ נייעם חומש, דעם פינפטען חומש פון די פינף חומשים. איז דאָך אונזער תורה אויך אַ מייסטערווערק פון דעם „ליטעראַרישען" שטאַנדפונקט. גיט דער פינפטער חומש, ווי מען זאָגט אויף דעם ליטעראַרישען לשון אַ „רעזומע". משה רבינו גיט אַן איבערבליק איבער די פּאַסירונגען וועלכע דאָס אידישע פאָלק האָט דורכגעמאַכט, און אגב, רעדט ער מיט זיי האַרבע דיבורים. איז, ווי זשע קומט עס וואָס משה, וועלכער האָט רחמנות געהאַט אפילו אויף אַ שעפעלע, און עס געטראָגען אויף די אַקסלען, ווייל ער האָט גערעכענט, אַז עס איז מיד, זאָל פּלוצים ווערען אַזוי שטרענג? זאָגט דערויף דער „קדושת לוי", אַז ווען משה רבינו האָט גערעדט צום אַלמעכטיגען וועגען די אידען, איז ער שטענדיג געווען זייער מליץ יושר. ער האָט זיך שטענדיג פאַר זיי אַנגענומען, און אפילו געזאָגט אַמאָל אַ „שטאַרק" וואָרט. אָבער דאָס מיינט דאָך ניט, אַז ער האָט באַדאַרפט די אידען „צע־פּיעשטשען". איז ווען ער האָט גערעדט „אל כל ישראל", האָט ער גערעדט שטרענג. וואָרום ווען מען האָט איינעם ליב, דאַרף מען ניט פאַרקוקען זיינע חסרונות, נאָר, אדרבה, מען דאַרף איהם אויפמערקזאַם מאַכען אויף די פעה־לער, כדי ער זאָל זיי אויסבעסערען.

ענטהאַלט די היינטיגע סדרה „דברים" אַ גאַנץ צעטעל תוכחות, שטראָף רייד, וועלכע משה רבינו, דער גרעסטער „אוהב ישראל'" רעכענט אויס זיינע „צאן קדשים". פרעגט דער מדרש: אייגענטליך האָט דאָך בלעם הרשע געדאַרפט אויסרעכענען די תוכחות, און די ברכות וואָלטען געווען געדאַרפט אויסגערעכענט ווערען דורך משה'ן, און צום סוף זעהען מיר פונקט פאַר־קעהרט, משה האָט זיי געשטראָפט און בלעם האָט זיי געבענטשט? און דער מדרש ענטפערט: ווען בלעם וואָלט געווען געשטראָפט די אידען, וואָלטען זיי געווען געזאָגט: ער איז אונזער שונא, שטראָפט ער אונז און געפינט אין אונז בלויז פעהלער. און ווען משה רבינו וואָלט זיי געווען געבענטשט, וואָלטען די פעלקער פון דער וועלט געווען געזאָגט: „ער האָט זיי ליב, זעהט ער אין זיי בלויז מעלות, בלויז די גוטע זייט, און ער בענטשט זיי". דעריבער האָט דער הייליגער ברוך הוא געזאָגט: „זאָל משה, זייער פריינד, זיי שטראָפען, און זייער פיינד בלעם זאָל זיי בענטשען, וועט מען ביידע גלויבען".

פאַרשטעהט זיך, אַז ניט יעדער פיהרער קען האָבען דעם מוט צו מוסר'ן דאָס פאָלק. פאַראַן פיהרער, וועלכע האָבען פּרנסה פון פיהרערשאַפט, ווילען זיי זיך ניט „איינבריישען" מיט די מאַסען. אַנדערע פיהרער האָבען ניט קיין חשק דאָס צו טהון צוליב פערזענליכע נוצען, וואָס זיי האָבען פון זייער פיהרערשאַפט. אָבער משה רבינו, דער גרעסטער „נקי כפים ובר לבב", וועלכער האָט געקאָנט אויסשרייען „לא חמור אחד מהם נשאתי", אפילו קיין איינציגען אייזעל האָב איך פון זיי ניט גענומען — וואָרום ווען ער איז אַוועק

פון דער מדבר קיין מצרים אויף דער געטליכער מיסיע אויסצולייזען די אידען פון דער מצרים׳שער קנעכטשאַפט, איז ער געריטען אויף זיין אייגען אייזעל — אַט אַזאַ פיהרער האָט געקאָנט האָבען דעם מוט, און וואַגען צו זאָגען די אידען מוסר. האָט טאַקע משה רבינו דערלאַנגט די אידען אַ פּאַרציע מוסר, אָבער זיין גליק איז געוועזען וואָס אין יענער צייט האָבען זיך ניט געפונען קיין רבי לוי יצחק בערדיטשעווער, קיין בעל שם טוב, און קיין ר׳ מאיר פּרעמישליאַ־נער ז״ל. זיי וואָלטען זיך זיכער געוועזען אויסגעטענה׳ט מיט איהם.

דער בערדיטשעווער ז״ל איז אַמאָל אַריינגעקומען אין בית המדרש פונקט ווען אַ מגיד האָט געהאַלטען אַ דרשה און אויסגערעכענט די חטאים וואָס די אידען באַגעהען. האָט רבי לוי יצחק ז״ל אויפגעהויבען די הענט צום הימעל און אויסגעשריען: „האַר פון דער וועלט! דאָס רעדען פון איהם אַרויס זיינע ביטערע צרות, די ביטערע פרנסה צווינגט איהם אַזוי צו רעדען. ער האָט אַ טאָכטער חתונה צו מאַכען, דאַרף ער אַ פּאָר רובעל. גיב זשע איהם אויף נדן און אויף חתונה־שטייער, און זאָל ער אויפהערען מקטרג צו זיין אויף דיין פאָלק ישראל״.

אַ מגיד האָט אין בית המדרש שבת צו מנחה שטאַרק גע׳מוסר׳ט די אידען, און אין דער פריה איז ער געקומען צום בעל שם טוב ז״ל נעמען שלום. ווען ער האָט איהם געזאָגט, אַז ער איז דער מגיד, האָט דער בעל שם טוב זיך אָנגערופען: „סטייטש, ווי האָט איהר געוואַגט זיך אַוועקצושטעלען בפני כל עם ועדה און רעדען לשון הרע אויף אידען? אַ גאַנצען טאָג געהט דער איד אַרום אין מאַרק אַ פאַרזאָרגטער, וואו נעמט מען אויף שבת, און ווען עס ווערט פאַרנאַכט טהוט ער זיך אַ כאַפּ, ,אוי, איך וועל פאַרשפּעטיגען מנחה׳, און כאַפּט זיך אַריין אין שטוב, און דאַווענט אָפּ שנעל מנחה, און כאָטש ער ווייסט ניט וואָס ער זאָגט, ציטערען דעמאָלט אַלע מלאכים אין הימעל, און איהר וואַגט צו רעדען אויף זיי לשון הרע!?״

און ווען ר׳ מאיר פּרעמישליאַנער ז״ל האָט אַמאָל געהערט ווי אַ מגיד זאָגט די אידען מוסר פאַרוואָס זיי האַנדלען ניט עהרליך און נאַרען אָפּ מיט דער וואָג, איז ער אַרויף אויף דער בימה און אויסגעשריען: „רבונו של עולם, הער ניט וואָס ער רעדט. אידען זיינען שטאַרק מקפיד אויף דער וואָג, און זיי האָבען אַן עהרליכע מאָס. אַלץ וואָס ער זאָגט איז ניט אמת, עס איז ניטאָ קיין וואָר וואָרט אין זיינע רייד!״

אָבער ווי עס ווייזט אויס איז משה רבינו געוועזען גערעכט מיט זיין מוסר זאָגען. די היינטיגע סדרה זאָגט אונז, אַז ער האָט גערעדט „אל כל ישראל״ — צו אַלע אידען. באַמערקט רש״י ז״ל אויף דעם אָרט: ווען ער זאָל געוועזען שטראָפען בלויז אַ טייל פון די אידען, וואָלטען יענע וועלכע זיינען דערביי ניט געווען, געוועזען געקענט זאָגען, ווען מיר וואָלטען געוועזען זיין דערביי, וואָלטען מיר איהם געוועזען געענטפערט אַזוי און אַזוי. דערפאַר האָט ער פאַרזאַמעלט אַלע אידען, און צו זיי געזאָגט: „איהר זענט אַלע דאָ פאַראַן, אויב איינער האָט עפּעס איינצוואווענדען, זאָל ער זיך אָנרופען״.

און משה רבינו האָט טאַקע געמעגט זאָגען מוסר. וואָרום מוסר זאָגען מעג נאָר דער, וואָס איז אַליין „גאַנץ״. ליידער אָבער, לעבען מיר אין אַ צייט וואָס די אַזוי־גערופענע מוסר־זאָגער זיינען אַליין „געכאַפּט אויף דער מעשה״.

אַפּטמאָל איז דער מוסר־זאָגער אַליין נכשל אין דער זאַך וועגן וועלכער ער שטראָפט אַנדערע.

אַ געוויסער מגיד איז אַמאָל געקומען קיין בריסק און געוואָלט דרש׳־ענען. אָבער אַזוי ווי מען האָט איהם ניט געהאַלטען פאַר קיין איבעריגען ירא שמים, האָט ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק ז״ל, דער בריסקער רב, איהם ניט ערלויבט צו דרש׳ענען. איז ער געקומען מיט אַ טענה צו ר׳ חיים׳ען: „סטייטש, רבי, פאַרוואָס פאַרווערט איהר מיר צו זאָגען? גלויבט מיר, אַז מיינע דרשות זיינען כשר בתכלית הכשרות. איך רעד וועגען אידישקייט, איך זאָג אַ פּסוק, ברענג אַ מאמר חז״ל, איז וואָס קען דאָ זיין שלעכט?״

האָט איהם ר׳ חיים ז״ל געענטפערט: „פאַרשטעהט איהר מיך, פליייש וואָס איז געשאָכטען כדת וכדין, עס איז ניטאָ דערויף קיין שום סירכא, עס איז געטרייבערט און געזאַלצען, אַלץ ווי מען דאַרף, מיט אַלע פּיטשעווקע־לעך, און פונדעסטוועגען, אויב עס קאָכט זיך אין אַ טריפה טעפּעל, איז עס פאַרט טריפה...״

און איינס פון די פאַרוואורפען וואָס משה האָט געמאַכט די אידען איז „טרחכם ומשאכם וריבכם... שרי אלפים, ושרי מאות, ושרי חמשים, ושרי עשרות״ — אייערע קריגערייען, צאַנקערייען און אַרומרייסעניִשען זיינען אַזוי וויט דערגאַנגען אַז פאַר יעדע צעהן אידען האָב איך געמוזט באַשטימען אַ באַזונדערען פיהרער. יאָ, אַזוי איז דאָס געווען אין משה רבינו׳ס צייטען, מיט קנאַפּע פיער טויזענט יאָהר צוריק, און אַזוי איז עס נאָך אויך היינט צו טאָג. און דאָס איז שטענדיג געווען אונזער גרעסטער אומגליק. אפילו היינט צו טאָג ווען ישראל שטעהט אויף דער וואָגשאָל, רייסען מיר זיך אויך אַרום. עס איז פאַראַן אין דער ליטעראַטור אַ פאַבעל, אַז מען האָט אַמאָל איינגע־שפּאַנט אין אַ וואָגען אַ גאַנז, אַ ראַק און אַ פיש. נו, האָט די גאַנז, וואָס האָט פליגעל, זיך געריסען אין הימעל אַריין, דער ראַק האָט גשלעפּט דעם וואָגען צוריקוועגס, און דער פיש האָט געצויגען צום וואַסער. ציהענדיג דעם וואָגען אין פאַרשידענע ריכטונגען, איז ער, פאַרשטעהט זיך, געבליבען שטעהן אויף דעם זעלביגען אָרט. טאַקע בלויז אַ מעשה׳לע, אָבער דער מוסר השכל איז אַ געזונטער. ווען עס הערשט ניט קיין אחדות, ווען יעדער איינער ציהט אין אַן אַנדער ריכטונג, קען מען גאָרניט אויפטהון.

אַזוי איז עס אין פּריוואַטע אונטערנעמונגען, און אַזוי איז עס אין נאַציאָנאַלע אַנגעלעגענהייטען. ווען שותפים אין אַ געשעפט, צי מיטגלידער אין אַ פאַמיליע, ציהען ניט אַלע אין דער זעלבער ריכטונג, מוז דאָס געשעפט אָדער דאָס פאַמיליען לעבען פריהער אָדער שפּעטער רואינירט ווערען. און ווען אין נאַציאָנאַלע געלעגענהייטען זיינען פאַראַן פאַרשידענע ריכטונגען, און יעדער צד ציהט ערגיץ אַנדערש, קען מען דעם געוואונשטען ציעל ניט דערגרייכען. ווען אַלע אידען וואָלטען בנוגע ארץ ישראל געווען געצויגען אין דער זעלבער ריכטונג, וואָלטען מיר שוין לאַנג געווען געהאַט אונזער לאַנד. האָט דאָך שוין הערצל ע״ה געזאָגט: „אם תרצו אין זו אגדה״ — ווען איהר זאָלט וועלען, בעמליך ווען אַלע אידען זאָלען וועלען, וואָלט עס ניט געווען אַ לעגענדע, אַ חלום, נאָר עס וואָלט געווען אַ פאַקט, מיר וואָלטען עס געהאָט. והא ראיה, אַז אַלע אידען האָבען זיך לעצטענס אַ נעם געטהון און

באַשלאָסען איין מאָל פאַר אַלעמאָל, אַז מיר מוזען האָבען ארץ ישראל, זיינען מיר ברוך השם אויף אַ דרך.

זיינען מיר אָבער, ליידער, אַ פאָלק פון „איפכא מסתברא׳ניקעס״. מיר האָבען אַ גראָבען פינגער, און מיר דרעהען מיט איהם. זאָגט ראובן אַזוי, מוז שמעון זאָגען פאַרקעהרט, כאָטש ראובן איז גערעכט, נאָר דערפאַר ווייל ראובן האָט געזאָגט אַזוי און אַזוי. און עס איז באמת מערקווירדיג, אַז דוקא דאָס פאָלק וואָס האָט פראָקלאַמירט צו דער וועלט דעם געדאַנק און דעם אידעאַל און די אידעע פון „אחד״ — דוקא דאָס פאָלק איז צעשפליטערט אויף אונצעהליגע פאַרטייען און פאַרטייעלעך. דוקא דאָס פאָלק וואָס האָט איינגעזעהן אַז שטאַרקייט, אַלמעכטיגקייט רוהט בלויז אין אייניגקייט, דוקא דאָס פאָלק מוז האָבען אַ „דיין״ אַ „פיהרער״ פאַר יעדע צעהן מענשען, „ושרי עשרות״, ווי די היינטיגע סדרה זאָגט אונז.

אמת, עס נעמט זיך טאַקע דערפון וואָס מיר זיינען אַ דעמאָקראַטיש פאָלק. און דאָס מיינט אַז יעדער איינער איז באַרעכטיגט צו זיין מיינונג. ווען יתרו האָט געראטען משה׳ן „ואתה תחזה״ — און דו זאָלסט באַשטימען באַ־אַמטע וואָס זאָלען דיר העלפען, האָט משה, דער גרויסער דעמאָקראַט, דער דעמאָקראַט פון דעמאָקראַטען, ניט אויסגענוצט זיין מאַכט, נאָר ער האָט געזאָגט „הבו לכם אנשים״, איהר אַליין וועהלט אייך אויס פיהרער. אָבער דאָס מיינט דאָך ניט צו זאָגען, אַז מען דאַרף מיסברויכען דאָס דעמאָקראַטישע רעכט. אָפטמאָל זיינען פאַראַן מענשען וואָס פאָדערען פשוט דאָס אונמעגליכע.

די היינטיגע סדרה זאָגט אונז „לא תגורו מפני איש״. די תורה זאָגט אָן די ריכטער, די פיהרער, איהר זאָלט פאַר קיינעם ניט האָבען קיין מורא. איז דאָס אַ זעהר גוטע עצה. די צרה איז אָבער, וואָס אַזוי שנעל ווי אַ פיהרער „זיצט אין זאָטעל״, מיינט ער אַז ער איז אַ גאַנצער „מושל״ און קען טהון וואָס ער וויל. פאַסירט עס אָפטמאָל אַז ער איבערטרייבט אַביסעל צופיעל זיין אויטאָריטעט, און דאָס פאָלק הערט אויף צו פאָלגען. וואונדערט ער זיך, סטייטש, פאַרוואָס? וועל איך איבערגעבען אַן אויסערסט אינטערעסאַנטען עפּיזאָד: רבי שמואל סאַלאַנט ז״ל איז אַמאָל געזעסען אין אַ מסיבה פון רבנים, איז געקומען צו רייד וועגען דעם מצב פון די רבנים. פיעלע פון זיי האָבען זיך באַקלאָגט אַז פאַר אַ רב אין אַ קליין שטעדטעל איז היינטיגע צייטען שוועהר מקיים צו זיין דעם לא תגורו מפני איש. די גבירים זיינען עזות־פנים׳ער, און דער רב דאַרף פּרנסה, איז וואָס זשע זאָל ער טהון? רופט זיך אָן רבי שמואל ז״ל: „זעהט איהר, איך האָב ניט דעם דאָזיגען פּראָבלעם. איך בין זיכער אַז וואָס איך זאָל פערלאַנגען וועלען מיינע בעלי בתים מיר צוליב טהון. וואָס איך זאָל ניט הייסען, וועלען זיי מיך פאָלגען״. פרעגען די רבנים: „און מיט וואָס זענט איהר אַזוי זיכער?״ האָט ר׳ שמואל אַ שמייכעל געטהון און געענטפערט: „גאַנץ פשוט, דאָס וואָס איך ווייס פריהער אַז מען וועט מיך ניט פאָלגען, פערלאַנג איך ניט, און הייס ניט״.

אָט דאָס פאַרשטעהען ניט די היינטיגע פיהרער. זיי רעדען זיך איין אַז דער עולם איז אַ גולם, און אַז וואָס זיי זאָגען איז תורה מסיני, און דער עולם מוז פאָלגען. דער אמת איז אָבער ניט אַזוי. אייבערעהעם לינקאָלן האָט

שוין געזאָגט: מען קאָן אָפּנאַרען מאַנכע מענשען אַלע צייטען, אַלע מענשען מאַנכע צייטען, אָבער ניט אַלע מענשען אַלע צייטען. אָפּנאַרען אַלע מענשען שטענדיג איז ניט מעגליך, ווייל דער עולם איז שוין גאָרניט קיין גולם. פאַראַן צווישען די מאַסען מענשען וואָס זיינען מעהר אינטעליגענט, פאַרשטעהען מעהר, און האָבען אַ בעסערען פסיכאָלאָגישען חוש פון די פיהרער. און פיעלע פון אונזערע פיהרער פאַרשטעהען דאָס ניט, אָדער ווילען דאָס ניט פאַרשטעהן.

און פאַרוואָס מיינט איהר, פאַרשטעהען זיי דאָס ניט, אָדער ווילען דאָס ניט פאַרשטעהן? ווייל מאַנכע פון זיי זיינען ניט קיין אמת'ע מענשען, ווייל זיי מיינען עס ניט מיט אַן אמת. און ביי אידען איז אמת, אויפריכטיגקייט, אויסערסט וויכטיג. דער באַריהמטער גאון רבי משה אהרן ז״ל, דער קוטנער רב, האָט שטאַרק מקפיד געווען, אַז דער שטאָדטישער „נאמן" אויף כשרות זאָל זיין בעיקר אַ „איש נאמן", אַן עהרליכער מענש, ער זאָל קיינעם ניט חנף'ענען, ניט דעם קצב, ניט דעם שוחט, און ניט דעם דיין. האָט איינמאָל געטראָפען אַז די שטאָדט האָט זיך גענויטיגט אין אַ „נאמן". פאַרשטעהט זיך אַז עס זיינען געווען פיעלע קאַנדידאַטען, און צווישען זיי איז געווען איינער אַ גאָר פשוט'ער איד. האָט דער רב גענומען דעם דאָזיגען איד אויף דעם פאַרהער און איהם געפרעגט: „פאַרוואָס ווילט איהר דוקא ווערען אַ נאמן? עס איז דאָך ניט אַזאַ „וואָזשנע" פרנסה?" און דער איד האָט געענט־פערט, אַז דאָס איז פשוט דערפאַר ווייל ער האָט ניט קיין פרנסה. „איז פאַר־וואָס זשע ווערט איהר ניט קיין מלמד?" האָט ר' משה אהרן ז״ל געפרעגט. און דער איד האָט געענטפערט: „ווייל איך קען ניט לערנען". „איז אפשר וואָלט איהר געוואָרען אַ סוחר", האָט ר' משה אהרן באַמערקט. „דאָס קען איך אויך ניט, ווייל די סוחרים האַלטען מיך פאַר אַ בטלן, אַז איך טויג ניט צו מסחר". „וויבאַלד אַזוי", האָט רבי משה אהרן אַ שמייכעל געטהון, „אויב איהר קאָנט זאָגען אַזוי פיעל אמת, זענט איהר באמת ראוי אַז מען זאָל אייך געטרויען מיט דעם ,נאמנות', און איהר וועט זיין דער ,נאמן'." איז אָבער די צרה וואָס היינטיגע צייטען, בעונותינו הרבים, זוכט מען ניט דעם אמת.

און איצט וועל איך ענדיגען מיט אַ גוט ווערטעל:

די אידען האָבען מורא געהאַט צו געהן קיין ארץ ישראל ווייל די איינוואוינער זיינען געווען זעהר שטאַרק. זיי האָבען געהאַט גרויסע שטעדט „ובצורות בשמים", וואָס זיינען געווען פאַרפעסטיגט ביז אין הימעל. דער־צעהלען חסידים אַז ר' מנחם מענדיל ליובאַוויטשער ז״ל האָט אַמאָל געהאַט אַן אוידיענץ ביי אַ רוסישען מיניסטער. האָט דער מיניסטער שטאַרק קריטי־קירט דעם תלמוד און געזאָגט אַז עס זיינען דאָרט פאַראַן אומגעלומפּערטע גוזמאות: „אָט, למשל, ווערט דערצעהלט אין דער גמרא (בכורות נז) אַז אַן איי פון אַ געוויסען פויגעל האָט געפּלאַצט, איז דערפון געוואָרען אַ פאַרפלייצונג, און עס זיינען דערטרונקען געוואָרען זעכציג שטעדט, און דריי הונדערט צעדער בוימער זיינען צעבראָכען געוואָרען. נו, איז דאָס מעגליך?"

האָט דער ליובאַוויטשער ז״ל איהם געענטפערט: „עקסעלענץ, די רוסישע רעגירונג האָט לעצטענס אַרויסגעגעבען אַ באַפעהל אַז אידען טאָרען ניט וואוינען פופציג ווערסט פון דער גרעניץ. און דורך דעם האָבען אידען

פאַרלוירען זייער וואוינרעכט אין זעקס הונדערט שטעדט. היינט שטעלט זיך פאַר, אַז מורא האָבענדיג צו קריטיקירען די רוסישע מלוכה, און וועלענדיג אַז די זאַך זאָל פאַרבלייבען לזכרון פאַר די קומענדע דורות, פאַרשרייב איך, אַז אין דעם און דעם יאָהר האָט די גרויסע מעכטיגע רוסלאַנד מיט איין טראַפּען טינט דערטרונקען זעקס הונדערט שטעדט. הונדערטער יאָהר שפּע־טער, ווען די דאָזיגע גזירה וועט שוין זיין אינגאַנצען פאַרגעסען, און איינער וועט עס לייענען, וועט ער זיך אויסלאַכען, און זאָגען אַז דער שרייבער איז געווען אַ שוטה אָדער גלאַט אַ ליגנער. אָבער מיר, אין איצטיגען דור, ווייסען דאָך אַז דאָס איז אויף אַ האָר ניט איבערטריבען. אָט דאָס זעלבע, עקסעלענץ, איז אויך מיט די אַלע זאַכען וואָס ווערען דערצעהלט אין דער גמרא און אין מדרש. היינט קומט עס אונז אויס אַז דאָס זיינען עפּעס מאָדנע גוזמאות. אָבער די מענשען פון יענע דורות, וואָס האָבען געוואוסט אויף וואָס דאָס באַציהט זיך, האָבען געוואוסט וואָס דאָס מיינט, אַז דאָס איז אַלץ אמת וצדק״.

און איצט וועלען מיר ענדיגען מיט אַ גוט וואָרט. אויף דעם פּסוק „ותקריבון אלי כולכם״ באַמערקט רש״י ז״ל, אַז ביים שיקען די מרגלים איז דער „כולכם״ געווען בערבוביא: „ילדים דוחפין את הזקנים, והזקנים דוחפין את הראשים״. דאַגעגען, ביים „ותקריבון אלי״, ביי מתן תורה, איז געווען „ילדים מכבדין את הזקנים, וזקנים מכבדין את הראשים״. ביי מתן תורה האָבען די אידען זיך אויפגעפיהרט מיט דרך ארץ און העפליכקייט. יעדער איינער האָט מיט דעם מקבל זיין די תורה מכבד געווען דעם צווייטען. די יונגעלייט האָבען אָפּגעטרעטען דעם פּלאַץ די זקנים, די עלטערע; די זקנים, ווידער, האָבען אין זייער באַשיידענקייט מוחל געווען דעם כבוד, און זיי האָ־בען געשיקט די ראשים, די עלטסטע.

אָבער ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען שיקען די מרגלים, ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען איינעמען דאָס לאַנד, איז מיט אַמאָל פאַר־שוואונדען דער דרך־ארץ: „ילדים דוחפין את הזקנים, וזקנים דוחפין את הראשים״ — די יונגע האָבען אָפּגעשטופּט די עלטערע, און די עלטערע האָ־בען אָפּגעשטופּט די עלטסטע.

און אָט אַזוי, זאָגט דער „כלי יקר״, איז עס אויך היינט צו טאָג. אין גייסטיגע זאַכען ווייזען מיר אַרויס באַשיידענקייט. מיט לומדות זיינען מיר מכבד איינער דעם צווייטען. אָבער קוים האַלט עס ביי געלט־זאַכען, ביי דאַ־לאַרס און סענטס, פאַלט אַוועק יעדער דרך־ארץ, און איינער רייסט אַרויס ביי דעם צווייטען דעם ביסען פון מויל.

איז דאָס ניט אידיש, און ניט אנשטענדיג.

# ואתחנן

מיר וועלען היינט אָנהויבען מיט מעשיות שהיו, און דעם שכל דערפון וועלען מיר זעהען שפּעטער: דער באַריהמטער רב ר' שלמה'לע ז"ל איז געווען אַ געוואַלדיגער ליבהאָבער פון אמת, און האָט ניט געקאָנט טאָלע־רירען אפילו דאָס מינדסטע „ליגענדעל". ער האָט באַטראַכט „אמת" אַלס דעם יסוד פון דער גאַנצער וועלט, און פון דעם גאַנצען לעבען, אַלס דעם פונדאַמענט פון אַ גליקליך לעבען, און אויף ליגען האָט ער געקוקט ווי אויף דעם מקור פון אַלע אומגליקען.

צווישען זיינע בעלי בתים האָט זיך געפונען איינער אַ ר' מענדיל, אַ איד אַן עושר, אָבער אַ גרויסער קמצן, אַ קאַרגער. ויהי היום, איז צום רב געקומען אויף אַ באַזוך אַן אַנדער רב, און ר' מענדיל איז גראַד געווען דערביי. „ווי באַהאַנדלען אייך אייערע בעלי הבתים?" פרעגט דער גאַסט, און ר' שלמה'לע ענטפערט: „איך האָב ברוך השם זיך ניט אויף וואָס צו באַקלאָגען", און אָנווייזענדיג מיט דעם פינגער אויף ר' מענדיל'ן, טהוט ער אַ זאָג, „אַודאי ווען איך זאָל האָבען בלויז אַזעלכע צעהן בעלי בתים ווי ער, וואָלט אַלץ געווען אויסגעצייכענט".

ר' מענדיל האָט זיך געפיהלט זעהר געשמייכעלט, און נאָכדעם ווי דער גאַסט איז אַוועק, רופט ער זיך אָן צו ר' שלמה'לע: „רבי, אייער באַמערקונג וועגען מיר האָט מיך שטאַרק געוואונדערט. איך ווייס דאָך, אַז עס קומט אייך ניט אָן לייכט אַרויסצובאַקומען פון מיר אפילו די קלענסטע נדבה. און איהר זענט דאָך באַוואוסט אַלס דער גרעסטער בעל האמת, איז ווי זשע קומט עס וואָס איהר האָט מיך גאָר געלויבט?"

„פאַרשטעהט איהר ר' מענדיל, איך האָב געזאָגט: ,ווען איך האָב בלויז צעהן בעלי בתים ווי איהר' (ניט מעהר), וואָלט אַלץ געווען ווי געוואונשען, די צרה איז אָבער וואָס די אַנדערע בעלי בתים זיינען ניט בעסער פון אייך".

און איצט די צווייטע מעשה: ר' טעוועלע ז"ל איז געווען רב אין מאַנהיים, לאָנדאָן און בערלין. ער איז ניט געווען איבעריג ענטציקט פון זיינע שטעלעס אין מאַנהיים און אין לאָנדאָן, אָבער פון זיין רבנות אין בערלין איז ער געווען געוואַלדיג אונצופרידען. איז אַמאָל געקומען צו איהם אויף באַזוך אַ רב, האָט ער איהם אַ פרעג געטהון צי ער איז צופרידען מיט דעם בערלינער כסא הרבנות, און ר' טעוועלע האָט איהם געענטפערט: „קיין גוטע שטעלע האָב איך קיינמאָל ניט געהאַט, אָבער דאָס בערלינער כסא הרבנות איז ממש אונערטרעגליך. די זאַך איז, נעמליך, אַזוי: אין מאַנהיים זיינען די בעלי בתים געווען אָרים, אָבער זיי זיינען געווען עהרליכע, גאָט'ס־פורכטיגע אידען, האָב איך געהאַט אידען אָבער ניט קיין געלט. אין לאָנדאָן זיינען מיינע בעלי בתים געווען גאַנץ רייך, און אפילו ברייט־האַרציג, אָבער זיי זיינען ניט געווען רעליגיעז, האָב איך געהאַט געלט, אָבער איך האָב ניט געהאַט קיין אידען.

דאָ אין בערלין, ווידער, זיינען מייע בעלי בתים ניט פרום און ניט רייך, האָב איך גאָרניט — ניט קיין אידען און ניט קיין געלט".

משה רבינו, אָבער, איז געווען אין אַ פיעל בעסערער לאַגע, ער האָט געהאַט אי אידען אי געלט. דער מדרש זאָגט אונז דאָך בפירוש אַז „נתבעין ונותנין" — אַז מען האָט צו זיי אַ זאָג געטהון „אידעלעך, גיט געלט", האָבען זיי אפילו ניט געפרעגט אויף וואָס, און זיי האָבען געגעבען. און אידען זיינען זיי דאָך אויך געווען גוטע. מען האָט זיי געגעבען אַ תורה, האָבען זיי גענומען. און אַזוי צופרידען זיינען זיי געווען מקבל צו זיין די תורה, אַז זיי האָבען אויסגעשריגען דעם „נעשה" נאָך פאַר דעם „נשמע".

אמת, זיי האָבען פון צייט צו צייט אַביסעל אונטערגעזינדיגט. איז דאַרף מען געדענקען, אַז ערשטענס זיינען זיי פאַרט געווען זייער גאַנץ לעבען שקלאַפען און זיך געפונען אין דעם טמא'דיגסטען לאַנד. און צווייטענס, זיינען זיי דאָך געווען „פיאָנערען" אויף דעם תורה־אידישקייט געביט, און „פיאָנערען" מוזען באַגעהן פעהלער.

האָט טאַקע משה רבינו געפונען פאַר נויטיג איבערצו'חזר'ן מיט די אידען זייער געשיכטע פון יציאת מצרים אָן, און אין דער היינטיגער סדרה „ואתחנן" זעצט ער זי פאָרט. איז דער אָנהויב פון דער היינטיגער סדרה זעהר פאַטעטיש. משה דערצעהלט ווי ער האָט געבעטען דעם אויבערשטען, אַז ער זאָל איהם לאָזען אַריינפיהרען די אידען קיין ארץ ישראל, און דער אַלמעכטיגער האָט געזאָגט: ניין. רעדען מיר וועגען דעם באריכות אין „וזאת הברכה". אָבער דאָ ווילען מיר ברענגען אַן אינטערעסאַנטען מדרש: משה רבינו האָט גע'טענה'ט: „יוסף איז געשטאָרבען אין מצרים, האָט ער זוכה געווען, אַז זיינע ביינער זאָלען אַריבערגעפיהרט ווערען קיין ארץ ישראל, און איך בין ניט זוכה אַריינצוגעהן אין דעם אידישען לאַנד, כאָטש איך שטעה אַזוי נאָהענט?!" און השם יתברך האָט איהם געענטפערט: „יוסף האָט מודה געווען אין זיין לאַנד, ער אַליין האָט דאָך געזאָגט „גונב גונבתי מארץ העברים" — אַז ער שטאַמט פון דעם אידישען לאַנד. אָבער דו, משה, האָסט אין דיין לאַנד ניט מודה געווען. ווען יתרו'ס טעכטער האָבען געזאָגט „איש מצרי הצילנו" — אַן עגיפּטער האָט אונז געראַטעוועט, האָסטו גאָר געשוויגען, און ניט געזאָגט, אַז דו ביזט פון אידישען לאַנד, איז דעריבער וועסטו ניט רוהען אין דעם אידישען לאַנד".

האָט משה געבעטען „אעברה נא ואראה את הארץ הטובה" — ער האָט כאָטש געוואָלט אַריינגעהן און אָנקוקען דאָס לאַנד. זאָגט דער רבי ר' מנחם מענדעלע קאָצקער ז"ל אַ גוט וואָרט: צו וואָס דאַרף מען דאָס וואָרט „ואראה"? מען פאַרשטעהט דאָך אַליין אַז אויב „אעברה", אויב ער וועט אַריינגעהן אין לאַנד, וועט ער דאָך דאָס זעהן? נאָר וואָס דען, משה רבינו האָט געבעטען, אַז אַריינקומענדיג קיין ארץ ישראל זאָל ער ניט געשטרויכעלט ווערען און זעהן דאָס לאַנד פון דער שלעכטער זייט, ווי עס איז געווען דער פאַל מיט די מרגלים, נאָר ער זאָל זוכה זיין צו זעהן — „הארץ הטובה" — דאָס לאַנד פון דער גוטער זייט.

און ווי אַ געטרייער, איבערגעגעבענער פאַסטוך, זאָגט משה רבינו אָן די אידען ווי אַזוי זיי זאָלען זיך פיהרען. משה רבינו, וועלכער איז אַמאָל

געוועזן שטרענג, אַמאָל אפילו אין כעס, רעדט אין דער היינטיגער סדרה ווי אַן איבערגעגעבענער פאָטער רעדט צו זיינע קינדער. יעדעס וואָרט, וואָס ער זאָגט זיי אין דער היינטיגער סדרה, שפּרודעלט מיט ווייכקייט, ליבהאָר־ציגקייט. פון די עצות וואָס ער גיט זיי, זעהט מען אַז עס געהט איהם אין גאַנצען לעבען, אַז דאָס פאָלק ישראל זאָל געהן בדרך הישר, כדי עס זאָל פיהרען אַ צופרידען לעבען, אַ לעבען פון שלום ושלוה. און גלייכצייטיג שילדערט ער פאַר זיי די גרויסקייט פון דעם אידישען פאָלק, אַז אַזאַ פאָלק איז ניט פאַראַן אין דער גאַנצער וועלט.

„ומי גוי גדול אשר לו חוקים ומשפטים צדיקים" — ווי האָט איהר אַזאַ גרויס פאָלק, וואָס זאָל האָבען אַזעלכע גערעכטע געזעצען? זאָגט דערויף דער ריזשינער רבי ר' ישראל ז"ל אַ טייער וואָרט: אונזערע צדיקים זיינען געגליכען צו די „חוקים ומשפטים". עס זיינען פאַראַן געבאָטען וואָס מען פאַר־שטעהט זיי מיט דעם שכל, ווי צום ביישפּיל גנבה, רציחה און עהנליכע. עס זיינען אָבער פאַראַן מצוות וואָס מיט דעם שכל קען מען זיי ניט משיג זיין. פונקט אַזוי האָבען מיר אויך צווייערליי צדיקים. אַזעלכע וועמענס צדקות, גוטע מעשים, זיינען קלאָהר פאַר יעדען איינעם. און אַזעלכע וועמען מען מוז גלויבען, אַז זיי זיינען צדיקים, ווייל פון זייערע טהאַטען קען מען דאָס ליידער ניט זעהן.

און דער „רעיא מהימנא" — דער געטרייער פּאַסטוך משה רבינו, ראָט ווייטער זיינע „צאן קדשים" און זאָגט זיי אָן „רק השמר לך ושמור נפשך מאד". ער הייסט זיי היטען ביידע, דעם גוף און די נשמה — דעם קערפּער און דעם גייסט. ביידע זיינען וויכטיג. טייטשט דער „כלי יקר" דעם דאָזיגען פּסוק אויף אַ זעהר אינטערעסאַנטען אופן. „רק" איז מיעוט, עס פאַרמינערט. איז „רק השמר לך" — דיך אַליין, דעם גוף, איז גענוג אַז דו זאָלסט היטען אַביסעל, אַזוי פיעל וויפיעל עס איז נויטיג, אָבער „ושמור נפשך מאד" אָבער די נשמה, דעם גייסט, זאָלסטו היטען זעהר שטאַרק.

וואָרום מיר וויסען דאָך, אַז ליידער זיינען פאַראַן צווישען אחינו בני ישראל אַזעלכע וואָס דער גוף איז ביי זיי דער עיקר. פאַראַן, למשל, אַזעלכע וואָס „לעבען צוליב דעם עסען", און ניט זיי „עסען צוליב לעבען!" דאָס איז ניט קיין אידישע מידה, ווייל זיי האָבען בלויז זיך אין זינען.

אמת, עס זיינען פאַראַן אידען, וואָס האָבען דוקא יאָ אין זינען דעם צווייטען, אָבער ניט אויף דעם ריכטיגען אופן. טייטשט טאַקע ר' ישראל סאַלאַנטער ז"ל דעם פּסוק אַזוי: „זיי ניט פון די וואָס זאָרגען פאַר זייער אייגענעם קערפּער און פאַר דעם צווייטענ'ס נשמה". זיי זיינען שטאַרק מקפיד אַז זייער מאָגען זאָל זיין זאָט, און מצוות, צדקה, גמילות חסדים זאָלען טהון אַנדערע. ניין. דאָס איז ניט ריכטיג. יעדער איד דאַרף זעהן זיך זאָרגען פאַר זיין אייגענער נשמה, אַליין פיהרען אַן אינטענסיוו, רעליגיעז, אידיש־עטיש און אידיש־מאָראַליש לעבען, און פאַר דעם צווייטענ'ס גוף, זעהן אַז דער צווייטער זאָל האָבען די נויטיגע באַדערפעניסען. אָך, וואָס פאַר אַ גוטע וועלט מיר וואָלטען דאַן געהאַט.

און אַז מיר האַלטען שוין ביי ר' ישראל סאַלאַנטער ז"ל, וועל איך איבערגעבען נאָך אַ גוט וואָרט פון דעם דאָזיגען גדול בישראל. אין דער

הײנטיגער סדרה זאָגט משה רבינו צו די אידען „ונשמרתם מאד לנפשותיכם״. האָט ר׳ ישראל ז״ל זיך אַמאָל אויסגעדריקט בדרך הלצה: צו בענטשען מיט אַ מנין איז געװנוג „שבעה שאכלו״. אויב עס זיינען פאַראַן זיבען מענשען וואָס האָבען געגעסען, קען מען שוין בענטשען מיט מנין. דאַגעגען דאַווענען מיט מנין איז געװנוג „ששה מתפללים״. זעקס איז אויך געװנוג. פאַרוואָס? ווייל דעם רבונו של עולם איז ליבער אַז נאָך אַ איד זאָל עסען, איידער נאָך אַ איד זאָל דאַווענען!

פאַרשטעהט זיך, אַז דער גרויסער צדיק און ירא שמים ר׳ ישראל ז״ל, האָט געוויס געוואָלט אַז אידען, יעדער איד, זאָל דאַווענען. אָבער דער רבונו של עולם אַליין וויל אַז מען זאָל זעהען אַז דער צווייטער איד זאָל האָבען צום עסען. דאָס איז אַ געוואַלדיגער מאָראַלישער „זאָרג״. עס זיינען פאַראַן אידען וואָס „גלאָצען מיט די אויגען״ וויפיעל איהר ווילט, אָבער ווען עס קומט צו העלפען אַ ברודער־אידען איז „קיינער ניטאָ אין דער היים״. האַלט דער גרויסער צדיק ר׳ ישראל ז״ל אַז עס איז גלייכער ווייניגער צו „גלאָצען״ מיט די אויגען און מעהר צו העלפען דעם צווייטען.

איז, אָבער, די צרה וואָס אָנשטאָט צו פאָלגען אַזעלכע גדולים ווי ר׳ ישראל סאלאנטער ז״ל, טראַכטען זיך פיעלע אַז זיי אַליין פאַרשטעהען אויך אַן ענין. וואָרום, וואָס אַ שטייגער, טראַכט זיך אַ „הײנטיגער״, האָט ר׳ ישראל סאלאנטער פאַרשטאַנען? ער וועט פאָלגען אַ ר׳ ישראל? ווייס איך וואָס? ער איז דאָך אַן „אָלד פעשאָנד מען״, וואָס ווייסט ער דאָרט? איך בין געגאַנגען אין אַ קאָלעדזש, געלערענט אַלע וויסענשאַפטען, ווייס איך דאָך מעהר פון איהם! איז דאָס במחילה אַ גרויסער טעות! אַי האָבען זיי געוואוסט און גוט פאַרשטאַנען אָט די דאָזיגע „אָלד פעשאָנד מען״! גאַנצע עפּאָכעס האָבען זיי פאָראויסגעזעהען מיט זייער שאַרפען בליק! און משה רבינו האָט עס אַודאי און אַודאי געזעהן. אָט זאָגט ער אונז אין דער הײנטיגער סדרה וידעת היום... כי ד׳ הוא האלקים... אין עוד. דער אַלמעכטיגער איז דער באַשעפער, און מעהר איז נישטאָ, עס איז פאַראַן בלויז איין באַשעפער, דער אידישער. זאָגט דערויף ר׳ אהרן קאַרלינער ז״ל אַ גוט וואָרט. ער טייטשט „אין עוד״ מיינט, מעהר איז ניטאָ וואָס צו וויסען. די הויפּט זאַך איז, אַז יעדער איינער זאָל וויסען אַז דער איינציגער בורא עולם איז דער אידישער. ווייסטו דאָס, האָסטו ניט מעהר וואָס צו וויסען.

גלויבט מיר, רבותי, איך אַליין האָב שטודירט אין פאַרשידענע אוני־ווערזיטעטען, אין פאַרשידענע לענדער, האָב שטודירט אַלע וויסענשאַפטען, די ליטעראַטורען פון פאַרשידענע פעלקער, האָב פיעל געררייזט, און איך האָב זיך איבערצייגט, אַז געוועכט זיינען געווען אָט די „אָלד פעשאָנד מען״, אָט די ר׳ ישראל סאַלאַנטער׳ס, די ר׳ אהרן קאַרלינער׳ס, און זייער גלייכען.

אָט הערט אַ גוט וואָרט פון אַן „אָלד פעשאָנד״ פרוי, טאַקע מיין איי־גענע מאַמע, בראַנצי, ע״ה. איך האָב צו איהר אַמאָל געזאָגט, מיר זאָגען „אין כאלקנו, אין כאדוננו״... און נאָכדעם זאָגען מיר „מי כאלקנו...״ דאָס איז דאָך גאָרניט לאָגיש! אַז מען זאָגט „אין כאלקנו״... אַז אַזאַ אַלמעכטיגער ווי אונזערער איז ניטאָ, טאָ פאַרוואָס זשע פרעגט מען „מי כאלקנו״...? האָט זי מיר געענטפערט: „מיין קינד, צוערשט דאַרפסטו איינזעהן אַז „אין

כאלקנו". אַבי דו ווייסט אַז אַזאַ פאָטער אין הימעל ווי אונזערער איז ניטאָ, דאַן מעגסטו שוין פרעגען „מי כאלקנו"". אָט דאָס האָט משה רבינו געמיינט. ער האָט דאָך געוואוסט, אַז שפּעטער וועלען קומען די „וואוילקענעוודיגע" און פרעגען „קלאָץ קשיות", האָט ער געזאָגט „אין עוד". אַזוי שנעל ווי דו וועסט וויסען, אַז אונזער באַשעפער איז דער אַלמעכטיגער, וועסטו שוין אַליין זעהען אַז דיינע קשיות, און פילאָזאָפיעס זיינען קיין „ציבעלע־שאָלעכץ" ניט ווערט, וואָרום מעהר איז ניטאָ וואָס צו וויסען. אַלץ וואָס דו דאַרפסט טהון, איז צו געהן אין די דרכים פון אונזער תורה, תלמוד, צו פיהרען אַ לעבען לויט די אידישע פאָרשריפטען, דאַן וועסטו זיין דער גליקליכסטער מענש אין דער וועלט.

האָט דאָך משה רבינו געוואוסט, אַז דער מענש איז פון דער נאַטור אַ שוואַכלינג, האָט ער אַ זאָג געטהון „בשמים ממעל ועל הארץ מתחת". וואָס מיינט דאָס? ערקלעהרט עס דער „אמרי שפר" אויף אַ זעהר פּראַקטישען אופן: „בשמים ממעל" — ווען עס האַנדעלט זיך פון הימלישע זאַכען, פון פרומקייט, גוטע מידות, זאָלסטו קוקען אַרויף — צו די מענשען וואָס שטעהען העכער פון דיר, און דו זאָלסט זיך אָפּלערנען פון זיי און זיי נאָכטהון. אָבער „ועל הארץ מתחת" — קוים קומט עס צו די ערדישע זאַכען, אויב עס האָט צו טהון מיט פּרנסה, וכדומה, זאָלסטו קוקען נידעריגער, אויף אַזעלכע וואָס עקאָנאָמיש שטעהען זיי נידעריגער פון דיר, וועסטו זיין צופרידען מיט דיין שיקזאַל.

די היינטיגע סדרה ענטהאַלט „שמע ישראל...", נעמליך, אַז אונזער פאָטער אין הימעל איז איינער, און מעהר איז ניטאָ. „יחיד ואין יחיד כיחודו". אָט דאָס איז דער פונדאַמענט, דער באַזיס, דער וויכטיגסטער פּרינציפּ אין אונזער טויזענטער יאָהר אַלטער רעליגיע. פאַר אָט דעם „אחד" האָבען מיליאָנען קדושים מקריב געווען זייערע לעבענס, אין פאַרלויף פון די יאָהר־טויזענטער. מיט „שמע" אויף זייערע ליפּען האָבען מיליאָנען אידען אין כמעט אַלע לענדער, און אין אַלע דורות אויסגעהויכט זייערע נשמות ווען די שונאי ישראל האָבען זיי געוואָלט צווינגען אויפצוגעבען זייער גלויבען אין „אחד".

און אויך אין דעם פּרט זיינען מיר, דאָס פאָלק ישראל, איינציג. ניטאָ קיין פאָלק אין דער וועלט וואָס איז גרייט געווען צו ברענגען אומצעהליגע קרבנות פאַר זייער גלויבען. עס איז אַ היסטאָרישער פאַקט אַז פיעלע שטאַמען און פעלקער פלעגען בייטען זייערע גלויבענס ממש איבער נאַכט. האָט איין פאָלק באַזיגט אַן אַנדערס און עס אויפגעפאָדערט אויפצוגעבען זיין גלויבען, האָט עס געפאָלגט, אָהן אפילו אַ פינטעל צו טהון מיט דעם אויג. אָבער דער „אַלטער ישראל'יק", האָט שטענדיג באַצאָהלט מיט זיין בלוט, מיט זיין לעבען פאַר אונזער גלויבען, פאַר אונזער תורה, פאַר „אחד". אין דעם פּרט זיינען מיר ווירקליך אַן „עם קשה עורף" — אַ האַרטנעקיג פאָלק. אפילו די יעניגע פון אונז וואָס האָבען אפשר ניט אַזוי שטאַרק מקפיד געווען מקיים צו זיין אַלע מצוות, ווען מען האָט פון זיי געפאָדערט אויפצוגעבען זייער גלויבען אין „אחד", ווען מען האָט זיי געגעבען די ברירה „שמד אָדער טויט", „שמד אָדער פאַרלאָז דאָס לאַנד און לאָז איבער דיין פאַרמעגען", האָבען זיי קיין

סעקונדע ניט געטראַכט, און פאַרגעצויגען טויט, אָדער פאַרלאָזען דאָס לאַנד, אָבער ניט שמד. קיין פאָלק אין דער וועלט האָט עס באַוויזען. און פאַר וואָס? ווייל קיין פאָלק אין דער וועלט האָט ניט קיין געטליכע תורה. קיין פאָלק אין דער וועלט האָט ניט „פאַר וואָס" זיך מקריב צו זיין.

זאָגט אונז טאַקע די היינטיגע סדרה „ושננתם לבניך", לערען דיינע קינדער, זיי זאָלען וויסען וואָס תורת משה איז. ווייל ווען דאָס קינד ווערט פון קליינערהייט אָן וויסען וואָס אונזער תורה איז; ווען דאָס קינד ווערט איינזאַפּען אין זיך די געטליכע לעהרע, די נאָבעלע אידישע עטיק; ווען עס ווערט זיך באַקענען מיט דער שעהנקייט פון אידישקייט, וועט עס זעהען אַז עס לוינט זיך צוליידען, אַזוי לאַנג ווי מיר זיינען אין גלות, פאַר זיין אַ איד.

דערפאַר איז חינוך, ערציהען קינדער אין דעם אידישען גייסט, אין דעם גייסט פון דער תורה, נביאים און תלמוד פון אויסערגעוועהנליכער וויכ־טיגקייט. און דערפאַר זאָגט אונז די תורה „ושננתם לבניך", אָבער מען דאַרף אַליין אויך לערנען. אַ חסיד איז אַמאָל געקומען צום קאָצקער רבי'ן ז"ל און געזאָגט: „רבי, איך וואָלט זעהר וועלען אַז מיינע קינדער זאָלען קענען לער־נען". האָט דער רבי איהם געענטפערט: „אויב דו מיינסט עס מיט אַן אמת, איז לערען פריהער דו אַליין, וועלען דיינע קינדער האָבען פון וועמען זיך אָפּצולערנען. די תורה זאָגט „ושננתם לבניך", איז דער טייטש אַזוי: „ושננתם" — אַז דו אַליין וועסט לערנען, „לבניך" — דאַן וועלען דיינע קינ־דער אויך קענען לערנען".

און איצט וועלען מיר ענדיגען מיט אַ גוט וואָרט פון ר' יונתן אייבי־שעץ ז"ל: אין די עשרת הדברות וואָס געפינען זיך אויך אין דער היינטיגער סדרה, שטעהט נאָך „לא תרצח" אַן הפסקה, אויך נאָך „לא תנאף", און אַזוי ווייטער. זאָגט דערויף דער זוהר, אַז עס איז פאַראַן אַ „לא" מיט אויסנאַהמען. למשל דער „לא תרצח" איז ניט חל אויף מיתת בית דין, און אַזוי ווייטער. אין מלאכי ג, א שטעהט „אני ה' לא שניתי ואתם בני יעקב לא כלתים". איז דער טייטש אַזוי: „איך האָב געענדערט דעם „לא" (לא שניתי) און איהם מתיר געמאַכט אין עטליכע אויסנאַהם־פאַלען, אָבער איהר „לא כליתם", איהר האָט דעם גאַנצען „לא" פאַרלענד — איהר האָט איהם אינגאַנצען אויסגעראָטען, און דאָס טויג ניט, ווייל מען דאַרף וויסען ווען איין און ווען אויס.

# עקב

די היינטיגע סדרה „עקב״ דערצעהלט אונז ווי משה רבינו ע״ה האָט געזאָגט צו די אידען: „און דערפאַר וואָס איהר וועט אָפּהיטען דעם אויבערשטענ׳ס דינים, וועט ער אָפּהיטען דעם „קאָנטראַקט״, וואָס ער האָט געמאַכט מיט אייערע אָבות. און ער וועט דיך ליב האָבען, און ער וועט דיך בענטשען, און ער וועט דיך מעהרען, דיך און דיין תבואה, און דיינע רינדער, און דו וועסט זיין געבענטשט מעהר פון אַלע פעלקער, און ער וועט אָפּטהון פון דיר אַלע קראַנקהייטען״, און נאָך גוטע זאַכען. אָבער אָפטמאָל הערען מיר ווי מענשען זאָגען: „פאַרוואָס שטראָפט אונז דער רבונו של עולם אַזוי שטאַרק? פאַרוואָס קומט אונז אַזעלכע געבראָטענע צרות? מיר זיינען דאָך זיינע קינדער! דער אויבערשטער אַליין רופט אונז דאָך אָן „מיינע קינדער?!״

געפינען מיר דעם תירוץ טאַקע אין דער היינטיגער סדרה: „כי כאשר ייסר איש את בנו, ה׳ אלקיך מיסרך״ — פונקט ווי אַ מענש באַשטראָפט זיין קינד, אַזוי וועט דער אויבערשטער דיך באַשטראָפען. ער האָט דאָך אויסגע־נומען אַ תנאי מיט אונז, אַז אויב מיר וועלען אָפּהיטען אַלץ וואָס ער האָט אונז געבאָטען, וועט ער מקיים זיין זיינע הבטחות, אָבער ווען פיעלע פון אונז ערפילען ניט אונזער טייל פון דעם „קאָנטראַקט״, דאַרף ער דאָך ניט ערפילען זיין טייל. גלויבט מיר, איך פאַרענטפער ניט דעם רבונו של עולם, ער קען זיך זיין שטעדטעל אַלייןביישטעהן. אָבער אויב מען וויל זיין אמת צו זיך אַליין, קענען מיר דאָך ניט האָבען קיין טענות צו איהם.

ווען מיר וועלען אָפּהיטען די תורה, דאַן, זאָגט אונז די היינטיגע סדרה, ושמר ה׳ אלקיך את הברית... אשר נשבע לאבותיך — וועט דער אויבער־שטער אָפּהיטען דעם בונד... וואָס ער האָט געשוואוירען צו דיינע אבות. זאָגט דערויף דער חתם סופר ז״ל: „ווען אידען זינדיגען, לעבען זיי און עקזיס־טירען ניט אין זייער אייגענעם זכות, נאָר אין דעם זכות פון די אבות, אין דעם זכות פון דער שבועה וואָס ער האָט געגעבען אונזערע אבות״. וואָרענט אונז די היינטיגע סדרה, אַז מיר זאָלען זעהן צו עקזיסטירען אין דעם זכות פון אונזערע אייגענע מעשים, און ניט דאַרפען אָנקומען צו זכות אבות.

און טאָמער וועסטו זיך טראַכטען: די פעלקער פון דער וועלט זיינען דאָך אַזוי פיעל, ווי וועל איך זיי קענען בייקומען? זאָלסטו פאַר זיי ניט מורא האָבען און געדענקען, אַז איך בין דיין באַשעפער... זאָגט דערויף דער של״ה ז״ל: ווען דו וועסט אנערקענען, אַז „רבים הגוים האלה ממני, איכה אוכל להורישם״? אַז דו אַליין קענסט זיך מיט די פעלקער פון דער וועלט ניט קיין עצה געבען, נאָר דו מוזט אָנקומען צום בורא העולם׳ס הילף, דאַן איז „לא תירא מהם״, דאַמאָלסט דאַרפסטו פאַר זיי ניט האָבען קיין מורא.

און נאָך אַ גוטע זאַך לערענט אונז די היינטיגע סדרה: ואכלת ושבעת וברכת את ה׳... און דו וועסט האָבען צו עסען, און דו וועסט זיין זאַט, און

דו זאָלסט בענטשען דעם אויבערשטען. באַמערקט דערויף דער „לב שמח״: ניט בלויז ווען מען לײדט הונגער און נויט, נאָר אויך ווען עס געהט דיר גוט און עס פעהלט דיר גאָרניט — וברכת, זאָלסטו געדענקען און לויבען דעם אויבערשטען פאַר זיין חסד, וואָס ער טהוט מיט דיר.

און די אידישע רעליגיע האַלט בפירוש, אַז אַ איד דאַרף הנאה האָבען אויך פון דער וועלט. מען דאַרף עסען און טרינקען (כשר, פאַשטעהט זיך), אָבער ניט אַזוי צוליב זיך אַליין ווי צוליב דעם אָרימאַן. צו ר׳ יצחק וואָרקער ז״ל איז אַמאָל געקומען איינער פון זיינע חסידים, אַ איד אַן עושר, אָבער אַ געוואַלדיג קאַרגער, וואָס פלעגט זיך אַליין ניט פאַרגינען דעם ביסען אין מויל, און פלעגט אָפּקומען דעם טאָג מיט אַ שטיקעל שוואַרץ ברויט און הערינג. האָט דער וואָרקער ז״ל איהם שטאַרק אויסגע׳מוסר׳ט, און צו איהם געזאָגט: „השם יתברך האָט דיר געהאָלפען, אַז דו ביזט אַן עושר, דאַרפסטו לעבען בהרחבה, עסען און טרינקען פון דעם בעסטען און פון דעם שעהנסטען!״ האָבען די חסידים זיך שטאַרק געוואונדערט: וואָס אַרט דאָס דעם רבי׳ן, אַז דער קמצן עסט ניט? האָט דער רבי זיי געענטפערט: „גלויבט מיר, אַז ער אַליין אַרט מיך ניט אַזוי שטאַרק. מיך אַרט דער אָרימאַן. אַז ער אַליין וועט עסען גוטע פליישען און טרינקען גוטען וויין, וועט ער כאָטש געבען דעם אָרימאַן אויף ברויט און הערינג. אָבער אַז ער אַליין עסט ברויט מיט הערינג, טאָ וואָס זשע קען שוין דער אָרימאַן פון איהם דערוואַרטען?״

און אַז מיר האַלטען שוין ביים „ואכלת ושבעת״, וועל איך אייך שוין דערצעהלען נאָך אַ גוט וואָרט: אַן אָרימער רב פון רוסלאַנד איז אַמאָל פאַר־וואָגעלט געוואָרען קיין דייטשלאַנד און האָט זיך געפונען, פאַר קיינעם געדאַכט, אין אַ געדריקטער לאַגע. איז ער אַוועק צום ראַבינער, אפשר וועט ער איהם העלפען. קומענדיג צום ראַבינער, האָט איהם דער סעקרעטאַר ערקלעהרט, אַז דער „הערר ראַבינער״ נעמט אויף באַזוכער איין מאָל אַ וואָך, און בלויז אין דער „שפּרעך־שטונדע״ פון דריי ביז פיער. איז דער אָרימער רב געקומען אין דער באַשטימטער „שפּרעך־שטונדע״ און דער „הערר ראַבינער״ האָט איהם אויפגענומען, איהם געגעבען אַ נדבה, און אגב איהם געבעטען, אַז ער זאָל זאָגען עפּעס אַ דבר תורה. האָט דער רב איהם צוליב געטהון און צו איהם געזאָגט: „מיר זאָגען אין דעם בענטשען „שאתה זן ומפרנס אותנו תמיד בכל יום, ובכל עת ובכל שעה״. איז צו וואָס דאַרף מען עס אַזוי אויסרעכענען אַלע איינצעלהייטען, נעמליך „יעדען טאָג, צו יעדער צייט און אין יעדער שעה״, איז דען ומפרנס אותנו תמיד ניט גענוג? נאָר דער תירוץ איז: מיר דאַנקען און לויבען דעם אַלמעכטיגען, וואָס ער האָט ניט איינגעפיהרט, ווי דער הערר ראַבינער, קיין ספּעציעלע „שפּרעך־שטונדען״, נאָר יעדען טאָג, צו יעדער צייט און אין יעדער שעה קען מען זיך ווענדען צו איהם״.

און די היינטיגע סדרה וואָרענט אין קלאָהרע ווערטער: היט זיך, אַז דו זאָלסט שטענדיג געהען אין דעם אויבערשטענ׳ס וועגען. אפילו ווען דיר געהט גוט, אפילו ווען דו האָסט גענוג צום עסען, ווען דו האָסט אַ שעהנע וואוינונג און „ובקרך וצאנך ירביון וכסף וזהב ירבה לך, וכל אשר לך ירבה״, און דו האָסט פיעל רינדער, זילבער און גאָלד, זאָלסטו געהן אין דעם אויבער־שטענ׳ס דרכים. טייטשט דער של״ה דעם פסוק אַזוי: ווען אַ מענש ווערט

רייך, און ער פאַרמאָגט פיעל כסף וזהב איז וכל אשר לך ירבה, איז דער „לך" — דו אַליין, ווערסט גרעסער ביי מענשען אין די אויגען. מען הויבט דיך אָן באַלד האַלטען פאַר אַ חכם, אַ למדן און אַ מענש מיט אַלע מעלות... אַי, איז דאָס אמת!

און ווען דער אויבערשטער העלפט איינעם און ער ווערט אַן עושר, זאָל ער זיך ניט איינרעדען און זאָגען: „כוחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה" — איך אַליין מיט מיינע אייגענע הענט האָב מיר איינגעשאַפען אָט דאָס דאָזיגע רייכטום. וואָרום ווי שטעהט אין משלי (כב׳ ב׳) עשיר ורש נפגשו עושה כולם ה׳. דער גביר מיינט, אַז ער האָט אָנגעזאַמעלט זיין עשירות דורך זיין אייגענער חכמה. דעם אָרימאַן, ווידער, באַטראַכט מען פאַר אַ שלים־מזל, פאַר אַ לא יוצלח, ער קען אפילו אויף חיונה ניט פאַרדינען. אָבער דער אמת איז, פלעגט זאָגען ר׳ צבי הירש בערלינער ז״ל, אַז ווען „עשיר ורש נפגשו", ווען אַ גביר און אַן אָרימאַן באַגעגענען זיך, זעהט מען זעהר אָפט, אַז דער אָרימאַן איז ניט ווייניגער קלוג פאַר דעם גביר, און דער עושר איז גאָרניט קיין גרעסערער בריה פון דעם אָרימאַן, נאָר וואָס דען — עושה כלם ה׳ — עס איז דעם אויבערשטענ׳ס ווילען אַזוי.

איז דאַרף מען זיך ניט איינרעדען און זאָגען „כוחי ועצם ידי", אַז דאָס רייכטום האָב איך מיר אַליין צו פאַרדאַנקען. אַ רייכער האָלץ־סוחר איז אַמאָל געקומען צו ר׳ חיים וואָלאָזשינער ז״ל און האָט זיך באַקלאָגט, אַז עס איז איהם געשעהען אַ גרויס אומגליק, רחמנא לצלן; ער האָט געשיקט אַ גרויסען טראַנספּאָרט האָלץ אויף דעם וואסער (קאָלעיעס, דראַטוואַס, פאָסען) קיין דייטשלאַנד, לאָזט אָבער די גרעניץ ניט דורך דאָס האָלץ, און עס הערשט די געפאַהר, אַז ער זאָל חלילה אָנוועהרען זיין גאַנץ פאַרמעגען און נאָך בלייבען אַ גרויסער בעל חוב. האָט ר׳ חיים וואָלאָזשינער ז״ל איהם געטרייסט און גע־זאָגט, אַז ער זאָל ניט זאָרגען, און דער „הכל יכול" וועט איהם העלפען. דערווייל איז דער פּרייז פון האָלץ שטאַרק געשטיגען, די גרעניץ האָט דורכגעלאָזט דאָס האָלץ, און דער סוחר האָט פאַרדינט שוועהרע טויזענטער. איז ער געקומען מיט גרויס שמחה צום וואָלאָזשינער און האָט געזאָגט: „רבי, איצט זעה איך, אַז עס איז השגחה מן השמים". האָט ר׳ חיים ז״ל איהם געענטפערט: „זעהט איהר, אָט דאָס איז דער אונטערשיעד צווישען אַן אָרימאַן און אַ גביר. דער אָרימאַן זעהט השגחה מן השמים יעדען טאָג, און יעדע שעה אין טאָג, דער גביר אָבער זעהט עס בלויז איינמאָל אין יאָהרען".

דאַרף מען שטענדיג זיך היטען פון דעם „כוחי ועוצם ידי". רעד זיך ניט איין, אַז דיין זיין ערפאָלגרייך, איז אַ דאַנק בלויז דיין חכמה און דיין בריה׳שקייט. ניין. אָט זעהען מיר דאָך אין לעבען פּונקט דאָס פאַרקערטע. דאָס וואָס איז ביים מענשען אין דער האַנט, בעט ער דעם אויבערשטען, ער זאָל עס איהם געבען, און דאָס וואָס איז ביים אויבערשטען אין האַנט, דוקא דאָס רעדט זיך דער מענש איין, אַז ער דערווערבט זיך עס אַליין. אַזוי, למשל, פלעגט זאָגען דער רבי ר׳ העניך פון אַלעקסאַנדער ז״ל: יראת שמים איז דאָך ביי דעם מענשען אין דער האַנט, ווי די חז״ל האָבען געזאָגט „הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים". איז דוקא דאָס בעטען די מענשען ביים אויבערשטען. דאַגעגען פּרנסה, וואָס דער שליסעל דערצו איז אין דעם אויבערשטענ׳ס הענט,

דוקא דאָס רעדט זיך דער מענש איין, אַז „כוחי ועוצם ידי״ — אַז דאָס האָט ער דערגרייכט בלויז אַ דאַנק זיינע גרויסע פעהיגקייטען.

זעהט איהר, דוקא די שטאָדט בערלין, די הויפּטשטאָדט פון דייטשלאַנד, איז שטענדיג געווען פול מיט יראת שמים. ר׳ צבי הירש בערלינער ז״ל פלעגט זאָגען, בדרך הלצה, אַז די שטאָדט בערלין איז פול מיט יראת שמים, ווייל ווער עס איז געקומען אַהין, מיט אַביסעל יראת שמים, האָט ער עס דאָרט איבערגעלאָזט.

און פון דער היינטיגער סדרה זעהען מיר נאָך אַמאָל, וואָס פאַר אַ גוטען, באַרמהערציגען פאָטער אין הימעל מיר האָבען. ער הייסט זיין גערעכט צום יתום און צו דער אלמנה. דאָס ווערט פיעל מאָל איבערגע׳חזר׳ט אין דער תורה, פשוט דערפאַר, ווייל זיי זיינען נעביך אינגאַנצען הילפלאָז, ווייל די תורה, אַז מען זאָל זיי באַהאַנדלען אויף דעם איידעלסטען אופן; און איהר זאָלט ליב האָבען דעם פרעמדען. און דער עיקר פון אַלע עיקרים איז „את ה׳ אלקיך תירא״, דו זאָלסט מורא האָבען פאַר דעם באַשעפער פון דער וועלט. זאָגט דערויף די גמרא — לרבות תלמידי חכמים. אין אמת׳ן מיינט עס, אַז אויך אַ תלמיד חכם דאַרף מען רעספּעקטירען, אָבער ר׳ אהרן קאַרלינער ז״ל פלעגט זאָגען, אַז „לרבות תלמידי חכמים״ מיינט אַז אויך תלמידי חכמים דאַרפען מורא האָבען פאַר דעם רבונו של עולם.

און וועגען דעם „לרבות תלמידי חכמים״ איז פאַראַן אַ פיין וואָרט פון ר׳ מענדעלע ליובאַוויטשער ז״ל. עס זיינען אַמאָל געקומען צו איהם בעלי בתים פון אַ קליין שטעדטעל פרעגען זיין מיינונג וועגען אַ רב, וועלכען זיי האָבען געהאַלטען ביים אויפנעמען אַלס זייער מרא דאתרא. דער רבי האָט איהם געלויבט אַלס גרויסען תלמיד חכם, פרומען, און גלאַט פיינעם מענש. האָבען די בעלי בתים זיך גערעכענט מיט דעם רבי׳נס מיינונג, און זיי האָבען איהם געשיקט אַ כתב רבנות. אין אַ קורצער צייט אַרום איז ר׳ מענדעלע געוואויר געוואָרען, אַז דער רב האָט אויסצושטעהן גרויסע צרות פון זיינע בעלי בתים. זיי דערגעהען איהם פשוט די יאָהרען. האָט ער זיך אָנגערופען: „איצט, פאַרשטעה איך דעם פשט פון דעם מאמר חז״ל: די גמרא דערצעהלט, אַז ר׳ עקיבא האָט געזאָגט: „ווען איך בין געווען אַן עם הארץ, פלעג איך זאָגען „מי יתן לי תלמיד חכם ואנשכנו כחמור״. ווען עמיצער גיט מיר אַ תלמיד חכם, וואָלט איך איהם געביסען ווי אַן אייזעל בייסט (ווען אַן אייזעל בייסט, צעברעכט ער אויך דעם ביין). איז דאָך די פראַגע, פאַרוואָס האָט ער עס געזאָגט „מי יתן לי״, מען זאָל איהם געבען? נאָר דער תירוץ איז, אַז ווען ער איז געווען אַן עם הארץ, איז ער אַליין דאָך ניט געווען קיין מבין ווער עס איז אַן עם הארץ און ווער ניט. האָט ער דעריבער זיך געווענדעט צו אַנדערע און געזאָגט „מי יתן לי״, מען זאָל איהם געבען, כדי ער זאָל זיין זיכער, אַז דער, וועלכען ער פייניגט, איז טאַקע אַן אמת׳ער תלמיד חכם.

ר׳ יהושע׳לע קוטנער ז״ל פלעגט אַזוי טייטשען: אַמאָליגע יאָהרען האָט יעדער עם הארץ, וואָס האָט געוואָלט מקיים זיין דעם מאמר „מי יתן לי תלמיד חכם ואנשכנו כנחש״, זיך איינגעשאַפּען אַן איידעם אַ למדן און איז איהם דערגאַנגען די יאָהרען. האָבען זיך אָבער די עמי הארצים אַרומגעקוקט,

אַז עס איז אַ צו קאָסטבאַרער פאַרגעניגען; מען דאַרף געבען קעסט, מלבושים, וכדומה, האָבען זיי זיך געוואָלט איינשפּאָרען הוצאות. האָבען זיי זיך איבער־געלייגט און אַלע עמי הארצים אין שטעדטעל דינגען בשותפות איין תלמיד חכם, אַ רב, און מען פּייניגט איהם כדבעי.

האָבען דאָך אונזערע חז״ל געהאַט אַ קאָלאָסאַלען ווייטען בליק, האָבען זיי געזאָגט: עס שטעהט „את ה׳ אלקיך תירא״, איז דאָס וואָרט „את״ קומט אונז צו לערנען, אַז אויך תלמידי חכמים דאַרף מען רעספּעקטירען. און עס איז כדאי צו באַמערקען, אַז פאַר אַזוי וויכטיג באַטראַכט דאָס אידענטום דעם תלמיד חכם, דעם פּאַקעל־טרעגער פון תורה, אַז ווען אַ אידישער קעניג און אַ תלמיד חכם ווערען גענומען אין געפאַנגענשאַפט, דאַרף מען צוערשט אויסלייזען דעם תלמיד חכם.

און אויף וויפיעל מען דאַרף מכבד זיין אַ תלמיד חכם קענען מיר זעהען פון פאָלגענדען פאַקט. די גמרא (חגיגה ה׳) דערצעהלט: רבי יהודה הנשיא און רבי חייא זיינען אַמאָל געפאָהרען צוזאַמען אין וועג. ווען זיי זיינען אָנגע־קומען אין אַ געוויס אָרט, האָבען זיי געפרעגט צי עס געפינט זיך דאָרט אַ תלמיד חכם, וועלען זיי איהם אָפּשטאַטען אַ וויזיט. האָט מען זיי געענטפערט אַז עס געפינט זיך דאָרט אַ תלמיד חכם, אָבער ער איז נעביך בלינד. האָט רבי חייא געזאָגט צו רבי׳ן אַז ער אַליין וועט געהען צום תלמיד חכם, ווייל פאַר רבי׳ן, וואָס איז געווען דער נשיא, פּאַסט ניט אַז ער זאָל געהן צו יענעם. אָבער רבי האָט אָנגענומען רבי חייא׳ן ביי דער האַנד, און ער איז מיט איהם מיטגעגאַנגען. ווען זיי האָבען זיך געזעגענט מיט דעם תלמיד חכם, האָט ער געזאָגט צו זיי: „איהר זענט געקומען צו אַ מענשען וועלכען מען קען זעהן, אָבער ער זעהט ניט. דערפאַר זאָלט איהר זוכה זיין צו מקבל פּנים זיין די שכינה וואָס זעהט, אָבער זי קען מען ניט זעהן״. האָט רבי זיך אָנגערופען צו רבי חייא׳ן: „זעהסטו, ווען איך זאָל ניט געווען מיטגעהן, וואָלט איך געווען אָנגעוואוירען אַזאַ שעהנע ברכה״.

און ניט נאָר דאַרף מען מורא האָבען פאַר דעם רבונו של עולם, נאָר אויך „ולעבדו בכל לבבכם ובכל נפשכם״, מען דאַרף איהם דיענען מיט דעם גאַנצען האַרץ און מיט דער גאַנצער נשמה. איז דאָך די קשיא פאַרוואָס שטעהט אויך ניט „ובכל מאדכם״?, בעת אין „ואהבת״ שטעהט „בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך״? ערקלעהרט עס דער „כלי יקר״ אויף אַ זעהר שעהנעם אופן. אויף דעם ובכל מאדך (לשון יחיד) ווערט גע׳דרש׳נט — לפי שיש לך אדם שממונו חביב עליו כגופו — ווייל עס זיינען פאַראַן משוגענע יחידים, ביי וועמען דאָס געלט איז פּונקט אַזוי טייער ווי דער גוף, דערפאַר שטעהט מיט דיין גאַנץ האַרץ, מיט דיין גאַנצער נשמה און מיט דיין גאַנצען פאַרמעגען. אָבער דאָ רעדט זיך דאָך צום גאַנצען פאָלק „בכל לבבכם ובכל נפשכם — מיט אייער גאַנצען האַרץ און מיט אייער גאַנצער נשמה, און אַ רבים, אַ גאַנץ פאָלק, איז ניט משוגע אויף געלט, דערפאַר שטעהט ניט „ובכל מאדכם״.

דאַרף מען טאַקע פאָלגען וואָס די תורה הייסט, וועט זיכער מקוים ווערען וואָס די היינטיגע סדרה זאָגט אונז, נעמליך, אַז גאַנץ ארץ ישראל וועט

זיין אונזערס „מן המדבר והלבנון, מן הנהר פרת ועד הים האחרון יהיה גבולכם״.

אָבער ווען וועט דאָס מקוים ווערען? „כל המצוה אשר אנכי מצוך היום״. האָט דער וואָרקער רבי ז״ל געטייטשט, אַז איהר וועט אָפּהיטען מיינע מצוות היינט, מאָרגען, איבערמאָרגען, שטענדיג, און איבעראַל, וואו איהר זאָלט ניט וואוינען, אין אַלע ווינקלאך.

ווי באַוואוסט, איז „ויהי״ אַ לשון צרה. די היינטיגע סדרה הויבט זיך אָן מיט „והיה עקב תשמעון״. האָט דער קאָצקער ז״ל געזאָגט: והיה איז דאָך אַ לשון שמחה, אַז די אידען וועלען זיך צוהערען צו די דאָזיגע משפטים, ושמרתם ועשיתם אותם, און איהר וועט אָפּהיטען און פראַקטיצירען די מצוות, וועט עס זיין אַ שמחה. דאַרפען מיר טאַקע אָפּהיטען. וואָרום, וואָס קען זיין בעסער ווי שמחה?

און דער פשיסכער רבי ז״ל האָט געזאָגט: סוף כל סוף וועט איהר זיך דאָך פאָרט מוזען צוהערען, איז דאָך גלייכער ניט צו וואַרטען, און טאַקע באַלד אָנהויבען אָפּצוהיטען די מצוות.

און ווי באַוואוסט איז דאָך „עקב״ דער טייטש „טריט״. האָט דער סאַסיוער רבי ז״ל געטייטשט: עס איז אַ חוב אויף יעדען מענשען זיך גוט צוצוהערען צו די טריט אין וועלכע ער געהט, וואוהין ער געהט, צי עס איז פאַר אַ גוטען צוועק. וואָרום אויב עס איז ניט פאַר אַ גוטען צוועק, איז בעסער אַז ער זאָל אינגאַנצען ניט געהן און זיצען אין דער היים.

# ראה

ראה. די היינטיגע סדרה „ראה" רעדט צו אונז אָפּענע דיבורים. ניט אין דיפּלאָמאַטישער טערמינאָלאָגיע, נאָר ווי איין מענש רעדט צום אַנדערען, למשל אין מסחר. דער בורא עולם זאָגט צו די אידען: „איך גיב אייך צוויי ברירות: ברכה און, רחמנא לצלן, קללה. עס איז אין אייערע הענט. ווען איהר פאָלגען וואָס איך זאָג אייך, און איהר וועט געהען אין די וועגען אין וועלכע איך הייס אייך געהן, איז ברכה. עס וועט אייך געהן גוט ווי די וועלט, עס וועט אייך גאָרניט פעהלען. טאָמער, אָבער, וועט איהר ניט געהען אין מיינע וועגען, און איהר וועט אָפּקעהרען פון דעם וועג אין וועלכען איך הייס אייך געהן, און איהר וועט געהען נאָך פרעמדע אָפּגעטער, איהר וועט זיך וועלען פיהרען ווי די גוים, דאַן איז קללה, דאַן וועט אייך קיין צרות שוין ניט פעהלען".

וואָרום אפילו אונזערע ניט־אידישע שכנים האָבען מעהר רעספּעקט, מעהר דרך ארץ, פאַר אַ רעליגיעזען אידען ווי פאַר אַ מה־יפית׳ניק. און ניט נאָר היינט, נאָר דאָס איז אַזוי געווען שטענדיג. פון קדמונים אָן האָבען ניט־אידען שטענדיג געהאַט דעם גרעסטען רעספּעקט פאַר אַ אידען, וואָס איז געווען שטאָלץ אויף זיין אידישקייט. די גמרא אין ירושלמי שבועות פרק ד׳ הלכה ב׳ דערצעהלט אונז אַן אַנגעהויער אינטערעסאַנטע פּאַסירונג וואָס איז הונדערט פּראָצענט אמת אויך היינט צו טאָג:

ר׳ אבא בר זימנא האָט געאַרבייט אַלס שניידער ביי אַ ניט־אידען אין רוים. האָט דער ניט־איד איהם געגעבען טריפה פלייש צו עסען, און ר׳ אבא האָט, פאַרשטעהט זיך, ניט געוואָלט עסען. זאָגט צו איהם דער ניט־איד: „אויב דו וועסט ניט עסען, וועל איך דיך טויטען". האָט ר׳ אבא איהם געענטפערט: „דו קענסט מיך הרג׳ענען, אויב דו ווילסט, אָבער קיין טריפה פלייש וועל איך ניט עסען, ווייל איך בין אַ איד, און אונזער רעליגיע פאַרווערט צו עסען טריפה פלייש". האָט דער ניט־איד זיך אָנגערופען צו איהם: „פון וואַנען האָסטו געוואוסט, אַז ווען דו וואָלסט יאָ געווען עסען, וואָלט איך דיך געווען גע׳הרג׳עט, ווייל אַ איד דאַרף זיין אַ איד, און אַ גוי דאַרף זיין אַ גוי". איהר הערט? אַט דער גוי האָט פאַרשטאַנען, אַז וויבאַלד מען איז אַ איד דאַרף מען זיך פיהרען לויט די געזעצען פון דער אידישער רעליגיע.

און די פּסיכאָלאָגיע פון די היינטיגע גוים איז אויף אַ האָר ניט אַנדערש. אויך די היינטיגע גוים האַלטען אַזוי. ביזטו געבוירען געוואָרען אַ איד, טאָ פיהר זיך ווי אַ איד. און אויב ניט, דאַן ביזטו אַ באַטריגער. און אַז דו ביזט אַ באַטריגער, האָב איך ניט צו דיר קיין שום צוטרוי. און דאָס איז אַ געזונטער שטאַנדפּונקט.

דעריבער אויב איהר וועט גוט אַריינקוקען אין די ערשטע פּאָר פּסוקים פון דער היינטיגער סדרה, וועט איהר זעהען אַז דער אויבערשטער גיט

די אידען צוויי זאַכען, נעמליך, ברכה און קללה: „את הברכה אשר תשמעו", און „והקללה אם לא תשמעו... וסרתם מן הדרך". איז ביי ברכה זאָגט דער פסוק בלויז „אשר תשמעו" — אַז איהר וועט צוהערען, אָבער טהון, האַנדלונג ווערט דערביי ניט דערמאָנט. דאַגעגען ביי דער קללה זאָגט שוין די תורה „וסרתם מן הדרך", און איהר וועט אָפּקעהרען פון דעם וועג וועלכען איך געביט אייך היינט צו געהן. פאַרוואָס מאַכט די תורה אַן אונטערשיעד אין באַצוג צו ברכה און זאָגט ניט, למשל, און איהר וועט טהון ווי איך הייס אייך? ערקלעהרט עס דער „פנים יפות" אויף אַ גלענצענדען אופן: „אַ גוטע מחשבה איז דער באַרמהערציגער מצרף צו מעשה. שוין דאָס טראַכטען אַליין פון אַ מצוה איז אַ גוטע זאַך. די בלויזע מחשבה און דער ווילען צו וועלען מקיים זיין די מצוות איז שוין אַליין אַ גרויסע זאַך, און איז כמעט גלייך ווי געטהון. דאַגעגען, אַ שלעכטע מחשבה איז דער אויבערשטער ניט מצרף צו מעשה. איז דעריבער זאָגט די תורה ביי קללה „וסרתם מן הדרך" — און אַז איהר וועט טאַקע אָפּקעהרען פון דעם וועג, במעשה, אין טהאַט, — ערשט דאַן איז, חלילה, קללה.

און די ברכה איז געגעבען געוואָרען אויף דעם באַרג גריזים, און די קללה איז געגעבען געוואָרען אויף דעם באַרג עיבל, אוןביידע געפינען זיך אויף דער אַנדערער זייט ירדן „אחרי דרך מבוא השמש". זאָגט דערויף דער „כלי יקר" אַז סאַי די ברכה און סאַי די קללה, דאָס הייסט, אַז סאַי דעם שכר און סאַי דעם עונש וועט דער מענש באַקומען פאַר זיינע מעשים ערשט שפּע־טער נאָך דעם „מבוא השמש" — נאָך זיין אייגענעם זון־אונטערגאַנג, נאָך זיין אַוועקגעהן פון דער דאַזיגער וועלט. וואָרום ווי זאָגען אונזערע חכמים ז"ל: „שכר מצוה בהאי עלמא ליכא". אויף דער וועלט באַצאָהלט מען ניט דעם מענשען קיין שכר פאַר זיינע מצוות.

און איינע פון די גרעסטע מצוות ביי אונז אידען איז לערנען. זיינען אָבער פאַראַן היינטיגע צייטען „וואוילקענעוודיגע", וואָס האָבען איבערגע־לייענט עטליכע ביכלעך, און האַלטען זיך קלוגער פאַר יעדען, און וויצלען זיך אפילו איבער אונזערע חכמים ז"ל. אָט אַזאַ מין בחור'ל איז אַמאָל אַריינ־געקומען צום רב אין זיין שטעדטעל, פאַרפיהרט מיט איהם אַ שמועס, און ווי דער שטייגער איז, האָט ער געוואָלט באַווייזען, אַז דער תלמוד ענטהאַלט פיעלע נאַרישקייטען.

„דהיינו?" פרעגט דער רב, און דער „פראַנט" ענטפערט: „אָט, למשל, זאָגט די גמרא „החש בראשו יעסוק בתורה", אַז איינער האָט ניט פאַר קיינעם געדאַכט קאָפּ־שמערצען, זאָל ער זיך זעצען לערנען. נו, איז דאָס אַ רפואה?"

„זעהסטו, מיין קינד", האָט איהם דער רב געענטפערט, „פון דיין פראַגע גופא איז אַ ראיה, אַז דער תלמוד איז גערעכט. וואָרום ווען דו האָסט קאָפּ־שמערצען און עפענסט אַ גמרא, וועסטו באַלד איינזעהן, אַז דו האָסט גאָר ניט קיין קאָפּ צו פאַרשטעהן וואָס דאָרט שטעהט. היינט אַז דו האָסט ניט קיין קאָפּ, טאָ ווי זשע קענסטו האָבען אַ קאָפּ־וועהטאָג?"

און נאָך אַ גאָר וויכטיגע מצוה איז צו געבען צדקה. לערנען מיר אין דער היינטיגער סדרה די ווערטער „אפס כי לא יהיה בך אביון". זאָגט דערויף דער „תולדות יצחק", אַז מען זאָל ניט וואַרטען מיט דער צדקה אויף דער

לעצטער מינוט ביז יענער איז שוין טאַקע אַן אָרימאַן, אַן אביון. וואָרום דאַן האָט שוין די הילף פאַר איהם קיין שום ווערט ניט. דו קום איהם צו הילף פריהער „כי לא יהיה בך אביון", כדי עס זאָל ניט זיין קיין אָרימע לייט צווישען אייך.

און אַז מען העלפט שוין יאָ אַן אָרימאַן, טאָר מען ניט וועלען אַריינ־קריכען איהם אין דער נשמה און אויסגעפינען ווי ער פיהרט זיך. די גמרא זאָגט: „ישראל קדושים הם, יש רוצה ואין לו, ויש שיש לו ואינו רוצה". אידען זיינען אַ הייליג פאָלק. עס איז פאַראַן איינער, וואָס וויל געבען, נאָר ער האָט נעביך ניט; און עס איז פאַראַן אַזעלכער וואָס איז דוקא פאַרמעגליך, אָבער געבען וויל ער ניט. איז דאָך די קשיא, וואָס פאַר אַ מין קדוש איז דער וואָס האָט און וויל ניט געבען? זאָגט דערויף ר' מרדכי באַנעט ז"ל אַ גוט וואָרט: נעמליך, דער פשט איז, אַז ווען מען קומט צו אַזאַ איינעם, וואָס קען געבען און וויל ניט, נאָך אַ נדבה, ווערט ער פלוצים אַ גאַנצער צדיק, אַ „קדוש", און הויבט אָן בודק זיין דעם אָרימאַנ'ס ציצית, צי ער איז פרום גענוג.

זאָגט אונז די הייִנטיגע סדרה „נתון תתן לו ולא ירע לבבך". און רש"י ז"ל באַמערקט אויף דעם וואָרט נתון תתן לו אפילו מאה פעמים — גיב איהם אפילו הונדערט מאָל און פרעג איהם ניט קיין קשיות. „ולא ירע לבבך", און זאָל דיר דאָס האַרץ ניט טהון וועה ווען דו גיסט אַ נדבה. און דאָס, זאָגט דער „ילקוט סופר", איז דער פשט פון „אני ראשון ואני אחרון". נעמליך, דער אָרימאַן זאָגט „אני ראשון" — ווען איינעם הויבט אָן צו געהן מיט דער פוטער אַראָפּ, בין איך דער ערשטער צו ליידען. וואָרום דאָס ערשטע וואָס מען הויבט אָן אין אַזאַ פאַל צו שפּאָרען איז די נדבה; „ואני אחרון", און איך בין אויך דער לעצטער. וואָרום ווען איינעם הויבט אָן צו געהן גוט, איז דער אָרימאַן דער לעצטער אין וועמען ער דערמאָנט זיך.

דער פשיסכער רבי ז"ל איז אַמאָל געקומען אין אַ שטאָדט אַריין, האָט ער געהערט אַז דאָרט איז פאַראַן אַ בכבוד'יגער איד וואָס איז אַמאָל געווען אַ גרויסער גביר, און איצט איז ער, פאַר קיינעם געדאַכט, אַן אָרימאַן, אַ יורד. האָט דער רבי געשיקט נאָך דעם אידען, און ער האָט איהם געגעבען אַ שעהנע נדבה. איידער דער רבי האָט פאַרלאָזט די שטאָדט, האָט ער נאָך אַמאָל געשיקט נאָך דעם אידען, און ער האָט איהם געגעבען נאָך אַ גרעסערע נדבה. האָט דער איד זיך אָנגערופען: „רבי, זייט מיר מוחל, אָבער פאַרוואָס גיט איהר מיר איצט אַזאַ גרויסע נדבה?" האָט דער רבי איהם געענטפערט: „די ערשטע נדבה איז געווען אויס רחמנות, און איצט גיב איך אייך כדי מקיים צו זיין די מצוה פון נתון תתן לו". אַלזאָ, מען דאַרף האַלטען אין איין געבען, און אַלע מאָל מעהר.

אָבער דער עיקר זעהען מיר פון דער הייִנטיגער סדרה, אַז די „בחירה" איז אין דעם מענשענ'ס הענט. ער קען איינאָרדענען פאַר זיך אַ גוט, באַקוועם, אנגענעהם לעבען, אָדער אַ ביטער לעבען. די תורה זאָגט אונז בפירוש: „ראה אנכי נותן לפניכם היום ברכה וקללה, את הברכה אשר תשמעו... והקללה אם לא תשמעו" — זעה, איך גיב אייך הייִנט ביידע, סאַי ברכה און סאַי קללה. וועט איהר פאָלגען, וועט איהר האָבען ברכה, וועט איהר ניט פאָלגען, איז, חלילה, קללה. זאָגט דערויף דער מדרש: ווען דער אויבערשטער האָט דאָס

געזאָגט ביי דעם באַרג סיני, איז אין הימעל געוואָרען אַ גערודער: עס שטעהט דאָך בפירוש „מפי עליון לא תצא הרעות והטוב״ (איכה ג׳, לח), פון דעם אויבערשטענ׳ס מויל געהט ניט אַרויס דאָס שלעכטס און דאָס גוטס! דעריבער מוז מען זאָגען אַז „מאליה הרעה באה על עושה הרעה, והטובה באה על עושה הטוב״ — פון זיך אַליין קומט דאָס שלעכטס אויף דעם וואָס טהוט שלעכטס, און דאָס גוטע קומט אויף דעם וואָס טהוט גוטס.

איז עס אַלזאָ קלאָהר, אַז דעם מענשענ׳ס שיקזאַל ליגט אין זיינע אייגענע הענט: פאָלגט ער, איז ברכה, פאָלגט ער ניט, איז, חלילה, קללה. און ניט נאָר, זאָגט דער מדרש, האָט דער באַשעפער געטהון אַ גרויסען חסד מיט דעם מענשען, וואָס ער האָט איהם געגעבען אַ פרייען ווילען זיך אַליין אויסצוקלייבען איינעם פון די צוויי לעבענס־וועגען. נאָר נאָך מעהר, ער האָט נאָך געטהון לפנים משורת הדין און געראַטען דעם מענשען „ובחרת בחיים״ — קלייב דיר אויס דעם וועג, וואָס פיהרט צו אַן אַנגענעהמען, גוטען, און בעיקר, אייביגען לעבען. אָבער, אַז מיר פאָלגען ניט, ווער זשע איז אונז שולדיג?

עשו׳ן איז אָנגעזאָגט געוואָרען: „ועל חרבך תחיה״. עשו׳ס עקזיסטענץ רוהט אויף דער שווערד. זינט די וועלט שטעהט ביז היינט צו טאָג האַלטען די פעלקער פון דער וועלט אין איין איינשלינגען איינער דעם צווייטען. אָבער אונזער עקזיסטענץ־קוואַל איז דאָך דער „עץ חיים״, די תורה! און די חכמים ז״ל האָבען שוין געזאָגט, אַז „סייפא וספרא ירדו מכורכים מן השמים״, אַז די שווערד און דאָס בוך זיינען אַרונטערגענידערט פון הימעל איינגעוויקעלט צוזאַמען. איז אויב מיר האַלטען זיך ביי דעם ספר, און מיר היטען אָפּ וואָס עס שטעהט געשריבען אין דעם ספר, האָבען מיר גאָרניט וואָס מורא צו האָבען פאַר דער שווערד. אויב, אָבער, מיר היטען ניט די פאַרשריפטען פון דעם ספר, קומט אויף אונז די שווערד. אַלזאָ, מיר אַליין קענען זיך מאַכען דאָס לעבען אָדער זיס אָדער, חלילה, ביטער.

און דער עיקר איז בלויז צו האָבען בטחון אין דעם אויבערשטען. אַז איינער טהוט אַ מצוה, דאַרף ער ניט דערוואַרטען, אַז עס וועט איהם באַלד אַרונטערפאַלען אַ זעקעלע רענדלעך פון דעם הימעל. דער איד דאַרף זיך פיהרען ווי אַ איד, און דער וואָס לעבט אייביג, וועט זיך טהון דאָס זייניגע. הערט אַ מעשה שהיה:

ווי באַוואוסט איז דער גרויסער צדיק און איש תמים ר׳ לייב מירקיס ז״ל, דעם „שלחן שלמה׳ס״ פאָטער, געווען אַ שניט־קרעמער אין דער שטאָדט מיר. פאַרשטעהט זיך, אַז די קראָם האָט געפיהרט זיין פרוי, און ער אַליין איז געזעסען טאָג און נאַכט על התורה ועל העבודה.

ויהי היום, האָט מען באַדאַרפט פאָהרען קיין לייפּציג אויף דעם יריד איינקויפען סחורה, כדי זיך איינצושפּאָרען צו קויפען פון דער צווייטער האַנט. האָט די פרוי ביי איהם קוים גע׳פּועל׳ט, אַז ער זאָל פאָהרען קיין לייפּציג, ווייל זי קען דאָך ניט צומאַכען די קראָם. האָט זי איהם אויסגעריכט אין וועג אַריין, איהם געגעבען אַ רשימה פון די סחורות און די פרייזען, איהם מיטגעגעבען אַ פּאָר טויזענט רובעל, און ר׳ לייב האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויף דעם יאַריד.

קומענדיג קיין לייפציג איז ער געוואויר געוואָרען, אַז דער יאַריד וועט געדויערען אַ גאַנצען חודש. האָט ער זיך געטראַכט אַז אַזוי ווי ער מוז סאַי ווי בלייבען אין לייפציג ביז דער יאַריד וועט זיך ענדיגען, איז צו וואָס זשע דאַרף ער זיך איילען מיט דעם איינקויפען די סחורה. ער וועט בעסער זיצען די גאַנצע צייט און לערנען, און די לעצטע פּאָר טעג וועט ער איינ־קויפען און אַהיים פאָהרען.

האָט ער טאַקע אַזוי געטהון, געזעסען און געלערענט אַ גאַנצען חודש. דאַן איז ער אַרויס אויף דעם יאַריד איינהאַנדלען סחורה. אָבער יעדער סוחר, וועלכען ער האָט געוויזען די רשימה, האָט איהם געענטפערט „ניטאָ מעהר, אויספאַרקויפט". נאָר איין סוחר האָט נאָך געהאַט עטליכע שטיקער רויטען געוואַנט, אַ זעהר קאָסטבאַרע סחורה, וואָס בלויז גענעראַלען און גאָר הויכע באַאַמטע באַנוצען אויף מונדירען, און דער גרעסטער קרעמער פאַרקויפט דערפון ניט מעהר פון עטליכע איילען אַ יאָהר. איז געגאַנגען ר' לייב און האָט אָנגעקויפט פאַר דעם גאַנצען געלט רויטען געוואַנט, און איז אַהיים געפאָהרען.

ער אַליין איז, פאַרשטעהט זיך, באַלד אַוועק אין בית המדרש אַריין צו דער גמרא, און די פרוי און קינדער האָבען זיך אַ נעם געטהון אויפפּאַקען די סחורה. ווען זיי האָבען דערזעהען דאָס געוואַנט, איז זיי „ליכטיג" געוואָרען אין די אויגען. איז די פרוי אַוועק אין בית המדרש, און מיט ביטערע טרערען איהם געפרעגט: „סטייטש, וואָס האָסטו געטהון? אפילו אין דרייסיג יאָהר אַרום וועלען מיר דאָך ניט קענען פּטור ווערען פון דער דאָזיגער סחורה! פון וואַנען וועלען מיר איצט נעמען אויף חיונה?"

„נאַרעלע, וואָס וויינסטו", האָט ער איהר געזאָגט „דו גלויבסט דאָך, אַז דער רבונו של עולם האָט ראש השנה אונז אָנגעשריבען פּרנסה אויף אַ גאַנץ יאָהר, היינט וואָס זשע איז די נפקא מינה צי עס וועט קומען פון רויטען געוואַנט, צי פון אַנדערע סחורות?" און ר' לייב האָט זיך ווידער פאַרטיעפט אין לערנען.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז געקומען אין קראָם אַריין אַ ספּעציעלער שליח פון דעם גראַף ראַדזיוויל, און ער האָט געזאָגט אַז דער גראַף דאַרף עטליכע הונדערט איילען טייערען רויטען געוואַנט, ווייל ער וויל אָנטהון אַלע זיינע באַדינער אין רויטע מונדירען. ער האָט אָפּגעקויפט דאָס גאַנצע געוואַנט, און ר' לייב האָט געהאַט אַ גאַנץ יאָהר פּרנסה בריוח.

אַלזאָ, דער עיקר איז בטחון, בטחון מיט אַן אמת, ניט מיט אַ תנאי, אַז דער בטחון זאָל באַלד ברענגען דיווידענדען, דאַן וועט אַלץ זיין גוט.

אָבער גאָר וויכטיג איז אַז אויך די פרוי, די בעל הבית'טע, זאָל זיין אַ גוטע, זי זאָל ניט זיין פון יענע „פיער הונדערט" — איך מיין ניט די „אַמע־ריקאַנער פיער הונדערט". אָט הערט אַ מעשה שהיה:

ר' ישעיה'לע פּראַגער'ס ז"ל פרוי, איז געווען, ווי עס טרעפט אַמאָל, אַ שלעכטע, און פלעגט איהם פאַרביטערען דאָס לעבען. אין געגענוואָרט פון מענשען פלעגט זי איהם זידלען, באַליידיגען, שעלטען. אָבער דער רב פלעגט עס אָננעמען באהבה, און ער האָט קיינמאָל ניט געענטפערט קיין שלעכט וואָרט. באַזונדערס פלעגט זי איהם מבייש זיין ווען ער איז געזעסען

מיט מענשען, מיט חסידים. האָבען די פּראַגער בעלי בתים דאָס מעהר ניט געקאָנט פאַרטראָגען, און זיי האָבען איינמאָל געזאָגט דעם רב אַז דער רבי׳־צינס אויפפיהרונג שעדיגט ניט בלויז זיין פּרעסטיזש, נאָר עס איז פּחיתת הכבוד פאַר דער גאַנצער קהלה, און זיי האָבען איהם געראַטען ער זאָל זי אַ פאַר מאָל אויסזידלען, אפשר וועט זי זיך בעסערען.

אָבער דער רב האָט זיי געענטפערט אַז ער קען זיך ניט העלפען, ווייל עס איז אַ גזר מן השמים; די רבי׳צין איז איינע פון די פיער הונדערט, און ווער קען זיך שטעלען געגען דעם אויבערשטענ׳ס רצון. האָבען זיינע מקורבים ניט פערשטאַנען וואָס ער מיינט, און זיי האָבען איהם געבעטען ער זאָל זיי דאָס ערקלעהרען, און דער רב האָט געענטפערט:

די גמרא דערצעהלט אַז ווען טיטוס הרשע, ימח שמו, האָט חרוב געמאַכט ארץ ישראל, האָט ער געפינען פיער הונדערט מיידלעך און בחורים, זיי אַרויפגעזעצט אויף אַ שיף, און אַוועקגעפיהרט. די אידישע קינדער האָבען פערשטאַנען אַז דאָס פיהרט ער זיי צו אַ שענדליך לעבען. האָבען זיי געפרעגט זייער עלטסטען, צי זיי וועלען האָבען עולם הבא אויב זיי וועלען זיך אַריינ־וואַרפען אין ים אַריין, און ער האָט זיי געענטפערט אַז יאָ. ווען די מיידלעך האָבען דאָס דערהערט, זיינען זיי אַלע ווי איינע אַריינגעשפרונגען אין ים אַריין, און די בחורים האָבען זיי נאָכגעטהון.

ווען די מיידלעך זיינען געקומען אויף יענער וועלט, האָט מען זיי געהייסען פיהרען גלייך אין גן עדן אַריין, אָבער זיי האָבען אָפּגעזאָגט, טענה׳נדיג אַז דאָס איז ניט גענוג פאַר זיי. דערפאַר וואָס זיי, פּרויען, האָבען אַרויסגעוויזען אַ גרעסערען קידוש השם ווי די מענער, קומט זיי עפּעס גרע־סערס ווי גן עדן. האָט דאָס אויבערשטע געריכט געפרעגט וואָס זיי פאַר־לאַנגען, און זיי האָבען געענטפערט: „אַזוי ווי אין דער תורה שטעהט ,והוא ימשול בה׳, דער מאַן זאָל געוועלטיגען איבער דער פרוי, איז ווילען מיר נאָך אַמאָל געבוירען ווערען, חתונה האָבען, און געוועלטיגען איבער אונזערע מענער״.

אַזוי ווי מען טאָר ניט ענדערען אפילו אַ פּינטעלע אין דער תורה, האָט דאָס בית דין של מעלה אָנגעפרעגט ביי כביכול, און ער האָט געהייסען נאָכגעבען זייער פאַרלאַנג.

און ר׳ ישעיה׳לע האָט געענדיגט: „איצט פאַרשטעהט איהר שוין? זי איז איינע פון יענע פיער הונדערט וועגען וועלכע דוד המלך האָט געזאָגט „על זאת יתפלל כל חסיד אליך לעת מצוא״ — אויף דעם בעט יעדער פרומער צום אויבערשטען ווען ער נעמט אַ פרוי (מצא אשה...), נעמליך „לשטף מים רבים אליו לא יגיעו״, אַז איינע פון יענע פיער הונדערט וועלכע זיינען פאַרפלייצט געוואָרען אין וואַסער זאָלען איהם ניט גרייכען, זאָל ניט ווערען זיין ווייב. און מיין רבי׳צין איז איינע פון יענע פיער הונדערט״.

# שופטים

ווען די גאַנצע וועלט וואָלט געפאָלגט בלויז די ערשטע דריי פסוקים פון דער היינטיגער סדרה „שופטים“, וואָלט געווען וואויל און גוט יעדען איינעם. די גוי׳אישע וועלט קעמפט כלומר׳שט פאַר „גערעכטיגקייט“. אויף יעדען איינעמ׳ס ליפען איז דאָס וואָרט „דזשאסטיס“ (גערעכטיגקייט). אין דעם נאָמען פון „גערעכטיגקייט“ וויל איין פאָלק פאַרשלינגען דאָס אַנדערע. דער שטאַרקערער אונטערדריקט דעם שוואַכערען, אַלץ אין נאָמען פון „גערעכטיגקייט“.

האָט דאָך אונזער תורה געוואוסט וואָס די מענשהייט וועט מאַכען פון דעם אַלמעכטיגענ׳ס ווערטעל, לערענט זי אונז: „שופטים ושוטרים תתן לך בכל שעריך... ושפט את העם משפט צדק“ — דו זאָלסט באַשטימען ריכטער אין יעדער שטאָדט און שטעדטעל... זיי זאָלען משפט׳ן דאָס פאָלק מיט גערעכטיגקייט. באַמערקט רש״י ז״ל אויף דעם אָרט, אַז די ריכטער אַליין מוזען זיין צדיקים, מענשען באַזעעלט מיט דעם געפיהל פון גערעכטיגקייט. און דער „כלי יקר“ טייטשט: שופטים ושוטרים תתן לך — די דיינים און ריכטער דאַרפען קודם כל זיך אַליין משפט׳ן. פאַר אַלעם מוזען זיי אַליין זיך אויפפיהרען ווי עס בעדאַרף צו זיין. זייער יעדע האַנדלונג און טהאַט מוזען זיין באַזירט אויף גערעכטיגקייט. ערשט דאַן „ושפטו את העם“, דאַן ערשט קענען זיי זיין פּאַסענד צו משפט׳ן דאָס פאָלק.

אויף דעם דאָזיגען פסוק זאָגט דער מדרש „שופטים ושוטרים תתן לך, לך ולא לאומות העולם“ — איהר זאָלט באַשטימען ריכטער, דיינים, פיהרער פאַר אייך, און ניט פאַר די פעלקער פון דער וועלט. זאָגט דערויף ר׳ נפתלי סופר ז״ל אַ גוט וואָרט: אַמאָליגע צייטען, ווען אַ געמיינדע האָט אויפ־גענומען אַ רב, האָט זי געלייגט גרויס געוויכט אויף זיין לומדות, און צי איז ער אַ מענש מיט איידעלע מידות, צי ער איז אַן עהרליכער איד, כדי די קהלה זאָל האָבען פון וועמען צו לערנען אַ דבר תורה, און פון וועמען זיך אָפּצו־לערנען גוטע מעשים, איידעלע זיטען, שעהנע אויפפיהרונג, ווי עס פּאַסט פאַר אידען. היינטיגע צייטען, אָבער, ווען אַ קהלה דאַרף אויפנעמען אַ רב, האָט זי פריהער אין זינען, אַז דער רב, דער גייסטיגער פיהרער, זאָל גאָר באַזיצען מעלות, וואָס זאָלען אויסנעמען ביי די גוים אין די אויגען. מען וויל, אַז ער זאָל זיין אַ שפּראַכען־קענער, ער זאָל זיין אַ גרויסער אָראַטאָר, און דוקא אין דער גוי׳אישער שפּראַך. זיינע מאַניערען זאָלען זיין לויט דער לעצטער מאָדע. וואָרענט דער מדרש: שופטים ושוטרים תתן לך — ריכטער, רבנים, דיינים, פיהרער זאָלט איהר באַשטימען לך פאַר דיינעטוועגען, ער זאָל קענען אויסנעמען אין דיינע אויגען מיט זיין לומדות און מעשים טובים, ולא לאומות העולם, און ניט ער זאָל נושא חן זיין ביי די גויים.

און אַחוץ לומדות און מידות טובות און מעשים טובים דאַרף דער ריכטער, דער רב, דער פיהרער, דער פאָרשטעהער פון דעם פאָלק זיין אַ מענש מיט שכל הישר, און אין אַלגעמיין אַ מענשען־קענער, אַ פסיכאָלאָג. אַ איד, אַ סוחר, איז אַמאָל געקומען קיין וואַרשע איינקויפען סחורה. אַזוי ווי עס איז געווען פרייטאָג, און ער האָט געהאַט ביי זיך צעהן טויזענט רובעל, האָט ער מורא געהאַט איינצושטעהן אין אַ האָטעל. איז ער פאָרפאָהרען צו זיינעם אַ באַקאַנטען אויף שבת, און ער האָט איהם איבערגעגעבען דאָס געלט ער זאָל עס האַלטען איבער שבת. מוצאי שבת האָט דער סוחר געבעטען דעם בעל הבית ער זאָל איהם צוריקגעבען דאָס געלט, האָט ער איהם געפרעגט: „וואָס פאַר געלט, וועך געלט, דו האָסט מיר דען געגעבען געלט? אַ מאָדנער חלום האָט זיך דיר געמוזט חלום׳ען!" דער סוחר האָט אָנגעהויבען צו שרייען: „סטייטש! פרייטאָג פאַרנאַכט האָב איך דאָך דיר אַליין אין דער האַנט אַריין איבערגעגעבען צעהן טויזענט רובעל!" אָבער דער בעל הבית האָט גע׳טענה׳ט, אַז לא היו דברים מעולם — עס הויבט זיך ניט אָן און עס לאָזט זיך ניט אויס, ער האָט איהם ניט געגעבען, און אַז ער וויל מאַכען אויף איהם אַ בלבול.

איז דער סוחר אַוועק אַ צערודערטער צום וואַרשעווער רב ר׳ בעריש מייזעלש ז״ל, און מיט טרערען אין די אויגען האָט ער איהם דערצעהלט דעם אומגליק וואָס האָט איהם געטראָפען. האָט דער רב איהם אַריינגעפיהרט אין אַן אַנדער צימער, און ער האָט געשיקט נאָך דעם בעל הבית, וואָס איז, אגב, געווען טעטיג אין קהל׳שע ענינים, און האָט פאַרפיהרט מיט איהם אַ שמועס וועגען אַ קהל׳שען ענין, און אין צווישען האָט ער אַ וואונק געטהון צום משמש ער זאָל עפענען די טיר פון דעם צימער וואו דער סוחר איז געזעסען. ווען דער סוחר האָט איהם דערזעהען, האָט ער אָנגעהויבען צו שרייען: „רבי, אָט דאָס איז ער דאָך! ראַטעוועט מיין געלט!"

„קענט איהר דעם אידען?" פרעגט דער רב דעם בעל הבית, און ער ענטפערט:

„יאָ, ער האָט ביי מיר געהאַלטען שבת, און ער שרייט, אַז ער האָט מיר געגעבען צעהן טויזענט רובעל, אַ געריהרטער אַפּנים".

„איהר זעהט דאָך, אַז איהר וועט פון איהם ניט פטור ווערען", זאָגט דער רב, „איז גיט איהם אַ פאָר רובעל און פטור".

„אַז איהר הייסט, פאַרפאַלען, איך וועל איהם געבען אַ פינף און צוואַנ־ציגער, אַבי ער זאָל זיך אָפּטשעפּען פון מיר".

דער סוחר האָט געליאַרעמט, האָט דער רב געראַטען דעם בעל הבית ער זאָל איהם געבען נאָך עטליכע רובעל. האָט ער מסכים געווען, און אַזוי האָט מען „געהאַנדעלט" ביז עס האָט שוין געהאַלטען ביי אַ הונדערטער, און דער סוחר האָט, פאַרשטעהט זיך, ניט געוואָלט און געמאָהנט זיין געלט. רופט זיך אָן דער רב צום בעל הבית:

„פּרובירט נאָך איין מאָל, גיט איהם פינף הונדערט רובעל".

„אַז דער רבי הייסט, פאָלג איך", און ער נעמט אַרויס אַ פינף־הונדערטער.

האָט דער רב זיך אויף איהם שטאַרק צעבייזערט און איהם גוט אויס־געזידעלט און געזאָגט: „איך ווייס דאָך ווי קאַרג דו ביזט און איצט פלוצים

אַזאַ מילדער, וואָרפסט זיך מיט פינף הונדערטערס! ביי מיר איז קיין ספק ניט, אַז דו האָסט צוגענומען דעם אידענ׳ס געלט, גיב עס שוין צוריק, אַניט!...״

און ער האָט געפאָלגט און אומגעקעהרט די גאַנצע סומע.

ווידער לערנען מיר אין דער היינטיגער סדרה, אַז מען טאָר ניט נעמען קיין כאַבאַר, וואָרום כאַבאַר פאַרבלענדט די אויגען פון די חכמים און פאַר־קרימט די ווערטער פון צדיקים. ווייל ווען איינער נעמט כאַבאַר, קען ער שוין ניט אַרויסגעבען קיין גערעכטען אורטייל. אין דער סדרה משפטים (שמות כג, ח) שטעהט אויך, אַז מען טאָר ניט נעמען קיין כאַבאַר, אָבער בעת אין דער היינטיגער סדרה שטעהט „כי השוחד יעור עיני חכמים״, שטעהט אין משפטים דאָס וואָרט „פקחים״ אָנשטאָט „חכמים״. זאָגט דערויף דער ווילנער גאון ז״ל, אַז „חכמים״ מיינט מען אין תורה און „פקחים״ מיינט מען אין וועלט־זאַכען, אַלזאָ: אַ רב, אַ דיין, אַ פיהרער דאַרף זיין באַהאָוועגט סאַי אין לערנען און סאַי אין וועלט־זאַכען. און פאַרוואָס טאָר מען ניט נעמען שוחד, ווייל לויט די גמרא זאָגט מיינט „שוחד״ — „שהוא חד״ — עס מאַכט דעם כאַבאַר נעמער מיט דעם בעל דין „איינס״.

איז דאָך אָבער אַ מענש ניט מעהר ווי אַ מענש, האָט זיך געמאַכט, אַז אין אַ געוויסער שטאָדט איז דער פּרנס ניט געווען קיין געוואַלדיגער „נקי כפּים׳ניק״, און ער פלעגט נעמען אין דער „יד״ אַריין, פאַר טהון אַ טובה ביי „נאַטשאַלסטוואָ״. איז ער געווען אַ „בורר״, האָט זיך געוועגדעט וועלכער צד עס האָט איהם באַצאָהלט מעהר. און אַמאָל פלעגט אויך פּאַסירען, אַז ער אַליין איז געווען דער „ריכטער״. איז ווי אַזוי ער האָט גע׳פּסק׳נט, אַזוי איז געווען. דערצו אָבער איז ער געווען אַ גרויסער „פרומאַק״. ער פלעגט זיך שטאַרק שאָקלען ביים דאַווענען, און ביי „שמע ישראל״ פלעגט ער דאָס וואָרט „אחד״ אויסציהען אויף דעם קול זעהר לאַנג. ווען מען האָט דאָס דערצעהלט דעם רב פון דעם שכנות׳דיגען שטעדטעל, האָט ער געזאָגט, אַז דער פּרנס איז אַן אויסגעהאַלטענער מענש, ווייל זיינע ביידע האַנדלונגען האָבען אַ שייכות איינע מיט דער אַנדערער. וואָרום די גמרא זאָגט: „כל הדן דין אמת לאמיתו נעשה שותף להקב״ה במעשה בראשית״ — דער וואָס פּסק׳ענט אַ דין לויט דעם אמת, דער ווערט אַ שותף צו דעם בורא עולם אין דער שאַפונג פון דער וועלט. און ווי עס ווייזט אויס, איז דאָך דער דאָזיגער פּרנס ניט שטאַרק מקפּיד דערויף. דעריבער ציהט ער אויס זעהר לאַנג דעם „ה׳ אחד״, אַז דער אויבערשטער איז איין, און ער איז ניט קיין שותף מיט איהם.

און גאָר באַזונדערס וויכטיג איז „צדק צדק תרדוף״, יאָג זיך נאָך נאָך גערעכטיגקייט. עס זיינען פאַראַן מצוות וואָס מען דאַרף אָפּהיטען, ווען זיי קומען צו דער האַנט, אָדער ווען זייער צייט קומט. אַזוי, למשל, די מצוה פון עסען מצה, אָדער פון בענטשען אתרוג, דאַרף מען אָפּהיטען ווען עס קומט פּסח אָדער סוכות. עס איז דאָך דעריבער ניט שייך זיך נאָכצויאָגען נאָך דער מצוה. ווען די צייט קומט, דאַרף מען עס אָפּהיטען. דאַגעגען „גערעכטיגקייט״, דאַרף מען ניט וואַרטען ביז עס קומט צו דער האַנט, נאָר מען דאַרף זיך נאָכ־יאָגען נאָך דעם. און דער פּשיסכער רבי ר׳ בונעם ז״ל פלעגט טייטשען, אַז צו דערגרייכען צדק, דאַרף מען אָנווענדען מיטלען פון צדק, עהרליכע מיטלען, מען דאַרף זוכען גערעכטיגקייט מיט גערעכטיגקייט.

איז אָט אין די דאָזיגע דריי ערשטע פסוקים פון דער היינטיגער סדרה האָט די תורה אַוועקגעשטעלט דעם פּרינציפּ, וואָס איז אומגעהויער וויכטיג פאַר דעם וואוילזיין פון דער מענשהייט. ווייל דער מענש קאָן זיין גליקליך נאָר דאַן, ווען דער באַזיס פון דער וועלט איז גערעכטיגקייט. און דאָס האָט אונזער תורה שוין געוואוסט מיט טויזענטער יאָהרען צוריק. און צו גערעכ־טיגקייט מוז אויך זיין אייניגקייט.

אייניגקייט איז אַן אויסערגעוועהנליך וויכטיגער פאַקטאָר פאַר דעם וואוילזיין און פאַר דער עקזיסטענץ פון אַ פאָלק בכלל, און פאַר דעם אידישען פאָלק בפרט. עס איז אַ היסטאָרישער פאַקט, אַז פיעלע צרות, וואָס זיינען געקומען אויף אידען אין משך פון פיעלע דורות, זיינען געווען דער רעזולטאַט פון מחלוקת און צעשפּליטערטקייט אין אונזערע אייגענע רייהען. איז כדאי איבערצוגעבען וועגען דעם אַ גוט וואָרט פון ר' מרדכי באַנעט ז"ל. די היינטיגע סדרה זאָגט אונז: „כי יפלא ממך דבר למשפט בין דם לדם, בין דין לדין, ובין נגע לנגע, דברי ריבות בשעריך", טייטשט ר' מרדכי ז"ל אַזוי: אַז דו וועסט זיך וואונדערען און זיך באַמיהען צו געפינען אַן ענטפער אויף דער פראַגע „בין דם לדם" — ווי קומט עס וואָס אידיש בלוט איז אַזוי הפקר; „בין דין לדין" — פאַרוואָס צווינגט מען אַרויף אויף אונז אַזוי פיעל שוועהרע דינים און געזעצען; „ובין נגע לנגע" — פאַרוואָס האַלט מען אונז אין איין פּלאָגען מיט אַזעלכע אונערטרעגליכע פּלאָגענישען? זאָלסטו וויסען, אַז „דברי ריבות בשעריך" — אַז דאָס קומט דערפון וואָס אין אייערע רייהען הערשען קריגערייען, מחלוקת'ן, שפּליטערייען.

איז אייניגקייט, אַלזאָ, פון קאָלאָסאַלער וויכטיגקייט. און אַ פאָרבאַדינג פאַר אייניגקייט איז שלום. אַז עס הערשט שלום, קען זיין אייניגקייט, און אַ פאָרבאַדינג פאַר שלום איז גערעכטיגקייט.

אומגערעכטיגקייט אָטעמט מיט געקריגערייע; דאַגעגען גערעכטיגקייט איז די מוטער פון שלום. און עס איז דער חוב פון די גייסטיגע און פּאָליטישע פיהרער, אַז עס זאָל הערשען גערעכטיגקייט. איז ווען די היינטיגע סדרה שטעלט אַוועק דעם פּרינציפּ „צדק צדק תרדוף", רעדט זי צום גאַנצען פאָלק בכלל. אָבער באַזונדערס האָט זי אין זינען די שופטים ושוטרים. און דער מדרש זאָגט אונז, אַז „שופטים" אלו הדיינים — אַז שופטים מיינט די ריכטער, רבנים, דיינים; און „שוטרים אלו פרנסים שמנהיגין את העדה", און שוטרים מיינט די פּרנסים, די פיהרער פון דער קהלה. אַז ווען די שופטים ושוטרים היטען אָפּ און פּראַקטיצירען דעם „צדק צדק תרדוף", איז ראשית טהוט זיי דאָס פאָלק נאָך, און צווייטענס, פיהרט עס צו שלום און אייניגקייט, און דאָס מיינט אַ געזונטע פאָלקס־ עקזיסטענץ.

דער ריכטער מוז וויסען אַז ער טראָגט אויף זיך אַ געוואַלדיגע פאַר־אַנטוואָרטליכקייט. די גמרא (יומא פו־פז) דערצעהלט אַז ווען רב פלעגט געהן אין דעם הויז פון בית דין (געריכט) צו משפּט'ן, פלעגט ער פריהער זאָגען: „איך געה אויף זיך נעמען אַן אַנגעהויער גרויסע פאַראַנטוואָרטליכקייט, וואָס איז אַזוי ערנסט, פּונקט ווי איך וואָלט איינגעשטעלט מיין לעבען. קיין פאַר־זענליכע נוצען, צי נוצען פאַר מיין הויז־געזינד וועל איך דערפון ניט האָבען.

און הלואי זאָל איך קומען צוריק אַהיים אַזוי ריין, ווי איך בין פון דאָרטען אַוועקגעגאַנגען".

און ניט נאָר דער פיהרער מוז פּראַקטיצירען גערעכטיגקייט, נאָר יעדער מענש, און געוויס יעדער איד, מאַן און פרוי, יונג און אַלט. יעדער איינער פון אונז מוז זעהן צו העלפען דעם צווייטען מיט אַלץ וואָס ער קען, לויט זיינע אָדער איהרע אומשטענדען. אַמאָל מיט אַ נדבה, אַמאָל מיט אַ גמילות חסד, אַמאָל מיט אַן עצה, מיט גלאַט אַ טובה און אויף פאַרשידענע אַנדערע וועגען. און מען דאַרף ניט וואַרטען ביז יענער בעט, נאָר „צדק צדק תרדוף" — יאָג זיך אַלייז נאָך נאָך גערעכטיגקייט. פרעג זיך נאָך ביי דעם צווייטען צי נויטיגט ער זיך אין עפּעס מיט וואָס דו קענסט איהם גראָד העלפען.

עס זיינען פאַראַן, אָבער, מענשען וואָס ווילען ניט צולייגען אַ פינגער צו העלפען דעם צווייטען, און געבען אַ נדבה צי טהון אַ גמילות חסד אַודאי און אַודאי ניט. דער דובנער מגיד ז"ל איז אַמאָל געקומען צו אַ רייכען אידען, וואָס איז געווען באַקאַנט אין דער גאַנצער געגענד אַלס גרויסער קאַרגער, און ער האָט ביי איהם געבעטען אַ נדבה אויף אַ וויכטיגען קהל'שען ענין. האָט דער גביר, ווי זיין שטייגער איז געווען, איהם אָפּגעזאָגט, און טאַקע ניט געגעבען. האָט דער מגיד זיך געלאָזט אַוועקגעהן, און שטעהענדיג ביי דער טיר זאָגט ער צו איהם: „זייט וויסען, אַז איהר זענט אַ „מזומן לחיי העולם הבא". חידוש'ט זיך דער גביר און זאָגט: „רבי, דערפאַר וואָס איך גיב ניט קיין צדקה, וועל איך האָבען עולם הבא?"

ענטפערט איהם דער מגיד: „איך וועל אייך דערצעהלען אַ מעשה: אין אַ געוויסער שטאָדט האָט געלעבט אַ זעהר גרויסער גביר. אָבער ווי גרויס זיין רייכקייט איז געווען, איז זיין קאַרגשאַפט געווען נאָך גרעסער. זיין גאַנץ לעבען האָט ער ניט געגעבען קיין איין פּרוטה אויף צדקה. אַן אָרימאַן האָט ער איבער דער שוועל ניט אַריינגעלאָזט. לעבט דאָך אָבער דער מענש ניט אייביג, און ווען די צייט איז געקומען, און ער האָט בעדאַרפט אַוועקגעהן פון דער וועלט, האָט ער געזאָגט, אַז מען זאָל איהם מיטגעבען דאָס גאַנצע געלט אין קבר אַריין. ווען ער איז געקומען פאַר דעם בית דין של מעלה, פאַר דעם אויבערשטען געריכט, האָט מען אויפגעעפענט די ביכער און אויף זיין קאָנטאָ איז ניט געווען פאַרצייכענט אפילו קיין איין פּרוטה אויף צדקה. גיט דער אָנקלעגער איהם אַ פרעג: „פאַרוואָס האָסטו ניט מקיים געווען די מצוה פון צדקה?" און ער האָט געענטפערט: „דאָרטען, אויף דעם עולם השקר, זיינען פאַראַן צופיעל שווינדלער, האָב איך ניט געוואוסט וועמען צו געבען. איז דעריבער האָב איך מיטגענומען דאָס גאַנצע געלט אַהער אויף דעם עולם האמת, כדי איך זאָל עס דאָ צעטיילען". האָט דאָס אויבערשטע געריכט אַרויסגעגעבען אַ פּסק אַז אויב מען וועט געפינען נאָך צוויי מענשען וואָס האָבען געטהון ווי ער, איז ער, זכאי, גערעכט, און עס קומט איהם עולם הבא. האָבען די מלאכים זיך אַ לאָז געטהון זוכען, און נאָך גרויס זוכעניש האָט מען קוים געפונען איינעם, נעמליך, קורח'ן, וואָס איז באַגראָבען געוואָרען מיט זיין געלט. איצט, האָט פאַרענדיגט דער דובנער מַגיד ז"ל, אַז אִיהר וועט קומען

אויף יענער וועלט, וועלען שוין דאָרט זיין דריי: קרח, יענער קאָרגער און איהר, וועט איהר זיין אַ מזומן צו עולם הבא״.

אין דער היינטיגער סדרה ווערט געזאָגט: „לא תטה משפט לא תכיר פנים ולא תקח שוחד״. זאָגט דער „אדרת אליהו״, אַז די דאָזיגע ווערטער באַציהען זיך אויף די פיהרער פון דער קהלה, נעמליך אויף די יעניגע וואָס האָבען אַ דעה ביים אויפנעמען אַ דיין, אַ רעליגיעזען פיהרער אין שטאָדט. צו זיי זאָגט די תורה „לא תטה משפט״, דו זאָלסט ניט אויסנוצען דערביי קיין פערזענליכע זאַכען, וועלענדיג באַזאָרגען דיינעם אַ קרוב, אָדער אַ גוטען פריינד, מיט אַ שטעלע. „לא תכיר פנים״, אַז דו נעמסט אויף אַ דיין, זאָלסטו זיך ניט רעכענען מיט זיין פנים, מיט זיין אויסערליכען אויסזעהן, צי ער איז אַ שעהנער מענש מיט אַ הדרת פנים. „ולא תקח שוחד״, און דו זאָלסט ניט אויפנעמען קיין דיין מיט דער הילף פון שוחד, פון כאַבאַר.

און וועגען דעם אַז מען דאַרף נאָכזאָגען אַ זאַך „בשם אומרו״, טייטשט ר׳ יוסף תאומים ז״ל, מחבר פון „פרי מגדים״, אויס אַ פסוק פון דער היינ־טיגער סדרה אויף אַן אינטערעסאַנטען אופן: „והוגד לך״, אויב עמיצער האָט דיר געזאָגט אַ גוט וואָרט, „ושמעת״ — און דו האָסט עס אויסגעהערט, „ודרשת היטב״ — און נאָכדעם האָסטו עס איבערגעזאָגט אין דיין נאָמען, „והנה אמת נכון הדבר״, כאָטש דו האָסט עס נאָכגעזאָגט ריכטיג, פונקט אַזוי ווי דו האָסט עס געהערט, איז דאָך „נעשתה התועבה הזאת בישראל״, איז עס דאָך אומוויר־דיג נאָכצוזאָגען פרעמדע דברי תורה, ניט בשם אומרם.

און איצט אַ גוט ווערטעל פון דעם מלבי״ם ז״ל. ווען ער איז אויפגע־נומען געוואָרען אַלס רב, האָט ער אין זיין ערשטער דרשה געזאָגט צום עולם: „אין דער היינטיגער סדרה ווערט געזאָגט, אַז מען דאַרף געבען דעם כהן „הזרוע, והלחיים, והקבה״. פאַרלאַנג איך אויך פון אייך די דאָזיגע דריי מתנות, נעמליך, „הזרוע״ דעם אָרעם, איהר זאָלט לייגען תפילין; „הלחיים״, די באַקען, איהר זאָלט ניט גאָלען די בערד; „והקבה״, דעם מאָגען, איהר זאָלט ניט עסען קיין טריפה.

# כי תצא

זעהר אָפט זעהען מיר ווי אונזער תורה רעדט בלשון יחיד, פּונקט ווי מען רעדט צו איין מענשען. אָט, למשל, הויבט זיך אָן די היינטיגע סדרה מיט די ווערטער „כי תצא למלחמה" — אַז דו וועסט געהן מלחמה האַלטען. פיהרט דען איין מענש מלחמה? אַ גאַנץ פאָלק פיהרט דאָך מלחמה! באַמערקט דער „שושנת אברהם", אַז געווינען אַ מלחמה קען מען נאָר דאַן ווען דאָס גאַנצע פאָלק איז איינס, ווען עס הערשט אחדות. און גלייכצייטיג לערנען מיר אויך דערפון וואָס די תורה רעדט אָפט בלשון יחיד, אַז די תורה איז געגעבען געוואָרען יעדען אידען באַזונדער, פּונקט ווי זי איז געגעבען געוואָרען דעם גאַנצען פאָלק. יעדער איד באַזונדער דאַרף פיהלען, אַז איהם האָט מען געגעבען די תורה, און ער דאַרף זי אָפּהיטען גלייך ווי זי איז זיין פּערזענליך אייגענטום.

דאַרף טאַקע יעדער איד האָבען אַ הייסע באַציהונג צו דער תורה, און אַז די באַציהונג איז אַ וואַרימע, זיינען שוין במילא די מעשים אויך וואַרימע, אידישלעך־וואַרים. מען דערצעהלט אַז ר' ישראל סאַלאַנטער ז"ל איז אַמאָל געגאַנגען ווינטער ביי דעם טייך. עס איז געווען חגא צייט, און גוים האָבען געהאַלטען אין אויסהאַקען אַ צלם אין אייז צו קענען „אונטערטונקען" זייער איקאָנאַ. רופט זיך אָן ר' ישראל: „אַ טשיקאַווע זאַך, וואַסער איז דאָך אַזוי ריין אַז עס רייניגט אַלע אומרייניגקייטען און טומאות, פונדעסטוועגען, ווי נאָר עס ווערט פאַרפרוירען, קען מען פון דעם מאַכען אַ צלם". אַלזאָ, אַ וואַרימע באַציהונג צו דער תורה, צו אידישקייט, צום אידישען פאָלק, צו „ישראל", דאַרף מען שוין פאַר „פאַרפרוירען" ווערען ניט מורא האָבען.

זיינען אָבער פאַראַן אידען וואָס טראַכטען זיך: אַ גאַנץ לעבען געווען קאַלט צו אידישקייט, וועלען זיי ערשט איצט, אויף דער עלטער, זיך אָנהויבען פיהרען אַנדערש? ניין, שוין צו שפּעט, מען קען שוין סאַי ווי ניט פאַרריכטען...

איז דאָס אַ פאַלשער געדאַנק. וואָרום אַזוי לאַנג ווי מען לעבט, אַזוי לאַנג ווי די נשמה אין דעם מענשען לייכט, איז ניט שפּעט צו פאַרריכטען דעם מענשען'ס דרכים. דער זעלבער ר' ישראל סאַלאַנטער ז"ל איז אַמאָל אַריינגעגאַנגען צו אַ שוסטער פאַרריכטען די שיך, עס איז געווען אין אָוענט. דער שוסטער האָט געאַרבייט ביי אַ ליכטעל, וואָס האָט שוין געהאַלטען ביים אויסגעהן. רופט זיך אָן ר' ישראל ז"ל: „אַ שאָד, איהר וועט שוין ניט קענען באַווייזען צו פאַרריכטען, ווייל דאָס ליכטעל צאַנקט שוין, און וועט מסתמא באַלד אויסגעהן". ענטפערט דער שוסטער: „ניין, רבי, כל זמן דאָס ליכטעל ברענט, קען מען נאָך פאַרריכטען". „גערעכט", רופט זיך אָן ר' ישראל, „גערעכט, כל זמן דאָס ליכטעל ברענט, קען מען נאָך פאַרריכטען". אַלזאָ, כל זמן מען לעבט, מען אָטעמט, די נשמה לייכט, קען מען נאָך אַלץ מתקן זיין.

און וואָס וויל דען פון אונז די תורה? זי לערענט אונז ווי אַזוי מיר קענען מאַכען אונזער לעבען גליקליך. אָט זאָגט אונז די היינטיגע סדרה: אַז איינער האָט אַ שלעכט קינד „איננו שומע בקול אביו ובקול אמו", און ער פאָלגט ניט טאַטע מאַמע, זאָגט דערויף די גמרא „שיהא קולם שוה". טייטשט דער „עוללות אפרים", אַז דאָס מיינט, אויב עס הערשט צווישען עלטערען צוויי דעות, אַ מיינונגס־פאַרשידענהייט; עס איז ניטאָ קיין שלום בית; דער טאַטע זאָגט איין זאַך, און די מאַמע זאָגט פונקט פאַרקעהרט; דאַן איז עס ניט די שולד פון דעם קינד אויב עס וואַקסט אויס אַ בן סורר ומורה. איז די ערשטע זאַך, וואָס עלטערען דאַרפען טהון, איז צו זעהן, אַז „שיהא קולם שוה", אַז אין הויז זאָל זיין שלום.

און ווידער לערענט אונז די היינטיגע סדרה די שעהנע מידה פון צער בעלי חיים. עס זיינען פאַראַן אין אַמעריקע, און אויך אין אַנדערע לענדער, אָרגאַניזאַציעס וואָס נעמען זיך אָן די קריוודע פון לעבעדיגע באַשעפענישען, כאָטש אַז מענשען געהען אויס פון הונגער, אַרט זיי גאַנץ ווייניג. האָט שוין אונזער תורה מיט טויזענטער יאָהרען צוריק אונז געלערענט „לא תראה את שור אחיך או את שיו נדחים והתעלמת מהם, השב תשיבם לאחיך". אַז דו זעהסט דיין ברודער'ס אַ בהמה בלאָנדזשען, זאָלסטו זי אומקעהרען צו איהם; זעהסטו זיינע אַ בהמה פאַלען, זאָלסטו איהר העלפען זיך אויפשטעלען.

און ווי שטאַרק די תורה איז מקפיד אויף דאַנקבאַרקייט, און האַלט הכרת טובה פאַר אַ וויכטיגע מידה, קען מען זעהן פון פאָלגענדעם: זי זאָגט אונז בפירוש „לא תתעב מצרי כי גר היית בארצו" — דו זאָלסט ניט אומ־ווירדיגען אַן עגיפּטער, אַ מצרי, ווייל דו האָסט געוואוינט אין זיין לאַנד. באַמערקט רש"י ז"ל, אַז כאָטש זיי האָבען דאָך אַריינגעוואָרפען אידישע קינ־דערלעך אין טייך אַריין, טאָר מען זיי פאָרט ניט אומווירדיגען, ווייל די אידען האָבען דאָך געוואוינט אין זייער לאַנד. זיי האָבען דאָרט געהאַט אַן „אכסניא".

צווישען די פיעלע זאַכען וואָס די היינטיגע סדרה רעגולירט אין דעם אידישען לעבען, איז אויך פאַראַן „פּראַצענט". און די תורה זאָגט בפירוש, אַז דער לייהער (לוה) טאָר ניט געבען קיין פּראָצענט, און אַז דער וואָס לייהט אַוועק דאָס געלט, דער מלוה, טאָר ניט נעמען. ווען איך וועגען דעם איבער־געבען אַן אינטערעסאַנטען עפּיזאָד:

צו ר' משה סופר ז"ל, באַקאַנט אַלס דער „חתם סופר", ווען ער איז געווען רב אין פּרעסבורג, איז אַמאָל אַריינגעקומען דער פיהרער פון דער קהלה, וואָס איז געווען אַ רייכער סוחר, און ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל מיט איהם רעדען וועגען אַן אויסערגעוועהנליך וויכטיגען ענין אויף פיער אויגען. האָבען זיי זיך פאַרמאַכט אין אַ באַזונדער צימער, און דער סוחר האָט מיט אַ געבראָכען געמיט אַ זאָג געטהון: „רבי, איך בין אומגליקליך, איך האָב פאַרלאָרען מיין גאַנץ פאַרמעגען, און כאָטש נעם אַ טאָרבע און געה איבער די הייזער".

„נו, אַז מען פאַרלירט געלט דאַרף מען זיך אַזוי פאַרלירען? נישט קשה, דער עולם קען אייך, און גלויבט מיר אַז איהר וועט בלייבען ביים עולם דער זעלבער נכבד וואָס פריהער", האָט דער „חתם סופר" איהם באַרוהיגט.

„אָבער רבי, וואָס טהוט מען איצט? איך בין אַ בעל חוב איבער דעם קאָפּ, אַרויסגעגעבען וועקסלען, און איצט איז די צייט צו פאָהרען קיין לייפציג, האָב איך ניט די הונדערט גילדען אויף הוצאות, און ווען שטאָדט וועט זעהען, אַז איך פאָהר ניט, וועט מען זיך אָנהויבען אָנשטויסען... רבי, דאָס אומגליק איז שרעקליך", האָט דער סוחר אַ יאָמער געטהון.

האָט דער „חתם סופר" אַרויסגענומען הונדערט גילדען, איהם דער־לאַנגט, און ער האָט איהם גלייכצייטיג געטרייסט. דער סוחר האָט ניט געוואָלט נעמען, אָבער דער „חתם סופר" האָט איהם ממש געצוואונגען, און איהם געזאָגט אַז ער זאָל ניט פאַרלירען קיין איין מינוט, נאָר תיכף פאָהרען קיין לייפציג.

מיט טרערען אין די אויגען האָט דער סוחר זיך געזעגענט מיט דעם רב, און ער איז געפאָהרען קיין לייפציג אויף דעם יאריד.

באַלד ווי ער איז אַהין אָנגעקומען, האָט מען איהם אָנגעבאָטען אַ שיף מיט קאווע אויף באָרג (קרעדיט). האָט ער געקויפט, און דעם זעלבען טאָג האָט ער עס פאַרקויפט מיט אַ גרויסען פּראָפיט. דאָס מזל האָט איהם גע־שפּילט אויף דעם גאַנצען יאריד. ער האָט געקויפט און פאַרקויפט פון האַנט צו האַנט און פאַרדינט שוועהרע טויזענטער.

פאַר דעם פאָהרען אַהיים האָט ער געקויפט פאַר דעם רב אַ גאָלדענעם רינג מיט אַ זעהר קאָסטבאַרען דימענט, און ווי נאָר ער איז אַראָפּ פון דער באַהן, איז ער גלייך אַוועק צום „חתם סופר" און מיט גרויס שמחה אַ זאָג געטהון: „רבי, נאָט אייך אָפּ אייערע הונדערט גילדען", און ער האָט איהם אויך דערלאַנגט די מתנה. דער רב האָט געהאַלטען אין איין באַוואונדערען דעם טייערען ברילליאַנט, אַזאַ יופי האָט ער נאָך ניט געזעהען, און דער סוחר איז געווען איבער גליקליך. אָבער אין אַ מינוט אַרום גיט דער רב ווידער אַ זאָג: „אַי איז דאָס אַ ברילליאַנט! ריין ווי קרישטאָל, לויטער ווי גאָלד, אַלזאָ ניצט איהם געזונטערהייט".

„רבי, דאָס האָב איך דאָך אייך געקויפט אַ מתנה, פאַרוואָס ווילט איהר עס ניט נעמען?", פרעגט דער סוחר.

און דער רב ענטפערט:

„פּשוט, ווייל עס שמעקט מיט „רבית", מיט פּראָצענט". און דער סוחר איז אַוועקגעגאַנגען מיט גרויס עגמת נפש.

האָבען זיך אָנגערופען די תלמידים צום רב:

„רבי, אַז איהר האָט ניט געוואָלט נעמען דעם רינג, ווייל עס הייסט פּראָצענט, איז צו וואָס זשע האָט איהר איהם אַזוי באַוואונדערט, און איהם באַטראַכט מיט אַזוי פיעל התפעלות און פרייד?"

„דאָס האָב איך זיך אָפּגעלערענט פון מיין רבי'ן ר' נתן אַדלער ז"ל", האָט דער רבי געענטפערט. מען איז אַמאָל געקומען צו איהם פון אדענוואלד, אַ שטעדטעל נעבען פראַנקפורט, אַז ער זאָל ראַטעווען די קהלה, וועלכע מען האַלט ביים אַרויסטרייבען צוליעב אַ מסירה, ווייל ער איז געווען גוט באַקאַנט מיט דעם עלטסטען פון דעם שטעדטעל. עס איז געווען ווינטער. אַן אָפענעם שליטען האָט מען ניט געוואָלט דינגען, ווייל ער איז געווען אַ שוואַכער מענש.

האָט מען געדונגען אַ וואָגען מיט אַ בויד, צוויי גוטע פערד, און מיר האָבען זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

„אָפּגעפאָהרען עטליכע קילאָמעטער, איז דער וואָגען אַריין אין אַ גרוב שניי, און די פערד קענען בשום אופן איהם ניט אַרויסציהען. דער בעל עגלה שמייסט די פערד, שמייס אַהין, שמייס אַהער און עס העלפט ניט. האָט דער בעל עגלה אויסגעשפּאַנט אַ פערד, איז אַוועקגעריטען אין אַ נאָהענטען דאָרף אַריין צו ברענגען נאָך אַ פערד אַרויסצושלעפּען דעם וואָגען. זיינען מיר געזעסען אין דעם וואָגען און גערעדט תורה. דער בעל עגלה איז צוריק געקומען מיט אַ פרישען שפּאַן, און ער האָט זיך אָנגעהויבען פּאָרען אַרום וואָגען. פלוצים, אָבער, איז דער רבי ר׳ נתן ז״ל אַראָפּ פון וואָגען, פאַרלאָרען בעת מעשה די פוטערנע שיך, און ער האָט אָנגעהויבען צו טאַנצען אין שניי מיט די הוילע זאָקען מיט אַן אויסערגעוועהנליכער שמחה. עס איז געווען אין מיטען דער נאַכט. דער פראָסט האָט געברענט. איז מורא האָבענדיג פאַר זיין געזונד, בין איך אַראָפּ פון דעם וואָגען, און מיט דעם גאַנצען כוח האָב איך איהם צוריק אַריינגעזעצט אין דער בויד אַריין. אָבער ער איז תיכף ווידער אַרויסגעשפּרונגען.

„רבי״, זאָג איך, „וואָס זאָל דאָס באַדייטען?״

„און ער האָט מיר געענטפערט, אָנווייזענדיג אויף דעם שפּאַן: „זעהסט ניט?״

„איך גיב אַ קוק, דער גוי׳אישער בעל עגלה האָט צוגעשפּאַנט צוויי אָקסען צו די פערד. איך האָב דעם גוי ערקלעהרט, אַז מיר אידען טאָרען ניט פאָהרען מיט צוויי פאַרשידענע סאָרטען בהמות, איהם צוגעזאָגט אַ פיינע הוספה, ער זאָל נאָך אַמאָל פאָהרען אין דאָרף אַריין און ברענגען פערד. דאַן האָב איך געפרעגט דעם רבי׳ן פאַרוואָס ער האָט זיך אַזוי משמח געווען?

„ פאַרוואָס פאַרשטעהסטו ניט? ווען וואָלט איך, זיצענדיג אין פראַנק־פורט, געקאָנט מקיים זיין די מצוה פון כלאים?׳ אָט דאָס זעלבע האָב איך אַליין איצט איבערגעלעבט״, האָט דער „חתם סופר״ אויסגעפיהרט, „ווען וואָלט איך, אַ רב ביי אידען, געקענט מקיים זיין די מצוה פון ניט נעמען רבית — פּראָצענט? וועלכער איד וועט קומען צו מיר לייהען געלט, און וועלכער איד וועט געבען אַ רב פּראָצענט? איז איצט האָט זיך מיר געמאַכט די געלעגענהייט, מקיים צו זיין די דאָזיגע מצוה, האָב איך געהאַט גרויס פרייד״.

אָט אַזוי פרעהען זיך וואַרימע אידען ווען זיי האָבען אַ געלעגענהייט מקיים צו זיין אַ מצוה. און די היינטיגע סדרה רעדט טאַקע פון ביידע זאַכען פון פּראָצענט, און פון כלאים. ביידע זיינען פאַרוועהרט. וועלען מיר, אָבער, זיך ניט אַריינלאָזען אין דער מצוה פון כלאים, נאָר אונטערשטרייכען די וויכטיגקייט פון דער מצוה פון ניט נעמען פּראָצענט. ביידע, סאַי דער מלוה און סאַי דער לוה טאָרען ניט נעמען קיין פּראָצענט.

האָט אַמאָל אַ קריסטליכער געלעהרטער פאַרגעוואָרפען דעם לעמבער־גער רב ר׳ יעקב אָרענשטיין ז״ל, אַז דאָס תורה־געזעץ וועגען פּראָצענט איז באַרבאַריש, ווייל די תורה זאָגט „לנכרי תשיך ולאחיך לא תשיך״ — ביי אַ גוי מעג מען יאָ נעמען פּראָצענט, און ביי אַ אידען ניט, סטייטש! איז דאָס

אנשטענדיג? האָט דער רב איהם געענטפערט אַ שאַרפזיניג וואָרט: אדרבה, דאָס איז זעהר דעמאָקראַטיש, און דער טעם איז גאָר פשוט, און דער יושר פאָדערט, אַז עס זאָל אַזוי זיין. נעמליך, ביי אידען איז דער פאַרבאָט צו נעמען פּראָצענט חל אויף יעדען אידען אָהן שום אויסנאַהם. קיין איד טאָר ניט נעמען ביי דעם צווייטען קיין פּראָצענט. איז דעריבער „לאחיך לא תשיך" — נעם ניט ביי יענעם און גיב ניט יענעם קיין פּראָצענט. אָבער די געזעצען פון די גוים פאַרוועהרען ניט צו נעמען פּראָצענט ביי אידען, איז וואָס זשע פאַר אַ יושר איז עס אַז די גוים ביי אונז זאָלען יאָ נעמען פּראָצענט, און מיר ביי די גוים זאָלען ניט טאָרען נעמען קיין פּראָצענט? איז דערפאַר טאַקע „לנכרי תשיך" — ביי אַ גוי מעגסטו יאָ נעמען פּראָצענט, ווייל ער נעמט דאָך אויך ביי דיר.

די היינטיגע סדרה שפּרודעלט ממש מיט פערעלדיגע רעגולאַציעס, און עטישע פאַרשריפטען. „כי תדר נדר"... אַז דו ביזט עפּעס מנדר, זאָלסטו ניט פאַרשפּעטיגען מיט דעם באַצאָהלען. „מוצא שפתיך תשמור"... זאָגסטו עפּעס מיט דיינע לעפּצען, זאָלסטו עס היטען און טהון ווי דו האָסט געזאָגט. קומסטו צו דיין פריינד אין וויינגאָרטען, איז עס וויינטרויבען ביז דו ביזט זאַט „ואל כליך לא תתן", אָבער מיטנעמען מיט זיך, זאָלסטו ניט. אויב איינער האָט חתונה געהאַט, טאָר מען איהם דאָס ערשטע יאָהר נאָך דער חתונה ניט נעמען פאַר קיין סאָלדאַט, נאָר ער דאַרף זיך פרעהען מיט זיין ווייב. דינגסטו עמיצען, איז באַצאָהל איהם פאַר דעם טאָג אַרבייט איידער די זון זעצט זיך. האָסטו אָפּגעשניטען די תבואה און פאַרגעסען סנאָפּעס אין פעלד, טאָרסטו זיך ניט אומקעהרען זיי נעמען, נאָר לאָז זיי איבער פאַר דעם פרעמדען, פאַר דעם יתום און פאַר דער אלמנה. דו זאָלסט ניט האָבען קיין צווייערליי מאָסען, קיין צווייערליי וואָגען, נאָר „אבן שלמה וצדק יהיה לך" — דו מוזט האָבען אַ פערפעקטע און גערעכטע וואָג און מאָס. און אַזוי וויכטיג איז אָט דאָס דאָזיגע געבאָט, אַז די תורה פיהרט אויס „למען יאריכון ימיך", כדי דו זאָלסט לעבען לאַנג.

אויך דאָס לעבען צווישען מאַן און פרוי ווערט געוויסערמאָס רעגולירט אין דער היינטיגער סדרה. אַזוי, למשל, אַז איינעמ'ס ווייב פיהרט זיך ניט אויף אנשטענדיג, וכתב לה ספר כריתות — דאַרף ער זי גט'ן. איז פאַר וואָס אייגענטליך רופט מען אָן דעם „ספר כריתות" מיט דעם נאָמען „גט"? ענטפערט דערויף דער „אגרת הטיול": ווייל די אותיות „ג" „ט" זיינען שטענדיג צעשיידט. עס איז ניטאָ אין גאַנץ תנ"ך קיין איין וואָרט אין וועלכען „ג" און „ט" זאָלען שטעהן צוזאַמען איינס נעבען אַנדערען.

און די היינטיגע סדרה ענדיגט זיך מיט „זכור את אשר עשה לך עמלק", געדענק וואָס עמלק האָט דיר געטהון. מעהרערע מאָל וואָרענט אונז די תורה ניט צו פאַרגעסען וואָס עמלק האָט אונז געטהון, און זי הייסט איהם אויסמעקען פון דער וועלט אָהן שום רחמנות. פאַרוואָס דאַרף די תורה אונז אַזוי פיעל מאָל דערמאָנען וועגען דעם? ענטפערט דערויף דער „מגלת ספר" דערפאַר ווייל אידען זיינען דאָך רחמנים בני רחמנים, זיי זיינען ניט קיין בעלי נקמה, עס איז געגען זייער נאַטור. און ווען מען פאָדערט פון איינעם אַ זאַך, וואָס איז געגען זיין נאַטור, דאַרף מען איהם מעהרערע מאָל דערמאָנען.

אונזער תורה איז שטאַרק געגען קריגערייען צווישען מענשען. און די היינטיגע סדרה זאָגט אונז „כי יהיה ריב בין אנשים"... אַז מענשען קריגען זיך... „ארבעים יכנו לא יוסיף", קומט פערציג מלקות. וועל איך אין איין וועגס איבערגעבען אַן אינטערעסאַנטען עפיזאָד, וואָס באַווייזט די שאַרפקייט פון אַ אידישען עילוי:

דער חידושי הרי"ם ז"ל איז געווען שוין אין דער יוגענט באַריהמט אַלס גרויסער עילוי. אַ גרויסער גביר האָט איהם געוואָלט פאַר אַן איידעם. האָט ער געשיקט אַ גרויסען למדן ער זאָל איהם פאַרהערען, און ער האָט איהם געשטעלט פאָלגענדע קשיא: עס איז פאַראַן אַ מחלוקת צווישען תנא קמא און רבי יהודה וועגען דער צאָהל מלקות. איינער האַלט, אַז מען דאַרף ניט שלאָגען מעהר ווי ניין און דרייסיג מלקות, און איינער האַלט אַז פערציג. פרעגט זיך צי איז מעגליך אַ פאַל אַז לויטביידע זאָל מען שלאָגען די זעלבע צאָהל מלקות?

ניט טראַכטענדיג קיין סעקונדע, האָט דער עילוי געענטפערט: „יאָ, עס איז מעגליך. ווען איינער, וואָס איז אַליין געווען אַ שליח בית דין, האָט עובר געווען אויף ניין און דרייסיג לאו'ן פאַר וועלכע עס קומט איהם צו שלאָגען ניין און דרייסיג מאָל מלקות. דערווייל האָט דאָס בית דין איהם געשיקט מקיים פּסק זיין אַ צווייטען, וואָס האָט עובר געווען אויף אַ לאו, ער זאָל יענעם שלאָגען מלקות. אָבער אָנשטאָט צו געבען יענעם ניין און דרייסיג מלקות, האָט ער איהם געגעבען פערציג. אַלזאָ לויט דעם „מאן דאמר" וואָס האַלט „ניין און דרייסיג", האָט דאָך דער שליח עובר געווען אויף אַ בייעם לאו פון „לא יוסיף", קומט איהם דאָך שוין צו שלאָגען פאַר פערציג לאו'ן, נעמליך פערציג מאָל ניין און דרייסיג. לויט דעם „מאן דאמר" וואָס האַלט „פערציג", האָט דאָך דער שליח געטהון ריכטיג און האָט ניט עובר געווען אויף „לא יוסיף", און עס קומט איהם צו שלאָגען בלויז פאַר די פריהערדיגע ניין און דרייסיג לאו'ן, נעמליך, ניין און דרייסיג מאָל צו פערציג מלקות. איז אין דעם פאַל גלייכען זיך ביידע תנאים אויס, ווייל פערציג מאָל ניין און דרייסיג, און ניין און דרייסיג מאָל פערציג באַטרעפט דאָס זעלבע".

# כי תבוא

די היינטיגע סדרה דערצעהלט אונז, ווי אַזוי מען דאַרף זיך נוהג זיין ווען אידען וועלען אַריינגעהן קיין ארץ ישראל. וועלען מיר צוערשט געבען עטליכעביישפילען ווי אַזוי גדולי ישראל פון פריהערדיגע דורות האָבען זיך באַצויגען צום „ציוניזם״.

ר׳ נחמן בראַצלאַווער, דעם בעל שם טוב׳ס ז״ל אייניקעל, איז געווען אַ גרויסער אָנהענגער פון דעם אידישען לאַנד, און כל ימיו האָט ער געלעכצט צו פאָהרען קיין ארץ ישראל און זעהן דאָס הייליגע לאַנד מיט זיינע אייגענע אויגען, און אָטעמען די לופט פון „ישראל״. ווען די צייט איז געקומען, און ער האָט זיך אָנגעהויבען קלויבען אין וועג אַריין, האָט זיין ווייב אַריינגעשיקט צו איהם די עלטערע טאָכטער, און זי האָט אָנגעהויבען וויינען פאַר איהם: „אויף וועמען לאָזט דער טאַטע אונז איבער? ווער וועט זאָרגען פאַר אונז?״ האָט ר׳ נחמן ז״ל געענטפערט: „דו, טאָכטער לעבען, וועסט פאָהרען צום מחותן, איין שוועסטער קען ווערען אַ דינסט ביי יענעם. די אַנדערע וועט עמיצער אַריינגעמען צו זיך אויס רחמנות. די מאַמע וועט ווערען ערגיץ אַ קעכין. און אַלע שטוב־זאַכען וועל איך פאַרקויפען צו האָבען אויף הוצאות״. אַט אַזוי טייער איז דאָס אידישע לאַנד געווען אין זיינע אויגען.

צום גערער רבי ר׳ יצחק מאיר ז״ל, איז אַמאָל געקומען איינער פון זיינע חסידים פרעגען אַן עצה, צי ער זאָל פאָהרען קיין ארץ ישראל, האָט דער רבי איהם געענטפערט גאַנץ קורץ: „עס איז בעסער צו פאָהרען צו אידען פון לאַנד, איידער צום לאַנד פון אידען״.

ער האָט דערמיט געגעבען אָנצוהערען, אַז אין ישראל דאַרף מען אויך זיין אַ איד. אויב חלילה זיך ניט פיהרען ווי אַ איד, איז ניו יאָרק אפשר בעסער פון תל־אביב, אָבער אויב זיך צו פיהרען ווי אַ איד, איז אוירא דארץ ישראל געוויס בעסער.

דער בויסקער רב ר׳ מרדכי עליאַשבערג ז״ל, איז, ווי באַוואוסט, געווען איינער פון די ערשטע רבנים, וואָס זיינען געווען „חובבי ציון״ — ליבהאָבער פון אונזער לאַנד. ער האָט שטאַרק ליב געהאַט ארץ ישראל, און ער פלעגט שטענדיג רעדען מיט דער גרעסטער התלהבות וועגען דער גרויסער מצוה פון באַזעצען זיך אין אידישען לאַנד. באַזונדערס פלעגט ער אונטערשטריי־כען, אַז וואויל און גוט איז יענע, וואָס זיינען זיך עוסק אין דער מצוה פון ארץ ישראל, און באַזונדערס אין ערד־אַרבייט, וואָס דאָס איז דאָך דער עיקר פון ישוב ישראל. אויף די עלטערע יאָהרען פלעגט ער זאָגען: „אוי רבונו של עולם, הלואי זאָל איך זוכה זיין צו קומען קיין ארץ ישראל און זיין אַ פראָסטער אַרבייטער״. האָט מען איהם אַמאָל געפרעגט: „רבי, וואָס אייגענט־

ליך קענט איהר טהון ביי ערד אַרבייט?" האָט ער געענטפערט מיט פאַר־וואונדערונג: „סטייטש! וואָס הייסט וואָס איך קען טהון? איך קען זיין אַ „שומר קישואים" — אַ גאַרטען־היטער!"

ר' זונדעל סאַלאַנטער ז"ל האָט שטאַרק ליעב געהאַט ארץ ישראל. זיין גרעסטער וואונש איז געווען צו זעהן וואָס מעהר הייזער אין ירושלים, און ער האָט שטענדיג מעורר געווען יעדען איינעם צו בויען הייזער אין ירושלים. יעדע עטליכע וואָכען פלעגט ער אַרומגעהן אין די גאַסען און צעהלען די הייזער, און ממש אָנקוועלען פון נחת פון יעדען נייעם הויז, אפילו פון אַ גוי'אישען הויז. אַז מען האָט איהם געפרעגט: „רבי, וואָס איז אייער שמחה אַז אַ גוי האָט געבויט אַ הויז?" האָט ער געענטפערט מיט שמחה: „וואָס איז די נפקא מינה? דערווייל ווערט ארץ ישראל געבויט".

אָט אַזוי האָבען אונזערע גדולים זיך באַצויגען צו אונזער לאַנד. און נאָך אַן עפּיזאָד און דאַן וועלען מיר צוטרעטען צו דער היינטיגער סדרה:

אויף דעם ניינטען ציוניסטישען קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין האַמבורג, דייטשלאַנד, האָט דער האַמבורגער ראַבינער געזאָלט געבען דעם קאָנגרעס אַ ברכה פון דער אידישער קהלה. האָט ער אויפגעשריבען די ברכה אויף פּאַפּיר, און אַ טאָג פאַר דער דערעפענונג פון דעם קאָנגרעס, האָט ער זי דערלאַנגט ר' דוד וואָלפסאָנ'ען ז"ל, פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, צו הערען זיין מיינונג. וואָלפסאָן איז גראָד געזעסען מיט אַ גרופּע פריינד און געשמועסט געמיטליך, און איבערלייענענדיג די ברכה, האָט ער באַמערקט: „גאַנץ גוט, אָבער צו לעבלעך, עס פעהלט דער ציוניסטישער טראַפּ".

רופט זיך אָן דער ראַבינער: „פאַרגעסט ניט, הער וואָלפסאָן, אַז די באַגריסונג איז ניט אין מיין נאָמען, נאָר אין דעם נאָמען פון דער קהלה, און מיינע בעלי בתים, ווי איהר ווייסט, זיינען ניט קיין ציוניסטען, מוז איך זיך, פאַרשטעהט זיך, היטען ניט צו זאָגען זאַכען מיט וועלכע זיי זיינען ניט מסכים".

האָט וואָלפסאָן געענטפערט: „הערט אַ מעשה. אין פּראַג איז געווען אַ בירגערמייסטער (מעיאָר), אַ גרויסער רשע, אַ שונא ישראל. ער האָט אָנגעטהון די אידען גרויסע צרות. נאָר איינער אַ שניידער, אַ פּראָסטער מענש, איז ביי איהם געווען דוקא אַ חשוב. אַזוי שנעל ווי די שטאָדט איז געוואויר געוואָרען, אַז דער שניידער איז אַ גאַנצער יוצא ונכנס ביי דעם מעיאָר, האָט מען אָנגעהויבען געהן צו איהם ער זאָל זיך משתדל זיין, און אַזוי אַרום איז ער געוואָרען אַ שתדלן — און אַן עושר.

אַז דער שניידער איז געוואָרען אַ גביר, און עולה לגדולה געווען, האָט ער אָנגעהויבען צו לעכצען נאָך אביסעלע כבוד. דאָס איז דאָך נאַטירליך מיט יעדער מענשען, בפרט נאָך מיט אַן אויפגעקומענעם גביר. האָט זיך דעם שניידער פאַרוואָלט צו זיין בעל־תקיעה אין דער פּראַגער שוהל. אַזוי ווי ער האָט געוואוסט, אַז די ראשי הקהל וועלען דאָס ניט דערלאָזען, איז ער אוועק צום מעיאָר און איהם ערקלעהרט די וויכטיגקייט פון תקיעות, און אַז

ער וויל זיין בעל־תקיעה. האָט דער מעיאָר באַלד אַרויסגעגעבן אַ באַפעהל, אַז דער שניידער זאָל זיין בעל־תקיעה.

אין שטאָדט איז געוואָרען אַ רעש: סטייטש, אַזאַ עם־הארץ זאָל זיין בעל־תקיעה, אונמעגליך! די ראשי הקהל זיינען אַוועק צום מעיאָר און איהם ערקלעהרט די וויכטיגקייט פון דער דאָזיגער הייליגער עבודה, און אַז דער שניידער איז אַ פּראָסטער מענש, אַן עם הארץ גמור, איז ער, אַלזאָ, ניט ראוי צו אַזאַ הייליגער עבודה. אָבער דער מעיאָר האָט זיך צעשריען: „איך האָב געגעבן אַ באַפעהל, און באַפעהל איז באַפעהל".

צווישען די פרנסים איז געווען איינער, אַ קלוגער, איז ער געפאַלען אויף אַן המצאה, און ער האָט זיך אָנגערופען: „אדוני, מעיאָר, מיר האָבען אַ יום טוב ראש השנה, און אַכט טעג שפּעטער האָבען מיר דעם הייליגסטען יום טוב אין יאָהר, נעמליך, יום הכפור. וואָלט איך פאָרגעשלאָגען אַז דער שניידער זאָל בלאָזען שופר יום הכפור". איז דאָס געפעלען געוואָרען דעם מעיאָר, און ער האָט מסכים געווען.

ווען דער שניידער איז דערפון געוואויר געוואָרען, איז ער געקומען צולויפען אָהן אָן אָטעם צו דעם מעיאָר: „דו האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט אַז איך וועל בלאָזען ראש השנה, און איצט זאָגען די פרנסים אַז ניט?"

„איז וואָס אַרט דיך, אדרבה, יום הכפור איז דאָך דער הייליגסטער יום טוב, און איך האָב אָפּגעמאַכט מיט די ראשי הקהל אַז דו זאָלסט בלאָזען יום הכפור", האָט דער מעיאָר איהם געענטפערט.

„וואָס רעדסטו, הער מעיאָר, ראש השנה בלאָזט מען הונדערט תקיעות, און יום הכפור בלאָזט מען בלויז איין תקיעה?!" קאָכט זיך דער שניידער.

„שוטה וואָס דו ביסט", צעלאַכט זיך דער מעיאָר, „אַז דו וועסט האַלטען דעם שופר אין דער האַנט, וועסטו קענען בלאָזען וויפיעל דיין הארץ גלוסט!"

דער עולם, וואָס איז געזעסען מיט וואָלפסאָנ'ען, האָט זיך שטאַרק צעלאַכט. דער ראַבינער האָט פאַרשטאַנען דאָס אָנצוהערעניש, און ער האָט ניט נאָר געגעבן אַ ברכה אין נאָמען פון דער אידישער קהלה אין האַמבורג, נאָר ער האָט געהאַלטען אַ וואַרימע ציוניסטישע רעדע — מיט דעם ציוניס־טישען טראָפּ.

אַלזאָ, ווען עס קומט צו ארץ ישראל קען מען ניט זיין לעבלעך. די באַציהונג מוז זיין אַ וואַרימע, אַ הייסע. און ווען די תורה רעדט וועגען ארץ ישראל, רעדט זי מיט וואַרימקייט. אָבער אַ לאַנד מוז האָבען באַשטימטע געזעצען. דאָס האָט אונזער תורה גוט פאַרשטאַנען. זאָגט אונז די היינטיגע סדרה „כי תבוא", אַז דו וועסט אַריינקומען אין דיין לאַנד, זאָלסטו ברענגען ביכורים צום כהן. און באַלד נאָך דער מצוה פון ביכורים, זאָגט אונז די סדרה „ארמי אובד אבי וירד מצרימה". אונטער „ארמי" מיינט מען לבן'ען, און אונטער „אבי" מיינט מען יעקב'ן. איז דאָך די קשיא, וואָס אייגענטליך מיינט עס, ווי אַזוי האָט לבן אומגעבראַכט יעקב'ן? זאָגט דערויף דער „תורת משה" אַ זעהר פיינעם געדאַנק. הערט און האָט הנאה:

ווי באַוואוסט, האָבען יוסף׳ס ברידער פיינט געהאַט יוסף׳ן. די דאָזיגע שנאה האָט געפיהרט צו מכירת יוסף. יוסף איז פאַרקויפט געוואָרען צו פאַרשידענע מענשען, ביז ער איז ענדליך פאַרקויפט געוואָרען קיין מצרים. גענומען האָט זיך דאָס אַלץ דערפון וואָס יעקב האָט ליעב געהאַט יוסף׳ן מעהר פון די אַנדערע קינדער, כאָטש יוסף איז געווען פון די גאָר אינגסטע. און שולדיג אין דעם איז געווען לבן הארמי. ווי אַזוי? אָט הערט: יעקב האָט געאַרבייט זיבען יאָהר פאַר רחל׳ען. איז געגאַנגען לבן און האָט אָפּגע־נאַרט יעקב׳ן און איהם געגעבען לאה׳ן אַנשטאָט רחל׳ען. וואָלט לבן ניט געווען אָפּגענאַרט יעקב׳ן און איהם געגעבען רחל׳ען, וואָלט יוסף געווען געוועזען דער בכור, וואָלטען די איבעריגע קינדער ניט געווען אייפער־זיכטיג אויף יוסף׳ן, און זיי וואָלטען איהם ניט געווען פיינט געהאַט. איז ווען ניט לבן, קען זיין אַז די אידען וואָלטען אינגאַנצען ניט געווען געווען שקלאַפען אין מצרים.

„כי תכלה לעשר... ואמרת... לא אכלתי באוני ממנו... ולא נתתי למת...״ אַז דו ווען עסט ענדיגען אָפּגעבען מעשר פון דיין תבואה... זאָלסטו זאָגען פאַר דעם אויבערשטען... איך האָב ניט געגעסען דערפון אין מיין טרויער צייט... און איך האָב ניט געגעבען דערפון צו טויטע. באַמערקט וועגען דעם דער „דרשות אל עמי״ אַ גוט וואָרט, נעמליך, עס זיינען פאַראַן אַזעלכע אידען וואָס האַלטען פון אידישקייט נאָר ווען זיי זיינען, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, אין טרויער, נאָך אַ מת, למשל: קדיש אידען, יאָהרצייט אידען, הזכרת נשמות אידען. איז וואָרענט די היינטיגע סדרה געגען אַזאַ סאָרט אידישקייט: „ולא נתתי ממנו למת״ — אונזער תורה איז אַ תורת חיים, אַ תורה פאַר לעבעדיגע און ניט פאַר מתים.

די היינטיגע סדרה הייסט אונז נאָך אַמאָל אָפּהיטען אַלע געזעצען, און עס ווערט אונז נאָך אַמאָל צוגעזאָגט, אַז מיר זיינען דער „עם סגולה״. איז וועגען דעם אָפּהיטען די געזעצען פאַראַן אַ מדרש, וואָס מאַכט פאָלגענדע אינטערעסאַנטע באַמערקונג: ווען איינער לערענט תורה און איז זי ניט מקיים, איז זיין שטראָף האַרבער פון יענעם׳ס וואָס לערענט אינגאַנצען ניט. דאָס איז אַ משל צו אַ מלך, וואָס האָט אַריינגעזעצט אין זיין גאָרטען צוויי אַגראָ־נאָמען. איינער פון זיי האָט געפלאַנצט בוימער און נאָכדעם האָט ער זיי אונטערגעהאַקט, און דער צווייטער האָט אינגאַנצען ניט געפלאַנצט. אויף וועלכען פון די צוויי איז דער קעניג מעהר אויפגעטראָגען? ניט אויף דעם וואָס האָט געאַרבייט און געשאַפען, און נאָכדעם האָט ער מיט זיינע אייגענע הענט פאַרדאָרבען די שאַפונג?

די היינטיגע סדרה ענטהאַלט אַ גאַנצען צעטעל פון ברכות און פון קללות. קודם כל ווערט אונז געזאָגט: אויב דו וועסט טהון ווי דער אויבער־שטער הייסט דיר איז „ברוך אתה בעיר וברוך אתה בשדה״. זאָגט דערויף דער „חתם סופר״ ז״ל, אַ טייער וואָרט: סאַי די שטאָדט און סאַי דאָס דאָרף האָט זיך זיינע מעלות. די מעלות פון דער שטאָדט זיינען: וואָס גרעסער די קהלה, אַלץ מעהר זיינען פאַראַן תלמידי חכמים, מעהר תורה און חכמה; די שטאָדט פאַרמאָגט מעהר פאַרשידענע באַקוועמליכקייטען וואָס מאַכען דאָס

לעבען אַביסעל לייכטער. דאָס דאָרף, ווידער, האָט זיך זיינע אייגנאַרטיגע מעלות, נעמליך, דאָס לעבען דאָרט איז פיעל רוהיגער; די לופט איז געשמאַקער; מענשען זיינען פריינדליכער איינער צום אַנדערען. זאָגט די תורה: דו וועסט זיין געבענטשט „בעיר" — מיט די ברכות פון דער שטאָדט, און „בשדה", און מיט די ברכות פון דעם פעלד, פון דעם דאָרף.

און נאָך אַ ברכה: „ברוך אתה בבואך וברוך אתה בצאתך". טייטשען די חז"ל, אַז דער מענש וועט אַוועקגעהן פון דער וועלט אַזוי ווי ער איז געקומען אויף דער וועלט ריין פון זינד. נעמליך, דער „צאתך" וועט זיין אַזוי ווי דער „בואך". און אויף „ברוך אתה בבואך" זאָגט דער מדרש „שיהא ביתך סמוך לבית הכנסת" — אַז דיין הויז זאָל זיין נאָהנט צו דער שוהל. איז וואָס, אייגענטליך, מיינט עס? זאָגט דערויף דער „מגד ירחים": „עס זיינען פאַראַן מענשען וואָס זייער גאַנצע אידישקייט ליגט נאָר אין שוהל. דאָרט, אין שוהל, זיינען זיי פרום, גוטהאַרציג, פריינדליך צו יעדען איינעם; רעדען צו יעדען איינעם מיט אַ שמייכעל; ווייזען אַרויס דרך ארץ פאַר אַ תלמיד חכם און פיהרען זיך אפילו באַשיידען. דאַגעגען ביי זיך אין הויז זיינען זיי גאָר אַנדערע מענשען. פאַר זייער גוטסקייט און פרומקייט זיינען די טירען געשלאָסען. איז אָט דאָס מיינט דער מדרש מיט „שיהא ביתך סמוך לבית הכנסת" — פיהר זיך אין דער היים ווי דו פיהרסט זיך אין שוהל. ווייז אַרויס אין דיין הויז דיין גוטסקייט און פרומקייט מיט מעשים צו פרעמדע, וועלכע קומען צו דיר, פונקט ווי דו ווייזט עס אַרויס מיט ווערטער אין שוהל".

און נאָך דעם צעטעל ברכות וואָס די היינטיגע סדרה זאָגט צו פאַר געהן אין דעם אויבערשטענס דרכים, איז אויך פאַראַן אַ היבש צעטעל קללות, רחמנא לצלן, פאַר נישט אָפּהיטען די תורה. איינע פון די דאָזיגע קללות איז „הגר אשר בקרבך יעלה עליך מעלה מעלה, ואתה תרד מטה מטה" — דער פרעמדער, וואָס וואוינט צווישען דיר, וועט דיך איבערשטייגען העכער און העכער, און דו וועסט אַראָפּנידערען נידעריגער און נידעריגער. ערקלעהרט דאָס דער „תורת משה" אויף אַ גלענצענדען אופן: ווען איינער ווערט פלוצים, איבער נאַכט, אַ גביר, רופט ער ניט אַרויס ביי מענשען די זעלבע אַכטונג און רעספּעקט וואָס מען פיהלט צו איינעם, וואָס האָט זיך דערוואָרבען זיין רייכטום שטופּענווייז. דאַגעגען, אָבער, ווען אַ גביר פאַרלירט פלוצים זיין גאַנץ פאַרמעגען, פיהלען מענשען מיט איהם מיט פיעל מעהר ווי מיט איינעם, וואָס פאַרלירט זיין פאַרמעגען לאַנגזאַם. ווייל צום צווייטענס ירידה געוואוינט מען זיך ביסלעכווייז צו, און ווען ער האָלט שוין אויף אַ גאָר נידעריגען שטאַפּעל, באַטראַכט מען איהם פּשוט ווי אַ געבוירענעם אָרימאַן. און אָט דאָס מיינט די קללה פון דער תוכחה: „הגר אשר בקרבך יעלה עליך מעלה מעלה" — דער פרעמדער, וואָס וואוינט אין דיין מיט, ער וועט ווערען אַ גביר לאַנגזאַם, און דו וועסט האָבען פאַר איהם רעספּעקט. „ואתה", און דו, „תרד מטה מטה", דו וועסט ווערען אַ יורד לאַנגזאַם, און קיינער וועט מיט דיר ניט מיטפיהלען, און ניט האָבען דעם מינדעסטען רעספּעקט פאַר דיר.

און די קללות קומען בלויז „כי לא שמעת בקול ד'" — פאַר ניט הערען און אָפּהיטען וואָס די תורה זאָגט. דאַרף יעדער איינער זעהן, אַז ער

אַליין זאָל אָפּהיטען די מצוות פון דער תורה און ניט יוצא זיין דערמיט וואָס ער „גיט אַכטונג" אַז אַנדערע זאָלען געהען אין דעם אויבערשטענ'ס דרכים.

אין אַ שטאָדט האָט אַמאָל אויסגעבראָכען אַן עפּידעמיע. האָט דער עולם זיך פאַרזאַמעלט אין שוהל און געזאָגט תהלים, און עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז עטליכע חשוב'ע בעלי בתים זאָלען זיך אַרויסלאָזען געוואויר ווערען צי עמיצער פון די איינוואוינער איז ניט באַגאַנגען אַ שוועהרע עבירה, פאַר וועלכער די שטאָדט איז אַזוי שוועהר באַשטראָפט געוואָרען. ווען דער רב האָט דאָס דערהערט האָט ער באַמערקט: „געוויס זיינען מיר מחויב צו גלויבען על פּי התורה אַז עס איז ניטאָ קיין שטראָף אָהן זינד. אָבער זוכען די זינד דאַרף מען ביי זיך אַליין ניט ביי אַנדערע" — „כי לא שמעת..." דו זעה צו־ערשט אפשר האָסטו אַליין ניט געהערט וואָס די תורה זאָגט. איז דאָס טאַקע אַ טייערע עצה, און אונזער וועלטעל וואָלט געווען פיעל באַקוועמער ווען מיר פאָלגען די דאָזיגע עצה.

און צו בעטען דעם רבונו של עולם, דאַרף מען ניט האָבען קיין פאַר־מיטלער. אַן אַלעקסאַנדערער חסיד'ס ווייב איז אַמאָל פּלוצלינג קראַנק גע־וואָרען, איז ער אַוועק אַ פאַרצווייפעלטער צום רבי'ן אַז ער זאָל מתפּלל זיין די פרוי זאָל געזונט ווערען. האָט דער רבי איהם געענטפערט: גלויב מיר ווען עס וואָלט געווען וואָס מענשען גלויבען אַז איך בין בכוח צו היילען אידישע קראַנקע, וואָלט איך אַליין געפאָהרען פון שטאָדט צו שטאָדט זיי צו היילען. דער אמת איז דאָך אָבער ניט אַזוי. דאָס איינציגע וואָס איך קען טהון איז צו זאָגען תהלים. איז אָט האָסטו אַ תהלים'ל און זאָג דו אַליין תהלים.

# נצבים

וווילט איהר וויסען ווי העכט דעמאָקראַטיש אידישקייט און אידענטום זיינען, קענט איהר דאָס אַמבעסטען זעהען פון דער היינטיגער סדרה. אַז די אידישע רעליגיע איז העכט דעמאָקראַטיש, קען מען זעהען פון פיעלע אַנדערע שטעלען אין תנ״ך און אין תלמוד. אָבער די היינטיגע סדרה מאַכט דאָס אויסערגעוועהנליך קלאָהר אין די ערשטע צוויי פסוקים. אָט הויבט זיך אָן די היינטיגע סדרה „נצבים״ מיט „אתם נצבים היום כולכם לפני ה׳ אלקיכם, ראשיכם, שבטיכם, זקניכם ושוטריכם, כל איש ישראל, טפכם, נשיכם, וגרך אשר בקרב מחניך, מחוטב עציך עד שואב מימיך״ — היינט שטעהט איהר אַלע פאַר דעם אויבערשטען, אייערע עלטסטע, די פאָרשטעהער פון די שבטים, אייערע פיהרער, אייערע היטער, יעדער איד, אייערע קינדער, אייערע פרויען, און די פרעמדע, וועלכע געפינען זיך צווישען אייך, די האָלץ־העקער און די וואַסער־שעפּער.

איהר הערט! פון די עלטסטע, די פיהרער, קינד און קייט, ביז צו די וואַסער־טרעגער! זאָגט דערויף דער „כלי יקר״, אַז ביי דעם אויבערשטען זיינען אַלע גלייך. ניטאָ ביי איהם קיין אונטערשיעד צווישען די פיהרער פון פאָלק און די האָלץ־העקער און וואַסער־טרעגער! די אַמעריקאַנער „דעקלע־ריישאָן אָף אינדעפּענדענס״ זאָגט, אַז „אַלע מענשען זיינען באַשאַפען געוואָרען גלייך״. שטאָלצירען די אַמעריקאַנער שטאַרק דערמיט, און מיט רעכט. וואָרום דאָס איז דאָך העכט דעמאָקראַטיש. נו, האָט דאָך אונזער תורה דאָס געזאָגט שוין מיט קנאַפּע פיער טויזענט יאָהר צוריק, ווען די אור־עלטערען פון די היינטיגע אַמעריקאַנער דעמאָקראַטען זיינען נאָך געווען ווילדע באַרבאַ־רען!

איז מילא, די גוים וויסען דאָס ניט, קען מען זיי מוחל זיין. וואָס וויסען זיי פון תנ״ך? (כאָטש צווישען אונז גערעדט קוקען זיי אַריין אין אונזער תנ״ך מעהר ווי מאַנכע אידען). אָבער ווען אַלע אידען וואָלטען דאָס וויסען; וואָלטען די אידישע אַמעריקאַנער בירגער דאָס געוואוסט, איז אַנשטאָט צו שטאָלצירען, אין דעם פּרט, מיט דער אַמעריקאַנער „דעקלעריישאָן אָף אינ־דעפּענדענס״, וואָלטען זיי דאָך שטאָלצירט מיט אונזער תורה, מיט דער אידי־שער רעליגיע, מיט די אידישע עטישע לעהרעס! און פאַרוואָס, מיינט איהר, וויסען זיי דאָס ניט? ווייל אַליין צו לערנען האָבען זיי, ליידער קיין צייט ניט. דער עול פּרנסה, שטענדיג פאַריאָגט, פאַרשקלאַפט. אַמעריקע איז דאָס פרייסטע לאַנד אין דער וועלט, און דאָך איז ניט פאַראַן אַ לאַנד אין דער וועלט, וואו דער מענש איז אַזוי פאַרשקלאַפט ווי אין אַמעריקע. זיינען פאַראַן אין אַמעריקע אידישע אָרגאַניזאַציעס. ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס מכל המינים, רעליגיעזע, פּאָליטישע און סתם אָרגאַניזאַציעס, און אַלע האָבען אין

זייער פּראָגראַם „דזשואיש עדיוקיישאָן", אָבער איין זאַך פעהלט שטענדיג — דער „עדיוקיישאָן" גופא.

עס זיינען פאַראַן אפילו מאַנכע ראַבאַיס וואָס מעהר ווי צו רעדען פון „דזשואיש עדיוקיישאָן", טהוען זיי ניט. די אויפגאַבע פון אַ ראַבאַי, און פון אַ רב געוויס, איז אַז שבת, ווען אין שוהל זיינען שוין יאָ פאַראַן אַ פּאָר מנינים אידען, זאָל ער רעדען פון דער סדרה פון דער וואָך. ער זאָל זיי דערצעהלען וואָס די סדרה זאָגט, און וואָס זאָגען וועגען דעם די חכמי התלמוד, און שפּע־טערדיגע גאונים און רבנים. איז רעדען מאַנכע ראַבאַיס פון אַלץ אין דער וועלט, אפילו פּאָליטישע רעדעס, אָבער פון דער סדרה — אַ וואָרט ניט. מען רעדט וועגען דער לעצטער „מואווי", וועגען דעם לעצטען „בעסט־סעלער", אָבער פון דער סדרה — לא יזכר ולא יפקד — אַ וואָרט ניט.

איז הערט און שטוינט: די היינטיגע סדרה זאָגט אונז, אַז דער אויי־בערשטער האָט אָנגענומען די אידען פאַר זיין פאָלק און אַז ער איז זייער פאָטער. ניט נאָר די אידען וואָס האָבען דאַן געלעבט, נאָר „כי את אשר ישנו פה עמנו עומד היום לפני ה׳ אלוקינו ואת אשר איננו פה עמנו היום" — אַלע אידען, יענע וואָס זיינען דאָ היינט מיט אונז, און יענע וואָס זיינען ניטאָ היינט מיט אונז — נעמליך, אַלע אידען וואָס זיינען געוועזען ביי דעם באַרג סיני, און אַלע וואָס וועלען ערשט געבוירען ווערען אַזוי לאַנג ווי די וועלט וועט שטעהען. מיינט מען דאָך אויך אונז. נו, איז וואָס זשע טהוען מיר? דריי מאָל גאָרניט! לעבען מיר אידיש? פיהרען זיך אונזערע הייזער אידיש? ערציהען מיר אונזערע קינדער אין דעם אידישען וועג? אַ נעכטיגער טאָג! פאַרשטעהט זיך, אַז עס זיינען פאַראַן אויסנאַהמען, אָבער דאָס זיינען דאָך בלויז אויסנאַהמען.

די היינטיגע סדרה זאָגט אונז: „הנסתרות לה׳ אלוקינו, והנגלות לנו ולבנינו". זאָגט דערויף דער „דרשות אל עמי": עס זיינען פאַראַן אידען, וואָס באַהאַלטען זיך מיט זייער אידישקייט, אַז קיינער אַ חוץ דעם אויבער־שטען זאָל עס ניט זעהען. זיי שעהמען זיך דערמיט. אָבער אין אמת׳ן דאַרף זיין „והנגלות לנו ולבנינו" — דאָס פיהרען זיך אין הויז מוז זיין עפענטליך, אַז אויך די קינדער זאָלען דאָס זעהען. טהוען מיר דאָס? ביין! פאַרוואָס? ווייל אַנשטאָט די קינדער זאָלען זיך אָפּלערנען פון אונז, לערנען מיר זיך גאָר אָפּ פון די קינדער. דאָס זונדעלע (אָדער טעכטערעל) געהט דאָך אין „קאָלעדזש", איז מסתמא איז ער קלוגער. איין קלייניגקייט, קאָלעדזש! אַז יעדער פּסוק פון דער תורה פאַרמאָגט אין זיך מעהר חכמה פון צעהן קאָלעדזשעס, דאָס פאַרגעסען מיר, אָדער מיר ווייסען, ליידער, ניט.

אָבער אונזערע קינדער, די קאָלעדזש סטודענטען, זיי האַלטען זיך פאַר גאַנצע „קענער". דער מלבי״ם (ר׳ מאיר לייב בן יחיאל מיכל) ז״ל איז אַמאָל געקומען קיין יעקאַטערינאָסלאַוו, איז די גאַנצע שטאָדט געקומען איהם מקבל פנים זיין. צווישען דעם עולם האָבען זיך אויך געפונען עטליכע משכילים, וואָס זיינען געקומען איהם געבען שלום. דער מלבי״ם האָט זיי, ווי זיין טבע איז געוועזען, אויפגענומען בסבר פנים יפות. ער האָט זיי, אגב, געפרעגט ווער זיי זיינען, האָבען זיי געענטפערט, אַז זיי זיינען די „מַשְׂכִּילִים" פון שטאָדט.

„הייסט עס", האָט זיך אָנגערופען דער מלבי"ם, „אַז איהר זענט „קענער' ?"

האָבען זיי זיך געפיהלט אַביסעל געטראָפען און געענטפערט:

„וואָס הייסט קענער? ווער קען אויף זיך זאָגען אַז ער איז אַ קענער?"

האָט דער מלבי"ם זיי געענטפערט מיט אַ שמייכעל:

„פאַרשטעהט איהר מיך, איהר זענט משכילים, זענט איהר קענער. וואָרום וואָס איך און אַנדערע רעליגיעזע אידען קענען ניט, קענט איהר יאָ. צום ביישפּיל: איך, אַז איך שטעה אויף אין דער פריה און וויל טרינקען אַ גלאָז טעה, קען איך ניט, ווייל איך האָב נאָך ניט אָפּגעגאָסען קיין נעגעל־וואַסער, ניט געזאָגט קיין ברכות השחר. אַז איך טרינק שוין אָפּ טעה, וויל איך עסען, קען איך ניט, ווייל איך האָב נאָך ניט געדאַווענט. און אַז איך האָב שוין געדאַווענט, קען איך נאָך אַלץ ניט עסען, ווייל איך מוז זיך צוערשט וואַשען, מאַכען המוציא. אָבער איהר, משכילים, קענט דאָס וואָס איך און מיין גלייכען קענען ניט".

און די היינטיגע סדרה זאָגט אונז... „ושמעת בקולו... ושב וקבצך מכל העמים"... און אַז דו וועסט זיך אומקעהרען צום אויבערשטען און פאָלגען וואָס ער זאָגט דיר, וועט ער דיך צוריק צוזאַמען נעמען פון די פעלקער צווישען וועלכע ער האָט דיך צעשפּרייט. זאָגט די גמרא „אין משיח בן דוד בא עד שתכלה פרוטה מן הכיס". טייטשט עס דער „ישמח משה" אַזוי: ווען עס וועט אויפהערען פון דעם אידישען האַרץ דאָס פּרט'ישקייט. דאָס הייסט, ווען יעדער איד וועט אויפהערען אין זיך האָבען בלויז זיך אַליין, נאָר ער וועט זיך זאָרגען פאַר דעם כלל, דאַן וועט משיח קומען. איז דאָס אַ גאַר פיינער געדאַנק, און העכסט מאָדערנע. איז אָבער די צרה וואָס יעדער איינער האָט אין זינען בלויז זיך. יעדער איינער וויל ווערען אַ גביר אָדער גלאַט אַ שררה, און דעם כלל פאַרגעסט מען. און אַז יעדער איינער וויל ווערען אַן עלטסטער, אַ פיהרער, טויג ניט. אַ מיניסטער, אַ שונא ישראל, האָט אַמאָל געוואָלט אַ שטאָך געבען ר' יונתן אייבעשיץ ז"ל, האָט ער צו איהם אַ זאָג געטהון: אין אייערע ספרים שטעהט געשריבען, אַז אייערע אור־עלטערען האָבען געריטען אויף אַן אייזעל, איז פאַרוואָס־זשע פאָהרען היינטיגע אידען גאַר אויף פערד?" האָט איהם ר' יונתן ז"ל געענטפערט: „מיר האָבען נעבעך נישט קיין ברירה. פון וואַנען, אדוני פריץ, זאָלען מיר היינט נעמען אייזלען, אַז די אייזלען זיינען געוואָרען מיניסטאָרען".

און אַז מיר וועלען פאָלגען און טהון וואָס די תורה לערענט אונז, איז „ושב ה' אלקיך"... וועט דער אַלמעכטיגער צוזאַמענעמען אַלע אידען. „אם יהיה נדחך בקצה השמים, משם יקבצך ה' אלוקיך ומשם יקחך", אפילו דיינע פאַרשטויסענע וועלען זיך געפינען ביים סוף פון דעם הימעל, אפילו פון דאָרט וועט ער זיי צוזאַמענגעמען, „והביאך... אל הארץ..." און ער וועט דיך אַריינברענגען אין דעם לאַנד פון אונזערע אבות. פרעגען די חכמים און רש"י ז"ל אויף דעם אָרט, פאַרוואָס שטעהט עפּעס „ושב" עס וואָלט דאָך געדאַרפט שטעהן והשיב? (זעהט דברים ל, ג), און זיי ענטפערען, אַז „ושב" מיינט ניט בלויז אַז ער וועט אומקעהרען די אידען קיין ארץ ישראל, נאָר אַז אויך ער, כביכול, אַליין וועט זיך אומקעהרען קיין ארץ ישראל. וואָרום די שכינה איז

דאָך מיט די אידען אין גלות. וואוהין די אידען זיינען פאַרטריבען געוואָרען איז „השכינה עמהם", איז די שכינה מיט זיי. איז דערפאַר שטעהט „ושב" — דער אויבערשטער אַליין וועט זיך אומקעהרען מיט זיין פאָלק ישראל פון דעם גלות אין אונזער אייגען לאַנד אַריין. און נאָך אַ טייטש פאַרוואָס אין פסוק שטעהט „ושב", איז דערפאַר וואָס דער טאָג פון „קבוץ גליות", פון צוזאַמענ־נעמען די אידען פון גלות, איז זעהר גרויס און זעהר שוועהר, שטעהט „ושב" גלייך ווי דער אויבערשטער אַליין וועט דאַרפען נעמען יעדען אידען ביי דער האַנד און איהם אַוועקפיהרען פון זיין אָרט. אַזוי שוועהר וועט זיין די גאולה שלימה.

און פאַר דער גאולה שלימה וועט דאָך קומען משיח אָנזאָגען די גוטע בשורה. איז ר' אייזל חריף ז"ל אַמאָל געפאָהרען מיט אַ בעל עגלה. ווי דער שטייגער איז געווען, האָט ער זיך גוט אָנגעליטען אויף דער רייזע. איז געקומען באַרג אַרויף, האָט דער בעל עגלה איהם געהייסען אַראָפּגעהן פון וואָגען און אַרויפגעהן דעם באַרג צופוס, ווייל עס איז צו שוועהר פאַר די פערד, צער בעלי חיים. איז געקומען באַרג אַראָפּ, האָט ער געהייסען דעם רב אַראָפּ געהן, ווייל עס איז אַ סכנה, די פערד קענען זיך נאָך „צעפּאַלאָשען". דערצו נאָך האָט דער בעל עגלה געוואָלט אַרויסווייזען לומדות, טהוט ער אַ פרעג: „רבי, צו וואָס אייגענטליך דאַרף מען האָבען צוויי משיח'ן, אַ משיח בן־יוסף און אַ משיח בן דוד, איינער איז ניט גענוג?" האָט איהם ר' אייזל געענטפערט: „ניין, איינער וועט אונז דאַרפען אויסלייזען פון דעם גלות, און דער צווייטער פון בעלי (ע)גלות ,באַלעגאָלעס'".

און די היינטיגע סדרה זאָגט אונז צו, אַז אויב מיר וועלען זיין גוט און פרום און אָפּהיטען די תורה, וועט דער אויבערשטער אונז אַריינפיהרען אין דעם לאַנד פון אונזערע אבות, און עס וועט אונז געהן גוט, און ער וועט אונז שטאַרק פאַרמעהרען. איז איבעראַל וואו עס רעדט זיך אין דער תורה וועגען ארץ ישראל, איז דאָ דערביי אַ תנאי. דער אויבערשטער וועט אונז אויסלייזען און אַריינפיהרען קיין ארץ ישראל אויב מיר וועלען אָפּהיטען די תורה. עס וועט אונז געהן גוט אין ישראל, אויב מיר וועלען אָפּהיטען די תורה. מיר וועלען זיך דאָרט מעהרען, ווערען שטאַרק, ניט מורא האָבען פאַר שונאים, אויב מיר וועלען אָפּהיטען די תורה. דוכט זיך, אַז פשוט געשעפטסמעסיג, לוינט זיך אָפּצוהיטען די תורה. פאַר עטליכע מצוות אַזאַ גרויסען לוין! זיינען מיר דאָך אָבער אַן עם קשה עורף, אַן איינגעשפּאַרט פאָלק, און דערצו נאָך ליידען מיר אַביסעלע פון דער מכה „להכעיס". דו ווילסט אַזוי, וועל איך דוקא טהון פאַרקעהרט. איז טאַקע אונזער גאַנצער גלות־לעבען פאַרקעהרט.

אָט, למשל, האָבען די פעלקער פון דער וועלט אונז באַוויליגט אַ ווינקעלע אין אונזער אייגען לאַנד. זאָל זיין דערווייל אַ ווינקעלע. „גאָרנישט" קען ניט ווערען גרעסער, אָבער אַ ווינקעלע קען מען שוין פאַרגרעסערען. האָבען אידען געמיינט, אַז די צדיקים וגאוני הדור וועלען שטעהן בראש פון דעם „ווינקעל". איז דאָס אָבער ניט אַזוי. אמת, אונזערע פיהרער, דער פרעזידענט, די מיניסטאָרען, זיינען ניט גלאַט אַבי ווער. שוין דאָס אַליין וואָס זיי האָבען אַוועקגעגעבען זייער גאַנץ לעבען און געאַרבייט פאַר „ישראל"

איז אַן אָנגעהויער גרויסע מצוה. האָט דאָך דער אויבערשטער אַליין געזאָגט: „הארץ חביבה עלי וישראל חביבים עלי, אכניס את ישראל שהם חביבים עלי לארץ שחביבה עלי" — דאָס לאַנד ישראל און דאָס פאָלק ישראל זיינען מיר באַליבט, וועל איך אַריינברענגען מיין באַליבט פאָלק אין מיין באַליבט לאַנד. „כל הדר בארץ ישראל דומה כמי שיש לו אלוקי" — ווער עס וואוינט אין ארץ ישראל איז גלייך ווי ער האָט אַ אויבערשטען. „כל הדר בארץ ישראל שרוי בלא עון" — ווער עס וואוינט אין ארץ ישראל, רוהט אָהן זינד. „מוטב ללין במדבריות של ארץ ישראל ולא ללין בפלטריות של חוץ לארץ" — בעסער צו נעכטיגען אין די וויסטעגישען פון ארץ ישראל איידער אין די פּאַלאַצען פון חוץ לארץ. „ישיבת ארץ ישראל שקולה כנגד כל המצוות שבתורה" — וואוינען אין ארץ ישראל איז גלייך ווי אַלע מצוות פון דער תורה. „אפילו מי שיש לו זכות אבות אינה עומדת לו בשעה שיצא מארץ לחוצה לארץ" — אפילו דער וואָס האָט זכות אבות וועט עס איהם ניט ביישטעהן, אויב ער פאַרלאָזט ישראל. דער אויבערשטער האָט געזאָגט: חביבה עלי כת קטנה בארץ ישראל מסנהדרין גדולה שבחוץ לארץ" — מיר איז ליבער אַ קליינע גרופּע אין ישראל איידער אַ גרויסער סנהדרין אין חוץ לארץ". „אתה מבקש לראות את השכינה בעולם הזה, עסוק בתורה בארץ ישראל" — ווילסטו זעהען די שכינה אויף דער וועלט, לערען תורה אין ישראל. „אוירא דארץ ישראל מחכים" — די לופט פון ארץ ישראל מאַכט קלוג. „עשרה קבים חכמה ירדו לעולם, תשעה נטלה ארץ ישראל ואחד כל העולם כולו" — צעהן מאָס קלוגשאַפט זיינען אַראָפּגענידערט אויף דער וועלט, האָט ישראל גענומען ניין, און די גאַנצע וועלט בלויז איינס. „פירות ארץ ישראל קלים לאכול מפירות של כל הארצות" — די פרוכט פון ארץ ישראל איז לייכטער צו פאַרדייהען פון די פרוכט פון אַלע אַנדערע לענדער. קומט טאַקע אונזערע ציוניסטישע פיהרער אַ גרויסען יישר כוח. אַי, פאַר וואָס זשע האָבען טאַקע פיעלע פון אונזערע גדולים זיך געהאַלטען פון דער ווייטענס פון דער ציוניסטישער באַוועגונג? אָט פאַרוואָס:

ווי באַוואוסט איז דער בריסקער רב, ר' חיים ז"ל, געווען אַ שטאַר־קער געגנער פון ציוניזם. ער האָט געהאַלטען, אַז אידען דאַרפען וואַרטען אויף משיח'ן און ניט דוחק זיין דעם קץ. באַזונדערס איז דעם זעהר־רעליגיע־זען עולם ניט געווען אַנגענעהם וואָס מיט דעם ציוניזם האָבען זיך באַשעפטיגט פיעלע ניט־פרומע. האָט מען איהם אַמאָל געפרעגט: „סטייטש, רבי, אָט די ניט־פרומע זיינען זיך דאָך עוסק אין ישוב ארץ ישראל, בויען דאָס לאַנד, באַזעצען דאָרט אידען, און דאָס איז דאָך אַ געוואַלדיג גרויסע מצוה, איז פאַרוואָס זשע זאָלען די פרומע אָפּשטעהן דערפון?" האָט ר' חיים ז"ל געענט־פערט: „איהר ווייסט דאָך ווי עס פיהרט זיך ביי אַ חופה. ווען מען פיהרט צו דער חופה, לויפען די „ווייסע חברה'ניקעס" בראש. זיי פאַרלויפען דעם וועג אפילו די כלי זמר, און די חתן כלה און די מחותנים קומען שפּעטער".

איז, ווי איהר זעהט, דאַרפען מיר זיך ניט זאָרגען. די גאָר־פרומע וועלען, אם ירצה השם, קומען שפּעטער, וועלען מיר ענדיגען מיט אַ גוט וואָרט פון דעם אָפּטער רבי'ן:

די היינטיגע סדרה זאָגט אונז „לאהבה את ה׳... ולדבקה בו״ — מען דאַרף ליב האָבען דעם אויבערשטען און זיך באַהעפטען אין איהם. צום רבי׳ן ר׳ אברהם העשעל ז״ל איז אַמאָל געקומען אַ ליטווישער למדן, אַ מתנגד, צו זעהן דעם אָפּטער׳ס הנהגה, און אין וואָס עס באַשטעהט זיין גדלות. איז ער אין דער פריה אַריין אין קלויז דאַווענען. זעהט ער ווי דער רבי זיצט פאַרטיפט אין געדאַנקען און רויכערט אַ ליולקע־ציבעק. דער ליטוואַק האָט אָפּגעדאַ־ווענט, געלערענט גמרא, געקוקט אין אַנדערע ספרים, און דער רבי זיצט און רויכערט. געהט ער צו און זאָגט: „רבי, עס איז דאָך שוין נאָך זמן התפלה, פאַרוואָס דאַווענט איהר ניט גלייך מיט אַנדערע?״ האָט דער רבי איהם געענטפערט: „איך וועל דיר זאָגען, דו, אַז דו ביסט אויפגעשטאַנען, האָסטו זיך באַלד געשטעלט דאַווענען, נאָך דעם דאַווענען האָסטו זיך געזעצט לערנען. איז דאָס געוויס זעהר פיין און גוט. וואָס אָבער, זאָל איך טהון, אַז איך בין אויפגעשטאַנען און אָנגעהויבען צו זאָגען „מודה אני לפניך״, האָב איך אַ טראַכט געטהון: אוי וועה, ווער איז דאָס דער „אני״, און ווער איז דער „לפניך״, און אָט אַזוי שטעה איך, און איך קען ווייטער ניט געהען!״...

און מיר וועלען ענדיגען מיט אַן עהנליכען עפּיזאָד, נאָר מיט אַן אַנדער ערקלעהרונג. אַ מתנגד האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי׳ן ר׳ בונים ז״ל, פאַר וואָס ער דאַווענט ניט בהשכמה, אין דער צייט פון דאַווענען, נאָר ער דאַווענט שטענדיג שפּעטער, שוין נאָך דעם ווי אַלע האָבען אָפּגעדאַווענט? האָט דער רבי איהם געענטפערט: עס זיינען פאַראַן ביי דעם מענשען אברים, וואָס אפילו ווען דער מענש איז שוין וואַך, שלאָפען זיי נאָך. היות ווי אַלע אברים זיינען מחויב צו לויבען און דאַנקען השם יתברך, ווי עס שטעהט געשריבען „כל עצמותי תאמרנה ה׳ מי כמוך״, איז דערפאַר דאַרף מען וואַרטען ביז אַלע אברים וועלען אויפשטעהן פון שלאָף. דעריבער דאַווען איך שפּעט, כדי מיינע אברים זאָלען זיין וואַך און קענען זאָגען „ה׳ מי כמוך״.

# וילך

דאָס ערשטע וואָרט פון דער היינטיגער סדרה כאַראַקטעריזירט די איבער פיער טויזענט יאָהר פיזישע געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק. „וילך" — און ער איז געגאַנגען. דער אויבערשטער האָט געזאָגט צו אברהם אבינו, דעם פאָטער פון דעם אידישען פאָלק, „לך לך", געה. און זינט דאַן ביז היינט צו טאָג האַלטען מיר אין איין געהן מיט דעם וואַנדער־שטאָק אין האַנט, און אָפטמאָל מוזען מיר ממש לויפען פון איין לאַנד אין אַנדערען, און מיר האָבען זיך נאָך ניט אָפּגעשטעלט.

אַלזאָ: אברהם אבינו האָט געוואַנדערט. „וילך יצחק", און יצחק אבינו האָט געוואַנדערט. אונזער מוטער רבקה האָט געזאָגט יעקב׳ן „ברח לך", אַנטלויף פון עשו׳ן, און „ויצא יעקב" און יעקב אבינו איז אַוועק פון באר שבע, „וילך חרנה" און ער איז געגאַנגען קיין חרן. נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעקנעכטעוועט ביי לבן הארמי גאַנצע פערצעהן יאָהר, איז „ויברח הוא וכל אשר לו", האָט יעקב ווידער געמוזט אַנטלויפען, ער מיט זיין גאַנץ הויז־געזינד.

יוסף „תועה בשדה". יוסף האָט געוואַנדערט אין פעלד, זוכענדיג זיינע ברידער, און עס האָט איהם פאַרטראָגען אַזש קיין מצרים. עס ברעכט אויס אַ הונגער אין לאַנד כנען, און יעקב מיט זיין גאַנץ הויז־געזינד מוזען וואַנדע־רען קיין מצרים.

משה רבינו איז ערצויגען געוואָרען אין דעם הויף פון דעם קעניג פון מצרים. און ווי נאָר ער איז אונטערגעוואַקסען, איז „ויברח משה מפני פרעה", האָט ער געמוזט אַנטלויפען פון פרעה׳ן, און ער האָט געוואַנדערט קיין מדין. ער וואַנדערט אַרום מיט זיין שווער יתרו׳ס שאָף און רינדער אין דער מדבר, און דער אויבערשטער הייסט איהם נעמען דעם וואַנדער־שטאָק און וואַנדערען קיין מצרים אויסלייזען די פאַרשקלאַפטע אידען.

און ווען די אידען זיינען שוין ענדליך באַפרייט געוואָרען פון דער מצרים׳שער קנעכטשאַפט, איז „ולא נחם אלקים דרך ארץ פלשתים כי קרוב הוא, ויסב אלקים את העם דרך המדבר ים סוף"... האָט דער אויבערשטער זיי ניט געפיהרט דורך דעם וועג פון די פלשתים, ווייל ער איז צו נאָהענט, נאָר ער האָט פאַרקירעוועט דעם וועג דורך דער מדבר, די אידעלעך זאָלען וואַנדערען לענגער. און אַזוי האָבען זיי געהאַלטען אין איין וואַנדערען אין דער מדבר גאַנצע פערציג יאָהר, ביז זיי זיינען קוים אָנגעקומען אין דעם צוגעזאָגטען לאַנד ישראל.

און איידער זיי האָבען נאָך באַוויזען ריכטיג אָפּצואָטעמען, האָט זיך אָנגעהויבען דאָס וואַנדערען אין אשור, אין בבל, איבער אַלע עקען וועלט, איבער אַלע פאַרוואָרפענסטע ווינקעלעך פון דעם ערד קויגעל ביז היינט צו טאָג. ניטאָ אַ לאַנד, אַ שטאָדט, אַ דערפעל אויף דער ערדישער וועלט, וואו עס וואַנדערט ניט אַרום אַ איד מיט דעם וואַנדער־שטאָק אין האַנט. און

דאָך זעהט דעם נס. פיעלע פון די מעכטיגע פעלקער, וואָס האָבען פאַרטריבען די אידען פון ישראל, זיינען שוין לאַנג אויף דער וועלט ניטאָ. זייער עקזיס־טענץ איז פאַרגאַנגענע געשיכטע; זייער קולטור און שפּראַך גלייך ווי ניט געווען. אָבער דער געיאָגטער און געפּלאָגטער „ישראל סבא", איינגעבויגען אין דרייען פון דעם שווערען יאָך פון צרות, שפּרייזט מיט דעם וואַנדער־שטאָק אין האַנט, און האָט דאָך באַוויזען ווידער אַמאָל אַריינצושפּרייזען אין זיין אייגען לאַנד אַריין. זיין קולטור, זיין שפּראַך, לעבען און בליהען. זיין פאָלק ווערט ווידער אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך. איז דאָס ניט איינס פון די גרעסטע נסים ?!

און פאַרוואָס, מיינט איהר, האָבען מיר געקאָנט וואַנדערען טויזענטער יאָהר און מיר זיינען דאָך ניט אונטערגעגאַנגען ? ווייל מיר האָבען ניט געוואַנ־דערט אַליין. מיר האָבען שטענדיג מיטגעהאַט מיט זיך אַ פאַרלעסליכען באַגליי־טער — אונזער תורה! אַט דער דאָזיגער „עץ חיים", דער לעבענס־בוים, ער האָט אונז אויפגעהאַלטען. איז דאָך דער גרעסטער טייל פון אונזער ליטעראַטור און קולטור געשאַפען געוואָרען אויף דעם וואַנדער־וועג. דער תלמוד בבלי איז געשאַפען געוואָרען אין גלות. די גאונים ז״ל האָבען געשאַפען אין גלות. רש״י, דער רמב״ם, די בעלי התוספות, דער רא״ש, דער בעל הטורים, דער ווילנער גאון, זכר כולם לברכה, האָבען געשאַפען אין גלות. דער „נודע ביהודה", דער „שאגת אריה", דער „חתם סופר", דער „עונג יום טוב", דער „לחקרי הלכות" און אומצעהליגע אַנדערע ספרים פון דעם העכסטען פאַרנעם, ווי אויך אונזער רייכע מאָדערנע העברעאישע און אידישע ליטעראַטור, זיינען געשאַפען געוואָרען אויף דעם גלות׳דיגען וואַנדער־וועג.

אפילו אין אונזערע אייגענע דורות, ווען די גדולי הדור האָבען אַחוץ דעם אַרויפגעצוואונגענעם גלות פרייוויליג אויף זיך גענומען אָפּצוריכטען גלות, און אַרומגעוואַנדערט, איז מיט וואָס האָבען זיי זיך באַשעפטיגט ? מיט לערנען תורה!

בעת דער ווילנער גאון ז״ל האָט אָפּגעריכט גלות, איז ער אַמאָל געגאַנגען פון איין שטעדטעל אין אַנדערען. אויף דעם וועג איז אונטערגע־פאָהרען אַ בעל עגלה. זעהענדיג אַ אידען געהן צופוס מיט אַ קלומיק אויף די פּלייצעס, האָט דער בעל עגלה איהם געהייסען זיך אויפזעצען אויף דעם וואָגען. האָט דער גאון זיך אויפגעזעצט, אויסגעטהון דעם אויבער־ראָק, איז געבליבען זיצען אין טלית און אין תפילין, און ער האָט זיך עוסק געווען אין תורה, ווי זיין שטייגער איז געווען. אין מיטען וועג רופט זיך אָן דער בעל עגלה: „פעטער לעבען, מיך שלעפערט שטאַרק, איך וועל זיך אַביסעל צושפּאַרען, איז זייט זשע מוחל, זעצט זיך אויף דער קעלנע און נעמט די בייטש און לייצעס אין האַנט, די פערד זיינען קלאָהר אין דעם וועג ווי אַ פרומער איד אין אשרי, מען דאַרף ניט זיין דערצו קיין גרויסער למדן".

האָט דער גאון זיך אַנידערגעזעצט אויף דער קעלנע, מיט דער בייטש און לייצעס אין דער האַנט. קומענדיג הינטער דער שטאָדט, האָט אַ איד, וואָס האָט אַמאָל געזעהען דעם גאון אין ווילנע, איהם דערקענט, איז ער אַוועק אָהן אַן אָטעם אין מאַרק אַריין, און ער האָט געשריגען מיט קולי קולות: „משיח איז געקומען, משיח איז געקומען!"

איז דאָס גאַנצע שטעדטעל זיך צוזאַמענגעלאָפען : „וואָס איז געשעהען?"
און דער איד סאָפּעט קוים : „משיח פאָהרט אַהער!"

האָט מען געמיינט, אַז ער איז, חלילה, אַראָפּ פון זינען. אָבער ער האָט געהאַלטען אין איין שרייען, און זיך געשוואוירען ביי באָרד און פיאות, אַז ער האָט אַליין געזעהען, ווי עס פאָהרט גלייך אַהער אַ וואָגען, און דער ווילנער גאון אַליין בכבודו ובעצמו זיצט אויף דער קעלנע און איז דער אַנטרייבער. היינט, ווער זשע קען זיין דער מענש, וואָס איז אין וואָגען, אויב ניט משיח? פלוצים, מען גיט אַ קוק, אמת, עס פאָהרט אַ וואָגען, דער גאון זיצט אין טלית און אין תפילין אויף דער קעלנע מיט דער בייטש און לייצעס אין דער האַנט. מען לויפט צו צום וואָגען, און מען גיט אַ קוק אַריין אינווייניג — דער בעל עגלה ליגט און כראָפּעט.

אַט אַזוי האָבען אונזערע גדולים אָפּגעריכט פרייוויליגען גלות, אַ גלות בתוך גלות, מיט דער בייטש און לייצעס אין דער האַנט, אָבער גלייכ־ציטיג אין טלית און אין תפילין און זיך עוסק געווען אין תורה. און אַט דאָס, די תורה, האָט אונז אויפגעהאַלטען אויף אונזער טויזענטער־יאָהרען וואַנדער־וועג.

ווען דער „שאגת אריה" האָט אָפּגעריכט גלות, איז ער אַמאָל אָנגעקומען אין דעסוי, וואו ר' דוד פרענקעל ז"ל, דער „קרבן העדה", איז געווען רב. צו קבלת שבת איז דער „שאגת אריה" געגאַנגען אין שוהל, זיך געשטעלט ביי דער טיר צווישען אַלע קבצנים־אורחים, וואָס האָבען געוואַרט מען זאָל זיי נעמען אויף שבת. ווען דער גבאי האָט איינגעטיילט די אורחים, איז דעם „שאגת אריה" אויסגעקומען צו געהן מיט דעם רב. דער טיש איז געווען גע־גרייט מיט פיינע מאכלים : חלה, וויין, פיש, פלייש. און דער „אורח", וואָס איז נעביך געווען אַ גרויסער אָרימאַן, האָט זיך צוגעכאַפּט צום עסען און האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. דער רב האָט געקוקט אויף דעם מאָדנעם „אורח", אָבער ער האָט גאָרניט געזאָגט. צומאָרגענס, שבת, ווידער דאָס זעלבע. נאָך דעם עסען זיינען זיי געגאַנגען אין שוהל, און דער רב האָט געהאַלטען זיין שבת'דיגע דרשה, אין וועלכער ער האָט אַרויסגעוויזען גרויס חריפות און פיעל בקיאות, ווי דער „קרבן העדה" האָט געקאָנט. געקומען אַהיים, האָט מען זיך געזעצט צו „שלש סעודות". דער „שאגת אריה" עסט מיט אַפּעטיט, און רעדט ניט אַ וואָרט. האָט דער רב זיך שוין ניט געקענט איינהאַלטען, און ער האָט זיך אָנגערופען : „די וועלט זאָגט „כאכילתכם כן תורתכם", לויט אייער עסען, ר' איד, דאַרפט איהר זיין אַ גרויסער למדן". האָט דער „שאגת אריה" אויף איהם אַ קוק געטהון און אָנגעהויבען איבערזאָגען די גאַנצע דרשה וואָס דער רב האָט געהאַלטען, און צום סוף האָט ער אויסגעפיהרט, אַז לויט יענעם און יענעם תוספות פאַלט די גאַנצע דרשה אַוועק. איז דער „קרבן העדה" אויפגעשפרונגען פון התפעלות, און ער האָט אַ זאָג געטהון : „דאָס פּאַסט פאַר דעם שאגת אריה!"

בעת ר' אלימלך און ר' זושע האָבען אָפּגעריכט גלות, זיינען זיי נאָך אַ יאָהר אַרומוואַנדערען אָנגעקומען קיין ליסקע און זיינען אַריין צום רב ר' מענדעלע ז"ל. האָט ער זיי אויפגענומען בסבר פנים יפות, און פאַר זייער אַוועקגעהן האָט ער געגעבען יעדען פון זיי אַ רענדעל. ווען זיי זיינען אַרויס,

האָבען זיי זיך אַ כאַפּ געטהון, אַז ער האָט זיי געגעבען צו רענדלעך, האָבען זיי געטראַכט: „מסתמא אַ טעות“. האָבען זיי זיך אומגעקעהרט, איהם אָפּגעגעבען די רענדלעך, אָבער דער רב האָט צו זיי געזאָגט: „ניין, איך האָב ניט געהאַט קיין טעות, איך האָב אייך געגעבען לויט אייער כבוד. און איך זאָג אייך, ווען איך וואָלט געגאַנגען אַזוי לאַנג אין גלות, וואָלט איך געהאַט אַ שעהנער פּנים...“ זיינען די ברידער־רבי׳ס אַוועק אויף נאָך אַ יאָהר אין גלות.

ווען ר׳ אלימלך און ר׳ זושע ז״ל פלעגען אָפּריכטען גלות, פלעגען זיי אין דער שטאָדט לודמיר איינשטעהן ביי אַ חסיד׳ישען אידען ר׳ אהרן ז״ל. ווען זיי זיינען שוין געווען מפורסם, זיינען זיי אַמאָל געפאָהרען קיין לודמיר אין אַ קאָטש מיט פיער פערד „נאַ־שפּיץ“. ווען דער גביר פון שטאָדט האָט געהערט, אַז די צוויי ברידער־צדיקים פאָהרען, איז ער זיי אַרויסגעפאָהרען אַנטקעגען, און ער האָט זיי געבעטען זיי זאָלען איהם מזכה זיין מיט דער גרויסער מצוה און איינשטעהן ביי איהם, ער וועט זיי אָפּגעבען דאָס גאַנצע הויז און וועט זיי באַזאָרגען מיט אַלעם גוטען. האָבען זיי איהם ניט אָפּגעזאָגט און ניט צוגעזאָגט, נאָר איהם געהייסען צוריקפאָהרען אין שטעדטעל, און זיי וועלען אָנקומען שפּעטער. אָנקומענדיג אין שטאָדט, זיינען זיי פאַרפאָהרען צו ר׳ אהרן׳ען ווי שטענדיג. איז דער גביר געקומען צולויפען מיט אַ טענה: „סטייטש, איך האָב זיך דאָך געריכט און אַלץ צוגעגרייט!...“ האָט איהם איינער פון די ברידער־צדיקים געענטפערט: „פאַרשטעהט איהר, מיר זיינען דאָך די זעלבע מענשען וואָס פריהער, דאַרפען מיר איינשטעהן אויף דער זעלבער אכסניא. ביי אייך זיינען מיר דאָך דאָס מאָל חשוב׳ער, ווייל תמיד פלעגען מיר קומען צופוס, און דאָס מאָל זיינען מיר געקומען אין אַ קאַרעטע מיט פיער פערד, טאָ זאָלען די קאָטש מיט די פערד איינשטעהן ביי אייך.“

וואַנדערען שוין די אידען איבער אַלע גלות׳ן זינט טויזענטער יאָהרען, שוואַכע, מידע, אויסגעמוטשעטע, און פון דעם שטענדיגען וואַנדערען קומט זיי קיין געזונט ניט צו.

אונזערע חכמים ז״ל האָבען שוין באַמערקט, אַז „הדרך גורמת לשלשה דברים, ממעטת פּריה ורביה, וממעטת את הממון, וממעטת את השם“ — וואַנדערען פאַרקלענערט דאָס הויז־געזינד, פאַרמינערט דאָס פאַרמעגען און פאַרקלענערט דעם נאָמען.

די גמרא דערצעהלט: מען האָט אַמאָל גע׳שדכן׳ט אַ יונגענמאַן זיין שוועסטערס טאָכטער (אַ פלימעניצע, ניכטע), האָט ער אַ נדר געטהון אַז ער וועט מיט איהר ניט חתונה האָבען. האָט מען געבראַכט דאָס מיידעל צו ר׳ ישמעאל׳ן אין הויז, מען האָט זי אויסגעפּוצט אין שעהנע קליידער און באַציהרט מיט ציהרונג, און דאַן האָט מען געבראַכט דעם יונגענמאַן. האָט רבי ישמעאל איהם געפרעגט: „זאָג מיר, קינד, ווען דו האָסט אַ נדר געטהון, האָסטו געהאַט אין זינען, אַז מיט אַזאַ מיידעל וועסטו ניט חתונה האָבען?“ האָט דער יונגערמאַן שעמעוודיג געענטפערט: „ניין“. האָט רבי ישמעאל איהם דאַן מתיר געווען דעם נדר, און ער האָט זיך צעוויינט און געזאָגט „בנות ישראל נאות הן אלא שהעניות מנוולתן“ — די אידישע טעכטער זיינען שעהן, נאָר דאָס ביטערע אָרימקייט מאַכט זיי מיאוס. יאָ, אַזוי איז עס, וואַנדערונג פיהרט צו אָרימקייט, און אָרימקייט צו מיאוסקייט.

האָט טאַקע די כסדר׳דיגע וואַנדערונג אונז פיזיש אויסגעמאַטערט, פאַראָרעמט, אָבער גייסטיג זיינען מיר ביז היינט צו טאָג געבליבען דער עם הספר — דאָס פאָלק פון בוך; דאָס פאָלק, וואָס האָט געגעבען דער וועלט אַ תורה, נביאים, תהלים. אפילו דאָס רייכסטע לאַנד אין דער וועלט, אַמעריקע, ווען עס שווערט איין אַ פּרעזידענט, מוז עס אָנקומען צו דעם אָרימען „ישראל׳יק״ נאָך אַ קאַפּיטעל תהלים, וואָס ווערט געזאָגט ביי דער צערעמאָניע. ווען עס קומט צו „גייסט״, צו רוחניות, מוז דער רייכסטער „אַנקעל סעם״ אָנקומען צו דעם וואַנדערענדיגען אָרימען ישראל.

און דאָס איז אַ דאַנק דערפאַר, וואָס די אידען האָבען, זינט זיי זיינען געוואָרען אַ פאָלק, געוואוסט, אַז זיי זיינען אַ געטליך פאָלק, אַן עם סגולה, אַן אויסדערוועהלט פאָלק.

דער רבי ר׳ מנחם מענדיל פון קאָצק ז״ל פלעגט זאָגען, אַז יעדער מענש דאַרף האָבען ביי זיך צוויי קעשענעס, איינע מיט „ואנכי עפר ואפר״ — אַז איך בין ניט מעהר ווי שטויב און אַש, און אַ צווייטע מיט „בשבילי נברא העולם״ — פאַר מיינעטוועגען איז די וועלט באַשאַפען געוואָרען. דער איד אין גלות האָט עס פאַרשטאַנען. ער האָט געוואוסט, אַז אין די אויגען פון די גוים איז ער „עפר ואפר״, שטויב און אַש. מען האָט איהם געטראָטען ווי שטויב. די ברכה, אַז ער זאָל זיין „כעפר הארץ״, איז מקוים געוואָרען דערוויייל אין דעם פרט, וואָס מען טרעט איהם ווי שטויב פון דער ערד. אָבער ער האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסען, אַז „בשבילי נברא העולם״ — אַז די וועלט איז באַשאַפען געוואָרען פאַר זיינעטוועגען און אין זיין זכות. ער האָט שטענדיג געוואוסט, אַז אויך דער „ככוכבי השמים״, אַז ער וועט זיין הויך און בלישטשען ווי די שטערען אין הימעל, אַז אויך די ברכה מוז מקוים ווערען.

און דער „עפר ואפר״ איז געווען פונקט דער זעלבער וויכטיגער פאַקטאָר אין אונזער עקזיסטירען אין גלות אַלס אידען ווי דער „בשבילי נברא העולם״. רבי בונים פשיסכער ז״ל האָט געזאָגט אַ טייער וואָרט וואָס איך דערמאָהן דאָ, כאָטש איך האָב עס שוין דערמאָהנט אין דער סדרה בהעלותך: נעמליך, אַ איד (דער אות י׳), אויב ער איז צו גרויס איז ער אויס „איד״. דאָס איז אַ געוואַלדיגער אמת! ווייניג אידען זיינען געוואָרען אויס אידען, נאָר דערפאַר ווייל זיי זיינען געוואָרען גרויס? האָט דאָך שוין רבי מענדעלע קאָצקער ז״ל באַמערקט אַזוי גלענצענד, אַז אויב אַ מענש געהט אַרום מיט דער שטאָלצער איינרעדעניש, אַז ער איז שוין פאַרטיג, איז ער — אָפּגעקאָכט! האָבען טאַקע פיעלע יחידים פון אחינו בני ישראל געמיינט אַז זיי זיינען שוין פאַרטיג, און זיי זיינען, לײדער, אָפּגעקאָכט געוואָרען. אָבער דאָס פאָלק ישראל אַלס גאַנצע האָט גוט פאַרשטאַנען די וויכטיגקייט פון „עפר ואפר״ און האָט גלייכצייטיג מיט שטאָלץ אין האַרצען געטראָגען דעם „בשבילי נברא העולם״, און איז אַ דאַנק דעם, אַ דאַנק זיין שטאַנדהאַפטיגען בטחון אין דעם אַלמעכטיגען, געבליבען דער „עם ישראל חי״ — אַ לעבעדיג פאָלק, וואָס האָט איבערגעלעבט אַלע זיינע עמלק׳ס, פרעה׳ס, סנחריב׳ס, המן׳ס, היטלערס, ימח שמם.

און מיר זיינען געבליבען אַן „עם ישראל חי״ נאָר אַ דאַנק די אידען, וואָס האָבען מקיים געווען דעם „ובכל נפשך ובכל מאדך״, זיי האָבען געדיענט

דעם בורא עולם מיט זייער גאַנץ האַרץ. אגב אורחא: אויף דעם „ובכל מאדך" זאָגט רש"י ז"ל: בכל ממונך... דבר אחר, בכל מדה ומדה שמודה לו. איז אַמאָל ר' אייזיל סלאָנימער ז"ל געקומען צו אַ גביר, און ער האָט איהם אָנגעבאָטען צו קויפען זיין ספר „מרבה תבונה". דער גביר, זעהענדיג, אַז עס איז אַ דין ספר'ל, וויניג בלעטלעך, האָט ער איהם דערלאַנגט אַ נישטיגע מטבע. ר' אייזיל האָט זיך געפיהלט שטאַרק באַליידיגט, האָט ער אַ זאָג געטהון צום גביר: „דער תנא קמא דרש'ענט „בכל ממונך", דו זאָלסט זיך ניט רעכענען מיט קיין געלט. „דבר אחר", אַ צווייטער טייטש זאָגט „בכל מדה ומדה", אַז מען דאַרף קוקען אויף דער גרויס און אויף דער וואָג... איז וויזט אויס, אַז איהר האָלט מיט דער שיטה פון „דבר אחר"...

די היינטיגע סדרה זאָגט אונז „הקהל את העם", זאַמעל צונויף דאָס פאָלק אין דעם שמיטה־יאָהר. זאָגט דערויף דער „כלי יקר" אַ פיינעם געדאַנק: דאָס שמיטה־יאָהר איז זעהר גינסטיג פאַר שלום און אחדות, וויל די שאַרפע געגענזאַצען פון אָרים און רייך ווערען דאַן אין אַ געוויסער מאָס אָפּגעשוואַכט. אין דעם שמיטה־יאָהר זיינען אַלע גלייך. קיינער איז דאַן ניט קיין בעל הבית איבער זיין פעלד און תבואה. איז דעריבער דאַן די בעסטע צייט פאַר „הקהל את העם" — די גינסטיגסטע צייט צוזאַמענצורופען דאָס פאָלק. אַ פערזאַמלונג קען דערגרייכען וואונשענסווערטע רעזולטאַטען נאָר דאַן, ווען צווישען די באַטייליגטע הערשט פרידען און איינינקייט.

ווידער זאָגט אונז די היינטיגע סדרה „ועתה כתבו לכם את השירה הזאת". איז וואָס עפּעס „לכם"? זאָגט דערויף דער „ספר הדרשות": מען זעהט אין לעבען, אַז מיט דער מצוה פון שרייבען ספרי־תורה, צו פייערען התחלת און סיום הספר, פאַרנעמען זיך מעהרסטענס די רייכע. דאַגעגען דאָס לערנען תורה און מקיים זיין וואָס אין דער תורה שטעהט געשריבען, לאָזען זיי איבער פאַר די אָרימעלייט, פאַר אָרימע אידישע קינדער, אָרימע ישיבה־בחורים, בעת זייערע אייגענע קינדער לערנען זיי „וועלטליכע" לימודים. זאָגט דער פסוק צו אָט אַזעלכע גבירים „ועתה כתבו לכם"... שרייבט די דאָזיגע תורה ניט בלויז פאַר אַנדערע, פאַר די אָרימע, נאָר „לכם", אויך פאַר אייך און פאַר אייערע אייגענע קינדער.

און „והיה כי תמצאן אותו רעות רבות וצרות", זאָגט דערויף דער דובנער מגיד ז"ל: ווען עס קומט פאַרנאַכט און דער פרוכט הענדלער, וואָס שטעהט אין מאַרק מיט קוישלעך פרוכט, האָט שוין אויספאַרקויפט זיין סחורה, און עס איז איהם איבערגעבליבען בלויז רעשטלעך, און ער איילט זיך צו געהען אַהיים, וואַרפט ער זיי צוזאַמען אין איין קויש, און ער פאַרקויפט זיי פאַר האַלב־אומזיסט, כדי וואָס שנעלער פון זיי פטור צו ווערען. איז אַז דו ועסט זעהען, אַז עס הויבט זיך אָן שיטען אַ געמיש פון „רעות רבות וצרות", פון מאָדנע, פאַרשידענע מינים צרות, איז אַ סימן, אַז מען האָלט שוין ביי די רעשטלעך, אַז עס איז שוין דער סאַמע סוף פון „עקבתא דמשיחא", אַז מען איילט זיך שוין צו געהן אַהיים...

און אַזוי ווי דאָס איז זעהר גוט צוגעפּאַסט צו אונזער צייט, איז לאָמיר האָפען, אַז מיר האַלטען שוין ביים געהן אַהיים אין אונזער אייגען לאַנד ישראל.

# האזינו

היינט וועלען מיר אָנהויבען מיט אַ מעשה שהיה, דעם זין דערפון וועלען מיר זעהען שפּעטער. בעת ר׳ חיים צאַנזער ז״ל איז געווען אַ יונגער־מאַן, ניט לאַנג נאָך זיין חתונה, איז געקומען צו איהם איינער, וואָס האָט, פאַר קיין מענשען געדאַכט, ניט געהאַט קיין קינדער און געגעבען דעם רבי׳ן אַ קוויטעל, ער זאָל איהם אָנווינשען, און וויפיעל דער רבי וועט זיך הייסען באַצאָהלען, וועט ער באַצאָהלען. גראָד איז דערביי געזעסען די יונגע רביצין, האָט דער רבי זיך געהייסען געבען הונדערט רייניש. איז דער איד באַלד אַוועקגעלאָפען אַהיים און געבראַכט דאָס געלט, אָבער דער רבי האָט עס ניט געוואָלט נעמען. „סטייטש, פאַרוואָס וויל דער רבי ניט נעמען? דער רבי האָט דאָך געזאָגט הונדערט רייניש!״ האָט דער רבי איהם געענטפערט:

איך וועל דיר דערצעהלען אַ מעשה: „ווי באַוואוסט, האָט דאָך שלמה המלך געקאָנט די שפּראַכען פון אַלע חיות, בהמות און פויגעל און פון אַלע אַנדערע לעבעדיגע באַשעפעניש׳ען. ויהי היום, איז ער געשטאַנען אויף דעם דאַך פון זיין קעניגליכען פּאַלאַץ און געהערט ווי צוויי פויגעלעך שמועסען צווישען זיך, און איין פויגעלע זאָגט צום צווייטען: ,דו זעהסט אָט דעם דאָזיגען ריזיגען פּאַלאַץ וואָס שלמה המלך האָט געבויט? ווען איך זאָל וועלען קעהר איך איבער דעם גאַנצען פּאַלאַץ מיט איין פיסעל!׳ האָט שלמה המלך אַ שמייכעל געטהון, צוגערופען דאָס פויגעלע און עס געפרעגט: ,ווי פּאַלט דיר איין צו זאָגען אַזאַ זאַך? דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז דו קענסט עס ניט טהון?׳ האָט דאָס פויגעלע זיך פאַרבויגען און געענטפערט: ,אדוני קעניג, דאָס אַנדערע פויגעלע איז מיין פאַר, האָב איך זיך געוואָלט פאַר איהר אויספיינען׳״.

„פאַרשטעהסטו מיך״, האָט דער רבי אויסגעפיהרט״, איך האָב דיך גע־בעטען הונדערט רייניש, ווייל די רביצין איז געזעסען דערביי, האָב איך איהר געוואָלט ווייזען, אַז איך קען פאַרדינען הונדערט רייניש אין איין רגע, אָבער דאָס געלט וועל איך ביי דיר ניט נעמען״.

לעבען מיר אין אַ צייט, וואָס פיעלע פון אונז ווילען ניט בלויז זיך „אויספיינען״ פאַר דעם אַנדערען, נאָר זיי באַמיהען זיך טאַקע דורך טהאַטען צו באַווייזען אַנדערע, אַז זיי פאַרדינען מעהר, אַז זיי זיינען רייכער, לעבען שעהנער, און אַזוי ווייטער.

אין דער אמת׳ן זיינען פאַראַן צוויי סאָרטען לעבען, אַ „גליקליך״ לעבען און אַ „גלענצענד״ לעבען. אַ גליקליך לעבען פיהרט דער יעניגער, וואָס איז אַ „שמח בחלקו״, ער איז צופרידען מיט וואָס ער פאַרדינט. ער וויל זיך ניט „אויספיינען״ פאַר דעם צווייטען. ער לעבט לויט זיין איינקונפט. איז דירה־געלט באַצאָהלט ער אין צייט. ער האָט ניט קיין צו קאָסטבאַרע מעבעל, אָבער דערפאַר איז עס אָפּגעצאָהלט, עס איז זיין אייגענס. די פרוי טראָגט ניט קיין

קאָסטבאַרען „מינק" פעלץ, דערפאַר אָבער איז דער מלבוש, וואָס זי טראָגט, אַ באַצאָהלטער, אַן אייגענער. אַזעלכע מענשען קוקען ניט אויף די רייכערע פון זיי, נאָר אויף די אָרימערע פון זיי, זיינען זיי צופרידען מיט זייער שיקזאַל. אַזעלכע מענשען פיהרען אַ „גליקליך" לעבען.

דער צווייטער סאָרט לעבען איז שוין אַנדערש. מען וואוינט טאַקע רייך, קאָסטבאַרע מעבעל, מען טראָגט „מינק" פעלצען, אָבער מען איז פאַר־שולדיגט איבער דעם קאָפּ. מען גיט אויס מעהר וויפיעל מען פאַרדינט. מען פאָהרט אויף די רייכסטע „דאַטשעס", מען שטעהט איין אין לוקסוסדיגע האָטעלען, מען האַלט זיך אין איין „אויספּיינען" פאַר דעם צווייטען, אָבער אין אמת'ן באַקומט עס ניט, ווייל דער קאָפּ האַלט אין איין דאַרען „וואו נעמט מען צו דעקען די חובות?" דער דאָזיגער קלאַס מענשען קוקט ניט אויף די אָרימערע פון זיך נאָר אויף די רייכערע, און וויל זיי נאָכטאַנצען, כאָטש זיין איינקונפט ערלויבט עס ניט. אָט דער סאָרט מענשען פיהרט אַ „גלענצענד" לעבען. עס גלאַנצט, אויבען אויף זעהט עס אויס פיין. ביי מענשען אין די אויגען איז ער אַ גביר, אַ סימן, ער לעבט דאָך אַזוי רייך! אָבער ביי איהם אין האַרצען, אין תוך, איז נעביך אַ גרויסער לאָך! אפילו דער ביסען ברויט באַקומט איהם ניט. איז טאַקע אַ „גליקליך" לעבען פיעל בעסער פון אַ „גלענצענד" לעבען. עס איז פיעל בעסער „גליק" אין אייגען האַרץ, איידער „גלאַנץ" אין יענעמס אויגען.

און ווער עס מיינט, אַז אפילו גבירים, טאַקע אמת'ע נגידים, זיינען „גליקליך", האָט ער במחילה אַ גרויסען טעות. ווי קען ער זיין גליקליך, אַז ער איז שטענדיג זאַט, און ווער עס איז זאַט האָט בלויז איין האַרץ. אין דער היינטיגער סדרה „האזינו" שטעהט „וישמן ישורון ויבעט", ישראל איז געוואָרען פעט, עס האָט איהם אָנגעהויבען געהן גוט, „מיט דער פוטער אַרויף", האָט ער אָנגעהויבען צו „בריקעווען". און די גמרא זאָגט: „קודם שאכל אדם וישתה יש לו שתי לבבות, לאחר שאוכל ושותה אין לו אלא לב אחד (בבא בתרא יב, ב) — איידער דער מענש עסט, האָט ער צוויי הערצער, נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעגעסען האָט ער בלויז איין האַרץ. זאָגט דערויף ר' מרדכי באנעט ז"ל אַ גוט וואָרט, נעמליך: ווען אַ מענש איז הונגעריג, פיהלט ער דאָן ניט בלויז זיין האַרץ, נאָר אויך דאָס האַרץ פון דעם אָרימאַן, פון דעם נויטבאַדערפטיגען. אָבער נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעגעסען, דער מאָגען איז זאַט און צופרידען, איז דאַן האָט ער בלויז איין האַרץ. דעם הונגעריגענס האַרץ פיהלט ער שוין ניט מעהר. איז ווי זשע קען ער זיין גליקליך? ליגט דען גליק אין אָנפילען די אייגענע קישקע? גליקליך קען מען זיין נאָר דאַן, ווען מען טהוט עפּעס פאַר דעם ליידענדען מענשען. און אַז מען איז אַליין זאַט, האָט מען אין זינען אַנדערע פאַרגעניגענס פאַר זיך אַליין, און אין דעם צווייטען פאַרגעסט מען.

פאַרשטעהט זיך, אַז עס זיינען פאַראַן אויך גבירים, וואָס האָבען צוויי הערצער, וואָס פיהלען מיט דעם אָרימאַן און האַלטען שטענדיג אין איין העלפען, און פיהרען בכלל אַ אידיש הויז. רבי ישראל סאַלאַנטער ז"ל איז אַמאָל געווען אין פראַנקפורט אַם מאַין, דייטשלאַנד, האָט באַראָן ראָטשילד ע"ה איהם איינגעלאַדען צו זיך אין פּאַלאַץ. ווען דער רבי איז אַוועקגעגאַנגען,

האָט ער אַ זאָג געטהון צום באַראָן: „איהר וועט מיר מוחל זיין, אָבער איך מוז אייך זאָגען, אַז די אויפפיהרונג אין אייער הויז איז נ י ט על פי התורה“. האָט דער באַראָן זיך שטאַרק פאַרוואונדערט, און ער האָט אַ פרעג געטהון: „רבי, פאַרוואָס?“ האָט דער רבי אַ שמייכעל געטהון: „גאָר פשוט, די תורה זאָגט: „וישמן ישורון ויבעט“, אַז ווען אַ איד ווערט רייך, הויבט ער אָן צו בריקעווען און פאַרגעסט אין דעם אויבערשטען. ביי אייך, אָבער, איז פונקט דער היפוך. ניט קוקענדיג דערויף, וואָס איהר זענט אַזוי רייך, פיהרט זיך דאָך ביי אייך אַן אמת אידיש הויז, גאָר אויף דעם אַלטען שטייגער, נו, איז עס דאָך ניט על פי התורה“.

דער באַראָן האָט אַ שמייכעל געטהון, און דער רבי האָט זיך געטראַכט: וואו נעמט מען נאָך אַזעלכע „בריקעווער“.

און וואָס האָבען די יעניגע וואָס פיהרען אַ „גלענצענד“ לעבען? באַקאַנטע מיינען טאַקע, אַז זיי זיינען גבירים, אָבער זיי אַליין ווייסען גאַנץ גוט, אַז זיי זיינען נעביך אָרימעלייט. צו ר' דוד'ל טאַלנער ז"ל איז אַמאָל געקומען אַ חסיד אַ נגיד. איז דער רבי אָפּגעזעסען מיט איהם שטונדען לאַנג ביי זיך אין חדר. נאָכדעם ווי דער גביר איז אַוועקגעגאַנגען, איז אַריין צום רבי'ן אַ חסיד אַן אָרימאַן, און דער רבי האָט איהם אָפּגע'פטר'ט מיט עטליכע ווערטער. האָט עס דעם חסיד אַביסעל פאַרדראָסען, און ער האָט אַ זאָג געטהון צום רבי'ן: „מיט דעם גביר האָט דער רבי פאַרבראַכט עטליכע שטונדען, און מיט מיר בלויז אַ פּאָר מינוט, סטייטש? משוא פנים, חלילה?!“ האָט דער רבי איהם געענטפערט: „שוטה איינער, דו, אַז דו קומסט צו מיר, ווייס איך, אַז דו ביזט אַן אָרימאַן. מיט יענעם אָבער האָב איך באַדאַרפט אָפּזיצען עטליכע שעה ביז איך בין געוואויר געוואָרען, אַז ער איז אַ קבצן ווי דו“.

אָבער, ליידער, לעבען מיר אין אַ וועלט וואָס ביי פיעלע מענשען איז געלט די וועלט, און זיי דינען דעם „עגל הזהב“. ניט דער מענש איז ביי זיי וויכטיג, נאָר דעם מענשען'ס באַנק־ביכעל. דאָס ערשטע וואָס מען פרעגט היינטיגע צייטען איז „וויפיעל איז ער ווערט?“ אָבער וויפיעל דער מענש האָט די ווערט אָהן דעם באַנק־ביכעל, דאָס אינטערעסירט כמעט קיינעם ניט.

אַ גרויסען גביר האָט עס אַמאָל אָנגעהויבען געהען מיט דער פּוטער אַראָפּ. ער האָט פּאַר קיינעם געדאַכט, אַלץ אָנגעוואוירען. האָבען זיינע „פריינט“, וואָס פלעגען ביי איהם אָפּשלאָגען די טירען, אויפגעהערט צו קומען צו איהם און זיך איינגאַנצען פון איהם דערווייטערט. איז דאָך אָבער דער אַלמעכטיגער אַ „הכל יכול“, האָט זיך דאָס רעדעלע איבערגעדרעהט. עס האָט איהם צוריק אָנגעהויבען געהן מיט דער פּוטער אַרויף, און ער איז געוואָרען נאָך רייכער ווי פריהער. ווען עס איז געקומען יום־טוב, זיינען אַלע „פריינט“, וואָס האָבען זיך אין די שלעכטע צייטען פון איהם דערווייטערט, געגאַנגען איהם יום טוב ביטען. האָט ער געהייסען אַרויפשטעלען די קאַסע אויף דעם טיש. ווען דער עולם איז אַריינגעקומען און האָט דאָס דערזעהען, האָבען זיי זיך שטאַרק גע'חידוש'ט. האָט דער גביר אַ שמייכעל געטהון: „איהר זענט דאָך געקומען ביטען גוט יום טוב מיין געלט, ניט מיר, איז אָט האָט איהר די קאַסע“.

און אַזוי איז שוין די טבע פון מענשען. אויב מען איז אַליין ניט קיין גביר, שטאָלצירט מען כאָטש מיט דעם וואָס מען האָט אַ קרוב אַ גביר. דעם „חתם סופר׳ס" ז״ל שמש האָט געהאַט אַ רייכען פעטער. פלעגט דער שמש זעהר שטאָלצירען דערמיט וואָס ער איז אַ שמש ביי דעם „חתם סופר", און מיט דעם וואָס זיין פעטער איז אַ רייכער באַנקיר. האָט דער „חתם סופר" אַמאָל אַ זאָג געטהון צו איהם: „בשלמא, ווען דו וואָלסט געקענט לערנען ווי איך און געהאַט געלט וויפיעל דיין פעטער האָט, וואָלסטו געהאַט מיט וואָס זיך איבערצונעמען. אָבער אַז לערנען קענסטו וויפיעל דיין פעטער, און געלט האָסטו וויפיעל איך האָב, היינט וואָס זשע איז דער יחוס מיט דיר?"

מען מוז טאַקע צוגעבען, אַז יחוס, און בפרט יחוס עצמו, איז אַ גאַנץ פיינע זאַך. אָבער אַמאָל מאַכט עס גאָר קאַליע. די היינטיגע סדרה זאָגט: „שחת לו לא בניו מומם". טייטשט דער „כלי יקר" אַזוי: בניו — מומם. אַט דער יחוס און די שטאָלצקייט פון די אידען, אַז זיי זיינען „בנים" צום אויבערשטען, אַז זיי זיינען דעם בורא העולם׳ס קינדער, מומם — האָט דאָס מאַכט זיי אָפטמאָל קאַליע, ווייל זיי רעדען זיך איין, אַז אַ קינד איז אַלץ ערלויבט, פאַרט אַ קינד.

אָבער מען מוז אויך צוגעבען, אַז אפילו די פאַרדאַרבענע צווישען אונז האָבען פונדעסטוועגען אויך מעלות. דעם זעלבען פסוק טייטשט רבי יונתן אייבעשיץ ז״ל אַזוי: „שחת לו", ווי פאַרדאַרבען אַ מענש זאָל ניט זיין, איז פונדעסטוועגען „לא בניו", ווייל ער דאַרף ניט, אַז אויך זיינע קינדער זאָלען געהען אין די זעלבע שלעכטע וועגען און זיין אַזוי פאַרדאַרבען ווי ער. אַט דאָס איז אויך אַ מדרגה, וואָרום עס זיינען פאַראַן להכעיס׳ניקעס אויך.

דער פסוק זאָגט: „וירא ה׳ וינאץ מכעס בניו ובנותיו". זאָגט דערויף דער „אמרי שפר": ווען אַ מענש אַליין זינדיגט, קען ער נאָך ווי עס איז אויסגעפונען אַ תירוץ, אַן ענטשולדיגונג. ער קען זיך פאַרענטפערען, אַז מען איז דאָך ניט מעהר ווי אַ שטערבליכער בשר ודם, און ער האָט ניט געקענט גובר זיין דעם יצר הרע. אָבער ווען דער זעלבער מענש פיהרט זיינע אייגענע קינדער אין שלעכטע דרכים, דאָ קען שוין קיין שום ענטשולדיגונג, קיין שום תירוץ, ניט גילטען. אַזאַ איינער טהוט עס פשוט להכעיס.

און להכעיס פיהרט צו צאַנקעריי, צו ברוגז. טייטשט רבי משה פאָלאַק ז״ל דעם זעלבען פסוק אויף פאָלגענדען אופן: „...מכעס בניו ובנותיו — דער אויבערשטער צאָרענט צוליב דעם וואָס אידישע קינדער זיינען צעקריגט, רייסען זיך אָרום און זיינען אין כעס איינער אויף דעם אַנדערען. ווען אידען זיינען ברוגז איינער מיט דעם אַנדערען, איז כביכול אויך מיט זיי ברוגז".

איז אין „כעס זיין" ניט קיין געוואַלדיגע מעלה. ערשטענס, האָט שוין שלמה המלך, דער גרעסטער חכם אין דער וועלט, געזאָגט: „כעס בחיק כסילים ינוח", אַ נאַר ווערט אין כעס, אָבער ניט אַ קלוגער. ווערט איינער אין כעס, איז דאָס אַליין אַ סימן אַז ער איז אַ נאַר. און צווייטענס, כעס פיהרט צו קריגעריי, צו מחלוקת, און דאָס פיהרט זיכער ניט צו קיין גוטס. דאַגעגען, געלאַסענקייט, תמימות, איז אַ געוואַלדיגע מעלה. האָבען טאַקע אונזערע גדולים דאָס פאַרשטאַנען, און זיי זיינען געווען גרויסע סבלנים און

תמימים. און זייער סבלנות האָט מען געקאָנט זעהן אפילו אין די קלענסטע קלייניגקייטען.

אָט, למשל, איז רבי חיים בריסקער ז״ל אַמאָל געגאַנגען פרייטאָג אין מרחץ אַריין. זיינען געזעסען אידען אויף די בענק און זיך „געקאָכט״, אַז דער בעדער איז אַ קאַרגער מענש, ער גיט צעלעכערטע שעפעלאַך... האָט דער רבי אַ שמייכעל געטהון: אדרבא, אַ צעלעכערט שעפעלע האָט פיעלע מעלות. עס געהט אַריין מעהר, עס איז ניט שוועהר צו טראָגען, און מען דאַרף עס ניט איבערקערען ביים אויסגיסען.

ר׳ זלמן׳לע, ר׳ חיים וואָלאָזשינער׳ס ברודער ז״ל, אַ גאון און אַ צדיק תמים, איז אַמאָל געגאַנגען פרייטאָג אין מרחץ, און מען האָט ביי איהם צוגע־גנב׳ט דאָס העמד. האָט ער ניט גערעדט קיין וואָרט, און איז אַהיים געגאַנגען אָהן אַ העמד. קומענדיג אַהיים, פרעגט איהם דאָס ווייב: „וואו איז דאָס העמד?״ ענטפערט ער: „איינער האָט זיך מיט מיר פאַרביטען״. „איז וואו זשע איז יענעמ׳ס העמד?״ — פרעגט די פרוי. „יענער״, האָט ער געענטפערט, „האָט ווייזט אויס, פאַרגעסען זיינס איבערצולאָזען״.

דאַרף מען זיך שטאַרק היטען פון צו ווערען אין כעס. עס טהוט קיינעם ניט קיין גוטס. אויסער דעם לערנען זיך אָפּ קינדער פון די עלטערען די דאָזיגע שלעכטע מידה, און שפּעטער טהוט עס זיי קיין גוטס.

די היינטיגע סדרה זאָגט אונז: „אראה מה אחריתם״, טייטשט דער „פנים יפות״: אויב איהר, דער עלטערער דור, זינדיגט, אויב איהר געהט אין שלעכטע דרכים, אויב איהר זענט כעסנים, קען מען זיך שוין פאָרשטעלען דעם „אחריתם״, וואָס פאַר אַ פנים עס וועלען האָבען די שפּעטערדיגע דורות, ווי אַזוי די קינדער און די אייניקלעך וועלען זיך אויפפיהרען.

און נעמען נעמט זיך דאָס אַלץ דערפון, וואָס מיר זיינען, ווי די היינטיגע סדרה זאָגט: „כי דור תהפוכות המה, הם קנאוני בלא אל״ — מיר זיינען אַ דור וואָס קעהרט אַלץ איבער. דער „קומץ המנחה״ באַמערקט אַזוי גלענצענד, אַז עס נעמט זיך אַלץ דערפון וואָס מען קעהרט איבער דעם „אל״ אויף „לא״ — אַן אמת׳דיג וואָרט. און קוים קעהרט מען איבער, איז מען שוין ניט מקפיד, און מען קעהרט אַלץ איבער. אַזוי, למשל, אַנשטאָט די עלטערען זאָלען ערציהען די קינדער, לערנען גאָר די קינדער די עלטערען דרך ארץ — באַמערקט דער „חתם סופר״. און דער „מנחת עני״ זאָגט אויף דעם „דור תהפוכות״: מען פרעגט איינעם, פאַרוואָס ער קומט ניט אַ גאַנצע וואָך אין שוהל אַריין דאַווענען. ענטפערט ער, אַז ער האָט ליידער ניט קיין צייט, ער איז שטאַרק פאַריאָגט אין געשעפט. קומט מען אָבער אַריין צו דעם זעלבען מענשען נאָך אַ נדבה, מאַכט ער אַ רחמנות־פנים, אַז די צייט איז שלעכט, אַז ער פיהרט היינט ניט קיין מסחרים. קומט מען אַריין צו איהם אין אַ תענית, טרעפט מען איהם עסען. „סטייטש?!״ — פרעגט מען איהם. ענט־פערט ער אַז דער היינטיגער דור איז צו שוואַך צו פאַסטען, ווייל די מענשען זיינען אָפּגעשוואַכט. קומט אָבער בשעת מעשה אַריין אַן אָרימאַן נאָך אַ נדבה, פאַרגעסט ער באַלד, אַז „דער היינטיגער דור איז שוואַך״, און ער בייזערט זיך אויף דעם אָרימאַן, אַז ער איז „ניט קראַנק צו געהען אַרבייטען״.

און פון וואַנען נעמט זיך דאָס, וואָס מיר זיינען אַ „דור תהפוכות״? פון אומוויסענהייט. מיר וויסען ניט די שעהנקייט פון אידישקייט, און מיר ווילען, ליידער, ניט וויסען. און אומוויסענהייט פיהרט ניט צו גוטס. אומוויסענהייט איז פינסטערניש, און אין פינסטערניש קען מען ווייט ניט דערגרייכען. אַז מען לערענט, ווערט דער מוח שאַרפער און די אויגען ליכטיגער. מען זעהט די זעלבע זאַכען אויף גאָר אַן אַנדער אופן. אומוויסענהייט מאַכט דעם מוח אַזוי שטומפּיג, אַז מען פאַרגעסט אפילו דאָס פשוט׳סטע. הערט אַ מעשה: ר׳ אייזל חריף ז״ל איז אַמאָל געווען סנדק אויף אַ ברית, און דער פאָטער פון דעם קינד איז געווען אַ ביז גאָר „פלאַטשיגער״ מענש. ווען עס איז געקומען צו געבען דעם קינד אַ נאָמען, האָט דער פאָטער פאַרגעסען דעם נאָמען, וואָס זיין ווייב האָט איהם אָנגעזאָגט, און ער האָט געוואָלט געהען פרעגען די קימפּעטאָרין. האָט ר׳ אייזל ניט געלאָזט, און ער האָט געהייסען אַ נאָמען געבען דעם קינד אברהם. נאָך דעם ברית איז דער פאָטער אַריין צו דער קימפּעטאָרין און האָט איהר דערצעהלט, אַז ער האָט פאַרגעסען דעם נאָמען און דער רב האָט געהייסען אַ נאָמען געבען דעם קינד אברהם. רופט זי זיך אָן: „איך האָב דאָך דיר טאַקע געהייסען אַ נאָמען געבען דעם קינד אברהם!״ איז ער אַרויס צום עולם און האָט דערצעהלט דעם „מופת״. ווען דער רב איז געוואויר געוואָרען דערפון, האָט ער געזאָגט: „איהר מיינט טאַקע, אַז איך האָב עס געוואוסט דורך רוח הקודש? עס הויבט זיך גאָרניט אָן! גאַנץ פשוט, איך האָב געזעהען, אַז דער בעל ברית איז אַ „תרח״, האָב איך געהייסען רופען דעם זוהן אברהם״.

און אַז „פלאַטשיגקייט״ קאָן פיהרען צו די גרעסטע אַבסורדען, קען מען זעהען פון פאָלגענדער מעשה שהיה: צום ווילנער רב איז אַמאָל געקומען אַ דינסט־מיידעל מיט אַ שאלה: „רבי, וואָס זאָל איך היינט קאָכען וועטשערע?״ און דער רב האָט איהר געענטפערט: „לאָקשען״. האָט דער עולם, וואָס איז דערביי געזעסען, זיך שטאַרק גע׳חידוש׳ט. „וואָס פאַרשטעהט איהר דאָ ניט?״, האָט דער רב זיך אָנגערופען, „דאָס מיידעל האָט מסתמא געפרעגט די בעל־הבית׳טע וואָס זי זאָל קאָכען, האָט זי זיך מסתמא אויף איהר צעבייזערט און געזאָגט: „געה פרעג דעם רב״, און דאָס מיידעל ווייסט ניט קיין חכמות, איז זי געקומען מיך פרעגען״.

ווידער זאָגט אונז די היינטיגע סדרה „ראו עתה כי אני אני הוא ואין אלקים עמדי״. איז צו וואָס עפּעס צוויי מאָל „אני״? ערקלעהרט עס רבי שלמה קלוגער ז״ל אַזוי: ווי באַוואוסט, איז דער שם „הויה״ מרמז אויף רחמים, און „אלקים״ ווייזט אויף מדת הדין. ביי די פאַרשידענע מצוות אין דער תורה, סאַי ביי מצוות עשה, סאַי ביי מצוות לא תעשה, ווערען צוגעגעבען די ווערטער „אני ה׳״. אין דעם ערשטען פאַל מיינט עס „לשלם שכר״. אין דעם צווייטען פאַל מיינט אני ה׳ — נאמן ליפרע. איז דאָך די קשיא: מילא, ביי „לשלם שכר״ פאַרשטעהט מען וואָס עס שטעהט אני ה׳, ווייל דאָס ווייזט דאָך אויף רחמים. אָבער ביי „נאמן ליפרע״, וואָס עס מיינט באַשטראָפען, וואָלט דאָך באַדאַרפט שטעהן „אני אלקים״ וואָס ווייזט אויף דין? נאָר דער תירוץ איז, אַז אפילו ווען דער אויבערשטער ווענדעט אָן דעם מדת הדין,

איז ער אויך פול מיט רחמים צו דעם מענשען, מיינענדיג בלויז זיין טובה, אַ סימן: „ראו עתה", אדרבא, זעהט אַליין „כי אני אני הוא", אַז סאַי ביי די מצוות עשה, נעמליך ביי „לשלם שכר", און סאַי ביי די מצוות לא תעשה, ביי „נאמן ליפרע", ביים באַשטראָפען, שטעהט אַלץ „אני ה'", נעמליך דער שם „הויה", וואָס ווייזט אָן אויף רחמים, „ואין אלקים עמדי", און ניט דער שם „אלקים", וואָס ווייזט אָן אויף דין.

אַלזאָ, ווי איהר זעהט, האָבען מיר אַ באַרמהערציגען פאָטער אין הימעל.

און אַזוי ווי מיר זיינען דאָך „רחמנים בני רחמנים", איז הערט זשע ווי אַזוי גרויסע אידען זיינען מקיים די מצוה פון רחמנות: ר' ברוך איז אַמאָל געקומען צו זיין פאָטער ר' חיים צאַנזער ז"ל, און האָט זיך באַקלאָגט אַז ער דאַרף חתונה מאַכען אַ טאָכטער, און ער האָט ניט אויף חתונה־הוצאות. האָט דער רבי איהם געענטפערט אַז איצט האָט ער גראד ניט קיין געלט. אין אַ פאָר טעג אַרום זיינען אַריינגעקומען צום רבי'ן עטליכע רייכע חסידים, און זיי האָבען איהם איבערגעלאָזט היבשע פּדיונות.

נאָך זייער אַוועקגעהן האָט דער רבי געשיקט רופען אַ געוויסען אָרי־מען חסיד, אַ פאָטער פון עטליכע דערוואַקסענע מיידלאַך, האָט איהם אַוועק־געגעבען דאָס געלט, און געזאָגט: „אָט האָסטו אויף הכנסת כלה".

אין אַ ווײַלע אַרום איז אַריינגעקומען ר' ברוך, אָבער דער רבי האָט איהם גלייך געזאָגט, אַז ער האָט שוין אַוועקגעגעבען דאָס געלט. „סטייטש, טאַטע, מיט וואָס בין איך ערגער פון פרעמדע, איך דאַרף דאָך אויך חתונה מאַכען אַ קינד?" האָט דער רבי איהם געענטפערט: „דו קענסט זיך אָן עצה געבען. צו ווען דו וועסט קומען, וועט מען דיר געבען אויף הכנסת כלה, אָבער יענעם אָרימאַן, נעבעך, וועט קיינער גאָרניט געבען".

# וזאת הברכה

די היינטיגע סדרה „וזאת הברכה", די לעצטע סדרה פון דער תורה, דער־צעהלט צווישען אנדערעס, אין א פאר קורץ־געפאסטע פסוקים, אז משה רבינו איז ארויפגעגאנגען אויף דעם שפיץ פון דעם בארג נבו, דער אויבער־שטער האט איהם געוויזען דאס צוגעזאגטע לאנד, און ער האט צו איהם געזאגט: דאס איז דאס לאנד וואס איך האב געשוואוירען צו אברהם, יצחק און יעקב אז איך וועל עס געבען דעם אידישען פאלק, „הראיתיך בעיניך ושמה לא תעבור" — איך האב עס דיך געמאכט זעהן מיט דיינע אייגענע אויגען, אבער אריינגעהען אהין וועסטו ניט, און משה איז נפטר געווארען.

וועלען מיר היינט רעדען וועגען משה רבינו'ס פטירה. און אזוי ווי, דער „חתן תורה" לייענט שמחת תורה די געשיכטע פון משה'ס פטירה, וועלען מיר צוערשט זאגען עטליכע ווערטער וועגען דעם:

דער מדרש זאגט אז דער טאג האט ניט געוואלט אונטערגעהן סיידען משה וועט אין איהם נפטר ווערען. פאר וואס איז דער טאג געווען אזוי בייז אויף משה'ן? ווערט עס פארענטפערט מיט א משל.

א גביר, א תלמיד חכם, האט געזוכט א למדן פאר זיין טאכטער. איז ער געפאהרען אין פארשידענע ישיבות און געזאגט אז דער בחור וואס וועט פארענטפערן זיינע א קשיא וועט זיין דער גליקליכער, אבער קיין שום בחור האט ניט געקאנט פארענטפערן די קשיא. פלוצים קומט אריין צו איהם אין הויז א ישיבה בחור און זאגט אז ער ווייסט טאקע ניט דעם תירוץ, אבער ער באשטעהט דערויף אז דער גביר זאל איהם זאגען דעם תירוץ, ווייל עס איז דאך תורה, וויל ער וויסען. זעהענדיג אז דער בחור מיינט תורה לשמה, איז ער איהם געפעלען. ער האט איהם גענומען פאר אן איידעם, איהם אוועקגעשיקט ווייטער לערנען, און ער האט איהם געבעטען אז אויף דעם וועג זאל ער באזוכען זיינעם א ברודער. דער ברודער האט זיך זעהר געפרעהט מיט דעם נייעם פלימעניק, און ער האט איהם אוועקגעפיהרט אין דער שטאדט פון דער ישיבה. עטליכע יאהר שפעטער איז דער איידעם אהיים געפאהרען, און אויף דעם וועג האט ער ווידער באזוכט זיין שווער'ס ברודער. האט דער אנקעל צו איהם געזאגט: „איך האב דיך געפיהרט אין ישיבה, און איצט אז דו ביזט געווארען א גאון, וועל איך דיך פיהרען צו דיין שווער".

דער נמשל: דער טאג האט געבראכט משה'ס נשמה אויף דער וועלט. איז אז דער גרויסער עניו איז אזוי גרויס געווארען, האט דער טאג געוואלט אליין צוריקברענגען זיין נשמה צום כסא הכבוד. דער טאג האט ניט געמיינט אז משה מוז היינט נפטר ווערען. ער האט בלויז געוואלט אז ער זאל נפטר ווערען אין דעם זעלבען טאג אין וועלכען ער איז געבוירען געווארען, בעמליך דעם זיבעטען טאג אין אדר. און מען לייענט עס שמחת תורה צו וויזען אז

יעדער איינער זאָל זיך פּרעהען מיט דער תורה לשמה פּונקט ווי משה רבינו האָט זיך געפּרעהט ניט צוליב גרויסקייט נאָר טאַקע לשמה.

זעהר זעלטען טרעפט עס, אַז אַ פאָטער פון אַן אידייע, אַ שאַפער פון אַ באַוועגונג, זאָל זוכה זיין צו זעהן די פאַרווירקליכונג פון דער אידייע אָדער באַוועגונג אין איהר פולען בליה. אין דעם פּרט איז עס אפילו משה רבינו ניט געגאַנגען בעסער.

באַלד נאָכדעם ווי משה רבינו האָט באַפריים דאָס אידישע פאָלק פון דער עגיפטישער קנעכטשאַפט און זיך אָנגעפלאָגט מיט זיי אין דער מדבר גאַנצע פערציג יאָהר, איז דער טאָג פון זיין פּטירה שוין געווען זעהר נאָהענט.

אָבער משה׳ן איז געפאַלען זעהר שוועהר דאָס שיידען זיך פון זיין פאָלק, וואָס ער האָט זיין גאַנץ לעבען געדינט מיט העכסטער טרייקייט און טיעפּ־סטער איבערגעבענקייט. ער האָט בשום אופן ניט געקאָנט שלום מאַכען מיט דעם געדאַנק, אַז ער, זייער באַפרייער, וועט זיי ניט אַריינפיהרען אין דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד ישראל.

און משה האָט זיך טאַקע געוועהרט מיט זיין גאַנצער מאַכט געגען דעם טויט. אמת, דער טויט איז שוין טאַקע צעהן מאָל איבער איהם נגזר געוואָרען, אָבער דער באַשלוס איז נאָך ניט געווען גע׳חתמ׳עט. האָט ער זיך געטראַכט: ישראל האָט אַזוי פיעל מאָל געזינדיגט, און ווי נאָר איך האָב פאַר זיי געבעטען, איז מיין תפלה פאַרנומען געוואָרען, הייזט אַז איך וועל בעטען פאַר זיך אַליין, וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזינדיגט, וועל איך דאָך געוויס געהערט ווערען!

אָבער ווען כביכול האָט געזעהען, אַז משה נעמט די גאַנצע זאַך ניט ערנסט, האָט ער געשוואוירען ביי זיין גרויסען נאָמען, אַז משה וועט ניט אַריינגעהן קיין ארץ ישראל. האָבען די מלאכים זיך אפילו איינגעשטעלט פאַר משה׳ן און פאַר איהם געבעטען, אָבער דער אויבערשטער האָט זיי געענטפערט: „איך האָב עס באַשלאָסען״.

ווען משה האָט דערזעהען, אַז די גזירה טראָגט שוין דעם זיגעל, האָט ער געמאַכט אַ קרייז אַרום זיך און געזאָגט: „איך ריהר זיך ניט פון דאַנען ביז דו ביזט מבטל דיין באַשלוס״. און ער האָט אָנגעטהון אַ זאַק און זיך געקאַטשעט אין אַש. פינף הונדערט און פופצעהן מאָל, ווי די צאָהל פון די אותיות „ואתחנן״, האָט ער געבעטען, אָבער דער אַלמעכטיגער האָט אויסגע־רופען אין אַלע הימלען, אַז מען זאָל ניט פאַרנעמען משה׳ס תפלות.

„בין איך אומזיסט געלאָפען ווי אַ פערד פאַר דיינע קינדער, אַז מיין ענדע זאָל זיין ווערים?!״ שרייט משה אויס, און כביכול ענטפערט איהם, אַז זינט אָדם הראשון האָט נאָך קיין מענש ניט געגאָסען אייביג לעבען. משה בעט זיך, עס זאָל איהם ערלויבט זיין אַריינצוגעהן קיין ארץ ישראל כאָטש אויף צוויי־דריי יאָהר, כדי די אידען זאָלען מקיים זיין דורך איהם די מצוות, אָבער אויך דאָס ווערט איהם ענטזאָגט.

און משה בעט זיך ווייטער: „אָ, האַר! ווען ניט אַלס קעניג, לאָז מיך כאָטש אַריבערגעהן קיין ארץ ישראל אַלס איינפאַכער מענש״. און דער האַר פון דער וועלט ענטפערט איהם: „אין הייליגקייט שטייגט מען און ניט מען

נידערט". טענה'ט אָבער משה: „יוסף'סביינער האָבען יאָ געמעגט אַריבער־געפיהרט ווערען קיין ארץ ישראל, און איך טאָר ניט אַריינגעהן אין לאַנד?" און דער אויבערשטער ענטפערט איהם: „דער, וואָס פאַרשווייגט זיין לאַנד, ווערט ניט באַגראָבען אין זיין לאַנד. ער הערט ווי יתרו'ס טעכטער זאָגען: אַן עגיפּטישער מאַן האָט אונז געהאָלפען פון דער האַנט פון די פּאַסטוכער, און ער שווייגט. אָבער יוסף האָט ניט פאַרשוויגען זיין לאַנד. זיצענדיג אין תפיסה אין מצרים, האָט ער געזאָגט אַז ער איז „מארץ העברים" — פון דעם אידישען לאַנד".

„פאַרוואַנדעל מיך אין אַ פויגעל", בעט זיך משה, „וועל איך אַריבער־פליהען דעם ירדן, אָדער פאַרוואַנדעל מיך אין אַ פיש, וועל איך דורך דעם תהום אַריבער קיין ארץ ישראל, אָדער צעשנייד מיך אויף שטיקער און צעשפּרייט זיי דורך דעם מלאך גבריאל איבער דעם ירדן, און נאָכדעם וועסטו מיך צוריק לעבעדיג מאַכען". אָבער אויך דאָס איז איהם אָפּגעזאָגט געוואָרען.

און נאָכדעם ווי דער אויבערשטער האָט געזאָגט משה'ן, אַז ער שטראָפט איהם דערפאַר, וואָס ער האָט געזינדיגט זעקס מאָל, האָט משה ווייטער געבעטען: „אָ, האַר פון דער וועלט, שטעה אויף פון דיין ריכטער־שטול און זעץ זיך אויף דעם שטול פון חסד און שטראָף מיך פאַר מיינע זינד מיט קערפּערליכע יסורים."

און ווען משה — פאַר וועמען אפילו די מלאכים מיכאל און גבריאל האָבען מורא געהאַט, וועמענס פאָדערונגען כביכול אַליין האָט געמוזט נאָכגעבען, פאַר וועמענס וועגען די גאַנצע וועלט איז באַשאַפען געוואָרען — האָט געזעהען, אַז זיינע תפלות ווערען ניט פאַרנומען, האָט ער זיך געווענדעט צו די הימלען און צו דער ערד, זיי זאָלען פאַר איהם בעטען. זיי האָבען איהם אָבער אָפּגעזאָגט, טענה'ענדיג, אַז אַזוי ווי זייער עקזיסטענץ איז אויך ניט קיין אייביגע, וועלען זיי ליבערשט בעטען פאַר זיך אַליין. האָט זיך משה געווענדעט צו די שטערען און צו די פּלאַנעטען, צו די בערג — אָבער אַלע האָבען איהם אָפּגעזאָגט מיט דער זעלבער טענה, אַז זיי וועלען דאַרפען בעטען פאַר זיך אַליין.

האָט זיך משה אויפגעהויבען, און ער איז אַוועק צום ים. פרעגט איהם דער ים: „ביזטו ניט אַמאָל עמרם'ס זוהן, וואָס האָט מיך געשפּאַלטען מיט זיין שטעקען אויף צוועלף טיילען?" דערמאָנענדיג זיך אין זיינע אַמאָליגע מעשים, האָט משה אויסגעבראָכען אין אַ געוויין, און ער איז אַוועק צום שר הפנים, ער זאָל פאַר איהם בעטען.

„מיין לעהרער משה!" האָט דער שר הפנים צו איהם געזאָגט, „צו וואָס די מיה? איך האָב געהערט פון הינטער דעם פּרגוד, אַז דיין געבעט ווערט ניט פאַרנומען". מיט גרויס געוויין איז משה געפאַלען צו אלעזר'ס פיס, ער זאָל פאַר איהם בעטען. אָבער דער רשע „סמאל" האָט איהם אָנגע־כאַפּט ביים האַלז און האָט ניט געלאָזט.

מיט אַ ביטער געוויין האָט משה זיך געלאָזט געהן צו כלב בן יפונה, צו די פירשטען פון ישראל, צו אַלע האַרען, צו די זיבעציג זקנים, און ענדליך צו דעם גאַנצען פאָלק ישראל, און ער האָט געזאָגט צו זיי: „ווען דער האַר פון דער וועלט האָט אויף איך געצאָרענט פאַר דעם גאָלדענעם קאַלב, האָב

איך זיך פאַר אייך אָנגענומען, ביז די גזירה איז בטל געוואָרען, איצט בעט איהר פאַר מיר". האָט זיך דאָס גאַנצע פאָלק פאַרזאַמעלט פאַר דעם אהל מועד צו בעטען. זיינען אָבער די מלאכי־חבלה אַרונטער און האָבען ניט דערלויבט זיי זאָלען בעטען.

„צו וועמען זאָל איך זיך איצט ווענדען? שרייט משה. און כביכול ענטפערט איהם: „משה, צוויי שבועות האָב איך געשוואוירען, איינע, אַז דו זאָלסט שטאַרבען, די אַנדערע — צו פאַרניכטען ישראל. ביידע שבועות מבטל זיין קאָן איך ניט. ווילסטו לעבען, אַזוי מוז ישראל פאַרניכטעט ווערען". האָט משה געענטפערט: „איידער איינער פון ישראל, זאָל ליבערשט משה און טויזענט זיינס גלייכען אומקומען".

און דער באַשעפער האָט אַ פרעג געטהון משה'ן, פאַרוואָס ער נעמט זיך דעם טויט אַזוי צום האַרצען, האָט ער געענטפערט, אַז ער האָט מורא פאַר די חבלי־מות, און ער האָט געבעטען ער זאָל ניט איבערגעגעבען ווערען צום מלאך המות.

כביכול פאַרשפּרעכט איהם דאָס און זאָגט צו איהם: „דיין צייט איז פאַראיבער, די צייט פון דיין תלמיד יהושע איז געקומען". אָבער משה רופט זיך אָן: „אויב איך מוז שטאַרבען נאָר כדי צו מאַכען פּלאַץ פאַר יהושע'ן, איז לאָז מיך ווערען יהושע'ס תלמיד", און כביכול איז דערמיט איינפאַר־שטאַנען געווען.

איז משה דאַן אַוועק צו יהושע'ן, ער האָט איהם געטראָפען לערנען מיט די אידען. יהושע האָט איהם ניט באַמערקט. ווען דער טייל אידען, וואָס איז געגאַנגען צו משה'ן, ער זאָל מיט זיי לערנען האָבען געהערט, אַז משה איז געגאַנגען צו יהושע'ן, זיינען זיי אויך אַוועק אַהין. ווען זיי האָבען דערזעהען ווי משה שטעהט און יהושע זיצט, האָבען זיי אויסגעשריגען: „וואָס פעהלט דיר עפּעס איין! דו זיצסט און אונזער לעהרער משה שטעהט!"

ווי נאָר יהושע האָט דאָס דערהערט, האָט ער צעריסען זיינע קליידער, געוויינט און געשריגען: „מיין לעהרער! מיין רבי! מיין פאָטער און מיין האַר!"

האָבען די אידען אָנגעהויבען בעטען משה'ן, ער זאָל מיט זיי לערנען תורה, אָבער א בת־קול האָט אויסגערופען: „לערענט תורה פון יהושע'ן!" און משה שרייט אויס: „אָ, האַר פון דער וועלט! ביז איצט האָב איך געבעטען צו לעבען, איצט אָבער גיב איך איבער מיין נשמה דיר".

און משה און יהושע זיינען נאָכדעם אַוועק צום אהל מועד. אַריינקו־מענדיג האָט זיך אַ וואָלקען־זייל אַרונטערגעלאָזט, אַזוי, אַז יהושע איז געבליבען אינעווייניג און משה איין דרויסען. ווען משה האָט דערנאָך געפרעגט יהושע'ן, וואָס די שכינה האָט געזאָגט, האָט ער געענטפערט: „ווען דעם איבערשטענ'ס וואָרט האָט זיך צו דיר ענטפּלעקט, האָב איך אַ סך געוואוסט וואָס ער האָט געזאָגט?" דערויף האָט משה אויסגעשריגען: „בעסער הונדערט מאָל שטאַרבען איידער איין מאָל מקנא זיין".

און אַז משה האָט געזעהען, אַז קיינער קען איהם ניט ראַטעווען פון דעם טויט, האָט ער געבענטשט גאַנץ ישראל, און זיי האָבען זיך געגעגנזייטיג

מוחל געווען, און דער אויבערשטער האָט געזאָגט צום מלאך גבריאל: „ברענג משה׳ס נשמה״.

„ווי קען איך״, ענטפערט גבריאל, „צוזעהן דעם טויט פון דעם, וואָס איז גלייך ווי זעקס הונדערט טויזענט אידען?״

רופט זיך אָן דער הייליגער, געבענטשט איז זיין נאָמען, צו דעם מלאך מיכאל און זאָגט: ברענג משה׳ס נשמה״.

„האַר פון דער וועלט״, ענטפערט ער, „איך בין געווען זיין לעהרער, און ער איז געווען מיין תלמיד, איך קען ניט צוזעהען זיין טויט״.

ווען דער אַלגעגענוואַרטיגער האָט דאָס געהערט, האָט ער געגעבען אַ באַפעהל דעם רשע סמאל, ער זאָל ברענגען משה׳ס נשמה.

האָט דער רשע סמאל זיך באַלד איינגעוויקעלט אין גרויזאַמקייט, און ער איז אַוועק צו משה׳ן. קומענדיג צו משה׳ן, האָט ער איהם געטראָפען זיצען און שרייבען דעם שם המפורש. אַזוי ווי משה האָט דאַן אויסגעזעהן ווי אַ מלאך, האָט דער רשע סמאל זיך פאַר איהם דערשראָקען און אויסגע־שריגען: „אמת, מלאכים קענען ניט נעמען דיין נשמה!״ און דער רשע האָט אָנגעהויבען צו ציטערען ווי אַ געווינעריך.

ווי נאָר משה האָט איהם דערזעהען, האָט ער איהם געפרעגט: „וואָס ווילסטו?״

ענטפערט דער רשע סמאל: „איך וויל דיין נשמה״.
„ווער האָט דיך געשיקט?״ פרעגט משה.
„דער האַר פון דער וועלט״, ענטפערט דער רשע סמאל.
„דו וועסט מיין נשמה ניט נעמען״, זאָגט משה.
„די נשמות פון אַלע מענשען זיינען מיר איבערגעגעבען״, שרייט סמאל.
„איך בין שטאַרקער פון אַלע וועלט־באַוואוינער״, ענטפערט משה.
„אין וואָס אייגענטליך באַשטעהט דיין כוח?״ פרעגט סמאל.
און משה ענטפערט:

„איך בין עמרם׳ס זוהן, בין געבוירען געוואָרען גע׳מל׳ט; איך בין באַלד אַליין געגאַנגען; איך האָב באַלד געקאָנט רעדען; מילך האָב איך ניט געזויגען; צו דריי חדשים האָב איך נביאות געזאָגט; איך האָב מקבל געווען דאָס געזעץ פון פייער־פלאַמען; האָב אַראָפּגענומען די קרוין פון פרעה׳ס קאָפּ; צו אַכציג יאָהר האָב איך געטהון וואונדער אין מצרים; איך האָב באַפרייט זעקס הונדערט טויזענט אידען פון קנעכטשאַפט און זיי אַרויסגע־פיהרט פון מצרים; איך האָב געשפּאַלטען דעם ים; איך האָב געמאַכט ביטער וואַסער זיס; בין געווען אין הימעל; געפיהרט קריג געגען מלאכים און מקבל געווען די תורה פון פייער; איך האָב גערעדט מיט דעם האַר פון דער וועלט פנים אל פנים; האָב געפיהרט קריג מיט העלדען־קעניגע פון דער וועלט; איך האָב באַפוילען די זון און די לבנה צו שטעהן. אַוועק פון דאַנען, דו רשע!״

ווען דער רשע סמאל האָט דאָס דערהערט, איז ער אַוועק צום אַלמעכ־טיגען און האָט איהם געבעטען, ער זאָל איהם מעהר ניט שיקען צו משה׳ן. אָבער כביכול האָט אויף איהם אָנגעשריגען און איהם באַפוילען צו געהן.

ווען משה האָט איהם ווידער דערזעהען, האָט ער איהם דערלאַנגט מיט דעם שטעקען. סמאל איז אַנטלאָפען, אָבער משה האָט איהם נאָכגעיאָגט מיט דעם שם המפורש און איהם בלינד געמאַכט.

און נאָכדעם האָט משה ווייטער געבעטען דעם רבונו של עולם, ער זאָל איהם ניט איבערגעבען צום מלאך המות, און אַ געטליכע שטימע האָט געענטפערט: „האָב ניט קיין מורא, איך אַליין וועל זיך באַשעפטיגען מיט דיין קבורה".

האָט משה זיך געהייליגט. און כביכול אַליין האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון די העכסטע הימלען. דער מלאך מיכאל האָט צוגעגרייט די מטה. דער מלאך גבריאל האָט פאַרשפּרייט דאָס געוואַנט צוקאָפּענס, און זגזגיאל — צו־פוסענס.

און ווען עס איז געקומען די מינוט פון משה'ס פּטירה, האָט כביכול צו איהם געזאָגט: „מאַך צו דיינע אויגען, לייג אַרויף דיינע הענט אויף דיין ברוסט, לייג דיינע פיס איינעם אויף דעם אַנדערען".

האָט משה געפאָלגט און געטהון ווי דער אויבערשטער האָט איהם געהייסען. און דאַן האָט דער אַלמעכטיגער געזאָגט צו משה'ס נשמה: „מיין טאָכטער! געה אַרויס פון זיין קערפּער".

„איך וויס, אַז דו ביזט דער האַר פון דער גאַנצער וועלט", ענטפערט די נשמה, „אָבער איך האָב איהם ליב און וויל פון איהם ניט אַרויס".

„פאַרציה ניט", זאָגט דער בורא עולם, „איך וועל דיך לאָזען אַרויפ־שטייגען אין די אויבערשטע הימלען; איך וועל דיך לאָזען וואוינען אונטער דעם טראָהן פון מיין הערליכקייט, נעבען די כרבים און שרפים".

„האַר פון דער וועלט!" ענטפערט די נשמה, „פון אויבען זיינען אַרונטערגעקומען צוויי מלאכים, עזה און עוזיאל. זיינען די טעכטער פון דער ערד זיי געפעלען געוואָרען, און זיי האָבען פאַרדאָרבען זייער וועג, ביז דו האָסט זיי געלאָזט שוועבען צווישען הימעל און ערד; אָבער עמרם'ס זוהן, באַלד פון דעם טאָג אָן, אין וועלכען דו האָסט זיך צו איהם באַוויזען אין דעם דאָרנבוים, האָט ער ניט פאַרקערט מיט זיין ווייב. איך בעט דיך, לאָז מיך אין משה'ס קערפּער".

אין אָט דער מינוט האָט כביכול אַ קוש געטהון משה'ן, און די נשמה איז אַרויס פון משה'ן, וועלכער האָט זיין גאַנץ לעבען געאָפּפערט פאַר דעם פאָלק ישראל. כביכול אַליין האָט איהם מקבר געוועזן אין דעם קבר, וואָס איז באַשאַפען געוואָרען פרייטאָג פאַרנאַכט, ווען די וועלט איז באַשאַפען געוואָרען. דעם קבר האָט דער אַלמעכטיגער אָוועקגעשטעלט זיך געגענאיבער. ווערים האָבען איבער איהם ניט קיין שליטה, און כביכול אַליין היט אָפּ זיין נשמה אונטער דעם כסא הכבוד.

אַלע און אַלץ האָבען געטרויערט אויף משה'ן. ניט ווייניגער ווי דריי טויזענט הלכות זיינען דאַן פאַרגעסען געוואָרען.

כביכול האָט געוויינט און געזאָגט: ווער וועט זיך אויפהויבען פאַר מיר געגען די שלעכטע? " דער רוח הקודש האָט געזאָגט: „און עס איז ניט אויפגעשטאַנען ביי אידען נאָך אַזאַ נביא ווי משה". די הימלען האָבען געוויינט

און געזאָגט: „פאַרשוואונדען איז דער פרומער פון לאַנד". די ערד האָט געוויינט און געזאָגט: „און קיין גערעכטער איז ניטאָ צווישען די מענשען".

און ווען יהושע האָט געזוכט זיין רבי'ן און איהם ניט געפונען, האָט ער געוויינט און געזאָגט: „העלף, אָ, האַר! ווייל אַהין איז אוועק דער פרומער, די טרייהייט שווינדט אונטער די מענשען־קינדער". די מלאכי השרת האָבען געזאָגט: „די גערעכטיגקייט פון דעם אויבערשטען האָט ער געטהון", און ישראל האָט געזאָגט: „און זיינע משפטים מיט ישראל". אַלע צוזאַמען האָבען געזאָגט: „עס געהט צו פרידען דער, וואָס האָט געוואַנדערט אין גלייכע וועגען. (די גערעכטע) רוהען אויף זייער געלעגער".

אַט אַזוי איז נפטר געוואָרען דער אומשטערבליכער פיהרער משה רבינו, וואָס האָט מקריב געווען זיין גאַנץ לעבען פאַר דעם פאָלק ישראל, באַפרייט דאָס אידישע פאָלק פון דער עגיפטישער קנעכטשאַפט; זיי געגעבען די תורה, און זיי געבראַכט ביז צו די טויערען פון דעם לאַנד ישראל.

און איצט אַ גוט וואָרט פון „הכתב והקבלה": די היינטיגע סדרה זאָגט: „תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב. ויהי בישורון מלך בהתאסף ראשי עם יחד שבטי ישראל". די געזעצען פון יעדער לאַנד זיינען צוגעפאַסט צו דער מלוכה. ווען די הערשענדע אָרדנונג אין אַ לאַנד בייט זיך, ווערען אויך די געזעצען געוויסערמאַס געענדערט.

אָבער ניט אַזוי איז עס מיט תורת משה. „תורה צוה לנו משה, מורשה קהלת יעקב" — די תורה־געזעצען זיינען אַ פעסטע ירושה אויף אַלע צייטען און אַלע דורות. זיי בלייבען אונגעענדערט סאַי ווען „ויהי בישורון מלך", אונטער אַ מאָנאַרכיסטישער אָרדנונג, סאַי „בהתאסף ראשי עם", סאַי אונטער אַ פאַרלאַמענטאַרישער אָרדנונג, און סאַי ווען „יחד שבטי ישראל", אונטער אַ רעפובליקאַנישער אָרדנונג.

און דער „תולדות יעקב יוסף" באַמערקט אַז צוערשט מוז זיין אחדות צווישען די „ראשי עם", צווישען די פיהרער. דאַן קען מען ערוואַרטען דעם „יחד שבטי ישראל", אַז אויך צווישען פאָלק זאָל הערשען אחדות.

חזק, חזק, ונתחזק!

# קריאה ליום א׳ של פסח

ב ו, האָבען מיר ברוך השם דערלעבט צו באַגריסען דעם ליבען „פעטער" פסח. איז ער טאַקע אַ זעהר אַנגעלייגטער גאַסט, אָבער שוין גאַרניט קיין לייכטער. ער איז זעהר איבערקלייבעריש. ער איז שטאַרק מקפיד אויף דעם עסען. קיין חמץ, צום ביישפיל, וויל ער ניט. דערפאַר, אָבער, האָט ער ליב כרעמזלעך. אויסער דעם האָט ער ליב עס זאָל זיין ריין אין אַלע ווינקעלעך. זאָגט מען טאַקע, אַז דער בעסטער יום־טוב איז שבועות. וואָרום סוכות מעג מען עסען וואָס מען וויל, אפילו חמץ, טאָר מען אָבער ניט עסען וואו מען וויל. פסח מעג מען עסען וואו מען וויל, טאָר מען אָבער ניט עסען וואָס מען וויל, דאַגעגען שבועות, מעג מען עסען וואו מען וויל און וואָס מען וויל, אפילו מילכיגס, אַבי כשר.

אָבער מיט דעם אַלעם איז פסח פאָרט אַ גאָר חשוב׳ער גאַסט, ווייל ער איז דער יום טוב פון פרייהייט. ער דערמאָנט אונז, אַז אונזערע אור־עלטערען זיינען געווען קנעכט אין מצרים, און זיי זיינען באַפרייט געוואָרען. נאָך צוויי הונדערט און צעהן יאָהר קנעכטשאַפט האָבען זיי ענדליך באַקומען פרייהייט.

פרייהייט! וואָס פאַר אַ מאַגישע קראַפט עס אַנטהאַלט אין זיך דאָס דאָזיגע וואָרט! וויפיעל טייכען בלוט זיינען שוין פאַרגאָסען געוואָרען, וויפיעל לעבעדער זיינען פאַרוויסט געוואָרען, וויפיעל הונדערטער טויזענטער פאַמיליעס האָבען פאַרלאָזט זייערע היימען, זייער געבורטס־לאַנד, צוליב פרייהייט? איז דען אַמעריקע, דאָס גרעסטע, שטאַרקסטע און רייכסטע לאַנד אין דער וועלט, ניט געוואָרען דאָס וואָס עס איז, נאָר אַ דאַנק דעם דראַנג נאָך פרייהייט? איז דען פאַראַן אונטער דער זון אַ זאַך, וואָס איז מעהר וויכטיג, מעהר ווערטפול פאַר דעם מענשען ווי פרייהייט? פרייהייט איז דער גרעסטער און שאַצבאַרסטער אוצר וואָס סיי אַ יחיד, סיי אַ פאָלק קען פאַרמאָגען. ווייל קיין מענש און קיין פאָלק קען נישט אַנטוויקלען זיינע גייסטיגע פאָטענציעלע כוחות און אייגענשאַפטען, קען ניט באַרייכערען די וועלט־קולטור, קען ניט העלפען מאַכען דאָס לעבען אנגענעהמער און באַקוועמער, אויב עס קען ניט געניסען די אַלע פריווילעגיעס וואָס פרייהייט שטעלט מיט זיך פאָר.

עס איז אַן אונבאַשטרייטבאַרער פאַקט, אַז אַזוי שנעל ווי פרייהייט פאַרשווינדט, פאַרנעמט טיראַניע גלייך איהר פלאַץ. עס איז איינס פון די זאַכען וואָס האָבען ניט קיין מיטעל־וועג. פונקט ווי ליכט און פינסטערניש קענען ניט הערשען גלייכצייטיג צוזאַמען, אַזוי קענען ניט פרייהייט און טיראַניע עקזיסטירען גלייכצייטיג. אַ פאָלק קען זיין אָדער פריי אָדער פאַרשקלאַפט. און ווי טראַגיש עס זאָל ניט קלינגען, מוז מען צוגעבען אַז שקלאַפעריי איז כמעט אַזוי אַלט ווי די וועלט אַליין. אמת, די וועלט איז טאַקע באַשאַפען געוואָרען פאַר אַלעמען גלייך. און יעדער מענש איז באַרעכטיגט פון איהר הנאה צו האָבען און געניסען אַלע גוטע זאַכען מיט וועלכע זי איז

באַשאַנקען. אָבער דאָס איז בלויז אין דער טעאָריע. אין דער פּראַקטיק איז דאָס בילד אַ זעהר טרויעריגס.

לויט אונזערע חכמים ז״ל, האָט שקלאַפעריי שוין עקזיסטירט אין דער צייט פון דעם מבול. אַז שקלאַפעריי האָט עקזיסטירט באַלד נאָך דעם מבול, שטעהט דאָך בפירוש אין דער תורה. ווען נח האָט זיך אויסגעניכטערט פון דעם וויין וואָס ער האָט געטרונקען, און ער האָט דערזעהן וואָס זיין אינג־סטער זוהן, כנען, האָט איהם אָפּגעטהון, האָט ער איהם פאַרשאָלטען: „ארור כנען, עבד עבדים יהיה לאחיו״ — פאַרשאָלטען זאָל זיין כנען, אַ קנעכט זאָל ער זיין צו זיינע ברידער (בראשית ט, כה).

מעגען מיר, באמת, שטאָלץ זיין וואָס דאָס שעהנסטע היסטאָרישע קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון פרייהייט, האָבען די אידען בייגעשטייערט דורך זייער באַפרייען זיך פון דער עגיפּטישער קנעכטשאַפט. מיט עטליכע און דרייסיג הונדערט יאָהר צוריק, איידער די אַנדערע פעלקער האָבען אפילו גע׳חלום׳ט פון באַפרייען זייערע פאַרשקלאַפטע מיטמענשען; איידער מען האָט זיך באַנוצט מיט אַזעלכע וואוילקלינגענדיגע, און גאַרניט־זאָגענדיגע פראַזען ווי „פיער פרייהייטען״, האָט דער „אַלטער ישראל׳ק״ איבערגעריסען די אייזערנע קייטען פון זיין פאַרשקלאַפונג אין מצרים. דאָס פאַרהעלטניס־מעסיג קליין פאָלק האָט שוין מיט עטליכע און דרייסיג יאָהרהונדערט צוריק געוויזען דער וועלט, אַז דאָרט וואו עס איז פאַראַן אַן אמת׳ער ווילען זיך צו באַפרייען פון טיראַניע, מעג דער טיראַן, דער פאַרשקלאַפער, זיין אפילו אַזוי מעכטיג ווי דאָס דאַמאָלסדיגע מצרים, און מעג דאָס פרייהייט־לעכצענדע פאָלק ניט האָבען אפילו קיין פלאַץ וואוהין זיך אַהינצוטהון אויסער אַ וויס־טע ווילדערניש, וועט עס דאָך זיך באַפרייען און אָנהויבען פיהרען זיין אייגען לעבען.

איז אַז עס קומט פסח, דערמאָנט עס אונז ווי מיר זיינען אַמאָל פון קנעכט געוואָרען פרייע מענשען. מיר האָבען נאָך גרויסע מאַטערנישען דאָך געזיעגט. ווייל דער חשק נאָך פרייהייט איז ממש אַ טייל פון דעם אידענ׳ס נשמה, פון זיין גאַנצען וועזען. ווען משה און אהרן זיינען געקומען צו דעם מעכטיגען פרעה און געפאָדערט, אַז ער זאָל באַפרייען דעם פאַרשקלאַפטען ישראל, האָט ער זיי אַרויסגעיאָגט. אָבער ווען די צייט איז געקומען, לייענען מיר דעם ערשטען טאָג פסח אין דער תורה: „ויקם פרעה לילה, הוא וכל עבדיו וכל מצרים... ויקרא למשה ולאהרן לילה...״ איז פרעה אויפגע־שטאַנען אין מיטען דער נאַכט, און ער איז אַרומגעלאָפען זוכען משה׳ן און אהרן׳ען.

דערצעהלט אונז דער מדרש, אַז מיט אַ ביטערען יאָמער זיינען פרעה און אַלע זיינע האַרען און זיין טאָכטער בתיה, וואָס האָט אַרויסגעראַטעוועט משה׳ן פון דעם טייך נילוס, אַרומגעלאָפען אין אַלע גאַסען און פון הויז צו הויז, און זיי האָבען געשריען: „וואו וואוינט ערגעץ משה? וואו וואוינט ערגעץ אהרן?״ האָבען די אידישע קינדערלעך פון איהם חוזק געמאַכט און איהם געפרעגט: „וואוהין געהסטו, פרעה?״ „איך זוך משה׳ן״, האָט ער געענטפערט, און זיי האָבען פון איהם געלאַכט. ווען ער איז ענדליך צוגעקומען צו משה׳ס וואוינונג, האָט ער פון הינטער דער טיר געשריען: „ליבער משה, איך בעט

דיך, טהו תפלה צום בורא פאַר מיר, איך בין פרעה דער דערנידעריגטער, קום צו צום פענצטער און רעד מיט מיר״. איז משה צוגעגאַנגען און האָט געזאָגט: „אויב דו ווילסט געראַטעוועט ווערען, זאָלסטו זאָגען דריי מאָל: קינדער פון ישראל, איהר זענט פריי, ציהט אַרויס פון דאַנען, ביז איצט זענט איהר געווען פרעה׳ס קנעכט, פון איצט אָן זענט איהר אין דעם אויבערשטענ׳ס רשות״.

האָט פרעה געפאָלגט און געשריען: „קומו צאו מתוך עמי גם אתם גם בני ישראל״. אָבער משה האָט געענטפערט: „שוטה וואָס דו ביסט, ביי־נאַכט זאָלען מיר ציהען? זיינען מיר דען גנבים וואָס מיר דאַרפען אַנטלויפען אין מיטען דער נאַכט? אינדערפריה וועלען מיר אַרויסציהען פון דאַנען״. האָט זיך בתיה דאַן געווענדעט צו משה׳ן און צו איהם געזאָגט: „איז דאָס דיין באַלוינונג דערפאַר וואָס איך האָב דיך אויסגעהאָדעוועט?״ אָבער משה האָט איהר געענטפערט: „האָסטו דען געליטען אפילו פון איינער פון די מכות וואָס דער אויבערשטער האָט געבראַכט אויף מצרים? זעהסטו, כאָטש דו ביסט אַן ערשט־געבוירענע פון דיין מוטער׳ס צד, וועסטו דאָך ניצול ווערען. און דו, פרעה, כאָטש דו ביסט אויך אַ בכור פון דיין מוטער׳ס צד, וועסטו אויך ניצול ווערען, כדי דו זאָלסט זעהן דעם אויבערשטענ׳ס שטאַרקע האַנט״.

און ווען עס איז געקומען די צייט, איז דער מעכטיגער פרעה געוואָרען שוואַך ווי אַ לעמעלע, און משה איז געווען שטאַרק ווי אַ לייב. און ניט נאָר זיינען זיי אַליין אַרויס פון מצרים, נאָר „וגם ערב רב עלה אתם״. און אָט דאָ זעהען מיר ווידער אַמאָל דעם אונטערשיעד פון אונז צו די אומות העולם. ווען די אידען זיינען אַרויס פון מצרים איז „וישא העם את בצקו טרם יחמץ, משארותם צ ר ר ת בשמלותם על שכמם״. אַלץ וואָס זיי האָבען מיטגענומען איז אַביסעל מצות אויף די אַקסעל (אַ חוץ די פאַר זאַכען וואָס די מצריים האָבען זיי געליהען). אָבער דער ערב רב האָט מיטגענומען: „צאן ובקר מקנה כבד מאד״ — פיעלע שאָף און רינדער. זאָגט דערויף דער משלי־יעקב אַ פיינעם משל:

איינער האָט באַגעגענט אַ פריינט, וואָס האָט אויסגעקוקט זעהר טרויעריג. פרעגט ער איהם: „וואָס ביסטו עפּעס אַזוי פאַרזאָרגט?״ האָט ער איהם געענטפערט: „מיין זוהן איז שוין עטליכע טעג קראַנק, און ער וויל ניט נעמען אין מויל אַריין״. איז ער אַוועק צום פריינד אין הויז און האָט געפרעגט דעם אינגעלע, פאַרוואָס ער וויל ניט עסען, און דאָס אינגעלע האָט געענטפערט, אַז ער האָט ניט קיין אַפּעטיט. האָט ער אַרויסגענומען זיין גאָלדענעם זייגער און געזאָגט צום קינד: „אויב דו וועסט עסען, וועל איך דיר געבען דעם זייגער״. האָט דאָס אינגעלע מסכים געווען, און ער האָט פיין אָפּגעגעסען. מיט גרויס פרייד איז דער מאַן אַוועק, אויפגעזוכט זיין פריינד, און ער האָט איהם דערצעהלט די גאַנצע מעשה. רופט זיך אָן דער פאָטער פון דעם קינד: „איצט בין איך זיכער, אַז ער איז קראַנק, וואָרום אַ געזונטען דאַרף מען ניט צוצאָהלען ער זאָל עסען, אדרבא ער באַצאָהלט נאָך״. דאָס נעמליכע איז אויך מיט דעם מענשען. ווען די נשמה איז קראַנק, האָט זי ניט קיין אַפּעטיט צו תורה און מצוות, סיידען מען זאָגט איהר צו עולם הבא. אָבער אַ געזונטע נשמה האָט אַפּעטיט צו תורה און מצוות אָהן וועלכען עס איז שכר.

אָט דאָס איז געווען דער אונטערשייד צווישען די אידען און דעם ערב

רב. דער ערב רב איז מיטגעגאַנגען מיט די אידען, ווייל זיי האָבען געהערט פון משה׳ן, אַז דער אויבערשטער וועט ברענגען די אידען אין אַ לאַנד, וואָס איז בעסער פון מצרים, האָבען זיי מיטגענומען זייער פאַרמעגען אין דעם נייעם לאַנד אַריין. אָבער די אידען זיינען געגאַנגען ווייל זיי האָבען געהערט פון משה׳ן, אַז מען וועט זיי געבען אַ תורה און מצוות, זייערע נשמות זיינען געווען געזונט און האָבען געהאַט אַן אַפּעטיט צו תורה, איז זיי די מינוט געווען צו לאַנג, און זיי האָבען אפילו ניט געוואָלט וואַרטען ביז דאָס טייג וועט זויער ווערען, אַבי אַרויס פון דעם טמא לאַנד און זיך נעמען צו דער הייליגער תורה.

ווידער לייענען מיר אין דער היינטיגער קריאה: „ליל שמורים הוא לד׳ להוציאם מארץ מצרים... שמורים לכל בני ישראל לדורותם״ — אַז די ערשטע נאַכט פסח היט כביכול אַליין די אידען. און דערפאַר טאָקע, אגב, לייענט מען ניט די ערשטע נאַכט פסח קיין קריאת שמע. ווייל אַז כביכול אַליין היט, דאַרף מען ניט האָבען קיין מורא פאַר קיינעם. און אָט אויף דעם פסוק זאָגט דער „כלי יקר״ גאָר אַ גוט וואָרט: אין דעם פסוק שטעהט „די נאַכט איז אַ היט־נאַכט צום בורא... אַ היטונג צו די אידען אויף אייביג״, איז דער טייטש אַזוי: דער אויבערשטער האָט געזאָגט צו ישראל: „מיין ליכט איז אין דיין האַנט, און דיין ליכט איז אין מיין האַנט; אַז דו וועסט היטען מיין ליכט, דאָס „נר מצוה״, וועל איך היטען דיין ליכט דאָס „נר ד׳ נשמת אדם״. אין דער נאַכט פון פסח האָבען אידען געהיט די מצוה פון דעם קרבן פסח, האָט דער וואָס לעבט אייביג זיי געהיט און ניט געלאָזט דעם משחית אַריין אין זייערע הייזער.

און מיר לייענען אויך אין דער היינטיגער קריאה „ומושב בני ישראל אשר ישבו במצרים שלשים שנה וארבע מאות שנה״, אַז די אידען זיינען געווען אין מצרים פיער הונדערט און דרייסיג יאָהר. איז אָט די פיער הונדערט און דרייסיג יאָהר רעכענען זיך פון דעם „ברית בין הבתרים״. די פאַרשקלאַפונג גופא איז נגזר געוואָרען אויף פיער הונדערט יאָהר, ווי עס שטעהט בפירוש אין פסוק (בראשית טו, יג), אַז כביכול האָט געזאָגט צו אברהם׳ען „ועבדום וענו אותם ארבע מאות שנה״. אָבער מיר ווייסען דאָך אַז די אידען האָבען געשקלאַפט בלויז צוויי הונדערט און צעהן יאָהר, ווי דער בגימטריא פון דעם וואָרט „רדו״, דאָס הייסט הונדערט און ניינציג יאָהר ווייניגער? ענטפערט דערויף דער מדרש, אַז דער רבונו של עולם האָט אין זיין רחמים צוגערעכענט די נעכט, וואָס די מצריים האָבען געאַרבייט מיט די אידען. און דאָס, זאָגט דער רבי ר׳ העשעל ז״ל, איז די כונה פון דעם בעל התהלים וואָס זאָגט „קץ שם לחשך״ און „קץ״ באַטרעפט הונדערט און ניינציג. דאָס זיינען די הונדערט און ניינציג יאָהר, וואָס זיינען אַראָפּגערעכענט געוואָרען צוליב דעם „חושך״, צוליב די נעכט, אין וועלכע די אידען האָבען געשמאַכט אין זייער פאַרשקלאַפונג.

אַ גאָר געוואַלדיגען פריהייטס־פּרינציפּ, אַ פּרינציפּ פון פולשטענדיגער גלייכבאַרעכטיגונג פאַר אַלע מענשען, שטעקט אין דעם קורצען, אָבער זעהר פיעל־זאָגענדען פסוק „תורה אחת יהיה לאזרח ולגר הגר בתוככם״ — איין געזעץ פאַר אַלע, אפילו פאַר די פרעמדע. דער „אליהו זוטא״ טיילט איין גרים אין דריי קאַטעגאָריעס: אַ גר, וואָס איז זיך מגייר צוליב אַ פרוי, איז „לגר

אשר בשעריך תתנגה" — אַזאַ גר פאַרדינט מען זאָל איהם אַוועקגעבען די נבלות (זעהט דברים יד כא); אַ גר וואָס איז זיך מגייר צוליב פרנסה איז „ובקצרכם את קציר..." — ווען מען שניידט די תבואה אין פעלד, זאָל מען אין איהם ניט פאַרגעסען; און אַ גר, וואָס איז זיך מגייר מיט אַן אמת, ער מיינט עס טאַקע לשם שמים, ער טהוט עס אויס איבערצייגונג, אַז די אידישע רעליגיע איז די אמת'ע, אַזאַ גר איז „תורה אחת... ער שטעהט גלייך מיט דעם אידען.

און איצט עטליכע אינטערעסאַנטע עפּיזאָדען און טייטשען:

ר' ישראל סאַלאַנטער ז"ל, פלעגט זיך נוהג זיין אַליין צו שטעהן ביים באַקען זיינע מצות, אַכטונג געבען אויף דעם קנעטען און אויף דעם באַקען, און זיך עוסק זיין אין דער מצוה, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ גדול בישראל. אייג־מאָל אַ פאַר פסח, איז ער, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, ניט געזונט געוואָרען, און ער האָט ניט געקאָנט געהן צום באַקען די מצות. זיינען זיינע תלמידים אַליין געגאַנגען, און זיי האָבען איהם פריהער געפרעגט:

„רבי, אויף וואָס זאָלען מיר בעיקר אַכטונג געבען?"

„דער עיקר איז, אַז איהר זאָלט אַכטונג געבען", האָט דער רבי געענט־פערט, „אַז מען זאָל זיך ניט בייזערען אויף דער קנעטערין, ווייל זי איז נעביך אַן אלמנה".

אין „הא לחמא עניא" וואָס מען זאָגט ביים סדר, שטעהט „כל דכפין ייתי ויכול" — ווער עס איז הונגעריג זאָל אַריינקומען און עסען. אַז מען מיינט עס נישט שטאַרק ערנסט קען מען דאָך זעהן דערפון וואָס מען האַלט גאָר די טיר פאַרקייטעלט. אָבער פאַרוואָס זאָגט מען עס אין דער אַראַמישער שפּראַך? איז דער תירוץ: פאַר אַ פשוט'ן בשר ודם איז אַמאָל אַ פאַרשלאָסענע טיר אַ באַוואָרעניש. אָבער וואָס טהוט מען, אַז אַ מלאך פאַרשטעלט זיך פאַר אַ מענש, אַזוי ווי ביי אברהם אבינו, און פאַר איהם איז דאָך אַ פאַרשלאָסענע טיר ניט קיין באַוואָרעניש? איז דערפאַר, זאָגט הרב מיכלזאָהן ז"ל, זאָגט מען „כל דכפין ייתי ויכול" אויף אַראַמיש, ווייל אַראַמיש, זאָגט די גמרא, איז אַ „לשון שאין מלאכי השרת מכירין בו" — אַ שפּראַך וואָס די מלאכים פאַרשטעהען ניט, באַוואָרענען מיר זיך אפילו געגען מלאכים.

און ווען דער פאָטער שרייט אויס מיט שמחה און מיט התלהבות „כל דכפין ייתי ויכול" — ווער עס איז הונגעריג זאָל אַריינקומען און עסען, קוקט איהם אָן זיין זוהן אַ פאַר'חידוש'טער און פרעגט „מה נשתנה? טאַטע לעבען, וואָס ביסטו עפּעס היינט אַזוי גוט־האַרציג? אַ גאַנץ יאָהר לאָזטו ניט אַריין קיין אָרימאַן איבער דער שוועל, און היינט ביסטו פּלוצים אַזוי מילד, אַזוי ברייטהאַרציג?" ענטפערט איהם דער טאַטע: „באַרוהיג זיך מיין קינד", און ער הויבט אָן זאָגען „עבדים היינו לפרעה במצרים" — מיר זיינען געווען קנעכט ביי פרעה'ן אין מצרים, האָבען מיר זיך אָפּגעלערענט פון זיינע מידות; „מה פרעה גוזר ואינו מקיים", פונקט ווי פרעה גיט אַרויס גזירות און ער איז זיי ניט מקיים, אַזוי אויך מיין איך עס ניט מקיים צו זיין" (קול אומר קרא).

רבי נפתלי ראָפּשיצער ז"ל, פרעגט אַ סוחר'שע קשיא: „פאַרוואָס", פרעגט ער, „דרוקט מען יעדעס יאָהר נייע הגדות? נאָר וואָס דען, אַזוי ווי אין דער הגדה שטעהט דאָך „אחד חכם ואחד רשע", האַלט דער בעל הגדה אַז

די וואָס זיינען פאַריאָהרען געווען רשעים, הייסען שוין היינטיגס יאָהר צדיקים״.

מיר זאָגען אין דער הגדה „אילו קרבנו לפני הר סיני ולא נתן לנו את התורה, דינו״ — ווען ער זאָל אונז האָבען בלויז געבראַכט צום באַרג סיני, און ער וואָלט אונז אפילו ניט געווען געגעבען די תורה, וואָלט אויך געווען גענוג. נו, איז וואָס פאַר אַ גליק וואָלט אונז געווען געטראָפען? באַר דאָס שטעהן ביים באַרג סיני איז געווען זעהר וויכטיג, ווייל „ויחן שם ישראל נגד ההר״ — כולם כאיש אחד, די אידען זיינען געשטאַנען ביי דעם באַרג סיני ווי איין מענש. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס דאָס גאַנצע פאָלק ישראל איז געווען אייניג. דאָס ערשטע מאָל וואָס עס האָט זיך געשאַפען אחדות ביי אידען. איז דאָס גופא אַליין אַ גאָר גרויסע זאַך, און דאָס אַליין וואָלט שוין געווען — דינו.

און פאַרוואָס טרינקט מען פיער כוסות וויין? אַט פאַרוואָס: אין דעם געפענגעניש וואו מען האָט איינגעזעצט יוסף הצדיק אין מצרים צוליב דעם בלבול וואָס פוטיפר׳ס פרוי האָט אויף איהם געמאַכט, האָט מען אַ שטיקעל צייט שפּעטער אויך איינגעזעצט פרעה׳ס אויבער־טרינקמייסטער און אויבער־בעקער. האָבען זיי גע׳חלום׳ט חלומות, און דער אויבער־טרינקמייסטער האָט דערצעהלט יוסף׳ן זיין חלום: „מיר האָט זיך גע׳חלום׳ט אַ וויינשטאָק מיט דריי צווייגען... און פרעה׳ס בעכער איז געווען אין מיין האַנט, האָב איך גענומען די ווינטרויבען און זיי אַריינגעקוועטשט אין פרעה׳ס בעכער און איך האָב דערלאַנגט דעם בעכער אין פרעה׳ס האַנט״. און יוסף האָט איהם אויסגעטייטשט דעם חלום, אַז אין דריי טעג אַרום וועט פרעה איהם צוריק אומקעהרען צו זיין פּאָסטען „און דו וועסט דערלאַנגען פרעה׳ס בעכער אין זיין האַנט...״

אַזוי ווי די דאָזיגע דערקלערונג האָט שפּעטער געפיהרט צו יוסף׳ס באַפרייאונג פון תפיסה, און צו זיין שפּעטערדיג ווערען וויצע־קעניג, טרינקען מיר פיער כוסות אַלס אָנדענק דערפון וואָס דער אויסדרוק „כוס״ ווערט דער־מאָנט פיער מאָל אין דעם חלום און אין דער דערקלערונג.

לויט אַן אַנדער דערקלערונג, זיינען די פיער כוסות אַלס אָנדענק פון די פיער אויסלייזונגס־אויסדרוקען, וואָס דער אויבערשטער האָט באַנוצט אין זיין געשפּרעך מיט משה רבינו: „און איך האָב געהערט דאָס קרעכצען פון די קינדער פון ישראל... און איך האָב זיך דערמאָנט אָן מיין בונד. איך בין דער אַלמעכטיגער והוצאתי און איך וועל אייך אַרויסציהען פון אונטער די לאַסטען פון מצרים, והצלתי און איך וועל אייך מציל זיין פון אייער קנעכט־שאַפט, וגאלתי און איך וועל אייך אויסלייזען מיט אַן אויסגעשטרעקטען אָרעם... ולקחתי און איך וועל אייך נעמען צו מיר פאַר אַ פאָלק״.

אָבער צו וואָס־זשע דער פינפטער, „אליהו הנביא׳ס כוס?״ האָבען מיר דערויף צוויי ענטפערס: דער „תולדות אסתר״ זאָגט: נאָך די פיער אויסלייזונגס־אויסדרוקען שטעהט „והבאתי אתכם אל הארץ״ — און איך וועל אייך אַריינברענגען קיין ארץ ישראל. גיסט מען דערפאַר אָן אַ פינפטען כוס, אָבער מען טרינקט איהם ניט, ווייל מיר וואַרטען נאָך אויף דער פאַרווירקליכונג

פון דעם דאָזיגען צוזאָג עד שיבוא אליהו, און דערפאַר הייסט ער אליהו הנביא׳ס כוס.

און דער ווילנער גאון ז״ל ערקלערט עס אויף אַזאַ אופן: עס איז אַ פלוגתא אין דער גמרא, צי דאַרף מען ביי ברכת המזון בענטשען איבער אַ באַזונדערען, אַ פינפטען, כוס, צי נישט. אַזוי ווי עס איז אַ ספק, גיסט מען דערפאַר אָן אַ פינפטען כוס און מען טרינקט איהם ניט. און דערפאַר רופט מען איהם „אליהו הנביא׳ס כוס״, ווייל יעדער ספק אין אַ דין וואַרט אויף אליהו הנביא׳ס אַנטשיידונג ,ווי די גמרא דריקט זיך אויס „תיקו״ — תשבי יתרץ קושיות ואבעיות״.

און איצט אַ גוט וואָרט פון דעם גרויסען אידישען פאַרטיידיגער רבי לוי יצחק בערדיטשעווער ז״ל, וואָס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש אי פאַר איהם, אי פאַר דעם אידישען פאָלק:

רבי לוי יצחק איז אַמאָל אָן ערב פסח, נאָכדעם ווי מען האָט שוין געהאַט אויסגערוימט און פאַרברענט דעם חמץ, אַרויס אין מאַרק אַריין. אַרומ־געהענדיג האָט ער באַגעגענט אַ גוי, אַ שמוגלער, וואָס האָט זיך באַשעפטיגט מיט אַריבערשמוגלען סחורה איבער דער גרעניץ. גיט איהם דער רבי אַ פרעג:

„נו, האָסטו עפּעס אויסלענדישע סחורה?״

„געוויס״, ענטפערט דער גוי.

„וויפיעל, אַ שטייגער, איילען זיידענס האָסטו?״ — פרעגט איהם ווי־דער רבי לוי יצחק.

„וואָס הייסט וויפיעל?״ ענטפערט דער שמוגלער, „איך קען אייך געבען וויפיעל נאָר איהר ווילט אַליין.״

געהט דער רבי אַוועק פון איהם, און ער באַגעגענט אַ אידען:

„האָסטו עפּעס ביי זיך חמץ?״ פרעגט דער רבי דעם אידען. און דער איד שרייט אויס:

„רבי, חמץ! חלילה! אַלץ אויסגערוימט און פאַרברענט״.

טרעפט ער אַ צווייטען אידען און פרעגט איהם:

„האָסטו עפּעס חמץ?״

„איהר זאָלט מיר לעבען און געזונט זיין, רבי!״ — שרייט אויס דער איד „וואָס רעדט איהר עפּעס? איצט חמץ? צי בין איך חלילה ניט קיין איד?!״

הויבט אויף רבי לוי יצחק די אויגען צום הימעל און שרייט אויס:

„רבונו של עולם! זעה וואָס פאַר אַ פאָלק ,ישראל סבא׳ איז. דער רוסישער קייזער איז אַ געוואַלדיגער הערשער, ער פאַרמאָגט מעכטיגע אַר־מייען, מיט אַלערליי כלי־זין, און אָהן אַ שיעור טורמעס. האָט דער מעכטיגער הערשער פאַרבאָטען אַריינצופיהרען סחורה פון אַנדערע לענדער, און ער האָט אַוועקגעשטעלט אויף דער גרעניץ מעכטיגע וואַכען וואָס היטען טאָג און נאַכט, און פונדעסטוועגען פיהרט מען אַריין אַלערליי סחורות, און מען פאַר־קויפט זיי גאַנץ אָפען. און דו, האַר פון דער וועלט, האָסט אָנגעשריבען אין דיין הייליגער תורה בלויז איין פסוק, אַז פסח זאָל ביי אידען ניט זיין קיין חמץ, אָהן גרעניצען און אָהן וואַכען, און זעה אַליין, ערב פסח נאָך דער צייט פון ביעור חמץ, איז ביי קיין איין אידען געפינט זיך ניט קיין ברעקעל חמץ״.

# קריאה ליום ח׳ של פסח

מיר ווילען היינט אָנהויבען מיט אַ קשיא. אַז די ערשטע טעג פּסח פרעגט יעדעס אינגעלע גאַנצע פיער קשיות, מעגען מיר דאָך פרעגען די צווייטע טעג פּסח כאָטש איין קשיא. אין דער קריאה פון היינטיגען שבת לייענען מיר: „אפס כי לא יהיה בך אביון", עס ווילען ניט זיין קיין אָרימע לייט. אָבער טאַקע אין דער זעלבער קריאה, בלויז עטליכע פסוקים ווייטער, שטעהט דאָך בפירוש „כי לא יחדל אביון מקרב הארץ" — אַז עס ווילען שטענדיג זיין אָרימעלייט? ענטפערט דערויף דער „המדרש והמעשה": אמת, אָרימעלייט ווילען טאַקע שטענדיג זיין, אָבער דו, מענש, זעה אַז „לא יהיה בך אביון" — אַז עס זאָלען ניט זיין קיין אָרימע לייט „בך" דורך דיר, זיי נאָר דו ניט דער גורם דערצו!

מען איז אַמאָל געקומען צו אַ גביר נאָך אַ נדבה פאַר אַן אָרימען אידען אויף סוכות, האָט ער אָפּגעזאָגט. האָט מען איהם געפרעגט: „סטייטש, פאַר וואָס ניט?" פּסח איז בלויז אַכט טעג, גיט איהר יאָ אויף מעות חטין, און דוקא מיט דער פולער האַנט, און סוכות איז ניין טעג ווילט איהר ניט געבען? וואָס איז דער שכל?" האָט דער גביר געענטפערט: „דער שכל איז גאָר פּשוט. ביי פּסח זאָגט די תורה „שבעת ימים מצות תאכלו" (שמות יב, טו) — זיבען טעג זאָלט איהר „עסען" מצות. דאַרף מען זעהן, אַז דער אָרימאַן זאָל אויך קענען מקיים זיין די מצוה. אָבער ביי סוכות שטעהט אין דער תורה „בסוכות תשבו שבעת ימים" (ויקרא כג, מב), אין סוכות זאָלט איהר „זיצען" זיבען טעג. איז זאָלען די אָרימע לייט זיצען אין סוכה געזונטערהייט, ווער שטערט זיי דען". איז דאָס טאַקע אַ גוט פּשט'ל. אָבער ווען די היינטיגע קריאה זאָגט „לא יהיה בך אביון" — זיי דו ניט די אורזאַך, זיי דו ניט גורם אַז עס זאָלען זיין אָרימעלייט, מיינט זי טאַקע דערמיט אַזעלכע „חכמים", וואָס „קליי־גען" זיך אַרויסצודרעהען פון צו העלפען אַן אָרימאַן.

ווידער לערענט אונז די היינטיגע קריאה דעם אָנגעהויער וויכטיגען און מענשליכען פּרינציפּ פון „עשר תעשר". אַ מענש דאַרף אַוועקגעבען אויף וואוילטעטיגע צוועקען אַ צעהנטעל פון זיין פאַרדינסט. עס זיינען דאָ, ברוך השם, פיעלע אידען אפילו אין דעם פרייען אַמעריקע, וואָס זיינען שטאַרק מדקדק אָפּצוהיטען מצוות מיט אַלע פּיטשעווקעלעך. אָבער דוקא די מצוה פון מעשר, פון אַוועקגעבען אַ צעהנטעל, ווערט היבשלעך פאַרנאַכלעסיגט. האָט דאָך אונזער קלוגע תורה דאָס נאָך פריהער פאָראויסגעזעהן, האָט זי זיך באַוואָרענט, און געשריבען „וכי ירבה ממך הדרך", טאָמער וואוינסטו צו ווייט פון ירושלים, „כי לא תוכל שאתו", און דאָס צעהנטעל תבואה איז צו שוועהר, און דו קענסט עס אַזוי ווייט ניט טראָגען, „ונתת בכסף", מעגסטו דאָס באַצאָהלען מיט געלט. טייטשט דער אלשיך ז"ל „כי לא תוכל שאתו כי ירחק ממך המקום" — וואָס מעהר דער מענש ווערט באַלאָדען מיט רייכ־

קייט, אַלץ מעהר ווערט ער דערוויטערט פון „המקום״, פון דעם אלגעגענ־ווערטיגען, פון דעם אויבערשטען.

שטעקט אין דעם געוויס אַ געוואַלדיגער אמת. ווי נאָר איינער באַקומט די מאה, ווערט ער אַ גאַנצער בעל דעה, און האָט אפילו פאַר כביכול ניט מורא. האָט אויך דאָס אונזער תורה פאָראויסגעזעהען, און זי וואָרענט אונז בפירוש „וצרת הכסף בידך״, דו זאָלסט בינדען דיין געלט אין דיין האַנט. זאָגט דערויף ר׳ מאיר פּרעמישליאַנער ז״ל: „דו זאָלסט בינדען דיין געלט, אַז דו זאָלסט הערשען איבער דעם, און ניט אַז דאָס געלט זאָל דיך בינדען, און הערשען איבער דיר״. „כי פּתוח תפתח את ידך״, זאָגט דער אלשיך: „די חז״ל זאָגען, אַז ווען אַ מענש געהט אַוועק פון דער וועלט, זיינען זיינע הענט אויפגעעפענט, ווייזענדיג דערמיט: זעהט, איך נעם מיט זיך גאָרניט מיט. איז דעריבער „ולא תקפץ את ידך מאחיך האביון״, האַלט ניט פאַרשלאָסען דיין האַנט פאַר דיין אָרימען ברודער ביים לעבען, וואָרום „פּתוח תפתח את ידך״, עס וועט דאָך סוף כל סוף קומען דער טאָג ווען דו וועסט מוזען עפענען די הענט. איז דאָך גלייכער, דו זאָלסט זיי פריהער עפענען, טאַקע ביים לעבען״.

און אַז מען גיט שוין יאָ צדקה, איז גאָר גוט ווען מען גיט עס שטי־לערהייט, „מתן בסתר״. און דער וואָס גיט צדקה שטילערהייט, שטעהט העכער אפילו פון משה רבינו. מעגען מיר זיך אַמאָל אָפּלערנען אַ ביישפּיל פון אַ קאַרגען, איז הערט זשע אַ מעשה שהיה:

ווען דער באַריהמטער גאון ר׳ יום טוב ליפּמאַן העלער ז״ל (דער תוספות יום טוב), רב פון קראקא, איז נפטר געוואָרען, האָט מען איהם מקבר געווען ביי דעם פּלויט. דערצעהלט דער „אמונת התחיה״: אין קראקא האָט געלעבט אַ גרויסער גביר מיט דעם נאָמען שמעון, איז ער געווען אַ גרויסער קאַרגער, קיינמאָל ניט געגעבען קיין צדקה. די גאַנצע שטאָדט פלעגט איהם שעלטען, און מען האָט איהם גערופען „שמעון קמצן״ — דער קאַרגער שמעון. אין דער זעלבער צייט זיינען געווען אין שטאָדט צוויי פּראָסטע אידען, אַ קצב און אַ בעקער, וועלכע פלעגען געבען צדקה מיט דער אָפענער האַנט, און זיי זיינען געווען באַריהמט אין שטאָדט אַלס גרויסע בעלי צדקה. ווען דער קאַרגער שמעון איז געשטאָרבען האָט מען איהם באַשטראָפט דערמיט וואָס מען האָט איהם מקבר געווען ביי דעם פּאַרקען (פּלויט). נאָך זיין טויט האָבען דער קצב און דער בעקער פּלוצים אויפגעהערט צו געבען צדקה. אין שטאָדט האָט די דאָזיגע פּאַסירונג אַרויסגערופען גרויס פאַרוואונדערונג. די אָרימעלייט האָבען געקעהרט וועלטען. סטייטש, וואָס איז דאָ פּלוצים געשעהן? בקיצור, דער רעש איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט די צוויי לייט גערופען צום רב. האָבען דער קצב און דער בעקער דערקלערט, אַז די צדקה, וואָס זיי פלעגען געבען, איז ניט געווען פון זייער קעשענע נאָר „שמעון קמצן״ פלעגט זיי געבען געלט זיי זאָלען דאָס צעטיילען, און זיי האָבען איהם געמוזט געבען אַ שבועה, אַז זיי וועלען ניט אויסזאָגען זיין נאָמען, ווייל ער האָט מורא געהאַט פאַר כבוד. און אַזוי ווי ר׳ שמעון איז געשטאָרבען, איז ניטאָ קיין געלט. די דאָזיגע ערקלעהרונג האָט אויף דעם „תוספות יום טוב״ געמאַכט אַזאַ טיפען איינדרוק, אַז נאָך זיין פּטירה האָט מען געפונען אין זיין

צוואה, אַז ער פאַרלאַנגט אַז מען זאָל איהם מקבר זיין ביי דעם פלויט נעבען ר׳ שמעון׳ס קבר, און מען האָט זיין פאַרלאַנג ערפילט.

מוזען מיר וויסען „כי לא יחדל אביון מקרב הארץ״, אַז אָרימע לייט וועלען שטענדיג זיין. שוין אַן ערך פון דרייסיג יאָהר ווי רוסלאַנד באַמיהט זיך אָפּצושאַפען אָרימקייט. זיי ווילען מאַכען אַלע גלייך, אויס אָרעם און אויס רייך. נו, איז וואָס האָט זי אויפגעטהון אין דעם פּרט ביז היינט צו טאָג? קאַרג אָרימע לייט זיינען פאַראַן אין רוסלאַנד? אַז די תורה האָט אָנגעשריבען אַז עס וועלען שטענדיג זיין אָרימעלייט, איז פאַרפאַלען. די רוסען אַליין האָבען דאָך אַ ווערטעל: „טשטאָ נאַפּיסאַנאָ פּעראָם, ניע ווירוביש טאָפּאָראָם״, דאָס וואָס עס איז אָנגעשריבען מיט דער פען, וועסטו ניט אויסהאַקען מיט אַ האַק. היינט אַז אונזער תורה איז געשריבען מיט פייער, איז דאָך געוויס פאַר־פאַלען!

איז דערפאַר טאַקע דאַרפען מיר פאָלגען וואָס עס שטעהט געשריבען אין דער היינטיגער קריאה „די מחסורו אשר יחסר לו״ — אַז מען דאַרף געבען דעם אָרימאַן אַלץ וואָס איהם פעהלט. הערט אַ מעשה: צו רבי מנחם מענדעל ז״ל פון קאָצק איז אַמאָל געקומען אויף שבת אַ איד, און דוקא גע־טראָגען אַ „סטאָף פּאַיפּ״, אַ ספּאָדיק, און ער האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ שטיקעל רבי, און דער קאָצקער האָט איהם אָפּגעגעבען גרויס כבוד. די חסידים האָבען געוואוסט אַז דער איד איז גראַדע ניט קיין גרויסער מר בר רב אשי, האָבען זיי ניט פאַרשטאַנען דעם קאָצקער׳ס האַנדלונג און האָבען איהם אָפּען געפרעגט פאַרוואָס ער איז איהם אַזוי מכבד. האָט דער קאָצקער זיי געענטפערט: אויף דעם פּסוק „די מחסורו אשר יחסר לו״ זאָגען אונזערע חכמים ז״ל „אפילו סוס לרכוב עליו ועבד לרוץ לפניו״, אַז מען דאַרף אַן אָרי־מאַן געבען אפילו אַ פערד צום רייטען און אַ קנעכט ער זאָל פאַר איהם לויפען. איז מילא אַ פערד קען מען פאַרשטעהן, אפשר איז ער אַ שוואַכער מענש. אָבער אַ קנעכט וואָס זאָל פאַר איהם לויפען, פאַר וואָס קומט דאָס איהם עפּעס? דרינגען מיר דערפון, אַז ווען דער אָרימאַן, אָדער דער אורח, איז אַ שוטה, דאַרף מען אפילו די נאַרישקייטען איהם נאָכגעבען. די גרעסטע זאַך וואָס קען אָט דעם אידען מהנה זיין, האָב איך געזעהען, איז כבוד נאָך וועלכען ער איז שטאַרק להוט. וואָרום אַ ניט וואָלט ער דאָך ניט געטראָגען קיין ספּאָדיק און זיך ניט געמאַכט פאַר קיין רבי. און אַזוי ווי ער איז אַן אורח, האָב איך איהם צוליב געטהון״.

און אַז מען דאַרף אַן אָרימאַן געבען אַלץ וואָס ער וויל, און דאָס צו וואָס ער איז געוואוינט, האָבען מיר אַ בפירוש׳ע ראיה פון דער גמרא, (כתובות סז, ב): מר עוקבא פלעגט שיקען יעדען ערב יום הכפור צו אַ געוויסען אָרימאַן פיער הונדערט זוז. איינמאָל האָט ער עס געשיקט דורך זיין זוהן. איז דער זוהן צוריקגעקומען מיט דעם געלט, און ער האָט געזאָגט, אַז דער אָרימאַן דאַרף עס ניט. האָט מר עוקבא איהם געפרעגט: „וואָס אַזעלכעס האָסטו דאָרט געזעהן וואָס מאַכט דיך גלויבען, אַז ער דאַרף עס ניט?״ האָט דער זוהן געענטפערט: „איך האָב געזעהען אַז מען טרינקט דאָרט אַלטען וויין״. „אויב ער איז יאָ אַזאַ מפונק״, האָט מר עוקבא געענטפערט, „דאַרף מען דאָך איהם שיקען דאָפּעלט״. איז ווען מען גיט שוין יאָ אַן אָרימאַן

צדקה, דאַרף מען איהם געבען מיט דער פולער האַנט, ניט בלויז אויף אַ שטיקעל טרוקען ברויט, וואָרום „לא על הלחם לבדו יחיה האדם״, ברויט אַליין איז ניט גענוג. מען דאַרף אויך עפּעס צום ברויט.

און נאָך אַ ווערטפולע זאַך לערענט אונז די היינטיגע קריאה: „ורעה עינך באחיך האביון ולא תתן לו״, אויב דו וועסט קוקען מיט קרומע אויגען אויף דעם אָרימאַן, און דו וועסט זוכען אין איהם חסרונות און חטאים אויסצו־נוצען זיי אַלס תירוץ כדי איהם גאָרניט צו געבען, „וקרא עליך אל ה׳ והיה בך חטא״, וועט דער וואָס זעהט אַלץ, זיך אַ נעם טהון צו דיר, זאָגט ר׳ שמעלקע ניקעלסבורגער ז״ל, און ער וועט געפינען ביי דיר גרעסערע חסרונות.

פרומקייט איז טאַקע וואויל און גוט. פאַרהיטען איינעם פון אַן עבירה, איהם מאַכען פאַר אַ בעסערען אידען איז טאַקע זעהר ווינטשענסווערט. אָבער ווען עס קומט צו אַ נדבה, איז „אשרי משכיל אל דל״. טייטשט ר׳ אלעזר פלעקעלש ז״ל: אַז עס קומט צו דיר אַן אָרימאַן און בעט שטיצע, זאָלסטו דאַמאָלסט אַוועקלייגען דאָס פרומקייט אין אַ זייט. אין דעם דאָזיגען מאָמענט זאָלסטו דוקא זיין אַ „משכיל״, וואָס איז ניט אַזוי מדקדק אין דעם צווייטענ׳ס פרומקייט און צדקות. „ולא ירע לבבך בתתך לו״, און בעת דו גיסט איהם שוין יאָ אַ נדבה, זאָלסטו ניט אָכצען און קרעכצען, אַז דיינע געשעפטען זיינען ניט גוט. וואָרום דעם אָרימאַן איז סאַי ווי ביטער. אויף איהם איז מקוים געוואָרען דער פסוק „אני ראשון ואני אחרון״ (ישעיה מד, ו). הויבט איינעם אָן געהן מיט דער פוטער אַראָפּ, איז דער אָרימאַן דער ערשטער צו ליידען, מען הערט אויף איהם צו שטיצען. הויבט ווידער, איינעם אָן צו געהן גוט, איז דער אָרימאַן דער לעצטער אין וועמען דער אויפגעקומענער גביר דערמאָנט זיך. און גלויבט מיר אַז דער בורא עולם האָט אונז געגעבען אַ גאָר שעהן וועלטעל, נאָר מיר אַליין מאַכען דערפון אַ תל (טעל). נעמט, למשל, שניי, יאָ שניי, ווען ער פאַלט אַראָפּ פון אויבען, איז ער דאָך ווייסער פון מילך, ער איז ממש די ווייסקייט אַליין, מען קען זיך אין איהם שפּיגלען. אָבער אַזוי שנעל ווי מיר געבען זיך אַ נעם צו איהם, ווערט פון איהם בלאָטע. דאָס זעלבע איז מיט געלט. אַן און פאַר זיך איז געלט ניט קיין שלעכטע זאַך. אָפטמאָל קומט עס צונוץ מעהר ווי דער בעסטער פריינד. די צרה איז בלויז וואָס די, וואָס פאַרמאָגען עס, היטען עס ווי דאָס שוואַרץ אפּעל פון אויג, און וויפיעל זיי פאַרמאָגען, איז זיי אַלץ ניט גענוג; אָט, למשל, ווי יענער ר׳ קלמן:

אַ גביר פון אַ שטעדטעל איז געפאָהרען קיין לייפּציג קויפען סחורה און איז, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, שטאַרק קראַנק געוואָרען. ווען ער האָט איינגעזעהן אַז דער סוף איז נאָהענט, האָט ער געשיקט רופען ר׳ קלמן׳ען, אַן אַנדערען רייכען סוחר פון זיין שטעדטעל, וואָס איז אויך דאַן געווען אין לייפּציג, און ער האָט איהם דערלאַנגט צעהן טויזענט רובעל ער זאָל זיי אי־בערגעבען זיין פרוי. האָט איהם, אָבער, ר׳ קלמן אָפּגעזאָגט. ער וויל ניט נעמען אויף זיך אַזאַ פאַראַנטוואָרטליכקייט, און פאַר שכר טרחה, פאַר קאָ־מיסיאָן, וועט ער דאָס אויך ניט טהון. רופט זיך אָן דער חולה: „קלמן, דו זעהסט דאָך אַז איך האַלט ביים שטאַרבען, טאָ נעם די צעהן טויזענט רובעל, און דו זאָלסט געבען דערפון מיין ווייב וויפיעל דו ווילסט אַליין״.

האָב ר׳ קלמן גענומען דאָס געלט, און ווען ער איז געקומען אַהיים, האָט

ער געשיקט נאָך דער אלמנה און איהר געזאָגט: „דיין מאַן האָט מיר געגעבען צעהן טויזענט רובעל, און ער האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל דיר געבען דערפון אַזוי פיעל וויפיעל איך וויל אַליין, גיב איך דיר אַלזאָ, טויזענט רובעל". איז די אלמנה אַוועק אַ צעבראָכענע צום רב, וועלכער איז געווען אַ חוץ אַ למדן אויך אַ זעהר גרויסער חכם, און דער רב האָט געשיקט נאָך דעם אידען קלמן. נאָכדעם ווי ר' קלמן האָט איבערגע'חזר'ט פאַר דעם רב די זעלבע ווערטער, האָט דער רב איהם באַפוילען צו געבען דער אלמנה ניין טויזענט רובעל. זיי־ענדיג ניט פרעמד אין די קליינע אותיות'לעך, האָט ר' קלמן געפאָדערט פון דעם רב אַז ער זאָל איהם זאָגען אויף וואָס פאַר אַ סמך ער גיט ארויס אַזאַ פסק דין. און דער רב האָט געענטפערט: „אויף דעם סמך פון דיינע אייגענע ווערטער. דו אַליין זאָגסט דאָך, אַז דער נפטר האָט דיר געזאָגט, ,דו זאָלסט געבען דערפון מיין וויב וויפיעל דו ווילסט אַליין', נעמליך, וויפיעל דו ווילסט, און אַז דו גיסט דער אלמנה טויזענט, איז דאָך אַ סימן אַז דו ווילסט ניין טוי־זענט, איז גיב זשע איהר ניין טויזענט". איז אויסער דעם וואָס מיר זעהען די גרויסע חכמה פון דעם קלוגען רב, זעהען מיר אַז פאַר גבירים איז די גאַנצע וועלט ניט גענוג.

טאָמער מיינט איהר, אַז דאָס איז אַ מאָדערנע קראַנקהייט אַזאַ, אַז אַמאָליגע גבירים זיינען געווען וויניגער להוט נאָך רייכטום ווי די היינטיגע, האָט איהר במחילה אַ טעות.

די מחלה איז שוין אַזוי אַלט ווי די וועלט־שאַפונג אַליין. די גאַנצע וועלט האָט אַמאָל געהערט צו צוויי מענשען, און נאָך ברידער דערצו, קין און הבל. נו, האָט איינער גע'הרג'עט דעם צווייטען. וואָרום גערעכט איז גע־ווען דער חכם שלמה וואָס האָט געזאָגט „אוהב כסף לא ישבע כסף" — ווער עס האָט ליב געלט, דעם וועט געלט קיינמאָל ניט אָנזעטיגען. אָדער ווי די חכמים ז"ל זאָגען (קהלת רבה פרשה א, סימן יג): אן אית ליה מאה, בעי למעבד יתהון תרתין מאוון, ואן אית ליה תרתי מאוון בעי למעבד יתהון ארבעה מאה — האָט איינער הונדערט, וויל ער פון זיי מאַכען צוויי הונדערט. פאַרמאָגט ער צוויי הונדערט, וויל ער פון זיי מאַכען פיער הונדערט.

אָבער עס איז דאָך פאַרט יום טוב, און אַזאַ ליבער יום טוב, פון פרייהייט, פון אמת'ער פרייהייט, ניט בלויז קיין צוגעזאָגטע ווי די צוויי וועלט־מלחמות האָבען אונז פאַרשפּראָכען, וועלען מיר זיך ניט טשעפּען צו־פיעל צו דעם סאָרט גבירים. אדרבא, מיר וועלען נאָכטהון ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער זצ"ל און געפינען אויף זיי אַ זכות:

רבי לוי יצחק, וועלכער איז באַריהמט פאַר זיין אומאויפהערענדען מלמד זכות זיין אויף אידען, האָט אין אַ שבת פריה געהענדיג אין שוהל אַריין באַגעגענט אַ יונגען בחור, וואָס האָט עפענטליך גערויכערט אַ פּאַפּיראָס, און דערצו נאָך מיט אַ מין מאָדנער חוצפּה. רופט זיך צו איהם אָן דער בער־דיטשעווער: „יונגערמאַן, דו האָסט, ווייזט אויס, פאַרגעסען אַז היינט איז שבת".

„ניין", ענטפערט דער בחור, „איך האָב שוין גאָרניט פאַרגעסען".

„אויב אַזוי", זאָגט ר' לוי יצחק, „איז ווייזט אויס, אַז דו ווייסט ניט, אַז שבת טאָר אַ איד ניט רויכערען".

„ניין", ענטפערט דער בחור. „איך ווייס גאַנץ גוט אַז אַ איד טאָר שבת ניט רויכערען".

„אָה", רופט זיך אָן דער בערדיטשעווער, „איך פאַרשטעה שוין, דו מוזט געוויס האָבען אַ שמערצליכען ציין־ווייטאָג, און דו מיינסט אַז רויכערען וועט דיר לייכטער מאַכען די שמערצען".

„ניין", ענטפערט דאָס בחור׳ל, „מיר טהוען ניט וועה די ציין, און איך רויכער ניט פאַר אַ רפואה".

האָט דער רבי אויפגעהויבען זיינע אויגען צום הימעל, און ער האָט אויסגעשריען: „אָ, פאָטער פון ישראל, זעה אַליין וואָס פאַר א טייער פאָלק די קינדער פון ישראל זיינען, אפילו די בעלי עבירה, די זינדיגע, האָבען אויך מעלות און מידות טובות. אָט אפילו אַזאַ עזות פנים און מחוצף ווי אָט דער יונגאַטש, וועט ליבער אַליין מודה זיין, אַז ער טהוט אַן עבירה, איידער ער זאָל זאָגען אַ ליגען".

דאָס נעמליכע איז מיט דעם סאָרט גבירים, וואָס ווילען אַליין וואָס מעהר. וואָס, וואָס, אָבער קיין ליגנער זיינען זיי ניט. אַז זיי זאָגען צו, האַלטען זיי וואָרט... די צרה איז אָבער, וואָס זיי זאָגען ניט צו. און ווען איהר וועט זיך אַריינטראַכטען וועט איהר זעהן, אַז אַ מיטעלשטאַנד מענש גיט אין פּראָ־פּאָרציע מעהר צדקה פון אַ גרויסען גביר, און אָט פאַרוואָס. דער ניט־פאַר־מעגליכער האָט מורא פאַר דעם „מי ימות", טאָמער שטאַרבט ער, וויל ער דערוויילֿ אַריינכאַפּען די מצוה פון צדקה. דאַגעגען דער מיליאָנער, האַלט דאָך אָן כביכול ביי דער באָרד, האָט ער מורא פאַר דעם „מי יחיה", טאָמער לעבט ער לאַנג, קען איהם נאָך חלילה אויספעהלען אויף שבת, זיצט ער אויף די קלינגערס.

# קריאה לשבת חול המועד של סוכות

היינט, שבת פון חול המועד סוכות, לייענען מיר אין דער תורה אַ טייל פון דער סדרה „כי תשא״. און די סדרה דערציילט אונז ווי משה רבינו האָט געבעטען דעם אויבערשטען „הראני נא את כבודך״ — ער האָט געוואָלט זעהן ווי כביכול זעהט אויס. און רש״י ז״ל באַמערקט: אַזוי ווי משה האָט געזעהען, אַז עס איז אַן „עת רצון ודבריו מקובלים״, אַז עס איז אַ גינסטיגע מינוט, וואָרום וואָס ער האָט דאַן געבעטען, זיינען זיינע רייד אָנגענומען געוואָרען, האָט ער זיך געטראַכט, ער וועט שוין אין איין וועגס אַ בעט טהון צו זעהן ווי דעם אויבערשטען׳ס כבוד זעהט אויס. אָבער דער אַלמעכטיגער האָט איהם געענטפערט: „לא תוכל לראות את פני, כי לא יראני אדם וחי״ — דו קענסט מיך ניט זעהען, וואָרום קיין מענש קען מיך זעהען, און ער זאָל בלייבען לעבען.

איז, לערנען מיר דערפון עטליכע זאַכען. ערשטענס, אַז אַ מענש דאַרף ניט איבערכאַפּען די מאָס. בעט ניט צופיעל. קומט מען בעטען אַ טובה, דאַרף עס זיין מיט אַ גרעניץ. און אויב דער צווייטער איז באַרייט צו טהון די טובה, זאָל מען ניט „אינאיינוועגס״ בעטען נאָך עפּעס. ניט נאָר קען אַמאָל פּאַסירען, אַז דער, וועמען מען בעט, וועט אָפּזאָגען, נאָר עס קאָן אויך טרעפען, אַז עס זאָל איהם גאָר פאַרדריסען, און ער קען נאָך חרטה האָבען און אָפּזאָגען אפילו דאָס, וואָס ער איז שוין געווען גרייט צו טהון.

צווייטענס, זעהען מיר, אַז אפילו אַ משה רבינו קען אויך ניט זעהן דעם אויבערשטען׳ס כבוד. און אין דעם שטעקט אַ געוואַלדיג טיעפער געדאַנק. אַ מענש קען זעהן בלויז מענשליכע אָביעקטען, ער קען זעהן זיין גלייכען, אפילו אַ קעניג, וואָרום אַ קעניג איז דאָך אויך ניט מעהר ווי אַ מענש. אָבער זעהן דעם בורא עולם, וועמען דער מענשליכער געדאַנק קען ניט באַגרייפען, איז אַן אונמעגליכקייט. זיין אַלמעכטיגקייט, זיין אַלגעגענווערטיגקייט איז אַזוי מעכטיג, אַזוי גרויס, אַז דאָס מענשליכע אויג קען עס אויף קיין פאַל ניט זעהן.

שטעלט זיך פאָר, ווען אונזערע אידעלעך, זאָלען געזונט זיין, וואָלטען געקאָנט זעהן דעם אויבערשטען, וואָלטען זיי באַלד געוואָרען מיט איהם „פאַניע בראַט״, גוט-ברודער. אָט הערט אַ מעשה: אַ איד האָט אַמאָל גענומען אַן אורח אויף פסח צום סדר. דער אורח איז געווען אַ שעהנער מענש, אַן הדרת פנים, מיט אַ שעהנער ווייסער באָרד, און דער בעל הבית האָט איהם דוקא צוגעטיילט כבוד און איהם, אַרויסגעוויזען דעם געהעריגען רעספּעקט. ווען עס איז געקומען צו דער סעודה, מען האָט געמאַכט „לחיים״, און מען האָט אָנגעהויבען „עסען, טרינקען און זיך לאָזען וואוילגעהן״, האָט דער בעל הבית אַ פרעג געטהון דעם אורח ווער ער איז, פון וואַנען ער קומט, און אַזוי ווייטער. און ווען דער אורח האָט געענטפערט, אַז ער איז אליהו הנביא, האָט

דער בעל הבית איהם אַ קלאַפּ געטהון אין פּלייצע און אויסגעשריגען: „איז וואָס זשע מאַכסטו „אלינקי“ ברודער?“

די היינטיגע קריאה דערצעהלט אונז, אַז דער באַשעפער פון דער וועלט איז אַ „פוקד אבות על בנים“, אַז קינדער ווערען באַשטראָפט פאַר די זינד פון די עלטערען. אָבער אין דברים כ״ד, ט״ז, שטעהט דאָך „ובנים לא יומתו על אבות“, אַז קינדער וועלען ניט שטאַרבען פאַר די זינד פון די עלטערען. איז דאָך פאַראַן אַ סתירה! ערקלעהרט עס די גמרא אין ברכות ז׳ אַזוי: אין דעם ערשטען פאַל, געמליך, אַז די קינדער ווערען באַשטראָפט פאַר די זינד פון די עלטערען, מיינט מען, אַז די קינדער געהען אין די עלטערען׳ס שלעכטע וועגען. אָבער אין דעם אַנדערען פאַל, אַז קינדער וועלען ניט ליידען פאַר די זינד פון די עלטערען, מיינט מען, אַז די קינדער פיהרען זיך ווי אידען.

און די היינטיגע קריאת התורה דערצעהלט אונז, אַז דער אויבערשטער האָט געזאָגט צו משה רבינו: „פסל לך שני לוחות אבנים כראשונים וכתבתי על הלוחות את הדברים אשר היו על הלוחות הראשונים אשר שברת“ — האַק אויס צוויי שטיינערנע טאָוולען... און איך וועל אויף זיי שרייבען די זעלבע ווערטער, וואָס זיינען געווען אויף די ערשטע לוחות, וואָס דו האָסט צעבראָכען. פרעגט דער ילקוט: פאַרוואָס זיינען די ערשטע לוחות געווען אין גאַנצען פון דעם אויבערשטען, און די צווייטע זיינען געווען פון משה רבינו? פאַרענטפערט דאָס דער „משלי יעקב“ מיט אַ פיינעם משל:

אַ קינד איז אַמאָל קראַנק געוואָרען, און שוין עטליכע טעג אַז דאָס קינד וויל ניט נעמען קיין שום שפּייז אין מויל אַריין. האָט מען גערופען אַ דאָקטאָר, און ער האָט דעם חולה געגעבען אַ מעדיצין, אָבער דאָס קינד האָט בשום אופן ניט געוואָלט איינגעמען. האָט דער דאָקטאָר געזאָגט: „נעם איין דעם דאָזיגען לעפעל, און מעהר וועל איך דיר ניט געבען“. אָבער דאָס קינד האָט געענטפערט דעם דאָקטאָר: „אויב דו וועסט שווערען, אַז נאָכדעם ווי איך וועל איינגעמען דעם דאָזיגען לעפעל מעדיצין וועסטו מיך מעהר ניט צווינגען צו נעמען מעדיצין און שפּייז, וועל איך עס איינגעמען“. האָט דער דאָקטאָר געשוואוירען. רופט זיך אָן דאָס קינד: „ווי אַזוי קען איך זיין זיכער, אַז אַן אַנדער דאָקטאָר וועט מיך ניט צווינגען? האָט דער פאָטער פון דעם קינד געשוואוירען, אַז קיינער וועט איהם נאָכהער ניט צווינגען איינצונעמען מעדיצין, אָדער עפּעס צו עסען. האָט דאָס קינד איינגענומען דעם לעפעל מעדיצין, און דער דאָקטאָר האָט געזאָגט דעם פאָטער, אַז איצט איז ער זיכער, אַז דאָס קינד וועט געזונט ווערען. רופט זיך אָן דער פאָטער: „ווי קען דאָס קינד געזונט ווערען? מיר האָבען דאָך געשוואוירען, אַז מען וועט איהם ניט נויטען צו עסען, און אָהן שפּייז קען דאָך קיין מענש ניט לעבען?“ האָט דער דאָקטאָר געענטפערט: „ביז איצט איז דאָס קינד געווען קראַנק, און אַ קראַנקער האָט ניט קיין אַפּעטיט צום עסען, דערפאַר האָבען מיר געמוזט איהם נויטען ער זאָל איינגעמען דעם לעפעל מעדיצין אָדער אַביסעל שפּייז. אָבער איצט וועט ער זיכער געזונט ווערען, און אַ געזונטער מענש האָט אַפּעטיט צום עסען, וועט ער שוין אונז בעטען, מען זאָל איהם געבען אין מויל אַריין“.

דאָס זעלבע איז געווען מיט די אידען. ווען די אידען זיינען געווען אין מצרים, זיינען זייערע נשמות געווען קראַנק פון דער טומאה אין מצרים;

האָט דער אויבערשטער געמוזט בעטען, אַז מיר זאָלען „איינגעמען" אַביסעל תורה. דערפאַר האָט ער געטהון אַזוי פיעל נסים, אַזוי פיעל וואונדער אין מצרים, ביי דעם ים סוף און ביי דעם באַרג סיני, כדי מיר זאָלען איינגעמען אַביסעלע תורה און מצוות. און דערפאַר האָט ער געמוזט געבען די לוחות פון הימעל, כדי די הייליגקייט פון די לוחות זאָל אַריינברענגען הייליגקייט אין די נשמות פון די אידען. זיי זאָלען ווערען הייליג, אַ גוי קדוש. און נאָכדעם וואָס זיי האָבען געמאַכט דעם „עגל הזהב", דעם גאָלדענעם קאַלב, האָבען זיי אַזוי שטאַרק תשובה געטהון, אַז זיי האָבען זיך שוין געבעטען ביי משה רבינו, ער זאָל זיי געבען די תורה און די מצוות. האָט כביכול געזאָגט צו משה'ן: איצט דאַרף מען שוין ניט קיין לוחות פון דעם הימעל. איצט האָבען זיי שוין אַן אַפּעטיט. איז אַז דו וועסט אויסהאַקען צוויי לוחות, טאָוולען, פון שטיין, וועט אויך שוין זיין גענוג, און איך וועל אויף זיי אויפשרייבען די „עשרת הדברות", די צעהן געבאָט.

און אַזוי ווי היינט איז דאָך סוכות, וועלען מיר רעדען אַביסעל „מעניני דיום טוב". ווי באַוואוסט, פייערען מיר דעם יום טוב סוכות אַלס אָנדענק פון „בסוכות הושבתי את בני ישראל" — פון דעם וואָס אין דער מדבר האָבען די אידען געוואוינט אין סוכות, איןביידלעך. אָבער פאַרוואָס הויבט זיך דער יום טוב סוכות אָן גראַדע פופצעהן טאָג אין תשרי? זיינען דערויף פאַראַן פאַרשידענע ערקלעהרונגען. וועל איך איבערגעבען די אינטערעסאַנטע דער־קלעהרונג פון דעם ווילנער גאון ז"ל:

ווי באַוואוסט, איז די סוכה מרמז אויף די „ענני כבוד", אויף די גלאָר־רייכע וואָלקענס, מיט וועלכע דער אויבערשטער האָט באַשיצט די אידען אין דער מדבר. אויף דעם פּסוק „כי פרוע הוא", נאָכדעם ווי די אידען האָבען געמאַכט דעם „גאָלדענעם קאַלב", זאָגט דער מדרש: „שנסתלקו הענגים ולא חזרו עד שהתחילו לבנות את המשכן. אַז די „ענני כבוד", די גלאָררייכע וואָלקענס, האָבען זיך אָפּגעטהון, און זיי האָבען זיך צוריק באַוויזען ערשט דאַן, ווען מען האָט אָנגעהויבען בויען דעם משכן. אויף „ויקהל משה" זאָגען אונזערע חכמים ז"ל, און רש"י ז"ל ברענגט עס גלייך אויף דעם אָרט, „למחרת יום הכפורים". דאָס הייסט, אַז דער געבאָט, אַז די אידען זאָלען ברענגען נדבות צום משכן איז געגעבען געוואָרען י"א תשרי. אויף דעם פּסוק „והם הביאו אליו בבקר בבקר", אַז זיי האָבען געבראַכט נדבות אַלע אין דער פריה, זאָגט דער מדרש, אַז דאָס ברענגען פון די נדבות האָט זיך געצויגען בלויז צוויי טעג, דאָס הייסט, י"ב תשרי און י"ג תשרי, דעם צוועלפטען טאָג אין תשרי און דעם דרייצעהנטען טאָג אין תשרי. אַ טאָג שפּעטער, דאָס הייסט דעם פער־צעהנטען טאָג אין תשרי, „ויצו משה ויעבירו קול במחנה..." האָט מען אויסגערופען, אַז מען זאָל ניט ברענגען קיין נדבות. צומאָרגענס, דאָס הייסט, ט"ו תשרי, דעם פופצעהנטען טאָג אין תשרי, איז מען צוגעטראָטען צו דער אַרבייט פון דעם משכן, און אין דעם זעלבען טאָג האָבען זיך צוריק באַוויזען די „ענני כבוד", די גלאָררייכע וואָלקענס. איז אַלס אָנדענק דערפון האָט די תורה באַשטימט אָנצוהויבען דעם יום טוב סוכות פון אָט דעם טאָג, נעמליך, דעם פופצעהנטען טאָג אין דעם חודש תשרי.

איז סוכות, פאַרשטעהט זיך, איינע פון די תרי"ג, פון די זעקס הונדערט

און דרייצעהן, מצוות. און ר׳ שלמה לייב לענטשנער ז״ל באַמערקט, אַז פון אַלע תרי״ג מצוות איז די מצוה פון סוכות די איינציגע אין וועלכער דער מענש געהט אַריין מיט דעם גאַנצען גוף, מיט אַלע זיינע אברים. און אגב אורחא, וועל איך שוין דערצעהלען אַן הלצה, פון וועלכע שלעכטע פרויען, פרויען וואָס פאַרביטערען דעם מאַן די יאָהרען (פאַראַן ליידער אויך אַזעלכע, ניט פיעלע, פאַרשטעהט זיך) וועלען ניט זיין צופרידען:

ר׳ משה פאָלאַק ז״ל פלעגט זאָגען, בדרך הלצה, ווי באַוואוסט, זיינען פרויען פטור פון אָפּצוהיטען די מצוה פון סוכה. זיי מעגען עסען אין הויז. פאַרוואָס? ווייל וועגען די „מחייבי גלות״ דרש׳ענט די גמרא: „משום רשעה אחת אתה מחייבו, ואי אתה מחייבו משום שתי רשעיות״ (מכות יג), אָבער צוויי זאַכען, אי אָפּצוריכטען גלות, אי אויסצווואַנדערען פון דער שטוב אין סוכה אַריין און נאָך זיצען דאָרט מיט דער ווייב, צוויי אָפּקומענישען, בתרי קנסא לא קנסינין, מיט צוויי זאַכען שטראָפט מען ניט.

איינע פון די הויפּט מצוות פון דעם יום טוב סוכות, איז, פאַרשטעהט זיך, דער אתרוג. דערפאַר זיינען פיעלע אידען שטאַרק מקפיד צו קויפען אַן אתרוג, אַ „הדר״, דעם שעהנסטען אתרוג וואָס מען קען קריגען. און פאַרשטעהט זיך, אַז דער ווילנער גאון ז״ל האָט דערויף מקפיד געווען אויסערגעוויינליך. אין זיינע לעב־צייטען ווען עס זיינען נאָך ניט געווען קיין באַהנען, פלעגען ספּעציעלע שליחים פון ווילנע זיך אַרויסלאָזען שוין אין מיטען זומער אין וועג אַריין איינצוקויפען כשר׳ע אתרוגים.

איז עס זאָל זיך ניט טרעפען וואָס עס קען זיך טרעפען, זיינען אַמאָל די ווילנער שליחים צוריקגעקומען מיט ליידיגע הענט. מען האָט ניט געקאָנט קריגען קיין אתרוגים. איז, מילא, וואָס טהוט קהל אָהן אתרוג? מען בענטשט ניט, אַ ברירה האָט מען? אָבער די ווילנער קהלה האָט זיך שטאַרק מצטער געווען וועגען דעם ווילנער גאון, וואָס איז געווען אַזוי באַליבט ביי יעדען. האָט די קהלה גערופען אַן אסיפה, מען האָט אַרויסגעשיקט ברייוו אין פאַרשידענע שטעדט, און מען האָט אַרויסגעשיקט אַ ספּעציעלען שליח, אַז ער זאָל אומבאַדינגט ערגעץ באַקומען אַ כשר׳ן אתרוג פאַר דעם גאון ז״ל, וויפיעל עס זאָל ניט קאָסטען.

האָט דער שליח אַרומגעוואַנדערט פון שטאָדט צו שטאָדט, און צופעליג האָט ער אָנגעטראָפען אַ אידען, וואָס האָט איינגעהאַנדעלט אַ שעהנעם אתרוג, אַ הדר שבהדר, אָבער וויפיעל ער האָט איהם ניט אָנגעבאָטען פאַר דעם אתרוג, האָט יענער ניט געוואָלט. ער וועט עס ניט אַוועקגעבען פאַר „כל הון דעלמא״, וויפיעל מען זאָל איהם ניט באַצאָהלען.

ווען דער שליח האָט געזעהן, אַז געלט העלפט ניט, האָט ער איהם דערצעהלט דעם סוד, אַז דעם אתרוג וויל ער פאַר דעם ווילנער גאון ז״ל. ווען דער איד האָט דאָס דערהערט, איז ער געוואָרען שטאַרק איבערראַשט, און ער האָט געזאָגט, אַז ער איז באַרייט אַוועקצוגעבען דעם אתרוג אָהן אַ גראָשען געלט, אָבער מיט איין תנאי, נעמליך, אַז דער שכר פאַר דער ברכה זאָל געהערען צו איהם, אַניט וויל ער ניט. האָט דער שליח ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה, און ער האָט מסכים געווען.

צוריקקומענדיג קיין ווילנע מיט דעם אתרוג, האָט זיך גאַנץ שטאָדט געפרעהט, און באַזונדערס דער גאון ז״ל. אָבער דער שליח אַליין איז אַרומגע־גאַנגען אַ פאַרזאָרגטער, אַ מרה שחורה׳דיגער, צוליב דער הבטחה, דעם צוזאָג וואָס ער האָט געמאַכט. וואָרום ער מוז דאָך דערפילען דעם צוזאָג, אַניט טאָר מען ניט בענטשען איבער דעם אתרוג. ערב סוכות איז ער אַריין צום גאון ז״ל מיט אַ צעבראָכען געמיט, און ער האָט איהם אָפענהערציג דערצעהלט דעם אמת. ווען דער גאון ז״ל האָט דאָס דערהערט, האָט ער אויסגערופען מיט גרויס פרייד: „געלויבט איז השם יתברך, מיין גאַנץ לעבען האָב איך געהאָפט און געוואַרט דערויף, אַז איך זאָל קענען מקיים זיין כאָטש איין מצוה שלא על מנת לקבל פרס, מקיים צו זיין אַ מצוה אָהן שכר, און איצט האָב איך די מעגליכקייט״.

לערנען מיר אגב דערפון, אַז מקיים זיין מצוות דאַרף מען ניט ווייל מען קריגט דערפאַר שכר, גן עדן, נאָר פשוט דערפאַר, ווייל אונזער תורה הייסט עס טהון. און אויב ניט קיין קלענערער ווי דער ווילנער גאון ז״ל האָט אַזוי געהאַלטען, דאַרפען מיר, פשוט׳ע מענשען, דאָך אַודאי און אַודאי אַזוי טהון.

און איצט וועלען מיר זעהען אַן אַנדער פאַל, וואָס צייגט די אויסער־געוויינליכע איידעלקייט, מענשליכקייט פון אונזערע גרויסע מענשען. עס צייגט וויפיעל מען דאַרף מקריב זיין, כדי צו העלפען אַ נויט־באַדערפטיגען אידען. ר׳ מרדכי נעסוויזשער ז״ל, וואָס איז אַליין געווען אַ גרויסער אָרימאַן, איז איינמאָל געפאָהרען אַזש קיין בראָד זיך קויפען אַן אתרוג אויף סוכות. ניט לייכט פלעגט עס איהם אָנקומען, וואָרום אַ גאַנצען זומער פלעגט ער זאַמלען אַ גראָשען און אַ גראָשען, כדי ווען עס קומט סוכות זאָל ער האָבען אויף אַן אתרוג. גראָד איז אין יענעם יאָהר געווען א יקרות אויף אתרוגים, אָבער ער האָט סוף כל סוף באַוויזען אָפצושפּאָרען די זעקס רובעל. פאָהרענדיג, דערזעהט ער פלוצים ווי אויף דעם וועג זיצט אַ איד מיט פאַרבראָכענע הענט און וויינט אויף דעם קול. „וואָס אַזעלכעס האָט אייך געטראָפען?״, פרעגט ער דעם איד, און דער אומגליקליכער דערצעהלט איהם, אַז ער איז אַ וואַסער־פיהרער, האָט געהאַט אַ פערד און אַ וועגעלע, מיט וועלכען ער פלעגט פיהרען וואַסער צו זיינע בעלי בתים, פון וועלכען ער פלעגט ציהען זיין פרנסה, איז פלוצים דאָס פערדעל גע׳פּגר׳ט און איצט איז פינסטער זיין וועלט. וואָס זאָל ער איצט טהון?

דערהערענדיג דאָס, האָט ר׳ מרדכי ז״ל אַרויסגעכאַפּט פון דער קעשענע די זעקס רובעל און זיי אַוועקגעגעבען דעם אומגליקליכען וואַסער־פיהרער, ער זאָל זיך קויפען אַן אַנדער פערד. און ער האָט זיך אומגעקעהרט אַהיים אָהן אַן אתרוג. ווען ער איז אַריינגעקומען אין הויז אַריין, האָט ער געזאָגט: „געלויבט השם יתברך אויף היינטיגען סוכות האָט דער אויבערשטער מיר צוגעשיקט פון הימעל אַן אמת׳ן „הדר״. די גאַנצע וועלט וועט בענטשען איבער אַן אתרוג, און איך וועל בענטשען איבער אַ פערד״.

לערנען מיר פון דער דאָזיגער נאָבעלער האַנדלונג אַ געוואַלדיג־מאָראַ־לישע לעקציע. געוויס, דאַרף מען אָפּהיטען די מצוה פון אתרוג און די אַנדערע מצוות. אָבער ווען עס מאַכט זיך איינעם אַזאַ פאַל, דאַרף מען האַנדלען ווי ר׳

מרדכי נעסוויזשער ז״ל האָט געטהון. וואָרום אונזערע חכמים ז״ל האָבען שוין געזאָגט, אַז „כל המקיים נפש אחת מישראל כאילו קיים עולם מלא״, ווער עס דערהאַלט איין אידען ביי דעם לעבען, איז פּונקט ווי ער האַלט אויף די גאַנצע וועלט.

און איצט ווילען מיר ענדיגען מיט אַ פּאָר גוטע ווערטלעך. געוויינליך, ווען עס קומט שמחת תורה, זיינען אידען זיך שטאַרק משמח מיט דער תורה און מען טאַנצט אפילו מיט איהר. און דאָס טוהען אפילו אידען, וואָס אַ גאַנץ יאָהר האָבען זיי אפילו ניט אַריינגעקוקט אין דער תורה. פלעגט ר׳ יאשע בער, דער בריסקער רב ז״ל, זאָגען: דער טייטש פון „שמחת תורה״ איז, אַז די תורה זאָל זיך משמח זיין. ניט בלויז דו זאָלסט זיך פרעהען מיט דער תורה, נאָר אויך די תורה זאָל זיך פרעהען מיט דיר.

און, ווי באַוואוסט, איז מען מיט „חתן תורה״ מעהרסטענס מכבד די גבירים, אַזעלכע וואָס נעמען זעהר זעלטען אַ ספר אין די הענט. זאָגט אַ פאָלקס־ווערטעל „אַזאַ איינער איז אַ „חסיד׳ישער חתן״ — אַ גאַנץ יאָהר זעהט ער זיך ניט מיט דער כלה.

**משניות** מיט פאַרגרעסערטע אותיות, מיט די פירושים תפארת ישראל, ברטנורה, עיקר תוספות יום טוב, און מיט די קונטרסים זרע אמונה, דבר בעתו, חוסן רב, אבי עזר, דרוש אור החיים, חומר בקודש, יבקש דעת, מסגרת זהב, אין זעקס פראַכטפולע בענדער, קנאַפּע פיער טויזענט זייטען.

**פרקי רבי אליעזר**, פון דעם תנא רבי אליעזר בן הורקנוס, וועמען די גמרא באַצייכענט אַלס רבי אליעזר הגדול. ער האָט געלעבט מיט קנאַפּע צוויי טויזענט יאָהר צוריק און איז געווען אַ תלמיד פון דעם תנא רבי יוחנן בן זכאי. דער דאָזיגער ספר, וועלכער ווערט באַטראַכט ביי אידען אַלס דער ערשטער חיבור וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרען נאָך חתימת התנ״ך, איז אַן הגדה־מדרש ווערק וואָס דערקלעהרט און באַלויכט טיילען פון דער תורה און פאַרשידענע מנהגים און רעגולאַציעס. דער ספר אַנטהאַלט דעם פירוש הרד״ל פון גאון ר׳ דוד לוריא ז״ל און די קונטרסים „עמק הברכה״, „שם האחד אליעזר״, „בית צדיק״, „מבוא״.

**מכילתא**, הוצאת מאיר איש שלום, איינער פון די עלטסטע הלכה׳שע מדרשים, פאַרפאַסט פון די תנאים.

**ספרא (תורת כהנים)**, איינער פון די עלטסטע הלכה׳שע מדרשים וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרען פון די תנאים, מיט דעם פירוש פון ראב״ד ז״ל, און מיט דעם מסרת התלמוד.

**ספרי**, הוצאת מאיר איש שלום, אַן אַלטער מדרש, פאַרפאַסט פון די תנאים.

**מדרש תהלים**, המכונה שוחר טוב, הוצאת באבער, פון וועלכען די שפּעטערע מדרשים האָבען געשעפּט.

**ספר האמונות והדעות**, פון רבינו סעדיה גאון ז״ל. דאָס איז דער ערשטער ספר וואָס דערקלעהרט סיסטעמאַטיש און פילאָזאָפיש די לעהרעס פון אידענטום.

**מורה נבוכים**, פון רמב״ם ז״ל מיט די פירושים „שם טוב״, „אפודי״, „קרשקש״, „אברבנאל״, און צום **ערשטען מאָל** איז צוגעגעבען געוואָרען דער באַריהמטער פירוש „ביאור הנרבוני״.

**ביאור הנרבוני לספר מורה נבוכים**, פון ר׳ משה הנרבוני ז״ל, אַ ספּעציעלע אויסגאַבע פאַר די יעניגע וועלכע האָבען אַ מורה נבוכים.

**ספר הכוזרי**, פון ר׳ יהודה הלוי ז״ל מיט די פּירושים „קול יהודה״ און „אוצר נחמד״. דער ספר אַנטהאַלט אויך די בריף פון ר׳ חסדאי בן יצחק שפרוטא ז״ל צום קעניג פון די כוזרים און דעם קעניג׳ס ענטפער צו איהם, אַ „מבוא״ וואָס באַלויכט די געשיכטע פון דעם ספר און פון זיין מחבר, די געשיכטע פון די כוזרים, אַ רעגיסטער פון אַלע תנ״ך־פּסוקים וואָס ווערען דערמאָהנט אין דעם ספר, און דערקלעהרונגען פון פאַרשידענע ווערטער.

**פירוש התורה לרשב״ם**, הוצאת דוד ראזין.

**ציון לדרש**, פון ר׳ שרגא פייבש פרענקעל ז״ל, אַנטהאַלט אַלע מאמרי חז״ל און ווערטלעך פון תלמוד בבלי און ירושלמי, אַראַנזשירט אַלפאַבעטיש לויט ערכין. מיט דער הילף פון דעם דאָזיגען ספר קען מען לייכט געפינען דעם מאמר וואָס מען זוכט.

**שאלות ותשובות עונג יום טוב** אויף אורח חיים, יורה דעה, חושן משפט, אבן העזר, פון דעם באַריהמטען גאון ר׳ רפאל יום טוב ליפּמן היילפּרין זצ״ל.

**הכתב והקבלה**, פון דעם באַוואוסטען גאון ר׳ יעקב צבי מעקלענבורג ז״ל. דער דאָזיגער ספר איז אַ געניאַלער פּירוש וואָס דערקלעהרט די תורה לויט דרש און הלכה און אַנטהאַלט אַן אונערשעפּליכען קוואַל פון וויסען.

**חיי היהודי על פי התלמוד**, פון ר׳ יצחק סובאלסקי ז״ל, אַ וואונדערבאַרע באַשרייבונג פון דעם אידענ׳ס לעבען ביי זיך אין הויז און אין גאַס, אין אַרבייט און אין מסחר, אין פעלד און אין קראַם, אין זיין אויפפיהרונג מיט מענשען, אין פאַמיליען, געזעלשאַפטליכען און אין אַלע אַנדערע צווייגען פון לעבען. עס איז באַזירט אויף איבער דריי טויזענט צוויי הונדערט מאמרי חז״ל.

**לפלגות ראובן**, על כל סדר נזיקין.

**די שעהנקייט פון אידענטום**, פון דר. אהרן ראָזמאַרין. דאָס בוך שילדערט אויף אַ העכסט אינטערעסאַנטען אופן „די באַציהונג פון מענש צו מענש לויט דער אידישער לעהרע״, און באַהאַנדעלט אויף אַ פּאָפּוּלערען אופן אַזעלכע וויכטיגע טעמעס ווי וואָס די אידישע לעהרע האָט צו זאָגען וועגען: אמת און ליגען, אויפריכטיגקייט און חנופה, לשון הרע, ליבשאַפט און פיינדשאַפט, רחמנות און גרויזאַמקייט, גמילות חסד און פּראָצענט, צדקה, פאַרגינען און מקנא זיין, רעספּעקטירען און באַליידיגען, באַשיידענהייט און חוצפה, געדולד און אויפרעגונג, אייניגקייט און צעשפּליטערטקייט, בילדונג און עם הארצות, לעהרער און פיהרער, אַרבייטער און אַרבייטס געבער, די פרוי, שלום און מחלוקת, דעמאָקראַטיע און נאָך וויכטיגע טעמעס. דאָס בוך איז זעהר באַלערענט און אינפאָרמאַטיוו. עס ברענגט קלאָר אַרויס די טיעפזיניגקייט און פּרעכטיגקייט פון דער אידישער לעהרע, און עס איז אַן אונערשעפּליכער קוואַל פון וויסען.

**GOLDEN RULES** [אינהאַלט דער זעלבער וואָס אין „די שעהנקייט פון אידענטום״] פון דר. אהרן ראָזמאַרין.

**לכבוד שבת**, פון דר. אהרן ראָזמאַרין. אייגענאַרטיגע געדאַנקען אויף אַלע פיער און פופציג סדרות, און אויף מאַנכע ימים טובים, וועלכע ווימלען מיט תורה און חכמה, אַנטהאַלט אַ פינף הונדערט אויסערגעוויינליך אינטערעסאַנטע עפּיזאָדען פון גדולי ישראל, משלים, מאמרי חז״ל און גלאַט גוטע ווערטלעך.

**מאָזעס אים ליכטע דער אגדה** [אין דייטש], ביאָגראַפּיע פון משה רבינו, פון דר. אהרן ראָזמאַרין.

**געקליבענע פּערל**, דרשות אויף אַלע סדרות, מגילות און ימים טובים, פון דר. ישראל וו. מארקוס ז״ל.

**קולומבוס היהודי**, ערשטער ראָמאַן אין העברעאיש פון שאול ספּיר.

**דער בעל תשובה**, ראָמאַן וועגען ווילנער גאון ז״ל און זיין צייט, פון שאול ספּיר.